די מיטגלידער פון בוך־קאמיטעט אין ישראל און אין אמעריקע

ישראל:

צבי ארד
אליעזר בירנבוים
יוסף הולץ
גרשון ווראצלאווסקי
אברהם זהר, סעקרעטאר
ד״ר שאול זאלוד, קאסירער
ברוך טל, פארזיצער
מנדל שיראצקי
מנחם שקלאנאווסקי

אמעריקע:

יוסף ארנאלד, פרעזידענט
סעם אקלאדעק, פינאנס סעקרעטאר
סעם בערקע, וויצע פרעזידענט
ישראל דיאמאנט, קאסירער
פרץ וואלטער, סעקרעטאר
קלמן אראנאוויטש געוו. סעקרעטאר
חוה שורעק " "

וואלף ציוויש

גראפישע רעדאקציע: שמואל בראנד

דאס בוך איז געבראכט געווארן צום דרוק אין יאר 1964 -
700 יאר זינט דעם קאלישער סטאטוט.

דער ספר איז געזעצט און געדרוקט געוואָרן אין דער דרוקעריי „אילון“, תל־אביב, רחוב השרון 11
די בילדער פון א. שיק זיינען געדרוקט געוואָרן אין דער אופסעט דרוקעריי פון מ. ענבי, תל־אביב

# הקדמה

צוויי יארצענדליקער נאך דעם, ווי די נאצישע מערדער האבן פארטריבן די קאלישער אידן אין די געטאס און אויסראטונגס לאגערס.

פופצן יאר נאך דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, נאך דעם ווי עס האבן זיך באוויזן די ערשטע אפגעראטעוועטע מיט דער שרעקלעכער בשורה וועגן חורבן פון דער קאלישער קהילה און דעם אומקום פון דער אידישער באפעלקערונג, האבן די איבערגעבליבענע פון דער קהילה אין מדינת ישראל, אין די פאראייניקטע שטאטן פון אמעריקע און אנדערע לענדער פון דער תפוצה באשלאסן צו שטעלן א דענקמאל פאר די דרייסיק טויזנט פאטערס, מוטערס, ברידער, שוועסטער, זין און טעכטער, וואס זיינען געפאלן אין שלאכט קעגן שונא און אומגעקומען על קידוש השם.

די קאמיטעטן פון „ספר קאליש" אין ישראל און אין אמעריקע האבן צונויפגעקליבן בלאט צו בלאט, עדות צו עדות, ארטיקל צו ארטיקל, ידיעה צו ידיעה, און נאך לאנגיאריקע אנשטרענגונגען — צונויפגעזאמלט דאס מאטעריאל צום „ספר קאליש".

דאס איז די געשיכטע פון א זייער אלטער קהילה, וואס האט עקזיסטירט קרוב 1000 יאר. נישט איין מאל איז די קהילה צעשטערט געווארן און ווידער אופגעשטאנען — ביז זי איז אומגעקומען אן א זכר.

זאל דאס דאזיקע בוך זיין אן אייביקער עדות פאר א גוטן אידישן ציבור, וואס איז געפאלן. זאל זיין געשיכטע זיין א זכר פאר די קומענדיקע דורות און א קוואל פון שטאלץ פאר די אפשטאמיקע פון אונזער שטאט, א המשך צו דער טראדיציע פון דער קאלישער קהילה.

# זאָל דאָס פאָלק געדענקען

די עיר ואם בישראל, וועמענס קינדער עס זענען פארשניטן געווארן. די שטאט איז געבליבן גאנץ אין איר פראכט, זי איז נישט געווארן צעשטערט. די הייזער שטייען אויפן ארט און די גערטנער בליען. דער טייך פראסנע שלענגלט זיך, ווי אין די אמאליקע יארן. און זיינע ברעגן זיינען אויסגעפלאסטערט מיט די מצבה־שטיינער פון אידישן בית־עולם.

אבער די דריי צענדליק טויזנט אידן פון קאליש זיינען פארשניטן געווארן. זיי זיינען נישט געבראַכט געווארן צו קבר ישראל. זייער אַש איז אויסגעמישט מיטן אַש פון די פארברענטע מיליאנען, און זייערע ביינער זיינען צעשפרייט אויף פרעמדע פעלדער. זייער האב און גוטס האבן זיי איבערגעלאזט אין שטאט און פרעמדע מענטשן געניסן פון דעם.

מיט איבער זיבן הונדערט יאר צוריק זיינען זיי געקומען אין דער שטאט, און תיכף זיינען זיי דא געווארן א שאפערישער כוח. זיי האבן געגאסן די מטבעות פארן קעניג און זיי האבן זיך פארנומען מיט מלאכה און מסחר. זייער פרי זיינען זיי אריבער דעם ענגן תחום פון דעמאלסטיקע אידישע באשעפטיקונגען און אנגעהויבן פארנעמען זיך מיט האנטווערק און אינדוסטרי. מיט שכל און מיט וויסן האבן זיי זיך אנגעהויבן באשעפטיקן מיט מלאכה און פארוואנדלט די שטאט אַלס הויפט־צענטער פון דער שפיצן־ און האפט־אינדוסטרי.

דאס איז געווען א שטאט פון אידן און א שטאט פון אידישקייט, די שטאט פון סוחרים און פאכלייט און די שטאט פון מגן אברהם און נפש חיה. די שטאט פון די רעוואלוציאנערן אין 1905 און די שטאט פון די געטא־קעמפער, וואס זיינען געקומען פון די יוגנט־באוועגונגען צו זייערע ברידער אין אלע עקן לאנד און פארשריבן מיט זייער בלוט א ריי העלדישקייטן פון פוילישן אידנטום. די שטאט פון חלוצים, וואס האבן דעם פאלק געוויזן א וועג צום היימלאנד. די שטאט פון אידן פון א גאנץ יאר, אידן וואס פילן אן די שולן און שטיבלעך מיט קול תפילה און קול תורה. די שטאט פון שטאלצע און הארעפאשנע אידישע ארבעטער, וואס האבן ארויסגערופן צו זיך אכטונג סיי אויף דער אידישער גאס, סיי אין די אויגן פון זייערע נישט אידישע חברים.

איז געקומען דער מערדער אין מיטן העלן טאג, ארומגענומען זיי מיט שקרים און פאלשקייט און געווארפן זיי אין אומקום, אַז זיי זאלן נישט באוויזן צו זאגן „שמע ישראל", אז זיי זאלן נישט באווייזן אים אנטקעגנצושטעלן זיך אין זייער צארן.

**א**ט גייען זיי צום מארק־בנין, צו די וואגאנען: זייער געפעק איז קליין און זייערע אויגן גרויס, טרויעריקע אידישע אויגן. זיבן הונדערט יאר האבן זיי זיך דא געראנגלט מיטן פיינטלעכן, קנאהדיקן, צודרינגלעכן און טעראריזירנדיקן שכן. אדורכגעגאנגען כסדרדיקע דורכפאלן און אויפשטייגן. זייערע רעכט אויף ברויט און אויף אידישקייט האבן זיי זיך דערשלאגן מיט יסורים, תחנונים, שתדלנות און געלט. דא און דארט האט א אידישע האַנט זיך אויפגעהויבן, כדי זיך נוקם צו זיין אין די רוצחים. און אזוי א דור נאך א דור, א יארהונדערט נאך א יארהונדערט. לייען די געשיכטע פון זייער לעבן אין שטאט, וועסטו דאן פארשטיין דעם אויסדרוק פון טרויער אין זייערע אויגן.

**א**ט גייען פרויען און קלאמערן די פיצלעך צו דער ברוסט, זיי לויפן נאַקעטערהייט צו די גאז־קאמערן, טייל ווערן צעמישט, אנדערע פאַלן און גייען אויס. אט גייען קינדער, זייערע קלוגע אויגן ווייסן דעם שרעקלעכן אמת. אט גייען די אלטע לייט, זייערע הענט זיינען צוגעשמידט צום סידור. אט גייען די מענער, זייערע רוקנס זיינען געבויגן אונטער דער לאסט פון זיבן הונדערט יאר. יונגע לייט שפרינגען פון די וואַגאנען און זיי ווערן צעשמעטערט אויף די באַן־רעלסן. די האפענונג פון פאלק ווערט צעטראטן דורך די באטשוועקטע שיך פון שונא.



## אייביק זאלסטו געדענקען:

**זאל דאס פאלק געדענקען זיינע קינדער, רימען זייער נאמען און הייליקן זייער אנדענק. דו וואס ביסט געבוירן אין אט דער שטאט, דערצייל דיינע קינדער, אז דיינע עלטערן זיינען געווען אומשולדיק ביי זייער לעבן און קדושים ביי זייער טויט. און זייערע נשמות וועלן בלייבן פארבונדן מיטן אייביקן לעבן.**



ד"ר נ. מ. געלבער

## די אנטשטייאונג פון דער שטאָט



ויט די שפורן, וואָס זיינען געפונען געוואָרן פון פוילישע ארכעאָלאָגן אין די לעצטע יאָרן, איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז דער מענטשלעכער ישוב אויפן געביט פון קאליש, האָט זיך אָנגעהויבן אין דער שטיינצייט, בערך מיט זעקס טויזנט יאָר צוריק. אין די ראמען פון אונזער ארבעט וועלן מיר נישט קענען אָפּגעבן א סך אָרט פאר יענע תקופות. מען דארף באמערקן, אז דער פוילישער היסטאָריקער יאן דלוגאָש פרובירט אידענטיפיצירן קאליש, אויפן סמך פון אָרטיקע ענלעכע געגעבענע, מיט דער שטאָט קאליסיא, וואָס ווערט דערמאָנט דורך קלאוליוס (פטאָלאָמעאוס 142—147). די דאָזיקע השערה שטיצט זיך, לויט היינטצייטיקע פוילישע פאָרשער, אויפן פאקט, וואָס אין קאלישער געביט זיינען געפונען געוואָרן רעשטלעך פון געביידעס, אויוונס, עמערס, פארשידענע חפצים און אפילו רעשטלעך פון שמידערײ־קאָוואדלעס, מעטאל ווארשטאטן און קברים, וואָס ווייזן אָן אויף איבער צוויי הונדערט ישוב־פונקטן בעת דער הערשאפט פון די רוימער.

פארשטייט זיך, אז די דאָזיקע מיינונג איז נישט קיין אבסאָלוט זיכערע, כל זמן עס פירט זיך נאָך די דיסקוסיע אויף דער געביט אין דער פוילישער וויסנשאפט, מיט דער באטייליקונג פון ארכעאָלאָגן, שפראך־פאָרשער, היסטאָריקער און עטנאָלאָגן.

פון די אויבנדערמאָנטע געגעבענע מאכן די פוילישע וויסנשאפטלער דעם אויספיר, אז קאליש איז געווען באזעצט מיט א סטאבילער באפעלקערונג, וואָס האָט נישט פארלאָזט דאָס וואוינאָרט. מען האָט נישט אויסגעפאָרשט די תקופה פון נאָכן פאלן פון דער רוימישער אימפעריע, און עס איז שווער פעסטצושטעלן דעם אָפּשטאם און כאראקטער פונעם ישוב אין יענער צייט.

דאָס פראָבלעם פונעם פרעהיסטאָרישן קאליש איז נאָך נישט געלייזט געוואָרן און וועט נאָך פארנעמען יאָרן ביי די פאָרשער־היסטאָריקער.

פון היסטאָרישן שטאנדפונקט איז באוואוסט, אז די שטאָט קאליש ביים טייך פרוסנא האָט אויסגעפירט א וויכטיקע אויפגאבע אויף די אורא̈לטע וועגן, וואָס האָבן דורכגעשניטן פוילן. עס איז אומבאקאנט וואָס פאר א ראָל די שטאָט האָט געשפילט אינעם דורכגאנגס־מסחר אין אָנהויב פון מיטל־עלטער — באזונדערס אין 9—12 י"ה. דאקעגן איז שוין אויסגעפאָרשט געוואָרן איר באדייטונג אין אויסערלעכן האנדל בעת דעם שפעטערן מיטל־עלטער.

עס איז באוואוסט, אז נאָך בעת דער הערשאפט פונעם אלטן מיעשקאָ איז קאליש געווען איינער פון די צענטראַלע ישובים פון פירשטנטום. מיעשקאָ האָט געגרן געהאט צו וואוינען אין שטאָט, אויסגעברייטערט זי, געבויט קלויסטערס, געבראכט אהין אָרדנס. נאָך זיין טויט אין יאָר 1202 האָט זיך אָנגעהויבן א תקופה פון רייסערייען און מלחמות צווישן זיינע יורשים, די שטאָט גייט איבער פון האנט צו האנט. נאָכדעם ווי די שטאָט איז געוואָרן פארנומען דורך הענריק דעם בערדיקן (בראָדאטי) אין 1233, איז איר גורל געוואָרן א בעסערער. ער האָט אויף ס'ניי אויפגעבויט די שטאָט, וואָס איז כמעט אינגאנצן חרוב געוואָרן אין די מלחמות. הענריק האָט געשטרעבט צו פארוואנדלען קאליש אין א צענטער, וואָס זאָל פאראייניקן אלע פראָווינצן פון די פיאסטן. דערפאר האָט ער זיך באמיט אוועקצושטעלן קאליש אויך אלס א שטאָטישן צענטער. ער האָט געשאפן דעם מארק־פלאץ, אויסגעברייטערט דעם שטאָט־שטח, און אויפגעבויט א פעסטונג און פארשידענע בנינים. פאקטיש איז נעבן דעם אלטן קאליש געשאפן געוואָרן א צווייטער שטאָטישער צענטער: די נייע שטאָט. אין דעם דאָזיקן פראָצעס זיינען די אידן געווען אקטיווע מיטהעלפער, ווי דאָס וועט ווייטער דערציילט ווערן.

אָנהייבנדיק פון 13־טן יאָרהונדערט דערשיינט דאָס נייע קאליש אלס שטאָטישער ישוב, ארגאניזירט אויף סטאבילע געזעצלעכע יסודות, אלס Antiqua civitas.

#### יסוד־עקזיסטענץ־שריפט

ווי באוואוסט האָט אלס ערשטער יסוד ביים אנטשטיין פון א שטאָט אין פוילן געדינט א שריפט פון יסוד־עקזיסטענץ (dokument lokacyjny). אָט דער דאָקומענט פון קאליש האָט זיך

נישט פאַרהיטן, אָבער אין אַ צווייטן דאָקומענט פון פירשט פּשעמיסל פון יאָר 1282, געפינט זיך די באַשטעטיקונג פון אַזאַ שריפט, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך באָלעסלאַוו דעם פרומען (Bolesław Pobożny) אויפן יסוד פון מאַגדעבורגער געזעץ און מען דאַרף זיך משער זיין, אַז ער האָט געגעבן די שריפט פון יסוד־עקזיסטענץ אין די יאָרן 1253—1260. ער האָט געגעבן דער שטאָט אַ ריי הנחות און אויך פּריווילעגיעס, ווי למשל: אין יאָר 1264 — די פּריווילעגיע צו נעמען אַ פערט־חלק פון יעדן וואָגן, וואָס פירט אַריין זאַלץ.

אויך פּשעמיסל, דער פירשט פון פּויזן אין קאַליש, האָט געזאָרגט פאַר דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. אין דער פּריווילעגיע פון 2.10.1283 צייכנט ער אָן די שטעט און דערפער אין קאַלישער ראַיאָן, וואָס אונטערליגן דער קאַלישער יוריסדיקציע. ער האָט אָפּגעגעבן דער שטאָט אַלע געוועלבער, וואָס וועלן דאָרט אַנטשטיין, מיטן באַדינג, אַז איינס פון זיי זאָל מען איבערגעבן דעם סטאַראָסטע הענריק. אין 1291 האָט ער איבערגעגעבן די שטאָטלייט דאָס דירה־געלט פון די געוועלבער, וואָס זיינען אויסגעבויט געוואָרן אין מיטן שטאָט.

אין יאָר 1297 האָט פירשט וולאַדיסלאַוו איבערגעגעבן דער שטאָט די הכנסות פונעם דירה־געלט פון די געוועלבער און פון די פעלדער־אַרענדע. אין יאָר 1299 האָט דער שטאָטראַט באַקומען ביי אים דאָס רעכט צו באַשטראָפן פאַרברעכער, אַ רעכט, וואָס איז אויך צוגעטיילט געוואָרן דער שטאָט גניעזנאָ.

די פאַרפלייצונגען פונעם פּרוסנאַ־טייך, וואָס האָבן אין 13־טן י.ה. חרוב געמאַכט די שטאָט, האָבן געצוואונגען איבערצופירן קאַליש און בויען אַ נייע שטאָט, כדי צו שאַפן אַ נייעם ישוב־פּונקט. אַ דאָקומענט פון יאָר 1303 באַשטעטיקט בפירוש דאָס איבערפירן די שטאָט אויף דער אַנדערער זייט פּרוסנאַ.

אינעם נייעם צענטער האָבן, ביי דער אונטערשטיצונג פונעם פירשט, זיך באַזעצט מענטשן מיט ענערגיע און סוחרישער איניציאַטיוו, און זיי האָבן געגעבן דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט איר ספּעציפישן כאַראַקטער.

דייטשן, פּאָליאַקן, יידן

אין 13־טן און 14־טן י.ה. האָבן אין דער נייער שטאָט על פי רוב זיך באַזעצט דייטשן פון שלעזיע, אחוץ זיי זיינען אויך אַריינגעקומען פּאָליאַקן און יידן. די ערשטע וואָיטן, ווי ריטווין און הענריק, און אויך די מערהייט פון שטאָטראַט אין די אַכציקער יאָרן פונעם 13־טן י.ה., שטאַמען אויך אָפּ פון שלעזיע. ערשט אין שפּעטערדיקע צייטן זיינען געקומען זיך באַזעצן אויך פּאָליאַקן פון דער אָרעמער שליאַכטע.

פון אַ דאָקומענט אין יאָר 1303, וואָס באַשטימט די גרענעצן פון די צוויי קלויסטערס, ווערט קלאָר, אַז דער טייך צעטיילט די שטאָט אין צווייען. דער ערשטער קאַלישער לאָקאַטאָר (אויספירער פון דער יסוד־עקזיסטענץ־שריפט), וואָס איז אונדז באַקאַנט איז געווען דער וואָיט ריטווין פון דער דייטשער אָפּשטאַמונג, וואָס איז, ווייזט אויס, געקומען מיט אַנדערע דייטשן פון שלעזיע. אַלס הכנסות האָט ער באַקומען: 1/6 פון דער פעלדער־אַרענדע; 1/6 פון דירה־געלט פון געוועלבער, יאַטקעס, שוסטער־וואַרשטאַטן, בעקערייען; 1/3 פון די געריכטס־הכנסות. ער איז אויך געווען ממונה אויף דער יוריסדיקציע אין שכנותדיקע 8 דערפער. ער איז אויך געווען דער אייגנטימער פון מילן, בעדער, שעכטהויז, סאַזשלקעס און פּרוכטן־סאַד. דער וואָיט האָט רעפּרעזענטירט די שטאָט־מאַכט. אונטער זיך האָט ער געהאַט אַ ראַט פון 13 מיטגלידער מיט אַ פאָרזיצער (magister consulum). מיטן אויסנאַם פון איין מיטגליד — טעאָדאָר פון קראָקע — האָבן די מיטגלידער פון ראַט געשטאַמט פון שלעזיע.

אין יאָר 1283 איז געשאַפן געוואָרן אַ געריכט פאַרן קרייז, וואָס אונטערליגט קאַליש און ער האָט באַקומען ברייטע רעכטן און אויך די פולמאַכט ארויסצוגעבן טויטאורטיילן און אויספירן זיי (prawo miecza).

פון די דאָזיקע פאַקטן קענען מיר ארויסדרינגען, אַז שוין אינעם 13־טן יאָרהונדערט האָט אין שטאָט עקזיסטירט אַן אויטאָנאָמע מאַכט.

אין די יאָרן 1289—1291 איז באַשטימט געוואָרן אַ ספּעציעלער שטח פאַר אַ פּלאַץ אין מיטן שטאָט (Rynek), און די סוחרים האָבן באַקומען רעכט איינצואָרדענען דאָרט געוועלבער. אינעם צענטער פונעם שטח האָט מען אין אַ צייט אַרום אויפגעבויט אַ בנין אין דער פאָרם פון געוועלבונגען (Sukiennice), אין וועלכן ס'האָבן זיך געפונען געוועלבער, יאַטקעס, שוסטער־

וואַרשטאַטן, ביידלעך פאַר הענדלער און בעקעריי־געשטעלן. יעדע וואָך איז דאָרט פאָרגעקומען א מאַרק־טאָג, וואָס האָט צונויפגעזאַמלט די איינוואוינער פון דער אומגעגנט. עס פלעגן דאָרט אויך פאָרקומען יאַרמערק, וועלכע זיינען געוואָרן באזוכט דורך פרעמדע סוחרים. אין יענער צייט איז מיט דער הילף פון פזשעמיסלאַוו אויפגעבויט געוואָרן דאָס שפּיטאָל, אויסערן טויער פון שטאָט, כדי צו פאַרמיידן דאָס פאַרשפּרייטן זיך פון קראַנקייטן און מגפות צווישן דער שטאָטישער באַפעלקערונג.

ביסלעכוויז זיינען געקומען מענטשן מיט קאַפּיטאָל, וואָס האָבן מיט דער צייט באַשטימט דעם כאַראַקטער פון דער שטאָט. זיי האָבן איבערגענומען די מאַכט און באַפרייט די שטאָט פון איר אונטערטעניקייט דעם פירשט. מורא האָבנדיק פאַר זיינע פּריווילעגיעס, האָט דער פירשט פון צייט צו צייט באַנייט די עקזיסטענץ־שריפטן, אויסגעבריייטערט זיי, ער האָט אָבער אויך פאַרשטאַנען צו פאַרזיכערן דאָרט זיינע רעכט.

פּאַטריציאַט

אין 14־טן יאָרהונדערט האָט אין שטאָט נאָך געוועלטיקט א סטאַראָסטע און וואָיעוואָדע. ביזן אָנהויב פונעם 15־טן י.ה. באַטייליקט זיך קאַליש, פונקט ווי קראַקע, פּויזן און סאַנדאָמיר, אין די סיים־פאַרהאַנדלונגען און נעמט אַנטייל אין אויסוויילן דעם קעניג: נאָך אין די צייטן פון גרויסן קאַזימיר האָבן די פאַרשטייער פון קאַליש אונטערגעשריבן וויכטיקע מלוכישע דאָקומענטן.

אין יענער צייט הויבט זיך אָן שאַפן דער פאַטריציאַט — א שיכט שטאָטישע גבירים — וועמען ס׳האָט זיך איינגעגעבן צו באַפרייען זיך פון זייער אָפּהענגיקייט פונעם וואָיט און פונעם פירשט ביז זיי האָבן פאַרכאַפּט די גאַנצע מאַכט. דערפאַר איז קיין וואונדער נישט, וואָס אין די דאָקומענטן ווערן די בעלי־מלאכה־מייסטערס אָנגערופן גוטבאַזיצער, ווי קאָנראַד, דער עלטסטער פון די בעקערס, וואָס איז געווען דער אייגנטימער פונעם דאָרף שלאַקין און פון די פעלדער אין דאָרף באָרקאָוו.

א גרויסע טייל פון שטאָטישע האָט פאַרמאָגט פעלדער און באָדנס מחוץ דער שטאָט, און אויך דאָרפישע ווירטשאַפטן. דער עקאָנאָמישער מצב אין 13־טן — 14־טן י.ה. איז געוואָרן אַלץ בעסער און געשאַפן מעגלעכקייטן פון רייך ווערן. די פּראָדוקציע פון די בעלי־מלאכות, וואָס זיינען געוואָרן אָרגאַניזירט אין צעכן אויף סטאַבילע יסודות — בעקערס, קצבים, שוסטער, געטראַנקען־פּראָדוצירער, גאַרבערס, רימערס, שמידערס, שלאָסערס, גאָלדשמידן — איז געווען באַשטימט אויף עקספּאָרט. דורך קאַליש איז געגאַנגען די באַוועגונג אויף דער ליניע וורעצלאַוו־טאָרן, און דערפאַר איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א האַנדלס־צענטער. צו דער שטאָט האָט געהערט דער צאָל־אָפּנעם, וואָס האָט אריינגעבראַכט באַדייטנדיקע רווחים. פון יאָר 1289 באַטייליקט זיך קאַליש אין דער שטאָט־קאָנפעדעראַציע פון גרויספּוילן, כדי צו פאַרטיידיקן זיך פאַר רויבער און מערדער. זי האָט זיך אויך באַטייליקט אין האַנזער פאַרבאַנד. אין יאָר 1298 האָט דער קעניג וולאַדיסלאַוו לאָקיעטעק, אויסער דער עקזיסטענץ־שריפט, געגעבן דער שטאָט נייע פרייהייטן, מבטל געמאַכט דעם יריד־אָפּצאָל אין אַלטשטאָט און אין ניישטאָט און דערלויבט דער שטאָט־פאַרוואַלטונג צו נעמען א העלפט הכנסות פון די מילן אין שטאָט.

אין יאָר 1306 האָבן די ליטווינער זיך אריינגעריסן אין שטאָט און זי צעשטערט. אין יאָר 1331 האָבן די קרייצצוגלער פאַרנומען די שטאָט, אָבער זיי זיינען געווען געצוואונגען אָפּצוטרעטן צוליב דער פאַרפּלייצונג פון דער פּרוסנא. דעם 4.5.1338 האָט קאַזימיר דער גרויסער געגעבן דאָס רעכט אָפּצוהאַלטן א מאַרק פון 8 טעג. א גרויסע דערגרייכונג איז אויך געווען דאָס געזעץ פון קעניג קאַזימיר (7.9.1365), לויט וועלכן די קאַלישער תושבים אונטערליגן נאָר דאָס געזעץ פון שטאָטישן געריכט, אָדער דעם געריכט פונעם דייטשן געזעץ אין פּאַלאַץ.

אין איר אַדמיניסטראַטיוו־פּאָליטישער אַנטוויקלונג האָט די שטאָט באַקומען די מעגלעכקייט אין יאָר 1360 אָפּצוקויפן ביי די וואָיטן מיקאָליי באַראַן און יאַן מלאָדשני דאָס וואָיטנטום און אַזוי אַרום צו באַקומען אומאָפּהענגיקייט און זעלבסשטענדיקייט. אָט דער מסחר איז באַשטעטיקט געוואָרן דעם 2.2.1360 דורך דעם קעניג קאַזימיר.

מלאכה און מסחר

די באַפעלקערונג האָט בעיקר זיך פאַרנומען מיט מלאכה און מסחר. — די פּראָדוקציע פון די בעלי־מלאכות האָט אַרומגענומען אַלע באַדערפענישן פון דער באַפעלקערונג: געבעקס אין ספּעציעלע געוועלבער, פליייש, זיסקייט, ביר. עס זיינען אויך געווען וואַרשטאַטן פאַר וועבעריי,

טעפעריי, גארבעריי, שוסטעריי, רימעריי, זאָטלמאכעריי, סטאָלעריי, בויאונג, בעדנעריי, פון אייזערנע חפצים. דער טאָפּאָגראַפּישער מצב פון דער שטאָט אין טאָל, וואָס איז באוואסערט געוואָרן פון דער פּרוסנאַ, האָט דערמעגלעכט דאָס אנטשטיין פון מילן. אין יאָר 1362 האָט קאזימיר דער גרויסער דערלויבט דעם מילנער מאטשעי, אויפצושטעלן אין שטאָט מילן מיט 5, 6 און מער רעדער.

די פּראָדוקציע איז געוואָרן פארקויפט דורך די בעלי־מלאכות גופא. דער האנדל האָט אין גרעסטן טייל זיך רעדוצירט צום האנדל אויסער דער שטאָט א דאנק דעם געאָגראַפישן מצב פון דער שטאָט. זי איז געלעגן אויפן טראקט „נאָווא דראָגא טאָרונסקאָ״, וואָס פירט פון שלעזיע קיין פּאָמאָזשע דורך קאליש. דער דורכפיר פון די סחורות האָט אריינגעבראכט דער שטאָט רווחים פון צאָל. צו דער אנטוויקלונג פון דער שטאָט האָט אויך באדייטנדיק בייגעשטייערט דער יריד, וואָס האָט זיך געצויגן פון 9.5 ביזן 17.6. די רווחים פונעם מסחר האָבן די שטאָטלייט אינוועס־טירט אין קויפן דערפער און פלעצער.

אלע מינים פּריווילעגיעס און הנחות האָבן סטאַביליזירט די אָרגאַניזאַציאָנעלע און אדמיניס־טראַטיווע יסודות פון דער שטאָט און געשטארקט איר פּאָליטישע השפעה. נישט געקוקט אויף די דאָזיקע באדינגונגען האָט די שטאָט נישט אויסגעמיטן קיין קריגעריי און מלחמות פון די מושלים, מיט די קרייצצוגלער און צווישן זיך גופא, וועלכע האָבן זיך געצויגן ביזן טויט פון לאָקיעטעקן אין יאָר 1343.

זיין יורש, קאזימיר דער גרויסער, האָט פארפעסטיקט די שטאָט, די צווייטע הויפּטשטאָט פון דער מלוכה, און געבויט מויער־געביידעס, קאַשטשאָלן און קלייסטערס.

בעת דער הערשאפט פון קעניג לודוויק דעם אונגאַר, זיינען באשטימט געוואָרן אלע רעכטן, וואָס זיינען געגעבן געוואָרן דורך קאזימיר און זיינע פאָרגייער. מ׳האָט אפילו דער שטאָט אומגעקערט דאָס דאָרף דאָבזשעץ, וואָס דער קעניג קאזימיר האָט, קעגן דעם געזעץ, צוגענומען פון איר. די דאָרפישע ווירטשאפטן, אָנגעהעריקע צו דער שטאָט, זיינען געפירט געוואָרן דורך דער שטאָט־מאכט, אָדער געוואָרן ארענדירט צו די שטאָט־באאמטע. ד׳ באציאונג פון די לעצטע צו די פויערים איז נישט געווען קיין אנדערע, ווי די באציאונג פון דער שליאכטע, און ס׳איז נישט קיין וואונדער, וואָס עס זיינען אויסגעבראָכן מרידות, ווי אין די יאָרן 1589—1598, אין דאָרף דאָבזשעץ. די קאלישער שטאָט־לייט זיינען אויך באפרייט געוואָרן פון צאָל אין קאָנין און אסטשעשוווו. ער האָט געגעבן דער שטאָט דאָס רעכט אָפּצוהאלטן פון 9־טן ביזן 17־טן יוני א מארק פון 8 טעג, וואָס האָט פיל מיטגעווירקט פאר דער אנטוויקלונג פון אויסערלעכן האנדל.

פאר די באדערפענישן פון דער שטאָט און פּאלאץ האָט דער קעניג וולאדיסלאוו יאגעלאָ אין יאָר 1402 באשלאָסן אויפצובויען אין קאליש ביים טייך פּרוסנא א מיל און א טאַרטאַק און אָפּגעבן דער שטאָט אייגנטום־רעכט אויף א דריטל פון דער מיל און רעכט איינצומאָנען די הכנסות, מיטן באדינג, אז זי וועט באצאָלן א דריטל פון די הוצאות. אין משך פון די שפּעטערדיקע יאָרן האָט די שטאָט אויסגעבויט נאָך מילן, און די הכנסות האָבן געהערט צו איר.

כדי אויסצוברייטערן דעם מסחר, האָט דער קעניג געגעבן דער שטאָט, דעם 29.4.1404, דאָס רעכט צו פארקויפן די סחורות, וואָס ווערן אריינגעבראכט אין שטאָט אין משך פון דריי טעג. אין יאָר 1552 האָט זיגמונט אויגוסט אויסגעברייטערט די פּריווילעגיע, אין וועלכער ס׳איז באשטימט געוואָרן, אז יעדער סוחר, וואָס פאָרט אדורך דורך דער שטאָט, איז מחויב ארויס־צולייגן זיין סחורה צום פארקויף אין משך פון 7 טעג. אויף די וועכנטלעכע מערק איז דערלויבט געוואָרן א פרייער פלייש־האנדל און מ׳האָט פארווערט ארויסצופירן פון שטאָט נישט קיין געקויפטע בהמות. די הכנסות פון מארק־אָפּצאָל זיינען די שטאָט־לייט געווען מחויב אויסצוגעבן אויף פארריכטן די שטאָט־מויערן און יאָר־יערלעך דערלאנגען דעם קעניג די חשבונות. אין יאָר 1425 זיינען די שטאָט־לייט, די סוחרים און זאלץ־פירער באפרייט געוואָרן פון צאָל און פון מארק־אָפּצאָל אין גאנץ פּוילן. אלע מלוכה־באאמטע זיינען אויפגעפאָדערט געוואָרן אכטונג צו געבן, אז די דאָזיקע פּריווילעגיע זאָל ווערן אויסגעפירט. אין דעם זעלבן יאָר האָט מען די קאלישער שטאָטלייט דערלויבט אָפּצוהאלטן צוויי מארק־טעג.

וויזט אויס, אז די באאמטע האָבן נישט אכטונג געגעבן אויפן אויספירן די פּריווילעגיע וועגן באפרייען פון צאָל, ווארעם דעם 13.6.1443 האָט דער קעניג וולאדיסלאוו באפוילן אלע באאמטע נישט איינצומאָנען קיין צאָל פון די קאלישער שטאָטלייט. ער האָט אויך באפוילן, אז די שטאָט־

מאכט זאָל נישט דערלויבן קיין שום אדלמאַן צו קויפן אין שטאָט הייזער און פלעצער, ביז ער וועט זיך נישט מתחייב זיין צו באַצאָלן אלע שטייערן לטובת דער שטאָט.

דער קעניג קאַזימיר האָט פאַרזיכערט דער שטאָט, אז דאָס איינמאָנען דעם שטייער לטובת דער לאַנד־זיכערקייט וועט נישט שעדיקן אירע רעכטן און וועט נישט ווערן קיין פּרעצעדענס אויף דער צוקונפט.

אין יאָר 1512 האָט דער קעניג זיגמונט באַשטימט א נייע וואַל־געזעץ צו די שטאָטישע אָרגאַנען, לויט וועלכן די ראַט־מיטגלידער זיינען געוואָרן אויסגעוויילט דורך די צעך־אָנפירער. כדי צו צוציען אויף די ירידים באַזוכער פון דרויסן, זיינען די געקומענע, לויט א געזעץ פונעם קעניג דעם 12.6.1512, באַפרייט געוואָרן פון מאַרק־אָפּצאָל. ער האָט אויך באַשטעטיקט דאָס באַפרייען די קאַלישער שטאָטלייט פון צאָל און מאַרק־אָפּצאָל אין גאַנץ פוילן, און געגעבן דער שטאָט דאָס רעכט איינצומאָנען פון יעדן סחורה־וואָגן א בריקאָפּצאָל אין דער סומע פון אכט דינאַרס. דאָס געלט איז געווען באַשימט אויף פאַרריכטן די בריקן. אין יאָר 1518 איז דער שטייער פאַרקלענערט געוואָרן פון 80 אויף 40 גשזיוונעס און די שטאָט האָט געדאַרפט שטעלן אין רשות פון מיליטער אנשטאָט 2 וואָגנס בלויז 1 וואָגן (1523).

אין יענעם יאָר האָבן, ווייזט אויס, די שטאָט־לייט זיך באַקלאָגט, אז די שטייער אַרענדאַטאָרן רעספּעקטירן נישט די פּריווילעגיעס פון די שטאָטישע צו באַפרייען זיי פון צאָל. דעם 23־טן אַפּריל 1523 האָט דער קעניג אין א ספּעציעלן דעקרעט אויפגעפאָדערט די צאָל־אַרענדאַטאָרן אָפּצוהיטן די צאָל־פרייהייט פון די קאַלישער שטאָט־לייט, וואָס זיי האָבן באַקומען פון זיינע פאָרגייער. אין יענער תקופה איז דורך קאַליש געגאַנגען א ברייטער מסחר מיט זאַלץ און שטאָל. אין יאָר 1537 איז אויסגעבראָכן א שריפה, וואָס האָט פאַרניכטעט א גרויסע צאָל בנינים. צוליב דער פאַראָרעמקייט פון די שטאָט־לייט איז דער קעניג געווען געצוואונגען צו באַפרייען זיי פון צאָל און פון שטייערן אויף א צייט פון 20 יאָר.

דער קעניג זיגמונט אויגוסט האָט באַשטעטיקט אלע עקזיסטענץ־שריפטן פון זיינע פאָרגייער, די תקנות פון די צעכן, פון די רימער, זאָטלמאַכער שטריקדרייער, סטאָלאַרעס און קירזשנערס, וואָס האָבן געליטן פון די שרפות, און אַרויסגעגעבן דעם 12.3.1552 נייע תקנות. ער האָט מבטל געמאַכט די תקנות פון קעניג זיגמונט אין דער פראַגע פון וויילן די ראַט־מיטגלידער און באַשטימט, אז דער שטאָט־ראַט זאָל ווערן געוויילט דורך אלע שטאָט־בירגער. פון 12 קאַנדידאַטן זיינען נעבן הויפּט־סטאַראָסטע אויסגעוויילט געוואָרן 6 ראַטגעבער. אין יאָר 1579 האָבן די שטאָט־לייט באַצאָלט שטאָט־שטייער אין דער סומע פון 230 פלאָרינס מיט 22 גראָשן. צווישן די שטייער־צאָלער האָבן זיך געפונען: 264 בעלי־מלאכות און 52 סובלאָקאַטאָרן. צווישן די בעלי־מלאכות דאַרף מען באַזונדער דערמאָנען: 23 קצבים, 2 שוסטער פון איידעלע לעדערס, 3 שערערס, 2 גאָלדשמידן, 3 אַפּטייקער, 19 פּראָסטע שוסטער, 17 שניידערס, 13 קירזשנערס, 45 בראַנפן־מאַכער, 19 שענקערס.

אין יאָר 1564 האָבן לויט אַן אנקעטע אָנגעהערט צו דער קאַלישער סטאַראָסטווע: קאַליש, קאָלאָ און די דערפער נענדזעזשאָוואָ, וויניאַראָ, קזשיוואָסאָטשאַ, קאָשטשול גלאָגווו, יאַנקאָוואָ, קראָסאָווינאָ, סטאַרע־מיאַסטאָ, פּיאָטראָווו, פּאָוולווקאָ, גראָדזשיסקאָ.

אין יאָר 1616 האָט מען באַצאָלט שטייער אויף א סומע פון 373 פלאָרינס. די שטאָט האָט באַקומען דאָס רעכט פון פּראָפּינאַציע פאַר גדאַנסקער און וורראָצלאַווער ביר מיטן תנאי, אז די הכנסות זאָלן גיין פאַר די שטאָט־באַדערפעניש. אין יאָר 1616 האָט מען איבערגעגעבן דער שטאָט די מילן ביים וורראָצלאַווער טויער און הינטער דעם טאָרונסקער טויער.

אין יאָר 1616 האָט די שטאָט באַקומען 3 מילן, דעם גאַנצן מאַרק־צאָל און אויך דעם טייל פון די קצבים, מיט דער הסכמה פון גענעראַל שליאַכטיץ יענדזשי צאַבינקאָווסקי, כל זמן ער וועט לעבן. דערפאַר האָט די שטאָט זיך מתחייב געווען צו צאָלן פון די הכנסות פאַרן פּאַלאַץ אין קאַליש 1700 גילדן. נאָכן טויט פון דעם מילן־אייגנטימער דאַרף מען זיי אָפּגעבן דעם סטאַראָסטע אין קאַליש אויף אייביק, אָן שום אָפּצאָל.

פון יורידישן שטאַנדפּונקט איז כדאי צו דערמאָנען, אז אין יאָר 1633 האָט דער קעניג וולאַדיסלאַוו געגעבן דער שטאָט דאָס רעכט צו באַקומען נאָכן טויט פון תושבים־איינגעבוירענע א העלפט פון זייער פאַרמעגן.

2050 נפשות אין אָנהייב 17־טן י.ה. האָבן געוואוינט אין שטאָט (אין יאָר 1629) 200 פון די אדל.
אין יאָר 1629 האָבן זיך געציילט אין שטאָט 2050 נפשות און צווישן זיי 148 פאַמיליעס פון בעלי־מלאכות. דער פּראָפעסיאָנעלער באשטאנד פון די בעלי־מלאכות אין געווען פאָלגנדיקער: 12 קצבים, 4 אפּטייקערס, 8 בעקערס, 3 פעלדשערס, 2 גאָלדשמידן, 4 גארבערס פון איידעלע פעלן, 1 אָרעמער בעקער, 12 שוסטערס, 6 קירזשנערס, 3 אויוון־שמעלצערס, 3 רימערס, 3 טאָץ־מאכערס, 1 שניצער, 1 בלאָז־זאַק־מאכער, 1 שטריק־מאכער, 2 געווער־ארבעטער, 5 סטאָליארעס, 1 בלעכער, 2 נאָדלמאכער, 1 קאם־מאכער, 4 בעדנערס, 5 געווער־מייסטער, 7 פלאַקסוועבערס, 13 טעפּערס, 1 שניידער פון וועב, 2 בלייגיסער, 1 מאלער, 6 שמידן, 6 היטלמאכערס, 1 בוי־מייסטער, 2 פורמאַגעס, 2 קופּערשמידן, 1 איינבינדער, 2 קאלכער, 11 שניידערס, 1 פלויטן־מאכער, 2 זאָלץ־מאכערינס, 1 אָרעמער קירזשנער, 1 אָרעמער גלעזער, 2 אָרעמע שניידער.
די בעלי־מלאכות האָבן באשעפטיקט 43 לערנאינגלעך און גזעלן און געצאָלט שטייערן לויט זייער ארבעט און מאטעריעלן מצב פון 4 ביז 8 גילדן, די אָרעמע 2 גילדן, די לערנאינגלעך 12, 18, 24, 48 גראָשן.
צום סוף 17־טן י.ה. אין יאָר 1689, זיינען אין קאליש געווען 45 געמויערטע הייזער און 121 הילצערנע הייזער.
אין 17־טן י.ה. איז קאליש געווען די הויפּטשטאָט פון דער וואָיעוואָדשאַפט, וואָס האָט אין זיך איינגעשלאָסן 6 ראַיאָנען — קאליש, פּיזדרי, קאָנין, גניעזנא, קאָציאַנס און נאקיעל. אָנהויבנדיק פון 15־טן י.ה. האָבן די סיימיקעס סיסטעמאטיש אָפּגעהאלטן זייערע פארזאמלונגען אין קאליש.
א פּאָליטיש־עקאָנאָמישע דערגרייכונג האָט די שטאָט געהאט אין יאָר 1676, ווען דער סיים האָט באשטעטיקט די פּארלייכטערונגען, וואָס קאליש האָט באקומען אין אירע עקזיסטענץ־שריפטן. לויטן באשלוס פון סיים איז די שטאָט באפרייט געוואָרן אויף שטענדיק פון די מיליטערישע לאַסטן, ד.ה. פון דורכמארש און פון סטאַנציאָנירן אין שטאָט און אין דער אומגעגנט אויף אַן ארומקרייז פון דריי מייל, אויסער די שכנות׳דיקע דערפער, וואָס יעדער פון זיי דאַרף באצאָלן שטייער (hiberna).
דער עקאָנאָמישער מצב פון שטאָט אין דאַן געווען א גוטער צוליב איר געאָגראַפישער לאַגע. דאָס מסחר האָט זיך שטארק אויסגעברייטערט, די בעלי־מלאכות האָבן געארבעט מיטן גאנצן טעמפּאָ אויף פאַר קליענטן מחוץ דער שטאָט. פון נאָטיצן און צוואות אין די שטאָטראַט־ביכער דערוויסן מיר זיך, אַז א גרויסער טייל פון די שטאָט־לייט איז נתעשר געוואָרן, געבויט נייע הייזער, געקויפט ערד און אפילו גאנצע דערפער.
אָבער די שטאָט איז געטראָפן געוואָרן אין די יאָרן 1609, 1612/13 פון גרויסע שריפות. אין יאָר 1612 איז די שטאָט געשעדיקט געוואָרן פון א ריזיקער שריפה ביז אזא מדרגה, אַז דער סיימיק פון דער וואָיעוואָדשאַפט פון פּויזן און קאליש, וואָס איז זיך צונויפגעקומען אין שראָדא דעם 29—31 יאנואר 1613, האָט באפוילן זיינע דעפּוטאַטן אין סיים צו פּאָדערן דאָרט, אַז מען זאָל באפרייען די נשרפים פון שטייערן אויף א צייט פון 3 יאָר, כדי די שטאָט זאָל זיך קענען אָפּבויען אין משך פון א קורצער צייט. אין לויף פון דער צייט האָט די שטאָט באוויזן צו קומען צו זיך און די צעשטערטע קווארטאלן זיינען רעסטאווּרירט געוואָרן.
די שטאָט־אדמיניסטראַציע איז געווען א זעלבשטענדיקע ביז צום בירגערמייסטער (burmistrz), וואָס איז געשטאַנען בראש פון 25 ראַטמענער, נאָמינירטע דורכן סטאַראָסטאַ־געהילף פון 12 אים פאָרגעשטעלטע קאַנדידאַטן. וואלן צו די ראַטן און צו די צעכן־אָנפירער פון די בעלי־מלאכות זיינען פאָרגעקומען יעדעס יאָר אין דעם דינסטיק וואָס נאָך פסחא.
די שטאָט איז געווען א פעסטונג־שטאָט, ארומגערינגלט מיט וואלן און מויערן, אין וועלכע ס׳זיינען געווען פיר טויערן.
בעת די קאמפן פון די קאטאָליקן קעגן די פּראָטעסטאנטן אין צענטראל־אייראָפּע זיינען קיין קאליש אנטלאָפן פּראָטעסטאנטישע פּליטים און ס׳האָבן זיך דאָרט באזעצט די אריאַנער מיט אלבערטוס קאליזיוס בראש. אויך די ברידער־טשעכן האָבן דאָרט געפונען א מקום־מקלט פון זייערע פאַרפאָלגער.
די „רעפאָרמאציע״־באוועגונג האָט זיך פארשפּרייט אויך צווישן די קאלישער תושבים אין אזא מאָס, אַז דער ארכיהעגמאָן קאַרנאָווסקי האָט געבראכט אהין דעם יעזויטן־אָרדן, כדי צו פארשטאַרקן די לערע פון דער קאַטוילישער קירכע.

לערן־שולן

דער יעזויטן־אָרדן, וואָס איז געקומען קיין קאליש אין סוף פון 15־טן י.ה., האָט געשאַפן א ריי עלעמענטאַרע און מיטל־שולן, אין וועלכע ס׳האָבן געלערנט 600 שילער פון אדל און פון די שטאָט־לייט. אין יאָר 1613 האָט מען דאָרט אויפגעשטעלט דעם ערשטן אסטראָנאָמישן אָבסער־וואַציע־פונקט אין אייראָפּע.

מיטן אויסבראָך פונעם אויפשטאַנד אין אוקראַינע אין די יאָרן 1648—1654 הייבט זיך אָן א נייע תקופה אינעם לעבן פון דער שטאָט און פון אירע בירגער. די פוילישע ארמייען, וועלכע זיינען דורכגעגאַנגען קאליש און איר געגנט, האָבן געבראַכט שאָדן דער שטאָט און אירע דערפער.

דער 17־טער י.ה. איז — לויט די רייד פון דעמאָלטיקן שטאָט־סעקרעטאַר אדאם בראזיצקי — געשטאַנען אונטערן צייכן פון פיינט, עפּידעמיעס, שריפות און מאָרדן פון קאלישער בירגער. דאָס איז געווען בעת די אינוואזיעס און מלחמות פון די שוועדן.

אין די באַלאַגערונג־חדשים איז פאַרברענט געוואָרן א גרויסער טייל פון דער שטאָט. די באַפעלקערונג האָט געהונגערט און א גרויסער טייל איז אומגעקומען פון עפּידעמיעס. אויסער די דאָזיקע צרות האָט מען נאָך ארויפגעלייגט אויף דער שטאָט אַלע מינים שטייערן און געלט־שטראָפן.

דעם 27.7.1655 האָבן די שוועדן זיך אריינגעריסן אין גרויס־פוילן און דעם 3/8 האָבן אין די טויערן פון קאליש זיך באַוויזן זייערע ערשטע אָפּטיילונגען. פאַרן פּריז פון 1000 גילדן האָט דער שטאָט זיך איינגעגעבן צו באַפרייען זיך פון זיי, און נאָכדעם ווי זיי האָבן פאַרלאָזט די שטאָט־טויערן, דעם 7/8, האָט זיך באַוויזן דער פוילישער געהילף־קאַנצלער היעראָנים ראַדזשעיאָווסקי, וועלכער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו די שוועדן. ער איז געקומען בראש פון אַן אָפּטיילונג, אויפגענומען געוואָרן דורכן שטאָטראַט און ער האָט באַשטעטיקט אַלע שריפטן פון עקזיסטענץ און פרייהייט, בתנאי, אַז די שטאָט זאָל אָננעמען די הערשאַפט פון שוועדישן קעניג. פאַר די דאָזיקע „טובות" האָט ער באַקומען א סומע פון 3000 גילדן אַנשטאָט די 6000 וואָס ער האָט פאַרלאַנגט. אין שטאָט איז געבליבן א מיליטערישע אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך איינ־געאָרדנט אויפן חשבון פון דער שטאָט.

די שוועדישע מאַכט האָט ארויפגעלייגט אויף דער שטאָט שטייערן און געלט־שטראָפן און פאַרלאַנגט אפילו, אַז מ׳זאָל זיי באַצאָלן די פאַרלעגענע שטייערן און אָפּצאָלן, וואָס די באַפעל־קערונג איז שולדיק געבליבן דעם פוילישן אוצר. מ׳האָט אויך פאַרווערט די סוחרים ארויסצופירן פון שטאָט סחורות איידער מען דערליידיקט דעם צאָל. די שוועדישע זעלנער זיינען אריינ־געדרונגען אומעטום, אין די געוועלבער און אין די וואוינונגען, קאָנפיסקירט געטראַנקען, שפּייז און געלט. רויב און גזילה איז געווען א טאָג־טעגלעכע זאַך און דערמיט האָבן זיך פאַרנומען נישט בלויז די זעלנער, נאָר אויך די אָפיצירן. א טייל פון די שטאָט־לייט האָבן צוליב פּחד פאַרלאָזט די שטאָט. די אָקופּאַציע האָט צעשטערט דעם מסחר און דעם האַנטווערק.

דערווייל האָבן אין א ריי וואָיעוואָדשאַפטן, און אויך אין קאַלישער, זיך אָרגאַניזירט מיליטערישע אַקציעס קעגן די רויבער. די באַוועגונג איז געוואָרן נאָך שטאַרקער נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון די שוועדן דעם 1.7.1656 אין וואַרשע, וואָס איז געווען דורך זיי פאַרנומען.

נאָך א קורצער צייט איז די פוילישע ארמיי געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן וואַרשע. דעם שוועדישן קעניג איז דאַן געלונגען צו באַקומען די הילף פון בראַנדענבורגער פירשט פאַר דער הבטחה, אַז ער וועט קריגן די וואָיעוואָדשאַפטן פּויזן, קאַליש, שעראַדז און לענטשיץ.

טראָץ דער נייער געפאַר זיינען די פוילישע ארמייען געגאַנגען פאָראויס אין גרויספוילן. דעם 5.8.1656 האָבן זיך אין די טויערן פון קאליש באַוויזן די ערשטע באַפרייאונגס־אָפּטיילונגען. די באַלאַגערונג האָט געדויערט וואָכן. ערשט דעם 22.10.1656 איז דער ווידערשטאַנד פון די שוועדן געבראָכן געוואָרן. זיי האָבן קאַפּיטולירט ביי געוויסע גוטע באַדינגונגען: דעם שוועדישן פּאָזיציע־מיליטער איז דערלויבט געוואָרן צו פאַרלאָזן די שטאָט צוזאַמען מיטן געווער, מיט די האַרמאַטן און מיט דער לאַדונג. דעם 8/11 האָבן די שוועדן פאַרלאָזט די שטאָט, וועלכע איז בעת דער באַלאַגערונג, דעם 8/10, חרוב געוואָרן אויך פון א שרעקלעכער שריפה, וואָס האָט פאַרברענט כמעט אַלע הייזער פון שטאָט און פון די פאָרשטעט. אָט די צעשטערטע שטאָט איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א צענטראַלן פונקט פון די מיליטערישע אָפּעראַציעס קעגן די שוועדישע און בראַנדענבורגער ארמייען, פאַר דער באַפרייאונג פון פּויזן.

קיין קאליש האָט מען געבראַכט מיליטערישע אָפּטיילונגען אויף צו פאַרשטאַרקן די פאַר־טיידיקונג. דאַן האָט א קורצע צייט געווילט אין שטאָט יאַן קאַזימיעזש. ער האָט פאַרעפנטלעכט, אַ באַפעל אין וועלכן ער האָט אָפּגעמערקט די ליידן פון דער באַפעלקערונג אין „אונזער שטאָט קאַליש״, וואָס איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די שוועדן און איצט איז זי צעשטערט און פאַרניכטעט, פאַרוואַנדלט אין א קופּע אַש. ער האָט באַפרייט קאַליש און אירע דערפער פון אַלע שטייערן, אָפּצאָלן און פון אויסהאַלטן דאָס מיליטער. אָבער נישט געקוקט אויף דער דאָזיקער באַפרייאונג, איז די שטאָט געווען געצוואונגען צו טראָגן די לאַסט פון שטייערן און אָפּצאָלן, וואָס די סיימיקעס האָבן אויף איר אַרויפגעלייגט אין שייכות מיט דער מלחמה.

די מגפה אין די יאָרן 1659—1660 איז אויסגעבראָכן א שווערע עפּידעמיע (lues hungarica), וואָס האָט אומגעבראַכט א גרויסן טייל פון דער באַפעלקערונג. אין אַזעלכע באַדינגונגען איז שווער געווען דער שטאָט צוריק אויפצובויען זיך אויך נאָכן ענדיקן די מלחמה. רעסטאַווראַציע־אַרבעטן — ביים בויען הייזער, וואַרשטאַטן, געוועלבער — האָט זיך געצויגן יאָרן. די שטאָט־לייט, וואָס זיינען אַנטלאָפן קיין שלעזיע מיט זייער פאַרמעגן, האָבן אָנגעהויבן זיך אומקערן.

ביסלעכוויין האָט דאָס ווירטשאַפטלעכער לעבן אָנגעהויבן זיך נאָרמאַליזירן. אין יאָר 1698 איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין דער אָרגאַניזאַציע־פאָרם פון דער שטאָט. דעם 24־טן יאַנואַר האָט דער קעניג אויגוסט דער צווייטער מבטל געמאַכט דאָס אויסוויילן די ראַטמענער דורך די לייטער פון די צעכן און באַפוילן אויסצופירן די עקזיסטענץ־שריפט פון קעניג זיגמונט פונעם יאָר 1552, אין וועלכער עס ווערט בפירוש באַשטימט, אַז די שטאָט־ראַטמענער ווערן אויסגעוויילט דורך די שטאָט־בירגער. פון די 12 קאַנדידאַטן דאַרף דער סטאַראָסטע נאָמינירן 6 ראַטמענער.

אָנהייבנדיק פון העלפט 17 י.ה. האָט זיך אָנגעהויבן א ירידה אין דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט. די שטאָטישע ווירטשאַפט און די אַדמיניסטראַציע איז געוואָרן אַרונטערגעריסן. די אָפּגעלאָזנקייט אויף אַלע געביטן האָט באַוואויגן דער מלוכהשער מאַכט צו פאַרפירן אין אַסעסאָרן־געריכט (פאַר שטעט־ענינים) א פּראָצעס קעגן שטאָט־ראַט פאַר איר טעטיקייט קעגן די אינ־טערעסן פון דער שטאָט. באַזונדערס האָבן די תושבים זיך באַקלאָגט אויף די חובות, נישט ריכטיקע האַנדלונג בעת די וואַלן פון בירגערמייסטער און פון די מיטגלידער פונעם ראַט, פון די הויפּטן פון די צעכן, פון די וואָיטן, די צעשטערונג פון פאַרמעגן און שטאָט־גיטער. אמת, די דאָזיקע דערשיינונגען זיינען געווען כאַראַקטעריסטיש נישט בלויז פאַר קאַליש. אין יענער צייט קען מען זיי טרעפן אויך אין אַנדערע פּוילישע שטעט.

זייער א סך האָט די שטאָט געליטן פון די מלחמה־צעשטערונגען אין סוף פון 17־טן י.ה. : פון עפּידעמיעס: 1653, 1658, 1676, 1689, 1653/54, 1676 און פון נאַטור־קאַטאַסטראָפעס, 1693, 1700, 1709, 1712, 1736, 1771 (די מערהייט עפּידעמיעס זיינען אויסגעבראָכן ביים אָנקומען פון מיליטער), און פון דער גרויסער צאָל שריפות, באַזונדערס אין די יאָרן: 1676, 1678, 1680, 1693, 1699, 1704, 1705, 1706 — אין דער לעצטער זיינען צעשטערט געוואָרן 7 גאַסן מיט הייזער און פאַבריקן — 1710, 1713, 1779, 1790. די געפערלעכסטע שריפה נאָך דער רעסטאַווראַציע פון דער שטאָט איז אויסגעבראָכן אין יאָר 1792. דאַן איז די שטאָט געוואָרן פאַרוואַנדלט אין א קופּע אַש. אין דעם יאָר 1792 אליין זיינען פאַרברענט געוואָרן 30 גרויסע בנינים, 22 הייזער פון דער שליאַכטע, 45 מויערן, 17 קליינע געמויערטע הייזער, 233 הייזער, 77 קליינע הייזער — 10 גרויסע בנינים, דער בנין פון שטאָטראַט, די ידישע שול, 15 הייזער פון דער שליאַכטע, 37 מויערן, 16 קליינע געמויערטע הייזער, 168 הייזער, 26 קליינע הייזער.

ס׳האָבן אויך נישט געפעלט קיין אינוואַזיעס פון רויבער־באַנדעס אָדער פון די אדל־באַדינער מיטן ציל צו ווילדעווען, שלאָגן, אָנגרייפן הייזער, פּרויען א.א.וו.

נישט קיין קליינע לאַסט איז געווען די הוצאות אין געלט, שפּייז און געטראַנקען פאַר די אַרמייען, וואָס האָבן דורכמאַרשירט די שטאָט אין דער ערשטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט. פון די שטאָט־חשבונות דערוויסן מיר זיך, אַז אין יאָר 1736 האָט די שטאָט אויסגעגעבן אויף די באַדערפענישן פון מיליטער 16,441 גילדן, אין 1744 — 21,600 גילדן, און ענלעכע סומעס אויך אין אַנדערע יאָרן.

גרויסע צרות האָט די שטאָט געליטן אין יאָר 1768, אין די צייטן פון דער באַרסקער קאָנ־פעדעראַציע. די אָפּטיילונגען פון קאָנפעדעראַטן און זייערע קעגנער האָבן געזייט חורבן, רויב און גזילה. באַזונדערס האָבן זיך דעם געביט זיך אויסגעצייכנט די אָפּטיילונגען פונעם רוסישן מיליטער, און אין יאָר 1772 — פון פרייסישן. אמת, די שטאָט־בירגער האָבן געהאַט אין זייער רשות געווער און אפילו אַרטילעריע, אָבער מיר ווייסן נישט אין וואָס פאַר א מאָס דאָס איז אויסגענוצט געוואָרן לטובת דער שטאָט־פאַרטיידיקונג.

לויט דער ליסטע פון די קריסטלעכע איינוואוינער, א ליסטע וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין יאָר 1786 צוליב שטייער־צוועקן, זיינען צווישן די שטאָט־בירגער געווען 130 פאַמיליע־הויפּטן הויז־אייגנטימער (posesjonaci) 82 אָן הויז־אייגנטום (nieposesjonaci). צווישן די נישט סטאַבילע תושבים (luźni) זיינען געווען 21 הויזאייגנטימער, 94 אָן הויז־אייגנטום. אין שטאָט האָבן זיך געפונען 2 דאָקטוירים ספּעציאַליסטן, צווישן זיי 1 איד (Żyd Doktor Komornik). פּראָפעסיאָנעל איז די קריסטלעכע באַפעלקערונג געווען צעטיילט אויף פיר מינים: א) סוחרים; ב) בירברייער און בעקערס; ג) הענדלערס און בעלי־מלאכות; ד) פלויטנמאַכערס, בויערס און אַנדערע, ווי פורמאַנעס, טרעגערס, פישערס, משרתים.

לויט רשימות פון יאָר 1786 האָבן אין קאַליש זיך געפונען 692 קריסטלעכע פאַמיליעס אין באַשטאַנד פון 159 סטאַבילע בעלי־בתים (gospodarz e osiadli) 156 נישט סטאַבילע בעלי־בתים (nie osiadli), 10 סוחרים פון אונגאַרישן ווײַן (גריכן), 1 סוחר פון רוסישע סחורות, 19 סוחרים, הענדלער, 31 קרעמערס, זאַלץ־סוחרים, 39 שענקערס, 166 בעלי־מלאכות, 2 דרוקערס, 1 אַרצט־ספּעציאַליסט, 1 לערער, 8 מוזיקאַנטן, 99 לוין־אַרבעטער (luźni). פונעם יאָר 1789 האָבן מיר א רשימה פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג לויט די צאָל פון דער באַפעל־קערונג, ווי פאָלגנדיק: 2152 נפשות: 606 מענער, 790 פרויען, 332 יינגלעך ביז 15 יאָר, 31 פון 15 יאָר, 403 מיידלעך. פון זיי: 213 הויז־אייגנטימער, 71 סוחרים, 585 בעלי־מלאכות, 106 שיינקערס און רעסטאָראַנען, שיק־יינגלעך און האַנדלס־משרתים, 650 לוין־אַרבעטער, 98 בעט־לערס. צו דער דאָזיקער שטאָטישער באַפעלקערונג דאַרף מען נאָך צורעכענען 300 אדל־לייט, 180 גייסטלעכע און 882 אידן. אזוי אַרום האָט די צאָל באַפעלקערונג באַטראָפן 3454 נפשות.

די בעלי־מלאכות זיינען געווען אָרגאַניזירט אין 12 זעלבשטענדיקע צעכן, וואָס האָבן גענאָסן פון מלוכהשע פריווילעגיעס. געוויסע מינים — בלעכערס, שלאָסערס זיינען געווען אָרגאַניזירט אין איין צעך, דאָס זעלבע שמידערס, פלויטן־מאַכערס און פורמאַנעס. מען דאַרף באַמערקן, אַז די מלאכות אין קאַליש זיינען געווען פון קליינעם פאַרנעם, וואָס האָט נישט דערמעגלעכט די בעלי־מלאכות צו האַלטן א סך לערניינגלעך און געזעלן. אזא מצב האָט גורם געווען, אַז ס׳זאָלן נישט זיין קיין סיכסוכים און קאַמפן צווישן די לערניינגלעך און די בעלי־מלאכות. פון די דאָקומענטן איז באַקאַנט בלויז איין סיכסוך אין יאָר 1783, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן דורך די בעקער־געזעלן און א צווייטער, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַרעסט פון א שוסטערשן לערניינגל.

אין רשות פון שטאָטראַט האָבן זיך געפונען 3 וואַסערמילן און 2 ציגעלניעס, וואָס זיינען אַרענדירט געוואָרן פאַרן אָפּצאָל פון 600 גילדן א יאָר. די ציגעלניעס האָבן געהאַט א מאָנאָפּאָל און די שטאָט־איינוואוינער האָבן געמוזט קויפן נאָר די שטאָטישע ציגל. בלויז דער קלויסטער האָט געמעגט אויסאַרבעטן אייגענע ציגל. אויך די מילן האָבן געהאַט א מאָנאָפּאָל.

אין דער צווייטער העלפט פונעם 18־טן י. ה. לאָזט זיך באַמערקן א פאַרבעסערונג אינעם מצב פון דער שטאָט. אין יאָר 1775 האָבן זיך שוין געפונען אין קאַליש 45 הייזער, און אין יאָר 1786 — 88 געמויערטע הייזער, 357 הילצערנע הייזער און 60 פרייע פּלעצער. דער זעלבער מצב איז קענטיק אויך אין יאָר 1792. אין פאַרגלייך מיט די פופציקער־זעכציקער יאָרן איז דער ווערט פון א הויז אין סאַמע מיטן שטאָט געשטיגן פון 3500 גילדן צו 4000—5000 גילדן; אין צענטער פון 500 אויף 1000—2000; אין פאָרשטאָט פון 200 אויף 300—800; א פרייען פּלאַץ האָט מען געקענט קויפן פאַר 100—200 גילדן.

די עקאָנאָמישע פּויפּעריזאַציע פון די שטעט, די אָרעמקייט וואָס דאָרט האָט געהערשט, און די אַדמיניסטראַטיווע אומאָרדענונג, האָבן באַוואויגן דעם סיים צו שאַפן אין יאָר 1778 די „קאָמיסיעס פון גוטער אָרדנונג". אויפן סמך פון אַן אנקעטע און א גענויער בדיקה איז אַרויפ־געלייגט געוואָרן אויף זיי די פליכט צו מאַכן ראַציאָנעלע פאָרשלאָגן וועגן אויסבעסערן דעם מצב פון די שטעט. אין יעדער איינער שטאָט איז געשאַפן געוואָרן אזא קאָמיסיע.

דעם 23־טן נאָוועמבער 1778 האָט דער קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי אונטער־געשריבן אין ווארשע א באַפעל, לויט וועלבן עס איז פאַר די שטעט און שטעטלעך פון קאַלישער וואָיעוואָדשאַפט געשאַפן געוואָרן „א קאָמיסיע פון גוטער אָרדנונג". אין שפּיץ פון דער קאָמיסיע איז געשטאַנען דער וואָיעוואָדע, פירשט אויגוסט סולקאָווסקי. זי האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט דעם 14.2.1780 אונטער דער פאָרזיצערשאַפט פון גענעראַל קאַזימיר ראַצינסקי און געווען טעטיק ביז מאַי 1783. אויפן סמך פון אירע פאָרשונגען און אַנאַליזן האָט די קאָמיסיע פאַרעפנטלעכט א ריי תקנות, וועלכע זיינען נוגע דער אדמיניסטראַציע, דעם מסחר, די שטייערן, בעלי־מלאכות, פאַראָרדענונגען וועגן אָרעמעלייט, דעזערטירן א.א.וו.

דעם 16־טן מאַי 1783 האָט זיך אָנגעהויבן דער צווייטער פּלענום פון דער קאָמיסיע בראש מיט קסאַווערי נאַלענטש קענשיצקי. אויף דעם פּלענום זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן די כּללים פון שטאָטישן אַפּאַראַט, שטאָטישן אייגנטום און די שטאָט־חובות. דעם 27.1.1787 איז געעפנט געוואָרן דער דריטער פּלענום, אויף וועלכן מ'האָט אָנגענומען באַשלוסן וועגן געזונטהייטס־ענינים, שטאָט־ריינקייט, פאַבריקן, פרייזן פון שפּייז־פּראָדוקטן, אידישע ענינים, צעכן, שטאָטישע בודזשעטן. דעם 28־טן פעברואַר 1788 האָט די קאַלישער קאָמיסיע געענדיקט די 8 יאָר אָנגעשטרענגטע טעטיקייט אויף אויסצובעסערן דעם מצב פון די איינוואוינער און פון דער שטאָט. די הוצאות פון דער קאָמיסיע, רייזע און באַשפייזונג־הוצאות פון אירע מיטגלידער און די אויסגאַבן, פאַרבונדענע מיט איר אַרבעט האָבן באַטראָפן 13,898 גילדן מיט 19 1/2 גראָשן.

אידישע ענינים

ס'איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן א ספּעציעלער באַריכט Dzielo ustaw Komisji Dobrego Porządku, וואָס האָט אַנטהאַלטן 3 טיילן: א רעזאָלוציע לטובת דער שטאָט (294 זייטן); די פּריווילעגיעס און רעכטן פון דער שטאָט, פון די צעכן און פון דער אידישער קהילה (Synagoga), די רשימות פון דער שטאָט און פון אירע דערפער (500 זייטן); תקנות פאַר די צעכן (350 זייטן). די קאָמיסיע האָט איינגעפירט אין שטאָט אויסבעסערונגען פון אדמיניסט־ראַטיוון, ווירטשאַפטלעכן און קולטור־שטאַנדפּונקט. אויפן אדמיניסטראַטיוון געביט זיינען אָפּ־געשאַפט געוואָרן די קאָנסטיטוציאָנעלע איינפירן פון דער פּריווילעגיע פון יאָר 1552. דער בירגערמייסטער — דער פּרעזידענט — און דער וואָיט זיינען יעדעס יאָר אויסגעוויילט געוואָרן פון צווישן 3 קאַנדידאַטן, וועלכע זיינען אריינגעטראָגן געוואָרן צום הויפּט־סטאַראָסטע, און ער האָט נאָמינירט איינעם פון זיי. די קאָמיסיע האָט אויך באַשטימט די געהאַלטן פון אדמיניס־טראַציע־אַפּאַראַט און געמאַכט אָרדענונג אין דער פינאַנסיעלער ווירטשאַפט און אין שטאָטישן פאַרמעגן. זי האָט אויך אויסגעאַרבעט אַן אדורכגעטראַכטן בודזשעט, וועמענס הכנסות ס'האָבן דערגרייכט 32,881 גילדן מיט 6 גראָשן, און די הוצאות — 32,338 גילדן 14 גראָשן. אויך אויפן געביט פון די חובות, וואָס האָבן דערגרייכט 211,886 גילדן + פּראָצענט אויף א סומע פון 17,964 גילדן, 27 גראָשן, האָט די קאָמיסיע אריינגעבראַכט אָרדענונג און באַשטימט די נויטיקע מיטלען די חובות צו באַצאָלן.

די צעטיילונג פון פּוילן אין יאָר 1793 און דאָס איינשלוסן קאַליש אין פּרייסן — האָבן צו נישט געמאַכט די אויסבעסערונגען.

אין יענער תקופה איז קאַליש געוואָרן א צענטער פאַר דער וועב־פּראָדוקציע, וואָס איז געשיקט געוואָרן קיין אויסלאַנד. פון קולטור־שטאַנדפּונקט האָבן פיל בייגעשטייערט די שולן און דער סעמינאַר פון די יעזואיטן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן נאָך אין 17־טן י.ה. אין יאָר 1783 איז דער קאָלעגיום פון די יעזואיטן פאַרוואַנדלט געוואָרן, לויט דער איניציאַטיוו פון דער קולטור־קאָמיסיע, אין א ראַיאָניקער הויכשול (אַקאַדעמיע).

אין מערב־פּוילן האָבן זינט 1726 זיך אָנגעהויבן אָרגאַניזירן, לויט דער איניציאַטיוו פון פּויזן, די פּוילישע און דייטשע סוחרים אין פּראָפעסיאָנעלע פאַרבאַנדן (Konfranternja), און זיי האָבן נישט איינמאָל געמאַכט אָנשטרענגונגען צו שאַפן א פּאַראייניקטן און פעסטן פראָנט פון אַלע גרויסע און מיטעלע שטעט קעגן די אידן. דאָס מאָל איז עס זיי נישט געלונגען, כאָטש עס זיינען צו זיי צוגעשטאַנען לעשנאָ, קאַליש, פּיאָטרקאָוו, ווארשע, און כאָטש זיי זיינען געשטיצט געוואָרן דורכן פּרימאַס און דורך דעם סיים־מאַרשאַלעק.

אין דער צייט פון גרויסן סיים (1788—1792) האָט דער קאַלישער שטאָטראַט ווידער גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל אין די השתדלותן פון שטעט־פאַרבאַנד אין סיים, אַז מ'זאָל פאַרבעסערן

דעם פּאָליטיש־בירגערלעכן מצב פון שטאָטישן קלאַס. אין מעמאָראַנדום, וואָס דער פירער פון די שטעט, מיכאל שוויניאַרסקי, האָט דערלאַנגט דעם קעניג און צום סיים אין יאַנואַר 1789, האָט ער פאָרגעלייגט צו באַנייען די רעפּרעזענטאַנץ פון די שטעט און איינצושליסן אין זיי אויך קאַליש. אויף א צוזאַמענפאָר פון די שטעט־פּאָרשטייער, וואָס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין נאָוועמבער 1788 און האָט אָנגענומען א באַשלוס וועגן א פאַרבאַנד פון די שטעט, האָט אין נאָמען פון קאַליש אונטערגעשריבן דעם דאָקומענט דער שטאָט־פּרעזידענט וואָיציעך זיעלאַנסקי. ער און דער צווייטער פאָרשטייער פון קאַליש האָבן אונטערגעשריבן דעם שטעט־מעמאָראַנדום פונעם 19־טן דעצעמבער 1789. צוזאַמען מיט וואַרשע, פּויזן, פּיאָטרקאָוו האָבן די פאָרשטייער פון קאַליש געפאָדערט דאָס רעכט צו שיקן אין סיים 2 דעפּוטאַטן. אין יאַנואַר 1790 האָבן זיי, צוזאַמען מיט די פאָרשטייער פון אַנדערע שטעט אונטערגעשריבן א מעמאָראַנדום וועגן דעם זעלבן ענין. זיי האָבן זיך סומך געווען אויף די תקנות פון 1420—1436 און אויפן רעגולאַמין פון אַלעקסאַנדער, לויט וועלכן קראָקע, פּויזן, וואַרשע, סאַנדאָמיר און קאַליש האָבן געהאַט א רעכט צו באַטייליקן זיך אין די סיימען.

ווען אויפן טאָג־אָרדענונג פון סיים איז אַרויף די פראַגע פון פאַרגרעסערן די זיכערקייט־קרעפטן, האָט אין יאָר 1792 זיך אָרגאַניזירט די יוגנט אין קאַליש צו מיליטערישע איבונגען און מיט דער הילף פון שטאָטראַט זיך באַזאָרגט מיט וואָפן.

אין דער תקופה פונעם אומאָפּהענגיקן פּוילן האָט קאַליש אַרויסגעבראַכט פון זיך א צאָל באַוואוסטע געלערנטע, ווי למשל, דער אַסטראָנאָם און מאַטעמאַטיקער וואָיצעך פון בראָדזעוו, לערער פון ניקאָליי קאָפּערניק; מיקאָליי פון קאַליש איז א סך יאָרן געווען רעקטאָר פונעם קראָקאָווער אוניווערסיטעט. אַן אַנדערער אָפּשטאַמיקער פון קאַליש, יאַן, האָט פאַרפאַסט א גראַמאַטיק פון דער לאַטיינישער שפּראַך, וואָס האָט געדינט אַלס לערנבוך אין רוב שולן אין אייראָפּע און זוכה געווען צו פערציק אויפלאַגעס; דער פּאָעט סעבאַסטיאַן קלאָנאָוויטש, דער הומאַניסט בענעדיקט טשאַרנאָן, דער פּראָפעסאָר יענדזשיי גלאַבור זיינען אויך געווען קאַלישער געבוירענע.

אין 17־טן י.ה. זיינען שוין אין קאַליש געווען אויך אין די קרייזן פון בעלי־מלאכות יחידים יודעי ספר. באַקאַנט איז דער וועבער פראַנציַשעק, וואָס האָט אין זיין ביבליאָטעק פאַרמאָגט ביכער פון לאַטיינישע קלאַסיקער, הומאַניסטישע ספרים און אַנדערע. דער פאַקט, אַז אין יאָר 1596 האָט זיך באַזעצט אין שטאָט א בוכבינדער און אין יאָר 1622 — א בוכהענדלער, באַווייזט, אַז עס האָבן זיך געפונען קויפער פון ביכער.

אין סוף 15־טן י.ה. איז אין קאַליש געגרינדעט געוואָרן די דרוקעריי פון יאַן ווילראַב, וועלכער איז שפּעטער אָפּגעקויפט געוואָרן דורך די יעזואיטן. זיי האָבן אַרויסגעגעבן דאָס ערשטע ביך, וואָס איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אין קאַליש אין יאָר 1603 (Katechizm Rzymski) פונעם אַסטראָנאָם קאַראָל מאַלאַפּאַרט, וואָס האָט באַזוכט קאַליש, און Variorum poematum fasciculus (1615).

אין יאָר 1621 האָט פּיאָטר זשעראָמסקי — דעם קעניגס סעקרעטאַר, וואָס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן קיין נידערלאַנד, כדי צו באַקומען דאָרט א הלוואה אויף פירן די מלחמה מיט די טערקן — געקויפט א באַוואוסט בילד פונעם מאָלער רובענס און אַוועקגעשיקט עס אין קאָשטשאָל פון הייליקן מיקאָלאַי אין קאַליש. דאָס בילד געפינט זיך דאָרט ביזן היינטיקן טאָג.

די שריפה 1792

שוין אין זומער 1792 האָבן אין וואַרשע זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז פּרייסן וועט זיך אַריינרייסן אין די וואָיעוואָדשאַפטן גניעזנאָ, פּויזן און קאַליש. דעם 14־טן סעפּטעמבער 1792 איז אין קאַליש אויסגעבראָכן א שריפה, וואָס האָט חרוב געמאַכט דעם גרעסטן טייל שטאָט. דעם 1־טן פעברואַר 1793 האָט דער פּרייסישער גענעראַל מעלענדאָרף מיטגעטיילט, אַז דאָס פּוילישע מיליטער האָט זיך צוריקגעצויגן פון קאַליש און די שטאָט איז אין זיינע הענט. דעם 7־טן מאַי 1793 איז פאָרגעקומען אין קאַליש א דאַנק־תפילה און א גרויסער טייל פון די שטאָט־לייט האָט פאַרבעטן די פּרייסישע אָפיצירן אויף טענץ און געמאַכט זיי אָוואַציעס. אין קאַליש איז באַשטימט געוואָרן דאָס זיצאָרט פון ראַיאָן (26 שטעט, 206 אָרטשאַפטן), וואָס איז געווען אונטערגעאָרדנט דעם קאַמער־דעפּאַרטאַמענט אין פּויזן. בראש פון ראַיאָן איז געשטאַנען לאַנדראַט פּעטער פאָן וואַרגאַנצקי. אויסער דעם לאַנדראַט האָבן געאַרבעט דער ראַטגעבער פאַר איינמאָנען שטייערן, שטייער־ראַט מעניע, און דער קרייז־קאַלקולאַטאָר ניקדאָרף. אין אָנהויב פון זיין טעטיקייט

האָט דער אפאראט אָרגאניזירט דאָס צאָלן שטייערן. אויך דער ענין פון אויפבויען די שטאָט איז געשטעלט געוואָרן אויפן טאָגאָרדענונג. אין אָקטאָבער 1793 האָט מען דערלאַנגט דעם קעניג א פראָיעקט פון א בודזשעט אויף די הוצאות, וואָס זיינען נויטיק ביים אָפבויען קאליש, אויף א סומע פון 803,578 טאלער. לויט דער איניציאַטיוו פון דער פרייסישער מאכט איז אין יאָר 1794 געעפנט געוואָרן אויפן שאָסיי פויזן־טאָרן און אויך פון סלופצא דורך קאליש קיין ברעסלאו א באוועגלעכע פאָסט און ס׳איז באשטימט געוואָרן א פאָסט־סטאַציע אין קאליש, וואָס האָט איבערגעפירט פאסאזשירן, בריוו און פעקלעך ביז 20 ק״ג.

לויטן פאָרשלאָג פון גענעראל מעלענדאָרף איז אין קאליש געשאפן געוואָרן אן אָפיצירשול (Kadetten Institut), מיט א יערלעכן בודזשעט פון 17,509 טאלער, כדי אזוי ארום צו געווינען די סימפאַטיע ביי דער יוגנט פון דער פוילישער אָרעמער שליאכטע. מיטן אנטשטיין פון מלוכהשע אנשטאלטן אין שטאָט האָבן זיך דאָרט באזעצט אן אָנגעזעענער צאָל פון דייטשע באאמטע, בעלי־מלאכות און פאבריקאנטן, וואָס זיינען געקומען פון פרייסן און געזען זייער עיקרדיקע אויפגאַבע אין געבן קאליש א דייטשן כאראקטער. אויפן געביט פון דערציאונג האָבן זיי אפילו געענדערט די סטרוקטור פון די שולן. אין יאָר 1798 האָבן זיי איינגעפירט אלס צוואנגס־לימוד די דייטשע שפראך, וועלכע איז מיט דער צייט געוואָרן די איינציקע אונטערריכט־שפראך. ערשט ווען די שטאָט האָט זיך צוריק אומגעקערט צום ווארשעווער פירשטנטום האָט די שטאָט ווידער באקומען איר פוילישן כאראקטער.

אויך בעת דער פרייסישער הערשאפט זיינען געווען טעטיק אין דער פוילישער באפעלקערונג נאציאָנאלע קרייזן מיט געהיימע פארבאנדן, וועלכע זיינען געשטאנען אין קאָנטאקט מיט דער פוילישער נאציאָנאלער באוועגונג אין גאליציע.

נאָכן אויסרופן דאָס ווארשעווער פירשטנטום האָבן די סוחרים, בעלי־מלאכות, ארענדאטאָרן און אדללייט אין קאליש זיך אָנגעהויבן צו באוואָפענען און צו באזייטיקן די פרייסישע באאמטע. געהאָלפן האָבן זיי אין דעם די פויערים פון דער סביבה. דאקעגן די רייכע שטאָט־לייט, און באזונדערס די פאבריקאנטן, האָבן פארנומען א גלייכגילטיקע אָפווארטנדיקע פאָזיציע, ווי זיי וואָלטן נאָך נישט געזען דעם סוף פון דער פרייסישער הערשאפט.

אין דער צייט פונעם פירשטנטום איז ארויסגעשוואומען אויפן טאָגאָרדענונג די פראגע פון אויפשטעלן א וועבעריי־פאבריק. צוליב דער גרויסער צאָל שעפסן אין דעפארטאמענט קאליש איז געווען קלאָר פאר די מאכט־אָרגאנען און פאר די גוטבאזיצער, אז וועבעריי איז דער איינציקער אויסוועג פארן געהעריקן אויסנוצן די שעפסן־וואָל, וואָס מען פלעגט פארקויפן ביליק אין אויסלאנד.

וואָל־און וועב־אינדוסטרי

נאָך אין דער צייט פון דער פרייסישער הערשאפט זיינען פארלייגט געוואָרן די ערשטע יסודות פאר דער וועבעריי און וואָל־אינדוסטרי. אין שטאָט האָבן וועבער — בעלי־מלאכות — זיך פאר־נומען מיט אויסארבעטן געוועבן. אין יאָר 1810 האָבן אין קאלישער דעפארטאמענט זיך געפונען 223 וועבער, 228 פלאקס־ארבעטער, 11 געוועב־פארבער, א באדייטנדיקער טייל פון זיי האָט זיך געפונען אין דער שטאָט קאליש. די מאכט האָט געעפנט אין קאליש א מלוכהשן סקלאַד פון וואָל און ביינוול און אין יאָר 1825 געשאפן א ספעציעלן פאָנד פון 300,000 גילדן אויף געבן קאָנטעס צו קויפן וואָל. אין יאָר 1823 זיינען אין גאַנצן דעפארטאמענט געווען באשעפטיקט אין וועבעריי 582 מייסטער, 272 וועבער, וואָס האָבן געארבעט אויף 643 וועבשטולן; פון זיי בלויז אין דער שטאָט קאליש אליין, 63 מייסטער, 121 געהילפן און 70 לערנייינגלעך. אין גאַנצן דעפאר־טאמענט האָט אין יאָר 1820 דערגרייכט די פראָדוקציע ביז 24,005 באלן. אין דער שטאָט קאליש 1828 — 73,410 באלן. אין דער שטאָט קאליש 14,000 באלן.

אין דער ערשטער צייט פון פוילישן קעניגרייך (1815—1820), צוזאמען מיט דער פאָליטישער סטאביליזאציע און ליבעראליזאציע פון דער מאכט, איז ארייגעקומען א גרויסע ווענדונג אין ווירטשאפטלעכן לעבן פון לאנד. עס האָט זיך אָנגעהויבן אן אינדוסטריאליזאציע־תקופה אויף א ריי געביטן. די אויסבעסערונגען אין דער לאנדווירטשאפט, דער איבערפלוס פון דער דאָרפישער באפעלקערונג, וואָס איז אוועק אין די שטעט און פאַרגעשטעלט מיט זיך דאָס ארבעטס־מיליטער פאר די פאבריקן אין א ריי שטעט, דאָס עפענען די קויף־מארק פון רוסלאנד, האָבן געשאפן די

נויטיקע באַדינגונגען פאַרן אויפשטעלן פאַבריקן. באַזונדערס שנעל האָט זיך אָנגעהויבן אַנטוויקלען די וואָל־אינדוסטריע. אין דעם הינזיכט האָט קאַליש געשפּילט אַן ערשטראַנגיקע ראָל אַ דאַנק דעם אויפבוי פון דער וועבעריי־פאַבריק פון רעפּהאַן אין יאָר 1817.

אין יאָר 1820 האָבן אין קאַליש זיך געפונען 190 געמויערטע הייזער, 336 הייזער און די צאָל תושבים איז דערגאַנגען ביז 9,352. די אַנטוויקלונג פון די שטעט און פון דער וואָיעוואָד־שאַפט קאַליש ווערט קלאָר פונעם בוי־פּאַרנעם אין די יאָרן 1826—1828. אין יאָר 1826 זיינען אין דער גאַנצער וואָיעוואָדשאַפט, בעיקר אין דער שטאָט קאַליש, געבויט געוואָרן 27 געמויערטע הייזער, אין יאָר 1827 — 69, אין יאָר 1828 — 47 געמויערטע הייזער. דער ווערט פון די נייע הייזער אין די אויבנדערמאָנטע 3 יאָר איז געשטיגן אויף 135,650 גילדן.

די ערשטע אינדוסטריע־אונטערנעמונגען האָבן געשאַפן די דייטשע אימיגראַנטן, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין שטאָט אין די יאָרן 1810—1820. צווישן זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט די ברידער רעפּהאַן. זיי האָבן אויסגענוצט דעם מצב פון די קליינע פאַבריקאַנטלעך, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין קאַפּיטאַל צו פירן די געשעפטן. די פאַבריק פון די ברידער בנימין און יאַן רעפּהאַן, אויפגעשטעלט אין יאָר 1816 איז געווען די גרעסטע און עפעקטיווסטע. זיי האָבן אינוועסטירט אין דער פאַבריק 5,000 טאַלער (30,000 גילדן) פון זייער אייגענעם קאַפּיטאַל און באַקומען אַ הלוואה פון 245,000 גילדן פון מלוכהשן בוי־פאָנד און נאָך צוגאָבלעכע סומעס פון דער פּוילישער באַנק. רעפּהאַן

אין יאָר 1820 האָט די פאַבריק באַשעפטיקט 16 מייסטערס און 200 אַרבעטער. די פּראָדוקציע איז אין יענעם יאָר דערגאַנגען ביז 1784 באַלן וואָלגעוועב, 455 איילן וואָל־ביינוול געוועב. אין יאָר 1823 האָבן אין זייער פאַבריק זיך געפונען נייע מאַשינען אויף קעמען וואָל, אַ שפּינערייִ מיט 23 שפּינעריי־מאַשינען, אַ וועבעריי פון 35 וועבשטולן, אַ פולע פאַרבעריי און פּרעסעריי. עס זיינען געווען דאָרט באַשעפטיקט 300 אַרבעטער און 24 מייסטערס. די יערלעכע פּראָדוקציע האָט שוין דערגרייכט ביז 3,900 באַלן געוועב. אין יאָר 1824 איז די צאָל וועבשטולן אויסגעוואַקסן אויף 46 און אין יאָר 1838 — אויף 48. די פּראָדוקציע איז געשטיגן ביז 5,000 באַלן.

אין דער פאַבריק זיינען געווען באַשעפטיקט 800 אַרבעטער. כדי אַנטקעגנצוקומען די באַש־טעלונגען איז רעפּהאַן געווען געצוואונגען צו באַשעפטיקן מחוץ פון דער פאַבריק נאָך 300 בעלי־מלאכות — וועבערס. די פּראָדוקציע איז געווען פון אַ הויכער קוואַליטעט און איר גרעסטער טייל איז געשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד און כינע. פון יאָר 1824 זיינען בנימין רעפּהאַן און זיין פרוי געווען די איינציקע בעלי־בתים פון דער פאַבריק. אין די יאָרן 1821, 1838, 1841, 1845 האָט רעפּהאַן באַקומען אויסצייכענונגען אויף אינדוסטריעלע אויסשטעלונגען.

אַ סך יאָרן האָט רעפּהאַנס פאַבריק פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין דער וועבעריי־בראַנזשע. די רעפּהאַנס זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן איינגעפירט אין זייער פאַבריק אַ פּאַרע־מאַשין פון 18 פערד־קראַפט און אויפגעבויט פּאַסיקע געביידעס פאַר דער אונטערנעמונג. ביז די זעכציקער יאָרן האָט די פאַבריק זיך אַנטוויקלט מיט אַ שנעלן טעמפּאָ. אין יאָר 1820 זיינען אין דער פאַבריק געווען 16 וועבערייען, אין 1822 — 35, אין יאָר 1824 — 46, און אין יאָר 1828 — 80. אין יאָר 1828 איז די פּראָדוקציע דערגאַנגען ביז 181,256 איילן, פון זיי 48,566 דינע געוועבן, 96,750 מיטעלע, 48,940 גראָבע אין די יאָרן 1829—1830 האָט רעפּהאַן עקס־פּאָרטירט קיין רוסלאַנד איבער 4000 באַלן געוועב. אין יאָר 1820 האָט ער באַשעפטיקט 200 אַרבעטער, 1827 — 1000, 1829 — 1102, 1830 — 862 אַרבעטער.

בנימין רעפּהאַן איז געשטאָרבן אין יאָר 1831 אין עלטער פון 62 יאָר. מיט דער פאַבריק האָט אָנגעפירט זיין זון יאַן פרידריך אויגוסט און זיין איידעם קאַראָל שולץ. אין יאָר 1837 האָבן זיינע יורשים אויסגעברייטערט די פאַבריק. אין יאָר 1872 איז געשטאָרבן פרידריך אויגוסט און די לייטונג פון דער פאַבריק איז איבערגעגאַנגען צו זיין זון עמיל קאַראָל. אין יאָר 1880 איז דער בנין פון דער פאַבריק אָפּגעברענט געוואָרן, און אין 1881 האָט מען אויפגעבויט אַ נייע געביידע מיט נייע מאַשינען. אָבער מיטן אַנשטיין פון אַ וועבעריי־אינדוסטריע אין לאָדז און אין טאָמאַשאָוו, האָט רעפּהאַנס פאַבריק נישט געקענט אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון די מאָדערנע פאַבריקן און זי איז אָפּגעשטעלט געוואָרן אין 1910. אין 1911 איז די פאַבריק פאַרקויפט געוואָרן צום לאָדזשער פאַבריקאַנט אייזנער פאַר 220,000 רובל. עמיל רעפּהאַן איז אַוועק קיין בערלין.

אויסער דער דאָזיקער פאַבריק איז אין יאָר 1827, מיט דער דערלויבעניש פון דער מאַכט, אויפגעשטעלט געוואָרן די פאַבריק פון ווילהעלם מייער מיט א וועבעריי פון 17 וועבשטולן, א פאַרבעריי און וועשעריי, וואָס איז געטריבן געוואָרן מיט וואַסער־קראַפט. אין דער דאָזיקער פאַבריק זיינען געווען באַשעפטיקט 120 אַרבעטער. מייער איז אין יאָר 1819 געקומען פון שלעזיע און געבראַכט ענגלישע מאַשינען. זיין פּראָדוקציע האָט דערגרייכט 36,000 איילן דינעם און פּראָסטן געוועב. זיין רעקאָרד־אַנטוויקלונג פאַלט אויס אויף די יאָרן 1835—1837 מיטן איינפירן די פאַרע־מאַשין. אין יאָר 1838 איז ביי אים אויסגעבראָכן א שריפה און נאָך דעם אָפּבויען די פאַבריק, איז זי שוין צו זיך נישט געקומען. ביסלעכוויז איז זי געוואָרן ליקווידירט.

די דריטע פאַבריק אין קאַליש איז געווען די פאַבריק פון פאָהל און שותפים, וואָס איז אַנטשטאַנען אין יאָר 1820. אין יאָר 1829 זיינען דאָרט געווען טעטיק 40 וועבשטולן און די יערלעכע פּראָדוקציע האָט באַטראָפן 2,400 באַלן. אויסער די 200 באַשעפטיקטע אַרבעטער אין דער פאַבריק, האָט מען נאָך אויפגעקויפט געוועבן פון די וועבער און זיי אַרויסגעגעבן אין דער פאַבריק. יאָר־יערלעך זיינען טויזנטער באַלן עקספּאָרטירט געוואָרן קיין רוסלאַנד און קיין כינע.

פון דעם יאָר 1821 איז געווען טעטיק די פאַבריק פון ווינצענטי פּושעטשאַצקי, א גוטבאַזיצער אין וויעלונער ראַיאָן. ער האָט געבראַכט מאַשינען אויף קעמען די וואָל און אויך א פּרעס און א שערער־מאַשין. פון אָנהייב זיינען די באַציאונגען צווישן אים און רעפּהאָן געווען זייער שלעכטע. עס זיינען צווישן זיי אויסגעבראָכן קריגערייען און עס זיינען פאָרגעקומען פּראָצעסן. אָבער די פאַבריק האָט זיך נישט אַנטוויקלט, און די בעלי־בתים זיינען געווען געצוואונגען זי צו ליקווידירן אין יאָר 1837.

אין מאַי 1827 האָט ווילהעלם מאַי באַקומען אַן הלוואה פונעם בוי־פאָנד אויף א סומע פון 35,000 גילדן און פונעם אייזערנעם פאָנד 3,000 גילדן — און אויפגעשטעלט א וואַרשטאַט אויף פאַרבן און אַפּרעטור. אין זיין פאַבריק האָבן אין יאָר 1827 געאַרבעט 50 פּערזאָן און זייער צאָל איז אין יאָר 1830 אויסגעוואַקסן ביז 117. אין יאָר 1831 איז אין זייער פאַבריק אויסגעבראָכן א שריפה, וואָס האָט חרוב געמאַכט א גרויסן טייל פון איר. אין יאָר 1834 האָט מאַי זיך פאַרנומען בלויז מיט פּראָדוצירן איידעלע געוועבן, וועלכע ער האָט עקספּאָרטירט קיין רוסלאַנד. די שריפה אין יאַנואַר 1838 האָט ליקווידירט זיין פאַבריק.

אין יאָר 1826 האָבן יאַן העַנריק קלאַאַס (פאַרבער) און קאַראַל פישער (שערער) צוזאַמען מיט פרידריך בנימין פאָהל פון ברעסלאַו אויפגעבויט א פאַבריק מיט שפּינעריי און אַפּרעטור־מאַשינען, וועלכע האָבן באַשעפטיקט 150 פּערזאָן. אין יאָר 1828 איז די פּראָדוקציע דערגאַנגען ביז 59,350 איילן געוועב. טראָץ דעם דערפאָלג אין דער פּראָדוקציע זיינען זיי אין יאָר 1834 געטראָפן געוואָרן פון א קריזיס צוליב די חובות, וואָס האָבן דערגרייכט 354,000 גילדן. פאָהל האָט פאַרשלאָסן די פאַבריק און פאַרקויפט די געביידעס.

אויסער די פאַבריקן זיינען געווען טעטיק וועבער, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר רעפּהאָנען און אַנדערע פאַבריקאַנטן. אין יאָר 1828 איז זייער צאָל דערגאַנגען ביז 120. זיי האָבן אויסגעאַרבעט גראָבן געוואַנט און פלאַנעל.

מיטן איינפירן דעם נייעם צאָל־הסכם צווישן פּוילן און רוסלאַנד אין יאָר 1832, וואָס האָט געהויבן דעם צאָל אויף געוועב (40 קאָפּיקעס פאַר א ליטער), איז אויסגעבראָכן א קריזיס אין דער וועבעריי־אינדוסטרי. די קליינע פאַבריקלעך האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן און זיינען אוועק קיין רוסלאַנד. אין קאַליש זיינען געבליבן בלויז די גרויסע פאַבריקן.

**לייוונט און וואָל**

אחוץ דער וועב־פאַבריקאַציע האָט אין קאַליש זיך אויך אַנטוויקלט די פאַבריקאַציע פון לייוונט און וואָל. אין יאָר 1817 איז קיין קאַליש געקומען יאַן ראַדריש פון זאַקסן און געגרינדעט א קליינע לייוונט־פאַבריק. אין יאָר 1824 האָט פראַנצישעק קראַוזע, א געקומענער פון ליבערעץ, בעהמען, אויפגעשטעלט א פאַבריק פון 20 וועב־שטולן, וועלכע האָט באַשעפטיקט 35 אַרבעטער. די פאַבריק האָט אויסגעאַרבעט גאַזע, מושלין, לייוונט, טישטעכער און נאָזטיכלעך. אין יאָר 1826 האָט קראַוזע איבערגעפירט די פאַבריק קיין ראַדזימין.

אין יאָר 1826 האָט וויקטאָר געטינגער געשאַפן א נייע פאַבריק מיט א וועבעריי פון 30 וועב־שטולן, א שפּינעריי פון 3,600 שפּינדלען און באַשעפטיקט דאָרט 80 אַרבעטער. קליינע פאַבריקלעך

זיינען אין די יאָרן 1827—1828 געשאפן געוואָרן פון הענריק באהלע, יעקב מייער, אָבער זיי האָבן נישט מאריך ימים געווען. אויך בעלי־מלאכות האָבן זיך פארנומען מיט אויסארבעטן וועב און לייוונט. בלויז אין יאָר 1824 זיינען געווען 20 וועבעריי־ווארשטאטן מיט 50 וועב־שטולן, וואָס האָבן פראָדוצירט 81,000 איילן. אין יאָר 1835 זיינען אין קאליש געווען טעטיק 135 ווארשטאטן אויף צו בעארבעטן לייוונט און ליין.

צוזאמען מיט דער אנטוויקלונג פון די פאבריקן און זייער פארפעסטיקן זיך זיינען די וועבער אוועק אין אנדערע שטעט, באזונדערס קיין פאביאניץ, זדונסקא־וואָלא און טשענסטאכאָוו. אין יאָר 1824 האָט דער קאלישער סוחר פיליפ שנור איינגעאָרדנט א סקלאד פון שפינונגען און ביינוול־פעדעם און געבראכט ווייסע און פארביקע שפינונגען פון ענגלאנד. אין יאָר 1825 האָט יוסף שמואל רעדליך געעפנט א צווייטן סקלאד (וועגן רעדליכן וועט זיין א רייד אין קאפיטל וועגן אנטייל פון די קאלישער אידן אין ווירטשאפטלעכן לעבן פון דער שטאָט), די סקלאדעס אין קאליש האָבן באזאָרגט מיט רוישטאָפן די וועבער אין קאליש, פאביאניץ, טורעק און קאָלאָ.

נאָך א קורצער תקופה פון סטאגנאציע האָט ווידער אויפגעלעבט די וועב און לייוונט־אינדוסטרי אין די יאָרן 1880—1890, אָבער אין די יאָרן פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה איז געהאמוועט געוואָרן איר אנטוויקלונג. אין סוף 19־טן י.ה. זיינען אנטשטאנען פאבריקן פאר זאָקן, פלוש, סאמעט, שפיצן, פאָרהאנגען און מושלין. אין דער דאָזיקער פאבריקאציע איז געווען בולט דער אנטייל פון די אידן. אין קאליש האָבן זיך אנטוויקלט אויך אנדערע מינים פאבריקאציעס. אין יאָר 1827 האָט דער דייטש דאוויד קשישטאָף באקומען א הלוואה פון קאלישער בוי־פאָנד (23,000 גילדן) און אויפגעשטעלט א פאבריק פון בלייכן, בלויען און פארבן, וואָס האָט עקזיסטירט נאָך אין די פופציקער יאָרן. גאָטליב קרוג, איינער פון די ערשטע מעכאניקער אין קאליש, האָט אין יאָר 1824 אויפגעשטעלט א פאבריק פון קאם־מכשירים, וואו ס'האָבן געארבעט 50 פערזאָן. פאבריקן פון דעם טיפ האָבן אויך אויפגעשטעלט שלעזינגער און נתן קאָהר. אין יענער צייט זיינען אויך אנטשטאנען פאבריקן פון נאָדלען, פון גארבן פעל מיט אלון.

אין אָנהויב 19־טן י.ה. זיינען געווען באוואוסט די אלון־גארבער פרידריך גערנע און טאָמאש וועלערט. אין דער בראנזשע האָבן מיט זייער קוואליטעט זיך אויסגעצייכנט אין די צוואנציקער יאָרן קארל פריטשע און גערס, באזונדערס ביים גארבן רעניפערן־פעל אויף הענטשקעס. אין יאָר 1827 האָט פריטשע אויסגעארבעט 8,000 רעניפערן־פעל.

קאליש איז באקאנט אין דער פיאנע־אינדוסטרי. גזשעגאזש לינדמאן האָט אין יאָר 1827 אויסגעארבעט 20 פיאנעס, און אין יאָר 1828 — 30. אין די פופציקער־זעכציקער יאָרן האָט לינדמאן פארלייגט א פיאנע פאבריק. אויך א רעגנשירם־פאבריקאציע איז געווען אין קאליש. דימיניק סאנפערוו האָט אויסגעארבעט און פארקויפט 1,000 שירעמס, אָבער זיין ווארשטאט איז פארמאכט געוואָרן נאָך זיין טויט.

דער פאקט וואָס קאליש איז געווען א פראָדוקציע און האנדלס־צענטער האָט אין יאָר 1829 דערפירט צום שאפן פון אן אמט פאר האנדל און מלאכה. אין דער ערשטער לייטונג פון דעם אמט זיינען באשטעטיקט געוואָרן סטאניסלאוו קאָס, עדווארד פידלער, בנימין רעפהאן, די גוט־באזיצער ק. טרעמבעצקי פון באדטשא און ס. זלאָטניצקי פון זדונסקא־וואָלא. אין יאָר 1831 איז דער אמט ליקווידירט געוואָרן און אויף זיין אָרט איז געשאפן געוואָרן א ראט פון פראָדוציר ענינים ביים מלוכה־קאָמיטעט פאר אינערלעכע פראגן.

אין די פוילישע סיימען אין די יאָרן 1818—1831 האָבן די פאָרשטייער פון קאליש אויסגעפירט וויכטיקע אויפגאבעס, באזונדערס אין דער אָפּאָזיציע, אלס גרופע מיט ליבעראלע אנשויאונגען, מיט די דעפוטאטן די ברידער ניעמאָיעווסקי בראש. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער קריטיק פון דער קאָנסטיטוציע פון יאָר 1815 און געפאָדערט אויסברייטערן די קאָנסטיטוציע אויך אויף רייסין און ליטע. די רוסישע מאכט־אָרגאנען אין ווארשע האָבן זיי אונטערדריקט און זיי זיינען נישט אויסגעווילט געוואָרן צום סיים אין יאָר 1825. די ברידער ניעמאָיעווסקי האָבן געשפילט א וויכטיקע ראָל אין אויפשטאנד פון יאָר 1830 און זיך אויסגעצייכנט אין דער סיים־סעסיע פון יענעם יאָר.

אין די אויפשטאנד־טעג

בעתן אויפשטאנד האָבן די וועב־פאַבריקן רעדוצירט זייער ארבעט. די קאַלישער איינוואוינער האָבן גענומען אן אקטיוון אנטייל אין אויפשטאנד פון 1830. די דייטשן ווי רעפהאַן האָבן זיך באַצויגן נעגאַטיוו צום אויפשטאנד. די דייטשע האנטווערקער און פאַבריקאַנטן, מיט רעפהאַן און דעם מאַטעמאַטיקער מענצעל בראש, האָבן אפילו אָרגאַניזירט א טעטיקייט קעגן דעם אויפ־שטאנד, באַזונדערס אין דער צווייטער העלפט פון 1831, ווען די רוסן האָבן זיך דערנענטערט קיין קאַליש. לויט דער דערקלערונג פון אינערן־און פּאָליציי־מיניסטער אויף דער סיים זיצונג „האָבן רעפהאַן און מענצעל געהאַט די העזה צו שטעלן זיך בראש פון א מרידה און דראָען קאַליש מיט קראַפט". די מרידה איז אַדורכגעפאַלן, רעפהאַן איז באַזיגט געוואָרן דורך די פּאָליאַקן און א געבונדענעם אין קייטן האָט מען אים פאַרשפאַרט אין שעראַדזער טורמע, וואו ער איז געשטאָרבן דעם 4.8.1831. מענצעלן האָט מען אויפגעהאַנגען.

די דייטשן אין קאַליש האָבן זיך פיינטלעך באַצויגן צו דער אויפשטענדלערישער באַוועגונג און זיי האָבן געשטיצט די רוסן. אזוי ארום איז טיפער געוואָרן דער תהום צווישן דער פּוילישער און דייטשער באַפעלקערונג. די קאַלישער איינוואוינער האָבן אויך געשטיצט דעם אויפשטאנד פון 1863.

דעם 15.4.1863 האָבן אויפשטענדער־אָפּטיילונגען אָנגעגריפן מיט דערפאָלג די קאָזאַקן־אָפּטיי־לונגען. פון 14.1.1863 ביז 1.7.1864 זיינען די אויפשטענדלער געווען טעטיק אין דער קאַלישער געגנט.

די פּוילישע שטאָט־לייט, וואָס האָבן געשטיצט דעם אויפשטאנד אין 1830/31 זיינען נאָך דער מפּלה אָפּגעשוואַכט געוואָרן פּאָליטיש, אָבער זיי זיינען געקומען צו זיך ווירטשאַפטלעך, און געטראַכט, אז אין האנדל דאַרפן זיי פאַרנעמען דאָס אָרט פון די אידן, און אין דער פּראָדוקציע — דעם פּלאַץ פון די דייטשן, וועלכע האָבן בעת דעם אויפשטאנד אַרויסגעוויזן זייער שנאה צו פּוילן. אין קאַליש פּונקט ווי אין וואַרשע און אין אנדערע גרויסע שטעט, האָט אָנגעהויבן שטאַרקער ווערן די ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט פון די פּאָליאַקן. זיי האָבן מיט ענערגיע זיך באַטייליקט אין דער אינדוסטריאַליזאַציע און זיי זיינען דעריין געוואָרן געשטיצט דורכן באַנק פּאָלסקי.

אויפן קולטור־געביט האָט די שטאָט געליטן פון רוסישן דרוק. צוליב דער סימפּאַטיע פון די פּאָליאַקן צו די נאַציאָנאַלע דעמאָנסטראַציעס אין יאָר 1861 איז דער קלוב „רעסורסא קאַליסקא" געוואָרן פאַרמאַכט. נאָכן אויפשטאנד פון 1863 זיינען די פּאָליאַקן אַרויס אין קאַמף קעגן דעם דייטשן כאַראַקטער פון דער שטאָט און אָנגעהויבן אן אַגיטאַציע פאַר דער עקאָנאָ־מישער באַפרייאונג פון דער דייטשער השפעה. אין יאָר 1875 האָט דער חודש־זשורנאַל „ניוואַ" אין וואַרשע אַרויסגעשיקט קיין קאַליש איר ספּעציעלן קאָרעספּאָנדענט יאַן וועלענסקי (אן אנטי־סעמיט), אויף אויסצופאָרשן דאָרט דעם מצב. אין א ספּעציעל בוך "Kalisz i jego okolica" (וואַרשע 1875) קומט דער קאָרעספּאָנדענט צום אויספיר, אז דער איינציקער אויסוועג איז דאָס אָפּגעבן זיך פון דער פּוילישער באַפעלקערונג דער אינדוסטריע, כדי צו באַפרייען זי פון די דייטשע פאַבריקאַנטן, און דעם מסחר — כדי צו באַפרייען אים פון אידן. לויט זיין אויספאָר־שונג האָבן אין שטאָט זיך געפונען אין יאָר 1875 — 14,908 איינוואוינער, פון זיי זיינען 6,903 געווען פּאָליאַקן און קאַטאָליקן, לוטעראַנער — 1,255, קאַלוויניסטן — 4, פּראַוואָסלאַווע — 40 און אידן — 6,706.

אין שטאָט זיינען געווען 365 מלוכה־באַאמטע, 40 פּריוואַטע באַאמטע, 73 אַדוואָקאַטן, 13 דאָקטוירים. צווישן די דערציאונגס־אינסטיטוציעס האָבן זיך געפונען 18 שולן, 2 יינגל־גימנאַ־זיעס, דעריין א לערער־סעמינאַר. די גאַנצע דערציאונגס־נעץ האָט זיך געפונען אונטער דעם רוסיפיקאַציע־איינפלוס.

אויפן ווירטשאַפט־געביט זיינען געווען טעטיק 227 וואַרשטאַטן א חוץ די 18 גרויסע וועב־פאַבריקן, וועלכע האָבן באַשעפטיקט 527 ארבעטער.

אין 19־טן יאָרהונדערט האָט קאַליש זיך אויסגעצייכנט אויך אויפן קולטור־געביט. דאָס קאַלישער טעאַטער איז געשאַפן געוואָרן נאָך אין סוף 18־טן י.ה. דורכן באַוואוסטן אַקטיאָר וואָיטשעך באָגוסלאַווסקי און ער איז געווען דירעקטאָר פון דעם טעאַטער ביזן יאָר 1815. אין

קאליש איז געבוירן געוואָרן דער באוואוסטער לירישער פּאָעט אדאם אסניק, וואָס האָט געווידמעט קאליש זיין ליד "Rodzinnemu miastu". אין קאליש האָבן איבער 20 יאָר געוואוינט די שרייבערינס מאריא קאָנאָפּניצקא און לודוויקא דאָבזשינסקא (ריביצקא).

א שנעלע אנטוויקלונג פון קאליש האָט זיך אָנגעהויבן אָנהויב צוואנציקסטן י.ה. ווען ס׳איז געוואָרן געעפנט די באן־ליניע. אין 1905, נאָך דער רעוואָלוציע, זיינען געשאפן געוואָרן פּוילישע שולן און געזעלשאפטלעכע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געשטארקט דעם פּוילישן כאראקטער פון דער שטאָט, ווי למשל, דער דאָקטוירים־פארבאנד, געזעלשאפט פון פּאָפּולערע קורסן א.ג. פון אדאם אסניק, די עפנטלעכע ביבליאָטעק א.נ. מיצקיעוויטש, די ארכעאָלאָגישע געזעלשאפט.

אין יאָר 1852 איז אויסגעבראָכן א שריפה, וואָס האָט פארניכטעט א סך הייזער. אין אָנהויב פון צוואנציקסטן י.ה. האָבן אין קאליש עקזיסטירט אחוץ דעם „סוחרים־פאראיין", 33 בעלי־מלאכה־צעכן. אין יאָר 1857 זיינען געווען 12,107 איינוואוינער. אין יאָר 1882 — 15,137 נפשות, פון זיי 7,330 קאטאָליקן, 75 פּראוואָסלאוונע, 1,950 עוואנגעלישע, 5,782 אידן. אין יאָר 1889 — 20,000 נפשות, פון זיי 8,374 קאטאָליקן, 1,443 פּראָטעסטאנטן, 298 פּראוואָסלאוונע, 1,887 יידן. אין יאָר 1897 האָבן זיך געפונען — 23,674 און אין 1921 — 44,612 איינוואוינער.





## דער קאלישער סטאטוט, אנהויב פון אידישן ישוב

ווען זיינען אידן געקומען זיך באזעצן אין קאליש? דער ענטפער איז פארבונדן מיט דער גאנצער פראגע פון דער אידישער איינוואנדערונג קיין מערב־פוילן. נישט געקוקט אויף די צאָלרייכע פאָרשונגען איז נאָך נישט געלייזט געוואָרן די דאָזיקע פראגע. די פאָרשער האָבן נאָך נישט באוויזן אראָפּצונעמען די פאטין פון די לעגענדעס און מעשות, וואָס האָבן זיך אָנגעזאמלט ביים פאָלק אין משך פון הונדערטער יאָרן, אנהייבנדיק פון דער לעגענדע וועגן אָנקום פון א מאסע אידישע פליטים צו דער פוילישער גרענעץ מיטן אויסגעשריי „פה־לין" (דאָ וועלן מיר נעכטיקן בלייבן) און זיי זיינען געבליבן אין פוילן — ביזן שיקן די אידישע דעלעגאציע צום פוילישן קעניג לעשעק.

די פראגע ווען און פון וואנען זיינען די ערשטע אידן געקומען אין מערב־פוילין איז נאָך נישט קלאָר צוליבן מאנגל אין זיכערע דאָקומענטארע מקורות. אָבער, אזעלכע פאָרשער ווי אלעקסאנדער קראוסהאר, הערמאן שטערנבערג, מאקסימיליאן גימפלאָוויטש און אויך יצחק שיפער האָבן אָנגענומען די מיינונג פון טאדאוש טשאצקי, אז די אידן זיינען געקומען קיין פוילן פון טשעכיע אין מערב און פון רוס (קיעוו) אין מזרח. די ווירטשאפטלעך־קולטורעלע ענדערונגען אין צענטראל־און אין מערב־אייראָפּע האָבן ארויסגעשטויסן די אידן צוליב דער אנטוויקלונג פונעם האנדל צווישן דער קריסטלעכער באפעלקערונג, זיי געצוואונגען צו זוכן נייע פרנסות און עס האָט זיך אָנגעהויבן די וואנדערונג אויף מזרח. זיי זיינען געקומען קיין שלעזיע, קויאווע און גרויספוילן. שוין אין יאָר 1150 געפינען זיך אידן אין שלעזיע און זיי זיינען די אייגנטימער פונעם דאָרף קליין־סיניעץ, אין יאָר 1205 אויך אין גרויספוילן אין זשידאָווא נעבן גניעזנאָ, און אין יאָר 1213 אין זשידאָווא ביי קאליש, וואָס איז געווען דאָס גוט פון פירשט פון קאליש וולאדיסלאוו דער זון פון אדאניטש.

ווען די רדיפות קעגן אידן אין דייטשלאנד זיינען שטארקער געוואָרן אין שייכות מיט די קרייצצוגן, איז פארגרעסערט געוואָרן דער עמיגראציע־שטראָם קיין פוילן. מיט דער וואנדערונג זיינען געקומען אויך אידן — פאראיינצלטע משפחות — קיין קאליש פון טשעכיע און פון דייטשלאנד דורך שלעזיע. לויט דעם היסטאָריקער פון דער שטאָט קאליש טאדינסקי — וואָס איז נישט באוויזן געוואָרן דאָקומענטאר — האָבן אידן זיך געפונען אין קאליש שוין אין יאָר 1139.



מטבעות, געפּאָרעמטע דורך אידן

די „בראקטעטן" (איינזייטיקע מטבעות) מיטן אָפּדרוק „יוסף קאליש" — פון דער צייט ווען ס'האָט געהערשט מיעשקא דער אלטער (1173—1202) זאָגן עדות, אז אין קאליש האָבן זיך געפונען אידן אלס אויפזעער פונעם פירשטס מטבעות אָדער אלס מטבע־שלאָגער. ס'איז אָבער שווער צו זאָגן, צי זיי זיינען געזעסן אין שטאָט ווי אן אָרגאַניזירטע קהילה־קערפּערשאפט.

דער פאקט, וואָס אין שלאָגן מטבעות (מינצעריי) אין יענער צייט זיינען געווען באשעפטיקט אידן, באווייזט, אז זיי האָבן געשטאמט פון דייטשלאנד. צווישן די אידן, וואָס זיינען געקומען פון דייטשלאנד האָבן זיכער זיך געפונען ספּעציאליסטן אויף שלאָגן מטבעות און עס איז נישט קיין חידוש, וואָס אויך אין פוילן האָבן זיי זיך פארנומען מיט דער מלאכה. זיי האָבן באדינט 6 פירשטן פון פוילן: מיעשקאָ דער דריטער, דער אלטער, זיינע צוויי זין מיעשקאָ דער יונגער פון קאליש און באָלעסלאוו פון קויאוויע, קאזימיר דער גערעכטער, פּזשעמיסלאוו דער ערשטער, פּזשעמיסלאוו דער צווייטער.

די אידן האָבן פארמאָגט דריי מינצערייען: גניעזנאָ, אינאָווראָצלאוו און קאליש (אין משך פון 7 יאָר).

אין די צייטן פון מיעשקאָ, וואָס איז געווען פירשט פון גרויספּוילן און פון יאָר 1173 אויך סעניאָר און פירשט פון קראקע, האָט ער אָנגעהויבן דורכפירן מאָנעטארע פּלענער, וועלכע זיינען פאַרענדיקט געוואָרן לויט דער עצה פון די אידישע איינוואנדערער. זיי האָבן פאַרגעלייגט מבטל צו מאכן אלע פריערדיקע מטבעות און צו פארבייטן זי מיט נייע — דינע און צעברעכלעכע, און דערפאר לאָזן זיי זיך כסדר פארבייטן.

נאָכדעם ווי מ'האָט מיעשקאָן ארויסגעטריבן פון קראקע און אין יאָר 1187 האָט זיך אים איינגעגעבן, מיט דער הילף פון די גניעזנער אידן צו פארנעמען די דאָזיקע שטאָט, די הויפּט־שטאָט פון גרויס־פוילן, האָט ער זיי אָפּגעגעבן אין ארענדע די מינצעריי אויף זיין גאנצן לעבן און געגעבן זיי דאָס רעכט צו בייטן די מטבעות צוויי מאָל אין יאָר. אין דער דאָזיקער מינצעריי האָט מען אויך געשלאָגן די מטבעות פון אנדערע ראיאָנען, וואָס זיינען איינגעשלאָסן געוואָרן אין מיעשקאָס הערשאפט־געביט, ווי מאזאָווּשע און דאָס קאלישער פירשטנטום. די אידישע מינצער האָבן געשלאָגן מלוכהשע מטבעות נאָר מיט א העברעאישער אויפשריפט.

אויך זיין זון באָלעסלאוו, דער פירשט פון מאזאָווּשע, האָט אין אָנהויב פון זיין אמטירן באשעפטיקט אידישע מינצער, וואָס האָבן אויסגעשלאָגן דריי מטבעות מיט העברעאישע אויפ־שריפטן.

זיין דריטער זון, מיעשקאָ דער יונגער, וואָס איז געזעסן אין קאליש, האָט באשעפטיקט אידישע מינצער אין אלע זיבן יאָר פון זיין אמטירן. זיי האָבן אויסגעשלאָגן זיבן טיפּן פון בראקטעטן — יעדעס יאָר איין קאָמפּלעט.



ווען דער קאלישער קרייז האָט זיך אומגעקערט צו באָלעסלאַוון דעם פרומען, האָט ער איבער־געפירט די אלטע שטאָט אין א ניי אָרט. כדי צו באפעלקערן דעם נייעם שטח און פארוואנדלען אים אין א האנדלס־צענטער, האָט באָלעסלאַוו איינגעלאַדן א סך איינוואוינער צו באזעצן זיך אין שטאָט. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אז צוזאמען מיט די דייטשע איינוואוינער האָט מען איינ־געלאַדן אויך אידן צו קומען קיין מערב־פוילן. אזוי איז אנטשטאנען דער אָרגאניזירטער אידישער ישוב. דעם 10.9.1264 האָט דער פירשט אייגנוויליק געגעבן די אידן די עקזיסטענץ־שריפט, וואָס ווערט אָנגערופן „קאלישער פריווילעגיע". אין דעם דאָקומענט געפינען זיך 37 פאראגראפן. 13 פון זיי פארנעמען זיך מיט ענינים פון אידישן קרעדיט און 2 זיינען שייך דעם אידישן האנדל. דאָס, וואָס מה'אָט א סך גערעדט וועגן אידן אלס מלוהס (קרעטאָרן), באווייזט נישט, אז זיי האָבן זיך פארנומען בלויז מיט באָרגן געלט, זיי האָבן זיך פארנומען מיט מסחר, און דער ענין פון קרעדיט איז געווען בלויז א זייטיקע פרנסה.

די קאלישער פריווילעגיע

לויטן סטאטוט געפינט זיך דאָס לעבן און פארמעגן פון די אידן אונטערן שוץ פון פירשט. דער איד איז פאקטיש געווען א servus camerae (א קנעכט פונעם אוצר), דאָס הייסט, דאָס אייגנטום פונעם פירשט, און דערפאַר דאַרף ער געבן דעם פירשט א באשטימטן אָפּצאָל און דער פירשט איז מחויב צו באשיצן דעם איד. דער איד אונטערליגט דעם משפט פון פירשט, פון וואָיעוואָדע, אָדער פון נאָמינירטן ריכטער, וועלכן מען רופט „ריכטער פון די אידן". דער איד אונטערליגט נישט דער יורידיקציע פון דער שטאָט, אין וועלכער ער וואוינט. אין קרי־מינעלע פראָצעסן משפטט דער פירשט גופא.

משפטים צווישן די אידן גופא געפינען זיך אין פולמאכט פון די אידישע בית־דין'ס (אידישע עלטסטע). דער וואָיעוואָדע אָדער דער ריכטער מעג זיך אריינמישן נאָר אויף דער ביטע פון איינעם פון די צדדים. דער אידישער משפט קומט פאָר אין שול. בלויז דער פירשט אָדער דער וואָיעוואָדע מעגן ארויסטראָגן אן אנדער אורטייל. מען טאָר אידן נישט משפטן אין זייערע יום־טוב־טעג. א איד, וואָס ווערט אויפגעפאָדערט צו דערשיינען פארן געריכט, דאַרף עס באלד אויספירן. אויב ער קומט נישט צום ערשטן און צום צווייטן מאָל, דאַרף ער באצאָלן נאָרמאלן קנס דערפאַר, ווייל ער האָט צוויי מאָל נישט געפאָלגט. אויב ער וועט נישט קומען נאָך דער דריטער אויפפאָדערונג, דאַרף ער באצאָלן דעם ריכטער די שטראָף, וואָס עס קומט.

קיין שום איד שווערט נישט ביי קיין ספר־תורה, נאָר אין גרויסע משפטים וואָס שטייגן איבער 50 מארק, אָדער ווען ער ווערט צו אונדז איינגעלאַדן. ביי קליינע משפטים דאַרף ער שווערן ביי דער שול, נעבן די טירן פון דער שול (§ 19).

אויב א קריסט רופט א איד צום געריכט סיי אין א קרימינעלן ענין, סיי אין א געלט־ענין, דאַרף ער חוץ דעם קריסטלעכן עדות ברענגען אויך א אידישן עדות (§ 1).

אויב מ'וועט פארווינדן א איד

אויב עמעצער וועט פארוואונדן א איד, וואָס געהערט צום פירשט, וועט ער באצאָלן שטראָף אין קאסע פון פירשט, און אנטשעדיקונג פארן ווייטאָג — דעם איד. ווער עס הרגעט א איד ווערט פאראורטיילט צום טויט און זיין פארמעגן ווערט קאָנפיסקירט דורכן אוצר פון פירשט. ענלעכע שטראָפן באקומט מען פאר פארוואונדן א אידישע פרוי, צעשטערן א אידישן בית־עלמין און צונעמען מיט כוח א משכון פון א איד. ווער עס וואַרפט שטיינער אין א אידישער שול, דאַרף באצאָלן שטראָף דעם וואָיעוואָדע. אויב עמיצער פארכאפּט מיט כוח א אידיש קינד, ווערט ער פארמשפּטעט ווי א גנב.

„אין הסכם מיט דער בולא (Sicut Judaeis) פונעם פויפּסט אינוצענטיוס דער פערטער, איז מיט דער גאנצער שאַרפקייט פארווערט אויף להבא צו באשולדיקן וועלכן עס איז אידן אין אונדזע לאַנד אין כלומרשטן באנוצן מענטשלעכן בלוט, דערפאַר ווייל אלע אידן מיידן אויס לויט זייער געזעץ צו עסן וואָסער עס איז בלוט. און אויב א איד וועט ווערן באשולדיקט אין דער־הרגענען א קריסטלעך קינד, דאַרף דאָס ווערן באוויזן דורך דריי קריסטן און די זעלבע צאָל אידן. און נאָכדעם ווי די זאַך וועט ווערן באוויזן, וועט דער איד באשטראָפט ווערן נאָר מיט דער שטראָף, וואָס איז אָנגענומען ביי אזא פארברעכן. אָבער אויב דער איד וועט זיך ריינוואשן דורך די אויבנדערמאָנטע עדות און דורך דעם, וואָס ער איז אומשולדיק, וועט דער קריסט, מיט רעכט, באקומען די שטראָף, וואָס דער איד האָט געזאָלט באקומען" (§ 32).

„א קריסט וואָס ווערט פאַרדעכטיקט, אז ער האָט דערמאָרדעט א איד, דאַרף באַווייזן זיין אומשולד אין א דועל. דאָס געריכט וועט פאַר אים באַשטימען דעם מענטש, וואָס וועט זיך שלאָגן מיט אים (§ 20)".

„אויב אידן פירן איבער, לויט זייער מנהג, מתים פון איין שטאָט אין דער צווייטער, אָדער פון איין לאַנד אין דער אנדערער, דאַרפן די צאָל־באַאמטע נישט נעמען ביי זיי קיין שום אָפּצאָל. אויב זיי וועלן דאָס יאָ טאָן, וועלן זיי ווערן באַשטראָפט ווי גזלנים (§ 13)".

„אויב א איד וועט צוליב א גרויסן אָנפאַל זיין געצוואונגען צו מאַכן ביי נאַכט א גוואַלד, און די קריסטלעכע שכנים וועלן נישט קומען צו הילף און ראַטעווען דעם וואָס שרייט, וועט יעדער קריסטלעכער שכן באַצאָלן 30 סאָלידן שטראָף דעם ריכטער אָדער דעם סטאַראָסטע (§ 13)".

אין 13 פּאַראַגראַפן (34, 33, 30, 29, 28, 26, 7—1) זיינען געגוי באַהאַנדלט די ענינים פון אידישן פּראָצענט. אויב א קריסט טענהט, אז דער משכון זיינער ביי א איד איז קלענער פון דער סומע, וואָס דער איד מאָנט, דאַרף דער איד באַווייזן מיט א שבועה אז דער אמת איז ווי ער זאָגט (פּאַראַג. 3). אויף אַזאַ אויפן האָט דער סטאַטוס געשטיצט דאָס געלט פון די אידישע קרעדיטאָרן. הייליקע קריסטלעכע מלבושים און בגדים נאַסע און פאַרפלעקט מיט בלוט, טאָר מען נישט נעמען אלס משכון (פּאַראַג. 5). א איד טאָר נישט אָננעמען אלס משכון פערד, נאָר אָפענערהייט, ביי טאָג. אויב א קריסט וועט געפינען ביי א איד א געגנבעט פערד, וועט ער זיך קענען ריינוואַשן מיט א שבועה, אז דאָס פערד האָט ער באַקומען אלס משכון ביי טאָג און ווען ער האָט געבאָרגט דערויף געלט, איז ער געווען זיכער, אז דאָס איז נישט קיין געגנבעט פערד (פּאַראַג. 34).

אין פּאַראַגראַף 26 ווערט באַשטימט: אויב א איד וועט באָרגן געלט קעגן באָדן אָדער וועקסלען פון באַרימטע מענטשן און ער וועט דאָס באַווייזן מיט וועקסלען און שטעמפּלען, וועט דער באָדן דינען פאַרן אידן ווי אנדערע משכונות און ער וועט ווערן באַשיצט פון צוואַנג.

צוויי פּאַראַגראַפן — 12, 37 — באַהאַנדלען די פראַגע פון אידישן האַנדל:

לויטן פּאַראַגראַף 12 דאַרפן אידן, וואָס ברענגען סחורה, נישט צאָלן קיין גרעסערן צאָל ווי אנדערע איינוואוינער פון דער שטאָט, אין וועלכער דער איד געפינט זיך אין איצטיקן מאָמענט.

דער פּאַראַגראַף 37 שטעלט פעסט, אז אידן זיינען פריי צו קויפן און פאַרקויפן יעדע זאַך, אַנצורירן ברויט ווי די קריסטן, און יעדער, וואָס וועט זיי שטערן דעריין, וועט באַצאָלן שטראָף צו זיין וואָיעוואָדע.

א באַזונדערע באַדייטונג האָט דער פּאַראַגראַף 25: „מיר ווילן אויך, אז קיין שום מענטש זאָל נישט איינשטיין אין א אידיש הויז". דאָס באַפרייען זיי פון דער פליכט אויפצונעמען געסט, פון וועלכער עס האָבן געניאָסן בלויז גייסטלעכע און אדעלייט, באַווייזט ווי ווייט מ'האָט זיך גערעכנט מיט די אינטערעסן פון די אידן.

דעם קאַלישער סטאַטוט האָט באָלעסלאַוו דער פרומער (1227—1279) געשענקט נישט בלויז די קאַלישער אידן, נאָר די אידן פון גאַנצן פירשטנטום, ווי דאָס דרינגט ארויס קלאָר פון דער שילדערונג אין אריינפיר צו דער עקזיסטענץ־שריפט: Dux Maioris Poloniae און אויך פון דער פאָרמולירונג: quod iudaeis per totium districtum nostri domini constitutis (אין גרויס פוילן). נאָכדעם ווי דער סטאַטוט איז געוואָרן באַשטעטיקט און אויסגעברייטערט אין די יאָרן 9.10.1334—1364—1365 דורכן קעניג קאַזימיר דער גרויסער פאַר גאַנץ פוילן, איז אין סטאַטוט געוואָרן אריינגעפירט פאָלגנדיקע פאָרמולירונג: "et presertim petitionibus Judeorum nostrorum i Vivitatibus totius Regni Poloniae i degencium generosius inclinati, ipsis omnibus et singulis previlegium dedimus" און אין לעצטן פּאַראַגראַף 37 ווערט בפירוש פעסטגעשטעלט: "Presens privilegium quo omnes Judeos in totius regni Poloniae quadere volumus".

דער סטאַטוט איז נישט קיין אָריגינעלע שאַפונג פון באָלעסלאַוו דעם 5־טן, נאָר ער איז פאַרבונדן מיט א ריי תקנות, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן פאַר אידן אין די שכנותדיקע מדינות. דער פּראָטאָטיפּ פון אָט די תקנות איז דער סטאַטוט פון קייזער פרידריך דער צווייטער (1230—1246) וואָס איז געגעבן געוואָרן די אידן פון עסטרייכישן פירשטנטום און איז מיט געוויסע ענדערונגען אריין אין סטאַטוט פון אונגאַרישן קעניג בעלאַ דער 4־טער פאַר די אונגאַרישע

אידן אין יאָר 1251 און 1256. פון דאָרט איז ער אָפּגעקאָפּירט געוואָרן דורכן קעניג אטאקאר דעם 4־טן אין די יאָרן 1254 און 1255 פאַר די בעהמישע אידן. באָלעסלאַווס סטאטוט איז א קאָפּיע פון טשעכישן, מען האָט אָבער צוגעגעבן 3 פאראגראפן, וועלכע געפינען זיך נישט אין די פריערדיקע סטאטוט, נעמלעך:

פאראגראף 33: פארמשכענען א פערד ביי א איד איז דערלויבט נאָר בייטאָג.

פאראגראף 34: די מאָנעטן־לייט טאָרן נישט לויט דער אייגענער דעה פארהאלטן א איד מיט דער טענה, אז ער איז א געלטפעלשער.

פאַראַגראַף 35: אין ביינאכטיקע מהומות זיינען די קריסטלעכע שכנים מחויב צו העלפן דעם איד, אונטער דער דראָאונג פון 30 שילינג שטראָף.

און אויך דער פאראגראף 36: אידן מעגן קויפן יעדע סחורה, ברויט און אנדערע שפייז־פּראָדוקטן, וואָס זיינען נישט אויסגערעכנט אין די אויבנדערמאָנטע סטאטוטן, אָבער זיי געפינען זיך אין פארשריבענער פאָרם אין פאראגראף 10 אין סטאטוט פון פרידריך דעם צווייטן, וואָס די ווינער אידן האָבן באקומען אין יאָר 1238.

אין קעניג באָלעסלאַווס סטאטוט איז נישט איינגעשלאָסן דער פאראגראַף 30 פון עסטרייכישן סטאטוט — וואָס געפינט זיך אויך אין אונגארישן און אין טשעכישן סטאטוט — וועגן דער הויך פון פּראָצענט פון אידישע הלוואות. דאקעגן איז אריין א פאראגראף פון אונגארישן און טשעכישן סטאטוט, וואָס געפינט זיך נישט אין עסטרייכישן סטאטוט, וואָס פארווערט צו באשולדיקן אידן אין באנוצן קריסטלעך בלוט. מען דאַרף באמערקן, אז אין די סטאטוטן פון עסטרייך, אונגארן און טשעכיע ווערט באשטימט, אז אין די אידישע פּראָצעסן משפּעט דער קעניג, דער פירשט אָדער א הויכער באאמטער פון קרייז אָדער פון דער מדינה, און אין פוילישן סטאטוט — דער פירשט אָדער דער וואָיעוואָדע.

דער אָריגינעלער נוסח איז אָפּגעדרוקט אין דער זאמלונג געזעצן פון יאַן לאַסקי, וואָס איז באשטעטיקט געוואָרן אין סיים אין ראַדאָם און פארעפנטלעכט געוואָרן אין יאָר 1506.

אין לאַסקיס פאָרמולירונג געפינען זיך שינויים צום אומגונסטן פון אידן, בפרט אין פאראגראף 25, אין וועלכן עס רעדט זיך וועגן הלוואות און קאָנפיסקאציעס פון אומבאוועגלעכע גיטער. דאָס איינשליסן דעם סטאטוט אין דער געזעץ־זאמלונג איז מאָטיווירט מיט דער דערקלערונג פון קעניג אלעקסאנדער (1501—1506) וואָס ווערט דאָרט געבראַכט: „מיר, דער קעניג אלעקסאנדער, באפעלן איינצושליסן די פריווילעגיעס אין געזעץ־בוך נישט כדי זיי פון ס'ניי צו באשטעטיקן, נאָר אלס וואָרנונגס־מיטל צו שיצן די אידן".

דער אויטאָריזירטער נוסח איז פארהיטן געוואָרן נאָר אין סטאטוט, וואָס געפינט זיך אין מאנוסקריפּט אין דער קראַשינסקי־ביבליאָטעק אין ווארשע און ער איז אנדערש אין די פאראגראפן 25, 26 פון דעם נוסח אין דער לאַסקי־זאמלונג.

פאַרגלייך מיט אנדערע סטאטוטן

אין פארגלייך מיט די תקנות אין די שכנותדיקע לענדער, געפינען זיך אין קאַלישער סטאטוט צוגאָבן לטובת די אידן, ווי די פאראגראפן וועגן דער הילף פאַר שכנים, דער פארבאָט צו ארעסטירן א איד אונטערן חשד פון פעלשן מטבעות און אויך דער ענין פון פארמשכענען א פערד.

דער קאַלישער סטאטוט האָט ארויסגעוויזן א גרעסערע סימפּאַטיע צו די אידישע אינטערעסן ווי אלע אויבנדערמאָנטע פּריווילעגיעס און ער איז דערפאַר באצייכנט געוואָרן דורך די פוילישע היסטאָריקער אלס די Magna Carta פון די פוילישע אידן, מען דאַרף אָבער אָננעמען, אז דער מקור פון דער אויפמערקזאמקייט איז אין דער ווירטשאפטלעכער ראָל פון די אידן אין דער אנטוויקלונג פון פוילן אלס געלט־מלווה'ס און סוחרים. דאָך קען מען פון די פאראגראפן, וואָס פארנעמען זיך מיט הלוואה־ענינים, נישט מאכן קיין אויספיר, אז אין יענער תקופה איז קרעדיט געווען די הויפּט־באשעפטיקונג ביי אידן. צוויי פאראגראפן (37, 12) באווייזן, אז אידן אלס סוחרים האָבן גענאָסן פון פרייהייט צו פאָרן און פירן סחורות אין דער גאנצער מדינה, פון דער גלייכהייט פאַר אלע בירגער ביים צאָלן צאָל. זיי האָבן גענאָסן פון דער פרייהייט צו קויפן און פארקויפן אלע סחורות און שפּייז־פּראָדוקטן. די וואָס האָבן זיי געשטערט דערין זיינען געוואָרן געמשפּט דורכן וואָיעוואָדע. אומדירעקט איז דער רבנישער בית־דין געוואָרן אנערקענט אלס יורידישער אויטאָריטעט אין בירגערלעכע ענינים בעת משפּטים צווישן איין איד צום צווייטן.

דער סטאַטוט, וואָס האָט דעם ערשטן מאָל געאָרדנט די אידישע לעבנס־באַדינגונגען, איז א היסטאָרישער דאָקומענט, אין וועלכן עס אָטעמט דער גייסט פון טאָלעראַנץ.

דער קעניג וולאַדיסלאַוו לאָקיעטעק (1303—1333), וואָס האָט מבטל געמאַכט אַלע פּריווילעגיעס, האָט אויך נישט באַשטעטיקט דעם קאַלישער סטאַטוט. זיין זון קאַזימיר דער גרויסער האָט אין יאָר 1334 באַשטעטיקט דעם גאַנצן סטאַטוט. ווען די אַדלליים האָבן אין יאָר 1347 באַגרענעצט די רעכט פון אידן צו פאַרנעמען זיך מיט געבן קרעדיט, האָט קאַזימיר אין יאָר 1364 נאָכאַמאָל פאַרעפנטלעכט דעם קאַלישער סטאַטוט פון די אידן פון גאַנץ פּוילן און איינגעשלאָסן אין אים נאָך ברייטערע רעכטן.

נאָכן אָננעמען דעם סטאַטוט האָט דער אידישער ישוב זיך באַזירט און ס׳איז געווען א נויט־ווענדיקייט צו פאָרמירן די קהילה־קערפּערשאַפט און צו שאַפן אינסטיטוציעס. תיכף ביים באַזעצן זיך, אין יאָר 1282, האָבן די אידן געליטן פון א מגיפה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין שטאָט צוליבן הונגער, זיי האָבן אָבער, צוזאַמען מיט די שטאָט־איינוואוינער, געגאָסן פון דער הילף פון דער פירשטין יאָלאַנטאַ, די פרוי פון באָלעסלאַוו דעם פרומען, פון פירשט פּשעמיסלאַוו II און דעם קאַלישער וואָיט הענריק.

א רעליגיעזע קהילה־באַדערפעניש פון דער ערשטער מדרגה איז א בית־עלמין.

אין יאָר 1287 האָבן די ראשי הקהילה געגומען אין אייביקער אַרענדע דאָס בערגל פון רופינוס, דעם זון פון יאַשעק, פאַר 6 טאַלאַנטן פעפער און 2 טאַלאַנטן שאַפראַן, אַרענדע־געלט פאַר צוויי יאָר. דער אָפּצאָל מיט טיפּישע קאָלאָניאַל־פּראָדוקטן וועלכע מ׳האָט געקענט באַקומען בלויז אין האַנדל מיט אָריענטאַלישע לענדער אָדער דורך אויסטויש, באַווייזט, אַז די קאַלישער אידן זיינען טיילוויז געווען אויסלאַנד־סוחרים און זיי זיינען אין שטאַנד געווען צוצושטעלן דער קהילה די געוואונטשענע פּראָדוקטן.

אַזוי אַרום האָבן די קהילה־פירער באַקומען דאָס רעכט צו באַגראָבן די מתים אויף דעם דאָזיקן בערגל. אויב די קהילה וועט נישט באַצאָלן די סומע, האָבן רופינוס און זיינע יורשים דאָס רעכט מבטל צו מאַכן דעם אָפּמאַך. דער אָפּמאַך איז געוואָרן באַשטעטיקט דורכן פירשט פּשעמיסלאַוו II, וואָס האָט נאָך אין יאָר 1283 באַשטעטיקט דעם קאַלישער סטאַטוט. אַזוי אַרום האָט די קהילה איינגעאָרדנט איר אייגענעם בית־עלמין.

באַלד ווי די אידן האָבן זיך באַזעצט אין קאַליש, האָט זייער ווירטשאַפטלעכע טעטיקייט בייגעשטייערט צו דער אַנטוויקלונג פון שטאָטישן צענטער. דאָס געפינען א סך אוצרות פון מיטל־עלטער — פון 12־טן און 13־טן י.ה. — ווייזט אָן אויף א ברייט־אַנטוויקלטן האַנדל, און ס׳איז קיין ספק נישט, אַז אידן האָבן אין מסחר געשפּילט א דעצידירנדיקע ראָל אַלס פאַרמיטלער, אימפּאָרטערן און עקספּאָרטערן.

ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין מיעשקאָס צייטן איז אחוץ אין גניעזנאָ געווען אויך אין קאַליש א צענטראַלע מינצעריי און אָן אָנגעזעענע צאָל אידן איז געווען באַשעפטיקט אַלס מינצער אָדער אַרענדאַטאָרן פון דער מינצעריי. אמת, מיר האָבן נישט קיין באַווייזן וועגן דער עקזיסטענץ פון אַן אָרגאַניזירטער קהילה אין יענער צייט. אָבער די ערשטע יסודות פון א אידישן ישוב זיינען געווען פאַרלייגט געוויס שוין אין יענע טעג, און די קהילה, וואָס איז געוואָרן געשאַפן אין 13־טן יאָרהונדערט איז געווען באַזירט אויף א פריערדיקער טראַדיציע.

אין אָנהויב האָט דער אידישער ישוב זיך נישט געפונען אין האַנדלס־קוואַרטאַל (Osada targowa), נאָר נעבן אים. לויט די הנחות פון די פּוילישע וויסנשאַפטלער האָבן די אידן לכתחילה זיך קאָנצענטרירט אויפן לינקן ברעג פונעם פּראָסנאַ־טייך, נעבן קאָשטשאָל א.נ. פון גאָטאַרד. אינטערעסאַנט, אַז דער קאַלישער סטאַטוט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן א קורצע צייט נאָכן אַנטשטיין פון דער ניישטאָט. דערפון קען מען מאַכן דעם אויספיר, אַז דער אידישער ישוב אין קאַליש איז שוין געווען א סטאַבילע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געגאָסן פון א סטאַטוט אויף צו נאָרמירן זיינע עקזיסטענץ־באַדינגונגען.

פאַרלייכטערונגען פאַר אידישע סוחרים

אַלס סוחרים געניסן זיי פון אַלע פאַרלייכטערונגען, וואָס ס׳האָבן באַקומען סוחרים נישט־אידן; ווי יענע זיינען אויך די אידן באַפרייט געוואָרן דורך פּשעמיסלאַוו II פון צאָלן דעם צאָל אין אָראָבאָק, אויפן שאָסיי קיין טאָרון.

קאַזימיר דער גרויסער האָט צוגעטיילט קאַליש ווירטשאַפטלעכע פאָרצוגן און א דאַנק דעם

איז זי געוואָרן פאַרוואַנדלט אין א שטאָט, וואָס האָט געשפּרודלט מיט לעבן. דאָס באַפרייען פון צאָל האָט צוגעצויגן צו די קאַלישער ירידים סוחרים פון די פּוילישע שטעט און פון אויסלאַנד. אין קאַליש האָט צו יענער צייט זיך געפונען דער צענטער פון זאַלץ־האַנדל פון באָכניע, און ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז אין אָט דעם האַנדל האָבן זיך באַטייליקט אידן, באַזונדערס ווען קאַזימיר האָט אין יאָר 1368 נאָמינירט לעווקן פון קראָקע אלס דירעקטאָר פון די זאַלץ־גרובנס אין באָכניע און אין וויעליטשקע. (Zupik)

א צאָל אידן האָבן זיך פאַרנומען מיט מלאכות, וואָס זיינען פאַרבונדן מיט אידישע דינים, ווי שניידער, קצבים, גאָלדשמידעריי. עס זיינען אויך געווען אידן, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט. מיט די ענדערונגען אין דער ווירטשאַפטלעכער סטרוקטור פון די פּוילישע אידן — נאָכדעם ווי די קריסטלעכע קירכע האָט פאַרווערט צו באָרגן געלט אויף פּראָצענט — האָבן אויך די קאַלישער אידן זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט געלט־געשעפטן. אין די צייטן פון קאַזימיר דעם גרויסן האָבן אידישע באַנקירן און קרעדיטאָרן געשאַפן וויכטיקע צענטערס פון קרעדיט־געשעפטן אין קאַליש און אין פּויזן.

שווערע צייטן זיינען געקומען פאַר די קאַלישער אידן אין די יאָרן 1348—1349 צוליב דער שוואַרצער מגיפה, וואָס איז געקומען פון אַזיע, זיך פאַרשפּרייט אין די אייראָפּעאישע לענדער און אומגעבראַכט א דריטל פון דער באַפעלקערונג. די קריסטן האָבן געהאַלטן, אַז די אידן זיינען די גורמים פון דער מגיפה. זיי האָבן געטענהט, אַז אידן האָבן פאַרסמט דאָס וואַסער פון די ברונעמס און טייכן און אַזוי אַרום האָט די עפּידעמיע זיך פאַרשפּרייט. ס'האָבן זיך אָנגעהויבן שחיטות אויף אידן. גאַנצע קהילות זיינען אויסגעמאָרדעט געוואָרן. די אידן־שנאה און די העצע צו מאָרדן זיי איז געקומען פון מערב־און דרום־אייראָפּע. ס'האָבן נישט געהאָלפן די צוויי אויפרופן צו אַלע פעלקער פון פּויפּסט קלעמענס, אין וועלכן ער האָט געוואָרנט, אַז מ'זאָל אידן נישט טאָן קיין שלעכטס און גערופן מבטל צו מאַכן דעם בלבול פון פאַרסמען די ברונעמס, ווארעם די מגיפה האָט זיך דאָך פאַרשפּרייט אויך אין די שטעט און מדינות, וואו קיין אידן זיינען נישט געווען.

גרופּעס פאַנאַטיש־רעליגיעזע קריסטן, וואָס האָבן זיך גערופן „פלאַגאַלאַנטן" אין דייטשלאַנד און אין טשעכיע, האָבן אויפגעהויבן א כוואַליע פון פּאָגראָמען, וואָס איז אריינגעדרונגען אויך קיין פּוילן. צווישן די געטראָפענע קהילות האָט זיך געפונען אויך קאַליש. די פּאָגראָמירער האָבן אָפּגעהאַלטן אין שטאָט א פאַרזאַמלונג און מ'האָט פאַרניכטעט דעם אידישן ישוב, ווי ס'איז פאַרצייכנט אין די קהילה־פּנקסים האַגענאַו גראָס גערעל, וואָרמס, קריצענאַך. דעם אָפּקלאַנג פון די שחיטות הערט מען אין דער קינה פון ר' ישראל בר יואל זוסלין:

די שטאָט קאַליש, קראָקע,
און אויך קלאָגא
און מיט זיי אויך ווירא,
אַלע דיינע אויסדערוויילטע,
אויף א סך בינטלעך
פון אומגעציילטע לייט,
זיינען געוואָרן געשאָכטן, צעשניטן
מיט דער שווערד פון אומקום.

נאָך 1349 האָט זיך געעפנט א שטראָם פון אידישע פליטים פון דייטשלאַנד, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון זייערע פאַרפאָלגער און מערדער קיין פּוילן, און א טייל פון זיי האָבן זיך באַזעצט אויך אין קאַליש. דער אידישער ישוב איז כסדר געוואַקסן. אָבער נאָכן טויט פון לודוויק דעם אונגאַר, ווען די שטאָט איז געוואָרן פאַרנומען דורך באַרטאַש פון ווישעמבערג (1383) האָבן די קאַלישער אידן איבערגעלעבט שווערע געשעענישן, באַגלייטע מיט רויב און רציחה. די צאָל פון אידן איז קלענער געוואָרן.

אויף די פאַרזאַמלונג פון דער קאַטוילישער קירכע אין יאָר 1420 וואָס איז איבערגעגאַנגען פון וויעלון קיין קאַליש, האָט אַרויסגעגעבן גזירות אויף אידן. איינע פון זיי האָט זיי געצוואונגען צו טראָגן א שאַנד־צייכן אויף זייערע מלבושים.

אין יענער צייט איז אויף ס'ניי געשאַפן געוואָרן די אידישע קהילה אין ברעסלוי דורך אידן,

וואָס זיינען געקומען אהין פון די שלעזישע שטעט און פון אנדערע לענדער, צווישן זיי אויך א קאַלישער איד מיטן נאָמען דוד. לויט דער רשימה פון די ברעסלויער אידן פון די יאָרן 1330—1360 האָט דער דאָזיקער איד באַצאָלט שטייער אין דער סומע פון 1 פירדינג דעם טשעכישן קעניג און א האלבן פירדינג פאר דער שטאָט. ער האָט אין געריכט אין פויזן געפאָדערט פון ווישאטע א סומע פון 15 גזשיוונעס.

געלט־שטראָפן

פון צווישן די קאַלישער אידן אין יענער צייט זיינען באקאנט יאנוש, דער איידעם פון מיכאל פון קאַליש, וואָס האָט געמאָנט אין פויזן, אין שטאָטישן געריכט, 8 גזשיוונעס פון זאווישע פון ווזשעשניא. אין די געריכטביכער פון קאָשטשאַן איז דערמאָנט א איד מיטן נאָמען אברהם פון קאַליש. אין קאַלישער ביכער זיינען דערמאָנט אין די יאָרן 1402—1408 אידן שטאָט־איינוואוינער, אין דער איבערוועגנדיקער מערהייט קרעדיטאָרס, וואָס האָבן אוועקגעבאָרגט מערסטנטייל קליינע סומעס פון 3 פירדינג ביז 14 גזשיוונעס צו קליינע אדלליים. בלויז אין צוויי פאלן ווערן דער־מאָנט גרויסע סומעס. אויך אידן מחוץ לעיר האָבן געפירט פינאנס־געשעפטן אין קאַליש ווי יהודה פון מאלעשניץ (אין יאָר 1411), דוד פון שעראדז (1412), דניאל פון פייזראן (1413), וואָס האָט געבאָרגט מיעטשיסלאוו פון גרודזשאָלץ א סומע פון 250 גזשיוונעס, באלאט פון ברעסלוי (1415), א ברודער פון דניאל. פון די ביכער ווערן מיר געוואויר, אז די צאָל פון די אידישע קרעדיטאָרן איז כסדר געוואקסן, אָבער דער פארנעם פון די הלוואות איז נישט איבערגעשטיגן 50 גזשיוונעס.

אן אויסנאם איז געווען בעניאש, וואָס האָט געגעבן הלוואות איבער 100 גזשיוונעס און ער איז, ווייזט אויס, געווען איינער פון די גרעסטע קרעדיטאָרן אין שטאָט. אויך דניאל, וואָס איז במשך פון דער צייט נתעשר געוואָרן, האָט געפירט גרויסע פינאנס־געשעפטן און אין יאָר 1414 האָבן א העלפט פון אלע הלוואות, וואָס אידן האָבן געגעבן, געשטאַמט פון אים. זיינע קליענטן זיינען געווען מיטעלע אדלליים, און אין געציילטע פאלן — אויך מאגנאטן, ווי דער פירשט בארטאָש פון וויסבורג. אין זיינע געשעפטן איז ער געווען פאָרזיכטיק און ער האָט פאר זיך געזיכערט די ערשטע משכנתא אויף די גיטער. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אכזריות לגבי זיינע בעלי־חובות, און ער האָט זיך נישט אָפּגעהאַלטן פון נאָמינירן איבער זיי אויפזעער. זיין טעטיקייט איז געוואָרן איבערגעריסן אין יאָר 1416.

געווען אויך קרעדיטאָרן, וואָס חוץ געלט־געשעפטן האָבן זיי זיך פארנומען אויך מיט תבואה־האנדל, ווי שאבדאי (שבתאי). די מערהייט קרעדיטאָרן זיינען נאָך געציילטע יאָרן פארשוואונדן פון ווירטשאפטלעכן האָריזאָנט.

אין די יאָרן 1418—1420 האָט זיך פארנומען מיט הלוואות א איד דניאל. ס'איז נישט אויס־געשלאָסן, אז דאָס איז דער אויבנדערמאָנטער דניאל. ער האָט זיך אויך פארנומען מיטן האנדל פון פאסקעס. אין יענע יאָרן באווייזן זיך ווידער קליינע קרעדיטאָרן ווי מארקילא, אהרן, שלמה מאנלין, יונה מיכאל (1421—1423) און קוכארקע פאלטאָ, וואָס איז שפעטער געווען פון די גרויסע מלווה׳ס אין קאַליש. מיט הלוואות האָבן זיך אויך פארנומען זעלדע, די פרוי פון שמעון, זעמלא פון לודקע און דינה (1418), אָבער דער פארנעם פון אירע עסקים וואקלען זיך צווישן 20 גראָשן ביז 10 שקויצן אנטקעגן זיכערע גאראנטיעס.

צו די חשובע קרעדיטאָרן אין יענע יאָרן געהערט דוד אגבאט (1415—1421). זיינע קליענטן זיינען געווען קליינע אדלליים און אויך בירגער. ער האָט פארלאַנגט גוטע גאראנטיעס און געפירט פינאנס־געשעפטן בשותפות מיט די אנדערע יודישע מלווה׳ס, דניאל און יעקב. אין זיינע געשעפטן האָט אים געהאָלפן זיין פרוי רוחמה. צוליב זיין שטורמישער אויפפירונג בעת פראָצעסן איז ער נישט איינמאָל געוואָרן באשטראָפט. נאָך זיין טויט האָט דער עלטסטער זון יעקב, וועלכן מ'האָט גערופן „זאבער", אין זיין נאָמען און אין נאָמען פון זיינע קליינע ברידער שמואל און יורדן, באשטימט דעם איד מיכאל אלס אפוטרופוס אויף צוויי יאָר. זיי ביידע האָבן אויפגעפאָדערט די בעלי־חובות פון פאָטער צו באצאָלן די חובות און אָנשטאָט געלט האָבן זיי גענומען אויך חפצים. אין יאָר 1423 האָט יעקב פארקויפט די גאנצע ירושה צו זיין שטיפברודער קאוויאן פון קראקע, וואָס איז נאָך אין זעלבן יאָר איבערגעפאָרן קיין קאַליש.

קאַלישער אידן האָבן זיך פארנומען מיט פינאנס־ענינים אויך אין שלעזיע. אין יאָר 1414 האָט יעקב פון קאַליש זיך באטייליקט צוזאמען מיט א קאָנסאָרציום פון די אידן בעניש, זיין ברודער אליהו און זיין זון יעקב, אין אן הלוואה פון 780 מארק פאר דעם פירשט לודוויק פון

בריג (בזשעג) און דער מנהיג פון ליגניץ מיט דער גאראנטיע פון דער שטאט בזשעג. און אין יאָר 1416, צוזאמען מיט בעניש, אליהו און זיין זון יעקב — אין א הלוואה פאר דער שטאָט ברעסלוי אין דער סומע פון 116 מארק. ער האָט אויסגעצאָלט, צוזאמען מיט דוד פון קאליש, אלע חובות פון דאָברעסלאוו פון שולאָוו צו אנדערע אידישע קרעדיטאָרן. אין דאָקומענט פון ברעסלויער געריכט ווערן אויך דערמאָנט די קאלישער אידן קאנאלד יצחק, וועלכן מ׳רופט איקאָ, און קאָסאָל.

אין יאָר 1418 איז דער גוט פון מאלגאָזשאטא פון דארנוט אריבער צו א איד פון לודקא. א צווייטער דאָרף, אסטרווו, איז אין יאָר 1420 אויסגעלייזט געוואָרן פון אידן, וואָס זיינען אים געווען שולדיק 115 גזשיוונעס און פראָצענט, נאָכדעם ווי זיי האָבן אים באצאָלט דעם דערמאָנטן סכום.



## די אנטשטייאונג פון דער קהילה

איז שווער פעסטצושטעלן די טאָפּאָגראַפיע פון די אידישע וואוינונגס־ערטער אין אָנהויב פון זייער באזעצן זיך אין קאַליש. מ׳קען זיך משער זיין, אז פונקט ווי אין איבעריקע שטעט פון פוילן און אין אנדערע לענדער האָבן אידן זיך קאָנצענטרירט אין איין גאַס, צוליב רעליגיעזע און געזעלשאַפטלעכע סיבות, איז דאָס זעלבע געשען אין קאַליש. ס׳איז באוואוסט, אז פון דער העלפט פון 14־טן י. ה. האָט אין קאַליש עקזיסטירט א אידישע גאַס (Platea Judaeorum), מסתמא זינט יענער צייט ווען קעניג קאַזימיר דער גרויסער האָט אין יאָר 1350 זיי דערלויבט צו בויען אן אייגענעם בית־כנסת. לויט זייער געוואוינהייט האָבן זיי געבויט זייערע הייזער אין דער געגנט פון בית־הכנסת, וואָס האָט עקזיסטירט ביז ער איז געוואָרן פארברענט אין יאָר 1857.

לויט פארלאָזלעכע ידיעות וועגן דער עקזיסטענץ פון א אידן־פירטל סיי פון יאָר 1416, סיי פון יאָר 1537, זיינען פעסטגעשטעלט געוואָרן גענויע פרטים וועגן דעם פארנעם פונעם פירטל און זיין מצב. ער האָט זיך געצויגן פון מיטן שטאָט ביז צו די מויערן. ס׳זיינען נישטאָ קיין פרטים וועגן דער צאָל פון די הייזער, וואָס האָבן געהערט צו אידן. דער ערשטער פרט וועגן דער צאָל אידישע הייזער איז פון פאר דער שריפה אין יאָר 1537, וואָס האָט חרוב געמאַכט די גאַנצע שטאָט. לויט א געוויסער פארלוירנגעגאַנגענער תקנה איז אידן געווען דערלויבט צו באזיצן זייערע 6 הייזער. נאָך דער שריפה, ביים צוריק־אויפשטעלן די שטאָט, האָבן זיי פארגרעסערט זייער צאָל הייזער ביז 11. דער שטאָטראַט האָט דערצו נישט געוואָלט מסכים זיין און ער האָט וועגן דעם ענין זיך געווענדעט צום קעניג זיגמונט. דער קעניג זיגמונט האָט געפסקנט, אז דער שטאָט־ראַט האָט רעכט צו פאָדערן פון די אידן צו באפרייען 5 הייזער, וואָס זיי האָבן באזעצט נישט לויטן געזעץ. נאָך אונטערהאנדלונגען איז די קהילה געקומען צו אן אויסגלייך מיטן שטאָטראַט אין יאָר 1540 און דער באפעל צו באפרייען די הייזער איז בטל געוואָרן. לויטן הסכם האָבן די אידן זיך מתחייב געווען, אז די איינוואוינער פון די 5 הייזער וועלן צאָלן 4 גזשיוונעס א יאָר כל זמן די הייזער וועלן זיך געפינען אין אידישן אייגנטום. אויב א אידישער אייגנטימער פון א הויז וועט נישט באצאָלן, וועט ער ווערן עסק־מיטירט, און דאָס הויז וועט איבערגיין אין רשות פון דער שטאָט־פארוואלטונג. אויב א קריסט וועט וועלן וואוינען אין איינעם פון די הייזער, דארף דער אידישער לאָקאַטאָר פארלאָזן דאָס הויז אָן שום ווידערשטאנד, נאָכדעם ווי ער וועט באקומען א באשטימטע אנטשעדיקונג. לויטן זעלבן הסכם האָבן די אידן זיך מתחייב געווען נישט צו קויפן און נישט צו בויען קיין נייע הייזער. 11 אידישע משפחות האָט מען דערלויבט צו האנדלען מיט עטלעכע מינים סחורות אין קריסטלעכן וואוינונגס־ראַיאָן און צו האלטן נאָר 4 שענקען פאר שארפע געטראַנקען.

לויט א הסכם פון יאָר 1543 האָט די שטאָט באזאָרגט די אידן מיט וואַסער פון אירע קוואלן און רערן, וואָס זיינען געלעגן אין דער אידישער גאַס פאר אן אָפּצאָל פון 4 פלאָרינס.

19 הייזער דער שטאַרקער נאַטירלעכער צווואוקס האָט געצוואונגען די אידן נישט אָפּצוהיטן די פונקטן פונעם הסכם. אין יאָר 1553 האָבן זיך ביי זיי שוין געפונען 19 הייזער חוץ די קהילה־בנינים, דאָס וואוינונגס־הויז פון רב, שמש, קהילה־בעאמטע, דאָס הויז פונעם הקדש, אין וועלכן ס׳האָבן געגעכטיקט פארוואָגלטע און אָרעמע אידן, די באָד און די מקווה. ס׳איז אינטערעסאנט צו באמערקן, אז די שטאָט־ראטמענער גופא האָבן פארקויפט הייזער צו די אידן. אין יאָר 1504 האָט דער פישער וואלענטין פארקויפט זיין הויז צו די אידן אברהם און יוסף, און אין יאָר 1548 — דער שניידער יעזשי צום איד יעקב. די קריסטן פלעגן פארקויפן זייערע הייזער אין אידישן פירטל צו די אידן. אין אידישן פירטל האָבן געוואוינט אויך אדלליט, ווי דער קאַלישער וואָיעוואָדע אין יאָר 1465, שטאָט־לייט און אנדערע, און ס׳איז נישט אויסגעשלאָסן, אז מיט דער צייט זיינען זייערע הייזער געוואָרן פארקויפט צו אידן.

די קהילה און אירע אינסטיטוציעס זיינען געווען ענלעך צו אנדערע אין די איבעריקע שטעט פון גרויס־פוילן. פון יורידישן שטאנדפונקט איז די עיקר אויפגאבע פון דער קהילה לגבי דער מלוכה געווען דאָס איינמאָנען שטייערן, און פון אינערלעך אידישן שטאנדפונקט — אָנפירן מיט די רעליגיעזע, ווירטשאפטלעכע, געזעלשאפטלעכע און דערציאונגס־ענינים און רעפּרע־זענטירן די אידן פאר דער מלוכהשער און שטאָטישער מאכט. אין דער ערשטער תקופה פון ישוב, ביז האלב 15־טן י.ה., איז נישט באוואוסט קיין שום לאנד־אָרגאניזאציאָנעלע ראָם פון די קהילות. יעדע קהילה איז געווען א באזונדערע קערפּערשאפט פאר זיך. אמת, אין ווירטשאפטלעכע ענינים פלעגן די קהילות זיך פאראייניקן, כדי זיי געמיינזאם אדורכצופירן. בראש פון דער קהילה האָט זיך געפונען די אָנפירונג, וואָס איז באשטאנען פון פרנסים. זייער צאָל אין יענער תקופה איז נישט קיין סטאבילע: פינף, פיר, אָדער דריי.

מיר האָבן נישט קיין גענויע ידיעות וועגן זייער טעטיקייט. מען דארף אָננעמען, אז אין יאָר 1334, ווען די אידן פון גרויס־פוילן האָבן זיך געווענדעט צום קעניג קאזימיר דער גרויסער מיט א בקשה צו באשטעטיקן דעם קאלישען סטאטוט, האָט אין דער דעלעגאציע זיך באטייליקט אויך א פאָרשטייער פון די קאלישער אידן. קאזימיר האָט באשטעטיקט דעם סטאטוט. אין יענער תקופה האָבן די אָנפירער פון דער קאלישער קהילה רעפּרעזענטירט די אידן פון גרויספוילן. די חשיבות פון דער קאלישער קהילה איז בולט אין א פאקט, וואָס אין יאָר 1364, ווען דער קעניג קאזימיר דער גרויסער האָט באשטעטיקט דעם קאלישען סטאטוט און אים אויסגעברייטערט אויף גאנץ פוילן אלס ערשטע „מאגנא־כארטא" פון פוילן, האָט מען אים איבערגעגעבן אין די הענט פונעם קאלישער איד פאלק, וואָס איז מסתמא געווען ראש הקהל פון קאליש, אָבער פארן קעניג איז ער דערשינען אלס רעפּרעזענטאנט פון די אידן אין גרויספוילן.

וועגן זיין טעטיקייט אלס ראש הקהל האָבן מיר נישט קיין ידיעות, מען דארף זיך אָבער משער זיין, אז צוזאמען מיט זיין אלגעמיינער טעטיקייט לטובת די פוילישע אידן, און א דאנק דעם, וואָס דער קעניג האָט אים ארויסגעוויזן זיין צוטרוי מיטן איבערגעבן אים אזא מלוכהשן דאָקומענט ווי דער סטאטוט, האָט ער אויך געארבעט לטובת דער פארפעסטיקונג און אויספּאָר־מירונג פון זיין קהילה. ס'איז אויך נישט אויסגעשלאָסן, אז פאלק האָט באקומען ד' פּריווילעגיע צו בויען א בית־הכנסת און דאָס אדורכגעפירט.

א צווייטע פערזענלעכקייט, וואָס איז געשטאנען בראש פון דער קהילה, איז געווען דניאל. די קאלישער אידן האָבן געהאט צו אים א סך צוטרוי און האָבן אָפּט אים געקליבן אלס בורר אין סכסוכים. נאָך אים איז לאנגע יאָרן געווען מנהיג פון דער קהילה דוד אָגבאָט פון קראקע. ער האָט געבויט הייזער און ער איז געווען באזונדערס אָנזעעוודיק אין יאָר 1433, ווען א באדייטנ־דיקע צאָל אידן האָט געהאט בדעה צו פארלאָזן די שטאָט. די סיבה דערפון דארף מען זוכן אין דער פּאָליטיק פונעם קעניג יאגיעלאָ וולאדיסלאוו. אין יאָר 1430 האָט מען לויט זיין באפעל גערופן די קאלישער אידן פאלטאָ יוסף און קנאאן, אז זיי זאָלן זיך שטעלן פארן מלוכהשן געריכט, ווייל זיי האָבן נישט אָפּגעגעבן דעם אוצר קיין שטייערן פון זייערע רווחים אין די פינאנסיעלע געשעפטן. זיי זיינען נישט געקומען צום משפט און מ'האָט אויף זיי ארויפגעלייגט א קנס פון 1500 גזשיוונעס.

אזעלכע פאלן האָבן אָפּגעשראָקן די קאלישער אידן און גורם געווען דערצו, אז זיי זאָלן וועלן פארלאָזן די שטאָט. די מאכט־אָרגאנען האָבן זיך אנטקעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן ווילן און געפאָדערט פון די רייכע אידן צו גאראנטירן פערזענלעך מיט א קנס פון 60 גזשיוונעס, אז די אויסוואנדערער וועלן נישט נעמען מיט זיך זייערע פארמעגן ביז זיי וועלן נישט ליקווידירן די שטייער־חובות. קאוויאן, מסתמא אלס ראש הקהל, און אנדערע רייכע אידן, האָבן גאראנטירט איינער פארן אנדערן, ווי מיר דערוויסן זיך עס פון א געוויסן דאָקומענט.

אין יאָר 1406 האָט מען געפונען א פאלשן פלאָרין ביי א קאלישער איד, מארק, און מ'האָט אים ארעסטירט. קאוויאן, צוזאמען מיט יהודה, סמאלקא און יורדן, האָבן באפרייט מארקן אויף א קויציע פון 100 גזשיוונעס. מארקן איז געלונגען אויפצווייזן, אז ער איז קיינמאָל נישט געפאָרן קיין אויסלאנד און דעם פאלשן פלאָרין האָט ער געקויפט ביים שטאָטישן איינוואוינער קורטשאק, זייענדיק זיכער, אז דאָס איז א גוטער פלאָרין. קורטשאק האָט עדות געזאָגט, אז מארקס טענה איז א ריכטיקע, און מ'האָט אים באפרייט. אן ענלעכער ענין האָט געטראָפן אין יאָר 1441 מיט צוויי אידישע פרויען, און אויך זיי זיינען באפרייט געוואָרן.

די אויסשפרייטונג אין פוילן

נאָך בעת דעם אידישן גירוש פון דייטשלאַנד, זיינען א סך אנטלאָפן קיין פוילן, און א געוויסע צאָל פון זיי האָבן זיך באַזעצט אין קאַליש. די צאָל פליטים איז גרעסער געוואָרן נאָך דער גזירה ארויסצוטרייבן די אידן פון פראג, אין יאָר 1542. זיי זיינען געקומען דורך שלעזיע און זיך באַזעצט אין פוילן, נאָכדעם ווי זיי האָבן דערויף באַקומען די דערלויבעניש פונעם פוילישן קעניג זיגמונט און אויך אלע רעכטן פון די פוילישע אידן. זיי האָבן זיך באַזעצט אין לובלין, קראקע און ווינציקע — אויך אין קאַליש. דאָ האָבן זיי געקויפט הייזער און זיך איינגעגלידערט אין ווירטשאַפטלעכן לעבן. אחוץ די אידן פון אנדערע פוילישע שטעט און אידן פון טשעכיע, האָבן אין קאליש זיך באַזעצט אויך אידן פון אונגאַרן.

אין 15־טן — 16־טן י.ה האָבן אידן זיך אויסגעשפרייט איבער גאַנץ פוילן. מיטן איינשטיין פון נייע קהילות און דער שאַפונג פון באַקוועמע לעבנס־באַדינגונגען, האָבן אידן אָנגעהויבן פארלאָזן קאליש און זיך באַזעצן אין יענע געגענטן. דער מקור פון די דאָזיקע איבערוואַנדערונגען איז נישט בלויז אין רדיפות אָדער אין אָרעמקייט, נאָר אויך אין דער שטרעבונג צו א ווירט־שאַפטלעכן אויפשטייג אין נייע צענטערס, וואו ס׳זיינען געווען ברייטערע מעגלעכקייטן. די מאכט האָט נישט דערלויבט קיין מאַסן־אויסוואַנדערונג און אין די יאָרן 1433—1440 האָט זי אַלץ געטאָן, כדי זי צו פארהאַלטן. מ׳האָט מורא געהאַט פאַר א פארקלענערונג פון דער שטייערן־הכנסה.

אין שייכות מיט די דאָזיקע דערשיינונגען זיינען פארמעגלעכע אידן באַשולדיקט געוואָרן אין איבערשרייטן דאָס געזעץ, באַזונדערס אין יאָר 1448. בלויז מיט דער הילף פון גרויסע סומעס קויציע זיינען זיי ניצול געוואָרן פון ארעסט.

אין יענער תקופה האָט די קהילה געצאָלט א יערלעכן שטייער פון 100 גזשיוונעס. לויט דער אָנווייזונג פון קעניג האָט די קהילה געדאַרפט איבערגעבן דעם סכום זיין סעקרעטאַר קאַנאָניקוס מארטשין סווינקא, וועלכער איז געווען פאַרבאָדן אין חובות. די קהילה האָט געצאָלט דעם שטייער אַזוי ווי מ׳האָט אויף איר ארויפגעלייגט, אָבער ווען דער סעקרעטאַר איז אריין אין נייע חובות, האָט ער צוגעזאָגט די קהילה אויסצוגעפינען פאַר איר א מלוכהשע פריווילעגיע, וואָס וועט זיי באַפרייען צו צאָלן אַלע שטייערן ביז צוויי יאָר, און די הילף פון די באַאַמטע ביים איינמאָנען די חובות, וואָס קריסטן זיינען שולדיק די אידן.

אין יאָר 1445 איז געחתמעט געוואָרן אַן אָפּמאַך, אין וועלכן ס׳איז געוואָרן פאַרזיכערט, אַז אויב דער הסכם וועט נישט מקוים ווערן, האָט די קהילה דאָס רעכט צו פאָדערן זיינע גיטער. ס׳איז נישט באַוואוסט, צי סווינקא האָט באַוויזן צו האַלטן דעם אָפּמאַך.

אָנהויבנדיק פון יאָר 1446 ווערט דערמאָנט אין דאָקומענטן א פריווילעגיע, וועלכע די קאַלישער אידן האָבן באַקומען. דאָס איז אָבער נישט געווען באַוואוסט די געשיכטע־פאָרשער פון די אידן אין פוילן. פון באַגלויבטע דאָקומענטן איז באַוואוסט, אַז אין יאָר 1453 האָט א דעלעגאַציע פון די קהילות אין פויזן, שיראַדז, לענטשיצא, ברעסט־קויאַוו, אינאָווראָצלאַוו און קאַליש, זיך משתדל געווען אין מלוכה׳שן אמט צו באַקומען א באַשטעטיקונג פון די פריווי־לעגיעס. זעקס יאָר האָט זיך געצויגן דער קאַמף, וואָס איז געווען פאַרבונדן אויך מיט א סך געלט. דער אמט האָט צוגעגרייט א סומירונג־מעמאָראַנדום (Sumarjusz) פון אַלע פריווילעגיעס, און דער קעניג קאַזימיר יאַגיעלאָנטשיק האָט אים שוין געזאָלט באַשטעטיקן.

אין יענער צייט איז דלוגאַש, לויט דער אָנווייזונג פון קאַנצלער זביגניק אָלשאַניצקי, געפאָרן קיין ברעסלוי, כדי צו פארבעטן קאַפּיסטראַנאָ, וואָס איז דאַן געווען אין שלעזיע און דאָרט געפירט אַן אומגעצוימטע אגיטאַציע קעגן אידן. די אידישע פאָרשטייער האָבן אויסגענוצט זיין אָפּוועזנדיקייט און דער קעניג האָט באַשטעטיקט דעם 13.8.1453 די אַלגעמיינע פריווילעגיע פון די אידן אין גרויספוילן און דעם 24.8 — פון די אידן אין קליינפוילן.

דעם 28־טן אויגוסט האָט קאַפּיסטראַנאָ זיך באַוויזן אין קראקע און צוזאַמען מיט אָלשאַניצקי האָט ער געפאָדערט מבטל צו מאַכן די פריווילעגיעס, אָבער דער קעניג האָט אָפּגעזאָגט. קאַפּיסטראַנאָ האָט אים אָנגעגריפן מיט שאַרפע רעדעס. אין יאָר 1454 האָט מען דעם קעניג געצוואונגען זיך אונטערצוגעבן. אין די ניעשעווער תקנות זיינען די פריווילעגיעס בטל געוואָרן. מ׳האָט אָנגענומען די אנטי־אידישע באַשלוסן פון דער פאַרזאַמלונג אין ווארשע, און אַלע חובות זיינען בטל געוואָרן נאָך 3 יאָר. די דאָזיקע באַשלוסן האָבן גורם געווען צו א מאַטעריעלער פאַראָרעמונג פון די קאַלישער אידן.

פון יענער תקופה איז אונז באוואוסט דער באשטאנד פון אידישן בית־דין אין דער שפּיץ מיטן וויצע־וואָיעוואָדע: דער אידישער ריכטער אברהם קאפוסט פון פסארי און די אידישע בייזיצערס מיכאל און פאלטא. מיכאל איז דער ערשטער רב, וואָס איז אונז באוואוסט. אין א דאָקומענט פון יאָר 1427 ווערט ער אָנגערופן: „דער הויפּט־רב פון די אידן".

אין דער קהילה האָבן געארבעט שמשים פון אידישן בית־דין און פון דער קהילה. פון דאָקומענטן ווייסן מיר וועגן דריי: אברהם, שמואל און ישראל. זיי האָבן זיך שטענדיק ארומ־געקריגט און גורם געווען צו מהומות בעת די משפטים.

אין יאָר 1429 האָט דער שמש אברהם פארפירט א משפט קעגן אדלמאן באגאטשיצקי, וואָס האָט אים פארוואונדעט 5 מאָל. בעת די פארהאנדלונגען אין געריכט, האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אברהם איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעהויבן מיט דער קריגעריי. ער האָט אָפּגעגאָסן דעם אדלמאן מיט שמוציק וואסער און אים גורם געווען 2 וואונדן. אויך אין יאָר 1428 איז ער געוואָרן באשולדיקט אין אן ענלעכער זאך.

ווען עס פלעגט אויסברעכן א קריגעריי צווישן שמואל און ישראל, האָט שמואל זיך געווענדעט צו דער שטאָט־מאכט נאָך הילף. דער בורגגראף האָט געהייסן ישראלן רופן מענטשן, וואָס זאָלן ערב זיין, אז ער, ישראל וועט לאָזן שמואלן צו רו. די גאראנטירער זיינען געווען מארק און יצחק.

אין יאָר 1458 איז אין קאליש אויסגעבראָכן א שריפה. כמעט אלע אידישע הייזער זיינען געוואָרן פארברענט, און זייער פארמעגן — קליידער, צירונג און אויך משכונות — זיינען געוואָרן צוגערויבט.

אין יענער צייט האָבן די אידן זייער א סך געליטן פון די שילערס און מ׳האָט זיי אויך געצוואונגען צו געבן אָפּצאָלן פארן ר'עקטאָר פון דער שולע. נאָך דער שריפה אין יאָר 1458 האָבן די אידן אָפּגעשלעפּט מיטן באצאָלן די דאָזיקע סומעס, האָט מען זיי גערופן צום געריכט און געפאָדערט פון זיי צו באצאָלן פאר א צייט פון 3 יאָר. די אידן האָבן געטענהט, אז די דאָזיקע אָפּצאָלן זיינען אייגנווילליקע און זיי האָבן נישט קיין געזעצלעך אָנשפּאר. לבסוף איז מען געקומען צו א פשרה. טראָץ דער פשרה זיינען די תביעות געוואָרן באנייט אין יאָר 1463.

נאָך נישט באוויזן קומען צו זיך נאָך דער לעצטער שריפה — זיינען אום פסח 1542 אויס־געבראָכן אנטי־אידישע מהומות. א קריסטלעכער המון האָט זיך ארייגעריסן אין אידישע הייזער, צעבראָכן דאָס מעבל, די טירן און אפילו די ווענט, געראויבט און געגזלט. אינעם רויב האָבן זיך אויך באטייליקט חשובע בירגער פון שטאָט מיט זייערע קינדער. זיי האָבן זיך אויך אריינ־געריסן אין שול און פארשוועכט די ספרי־תורה. אָט דער אויסברוך איז ארויסגעדרונגען פון דער קנאה צו די אידישע סוחרים און בעלי־מלאכות. וואָס האָבן זיך אָנגעזעצן אין שטאָט סיי מיט זייער צאָל און סיי מיט דער קוואליטעט פון זייער ארבעט. א ריי אידן זיינען געוואָרן פארוואונדעט.

אויף דער פאָדערונג פון די קהילה־אָנפירער, האָט דער פאָדוואָיעוואָדע איינגעאָרדנט אן אויספאָרשונג. דער שטאָטראט, וועלכן די אידן האָבן באשולדיקט אין איניציאירן די געשעעניש, האָט זיך ארויסגעדרייט פון יעדער אחריות. די ארעסטירטע כוליגאנעס זיינען געוואָרן באפרייט. צוליב דער אויספאָרשונג האָט דער שטאָט־ראט באשלאָסן, א אין פאסחא־חגא, פון גרויסן פרייטיק ביזן גרויסן מאָנטיק, איז די אידן פארווערט צו באווייזן זיך אין גאס און אויך ארויס־צוגיין פון זייערע וואוינונגען, כדי אויסצומיידן אויסברוכן. אויפן קאשטעלאן איז ארויפגעלייגט געוואָרן דער חוב צו זאָרגן פאר דער זיכערקייט פון די אידן. דער סטאראָסטע אנדזשיי גורקא האָט געפּסקנט, אז אויב די עקסצעסן וועלן ווערן באנייט, וועט דער שטאָטראט באצאָלן קנס אין דער סומע פון 2000 גזשיוונעס.

1565 פּאגראָמען אין יאָר 1565 זיינען ווידער פאָרגעקומען אין שטאָט פּאָגראָמען קעגן אידן. דאָס פּעוול האָט זיך ארייגעריסן אין דער אידישער גאס, געראויבט און געגזלט. 3 אידן זיינען געוואָרן דערהרגעט.

דער וואָיעוואָדע — אין זיין וואוינונגס־הויז איז דערהרגעט געוואָרן די אידישע פרוי מרים — איז געווען אויף דער זייט פון די אידן און פארפירט א משפט קעגן שטאָטראט. אויך די קהילה און די קרובים פון די אומגעקומענע האָבן אָנגעקלאָגט אין געריכט און געפאָדערט צו באשטימען די שטראָף פון 2000 גזשיוונעס און 1000 גזשיוונעס פארן פארשוועכן דאָס בית־

הכנסת. די באַשולדיקטע זיינען נישט דערשינען פאַרן משפּט. לויט דער אינטערווענץ פון שטאָטראַט האָט דאָס מלוכהשע געריכט אָפּגעוואָרפן די אידישע תביעות און די באַשולדיקטע זיינען נישט געוואָרן באַשטראָפט.

אין 1466—1467 זיינען אין אַ מגיפה אויסגעשטאָרבן 3/4 פון דער באַפעלקערונג. דער מצב פון דער קהילה און פון די אידן איז געווען זייער אַ שלעכטער.

די קאַלישער אידן זיינען נישט ניצול געוואָרן פון שווערע געשעענישן, ווי דער משפּט פון יאָר 1557, ווען זיי זיינען געוואָרן באַשולדיקט אין גנבענען די האָסטיע פון קאָשטשאָל און אַ ריי געמשפּטע זיינען געוואָרן פאַראורטיילט צום טויט. אַ כוואַליע פון רדיפות מצד די שטאָטלייט איז אַריבער איבער די אידן אין יאָר 1566. די אידן כהן און די ברידער יוסף דוד און מאַרק האָבן דערלאַנגט דעם קעניג זיגמונט אויגוסט 6 דילעטאַריעס וועגן 11 רויבעריי־טאַטן, אָבער צוליב אומבאַקאַנטע סיבות האָט דער קעניג מבטל געמאַכט דעם ענין.

נישט ווייניק האָבן די אידן געליטן אויך פון די סטודענטן. אין 1571 האָבן די אידן, די ברידער שמאיל (שמואל) און משה מרדכאַוויטש און דער רב אָפּגעגעבן אין געריכט אויף אַ משפּט אין ענין פון דערמאָרדן זייער ברודער אליה (אליהו) דורך אַ סטודענט. נאָך אַ משא ומתן זיינען זיי געקומען צו אַ פּשרה מיט די שטאָטלייט און מבטל געמאַכט דעם משפּט. דער באַפולמעכטיקטער שמואל האָט באַקומען פון די קאַלישער שטאָטלייט אַנטשעדיקונג אין דער סומע פון 116 גילדן „פאַרן טויט פון דערמאָנטן אליה".

דאָס איז נישט געווען די איינציקע טאַט פון די סטודענטן. אַ קורצע נאָטיץ אין פּנקס פון דער קראָקעווער קהילה גיט איבער: „אין ק"ק קאַליש האָבן די שילער חרוב געמאַכט דאָס בית־הכנסת, גענומען די סת (ספר תורה), זי צעריסן. דאָס איז געווען אין יאָר אנש" (1591). ווייזט אויס, אַז דאָס איז געווען איינער פון די באַקאַנטע „שילער־געלויפן".

מיר האָבן נישט קיין ידיעות וועגן די געשעענישן אין קאַלישער אידישן לעבן. בלויז איינמאָל, אין יאָר 1487, ווערט דערמאָנט) האָט מען געדאַרפט באַצאָלן דעם יערלעכן שטייער. קיין פּרטים וועגן דעם ענין ווערן נישט אָנגעגעבן.

גענויערע ידיעות הויבן זיך אָן אין אָנהויב פון 16־טן י.ה.

לויט דער בקשה פון די קאַלישער אידן, באַפרייט זיי דער קעניג אַלעקסאַנדער — כדי אַרויסצוווייזן זיי זיין חסד — פון צו באַצאָלן אַלע אַלגעמיינע שטייערן. אין יאָר 1531 האָט דער קעניג זיגמונט געוואָלט שיצן די אידן קעגן די רדיפות מצד די קריסטן אין צוזאַמענהאַנג מיט די באַשולדיקונגען, אַז זיי באַנוצן זיך מיט קריסטלעכער בלוט צוליב ריטועלע צוועקן, און פאַרעפנטלעכט אַן אויפרוף, וואָס האַלט איין קראַפט אַלע אידישע געזעצן אין פּויזן, גניעזנאַ, קאַליש און אין אַנדערע שטעט פון גרויספּוילן. די תושבים פון די שטעט האָבן נישט קיין רעכט צו משפּטן אידן. רעכט צו משפּטן האָבן בלויז דער פירשט און דער וואָיעוואָדע. דעמאָנסטראַציעס, מהומות און שעדיקן אידן און זייער פאַרמעגן — איז פאַרווערט. מ'דאַרף אָפּהיטן די פרייהייטן און די עקזיסטענץ־שריפטן, וואָס זיי האָבן באַקומען. דער קעניג האָט באַשטימט שטראָפן פאַר יעדן, וואָס איז עובר אויף די דאָזיקע באַפעלן.

צוזאַמען מיטן אָנקום פון אַ צאָל פּליטים פון טשעכיע אין יאָר 1542 האָט די אידישע קהילה זיך אָנגעהויבן צו פאַרפעסטיקן. זי האָט באַקומען אַן עקזיסטענץ־שריפט — וואָס איז פאַרלוירן געגאַנגען אין לויף פון דער צייט און פון די געשעענישן — און אונטערגעשריבן אַ האַנדלס־אָפּמאַך מיטן שטאָטראַט. דער דאָזיקער פאַקט איז געוואָרן באַוואוסט פון אַ דאָקומענט פון די נײַנציקער יאָרן פון 16־טן י.ה., וואָס שטעלט פעסט, אַז די קהילות פון גניעזנאַ און קאַליש האָבן באַקומען פּריווילעגיעס און געחתמעט אויף האַנדס־אָפּמאַכן מיט זייערע שטאָט־פאַרוואַלטונגען.

אין יאָר 1517 האָט דער קעניג זיגמונט I געגעבן די פּויזנער אידן פרייהייט פון האַנדל אָן שטערונגען מצד דער שטאָט. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף פון די שטעט, דערין אויך קאַליש, פאַר דער פרייהייט פון האַנדל.

די שטעט קעגן אידן

אין די שטעט האָבן די קריסטלעכע סוחרים פאַרשפּרייט לאָזונגען צו אָרגאַניזירן די שטעט קעגן די אידן מיטן ציל צו באַגרענעצן זייער האַנדל. אין יאָר 1521 האָבן די שטעט געשיקט דעלעגאַציעס צום סיים אין פּיאָטרקאָוו און דאָרט האָבן זיי משפּיע געווען אויפן קעניג מבטל צו מאַכן אַלע פּריווילעגיעס.

ווען די פויזנער סוחרים האָבן באשלאָסן ארייננצורייסן זיך אין די אידישע סקלאַדעס און זיי האָבן זיי חרוב געמאכט, האָט די געשיכטע געדינט ווי א ביישפיל אויך פאר די איינוואוינער פון ברעסט־קויאוו, גניעזנאָ, קראָקע און קאליש. אין יאָר 1527 זיינען אין קאליש געוואָרן אויס־געראַבעוועט די אידישע סקלאַדעס, געוועלבער און הייזער. די קאלישער סוחרים האָבן נישט געהאָלפן זייערע מעשים לגבי דעם שטאַטישן מסחר. להיפך, די קאלישער אידן, האָבן צוזאַמען מיט די אידן פון פויזן, קראָקע און בריסק ביים בוג פאַרנומען אין די יאָרן 1552—1572 איינעם פון די ערשטע ערטער אין מסחר קיין דאַנציג. זיי האָבן געפירט האַנדלס־געשעפטן נישט בלויז אין גרויספוילן, נאָר אויך אין מאַזאָוויע און אין אַנדערע ראַיאָנען פון פוילן.

פון די רשימות פון דער קאלישער צאָל־סטאַציע אין 1580—1581 דערוויסן מיר זיך, אז אידן האָבן דורכגעפירט דורך דער דאָזיקער סטאַציע 4,479 פעלן, צווישן זיי 734 פעלן פון אָקסן, 2370 ציגן, 500 קעלבער, 653 אַנדערע פעלן אויף פוטער. אחוץ די דאָזיקע סחורות האָבן זיי אדורכגעפירט 972 געוויכטן וואָל (פון 1135 געוויכטן), 30 געוויכטן חלב, 295 געוויכטן וואַקס, 5 געוויכטן פעפער און איין קאַסטן מעד.

אין דער זעלבער צייט (1581) האָבן זיי דורך דער צאָל־סטאַציע אין אושטשאַזאָוו דורכגעפירט פון 13,804 ציגן־פעלן — 11,201, פון 343 הירשן־פעלן — 180, 299 רינדן־פעלן, 154 פעקלעך שטאָף, 2 פעקלעך שלעזאָווער וועב, 1000 קאָסעס פון דער לאַנד־אויסאַרבעטונג (פון 6,450) און 20 געוויכטן זייף פון דער לאַנד־אויסאַרבעטונג (פון 54 געוויכטן).

דער פאַרנעם פון די אויבנדערמאָנטע סחורות באַווייזט, אז אידן האָבן פאַרנומען דאָס ערשטע אָרט אין האַנדל פון פעל, פוטער, וואָל, ביינוויל, געוועבן, וואַקס, חלב און אפילו זייף.

דער דאָזיקער האַנדל איז געווען קאָנצענטרירט ביי געציילטע שיכטן. פון א פאַרצייכענונג אין יאָר 1579 איז באַוואוסט, אז די קאלישער אידן האָבן געצאָלט שטייערן בלויז 130 גילדן פון גאַנצן סכום שטייער — 683 גילדן 4 גראָשן. 40 אידן האָבן נישט געצאָלט צוליב אָרעמקייט, דאָס הייסט, אז 30% פון אידישן ישוב זיינען געווען אָרעמעלייט. לויטן באַפעל פון קעניג זיגמונט זיינען אידן געווען מחויב צו צאָלן:

1. אידן־שטייער — Exacto judaica census et ordinarius.
2. אומגעוויינלעכע שטייערן — Contributiones.
3. אָפּצאָלן אין געלט, מאַטעריאַלן און אַרבעט — Solutiones, datio, angaria.

אין יאָר 1678 האָט דער סיים באַשלאָסן, אז אין הסכם מיט די געזעצן פון די יאָרן 1676 און 1677 באַקומען די קאלישער (און אויך לובלינער) אידן די רעכטן, פון וועלכע עס געניסן די פויזנער אידן. דער דאָזיקער באַשלוס האָט פאַרריכט זייער יורידישן מצב און געעפנט פאַר זיי נייע ווירטשאַפטלעכע מעגלעכקייטן.

אין יענער תקופה האָבן זיי אויסגעברייטערט דעם פאַרנעם פון זייער האַנדל. אין דער העלפט פון 17־טן י.ה. האָבן זיך איינגעשטעלט האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט די לייפּציקער און ברעסלויער ירידים. אין יאָר 1674 האָט אויף די לייפּציקער ירידים זיך באַוויזן מאַרקוס (מרדכי בן יצחק) אלס פאָרשטייער פון די אידישע סוחרים אין קאליש. אין יאָר 1675 זיינען די ירידים געוואָרן שוין באַזוכט דורך 3 אידן פון קאליש, 1676 — 4, 1677 — 7, 1678 — 10, 1679 — 9, 1680 — 4. אין די יאָרן 1681—1699 האָבן אין די לייפּציקער ירידים זיך באַטייליקט 632 אידן פון פוילן, צווישן זיי 105 פון קאליש, לגבי 149 פון ליטע און 249 פון פויזן. די קאלישער סוחרים פאַרבינדן זיך אויך מיט ברעסלוי און ברענגען אירע סחורות אויף די ירידים. אין די יאָרן 1651—1738 ווערן אין באַזוכער־רשימות אויף די ברעסלויער ירידים דערמאָנט דורכשניטלעך 59 אידן פון קאליש.

אין יאָר 1678 זיינען געקומען פון פוילן אויפן ברעסלויער יריד 20 אידן, צווישן זיי 4 אידן פון קאליש. אין יאָר 1686 זיינען קיין ברעסלוי אריינגעקומען צווישן 16.3 און 5.4 — 332 אידן, 177 פון פוילן, צווישן זיי 32 פון קאליש. אין יאָר 1696 זיינען געקומען פון פוילן 73 אידן, צווישן זיי 14 פון קאליש.

אין יאָר 1698 האָבן די קאלישער אידן געשאַפן זייערס אן אייגענעם מנין צום דאַווענען. אין ברעסלוי האָבן זיי אויך געהאַט אן אייגענעם שתדלן, וואָס איז געשטאַנען אויף דער וואַך פון זייערע אינטערעסן.

א סך פון די סוחרים זיינען געפאָרן סיי קיין לייפּציק, סיי קיין ברעסלוי אויף א סטאַבילן

אופן, יאָר־יערלעך. צווישן די באַזוכער זיינען אויך געווען פאַרמיטלער און מיטעלע סוחרים, וועלכע זענען נישט נאָטירט געוואָרן אין די באַזוכער־רשימות כדי אויסצודרייען זיך פון אָפּצאָל, וואָס ווערט ארויפגעלייגט אויף די יריד־באַזוכער. אויף די ירידים האָט מען געבראַכט פעלן, פוטערוואַרג און מ׳האָט דאָרט געקויפט וועב־שטאָפן, גאַלאַנטעריע, זייד, אייזנוואַרג און איידל־שטיינער.

צווישן די סוחרים, וואָס האָבן באַזוכט לייפּציק דאַרף מען אָפּמערקן שמעון יצחק און זיין זון אשר אברהם (1624), און זיינע זין אַמשל און משה, וועלכע זיינען דאָרט געקומען יעדעס יאָר צווישן 1686 און 1736, חנוך יעקב, מארקוס און משה. אין די יאָרן צווישן 1678—1684 פון די פאַמיליעס הערץ, מארקוס, שמערלאָוויטש, וואָלף.

די ברעסלויער ירידים זיינען געוואָרן באַזוכט דורך אשר, יצחק, יעקב לעבל, מיכאל, משה, שמואל אברהם אין די יאָרן 1685—1702, מארקוס יצחק און זיין זון, יצחק מארקוס דראַר, יעקב באַרבער, קאָפּל גאָלדשמידט פון דער סוחרישער פאַמיליע יאַכען אַלעקסאַנדער, יעקב אברהם, יעקב ליפּמאַן, אהרן, יעקב לאַזאַרוס, שמואל יאַכען אין די יאָרן 1685—1702, פון דער פאַמיליע קאָפּהאַן אברהם און מארקוס אין די יאָרן 1652—1696.

אין סוף פון 17־טן י.ה. און אין אָנהויב פון 18־טן י.ה. האָבן פּוילישע אידן זיך באַזעצט אין ברעסלוי. אין יאָר 1722 האָבן אין ברעסלוי זיך געפונען 159 פּוילישע אידן, צווישן זיי 3 פון קאַליש. דער דאָזיקער פּרט באַווייזט, אַז די האַנדלס־פאַרבינדונגען מיט ברעסלוי זיינען געווען סטאַבילע. די קאַלישער אידן האָבן געבראַכט זייערע סחורות נישט בלויז אויף די ירידים אין ברעסלוי, נאָר אויך אין פאַרשידענע מקומות אין שלעזיע.

מלאכה

א ריי אידן האָבן זיך מפרנס געווען אויך פון מלאכה. צוליב פאַרשטענדלעכע סיבות זיינען געוויסע מלאכות געווען פאַרבונדן נאָר מיט אידישע בעלי־מלאכות, ווי שניידערס, קצבים, בעקערס, וועבערס. אָט די מינים בעלי־מלאכות, ווי אויך קירזשנערס, פלעכטערס, גאָלדשמידן האָבן געאַרבעט נישט בלויז פאַר אידן. פון א דאָקומענט פון יאָר 1538 איז אונדז באַוואוסט א אידישער מאָלער ביינישׁ (Byenas). דעם 23־טן אויגוסט 1538 האָט ער באַקומען פון קעניג זיגמונט I אַן „אייזערנעם בריוו". אין שייכות מיט זיין מאָלעריי האָט ביינישׁ געפירט א משפט קעגן א קריסטלעכן בעל־מלאכה.

דער דעקרעט פון קעניג זיגמונט פון יאָר 1513 איז, ווייזט אויס, ארויסגעגעבן געוואָרן צוליב א קאָנפליקט צווישן אידישע און נישט־אידישע קצבים. דער דעקרעט האָט באַשטימט, אַז אידן מעגן פאַרקויפן דאָס פלייש, וואָס איז לויט זייערע דינים פאַרבאָטן זיי צו נוצן, נאָר אין זייערע הייזער.

פון א באַשטעטיקונג פון האַנטווערקער־תקנות, וואָס זיי האָבן באַקומען אין יאָר 1657 און געוואָרן פאַררעגיסטרירט אין יאָר 1662 דורכן קעניג יאַן קאַזימיר, דערוויסן מיר זיך, אַז אידן האָבן זיך פאַרנומען מיט א סך מלאכות. זיי זיינען געווען רימערס, זאָטלמאַכערס, שמידערס, אויוונמאַכערס, סטאָליאַרעס, בייטלמאַכערס, שטריק־פלעכטערס, שניצערס און גלעזערס.

קיינער, א קריסט ווי א איד, פון די אויבנדערמאָנטע בעלי־מלאכות, האָט נישט געטאָרט אויסאַרבעטן אָדער פאַרקויפן זיין פּראָדוקציע אויפן באָדן פון דער שטאָט, פון די אַדלליייט און פון די גייסטלעכע און אויך אין די פאַרשטעט „און נישט וואַגן צו ברענגען ארויסגעעפנדיקטע פּראָדוקציע פון אַן אַנדער אָרט, אויב ער איז נישט קיין מיטגליד פון היגן צעך" (דאָס הייסט אין קאַליש), אונטער דער דראָאונג פון קאָנפיסקירן די סחורה לטובת דער שטאָט, דורך די פירער און מיטגלידער פון פּראָפעסיאָנעלן צעך, מיטן וויסן פון דער מאַכט. דאָס איז אָבער נישט געווען חל אויף די ירידים, וועלכע האָבן באַקומען א רעכט דערויף. יעדער בעל־מלאכה, וואָס איז אריין אין צעך, איז געווען מחויב צו באַצאָלן איין גילדן מיט 18 גראָשן. בלויז איין מלאכה איז געווען פאַרבאָטן פאַר אידן: לויט רעגולאַמין פון פעלדשער־צעך (cech cyrulików). פון יאָר 1672, האָבן אידן נישט געטאָרט זיך פאַרנעמען מיט דער „פעלדשער־פּראָפעסיע". מען קען אָבער זיך משער זיין, אַז דער פאַרבאָט איז נישט געווען חל אויף דער אַרבעט צווישן דער אידישער באַפעלקערונג.

אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן י. ה. האָבן די קריסטלעכע סוחרים אין קאַליש פאַרשטאַרקט זייער קאַמף קעגן די אידן, און נישט אַדורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט צו העצן קעגן זיי,

בכדי אונטערצוגראָבן זייערע ווירטשאַפטלעכע פּאָזיציעס. אין יאָר 1672 האָבן זיי אפילו פאַר־שפּרייט א שאַרפע דעקלאַראַציע קעגן אידן מיט אזא אינהאַלט:

„היות ווי אין די פריערדיקע יאָרן האָט זיך פאַרשפּרייט דאָס רשעות פון די אומגלויביקע אידן, רעקאָמענדירן מיר די אָנפירער פון אונזער צעך, די איצטיקע ווי די קומענדיקע, אז זיי זאָלן נישט דערלויבן די אידן אויסצושטעלן זייערע סחורות אויף די ירידים אפילו איין טאָג, אָדער צו האַנדלען אין געדינגענע הייזער, און נישט אין זייערע אייגענע הייזער, אָדער אין פרעמדע, אָדער אין וועלכן ס'איז אָרט פון שטאָט, מיט סחורות, וואָס זיינען פאַראַן אין די געוועלבער, אָדער מיט יענע, וואָס דאַרפן א באַזונדערע דערלויבעניש פון דער שטאָט. אויב די אידן וועלן נישט איבערייסן מיט דעם, וועלן אונזערע אָנפירער און די דינער פון געריכט, פון שטאָט אָדער פון לאַנד, האָבן דאָס רעכט צו פאַרקויפן, וואָס זיי וועלן געפינען. קיין שום אייגנטימער פון א געוועלב אין אונזער שטאָט האָט נישט קיין רעכט דאָס געוועלב צו פאַרדינגען עמעצן אָדער דערלויבן אריינצופירן דאָרט סחורה עמעצן, וואָס איז נישט קיין מיטגליד פון סוחרים־צעך, מעג ער זיין א קריסט צו א איד. יעדער וואָס וועט עובר זיין אויפן פאַרבאָט, וועט פאַרלירן זיין געוועלב. דאָס זעלבע איז שייך אַנדערע געוועלבער אין מיטן שטאָט און אין די געמויערטע הייזער אין די גאַסן.

אונטערגעשריבן: פּאַול איוואַנאָוויטש בעבער

א באַזונדער קאַפּיטל שטעלט מיט זיך פאָר די פּאָליטיק פונעם סיימיק פון די וואָיעוואָדשאַפטן פויזן און קאַליש לגבי די אידן.

אין יאָר 1589 האָבן די סיימיקעס, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען פאַרן אַלפּוילישן סיים פון 31־טן יאַנואַר — 3־טן פעברואַר, אַרויסגעגעבן די וואָיעוואָדשאַפטן־דעפּוטאַטן צום סיים אַן „אינסטרוקציע" אין פּאַראַגראַף 31: נישט אַרענדירן צו אידן דעם אַקציז פון משקאות (czopowe). אין יענעם יאָר האָט די פאַרזאַמלונג פון סענאַטאָרן און סיים־דעפּוטאַטן פון די וואָיעוואָדשאַפטן, דעם 20.9 אין לענטשיץ, באַשלאָסן: „ערב דער אינוואַזיע פון די טאַטאַרן קיין אוקראַינע, וואָלין און פּאָדאָליע דאַרף מען אויך אויף די אידן אַרויפלייגן מלחמה־שטייער פאַר דער מאָביליזאַציע פון זעלנער לויט דער אָפּשאַצונג פון וואָיעוואָדע־אַמט". אין אָקטאָבער 1596 האָבן די וואָיעוואָדשאַפט־פאַרשטייער פון פויזן און קאַליש דערלאַנגט דעם קעניג זייערע תביעות (postulata) אין דער צייט פון דער סיים־סעסיע, אין וועלכער זיי שטעלן פעסט, אז די אידן האָבן צעשטערט די שטאָטישע סקלאַדעס, זיי „זיינען די הערשער און יעדן טאָג ברענגען זיי אונדז שאָדן און דערפאַר הייבן די סוחרים אויף די פרייזן פון די אַרטיקלען".

דעם 12.1.1597 האָבן די סיימיקעס איבערגעחזרט זייער פאָדערונג נישט צו אַרענדירן די אידן דעם משקאות־אַפּצאָל און דערצו נאָך פאַרלאַנגט צו פאַרווערן אידן זיי זאָלן זיין צאָל־באַאַמטע און צאָל־איינמאָנער. קריסטלעכע צאָל־באַאַמטע, וואָס וועלן באַשעפטיקן אידישע באַאַמטע און איינקאַסירער, וועלן ווערן באַשטראָפט מיט 400 גזשיווניעס און מיט אזא סכום וועט אויך ווערן באַשטראָפט דער איד.

קאַמף מיט די שטאָט־לייט

אחוץ די דאָזיקע באַגרענעצונגען זיינען נאָך די קאַלישער אידן געשטאַנען אין א שווערן קאַמף מיט די שטאָט־לייט. יענע האָבן נישט גערן געזען דעם וואוקס פון אידישן ישוב, וואָס איז, צוליב דער מוראַדיקער ענגשאַפט אויף דער אידישער גאַס, געווען געצוואונגען זיך אויס־צוברייטערן און צו קויפן וואוינונגס־הייזער אין שטאָט. אָט דער קאַמף האָט זיך געצויגן, ווי מיר וועלן ווייטער זען, ביז אין דער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט.

אין יאָר 1620 איז געהרגט געוואָרן א איד, לויט א קלאַנג — צוליב דעם וואָס ער האָט פאַרשוועכט דעם נאָמען פון יעזוסן. פאַר זיין טויט האָט ער איבערגעגעבן א בייטל. זיין שוואָער איז געווען דער שמש פון בית־הכנסת, און די אידן־פיינט האָבן פון אים פאַרלאַנגט דאָס בייטל מיט דער טענה, אז אינעווייניק געפינט זיך יעזוסעס בילד. דאָס מלוכהשע געריכט האָט געפסקנט, אז די קהילה דאַרף אים שטעלן פאַרן משפט פון וואָיעוואָדע, אויב זי וועט נישט פאָלגן, וועט מען אויפן פרנס פון דער קהילה אַרויפלייגן די שטראָף, וואָס דערוואַרט דעם שמש. דער שמש האָט זיך באַהאַלטן ביי א איד אין שטוב. די קהילה איז נישט געווען מחויב צו

ברענגען אים פאַרן פרעמדן געריכט, היות די גאַנצע באַשולדיקונג איז געווען אַן אויסגעטראַכטע. סוף כל סוף איז די אידן געלונגען מפייס צו זיין די קריסטן מיט א באַדייטנדיקער סומע. דאָס בּייטיקע געלט האָט געגעבן די פּויזנער קהילה: אין יאָר 1620 — 220 גילדן, דערנאָך 300 גילדן און 500 גילדן. די קאַלישער קהילה האָט דאַן זיך געפונען אין א נויט.

אין יאָר 1623 איז אין שטאָט אויסגעבראָכן א מגיפה, אין וועלכער עס זיינען אומגעקומען פיל אידן.

אין דער צייט פון דער מגיפה און נאָך איר האָבן די קאַלישער אידן א סך געליטן פון דער גיפטיקער העצע פונעם פוילישן דאָקטאָר סעבאַסטיאַן שלעשקאָווסקי (1576—1648), וועלכער האָט געוואוינט אין קאַליש פון יאָר 1621 ביזן טויט. אין יאָר 1623 האָט ער פאַרעפנטלעכט אין קאַליש א בוך וועגן דער מגיפה א.נ. Metodyczna nauka o ustrzeżeniu się w leczeniu morowego powietrza, także gorączkach jadowitych przymiotnych z pełociami. אין וועלכן ער שטעלט פעסט די סיבה פון דער מגיפה: „א שטראָף פון הימל פאַרן שמוץ און אויפזיכט, וואָס די שליאַכטע און די שטאָט־מאַכט ווייזט אויס לגבי די אידן". ער האָט באַשולדיקט די אידישע דאָקטוירים, אַז זיי פאַרגיפטן סיסטעמאַטיש זייערע קריסטלעכע פּאַציענטן.

נאָך הארבערע באַשולדיקונגען לגבי אידן און בעיקר קעגן אידישע דאָקטוירים האָט ער אַרויסגערוקט אין דער בראָשור:

"Jasne dowody o doktorach żydowskich że nietylko duszę ale i ciało w niebezpieczeństwo zginienia wiecznego, wdaja, Którzy żydów... przeciwko zakazowi Kosciola Św. za lekarzów wzywają (קלאָרע באַווייזן וועגן אידישע דאָקטוירים, וואָס וואַרפן אריין אין א סכנה פון אייביקן אומקום נישט בלויז די נשמה, נאָר אויך דעם גוף, די אַלע, וואָס לאַדן איין אידן אַלס דאָקטוירים, נישט געקוקט אויפן פאַרבאָט פון דער הייליקער קירכע).

אין זיין העפט: De Jugendis medicis atque Chirurgis Judaeis וואָס ער האָט אין יאָר 1630 געווידמעט דעם וואָיעוואָדע באַראַנאָווסקי פון שעראַדז, שרייבט ער, אַז „ווי א דאָקטאָר איז ער געצוואונגען צו רעדן וועגן מאָרד פון קריסטלעכע קינדער דורך אידן. דערפאַר איז פאַרווערט צו עסן און צו טרינקען מיט אידן און צו קויפן ביי זיי עסנוואַרג־כלים, ווארעם עס איז געפערלעך נישט בלויז צו רעדן מיט א איד, נאָר אויך זיך צו באַגעגענען מיט אים".

שלעשקאָווסקי האָט אויך פאַרגעשלאָגן א פּלאַן צו איזאָלירן די אידן אין ספּעציעל געשאַפענע דערפער, וואו זיי וועלן לעבן אַלס אונטערטאַנער פון די אדלליט. דאָס דאָזיקע בוך זיינס איז פאַקטיש א נאָכאַמונג פונעם בוך Zwierciadło (שפּיגל), 1618, פון ד"ר סעבאַסטיאַן מיצינסקי, וואָס איז פול מיט באַשולדיקונגען, רכילות און בלבולים אויף אידן.

אין ניסן ת"א (1641) האָט א משומד געמאַכט א בלבול אויף די קאַלישער אידן וועגן „שקר און פאַרברעכן". די קריסטן האָבן אום שבת זיך אריינגעריסן אין שול, צעריסן צוויי ספרי־תורה, צעוואָרפן און געטראָטן די שטיקער. פּרטים וועגן די באַשולדיקונגען קעגן די אידן זיינען נישט באַוואוסט און מען ווייסט אויך נישט צי די אידן זיינען געוואָרן געטרופן צום געריכט.

זייער פיל האָבן די קאַלישער אידן געליטן אין דער צייט פון דער צווייטער שוועדיש־פוילישער מלחמה, אין די יאָרן 1655—1659. דעם 21.7.1655, באַלד נאָך דער אינוואַזיע פון שוועדישן מיליטער קיין פּוילן, זיינען אָן א שלאַכט איבערגעגאַנגען אויף דער שוועדישער זייט די וואָיעוואָדעס פון פּויזן און קאַליש, בראש פון 15,000 מאַן, אָן שום ווידערשטאַנד, און אונטער־געשריבן א קעגנזייטיקן אָפּמאַך, לויט וועלכן יעדער איינער, וואָס וועט שטיצן די מענטשן פון קעניג יאַן קאַזימיר, וועט פאַרלירן זיין פאַרמעגן. אין אזא פאַרראַט זיינען דורך די פּאָליאַקן געוואָרן באַשולדיקט די אַריאַנער און די אידן.

פאַר דער דאָזיקער מלחמה איז קאַליש געווען די הויפּטשטאָט פון די וואָיעוואָדשאַפטן פון ווירטשאַפטלעכן שטאַנדפּונקט. קאַליש איז געווען סטאַביל און רייך. אירע לאַגערס זיינען געווען אָנגעשטאָפּט מיט פּראָדוקטן. לויט א סיים־באַשלוס פון מאַי 1655 זיינען די מויערן און פעסטונגען פון שטאָט געווען פאַרפעסטיקט.

ווען ס'זענען אָנגעקומען ידיעות, אַז דעם 31־טן יולי האָבן די שוועדן פאַרנומען פּויזן אָן א ווידערשטאַנד, איז אין קאַליש אויסגעבראָכן א בהלה. די רייכע שטאָטלייט און די אדלליט זענען מיט זייערע משפחות אַנטלאָפן קיין שלעזיע. באַזונדערס זענען די תושבים געווען דער־שטוינט פון דער שמועה, אַז אויך דער בירגערמייסטער און דער וואָיט האָבן בדעה צו אַנטלויפן.

ס׳האָט זיך אָבער ארויסגעוויזן, אז דער בירגערמייסטער האָט אוועקגעשיקט קיין ברעסלוי זיינע חפצים און זיין פארמעגן, אָבער ער גופא איז געבליבן אין שטאָט, ווו ער איז געשטאָרבן אין פרילינג 1656.

אין אויגוסט 1655 האָבן די שוועדן איינגענומען די שטאָט, און תיכף האָבן זיי אויף איר ארויפגעלייגט קאָנטריבוציע און שטייערן. אין א ספעציעלער פאראָרדענונג האָבן זיי פארווערט די שטאָטלייט און אידן, וואָס האָבן זיך פארנומען מיט מסחר, ארויסצופירן סחורות נישט באצאָלנדיק קיין צאָל. יעדער וואָס איז עובר אויף דער פאראָרדנונג וועט אלצדינג פארלירן. די דאָזיקע פאראָרדענונג האָט שטארק געטראָפן די אידן, ווייל זי האָט געהאמעוועט זייער האנדל.

ווען דער אָנפירער פון די פוילישע ארמייען, סטעפאַן טשערניצקי, האָט אָנגעהויבן זיין באפריי־אונגס־צוג אויף די געגענטן, אָקופירטע דורך די שוועדן, האָט ער גערודפט אידן מיט דער טענה, אז זיי האָבן געהאָלפן דעם שונא. קרוב 1800 שולן זיינען חרוב געוואָרן, ספרי־תורה האָט מען צעריסן, הונדערטער אידן זיינען געהרגעט געוואָרן.

אומגעבראכט 40 קהילות

בלויז אין גרויספוילן זיינען אומגעבראכט געוואָרן 40 קהילות. דעם 22׳טן אָקטאָבער 1656 איז טשערניעצקי אָנגעקומען קיין קאליש. דאָס שוועדישע מיליטער אונטער דער קאָמאנדע פון ווּרעסאָוויטש איז צעשלאָגן געוואָרן און די מערהייט — פארטיליקט. לויטן ספר „טיט היון״ זיינען אין שטאָט דערהרגעט געוואָרן קרוב צו 600 אידישע משפחות, צווישן זיי די עלטערן פון שבתאי באס, וואָס האָט זיך בארימט געמאכט אלס ביבליאָגראַף. די קהילה איז אינגאנצן חרוב געוואָרן. ערשט נאכן סוף פון דער מלחמה האבן אידן אויף ס׳ניי זיך באזעצט און באוויזן צוריק אויפשטעלן די קהילה מיט דער מאטעריעלער הילף פון דער פויזנער קהילה און מיט די הלוואות, וואָס זיי האָבן באקומען פון פויזן, ליסא און קראָטאָשין, און פון די גייסטלעכע אין שוועזשיניעץ, אויף א סומע פון 28,000 גילדן. צווישן די נייע איינוואוינער איז אויך געוועזן מאיר קרעמעניצער, דער זון פון רב און מקובל ר׳ יצחק, וועלכער איז בעת די גזירות ת״ח אנטלאָפן פון קרעמעניץ און געבראכט מיט זיך אויך דאָס פארמעגן. ווייזט אויס, אז בשייכות מיטן צוריקאויפשטעלן די קהילה, האָבן די אידן זיך געניויטיקט אין פלעצער. די קהילה האָט געקויפט באָדן ביי דער שטאָטמויער און אויפן פערדמארק, איין פלאַץ פון אדאם הייגאָוויטש און א צווייטן פון יאקוב און רעגינא גראבאָווסקי. די באָדנס זיינען געוואָרן פארקויפט מיט דער הסכמה פון דער שטאָט־פארוואלטונג. אין יאָר 1650 איז דער דאָזיקער הסכם געוואָרן באשטעטיקט דורכן קעניג יאַן קאזימיר.

אין יאָר 1670 האָט די רעגירונג געפירט אונטערהאנדלונגען מיט מאָסקווע און אין צוזאמענ־האנג דערמיט האָט מען איינגעמאָנט שטייערן. די אידן פון קאליש און פון פויזן זיינען געווען מחויב צו באצאָלן אויפן חשבון פון קאָפּשטייער פארן יאָר 1669 דעם פאָדקאָמאזשי פון שעראדז, זאפאָלסקי, א סומע פון 3,000 גילדן. אין יאָר 1670 האָבן אין קאליש זיך באזעצט א צאָל אידישע פליטים פון ווין. אין יאָר 1675 איז אין קאליש אויסגעבראָכן א שריפה, וואָס האָט פארשאפט די אידן גרויסע היזקות.

ווייזט אויס, אז די שטאָטלייט האָבן מורא געהאט פאר אן אויסברייטערונג פון אידישן ישוב מחוץ פון דער אידישער גאס, און זיי האָבן באוואָרנט, אז דער קעניג יאַן סאָביעסקי (1624—1696), וואָס האָט שוין געהאלטן ביים באשטעטיקן די געזעצן און פריווילעגיעס פון דער שטאָט, זאָל באשטעטיקן אין א באזונדערן אָפּזאַץ די פארשטענדיקונגס־פאראגראפן פון דער שטאָט מיט די אידן פונעם יאָר 1540. די שטאָטלייט האָבן געטענהט, אז לויט יענער פארשטענדיקונג איז די אידן פארווערט צו בויען אָדער צו קויפן הייזער, צו האלטן שענקען — פאָדערונגען, אויף וועלכע זיי האָבן זיך אָנגעשפארט אין זייער העצע קעגן אידן ביז אין דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט.

אין יאָר 1676 (דעם 26־טן אפריל) האָט דער קעניג יאַן III באשטעטיקט, לויט דער בקשה פון די קהילה־פרנסים, די עקזיסטענץ־שריפטן פון די קאלישער אידן. צום סוף פון דאָקומענט האָט דער קעניג אונטערגעשטראָכן, אז „אויך מיר, דער קעניג יאַן III, זיינען געניייגט מסכים צו זיין מיט דער אויבנדערמאָנטער בקשה און באשטעטיקן דעם דאָקומענט אין אלע זיינע פונקטן, פארנעם און באדינגונגען״.

# דאס קהילה-לעבן



די סטרוקטור פון דער קהילה, אירע אויפגאבעס, דער באשטאנד פון דער אנפירונג, דאס באאמטנטום, די געלט־ווירטשאפט, קאליש און די אינסטיטוציעס פון דער אידישער אויטאנאמיע.

ער אויסערלעכער פאקטאר, וואס באשטימט די קהילה־ראמען, איז דער קעניג, וועלכער איז דער מקור פון אלע מלוכה־געזעצן. די אידן זיינען זיין קנין. זיי וויזן אים ארויס א באשטימטע אונטערטעניקייט און געניסן פון זיין שוץ. דער אינערלעכער מקור פון דער געזעצגעבונג איז דער אידישער משפט, וואס איז באזירט אויף חומש, תלמוד און פוסקים. דער יסוד פון אלע שפעטערדיקע עקזיסטענץ־שריפטן איז די פריווילעגיע פון באלעסלאוו פון קאליש פונעם יאר 1264. אט די עקזיסטענץ־שריפטן האבן באשטימט די ענינים פון מסחר, הלוואות אויף פראצענט, שבועות און אלגעמיינע תקנות פון דער קהילה און פון משפט. די פרטים זיינען פעסטגעשטעלט געווארן אין די פריווילעגיעס, וואס די קעניגן פלעגן צוטיילן די באזונדערע קהילות.

מיטן פארפעסטיקן זיך פון דער קהילה־אויטאנאמיע און איר אויסברייטערונג, האבן די קהילות, אנהויבנדיק פון יאר 1527, געשלאסן אפמאכן מיט זייערע וואיעוואדעס אויפן יסוד פון די תקנות פון די קעגנזייטיקע באציאונגען (Ordynacje).

די רעזשים־אנטוויקלונג פון דער קאלישער קהילה איז באשטימט געווארן, פונקט ווי אין אנדערע קהילות, דורך די עקזיסטענץ־שריפטן, און בעיקר אויפן גרונט פון די אידישע דינים. דער קעניג סטעפאן באטארי (1586—1576), וואס האט געשטיצט די אידן, האט נאך זיין קרוינונג באשטעטיקט די וויכטיקסטע און ספעציעלע עקזיסטענץ־שריפטן, באשטימט דעם אופן פון משפט ביי אידן און אויסגעברייטערט די אויטאנאמיע פון די גרויסע קהילות אין פוילן, צווישן זיי קאליש.

בראש פון אידישן ישוב איז געשטאנען דער קהל, וואס איז, פון ארגאניזאציאנעלן שטאנד־פונקט, געווען ענלעך צו דער שטאט־פארוואלטונג. פינף פרנסים האבן אנגעפירט מיט די קהילה־ענינים און אינסטיטוציעס און געזארגט פארן בודזשעט פון די הכנסות און הוצאות. זיי זיינען געווארן אויסגעוויילט דורך די קהילה־מיטגלידער, וועלכע האבן אויך פעסטגעשטעלט די אדמי־ניסטראטיווע ליניע. די טעטיקייט־ראם אירע נעמט ארום: אדמיניסטראטיוו־פינאנסיעלע, גע־ריכטלעכע און דערציאונגס־אויפגאבעס און רעליגיעזע ענינים.

די קהילה רעפרעזענטירט די אידן און פארמיטלט צווישן די מאכט־ארגאנען און דעם אידישן ישוב. זי איז די ערשטע געריכטלעכע אינסטאנץ, און אין באשטימטע פאלן — די העכסטע.

דער קהילה־רעזשים

לויטןביישפיל פון די שטעט, אויפן יסוד פון מאגדעבורגער געזעץ, איז אויך דער קהילה־רעזשים באשטאנען פון 3 שטופעס פאראלעל צו פאלגנדיקע 3 שטופעס, א) ראט (consules); ב) גע־שוואוירענע לאווניקעס (Lawa scabini, iurati); ג) „די פערציק פערזאן" (quadraginta). און אזוי איז אויך די קהילה געווען צונויפגעשטעלט: א) די עלטסטע, פרנסים אדער ראש־הקהלה אין דער צאל פון 3—5; ב) „די גוטע"; ג) דאס קהל, אדער די „קרואי העדה".

בראש פון דער קהילה זיינען געשטאנען די עלטסטע — די פרנסים. זיי זיינען געווען פאר־אנטווארטלעך פאר די מאכט־ארגאנען. נאכן אויסוואל האבן זיי אפגעגעבן א טריי־הייט־שבועה דעם קעניג און דער מדינה. זייער אויסוויילן האט געמוזט באקומען א באשטעטיקונג פון וואיעוואדע, און אין פריוואטע ישובים — די באשטעטיקונג פונעם ארט־אייגנטימער, אדער זיין באפול־מעכטיקטן. זיי בייטן זיך יעדן חודש ביים אויספירן זייערע פליכטן, און דער, וואס פירט אויס די אויפגאבע, ווערט אנגערופן פרנס החודש (senior mensis). אין דעם חודש פון זיין טעטיקייט איז ער דער מושל אין דער קהילה מיט א דעצידירנדיקער דעה. ב) „גוטע" (ławnicy, boni viri), פון דריי ביז 5. זיי זיינען שטעלפארטרעטער פון די פרנסים און זיי זיינען אויך בייזיצער אין געריכט מיטן אידישן ריכטער פון וואיעוואדע, ג) קהל, עדה. זייער צאל אין קאליש איז לויטן ארט און דער צייט, מ'קען זיך משער זיין, אזוי ווי אין פויזן — 5.

אויסער דעם זיינען אויך געקליבן געוואָרן קאָמיסיעס:
1. גבאים פון צדקה גדולה, 3—7.
2. רעכנמייסטער.
3. מארק־פרנסים, אכטונג צו געבן אויף געוויכטער, מאָסן, אויף דער ריינקייט פון די גאסן, אויף די נאכט־וועכטער און אויף דער כשרות פון פוטער, קעז און וויין.
עס זיינען אויך געווען סוב־קאָמיסיעס, אכטונג געבן אויף דער שחיטה און פלייש־פארקויף, אויפן דינגען משרתים און דינסטן א.א.וו.
4. א גבאי פון דעם תלמוד־תורה.
5. א גבאי פון בית־הכנסת
6. א גבאי פאר ארץ־ישראל־געלטער.
7. א גבאי פאר פדיון שבויים, באזונדערס אין 17־טן י.ה., אין דער מלחמה־צייט.
8. גבאי פון קאסע.
9. גבאים אויף אויסטיילן קהילה־שטייערן.
פרנסים פון די בעלי־מלאכה־חברות.

אויב ס׳איז נויטיק געווען, זיינען אויך באשטימט געוואָרן אנדערע קאָמיסיעס, ווי צום קאמף קעגן לוקסוס, אכטונג צו געבן אויף דער מאָראַל, אויף די חברות אין שטאָט. די ציווילע געריכטס־ענייגים צווישן די אידן גופא זענען געלעגן אין די הענט פון די דיינים. עס האָבן עקזיסטירט 2—3 בתי־דין, וואָס זיינען באשטאנען פון 3—5 דיינים.

יעדער איינער פון די אמטירנדיקע איז געוויילט געוואָרן בלויז אויף איין יאָר. די וואַלן זיינען פאָרגעקומען אין ערשטן טאָג חול המועד פסח. אין אלע קהילות, אויך אין קאליש האָבן די גרויסע עשירים געקענט ווערן באשטימט פארן קהל, און בעיקר האָבן געקענט אויסגעוויילט ווערן אויף ס׳ניי פערזאָנען פון אלטן קהל.

אין פויזן, און מסתמא אויך אין קאליש, זענען קהילה־וואַלן פאָרגעקומען אויף אזא אופן: די עלטסטע האָבן אריינגעוואָרפן אין קעסטל 21 נעמען פון חשובע בעלי־בתים און ארויס־געצויגן פון דאָרט לויט א גורל 7. די, וואָס זענען ארויס אין גורל, זענען געווען די בוררים און זיי האָבן נאָמינירט דעם נייעם קהל. די בוררים האָט מען אין געוויסע קהילות גערופן „אספת רח״ש״, אין פויזן — „כשרים״. זיי האָבן אויך געגעבן אינסטרוקציעס דעם נייעם קהל.

רבנים כדי אויסצופילן די קהילה־אויפגאַבעס זיינען געווען נויטיק, אויסער די כלי־קודש, אויך באאמטע. בראש פון דאָר באאמטן־היעראַרכיע אין דער קהילה שטייט דער רב. ער איז נישט בלויז דער העכסטער פון די באאמטע, נאָר דער גייסטיקער מנהיג און דער אויפזעער איבערן רעליגיעזן לעבן פון דער קהילה.

אין 15טן י. ה. זיינען אויפן כסא רבנות געזעסן על פי רוב פארמעגלעכע, וואָס די פענסיע איז ביי זיי נישט געווען וויכטיק. דערפאר זענען זיי לחלוטין געווען אומאָפהענגיק פון די קהילה־פרנסים. דער מעמד פון די רבנים אין 17—18 יאָרהונדערט האָט זיך אָנגעהויבן ענדערן.

די נעמען פון די רבנים אין דער ערשטער תקופה פון דער קאלישער קהילה זענען נישט באוואוסט, אָבער אין דער רבנישער ליטעראַטור פון יענער צייט רעדט זיך וועגן א „היתר פון די אמאָליקע רבנים״ און „חידושי רבנו מקאליש״. מ׳דארף דערפון מאכן אַן אויספיר, אז אויפן קאלישער כסא רבנות זענען געזעסן גדולי התורה, געקומענע מחוץ פון דער שטאָט, היות די קאלישער קהילה האָט קיינמאָל נישט באשטימט עמעצן פון דער שטאָט אלס איר רב.

דער ערשטער רב, וואָס איז באוואוסט לויטן נאָמען — 1639—1643 — איז הרב שלמה זלמן בר׳ ירמיהו יעקב. נאָכדעם ווי ער האָט פארלאָזט קאליש, האָבן אמטירט די רבנים: ר׳ אליהו בר׳ יחיאל אין יאָר 1647, ר׳ יהודה קרא, ר׳ ישראל בר׳ נתן שפירא (1639—1657), ר׳ יהודה בר׳ ניסן (ביז 1695. אין דער צייט פון זיין אמטירן איז געווען טעטיק דער גאון ר׳ אברהם אבעל, דער זון פון קדוש ר׳ חיים סגל הלוי גאָמבינער (1634—1682), מחבר פון „מגן אברהם״.

צו די גדולי התורה פון יענער צייט געהערט אויך יעקב בן יוסף שטרימער, דער עלטסטער ברודער פון שבתאי באס. ער איז געבוירן געוואָרן אין קאליש. זיינע עלטערן זיינען אומגעקומען אין שטאָט בעת דעם שוועדישן קריג (1658). נאָכן קדושים טויט פון זיינע עלטערן האָט ער זיך באזעצט אין שרים און געוואָרן דאָרט רב. ער איז געווען פון די ווינציקע אין גרויספוילן,

וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיט שבתי צבי. נאָכדעם ווי שבתי צבי איז איבערגעגאַנגען צום איסלאַם, האָט ער אים דערמאָנט בלויז מיט קללות, איבערגעריסן אַלע זיינע פאַרבינדונגען מיט די שבתי־צביניקעס און ער האָט זיי אַפילו גערודפט אין פּוילן. זיינע בני־דור לויבן אים ווי אַ גאון און אַ באַשיידענער מענטש. אין יאָר 1687 האָט ער געהאַלטן אַ תלמוד־תורה אין אַדריאַנאָפּאָל. אין יאָר 1700 האָט ער זיך געזעגנט צווישן די אַשכּנזישע למדנים אין ירושלים.

דער דואַליזם און די אויפגאַבעס פונעם רב האָט געשאַפן אַן אומקלאָרן יורידישן מצב, כאָטש אין דער פּריווילעגיע פון קעניג זיגמונט פון יאָר 1551 פאַר די אידן פון גרויספּוילן (doctor stu. iudex legatis), האָט דער רב געהאַט דאָס רעכט צו דעצידירן אין אַלע ענינים לויטן אידישן דין. דער רב איז נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר קיין שום אינסטאַנץ, נאָר פאַרן קעניג אַליין, כדי ער זאָל זיין אין שטאַנד אויסצופירן זיין אויפגאַבע בעסער און ווי עס געהער צו זיין. אויב בראש פון דער קהילה האָט זיך געפונען אַ פּרנס אַ תקיף, האָט די פּאָזיציע פון רב גורם געווען צו סכסוכים און צו אָפּהענגיקייט פון אים. דער רב פלעגט אונטערשרייבן אַלע באַשלוסן פון קהל, ער האָט דורכגעפירט די וואַלן און אַכטונג געגעבן אויף זייער ריינקייט. ער האָט אויסגעטיילט די טיטולן „חבר" און „מורנו". צוליב דעם, וואָס דער רב איז געווען אויסגעוויילט און נאָמינירט דורך די קהילה־פּרנסים, איז ער תמיד געווען אָפּהענגיק פון זיי מאַטעריעל, אויב ער איז נישט געווען פון קיין פאַרמעגלעכער משפּחה.

דעם רב האָט מען געוויילט פּונקט ווי די פּרנסים. נאָך זיין וואַל האָט ער באַקומען דאָס כתב רבנות — אין 18־טן י.ה. האָט מען דאָס כתב גערופן קאָנטיס — וואו ס'זיינען געווען אויסגערעכנט די רעכטן, פליכטן, געלט פון חתונות, צוואות, פּסקי־דינים און אויך די געשעפטס־ענינים פון זיינע משפּחה־מיטגלידער. אין 17—18 י.ה. איז דאָס געהאַלט פון אַ רב אין אַזאַ קהילה ווי קאַליש געווען — 3—10 גילדן אַ וואָך. חוץ דעם האָט ער באַקומען געצאָלט פאַר צוויי דרשות, פאַר פּסח און פאַר עשרת ימי תשובה. פאַר מסדר זיין חופּה וקדושין האָט ער באַקומען 1 גילדן מיט 18 גראָשן פאַר יעדן הונדערטער נדן. פאַר אַ גט האָט ער באַקומען 4 גילדן.

פון אַנדערע באַאַמטע דאַרף מען דערמאָנען דעם ראש ישיבה, וואָס האָט אָפטמאָל קאָנקורירט מיטן מרא דאתרא.

צווישן די אַדמיניסטראַטיווע באַאַמטע האָבן זיך געפונען:

1. דער קהל־שרייבער. ער האָט געדאַרפט קענען אויך די פּוילישע שפּראַך, לכל הפּחות אין ריידן. געהאָלפן האָט אים דער שרייבער פון וואָיעוואָדישן געריכט (notarius Judaeorum), וועלכער איז געווען אַ קריסט און טיילמאָל — אַפילו אַן אַדעליקער.
2. די שמשים (szkolnicy). ווען די טעטיקייט פון קהל איז געוואָרן אַ שטאַרקערע, זענען געווען נאָך מינים שמשים: פון בית־הכנסת, בית־עלמין, פון אידישן בית־דין און פון וואָיעוואָדישן געריכט. פון בית־דין שמש האָט מיט דער צייט זיך אַנטוויקלט די געשטאַלט פון אַ שתדלן (Syndicus).

דער ערשטער שתדלן אין קאַליש, וואָס איז אונדז באַוואוסט, איז ר' לייב שתדלן. ער האָט אויסגעפילט זיין אויפגאַבע אַ סך יאָרן אין סוף פון 17־טן י.ה. פון 1700 ביז 1709 איז ער געווען אויך שתדלן אין פּויזן. דאָרט האָט ער באַקומען אַ וואָכנטלעכן געהאַלט פון 5 גילדן.

די קהילה האָט אויך אויסגעהאַלטן אַ דאָקטער, אַן אַפּטייקער, פעלדשערס, אַ היבאַם, וועכטער, אינקאַסענטן און אויך בריוטרעגער. די טעטיקייט פון דער קהילה איז בעיקר געווען אַ פילאַנ־טראָפּישע — פאַרנעמען זיך מיט אָרטיקע אָרעמלייט, מיט די דורכגייענדיקע אורחים, שטיצן בעלי־בתים, וואָס זענען געוואָרן פאַראָרעמט, אויפזיכט איבער דער זיך לערנענדיקער יוגנט און איבער די יתומים, הכנסת כלה, מעדיצינישע הילף און איינאָרדענען אין קראַנקנהויז. ביי דער קהילה האָט עקזיסטירט אַ מין שפּיטאָל — אַ הקדש — וואָס האָט געדינט אויך ווי אַ דאַך איבערן קאָפּ פאַר היימלאָזע, קאַליקעס און אינוואַלידן. מיט די קראַנקע האָבן זיך פאַרנומען אַ דאָקטאָר־ספּעציאַליסט און אַ פעלדשער. עס לייגט זיך נישט אויפן שכל, אַז אין אַזאַ קהילה ווי קאַליש זאָל נישט זיין קיין דאָקטאָר־ספּעציאַליסט.

אין דאָקומענטן ווערן אידישע ד"ר מעד. דערמאָנט ערשט אין 18־טן יאָר־הונדערט, ס'איז אָבער באַוואוסט, אַז אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן י.ה. איז אין קאַליש געווען טעטיק דער דאָקטאָר משה בן בנימין וואָלף. ער האָט פאַרפאַסט די מעדיצינישע ביכער

„ירושת משה" (ווילהעלמסדאָרף 1677) מיט 100 פאראגראפן אין דער דייטשער שפראך און „ירום משה" (אמסטערדאם 1679). דווקא אין 16־טן און אין 17־טן י.ה. האָבן אין פויזנער געגנט געארבעט דאָקטוירים־ספעציאליסטן (ד"ר דע לימא, ווינקלער אין דער שטאָט פויזן).

די קהילה האָט אויך געזאָרגט פאר א באָד און א מקווה.

בכדי אויסצוהאלטן די באאמטע און די אנטשטאלטן, און אויך אויף צו דעקן די גרויסע הוצאות, איז געפירט געוואָרן א געאָרדנטע פינאנס־ווירטשאפט.

אין די הוצאות זיינען אריינגעגאנגען אויך די שטייערן פארן מלוכה־אוצר:

## א. אידישע נאָרמאלע שטייערן:

1. סטאציינע (Stacyjne), געלט און ווערטפולע חפצים, וואָס איז געוואָרן איינגעצאָלט אויף אויסהאלטן דעם קעניגלעכן הויף און די קעניגלעכע קיך. שפעטער זיינען די חובות פארביטן געוואָרן אויף א סטאבילן אָפצאָל (Stacyjne Królewskie), וואָס איז איינגעצאָלט געוואָרן דורך יעדער קהילה צום קעניג גופא אָדער צו אנדערע פערזאָנען לויט זיין אָנווייזונג.
2. (Szpilkowe, podymne) „אידישער שאָס" (Szos) — א ספעציעלער שטאָטישער שטייער פאר אידן.
3. קאָפשטייער, אָנהויבנדיק פון יאָר 1549, אין דער סומע פון 1 גילדן פאר א פערזאָן. דער דאָזיקער שטייער האָט געדארפט באפרייען די אידן פון אנדערע שטייערן. היות ס'איז נישט געווען קלאָר, צי דער שטייער איז פאר א משפחה אָדער פאר א פערזאָן, זיינען די אנדערע שטייערן נישט בטל געוואָרן. אין די ערשטע יאָרן האָט יעדע קהילה געצאָלט פאר זיך — אין יאָר 1579 האָבן די קאלישער אידן באצאָלט 130 גילדן; שפעטער האָט יעדעס לאנד געצאָלט דורך דער אויבער־קהילה — קאליש דורך פויזן. נאָכן שאפן דעם ועד ארבע ארצות איז דער פינאנס־מיניסטער אדורכגעקומען מיטן ועד וועגן אן אָפצאָל פון א גלאָבאלע סומע, וואָס איז דורך די אידן פונאנדערגעטיילט געוואָרן צווישן די לענדער און קהילות. אין יאָר 1581 האָט דער שטייער אין גאנץ פוילן באטראָפן 15,000 גילדן, 1589 — 20,000, 1590 פוילן — 20,000; ליטע — 6,000 גילדן.

אין יאָר 1620 האָט בלויז פוילן איינגעצאָלט 70,000 גילדן. דעם 13.1.1655 איז געוואָרן איינגעצאָלט אויפן חשבון פון קאָפשטייער פאר 1655 — 16,903 צו די דראגונער פון טשערניעצקין.

4. קוואַרטיר־שטייער (Kwarterowy). די מיליטער־אָפיצערן האָבן נישט געוואָלט וואוינען אין אידישן פירטל, און אויך די אידן האָבן נישט גערן געוואָלט איינקוואַרטירן ביי זיך זעלנער, דערפאר האָט מען מסכים געווען צו צאָלן פאר זיי קוואַרטיר־געלט. ס'האָט געטראָפן, אז די קהילה האָט באצאָלט די קאָסטן פון די קאזארמעס און אָפיצערן־דירות מחוץ פון אידישן פירטל, אָדער דירעקט אין קאסע פון באטאליאָן.

## ב. אומגעוויינלעכע שטייערן:

1. קרוינונג־געלט. בעת דער קרוינונג פונעם קעניג האָבן אידן געדארפט אריינטראָגן א ספעציעלע גאָב.
2. אויף צאָלן די מדינה־חובות, לויט די אָנווייזונגען פונעם קעניג.
3. אויף מלחמה־צוועקן: אין יאָר 1655 איז אין צוזאמענהאנג מיטן אויסרופן אן אלגעמיינע מאָביליזאציע, ארויפגעלייגט געוואָרן אויף די פוילישע אידן א שטייער פון 20,000 גילדן. אויפן חשבון פון דעם דאָזיקן שטייער איז דעם 7.8.1655 איינגעצאָלט געוואָרן 4,000 גילדן. דערפון איז אויסגעפאלן אויף די אידן פון קראטשין און קאליש 1,200 גילדן. אין יאָר 1669 האָבן די ביידע קהילות באצאָלט 3,000 גילדן.
4. אויף מתנות (Subsidia charatativa) פארן סולטאן און פאר די כאנען.
5. אלע מיני פדיונות און הארעטשן, מתנות און אָפצאָלן פאר אדלליט, באאמטע, שטאָט־פארוואלטונגען, קירכעס, גייסטלעכע, שולעס (שילער־געלויף). קאליש האָט איינגעצאָלט באשטימטע סומעס דעם רעקטאָר פון שולע ביז 1463, שוחד־געלט פאר די קריסטן אין יאָר 1620 — 1020 גילדן, און קאָנטריבוציעס פאר די אָקופאציע־ארמייען, ווי למשל די שוועדן.

### ג. אַלגעמיינע שטייערן:

1. שטאַטישער „שאָס": זינט דעם צווייטן צענדליק פון 17־טן י.ה. צאָלן די אידן פאַרמעגן־שטייער גלייך מיט אַלע איינוואוינער פון שטאָט.
2. שטייער פון שפּייז־פּראָדוקטן צוזאַמען מיט די שטאָט־איינוואוינער — געטראַנקען־שטייער (czopowe) איז געוואָרן איינגעצאָלט דורך דער קהילה און זי האָט דעם שטייער איינגעמאָנט ביי די אידן.
3. צאָל־געלט, בריק־געלט, וועג־געלט, שטאָטישער אָפּצאָל פון געוויכטן, גרענעץ־צאָל.

### ד. הכנסות פון דער קהילה:

1. אַלע דירעקטע שטייערן, דער „סכום" פון דער מלוכה — קאָפּשטייער, שאָסן — זיינען געוואָרן איינגעמאָנט דורך קהל מיט דער הילף פון אינקאַסענטן לויט דער אָפּשאַצונג פון די טאַקסאַטאָרס. דעם שטייער האָבן אידן געדאַרפט באַצאָלן אין משך פון 3 טעג. אויב עמיצער האָט נישט באַצאָלט, איז ער דערקלערט געוואָרן אַלס „איינגעשפּאַרטער", און נאָך אַ צווייטער אויפפאָדערונג, איז ער געוואָרן באַזייטיקט פון בית־הכנסת אַלס אַ באַיקאָטירער. אויב ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאַרלאָזן, האָט מען אים גענומען אין תפיסה, ביז ער האָט נישט באַצאָלט וואָס ער איז שולדיק, אָדער ער האָט נישט באַקומען קיין פּראָלענגאַציע צי אַ דערלויבעניש אויסצוצאָלן דעם חוב אין ראַטעס.
2. אַ וויכטיקער קוואַל צווישן די הכנסות איז: חזקה. רעכט פון זיין אייגנטימער פון אַ פּלאַץ, אַ דירה, פאַרנעמען זיך מיט געשעפט, מלאכה און פאַרקויף. פאַר אַזאַ רעכט האָט די קהילה גענומען אַ הויכן חזקה־אָפּצאָל. די חזקה האָט אויך געהאַט פאַר אַ ציל צו פאַרמיידן אַ שעדלעכע, נישט אָרנטלעכע קאָנקורענץ און דאָס אויפשרויפן פּרייזן.
3. אָפּצאָלן פון חתונות, קבורות, נדבים, פאַר באַקומען דעם טיטל „חבר" און „מורנו".
4. טיילמאָל האָט מען איינגעמאָנט פאַרמעגן־שטייער.
5. אויב ס'האָבן נישט געסטייעט די דירעקטע שטייערן, האָט מען באַשטימט געברויך־שטייערן אויף שפּייז־פּראָדוקטן (Krupka): פליייש, מילך, האָניק און וויין.

די דאָזיקע שטייערן האָט די קהילה אַרענדירט צו אַרענדאַטאָרן. טיילמאָל האָט זי אָפּגענומען אויך איינקונפט־שטייער.

כמעט ביז אין דער העלפט פון 17־טן י.ה. האָבן די הכנסה־קוואַלן געסטייעט אויף צו דעקן די בודזשעט־הוצאות. אָבער די מלחמה־געשעענישן, די פּאָגראָמען און די שריפות האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן. די קהילה האָט זיך גענויטיקט אין אַ סך געלט פאַרן אויפבוי און זי איז געווען געצוואונגען צו נעמען הלוואות. אין יאָר 1699 האָט קאַליש באַקומען אַ הלוואה אויף 1,700 טאַלער פון שפּייל אין ברעסלוי און זיך מתחייב געווען צו באַצאָלן זי צוזאַמען מיט פּראָצענט אין דער סומע פון 294 טאַלער במשך פון 9 יאָר. אין יאָר 1709 האָט די קאַלישער קהילה באַקומען הילף פון דער פּויזנער קהילה אויף אַ סומע פון 1000 שילינג. דעם 13.5.1713 האָבן צוויי קהילה־פּרנסים, יעקב יאַאכים און לעבל לאַצאַרוס, די באַפולמעכטיקטע פון אַלע אידישע פּרנסים אין קאַליש און פון דער גאַנצער קהילה, אונטערגעשריבן, „אַז זיי האָבן באַקומען פון אַ ברעסלויער בירגער קריסטאָף טראַביץ סחורות אין דער ווערט פון 2000 רייכטאַלער, כדי צו העלפן אונזערע פאַראָרעמטע אידן אין קאַליש. די סחורות וועלן פאַרקויפט ווערן אין גאַנץ פּוילן און פון פדיון וועט מען אויסצאָלן די דרינגענדיקע חובות". דער חוב האָט געדאַרפט ווערן ליקווידירט אין משך פון פיר יאָר. אין זעלבן יאָר איז די קהילה געווען שולדיק דעם ברעסלויער בירגער קריסטיאַן באַרטאָלאָמעוס 4,300 רייכטאַלער.

די אידן פון גרויספּוילן, וועלכע זיינען לויט דער טראַדיציע געקומען אין לאַנד אַריין פאַר די אַנדערע אידן אין די איבעריקע טיילן פון פּוילן, און באַזונדערס אין איר מזרח־טייל, האָבן זיך געהאַלטן פאַר יחוסדיקער פון די אידן אין קליין־פּוילן און אין ליטע. נישט איינמאָל האָבן זיי חוזק געמאַכט פון זיי. און ס'איז ריכטיק, אַז אין דעם טייל פּוילן זיינען זייערע אַנטוויקלונגס־פּראָצעסן געווען אַנדערע ווי אין מזרח־פּוילן.

אין גרויספּוילן זענען שוין אין יאָר 1519 געלייגט געוואָרן די ערשטע יסודות פאַר דער שאַפונג פון אַ לאַנד־אָרגאַניזאַציע פון די קהילות. דעם 19־טן פעברואַר 1519 האָבן די באַפול־

מעכטיקטע פון 11 קהילות אין גרויספוילן זיך פארזאמלט אין ברעסלאו, און געשאפן, מיט דער איניציאטיוו פון דער רעגירונג, א צענטראלע פיסקאלישע אינסטיטוציע. מ'האט באשטימט 11 אידן אלס טאקסאטארס און מ'האט אויף זיי ארויפגעלייגט אפצושאצן אויף 3 יאר פאראויס די שטייערן פאר די אידן פון ראיאן — חוץ פאר די פויזנער אידן — אויף א סומע פון 200 גילדן. די דאזיקע סומע האט געדארפט ווערן יעדעס יאר איינגעמאנט דורך 5 שאצערס, במשך פון דריי יאר. צווישן די נאמינירטע שאצערס־טאקסאטארן איז אויך געווען גד עוזיאל פון קאליש און דאס ווייזט, אז די קאלישער קהילה האט שוין געהאט באקומען א וויכטיקע פאזיציע אין גרויספוילן, און דער קעניג האט געהאלטן פאר נויטיק איינצושליסן אירס א פאר־שטייער אין דער אויבנדערמאנטער דעלעגאציע. די דאזיקע 11 אידן — וואס זיינען נאמינירט געווארן דורכן קעניג צוליב די טענות פון די אידן אין דעם קאנט קעגן די פויזנער ראשי הקהילה, אז זיי פרווון מיט דער הילף פון איינמאנען די שטייערן קאנצענטרירן אין זייערע הענט די שליטה איבער די ענינים פון כלל ישראל — האבן פאקטיש געלייגט דעם יסוד פארן שאפן דעם ועד הגליל. די פרווון פון קאנצענטראציע זיינען אדורכגעפאלן.

נאך אין 15־טן י.ה. האבן זיך אפגעריסן פון פויזן א ריי קהילות און געווארן זעלבסטשטענדיק. די פרטים פון דעם דאזיקן קאמף זענען נישט באקאנט, דערפאר ווייל די אידישע דאקומענטן זענען געגאנגען לאיבוד. ס'איז בלויז באוואוסט, אז ס'איז אויפגעלייזט געווארן דער אמט פון הויפט־איינמאנער און ס'זיינען באשטימט געווארן די 11 פארשטייער אויף דער ברעסלויער באראטונג. אזוי ארום האט פויזן — די מאמע פון די קהילות — פארלוירן איר שליטה איבער די קהילות פון קרייז, אויסער די ענינים פון משפט, לגבי וועלכע די קהילות זיינען ווייטער געווען אונטערגעארדנט דעם בית־דין פון פויזנער רב. דאס בית־דין איז געווען טעטיק ווי א הויפט־געריכט און איז פאקטיש געווען אן אפעלאציע־אינסטאנץ פאר אורטיילן פון די קהילה־רבנים.

דער פראצעס פון אומאפהענגיק מאכן זיך פון דער הויפט־קהילה, אלס רעזולטאט פונעם באנקראט פון דער צענטראליסטישער פאליטיק ביי די הויפטאיינמאנער און הויפט־רבנים — האט דערפירט צו דער שאפונג פון גליל (ראיאן) ועדים (parochiae). זייער צאל, לויט א פריווילעגיע פון קעניג זיגמונט אויגוסט פון יאר 1551 איז געווען 5. מיט דער צייט האט זיך אנגעהויבן א צעברעקלונג פון די ועדים און אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן י.ה. האבן עקזיסטירט בלויז אין פוילן, חוץ ליטע, צען ועדים און אפילו נאך מער.

ועד הגליל

אין גרויספוילן האט דער ועד הגליל כולל געווען די וואיעוואדשאפטן פון גרויספוילן — פויזן, קאליש, איננאווראצלאוו און עטלעכע קהילות אין מאזאוויע און אין קעניגלעכן פרייסן. די באראַ־טונגען פון גליל זיינען פארגעקומען אין פויזן, ראגאזין, קאליש, און פויזן האט זיך אין זיי נישט באטייליקט. דער ועד הגליל האט געהאט זיין אייגענעם אויספיר־אפאראט, א רב פון גליל און באזונדערע ענינים געמיינזאמע פאר אלע קהילות פון גליל, וועלכע האבן געפונען א תיקון אויף די גליל־באראטונגען. מיט דער צייט האט זיך ארויסגעוויזן אז ס'זענען פאראן געמיינזאמע אינטערעסן פאר אלע גלילים. אין ערשטן פערטל פון 15־טן י.ה. איז פונעם בית־דין פון די ירידים געשאפן געווארן דאס העכסטע אידישע בית־דין אין פוילן.

אין יאר 1549, ווען דער סיים האט ארויפגעלייגט אויף אידן דעם קאפשטייער, איז געווען נויטווענדיק איבערצוגעבן זיין פונאנדערטייל און איינקאסירונג צו די קהילות און גליל. אבער צוליב די שוועריקייטן ביים אויספירן די זאך איז אנטשטאנען א דראנג צו פאראייניקן פיסקאל דריי קרייזן. אזוי ארום איז אין די 50־ער יארן פון 16־טן יארהונדערט — לויט באלאבאן אין יאר 1580 — אנטשטאנען דער ועד ארבע הארצות: גרויספוילן, קליינפוילן, רייסן און ליטע. מיטן ארויסגעבן די סיים־פאראָרדנונג צום פינאנס־מיניסטער אדורכצוקומען מיטן שאצער פון קאפשטייער, האט דער ועד הארצות באקומען א זכות קיום לגבי דער מלוכה.

קאליש, אלס איינע פון די גרויסע קהילות אין דעם קרייז, האט אויסגעפירט וויכטיקע אויפ־גאבעס אין ועד הגליל. אבער אין קעגנזאץ צו ליסא און קראטאשין, וואו איינער אדער צוויי פון די קהילה־פרנסים זיינען גלייכצייטיק געווען פרנסים פון ועד הגליל, האט די קאלישער קהילה אפגעהיטן דעם פרינציפ נישט צו שיקן אין ועד קהילה־פרנסים, נאר צו באשטימען אלס ועד־פרנסים פערזאנען, וואס האבן נישט געהאט קיין אנדערע געזעלשאפטלעכע פונקציעס,

כדי אָפּצוטיילן אײן אמט פון צווייטן. די קהילות פון קאַליש, ליסאַ, קראָטאָשין האָבן געהאַט א דעצידירנדיקע דעה אין ועד הגליל.

אין דער צווייטער העלפט פון 17־טן י.ה. איז די העגעמאָניע אריבער צו קאַליש. אין איר רשות האָט זיך געפונען די קאַסע פונעם ועד, אירע מנהיגים האָבן געהאַלטן די מאַכט און זיי האָבן געהאַט א השפעה און א דעציזיווע אויף די פּלענאַרע זיצונגען פון ועד. די ועדים פון דער מדינה זענען זיך רעגולער צונויפגעקומען, טיילמאָל אפילו צוויי מאָל אין יאָר. אין די זיצונגען האָבן זיך באַטייליקט נישט בלויז די פאָרשטייער פון קאַליש, ליסאַ, קראָטאָשין, שרים, נאָר אויך פון די קלײנע קהילות ווי כלאַפּי, פאַרדאָן, סאַכאַטשעוו א.ד.ג.

די מענטשן פונעם ועד האָבן אויסגעפירט פיסקאַלישע פונקציעס, רעפּרעזענטירט די אידן פאַר די מאַכט־אָרגאַנען, געשטאַנען אויף דער וואַך פון די אידישע אינטערעסן, באַזונדערס אין צייטן פון רדיפות מצד די שטאָטלייט און די גייסטלעכע. דער ועד האָט אויך געזאָרגט פאַרן אָפּהיטן דיווירטשאַפטלעכע אינטערעסן פון די אידן אין קרייז, כדי אויסצומיידן א ווילדע ווירטשאַפטלעכע קאָנקורענץ. אַזוי דערוויסן מיר זיך פון די תקנות פון ועד הגליל, פון יאָר 1684, וועגן קאַמף פאַר דער מאָנאָפּאָליזאַציע פון אידישן מסחר אין דער מלוכה און דער באַשטייערונג פון וואָל־איינקויף. אין 15־טן י.ה. האָט זיך פאַרשטאַרקט דער אידישער האַנדל מיט וואָל און מיט אַנדערע אויסאַרבעטונגען. אין יענער צייט האָבן אידן קאָנצענטרירט דעם גאַנצן וואָל־האַנדל. דער ועד איז געווען פאַראינטערעסירט צו באַלאַנסירן דעם מסחר און אויסצומיידן אַן אַרומלויפעניש ביי די גוטבאַזיצער, ביים איינקויפן די אויסאַרבעטונגען. די אויבנדערמאָנטע תקנה האָט באַשטימט:

„קיין שום גאַסט טאָר נישט קויפן קיין שום סחורה אין אַנדערע קהילות, נאָר פון אידן, און ער טאָר דאָרט נישט פאַרהאַלטן זיך מער ווי דריי טעג. אויך יענע, וואָס וואוינען מחוץ דער מדינה האָבן נישט קיין רשות צו קויפן קיין סחורה אין די געגנטן פון א וואָסער קהילה לויט דער פריערדיקער תקנה, און ס׳איז פאַרווערט צו די אידישע דאָרפסלייט צו נעמען זיי אויפן וואָגן, זיי אונטערצופירן, אַז זיי זאָלן זיך אַרומדרייען אין די שטעטלעך צו קויפן סחורה, און אויך אַז זיי האָבן שוין געקויפט סחורה פון די אידן, וואָס וואוינען אין די דערפער, איז ווען די קהילה־לייט וועלן קומען אַהין, איז ווער עס קומט פריער, האָט די רעכט אויף יענע סחורה".

צוליב די אָנקלאַגעס, אַז איינוואוינער פון אויסער דער מדינה (גרויספּוילן) „זיינען מסיג גבול פון די ראשונים, קומען אין אונזער מדינה קויפן וואָל און אַנדערע סחורות ביי פּריצים און פויערים ווי איינער פון אונזערע מדינה־לייט", איז באַשטימט געוואָרן א ספּעציעלע תקנה אין דער פראַגע פון וואָל־האַנדל מיט אַזאַ אינהאַלט:

„ס׳איז געוואָרן מוסכם, אַז ס׳איז פאַרווערט פאַר מענטשן פון אַן אַנדער מדינה צו קומען אין אונדזער מדינה קויפן וועלכע עס איז סחורה פון פּריץ אָדער פון דאָרף, מעג ער זיין ווער ער איז, חוץ אַזעלכע, וואָס מעגן קויפן פון די אידן פון אונזער מדינה, נאָר עס זאָל זיין אָן שום פאַלשקייט און פאַרטל, און אויב זיי וועלן עובר זיין אויף דעם, האָט די נאָענטע קהילה דאָס רעכט זיי איינזעצן און באַשטראָפן און קנסנען אָן שום פּתחון־פּה און טענה ומענה און אָן שום אָפּהאַלט אין דער וועלט".

די דאָזיקע תקנה איז אָפּגעדרוקט געוואָרן דורכן שמש און נאמן אין דער קאַלישער קהילה.

פרנסים פון די ועד־פרנסים, קאַלישער תושבים, דאַרף מען דערמאָנען:

1. ר׳ שמואל בן יעקב, פון די גבירים אין דער קאַלישער קהילה, געווען מנהיג פון ועד אין די יאָרן 1674, 1675, 1677. ער איז געווען איבערגעגעבן זיין אַרבעט און פון אים איז געווען „אָפּהענגיק דער גאַנצער כבוד פון קרייז". ווען די פּויזנער קהילה האָט זיך געפונען אין א שווערער מאַטעריעלער לאַגע, האָט ער איר געבאָרגט געלט פאַרן יאָר 1672 קעגן א משכון פון א טייערן פרוכת. ער איז אויך געווען פרנס פונעם ועד ארבע ארצות. אין יאָר 1675 האָט ער אונטערגעשריבן צוזאַמען מיט לוי בן יצחק פון קאַליש און מנהיג פון ועד המדינה א וועקסל אויף א הלוואה פון 7,000 גילדן פון קלויסטער אין צאַנאָווע. דעם 4.6.1677 האָט ער אונטער־געשריבן צוזאַמען מיט א פרנס פון ועד א וועקסל אויף א הלוואה, וואָס דער ועד המדינה האָט גענומען אויף 14 יאָר אויף א סומע פון 7,790 טאַלער פונעם קריסטלעכן סוחר אין ברעסלוי

באלטאזאר גולבאך. ער האָט זיך אויך באמיט אויסצולייזן פון געפאנגענשאפט ר׳ יקותיאל קויפמאן כ״ץ, דער איידעם פון אברהם גאָמבינער.

2. אין די יאָרן 1699—1717 איז יצחק אייזיק בן עזריאל זעליג געווען פרנס פון ועד המדינה. ער איז געווען דער איידעם פון ר׳ מענדל פון קאליש און מ׳האָט אים אויך גערופן ר׳ אייזיק ר׳ מענדלס. אין יאָר 1699 איז ער געווען שליח פון גרויספוילן אין ועד ארבע הארצות.

3. אין יאָר 1666 זענען די מנהיגים פון די אידן אין קרייז קאליש, שלמה בן חיים און ר׳ יהודה בן יוסף, צוזאמען מיט די מנהיגים פון אנדערע קרייזן, דערשינען אין ביוראָ פון די מעטריקע־ביכער ביים רעגירונגס־אמט און אונטערגעשריבן א התחייבות אויף א הלוואה פון 26,000 גילדן, וואָס זיי האָבן באקומען פון קעניגלעכן סעקרעטאר און אוצר־שרייבער קאזימיר קאָוואלקאָווסקי.

4. יוסף בן אריה יהודה לייב הלוי איז געווען ראש פון ועד המדינה אין די יאָרן 1725—1737.

5. שמואל בן יונה כ״ץ. אין יאָר 1713 פרנס פון ועד המדינה. 1782 איז ער געווען רב און בורר אינעם סכסוך צווישן דער קהילה פון פויזן און שארזענס.

6. שמואל פייוויש בן יהודה לייב פרעגער, א תלמיד חכם. אין יאָר 1732 האָט אים דער ועד המדינה געשיקט פירן אונטערהאנדלונגען מיט דער פויזנער קהילה.

7. יוסף הלוי פון קאליש, מנהיג פון ועד המדינה. אין א פוילישן דאָקומענט פון 1.3.1728 ווערט ער אָנגערופן Józef Marszałek. ער איז געווען ראש פון דער בעראטונג פון ועד המדינה אין טשעמפין אין חודש אדר 1732.

8. הירש בן אשר, פון די מנהיגים פון ועד המדינה אויף דער בעראטונג כ״ה בשבט 1739 אין קאָבלין.

9. מאיר בן יעקב, מנהיג פון ועד המדינה, באטייליקט זיך אין דער קאָבלינער בעראטונג כ״ה בשבט 1739.

פון די קאלישער שליחים אין ועד ארבע ארצות זיינען באוואוסט:

1. מיכאל פעק, א קאלישער סוחר, געווען מנהיג פון דער אלגעמיינער קאָנפערענץ פון אלע אידן אין מלכות פוילן. אין יאָר 1602 האָט ער איינגעצאָלט צום שאַץ־מייסטער פון קעניג סטאניסלאוו, מראווינסקי, 100 גילדן אויפן חשבון פון די שטייערן. א ריי קאלישער איינוואוינער זענען געווען זיינע בעלי־חובות.

2. הרב ישראל בן נתן שפירא, אין די יאָרן 1648, 1662.

3. שמואל בן יעקב, אין יאָר 1643.

4. יהודה לייב אבארניק, אין יאָר 1672.

5. מאיר בן דוב יוסף, אין די יאָרן 1677, 1683, 1686.

6. יוסף בן אליהו וועגטשינעק, פון די מנהיגים פון גרויספוילן, אין יאָר 1677 צוזאמען מיט אביגדור אברהם פון קראָקאָשין. ער האָט באקומען א באפולמעכטיקונג אונטערצושרייבן א התחייבות־שטר צו ברעסלערן. אין די יאָרן 1678—1683 איז ער געווען באפולמעכטיקער פון ועד ארבע ארצות אין ברעסלוי.

7. מרדכי יוסף, אונטער־געשריבן אין יאָר 1670 אויף א התחייבות־שטר, לויט וועלכן מ׳האָט געבאָרגט פון געאָרג מילטנער פאָן מילטנבורג פון ברעסלוי 7200 רייכטאלער צו באצאָלן אין ראטעס אין א משך פון 9 יאָר, 800 רייכטאלער א יאָר.

8. יעקב בן זעליג האָט זיך אונטער א שבועה מתחייב געווען דעם 29.9.1691, צוזאמען מיט די מנהיגים פון ועד ארבע ארצות: מרדכי פון קראָטאָשין, משה לייבל פון פויזן און שמעון יעקב פון וואָידיסלאוו, נאָכדעם ווי ברעסלער האָט זיי באפרייט פון פערזענלעכן ארעסט צוליב זיין תביעה לגבי זיי און לגבי דעם אידישן כלל אין פוילן, ארויסצובאקומען אין משך פון 7 וואָכן פונעם ועד ארבע ארצות א פאקטישע באצאָלונג. אויב דאָס וועט נישט געשען, האָט ער דאָס רעכט צו נעמען אין ארעסט זיי און די אנדערע אידן פון פוילן, וואָס וועלן קומען קיין ברעסלוי מיט זייערע סחורות און פארמעגן.

9. לייבל פייוויש, אויך ער האָט אונטערגעשריבן די התחייבות־שריפטן פאר ברעסלערן.

10. יצחק, וועמען מ׳האָט גערופן אייזיק בן עזריאל זעליג. ער איז געווען אויך פרנס ועד המדינה, אויסגעלייזט צוזאמען מיטן ראש אב״ד דקאליש ר׳ שמואל, ר׳ יקותיאל קאופמאן כ״ץ פון געפאנגענשאפט. מען האלט, אז זיין פאָטער ר׳ עזריאל זעליג בן יצחק, איז געווען רב פון שאריד.

1. יוסף בן אריה יהודה 1723 פרנס פון ועד ארבע הארצות.

שוין אין דער תקופה פון דער קאַלישער העגעמאָניע איז דער ועד המדינה געווען פארזונקען אין חובות. אין יאָר 1685 האָט דער ועד גענומען ביים יעזואיטן־אָרדן אין פויזן א הלוואה פון 3,500 גילדן, אין יאָר 1689 — 10,000 גילדן און אין יאָר 1690 האָט מען מוסיף געווען דעם פראָצענט צום קרן. באזונדערס גרויס זיינען געווען די חובות פון ועד פאר די יעזואיטן אין קאַליש. פאר די הלוואות האָט מען געצאָלט 7—8 פראָצענט א יאָר. איז נישט קיין וואונדער, אז ביי אזא חובות־לאסט איז דער ועד אין יאָר 1694 געווען באנקראָט. די מאַגנערס פלעגן אָנפאלן די אידן אויף די וועגן, פארכאפן זייערע סחורות אויף די ירידים, פארשפארן זיי אין פעסטונגען און טורמעס. אין זייער פארצווייפלונג האָבן די אידן זיך געווענדעט צום קעניג יאן סאָביעסקי. ער האָט נאָמינירט קאָמיסארן אויף קלאָר צו מאכן די גרויס פון די חובות און צו צעטיילן זייער צאָלונג אויף א ריי יאָרן. די קאָמיסיע האָט פעסטגעשטעלט, אז דער ועד איז שולדיק 400,000 גילדן און אז ער דארף באצאָלן די סומע אין די קומענדיקע דריי יאָר.

אָבער דער באשלוס פון דער קאָמיסיע האָט גאָרנישט אויפגעטאָן. די קהילות, וואָס האָבן געדארפט באצאָלן, זיינען געווען אָרעם, און זינט יאָרן — פארבאָדן אין אייגענע חובות. זיי האָבן נישט געוואָלט אנערקענען דעם פונאנדערטייל פון די צאָלונגען, און געטענהט, אז פארהעלטעני־שמעסיק האָט מען אויף די קליינע קהילות ארויפגעלייגט גרעסערע סכומים, ווי אויף די גרויסע. זיי האָבן אפעלירט וועגן דעם פארן אב״ד פון קרייז אין פויזן.

אין יאָר 1699 האָט מיט דעם דאָזיקן ענין זיך פארנומען די בעראטונג פון ועד ארבע הארצות אין יאַראָסלאוו. דער ועד האָט אויסגעקליבן 4 בוררים, וועלכע האָבן באקומען א באפולמעכטיקונג אויך פון פינאנס־מיניסטער לובאָמירסקי. די בוררים האָבן גערופן קיין טהאָרן די באפולמעכטיקטע פון די קהילות אין גרויספוילן, צעטיילט דעם קרייז אין זיבן ראיאָנען, פונאנדערגעטיילט צווישן זיי די חובות און דעם פראָצענט און באשטימט די סומעס פאר די לויפנדיקע הוצאות, ווי קאָפּ־שטייער א.ד.ג. ס׳האָט זיך געקענט אויסדאכטן, אז איצט וועט שוין הערשן אָרדענונג און דיסציפלין אינעם קרייז, אָבער דאָס איז נישט געשען. די קרייזן האָבן זיך אָנגעהויבן קריגן וועגן זייער אנטייל אין די צאָלונגען. די קאָנפליקטן זיינען געוואָרן אלץ שטארקער. אין יאָר 1713 האָט דער ועד נישט געקענט אויספירן זיינע צאָלונגען און איז געווען געצוואונגען אָנצוהויבן פירן אונטערהאנדלונגען מיט די מאָגנערס. דער פרנס הועד, יצחק זעליג פון קאַליש, האָט זיך באמיט צו קריגן אין דער מדינה אָדער אין ברעסלוי א גרויסע הלוואה, כדי לפחות צו באפרידיקן אויף א געוויסער צייט די צודרינגלעכע מאָגנערס. דערווייל איז די לאסט פון א סך קלענערע הלואות פון פארשידענע מענטשן געפאלן אויף דער אחריות פון דער קאַלישער קהילה. די באָרגערס האָבן אָנגעהויבן ארייננרייסן זיך אין דער קאַלישער קהילה מיט דער פאָדערונג צו צאָלן די חובות. אָבער די קאסע פון דער קאַלישער קהילה איז געווען פוסט און די קהילה האָט דערקלערט, אז זי האָט נישט קיין מעגלעכ־קייט צו צאָלן. אָט דער מצב האָט גורם געווען צו אויסברוכן, צוזאמענשטויסן און אויפרעגונגען אויף דער בעראטונג פונעם ועד אין רידזין אין יאָר 1714. די אָנפירער פון קרייז האָבן געפאָדערט א קאָנטראָל פון די חשבונות.

צוליב דעם שווערן מצב, אין וועלכן ס׳האָט זיך געפונען דער ועד הגליל און צוזאמען מיט אים די קאַלישער קהילה, האָט די קהילה פון ליסא גענומען אויף זיך א טייל פון די חובות פון קאַליש און פון דאן אָן האָט זי געדארפט צאָלן בלויז פראָצענטער — 12,160 גילדן א יאָר. צוליב דער גרייטקייט מצד ליסא צו צאָלן די חובות איז די קאסע פון ועד הגליל אריבערגעפירט געוואָרן קיין ליסא, וועלכע האָט באקומען דעם ערשטן פלאץ אין ועד פון מדינה גרויספוילן. איר באפולמעכ־טיקטער איז געווען א פרנס ועד המדינה, און אָפט אויך פרנס ועד הארצות.

אזוי האָט זיך פארענדיקט די העגעמאָניע פון דער קאַלישער קהילה אין מדינת גרויספוילן.

## אין 18־טן יאָרהונדערט

### א. די אידישע באפעלקערונג אין ציפערן



ער אָנהויב פון 18־טן יאָרהונדערט און ספּעציעל די גאַנצע ערשטע העלפט זיינע, איז געווען אַן אומעטיקע און שווערע תקופה אינעם לעבן פון די קאלישער אידן. זי האָט זיך אָנגעהויבן אונטערן צייכן פון דער שוועדיש־פּוילישער מלחמה. אין יאָר 1706 איז די שטאָט געוואָרן פאַרנומען דורך דעם שוועדישן קעניג אויגוסט דער צווייטער און די אָנהענגער פון סטאַניסלאַוו לעשטשינסקי. די שלאַכטן הינטער דער שטאָט און איר גופא האָבן גורם געווען צו שריפות, וואָס האָבן פאַרניכטעט 3/4 פון די שטאָטישע הייזער.

דער אידישער פירטל, וואָס איז געהאַט אוועק אין פייער אין יאָר 1676, איז אָפּגעבויט געוואָרן מיט גרויסע שוועריקייטן און מיט א סך מי האָבן די אידישע פרנסות צוריק זיך איינגעשטעלט. און אָט זיינען די אידן ווידער געטראָפן געוואָרן פון א ריזיקער שריפה. אין באריכט פון דער קהילה אין יאָר 1706 ווערט דער אידישער חורבן געשילדערט מיט פאָלגנדיקע ווערטער: „אין דער שטאָט קאליש זיינען אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן און פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אש אונזערע אידישע הייזער צוזאַמען מיטן בית־הכנסת, מיטן אויסנאַם פון צוויי הייזער נעבן דער מויער, אַלע בנינים, די סחורות. אין דער נאַכט אויף מאָנטיק, פאַרן געבוירנן־יום־טוב פון דער הייליקער יונגפרוי, אין יאָר 1706, איז אויסגעבראָכן א מעכטיקע שריפה אויפן פלאַץ פון דער שטאָט קאליש. די שריפה האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַרשפּרייט, אַז אָנשטאָט די הייזער זיינען געבליבן בלויז פלעצער. אין דער דאָזיקער שריפה זיינען געוואָרן פאַרברענט 45 אידן, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין מעגלעכקייט צו אַנטרינען פונעם מוראדיקן פייער".

אין דער גאַנצער שטאָט זיינען נאָך דער שריפה געבליבן 12 געמויערטע הייזער און 32 הילצערנע הייזער, און פון די אידישע הייזער בלויז צוויי הייזער.

גרויסע צרות זיינען געקומען אויף די איינוואוינער פון דער שטאָט און די אידן צווישן זיי. נאָך איידער זיי זיינען געקומען צו זיך פון דער שריפה, איז אום פסח פון יאָר 1708 אויסגעבראָכן א מגיפה אין אַזא מאַסשטאַב, אַז די קהילה פון ליסא האָט אַרויסגעגעבן א פאַרבאָט צו פאָרן קיין קאליש. די אידן זיינען אַנטלאָפן פון שטאָט אין די אַרומיקע פעלדער און וועלדער. א סך זיינען אַנטלאָפן אין דאָרף קוקאַרי נעבן דער שטאָט. צווישן די אַנטלאָפענע איז אויך געווען ר׳ יקותיאל קויפמאַן כ"ץ דער איידעם פון „מגן אברהם" (ר׳ אברהם גאָמבינער). די שכנות־דיקע קהילות האָבן נישט געלאָזן אויף הפקר די קאלישער אידן, זיי האָבן געזאָרגט פאַר זייער באַשפּייזונג, געשיקט באַשטייערונגען. אַזוי, למשל, האָט יהודה לייב קאלישער, ראש קהילה פון ליסא, איבערגעשיקט צו די קאלישער אידן שפּענדונגען, וואָס ער האָט באַקומען פון דער קהילה גרענעץ־פּילהענע.

טראָץ די אָנשטרענגונגען צו ראַטעווען די אידן, זיינען געשטאָרבן, לויט דעם ווי ס׳האָבן אונטער א שבועה עדות געזאָגט די גערעטעוועטע, 450 פּערזאָן. ס׳איז נישט קיין חידוש, אַז זייער מצב איז געווען זייער א שווערער און די קהילה איז געווען געצוואונגען צו בעטן פון פּויזן פינאַנסיעלע הילף. זי האָט באַקומען 1000 גילדן, דער ווירטשאַפטלעכער מצב איז נישט בעסער געוואָרן אין די קומענדיקע יאָרן. אין יאָר 1727 האָט די קהילה זיך גענויטיקט אין א גרעסערער סומע, און א דאַנק די באַמיאונגען פון פּויזן, ליסא און קראָטאָשין, האָט קאליש באַקומען אין חודש סיון 1727 א הלוואה אויף א סומע פון 28,000 גילדן.

נאָך דער שריפה

נאָך דער שריפה פון 1706 האָט זיך אָנגעהויבן אַן ענערגישע אויפבוי־אַרבעט, אָבער אין די יאָרן 1710, 1712 און 1713 זיינען אויסגעבראָכן נייע שריפות און צוזאַמען מיט די מגיפות אין די יאָרן 1708—1712 האָבן זיי פאַראַליזירט די דאָזיקע טעטיקייט.

**אין יענער תקופה האָבן אין שטאָט זיך געפונען בלויז 19 געמויערטע הייזער און 32 הילצערנע הייזער, אין וועלכע ס׳האָבן געוואוינט 700 תושבים, צווישן זיי — אַרום 100 אידן. די דאָזיקע צאָל פון דער באַפעלקערונג איז די קלענסטע אין דער געשיכטע פון דער שטאָט. אין יענע יאָרן**

האָבן א סך אידן פאַרלאָזט די שטאָט און אוועק אין שטעטל אָסטרווו. דאָרט האָבן זיי געשאַפן א קהילה, וואָס איז געווען אונטערגעאָרדנט דעם קאַלישער ראַבינאַט.

אין יאָר 1754 האָבן די שטאָטלייט געמאַכט א בלבול אויף די אידן. די אידן האָבן באַצאָלט גרויסע קאָנטריבוציעס און זיך געראַטעוועט פון דער סכנה. קיין פּרטים וועגן דעם דאָזיקן בלבול זיינען נישט באַוואוסט.

מיר האָבן נישט קיין גענויע פּרטים וועגן דער צאָל אידן אין 18־טן יאָרהונדערט. די ערשטע אויטענטישע ציפער איז פון דער ציילונג אין יאָר 1765, לויט וועלכער אין שטאָט האָבן זיך געפונען 809 אידן פון מער ווי א יאָר און 52 זויג־קינדער, צוזאַמען 861 נפשות. פון די דערוואַקסענע — 408 מענער און 401 פרויען. לויטן פּערזענלעכן באַשטאַנד: 197 פאַרהייראַטע מענער, פון זיי 175 זעלבשטענדיקע, 22 זיין און איידעמס אויף קעסט, 188 נישט פאַרהייראַטע זין, 23 משרתים, שיק־יינגלעך און יתומים. פון די פרויען: 175 פאַרהייראַטע, 22 חתונה־געהאַטע טעכטער און שנורן, 18 אלמנות, 15 זעלבשטענדיקע, 3 גרושות, 174 נישט פאַרהייראַטע טעכטער, 12 דינערינס און יתומות. בסך־הכל האָבן אין שטאָט זיך געפונען 215 משפחות, פון זיי 190 זעלבשטענדיקע, 25 אויף קעסט. אין יעדער משפחה זיינען געווען דורכשניטלעך 3.8 נפשות.

אידן האָבן אויסגעמיטן די ציילונג צוליב רעליגיעזע און אנדערע מאָטיוון. לויט דעם חשבון פון ד״ר מאהלער, קען מען האַלטן, אז אזעלכע זיינען געווען 172. אויף אזא אופן האָט די צאָל אידן אין יאָר 1765 באַטראָפן 1032 פערזאָן.

אין קאַלישער קרייז האָבן געוואוינט אין די ישובים:

| | |
|---|---|
| קאָזשמין | — 271 אידן |
| אָסטרווו | — 266 ״ |
| אָדאָלאַנאָוו | — 14 ״ |
| קוזעניאַק | — 225 ״ |
| סטאַווישין | — 57 ״ |
| קאַרמין | — 73 ״ |
| ראַשקאָוו | — 8 ״ |
| בסך־הכל | — 914 אידן |
| אין 8 דערפער | — 57 ״ |
| | 971 אידן |

אין דער גאַנצער קאַלישער וואָיעוואָדשאַפט האָבן זיך געפונען 6465 אידן. 6387 פון זיי האָבן געוואוינט אין 29 שטעט (33 קהילות), און 78 — אין 4 דערפער.

אין יאָר 1775 האָבן אין קאַליש זיך געפונען 645 הייזער. אויב מ׳זאָל אָננעמען, אז לויט דעם אָנגענומענעם חשבון אין דער פּוילישער סטאַטיסטיק האָבן אין יעדן הויז געוואוינט 5 נפשות, איז די צאָל פון דער גאַנצער באַפעלקערונג געווען 3225 נפשות. פאַרן דאָזיקן יאָר האָבן מיר א זיכערע ידיעה, אז אין דער שטאָט האָבן זיך געפונען 670 אידן אָן זויג־קינדער, אויף וועלכע ס׳איז נישט חל געווען דער אָפּצאָל פון קאָפּשטייער. אויב מיר וועלן נאָך צוגעבן 10% זויג־קינדער — 67 און 134, וואָס זיינען נעלם געוואָרן בעת דער ציילונג, וועט די ריכטיקע צאָל פון די אידן זיין נאָענט צו 900.

דאַקעגן האָבן מיר א גענויעם און באַגלויבטן חשבון פונעם יאָר 1789, לויט וועלכן די צאָל אידן האָט דערגרייכט 880 נפשות, פון זיי 334 מאַנסלייט, 318 פרויען, 126 יינגלעך (51 ווייניקער פון א יאָר, 75 פון איבער א יאָר), 102 מיידלעך (49 ווייניקער פון א יאָר, 53 עלטער פון א יאָר), בסך־הכל 460 מענער, 420 פרויען — 880 פערזאָן.

אינטערעסאַנט, אז אין די קריסטלעכע רשימות רעדט זיך אויך וועגן מענטשן, וואָס קומען אין שטאָט זוכן אַרבעט און באַשעפטיקונג (luźni) און בעטלערס (żebracy). אין די אידישע רשימות זיינען אזעלכע נישט פאַראַן. דער קאַלישער וואָיעוואָדע יאַן לאַצקי האָט אין סטאַטוט פון דער שטאָט לובעזשניץ, 1693, פאַרוואַרט דעם אריינגאַנג אין שטאָט פאַר קראַנקע און אָרעמע אידן, ספּעציעל פון סוויסיק, „וואָס שלעפּן זיך אַרום און שטעקן אָן די שטעט מיט קראַנקייטן״. מ׳דאַרף זיך משער זיין, אז אזא פאַרבאָט איז אויך חל געווען אויף די קאַלישער אידן.

חוץ בעלי־בתים, סוחרים און בעלי־מלאכה האָבן צווישן די 880 אידן זיך געפונען 33 (12 מענער, 21 פרויען) לערניינגלעך און משרתים.

אין דער ציילונג, וואָס די פּרייסישע מאַכט האָט אַדורכגעפירט אין יאָר 1793 האָט מען אָפּגע־ציילט 1706 אידן. רוסינסקי צווייפלט אין דעם, אַז אין משך פון פיר יאָר זאָל די צאָל אידן זיך האָבן פאַרדאָפּלט פון 880 אויף 1706. לויט זיין היפּאָטעטישער אויסרעכענונג האָבן די אידן אין יאָר 1789 געציילט 1300 נפשות.

ייִדן — 30,5%

צווישן דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון 4265 תושבים — 2485 קריסטלעכע בירגער, 300 אדלליט, 180 גייסטלעכע, 1300 אידן, די אידן האָבן באַטראָפן 30.5%. אין די 88 געמויערטע הייזער און 357 הילצערנע הייזער, וואָס זיינען אָפּגעציילט געוואָרן דורך דער „קאָמיסיע פאַר גוטער אָרדענונג", האָבן 4 געמויערטע און 84 הילצערנע הייזער געהערט צו אידן.

אין יאָר 1792 זיינען פון 423 בנינים אין שטאָט געווען אין רשות פון אידן 3 געמויערטע הייזער (בית־הכנסת, בית־מדרש, קראַנקענהויז), 4 געמויערטע וואויך־הייזער, 2 הייזער פון געמישטע מאַטעריאַלן (פון אונטן געמויערט און פון אויבן האָלץ), 86 הילצערנע הייזער, 14 הייזלעך. נאָך דער שריפה אין יענעם יאָר איז נישט געבליבן אפילו איין אידיש הויז.

אין סוף פון 18־טן י. ה. זיינען לויט א רשימה פון יאָר 1786 געווען אין שטאָט חוץ די גאַסן, געסלעך און פּאַרשטעט — הויפּטגאַסן און א שטאָטישער פּלאַץ (Rynek). די אידן האָבן געוואוינט אין א באַזונדערן פירטל פון שטאָט נעבן דער גאַס זלאָטע, וואָס מ'האָט אויך גערופן די אידן־גאַס.

לויט די פאַראָרדענונגען פון דער שטאָט־מאַכט פון יאָר 1755 זיינען די אידן געווען פאַרפליכ־טעט אַכטונג צו געבן אויף דער ריינקייט און אָפּצוהיטן די רינעס און רינשטאָקן. דאָס נישט אויספירן די דאָזיקע פאַראָרדענונגען האָט געדראָט מיט א משפט אין וואָיעוואָדישן געריכט, מיט א שטראָף פון 14 גזשיוונעס און אַרעסט פון 4 וואָכן אין שטאָט־טורעם. אויפן שטאָט־פּראָקוראָר (intrygator) איז אַרויפגעלייגט געוואָרן די אויפגאַבע צו פאַרפליכטן די אידן אָפּצורייניקן די אידישע גאַס. אַזוי, למשל, האָבן די אידן אין יאָר 1784 זיך מתחייב געווען ריין צו מאַכן די גאַס אין משך פון איין חודש.

ב. דער ווירטשאַפטלעכער מצב

די שריפות און מגיפות האָבן פאַרערגערט דעם ווירטשאַפטלעכן מצב פון די קאַלישער אידן. צענדליקער יאָרן זיינען אַוועק ביז ס'האָט זיך אָנגעמערקט א פאַרבעסערונג אין די אידישע פרנסות.

וועגן פאַרנעם פון אידישן מסחר אין אָנהויב פון 18־טן י.ה. זיינען נישטאָ קיין באַגלויבלעכע פּרטים. מיר ווייסן, אַז די אידישע סוחרים האָבן זיך געפונען אין א שווערן קאַמף מיט די שטאָטליט, וועלכע האָבן געזען אין די אידן קאָנקורענטן. א שווערן קעגנער האָבן די אידישע סוחרים געהאַט אין קריסטלעכן סוחרים־צעך (cech kupiecki), וואָס האָט נאָך אין יאָר 1672 באַקומען פון שטאָטראַט א ספּעציעלן סטאַטוט, באַשטעטיקט דורכן קעניג מיכאַל. אויך באַזונדערע האַנדלס־צווייגן, ווי די זאַלץ־סוחרים, האָבן פאַרמאָגט א ספּעציעלן סטאַטוס, אַרויסגעגעבן אין יאָר 1662 און באַשטעטיקט דורך די קעניגן אין 1662, 1681, 1712. פאַרשטייט זיך, אַז אָט די צעכן זענען געשטאַנען אויף דער וואַך פון זייערע אינטערעסן און זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטל ביים אונטערגראָבן דעם קיום פון אידישן סוחר.

גרויסע קאָנקורענטן האָבן די אידישע משקאות־סוחרים געהאַט אין א גרופּע גריכישע סוחרים, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין קאַליש אין אָנהויב פון דער צווייטער העלפט 18־טן יאָרהונדערט. זיי זיינען געקומען פון מאַקעדאָניע, וואו זיי זיינען געוואָרן גערודפט פון די טערקן. זיי האָבן זיך באַזעצט אין פּויזן, לענטשיץ און קאַליש, און זיך פאַרנומען מיטן מסחר פון אונגאַרישע וויינען. זיי זיינען געווען אַקטיוו און פלינק. אין משך פון א קורצער צייט זיינען זיי געוואָרן פאַרמעגלעך, שנעל זיך אַסימילירט און אָנגעהויבן פאַרנעמען וויכטיקע פּאָזיציעס אין ווירטשאַפטלעכן און אפילו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.

פארקויף פון שארפע געטראנקען

דער פארקויף פון שארפע געטראנקען און די שענקעריי איז געווען איינער פון די וויכטיקסטע צווייגן פון די אידישע פרנסות. ס'איז באקאנט דער קאמף, וואָס די אידישע שענקער און סוחרים האָבן געפירט פאר זייער עקזיסטענץ. אַט דער קאמף איז אויך געפירט געוואָרן דורך די קאלישער אידן פון דעם דאָזיקן ווירטשאפטס־צווייג, און דאָ האָט ער געהאט א ספעציעלן הינטערגרונט. א סך פון די שטאָט־בירגער, דווקא פון די גבירים, האָבן זיך פארנומען מיט בירברייעריי, בראַנפן־ברויז, זאַלץ־פארקויף און בעקעריי. אין די יאָרן 1766—1786 איז יעדעס יאָר געקליבן געוואָרן א בירברייער (piwowar) פאר א בירגערמייסטער. אין דער דאָזיקער תקופה זענען געוויילט געוואָרן 15 בירגערמייסטערס פון צווישן די בירברייער.

דער צעך פון די בירברייער האָט פארפליכטעט צו קויפן ביר און אנדערע שארפע געטראנקען אויסשליסלעך פון דער שטאָטישער פאבריקאציע. אזוי האָבן אויך זיך נוהג געווען די זאַלץ־סוחרים און די בעקערס, וואָס זייער גאנצע עקאָנאָמישע און ווירטשאפטלעכע פאָליטיק איז אויסן געווען צו וואכן איבער זייערע אינטערעסן.

מיט דער צייט האָט ביי אידן זיך קאָנצענטרירט אויך דער מסחר פון פי, פערד, תבואה און לאַנדווירטשאַטלעכע פראָדוקטן. די מעקלערס פלעגן ארומגיין איבער די גיטער און דערפער און איינקויפן ביי די פריצים און פויערים לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטן, רינדער און פערד. פארשטייט זיך, אז דאָס איז נישט געפעלן געוואָרן די קריסטלעכע הורטאָווניקעס און דאָס האָט דערפירט צו כסדרדיקע סכסוכים און קאמפן. ווי דאָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אין הסכם צווישן די שטאָטישע און אידן אין יאָר 1788, האָט דער דאָזיקער קאמף זיך געצויגן נאָך פון די אַלטע צייטן און גורם געווען לאנגדויערנדיקע משפטים. פון א נאָטיץ אין יאָר 1778 דערוויסן מיר זיך, אז די קהילה האָט אויסגעגעבן בלויז אויף משפטים מיט דער שטאָט 6000 גילדן.

א סך שווערער איז געווען דער מצב פון די קרעמער און הענדלער, וואָס זיינען געווען אָנגעוויזן אויף פלעצער און מארק־פלאַץ (plac targowy). די שטאָט־מאכט און די קריסטלעכע צעכן האָבן ארויפגעלייגט אויף זיי אלע מיני פארבאָטן און באשווערונגען בנוגע דעם מין סחורה, געוויכט, פרייז, שעהן דערלויבטע צום פארקויף, און דראונגען, אין פאל פון אומגעהאָרכזאמקייט, צו קאָנפיסקירן די סחורה און ארויסטרייבן פון די ביידלעך און פון די פלעצער אין מארק.

אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט הייבט אָן דער מסחר על פי רוב איבערצוגיין אין אידישע הענט. לויט דער ציילונג אין יאָר 1765 זיינען פון 190 משפחה־שפייזער (69%) געווען באשעפטיקט: אין מסחר — 18 שפייזער 9.5%, פון זיי 13 סוחרים, 2 קרעמער, 2 וואנדערהענדלער, 1 מעקלער; אין מלאכה: 79 שפייזער (44%), 30 אין פרייע פראָפעסיעס (10%). 63 משפחה־שפייזער זיינען געווען אָן א פראָפעסיע (31%).

דאָס דאָזיקע בילד האָט לחלוטין זיך געענדערט אין יאָר 1786. פון 443 אידישע משפחות אין דער ציילונג זיינען 141 משפחה־שפייזער געווען בעלי־בתים (gospodarze, osiadli), סטאבילע תושבים, 99 נישט סטאבילע איינוואוינער (nie osiadli); מיט מסחר האָבן זיך באשעפטיקט 42, מיט מעקלעריי 50, מיט שענקעריי 2, מיט ארבעט 101.

פון דער דאָזיקער ליסטע זעען מיר, אז אין האנדל זיינען געווען באשעפטיקט בלויז 9% פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג לגבי 21% אידן.

א ביסל א משונהדיק בילד באקומט זיך פון די ציפערן פון יאָר 1789. מיט דריי יאָר צוריק האָבן זיך געציילט 443 אידישע משפחות, וואָס באטרעפן מינדעסטנס — 4 אָדער 5 אויף א משפחה — פון 1772 ביז 2215 נפשות; דאקעגן איצט רעדט זיך וועגן 840 נפשות, אויף אזא אופן:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| בעלי־בתים | — 69 | (20.6%) | מיט פרויען און קינדער | 153 נפשות |
| סוחרים | — 70 | (20.9%) | " " " " | 174 " |
| בעלי־מלאכה | — 100 | (29.7%) | " " " " | 234 " |
| שענקערס | — 4 | (1.1%) | " " " " | 17 " |
| געוועלב־אייגנטימער | — 40 | (11.8%) | " " " " | 122 " |
| מעקלערס | — 30 | (9.8%) | " " " " | 107 " |
| לערניינגלעך און משרתים | — 21 | (6.1%) | " " " " | 33 " |
| | | | סך־הכל | 840 נפשות |

מיט מסחר, שענקעריי און פאַרמיטלונג האָבן זיך באַשעפטיקט 144 משפחה־שפּייזער לגבי 97 אין יאָר 1786.

פון דער דאָזיקער ליסטע זעען מיר, אַז 43% פון די אידישע משפחות האָבן זיך מפרנס געווען אויסשליסלעך פון מסחר, שענקעריי און פאַרמיטלעריי. דער פּראָצענט פון קריסטלעכע משפחות, וואָס האָבן זיך מפרנס געווען פון די דאָזיקע קוואַלן איז אין יענעם יאָר געווען בלויז 10. אין אידישע הענט האָט זיך געפונען דער מסחר פון פערד, פּי, תבואה, לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטן.

אידן און וועבעריי־מסחר

אין 18־טן י.ה. האָבן קאַלישער אידן זיך פאַרנומען מיטן הורט־מסחר פון שטאָפן. א גרויס־פאַרנעמיקן האַנדל האָבן זיי געפירט מיט וואָל, וואָס איז באַזאָרגט געוואָרן פאַר די וועבער און פאַר די פּוילישע פאַבריקן אָדער עקספּאָרטירט געוואָרן קיין אויסלאַנד, באַזונדערס קיין מאָראַוויע, בעהמען, שלעזיע און זאַקסן. די קריסטלעכע וועבער האָבן נישט איינמאָל זיך באַקלאָגט, אַז די אידן קויפן אויף די גאַנצע פּראָדוקציע און שרויפן אויף די פּרייזן. דער אַנטייל פון אידן אין דער שטאָפן־אינדוסטרי אין גרויספּוילן איז באַשטאַנען אין קויפן די וואָל און פאַרקויפן די פּראָדוקציע.

די וואָל האָבן די אידן געקויפט ביי די פּריצים. געווען אויך אידן וואָס האָבן אַרענדירט סטאַדעס שאָף.

אין 18־טן י.ה. האָבן עטלעכע אידן געעפנט פאַבריקן אויף אויסאַרבעטן זייף און דאָס פאַרוואַנדלט אין א וויכטיקן האַנדלס־צווייג. ווען די טאַבאַק־פאַבריקן זיינען איבערגעגאַנגען צו דער רעגירונג, איז אויך אין קאַליש אַנטשטאַנען א פאַבריק. די אידן האָבן געהאַט אין זייערע הענט דעם פאַר־קויף פון דער פּראָדוקציע. אידן האָבן זיך אויך באַשעפטיקט מיט קרעדיט און פינאַנס־ענינים מיט די אָרטיקע קריסטלעכע סוחרים און אויך מיט די גריכן, וואָס האָבן תמיד זיך גענויטיקט אין קרעדיט. זיי האָבן געגעבן הלוואות אויף א יערלעכן פּראָצענט פון 7% און אפילו מער, און אויך אויף משכונות — זילבער, גאָלד און צירונג.

פון דער צווייטער זייט פלעגן אידישע סוחרים באָרגן געלט ביי די רייכע שטאָטלייט און ביי די אדללייט, וואָס האָבן געוואוינט אין שטאָט און געאַרבעט אין דער מלוכה־אדמיניסטראַציע און אין די געריכטן. די דאָזיקע מענטשן האָבן אוועקגעבאָרגט זייערע הכנסות פון די גיטער און הייזער אין שטאָט. אויך די גלחים פלעגן באָרגן געלט די אידן קעגן א הויכן פּראָצענט.

נאָך די וואַרשעווער אידן האָבן די קאַלישער אידן אָנגעקניפּט האַנדלס־באַציאונגען מיטן שלעזישן מאַרק. אידישע סוחרים פון קאַליש פלעגן סטאַביל באַזוכן ירידים אין שלעזיע: ברעסלוי, קרייצבורג און רייכנבאַך.

פון די באַזוכער־רשימות אין ברעסלוי זיינען אונדז באַקאַנט די יידישע סוחרים פון קאַליש, וואָס האָבן אין 18־טן י.ה. באַזוכט די ירידים אין ברעסלוי: שמעון יצחק (1701—1700), לייבל יצחק (1702), מנחם מאַרקס (1722), יעקב מיכאל (1702), אלעקסאַנדער יאַכען (1702), משה יעקב (1702), אשר אברהם (1702), משה אברהם (1702), שלמה יעקב (1722), שלמה אליהו (1785). פאַרשטייט זיך, אַז די דאָזיקע רשימה איז נישט קיין פולע און מ׳קען אָננעמען, אַז די צאָל באַזוכער איז געווען פילפאַך גרעסער. דער פאַקט, אַז די קאַלישער סוחרים האָבן אין יאָר 1698 געשאַפן אין ברעסלוי אַן אייגענע שול און אויסגעהאַלטן דאָרט א שמש (נאמן און שתדלן), כדי אָפּצוהיטן זייערע אינטערעסן, באַווייזט, אַז פיל פון די קאַלישער יידן פלעגן קומען אויף די ירידים.

פון יאָר 1709 איז אונדז באַקאַנט דער קאַלישער שמש נתן בן בנימין. ער איז געווען אויף דעם דאָזיקן אַמט נאָך ביים סוף פון 17־טן י.ה. און ער איז געוואָרן באַפולמעכטיקט דורכן ועד ארבע־ארצות צו באַוואָרענען און באַשיצן די אינטערעסן פון זיינע שטאָטלייט אין מסחר און אכטונג געבן, אַז זיי זאָלן נישט ליידן פון זייער אינערלעכער קאָנקורענץ. דער שמש איז אויך געווען דער פאָרשטייער פון זיינע שטאָטלייט לגבי די באַזוכער. לויטן אָפיציעלן נוסח איז ער געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אידן אונטער זיין פּראָטעקטאָראַט.

אין אָנהויב פון 18־טן י.ה. זיינען טעטיק 6 שמשים פון פּוילן, און אין יאָר 1722 — 8 (קאַליש, לוואָוו, ריישע, ליסא, קראָטאָשין, פּויזן, אפּט, לובלין). א געוויסע צייט זיינען געווען אפילו 12. לויט א געזעץ פון דער מאַכט אין ברעסלוי פונעם יאָר 1738 זיינען בטל געוואָרן די שמשים־אמטן אין פאַרשידענע פלעצער און ס׳זיינען געבליבן בלויז 3: פאַר גרויספּוילן, קליינפּוילן און ליטע. די פאַרבינדונגען מיט שלעזיע האָבן זיך געצויגן דעם גאַנצן 18־טן י.ה. אין דער שיל־דערונג פונעם מצב אין יאָר 1779 אין די וואָיעוואָדישע צאָל־סטאַציעס אין קאַליש, וואָס פלעגט

קאָנטראָלירן די אַרטיקע קריסטלעכע סוחרים, רעדט זיך אויך וועגן דער באהאנדלונג פון די אידישע סוחרים, די אַרטיקע און אויך די פרעמדע, וועלכע קומען צוריק פון פראנקפורט.

א פאַרשטייער פון די קאלישער אידן האָט געדארפט שווערן, אז די אימפּאָרטירטע פּי איז געזונט. א באזונדערער סאָרט מעקלערס פלעגן ארומגיין אין שטאָט און אין דער סביבה און קויפן מלבושים, גאָלדענע און זילבערנע חפצים און אויך צירונג. זיי זיינען אויך געקומען אין די פריצישע הייף און אויפגעקויפט זייער לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקציע, פערד, פּי, געט־ראנקען, מעד. די שטאָט־פארוואלטונג האָט אכטונג געגעבן — און אויך באשטראָפט מיט קנס און קאָנפיסקאציע פון דער סחורה — אז אידישע געוועלבער־אייגנטימער זאָלן נישט פארקויפן קיין סחורה אויף די שאָסייען און אין די גאסן.

דער מסחר איז פאָרגעקומען אין גאס. זומערצייט איז דעם געוועלב־אייגנטימער געווען פארבאָטן צו קויפן תבואות און שפייז־פּראָדוקטן ביז א זייגער 11, ווינטער — ביז א זייגער 10.

די קריסטלעכע סוחרים האָבן געפירט א קאמף קעגן אידישן האנדל. דער דאָזיקער קאמף איז געוואָרן פארשארפט אין 1726. דער סוחרים־צעך אין פּויזן האָט אָנגעהויבן פירן א ברייטע טעטיקייט קעגן אידישן האנדל און זיך פארבונדן אויך מיט די צעכן אין קאליש, ווארשע און פּיאָטרקאָוו, כדי צו שאפן א פעסטן און איינהייטלעכן פראָנט קעגן די אידן. אָבער די רעזולטאטן זיינען געווען שוואכע. דאָך האָט די מלחמה אין קאליש זיך געצויגן נאָך צענדליקער יאָרן און איז געווען באגלייט מיט משפטים און אלערליי תביעות אויף צו באצאָלן שטייערן און שטראָפן. אין יאָר 1760 זיינען די אידן און די שטאָט־פארוואלטונג געקומען צו א הסכם, וואָס איז אויך פארצייכנט געוואָרן אין שטאָט־בוך אין יאָר 1761. לויטן הסכם האָט די קהילה זיך מתחייב געווען צו באצאָלן דער שטאָטראט יעדן חודש 100 גילדן, ד.ה. 1200 גילדן א יאָר פאר באפרייען די אידן פון קוואַרטירן זעלנער אין זייערע הייזער, פאר דער וואסער־רער, פארן בית־עלמין און אנדערע אָפּצאָלן פארן בית־כנסת, שפּיטאָל און יאטקעס. אָבער נישט געקוקט אויפן הסכם זיינען די סכסוכים און משפטים נישט געוואָרן איבערגעריסן.

יידישע בעלי־מלאכות

די אידן האָבן זיך אויך באשעפטיקט אין א באדייטנדיקער מאָס מיט מלאכה, ווי מיר זעען דאָס פון צוויי באפעלקערונג־ציילונגען.

אין דער ציילונג פון יאָר 1765 האָבן פון 127 פאמיליע־פאָטערס 79 (44%) זיך פארנומען מיט פארשידענע מלאכות, לויט דעם פאָלגנדיקן צעטל:

27 שניידער, 2 היטלמאכער, 16 קירזשנער, 4 וועבער, 10 שטריקפלעכטער, 2 גלעזער, 1 איינבינדער, 8 פארשידענע בעלי־מלאכה, 9 קצבים. אין דער דאָזיקער רשימה זיינען נישט בנמצא קיין בעקער. ס'איז אוממעגלעך, אז עס זאָלן נישט האָבן געווען קיין אידישע בעקער, וואָס דאָס איז נויטווענדיק פון רעליגיעזן שטאנדפּונקט.

אמת, דער קריסטלעכער בעקער־צעך, וועלכן די פאמיליע פּאדבאָוויטש האָט אָנגעפירט אין 18־טן י. ה. האָט געמאכט אלע אָנשטרענגונגען צו פארווערן פאר יידן דאָס בעקער־פאך, מ'דארף זיך אָבער משער זיין, אז זיי זיינען געווען פאראינטערעסירט צו פארווערן פאר אידן דעם פארקויף צו דער קריסטלעכער באפעלקערונג.

אידישע בעלי־מלאכה, באזונדערס שניידער, קירזשנער און בעקער האָבן געהאט אויסצושטיין רדיפות מצד די האנטווערקער־צעכן. דער שניידער־צעך האָט זיך סומך געווען אויף זיינע פּרי־ווילעגיעס, לויט וועלכן אידן איז געווען פארווערט צו פארנעמען זיך מיט שניידעריי, און פארלאנגט אָפּצוהיטן דעם פארבאָט. דער שווערער קאמף איז געוואָרן פארענדיקט מיט א פשרה דעם 12.3.1713 צווישן שניידער־צעך און די אידישע שניידערס, וואָס איז געוואָרן פארשריבן אין שטאָט־בוך. לויט דעם הסכם, איז די יידן, קאלישער תושבים, דערלויבט צו פארנעמען זיך מיט שניידעריי פאר א יערלעכן אָפּצאָל פון 14 גילדן צום שניידער־צעך. צוליב דעם סכסוך צווישן שניידער־צעך און דעם פּרויען־שניידער שלמה איז מען דעם 30.3.1774 געקומען צו א צווייטער פשרה, אז בלויז שלמה מעג זיך פארנעמען מיט נייען פּרויען־קליידער פאר א יער־לעכן אָפּצאָל צום צעך אויף א סומע פון 3 גילדן.

אָט די פשרות האָבן פארפליכטעט די צדדים אויך אויף להבא.

מיטן קצבים־צעך זיינען די אידישע קצבים געקומען צו א הסכם נאָך אין יאָר 1630. לויט

דעם הסכם מעגן די אידן האַלטן 12 יאַטקעס קעגן א יערלעכן אָפּצאָל פון 300 גילדן. די אידישע קירזשנער האָבן יעדעס יאָר באַצאָלט דעם קירזשנער־צעך 16 גילדן.

פון דער צווייטער העלפט פון 18־טן י.ה. זיינען נישטאָ קיין ידיעות וועגן קאָנפליקטן צווישן די צעכן און אידישע בעלי־מלאכה. פון פאַרשידענע קוואַלן איז באַוואוסט, אז אין יענער תקופה האָבן די מלאכה־צווייגן זיך אויסגעברייטערט. אויסער די אויבן אויסגערעכנטע זיינען געווען אויך שוסטער, זאָטל און געשפאַן־מאַכערס, קנעפּמאַכער. דאָס איז געוואָרן באַשטעטיקט אין דער ערשטער ציילונג, וואָס די פּרייסישע מאַכט האָט אדורכגעפירט אין יאָר 1783.

לויט דער באַפעלקערונג־רשימה אין יאָר 1786 זיינען אין קאַליש געווען 101 אידישע בעלי־מלאכה לגבי 106 קריסטלעכע בעלי־מלאכה. ליידער איז נישט פאַראַן קיין אויסרעכענונג פון די פאַכן ווי דאָס איז פאַראַן ביי די קריסטלעכע בעלי־מלאכה אין די יאָרן 1629, 1784, 1786.

אין יאָר 1789 האָט מען אָפּגעמערקט 100 בעלי־מלאכה, וועלכע האָבן געהאַט 98 פרויען, 16 יינגלעך, 20 מיידלעך בסך הכל 234 נפשות. זיי האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט 26.6% פון דער אידישער באַפעלקערונג.

די בעלי־מלאכה זיינען געווען אָרגאַניזירט אין חברות פון א צעכן־כאַראַקטער: חברה פון שניידער, היטלמאַכער, קירזשנער, שערער, בעקער, קצבים א.א. די אידישע בעלי־מלאכה האָבן אָפּגעהיטן די פּרייזן פון די קריסטלעכע צעכן.

אין קאַליש איז בכלל נישט געווען קיין אידישע דרוקעריי, כאָטש קאַלישער אידן האָבן זיך ספּעציאַליזירט אין דרוק־פאַך און באַרימט געוואָרן אויסער זייער שטאָט אלס דרוקער, זעצער, קאָרעקטאָרן און פאַרלעגער.

אין 15־טן י.ה., אין יאָר 1589, איז באַוואוסט געווען אברהם בן יצחק קרא אשכנזי פון קאַליש אלס דרוקער אין סאַלאָניקי און שפּעטער אין ווענעציע און מאַנטאָוואַ, וואו ער האָט געדרוקט תורה־ספרים און זיך באַטייליקט אין זייער אויסגאַבע.

אין יאָר 1690 איז אין אַמסטערדאַם געווען באַקאַנט דער זעצער לייב בן נפתלי הירש פּאַס פון קאַליש. אין יענע יאָרן זיינען אין בערלין געווען באַקאַנט שניאור זלמן בן יהונתן כ״ץ און יהושע בן אביגדור.

אין 18־טן י.ה. זיינען באַוואוסט בנימין שבתאי באַס, אַן אייגנטימער פון א דרוקעריי, צבי הירש בן קלונימוס אין דיפערנפורט, קלונימוס אין לאַצבאָן, יצחק בן אליהו אין פראַנקפורט א.מ., בנימין בן יחיאל, יחזקאל בן יעקב, קלונימוס בן יהודה־לייב, יהודה־לייב בר אליהו, אלע אין אַמסטערדאַם; יהודה־לייב בן נפתלי, א זעצער אין סאַלאָניקי, צבי בר קלונימוס כ״ץ אין פראַנקפורט א.מ.

צווישן די פאַכלייט דאַרף מען אויך אויסרעכענען די כלי־קודש: רב, חזנים, קברנים, שוחטים, שמשים, שתדלנים, סופרי סת״ם, פעלדשער, שערער.

הגם דער צעך פון די קריסטלעכע דאָקטוירים האָט פאַרווערט די אידן פאַרנעמען זיך מיט מעדיצין, זיינען אויך געווען אידישע דאָקטוירים. אין דער איינוואוינער־רשימה פון יאָר 1784 ווערט דערמאָנט אין יידישער דאָקטאָר־ספּעציאַליסט, וואָס האָט געוואוינט אלס סובלאָקאַטאָר.

### ג. טעטיקייט פון דער „קאָמיסיע פאַר גוטער אָרדענונג״ פאַר איינפירן שלום צווישן די שטאָטלייט און די יידן.

איינע פון די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פון דער „קאָמיסיע פאַר גוטער אָרדענונג״, וואָס האָט אָנגעהויבן איר טעטיקייט אין קאַליש נאָך אין יאָר 1778, איז געווען צו מאַכן א סוף צו די סכסוכים און משפּטים צווישן די אידן און שטאָטלייט. דער קאָמיסיע איז געלונגען צו דערפירן די צדדים צו א פּשרה, און ס׳איז אונטערגעשריבן געוואָרן א הסכם צווישן דער אידישער קהילה און דער שטאָטישער מאַכט.

אינעם „באַשלוס וועגן ענין פון דער קעניגלעכער שטאָט קאַליש מיט דער קהילה אין דער זעלבער שטאָט״, ווערט פעסטגעשטעלט, אז די שטאָט־פאַרוואַלטונג, די צעכן און קהילה־פּרנסים האָבן פאַרגעשטעלט פאַר דער „קאָמיסיע פון גוטער אָרדענונג״ די עקזיסטענץ־בריוו און פּריווילעגיעס און אַרויסגעבראַכט זייערע טענות און פאָדערונגען, און ס׳האָבן אויך באַשטעטיקט אונטער א שבועה דער שטאָט־פּרעזידענט אַנדזשיי פּאַדבאָוויטש און די ראשי הקהילה מיכאל

פישל, אברהם יעלענקעוויטש, יעקב עליאשעוויטש וועגן דער ריכטיקייט פון זייערע רייד, און זיי האָבן זיך אונטערגעשריבן פאַר דער קאָמיסיע אויפן פאָלגנדיקן הסכם: צווישן דער חשובער שטאָט־פאַרוואַלטונג, א ריי צעכן און דער גאַנצער שטאָט פון איין זייט, און צווישן די ראשי הקהילה אין קאַליש און אַלע איר מיטגלידער פון דער צווייטער זייט, איז געחתמעט געוואָרן א פשרה, וואָס איז גילטיק פאַר דער צוקונפט אין די ענינים פון פאַרשידענע אָפּצאָלן, מסחר, שענקעריי און מלאכות, ווי פאָלגנדיק:

א. די ביידע צדדים האָבן דערלאַנגט א משפט פאַר דער „קאָמיסיע פון גוטער אָרדענונג" אין דער פראַגע פון זייערע קעגנזייטיקע תביעות, כדי אויסצומיידן ווייטערדיקע געריכט־הוצאות בנוגע שטייערן און אָפּצאָלן, וואָס ווערן פאַרלאַנגט פון די אידן דורך דער שטאָט־פאַרוואַלטונג א.א.וו. פאַר קוואַרטירן זעלנער, כדי די יידן זאָלן נישט דאַרפן איינאָרדענען זיי ביי זיך אין די הייזער און דירות. אַנשטאָט דעם דאָזיקן איינקוואַרטירונג, האָט די קהילה, לויטן הסכם פון יאָר 1760, רעגיסטרירט אין די שטאָט־ביכער, זיך מתחייב געווען צו באַצאָלן 1,100 גילדן; און אויך פאַר דער וואַסער־רער און פאַרן בית־עלמין, בית־הכנסת און קראַנקען־הויז, שטאָטישע יאַטקעס, חודשלעכע ראַטעס פון 100 גילדן, אַנשטאָט דער איינקוואַרטירונג פון די זעלנער, פאַר דער וואַסער־רער פון באַרג טשאַשקי און אַנדערע אָפּצאָלן, ווי דאָס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן אין יאָר 1768 צווישן דער שטאָט־פאַרוואַלטונג און צווישן די אידן. אויב דאָס מיליטער וועט פאַרלאָזן די שטאָט און די שטאָט־פאַרוואַלטונג וועט נישט דאַרפן איינקוואַרטירן קיין זעלנער, וועט די קהילה ווערן באַפרייט פון צאָלן קוואַרטיר־געלט. אויב בלויז א טייל פון מיליטער וועט פאַרבלייבן, וועט די קהילה באַצאָלן דעם אַנטשפּרעכנדיקן חלק, וואָס פאַלט אויף איר אויס. בלויז אין פאַל, אויב אין שטאָט און אין דער פאָרשטאָט וועלן זיין אזא גרויסע צאָל זעלנער, אז מ׳וועט זיי נישט קענען איינאָרדנען אין קריסטלעכע הייזער און דירות, וועט די קהילה דאַרפן זיך באַטייליקן אין דער איינקוואַרטירונג פון די זעלנער.

ב. די אידן פון קאַליש איז געזיכערט דאָס באַשעפטיקן זיך מיט מסחר לויט זייערע פריי־ווילעגיעס, אָבער מיטן תנאי, וואָס ווערט איצט פעסטגעשטעלט: די יידישע סוחרים טאָרן נישט אימפּאָרטירן ליקערן פון לאַנד און פון אויסלאַנד, אחוץ דעם כשרן ווייַן פאַר זייערע צוועקן. זיי מעגן פאַרקויפן הערינג און האָניק. זיי טאָרן נישט פאַרקויפן קיין שום פאַרווערטע סחורות. זיי דאַרפן זיך אויסהיטן צו שעדיקן די קריסטלעכע סוחרים. יעדעס קעגנשטעלן זיך די הסכם־באַדינגונגען וועט ווערן באַשטראָפט מיט קאָנפיסקירן די סחורה און מיט געלט־שטראָף. „די קהילה מעג האַלטן אויף די יידישע גאַסן פיר שענקען אויף ביר און בראָנפן, אָבער אין יעדן הויז בלויז אין איין צימער און דורך איין שענקער. בראָנפן און ביר דאַרף מען קויפן נאָר ביי קאַלישער בירגער, און ווער ס׳וועט וואַגן צו קויפן אויף אַן אַנדער אָרט, וועט ווערן באַשטראָפט מיט 100 גזשיוונעס לטובת דער שטאָט, אָן דעם רעכט צו אַפּעלירן. אויב עס וועט אויספעלן בראַנפן און ביר אין קאַליש, איז די שטאָט־פאַרוואַלטונג מחויב צו דערלויבן עס צו קויפן אויף אַן אַנדער אָרט. געטראַנקען־שטייער (czopowe) פון ביר און בראַנפן־שטייער וועט ווערן באַצאָלט לויטן הסכם צווישן דעם בירגער־פאַרקויפער און אידישן קויפער דורך דער פערזאָן, וואָס וועט נעמען אויף זיך צו באַצאָלן די שטייערן. אויב ס׳וועט אויספעלן בראָנפן אין שטאָט, דאַרפן די יידן באַקומען א ספּעציעלע דערלויבעניש פון שטאָטראַט צו קויפן עס ערגעץ וואו אַנדערש, און דער שטאָטראַט טאָר נישט אָפּלייגן די קניה. כדי די אידן זאָלן נישט היזק האָבן ביים פאַרקויף פון בראַנפן, ווערט זיי פאַרזיכערט, אז א פאַס בראַנפן וועט ווערן פאַרקויפט צום פרייז פון 6 גילדן. אויב די קאַלישער בירגער וועלן באַשליסן צווישן זיך צו פאַרקויפן צו אידן בראַנפן פאַר א מער טייערן פרייז און פון אַן אַנדער קוואַליטעט ווי ס׳איז אָנגענומען אין אַנדערע ערטער, וועלן די שולדיקע ווערן באַשטראָפט מיט 100 גזשיוונעס דורכן געריכט פון סטאַראָסטע־געריכט. דער זאַפּאַס, וואָס געפינט זיך ביי די יידן בעת אונטערשרייבן דעם הסכם, דאַרף ווערן פאַרקויפט אין משך פון 8 וואָכן. נאָך דעם דאָזיקן טערמין טאָר מען נישט האַלטן קיין בראַנפן אויף פאַרווערטע פלעצער, א חוץ אין די פיר דערלויבטע שענק־הייזער.

אין באַזונדערע פאַראַגראַפן ווערן אויך באַשטימט די יורידישע שריט אין פאַל ווען עס שטאַרבט א יידישער שענקער, אָדער ער באַנקראָטירט. די יידן איז פאַרווערט איינצואָרדענען

ביר־ברויערייען און בראַנפן־ברייזן, אויסצואַרבעטן בראַנפן אין פּריוואַטע הייזער, צו האַלטן אַכסניות און שטאַלן.

ג. היות ווי לויטן הסכם פון 18.5.1753, צווישן דעם שניידער־צעך און די אידישע שניידער, מעגן אידן זיך באַשעפטיקן מיט שניידעריי פאַר א יערלעכן אָפּצאָל פון 14 גילדן אין שניידער־צעך, און דעם 10.3.1774 איז געחתמעט געוואָרן א צווייטער הסכם מיטן אידישן פּרויען־שניידער שלמה, אַז ער איז מחוייב אַריינצוטראָגן אַן אָפּצאָל פון 3 גילדן, איז די גילטיקייט פון די פאַרשטענדיקונגען באַשטעטיקט געוואָרן אויך אין דער איצטיקער פּשרה. דער קצבים־צעך האָט נאָך אין יאָר 1639 געמאַכט א הסכם מיט די אידישע קצבים, לויט וועלכן זיי איז דערלויבט צו האַלטן 12 יאַטקעס פאַר א יערלעכן אָפּצאָל פון 300 גילדן. די דאָזיקע סומע איז דערנאָך געהעכערט געוואָרן אויף 400 גילדן.

אויפן יסוד פון א הסכם צווישן קצבים־צעך מיט דער „קאָמיסיע פאַר א גוטער אָרדנונג", איז זי מחוייב צו באַצאָלן דעם גענעראַל פון גרויספּוילן אַן אָפּצאָל פון 1,098 גילדן. די אידישע קצבים דאַרפן אַריינטראָגן א העלפט פון דעם אָפּצאָל אויף א סומע פון 549 גילדן.

הגם ס'איז נישט געווען קיין הסכם צווישן די אידישע קירזשנער און דעם קירזשנער־צעך, זיינען די אידישע קירזשנער געווען פאַרפליכטעט צו באַצאָלן דעם צעך 16 גילדן, ווי זיי האָבן פריער געצאָלט, און ס'איז זיי געוואָרן דערלויבט צו פאַרנעמען זיך מיט זייער פאַך. דער לאַנגדויערנדיקער סכסוך צווישן די זאַלץ־סוחרים און דער אידישער קהילה איז געוואָרן דער־ליידיקט דורך א פּשרה, לויט וועלכער בלויז צוויי יידן אין צוויי הייזער פון יידישן פירטל האָבן באַקומען דאָס רעכט צו פאַרקויפן זאַלץ, סיי צו קריסטן סיי צו אידן, בתנאי אַז דער פּרייז זאָל זיין דער זעלבער, וואָס ביי די קריסטלעכע סוחרים און די געוויכטער זאָלן זיין פּינקטלעכע, אויב דער תנאי וועט נישט ווערן אויסגעפירט, וועט מען ווערן באַשטראָפט מיט 30 גזשיוונעס לטובת דעם צעך. פאַר דער דאָזיקער דערלויבעניש איז די קהילה מחויב צו געבן דעם צעך פון די זאַלץ־סוחרים יעדע 3 חדשים 2 ליטער וואַקס.

ד. אין א ספּעציעלן פּאַראַגראַף ווערט באַשטימט, אַז אויב אין קאַליש וועט אַנטשטיין א גאַרבעריי, וועלן אידן נישט טאָרן קויפן קיין פעל און זיי אַרויספירן. דער מאַגיסטראַט דאַרף זאָרגן, אַז די פּרייזן פון פעל פאַר די גאַרבער זאָלן זיין דערטרעגלעכע.

ה. אין א ספּעציעלן באַשלוס פון דער „קאָמיסיע פאַר גוטע אָרדענונג" ווערט די יידן פאַרווערט אַריינצופירן מעדיקאַמענטן און גיפטיקע מאַטעריאַל, און די קהילה איז מחויב מקיים צו זיין דעם דאָזיקן פאַרבאָט.

דער דאָזיקער הסכם איז אונטערגעשריבן געוואָרן דעם 19־טן פעברואַר 1788 דורך די מיט־גלידער פון שטאָטראַט קאַזימיר גיבאַשעוויטש, אַנטאָני ניעטשאַצקי אין נאָמען פון מאַגיסטראַט, וואָיטשעך טראָווקאָווסקי און יאַן פאַרבאָוויטש אין נאָמען פון ראַט און סטאַניסלאַוו קזשישטאָפאָ־וויטש אין נאָמען פון די זיבן. די קהילה פּרנסים מיכאל פישל, אברהם יעלענקעוו און יעקב עליאַשעוויטש האָבן אונטערגעשריבן אויף העברעאיש. דער הסכם איז אויך אונטערגעשריבן געוואָרן דורכן פאָרזיצער פון דער קאָמיסיע קסאַווערי גאַלענטש קאָנשיצקי.

עס זינען אויך באַשטימט געוואָרן צוגאַב־תקנות:

א. בנוגע אידן פון אויסלאַנד, וואָס האָבן צייטווייליק געוואוינט אין קאַליש און ס'איז זיי געווען פאַרווערט צו האַנדלען. די אידישע תושבים איז געווען פאַרווערט אויפצונעמען ביי זיך אַן אויסלענדישן איד אָן דעם וויסן פון דער שטאָטישער מאַכט, אונטער דער דראָאונג פון 50 גזשיוונעס שטראָף. די שטאָט־שומרים האָבן געדאַרפט קאָנטראָלירן דעם אַריינגאַנג אין שטאָט די פרעמדע אידן און זיי אָפּפירן צום שטאָט־פּרעזידענט אָדער צום פּאָליציי־קאָמענדאַנט.

ב. אין א צווייטן באַשלוס זיינען די אידן געוואָרן פאַרפליכטעט צו באַטייליקן זיך אין די הוצאות פון דער וואַסער־לייטונג צו זייער ברונעם, וועמענס אויסהאַלטונג איז געווען אויף זייער חשבון. די דאָזיקע וואַסער־לייטונג איז געוואָרן איינגעאָרדנט פאַר די באַדערפענישן פון די יידן דעם 15.7.1773.

ג. צוליב די פּילצאָליקע און פאַרעלטערטע סיכסוכים צווישן מאַגיסטראַט און די אידן אין דער פראַגע פון זייער אויסשפּרייטן זיך מחוץ פון זייערע גאַסן, סיכסוכים, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט באַדייטנדיקע הוצאות, האָט די קאָמיסיע פאַרווערט די אידן אויף שטענדיק צו

קויפן, ארענדירן און דינגען הייזער, פלעצער, געוועלבער אין מיטן שטאָט, אין אלע גאסן פון שטאָט, און אויך אין די פאָרשטעט, וואָס זיינען ביז איצט באזעצט דורך קריסטן, חוץ צו די געציילטע בנינים, וועלכע געפינען זיך ביי אידן אויף א וועלכן ס׳איז געזעצליכן יסוד. ווער ס׳איז עובר אויף דעם דאָזיקן פארבאָט — א איד אָדער א קריסט — וועט ווערן באשטראָפט מיט 100 גזשיוונעס.

ביים באהאנדלען דעם ענין פון די בעטלערס איז אָנגענומען געוואָרן א ספעציעלער באשלוס לגבי אידן.

ארויסגייענדיק פון דער הנחה, אז די אָרעמעלייט, וואָס גייען איבער די אידישע הייזער אין די שטעט, שטעטלעך און דערפער פארשפרייטן אָנשטעקנדיקע קראנקהייטן און זיי גנבענען, רעקאָמענדירט די קאָמיסיע דעם מאגיסטראט און דער קהילה אין קאליש נישט צו דערלויבן, אז זיי זאָלן אריינקומען אין שטאָט, צו פארהאלטן זיי ביים אריינגאנג אין שטאָט, געבן זיי דאָרט די נדבה פון דער קהילה און זיי משלח צו זיין. אויב זיי וועלן נישט פאָלגן, וועלן די שטאָט־דינער זיי פארטרייבן.

יידישער שפיטאָל

אין אידישן קראנקנהויז אין קאליש איז דער קהילה דערלויבט צו האלטן נאָר אָרעמעלייט־קאַליקעס, אייוואוינער פון שטאָט. אין משך פון יאָר דארף דער פאָליציי־קאָמענדאנט קאָנטראָלירן עטלעכע מאָל, צי די אידן פירן אויס דעם באשלוס פון דער קאָמיסיע. אויב בשעת דער קאָנטראָל פון די הייזער אין דעם הקדש וועט מען דאָרט געפינען פרעמדע אידישע קבצנים, וועלן די ראשי הקהילה באשטראָפט ווערן מיט 50 גזשיוונעס. די פארהאלטענע וועלן ווערן געצוואונגען צו רייניקן די שאָסייען אין משך פון א חודש צייט, דערנאָך וועלן זיי ווערן פארטריבן פון שטאָט, און די קהילה וועט זיי נישט ארויסשיקן מיט וואָגנס.

ד. אויפן מאגיסטראט און אויף דער קהילה ליגט דער חוב צו פארווערן מיט דער גאנצער הארבקייט, אז אידן זאָלן אריינעמען צו זיך אין די הייזער וואנדערערס אָן דער דערלויבעניש פון דער שטאָטישער מאכט און אָן א גענויער קאָנטראָל פון יעדן איינעם.

ה. א באזונדערער פליכט איז געוואָרן ארויפגעלייגט אויף די אידן צו זאָרגן פאר דער ריינקייט פון זייערע גאסן פון יעדע שמוץ, שטיינער, חורבות, בוי־אָפפאַל, בלאָטע, לוזשעס, צו פארריכטן די טראָטוארן און רינעס.

ו. די אידן זיינען מחויב אויסצוהאלטן אויף זייער חשבון פייערלעשער־מכשירים, כדי זיי זאָלן קענען ביים אויסברוך פון א שריפה פארלעשן דעם פייער.

ז. אידן, וואָס האנדלען מיט ברען־פּולווער און שוועבל, דארפן האלטן די סחורה אין די סקלאַדעס פון שטאָטישן טורעם פאר אָן אָפצאָל פון 6 גילדן.

די באשלוסן פון דער „קאָמיסיע פאר גוטער אָרדענונג״ האָבן געהאט פאר א ציל איינצושטעלן א סטאבילן שלום צווישן די שטאָטלייט און די אידן. אָבער דאָס איז געווען אומזיסט. דער הסכם האָט דעם מאגיסטראט און די קריסטלעכע איינוואוינער געגעבן א געלעגנהייט צו טענהן, אז די אידן טאָרן נישט זיין פריי אין מסחר און באזונדערס אין האנדל מיט שארפע געטראנקען.

אין זייער קאמף קעגן אידן האָבן די קריסטן תמיד זיך באנוצט ווי מיט א געזעצלעכן באוויז, אז אידן האָבן מסכים געווען צו די אויבנדערמאָנטע באגרענעצונגען און דערפאר דארף מען זיי נישט איבערשרייטן און אויסברייטערן זיך אין שטאָט, הן פון צאָלמעסיקן שטאנדפונקט און הן ווירטשאפטלעך. ביי יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אָנגעגעבן אָנקלאגעס, וואָס האָט זיך געצויגן ביז די זעכציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט. קאָפּיעס פון הסכם זיינען געוואָרן באשטעטיקט דורך דער נאָטאַריאלער מאכט. דער דאָזיקער אָפּמאך אונטערן נאָמען קאמפּלאנאציע האָט די קריסטן געדינט ווי א מאכטיק און אויסגעפּרוווט געווער.

אין איר קאמף קעגן די יידן האָט די שטאָט־פארוואלטונג זיך נישט באנוגנט מיט איר אָרטיקער טעטיקייט, נאָר אקטיוו מיטגעארבעט מיט אנדערע שטעט אין זייער אלגעמיינער מלחמה קעגן די אידן פון פוילן און ליטע.

אין סוף פון 18־טן יאָרהונדערט האָבן ברייטע קרייזן פון אויפגעקלערטע פּאָליטיקער געפּרוווט, אונטערן איינפלוס פון די אויפרופן פאר סאָציאלע אויסבעסערונגען, צו ענדערן אויך דעם פּאָליטישן און ווירטשאפטלעך־געזעלשאפטלעכן רעזשים אין פוילן. מ׳האָט א סך גערעדט און געשריבן

ווענן דער אידן־פראגע אין פוילן. ווי באקאנט, האָט דער גרויסער סיים (1788—1792) — דער לעצטער אין אומאָפהענגיקן פוילן, זיך פארנומען אויך מיט דער אידן־פראגע. צווישן די פלענער, וואָס זיינען צוגעגרייט און דערלאנגט געוואָרן דעם סיים אויף צו רעגולירן די אידן־פראגע, איז אויך געווען א באזונדערער פראָגראם פון די שטעט. פארשטייט זיך, אז די טענדענץ איז נישט געווען אויסצוגלייכן די אידן מיט די בירגער פון לאנד און אויסבעסערן זייער געזעלשאפטלעך־ווירטשאפטלעכן און פאָליטישן מצב.

די עיקר תביעה — אין קעגנזאץ צום רוב פלענער, וואָס האָבן געשטרעבט אויסצוואָרצלען יעדע נטיה צום אָפזונדערן זיך ביי אידן — איז געווען צו שאפן באזונדערע בעלי־מלאכה און סוחרישע פאראיינונגען פאר אידן, אָבער אונטער דער אויפזיכט פון די קריסטלעכע צעכן.

דאָס דאָזיקע פראָגראם איז געווען צוגעגרייט דורך די פארשטייער פון די שטעט און צווישן זיי — די פארשטייער פון קאליש. דאָס באווייזט, אז אויך די קאלישער שטאָטלייט, פאָדערנדיק ליבעראלע רעפאָרמען און דעמאָקראטישע פרינציפן אין מלוכה־רעזשים, האָבן נישט געמיינט אויסצובעסערן די באדינגונגען פון די אידן, נאָר זיי צו פארערגערן און שווערער צו מאכן. ווי אין אנדערע שטעט, איז זייער כוונה געווען צו צווינגען די אידן פארלאָזן די שטאָט דורך פארערגערן זייערע באדינגונגען און אזוי ארום פטור ווערן פון די אומאנגענעמע קאָנקורענטן.

אויף דעם צוזאמענפאָר פון די שטעט־פארשטייער אין ווארשע, נאָוועמבער 1789, האָבן זיך באטייליקט פיר דעלעגאטן פון קאליש. אויפן מעמאָראנדום, וואָס די שטעט האָבן דערלאנגט דעם קעניג און דעם סיים דעם 24־טן נאָוועמבער 1789 דורך א דעלעגאציע מיט יאן דעקערט בראש, האָבן אין נאָמען פון קאליש זיך אונטערגעשריבן דער שטאָט־פרעזידענט וואויטשעך זשעליצקי און דער סעקרעטאַר וולאדיסלאוו וואלדראָוויטש.

דער מעמאָראנדום איז געווען פיל מיט טענות קעגן די אידן־משומדים, וועלכע האָבן גענומען אין זייערע הענט דעם מסחר און דעם פארקויף פון משקאות. זיי מאכן הרוב די ווירטשאפט, זיי מאכן חרוב די מדינה און זיי זיינען די איינציקע, וואָס דערפירן צו א ווירטשאפטלעכן חורבן פון די שטעט. אויך די פויערים ליידן פון די אידן, ווייל צוליב זיי אנטוויקלט זיך דאָס שכרות. די אידן זיינען די פלאג פון די שטעט און פון דער מדינה בכלל. דער געוואונטשענער מיטלשטאנד אין דער מדינה זיינען נאָר די שטאָטלייט. פון די אידן וועט נישט ארויסקומען קיין שום נוצן פאר דער מדינה. זיי פארנעמען זיך נישט מיט לאנדווירטשאפט. אין באשיצן דאָס לאנד איז זייער אנטייל א נישטיקער, ווייל זיי ווערן נישט מאָביליזירט אין דער ארמיי. אידן זיינען א וואנדער־פאָלק און היות זיי האָבן נישט קיין אייגנטום, וואָס זאָל זיי צובינדן צו סטאבילע ישובים, זיינען זיי תמיד גרייט צו פארראַטן די רעגירונג אויף א געפערלעכן אופן. אומעטום וואו א איד קומט, ברענגט ער שאָדן די שכנים. פון זיי ליידן נישט בלויז ד' שטעט, נאָר אויך די פראָווינץ־שטעט און די דערפער.

די שטאָט קאליש האָט מיטגעארבעט אין גרויסן סיים מיט אנדערע שטעט אין קאמף קעגן אידן.

## ד. דאָס קהילה־לעבן

אין 18־טן יאָרהונדערט איז די קהילה געווען אקטיוו אויף אלע געביטן פון לעבן, זי האָט אויסגעהאלטן אינסטיטוציעס און רעפרעזענטירט די אידן פאר די מאכט־אָרגאנען. צו אירע עיקרדיקע אויפגאבעס האָט געהאט דאָס איינמאָנען שטייערן.

לויט די פאראנענע דאָקומענטן האָבן די קאלישער אידן באצאָלט קאָפשטייער אין די יאָרן:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1714—7,337 | גילדן | 23 | גראָשן |
| 1715—27,704 | " | 34 | " צוזאמען מיט גאנצן קרייז פויזן־קאליש |
| 1717—18,598 | " | | " " " " " " " |
| 1718—24,196 | " | 9 | " " " " " " " |

אין יאָר 1719 איז דורך א דעקרעט פון ראדונער געריכט ארויפגעלייגט געוואָרן אויף די אידן פון קאליש־פויזן אַן אָפּצאָל פון 1220 גילדן. דער פינאנס־מיניסטער האָט אין באפעל געדראָט די אידן פון פויזן־קאליש, אז דאָס מיליטער וועט פארשליסן אלע שולן אויב זיי וועלן אין משך פון 8 וואכן נישט באצאָלן די דערמאָנטע סומע.

אין יאָר 1732 האָבן די אידן באצאָלט 32,316 גילדן
אין יאָר 1734 האָבן די אידן באצאָלט 35,119 גילדן
אין יאָר 1737 האָבן די אידן באצאָלט 32,316 גילדן
אין יאָר 1778 האָבן די אידן באצאָלט 13,923 גילדן — קאלישער וואָיעווו.
אין יאָר 1753 האָבן די אידן באצאָלט 10,000 גילדן
אין יאָר 1756 האָבן די אידן באצאָלט 1,363 גילדן
אין יאָר 1764 האָבן די אידן באצאָלט 1,404 גילדן בלויז קאליש
אין יאָר 1764 האָבן די אידן באצאָלט 1,404 גילדן — בלויז קאליש.
אין יאָר 1790 האָבן די אידן באצאָלט 2,147 גילדן — בלויז קאליש.

אויסער דעם קאָפּשטייער האָט די קאלישער קהילה באצאָלט באזונדערע שטייערן און אָפּצאָל פאר דער שטאָט־פארוואלטונג, ווי: פארן בית־עלמין 100 גילדן א יאָר, פאר דער וואסער־לייטונג, פארן איינקוואַרטירן זעלנער — 4400 גילדן. אויב אין קאליש איז נישט געשטאנען קיין מיליטער, האָט דער מאַגיסטראַט אויסגעגעבן דאָס געלט אויף שטיצן אָרעמעלייט, יתומים, אלמנות און אינוואַלידן. באזונדערע סומעס האָבן די אידישע בעלי־מלאכה באצאָלט די צעכן. די אידישע קצבים האָבן געצאָלט א העלפט פונעם אָפּצאָל, וואָס דער קצבים־צעך האָט אריינגעטראָגן דעם גענעראַל פון גרויספּוילן.

די אידן האָבן אויך באצאָלט דעם שטאָטראַט פאר די ביידלעך און פארקויף־שטעלן אין גאס. די שטייערן־יאָך פון די יחידים און ספּעציעל פון דער קהילה האָט אלץ מער געשווערט אויף דער אידישער באפעלקערונג.

בכדי זיך פאָרצושטעלן די פינאַנסיעלע לאַסט פון דער קהילה, וועלן מיר דערמאָנען, אז אין די יאָרן 1778—1792 האָט די קהילה באצאָלט, אויסער די שטייערן און אָפּצאָלן פאר דער שטאָט־פארוואלטונג, אויך אויף פארשידענע מתנות און אומגעריכטע הוצאות, ווי:

| | | |
|---|---|---|
| דעם קאלישער וואָיעוואָדע | 15,600 | גילדן |
| דעם פּאָדוואָיעוואָדע | 4,300 | " |
| דעם הויפּטסטאַראָסטע פון גרויספּוילן | 12,337 | " |
| הוצאות פאר משפטים פון שטאָטראַט | 6,000 | " |
| הוצאות פאר משפטים מיט אדעליקע | 37,092 | " |
| הוצאות ביים רעגולירן די חובות | 25,012 | " |
| בסך־הכל | 100,341 | גילדן |

כדי צו דעקן די הוצאות האָט די קהילה געמוזט אָנקומען צו הלוואות ביז גרויסע סומעס.

נאָכדעם ווי אין קאלישער קרייז איז אנטשטאַנען א געריכט אויף צו ליקווידירן די חובות פון דער קהילה לויטן סיים־געזעץ אין יאָר 1792 וועגן ליקווידירן די קהילה־חובות, זיינען איינגעמאָנט געוואָרן פאָלגנדיקע חובות פון דער קאלישער קהילה:

| | חוב | פראָצענט |
|---|---|---|
| 1. פאר די אדללייט: | | |
| א. חובות פון יאָר 1778 מיט 50% נישט באצאָלטע פראָצענטער | 83,419.— | 56,275.03 |
| ב. חובות, וואָס זיינען נישט פארצייכנט געוואָרן אין יאָר 1778 און אויך נייע חובות | 43,434.— | 26,021.— |
| 2. פאר די גייסטלעכע | | |
| א. חובות און פראָצענט ביז 1778 | 117,359.— | 2,146.20 |
| ב. חובות פון נאָך 1778 | 3,274.— | 114.— |
| 3.5% וואָס דאָס געריכט האָט צוגעפּסקנט | | 115,837.23 |
| 3. קאָמיסיע פאר דער נאַציאָנאַלער דערציאונג | 53,300.— | |
| 4. פאר אידן | 7,600 | |
| 5. פאר אנדערע | 8,000.— | |
| סה"כ 1—5 | 316,386.— | 200,423.46 |
| דערפון האָט די קהילה באצאָלט | 22,980.13 | 53,883.39 |
| דער חוב פון דער קהילה | 293,405.87 | 146,549.07 |

די הויפט־מאַנערס פון די קירכעס, קלויסטערס און אָרדנס ביז 1792:

| | | |
|---|---|---|
| יעזואיטן־אָרדן ביזן ליקווידירן אים אין 1773 | 53,300 | גילדן |
| פראַנציסקאַנער | 39,600 | " |
| בערנאַדינער | 7,033 | " |
| קאַנאָניקן לאַטעראַנער | 23,020 | " |
| קאַנאָניקן פון שפּיטאָל | 10,000 | " |
| קאָלעגיאַט אין קאַליש | 16,500 | " |
| סה"כ | 149,453 | גילדן |

אין דער ערשטער העלפט פון 18־טן יאָרהונדערט איז פון צייט צו צייט אויסגעבראָכן א מחלוקת צווישן די קהילה־פּרנסים און די רבנים. א באַווייז דערצו געפינען מיר אינעם פאַקט, וואָס א סך רבנים האָבן נאָך א קורצער צייט פאַרלאָזן די שטאָט. וואָס ס'האָט גורם געווען צו די מחלוקת איז נישט באַוואוסט צוליבן מאַנגל אין דאָקומענטן. מחלוקת

אין 18טן י.ה. זיינען אויפן כסא־רבנות געזעסן — נאָכדעם ווי דער רב ר' יהודה אריה בן דוד איז אין יאָר 1708 אויסגעוויילט געוואָרן אלס רב פון דער אשכנזישער עדה אין אמסטערדאַם:

1. ר' יצחק זעליג קרא, דער זון פון אריה יהודה לייב פון גלאָגא, האָט געירשנט דאָס כסא־רבנות פון פאָטער נאָך זיין פטירה און געווען רב פון יאָר 1714 ביז 1730. ער האָט פאַרלאָזט קאַליש צוליב א מחלוקת. שוין נאָך זיין פאַרלאָזן די שטאָט האָט ער געחתמעט (אין 1736) אויפן באַרימטן חרם קעגן ר' משה חיים לוצאטו און אקטיוו זיך באַטייליקט אין דער פּאָלעמיק צווישן יעב"ץ און יהונתן אייבשיץ.

2. ר' צבי הירש בן שמואל הלל איז געווען א קורצע צייט אין קאַליש, פאַרלאָזן צוליב א מחלוקת און געוואָרן רב אין קאָפּענהאַגן.

3. ר' אליעזר בן יצחק פון ליסא, געוויילט געוואָרן אין אב 1730 פאַר רב אין קאַליש. אין 1739 פאַרלאָזט צוליב מחלוקת. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן אז ער איז אוועק צוליב זיין שטעלונג אין דער מחלוקת צווישן יהונתן אייבשיץ און יעבץ. ער איז געשטאַנען אויף דער זייט פון אייבשיץ.

4. ר' יהודה ב"ר שמחה צונץ, דער זון פון סטריער רב ר' שמחה.

5. ר' יוסף חיים בן אלכסנדר פענדאַ פון ליסא, געווען רב אין קאַליש ביז 1763.
אין שייכות מיט אן עלילת דם אין קאַליש, איז ער געווען געצוואונגען צו פאַרלאָזן די שטאָט.

6. ר' צבי הירש.

7. אברהם אבלי בן יחיאל מיכל הכהן (ר' אבלי חריף), איז געוויילט געוואָרן פאַר רב אין קאַליש אין יאָר 1767 און פאַרנומען דעם אמט ביז זיין פטירה ט"ו בשבט תקס"ט (1809). בעת דער פרייסישער הערשאַפט האָט ער זיך צוגעגעבן דעם נאָמען טראַובע. ער איז דער ערשטער רב אין יענער תקופה, וואָס האָט באַוויזן צו סטאַביליזירן דעם מצב פון דער קהילה.

פון צווישן די דיינים אין 18־טן י.ה. דאַרף מען דערמאָנען ר' משה יקותיאל בן אביגדור כ"ץ, ר' שאול בר לייב חסיד, ר' עזריאל בר' ישראל, ר' שמואל דיין, ר' שלמה הלוי, ר' שמעון בן פנחס זעליג, יהודה בן אליעזר ליפמאַן און ר' צבי הירש.

די ראשי קהילה האָבן אין 18־ען י.ה. זיך פאַרנומען נישט בלויז מיט זייערע קהילה ענינים, נאָר אויך געווען טעטיק אין ועד הגליל.

אָנהויבנדיק פון 18־טן י.ה. האָבן די גרויסע קהילות ליסא, קאַליש און קראָטאָשין געשיקט זייערע אָנפירער אין ועד הגליל אין פּויזן, כדי צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן פון פּויזנער הויפּט־רב, וואָס איז אויך געווען רב פון דער מדינה. צום ערשטן מאָל זיינען וואַלן פון א הויפּט־רב פאָרגעקומען אין יאָר 1736. צוליב דער ירידה פון דער פּויזנער קהילה אין יאָר 1752 האָט זיך נישט איינגעגעבן דורכצופירן די וואַלן פון א הויפּט־רב, טראָץ דעם באַפעל פון גרויספּוילישן וואָיעוואָדע. צוזאַמען מיט דער ליקווידאַציע פון ועד ארבע ארצות און די ועדי־הגליל איז אויך ליקווידירט געוואָרן דער מדינה־ראַבינאַט.

אויף ווי ווייט מ׳האָט זיך גערעכנט מיט די קאלישער פרנסים, קען מען זען דערפון, וואָס אין יאָר 1764, ווען די מאכט האָט אָנגעהויבן ליקווידירן די אויטאָנאָמע לאנד־אינסטאנצן, זיינען די מדינה־פרנסים פון קאליש נאָמינירט געוואָרן אלס ליקווידאטאָרן און געווען אויף דעם אמט ביז 1767.

אין דער צווייטער העלפט פון 18־טן י.ה. זיינען אונז באוואוסט די קהילה־פרנסים ר׳ יחיאל מיכל פישל, אברהם וואלענקעוויטש און יעקב עליאשעוויטש. זיי האָבן געפירט אונטערהאנד־לונגען מיט דער „קאָמיסיע פון גוטער אָרדנונג״ וועגן מאכן שלום צווישן די אידן און די שטאָט־לייט, און אונטערגעשריבן, ווי שוין אויבנדערמאָנט, אין נאָמען פון די קאלישער אידן, אויפן הסכם פון יאָר 1788.

א גרויסע וואכזאמקייט האָבן די ראשי הקהילה ארויסגעוויזן אין דער צייט פון גרויסן סיים (1788—1792), וועלכער האָט זיך פארנומען אויך מיט דער אידן־פראגע און געפרווט געפינען א וועג אויף אויסצובעסערן זייער מצב אין דער מדינה. אויף דער איניציאַטיוו פון קעניג סטאַ־ניסלאוו פאָניאַטאָווסקי׳ס סעקרעטאר, דער גלח פיאַטאָלי, האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאנדלונגען מיט די אידישע פאָרשטייער וועגן אן הסכמה אויף א פלאַן פון דער סיים־קאָמיסיע פאר אידישע ענינים. אין יענער צייט זיינען געקומען קיין ווארשע אויך די „משולחים פון קהילות, וואָס געפינען זיך אין דער פראָווינץ פון גרויספוילן״ אויסצוקלייבן פאָרשטייער, וועלכע „קענען זיך שטעלן אין קעניגלעכן פאלאַץ לטובת דעם כלל פון אחינו בני ישראל״, און צווישן זיי אויך די פאָרשטייער פון דער קאלישער קהילה. אויף דער דאָזיקער אסיפה איז געוואָרן באשלאָסן אויס־צוווילן: „פון דער פויזנער וואָיעוואָדשאפט דעם הרב הנגיד ר׳ שמחה הכהן מפוזנא. פון קאלישער וואָיעוואָדשאפט כבוד הרבני הנגיד המפורסם מ׳ פישל מקאליש״. א חוץ זיי זיינען אויסגעווילט געוואָרן אויך פאָרשטייער פון די וואָיעוואָדשאפטן שעראדז, קראָטאָשין, לענטשיץ, פלאָצק, ראַווע. אלע האָבן זיי באקומען א באפולמעכטיקונג, אונטערגעשריבן אין חודש מרחשון תקנ״ב (1792) צו שטיין אויף דער וואך פון די אידישע אינטערעסן צוזאמען מיט די פאָרשטייער פון קליינפוילן און ליטע. אויך אין דער אידישער לאנד־פאָליטיק האָט קאליש זיך באטייליקט, און מ׳קען זיך משער זיין, אז אירע פאָרשטייער האָבן מיטגעארבעט מיט דער פויזנער קהילה.

עלילת־דם

אויך די קאלישער אידן איז באשערט געווען אויסצושטיין די צרות פון א סך אנדערע קהילות אין די יאָרן פון דער קירכע־הערשאפט, די העצע קעגן אידן און די עלילת־דם־פראָצעסן. אין יאָר 1763 האָט מען געמאכט א בלבול אויף די קאלישער אידן און 7 פון זיי באשולדיקט אין מאָרד פון א קריסטלעך מיידעלע צוליב ריטועלע צוועקן. די באשולדיקטע זיינען געווען פינף מאנסלייט און צוויי פרויען. פרטים וועגן גאנג פון פראָצעס און וועגן באשולדיקונגס־אקט זיינען נישט באוואוסט. אין „וויאַדאָמאָשטשי ווארשאַווסקיע״ פון 7 סעפּטעמבער 1763 (נומ. 72) איז פאַרעפנטלעכט דער אורטייל: 2 אידן זיינען געוואָרן פארמשפט, אז מ׳זאָל זיי אָפּשניידן די קעפּ און די הענט. נאָך דעם ווי זיי האָבן זיך געשמדט, האָט מען זיי אָפּגעשניטן בלויז די קעפּ. א דריטן אידן האָט מען אריינגעוואָרפן אין א קאלך־גרוב און דערנאָך האָט מען אים אָפּגעהאקט דעם קאָפּ. איין אידישע פרוי איז פארמשפט געוואָרן, אז מ׳זאָל איר אָפּהאקן דעם קאָפּ. נאָכדעם ווי זי האָט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן האָט מען איר אָפּגעשניטן בלויז די הענט. דער פערטער איד האָט זיך אָפּגעזאָגט צו שמדן זיך און מ׳האָט אים דערשטיקט. די וועכטער האָבן פארשוועכט זיין קערפּער, אים ארומגעשלעפּט איבער דער גאנצער אידן־גאס ביז צו דעם שיידוועג און דאָרט האָבן זיי אים געוואָרפן פאר די הינט. דער זעקסטער און זיבעטער קרבן האָבן זיך אָפּגעזאָגט אָנצונעמען דעם קריסטלעכן גלויבן און זיי זיינען געוואָרן פארמשפט, אז מ׳זאָל זיי אָפּשניידן דעם קאָפּ און די הענט.

ווי אזוי די קהילה האָט רעאגירט און וואָסערע שתדלנותשע שריט זי האָט אנגענומען — איז נישט באוואוסט.

אין 18־טן י.ה. האָט אין קאליש זיך אָנגעהויבן אויסטיילן א משפחה, וואָס איר נאָכוואוקס האָט אין 19־טן י.ה. אויסגעפירט א וויכטיקע ראָל אין דער אנטוויקלונג פון דער אָרטיקער אינדוסטרי. דעם 16טן מערץ 1793, אין די לעצטע טעג פונעם אומאָפּהענגיקן פוילן, האָט דער אידישער תושב אין קאליש, שמואל יוסף רעדליך, באקומען פון פוילישן קעניג סטאניסלאוו

אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי א ספּעציעלע פּריווילעגיע, אין וועלכער ער האָט מודיע געווען „יעדן איינעם״:

„היות מ'האָט פאר אונז גוט־געזאָגט וועגן דער סוחרישער טעטיקייט פונעם איד שמואל יוסף, בירגער און תושב פון אונדזער שטאָט קאליש, און מיר ווילן אים דערמוטיקן צו באַדינען אונז, און מיר האָבן בדעה צו נעמען אים אונטערן קעניגלעכן שוץ״, טיילט אים דער קעניג צו די ר'עכטן פון קעניגלעכן שוץ און דאָס רעכט צו האַנדלען און צו לאַגערן סחורות אויף א פרייען אופן. אלס פּראָטעזשירטע פונעם קעניג זיינען ער, זיין פרוי און זיינע יורשים באַפרייט פון יעדער שטראָף און זיי מעגן, אין דער צייט פון די ירידים אין קאליש און אין יעדער אַנדערער שטאָט אין דער סטאַראָסטווע, אין די געוועלבער און אויך אלע עפנטלעכע פּלעצער, אויסשטעלן סחורות פון זייד, לייוונט און וואָל פון אלע סאָרטן, פּאַרקויפן און אויסבייטן סחורה, און אויך מאַכן ביר און בריַיזן בראָנפן. זיי האָבן רעכט צו האַנדלען מיט געטראַנקען נישט בלויז אין קאליש, נאָר צו געניסן פון אלע געזעץ־רעכטן און פּריווילעגיעס, וואָס עס האָבן די שטאָט־בירגער.

די שטאָט־פאַרוואַלטונג און אלע מאַכט־אָרגאַנען זיינען מחויב אָפּצוהיטן די פּריווילעגיע וואָס איז געוואָרן צוגעטיילט יוסף, זיין פרוי און זיינע יורשים.

אין דער דאָזיקער ספּעציעלער פּריווילעגיע איז שמואל יוסף, דער פּאָטער פון דער משפחה רעדליך, דערהויבן געוואָרן צו פולער גלייכבאַרעכטיקונג ווי א בירגער פון שטאָט. דאָס האָט געהאָלפן זיינע קינדער צו דערגרייכן פּאָרצוגן אין זייער האַנדלס־טעטיקייט. ביי יעדן פאַל פון אָפּזאָגן זיי אין עפּעס מצד די מאַכט־אָרגאַנען, האָבן די יורשים באַוויזן די פּריווילעגיע, און דאָס האָט פאר זיי געעפנט טויערן און געהאָלפן זיי אַלץ צו דערגרייכן.

w Imieniu Najjaśniejszego

# Alexandra II^go

Cesarza Wszech Rossyi Króla Polskiego

&c. &c. &c.

Rada Administracyjna Królestwa.

Na przedstawienie Kommissyi Rządowéj sprawiedliwości, następujące darowizny:

1. dla szpitala św. Trójcy w Kaliszu, obligacyę udziałową, heską, serya 6,127 № 153,165 na talarów 40,

2. dla sali ochrony w Kaliszu, takaż jak wyżéj obligacyę, serya 2636 № 65,898, i

3. dla szpitala starozakonnych w Kaliszu rs. 450, przez Ludwika Mamroth, aktem na dniu 24 października / 5 listopada 1860 r. urzędownie sporządzonym, uczynione, prawnie zaakceptowane w myśl art: 910, k. c. z zachowaniem praw osób trzecich i pod warunkami bliżéj w akcie darowizny oznaczonemi zatwierdza.-

Wykonanie niniejszego postanowienia Kommissyom Rządowym spraw wewnętrznych oraz sprawiedliwości w czém do któréj należy poleca.-

Działo się w Warszawie dnia 24 marca / 5 kwietnia 1861 r.

Namiestnik Jenerał-Adjutant (podpisano) Książe Gorczakow

Dyrektor Główny prezydujący w Kommissyi Rządowéj sprawiedliwości, Tajny Radzca Senator (podpisano) Drzewiecki

Sekretarz Stanu (-) Karnicki

Zgodno z oryginałem
Sekretarz Stanu (-) J. Karnicki

Za zgodność
p. o. Dyrektora Kancellaryi (-) Dzewoski

Za zgodność
A. Nowakowski

דערלויבעניש אויפצושטעלן א אידיש שפיטאל



## אין דער צייט פון דער פרייסישער הערשאפט 1793—1806

אָך דער צווייטער צעטיילונג פון פוילן אין יאָר 1793 האָט פרייסן, לויטן אָפּמאַך פון 23.1.1793, באַקומען דאַנציג, טהאָרן, דעם גאַנצן געביט פון פּויזן, גניעזנאָ, אינאָווראָצלאַוו, שעראַדז, קאַליש, בּרעסט־קויאַווי, דעם קרייז דאָבּזשין, ווייעלון, לענטשיץ, פּלאָצק און א טייל פון די וואָיעוואָדשאַפטן ראַווא און מאַזאָווּשע מיט דער שטאָט זאַקראָטשים. די דאָזיקע שטחים האָבן געהאַט א באַפעלקערונג פון 1,200,000, און פון זיי איז געשאַפן געוואָרן דער נייער קרייז: דרום־פּרייסן. דעם 18.2.1793 האָט דאָס פּרייסישע מיליטער פאַרנומען קאַליש. באַלד נאָכן איינשלוס פון די אויבנדערמאָנטע שטחים איז דעם 20־טן אַפּריל 1793 אַרויפגעלייגט געוואָרן אַן אויפגאַבע אויפן קאַמער־קאַלקולאַטאָר פרידריך אַלבּערט צימערמאַן צו מאַכן א קאָנטראָל פון די שטעט און דערפער, גענוי אויסצופאָרשן די רעכטן פון די קהילות און זייערע אינסטאַנצן און אויך די הכנסות פון אידן. ער האָט איבערגעגעבן אין זיין באַריכט, אַז בעת זיין באַזוך אין די שטעט, האָט ער דאָרט געפונען אידישע בעלי־מלאכה אין א באַדייטנדיקער צאָל: איינבינדער, קצבים, האַנדלס־אָנגעשטעלטע, גאָלדשמידן, קעסלמאַכערס, שטריקפלעכטער, קירזשנער, שניידער, שלאָסער — וועלכע פאַרמאָגן זייערע אייגענע צעכן. אין גאַנץ דרום־פּרייסן האָבן זיך געפונען 1739 קריסטלעכע סוחרים און 1159 אידישע סוחרים, וועלכע זיינען געוועזן פאַרפליכטעט צו פירן האַנדלס־ביכער. זיין באַריכט האָט געדינט אַלס מאַטעריאַל פאַר די באַטראַכטונגען און אָנווייזונגען אין אידישע ענינים פון מינסטער פאָן פאָס.

פון צימערמאַנס באַריכט דערוויסן מיר זיך, אַז די אידן דרינגען אריין אין דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג טיפער ווי אין פרייסן גופא. ער האָט אָבער נישט געאיילט זיך פאַרצושטעלן א לייזונג פון דער אידן־פראַגע און געפינען פאַר נייטיק צו וואַרטן און טיפער אויספאָרשן דעם ענין.

דעם 18־טן אָקטאָבער 1793 האָט דער פרייסישער קעניג באַזוכט קאַליש און געוואָרן אויפגענומען דורך די דאָרטיקע אידן. אין אַן אָפיציעלן באַריכט ווערט געזאָגט: „שוין אינדערפרי זיינען אַרויס קעגן קעניג רייטנדיק, א מהלך פון א מייל אויסער דער שטאָט, צוויי גרופּעס אידישע יונגעלייט, איינע אין גרינער טערקישער קליידונג און די צווייטע — אין רויטער. דאַן האָבן זיך פאַרזאַמלט די קהילה־פירער מיטן אידישן דאָקטער ד״ר מאיר און זיין אַכטיאָריקער זון בראש, ביים ערן־טויער, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן צום אָנקומען פון קעניג. 11 א זייגער איז אָנגעקומען דער באַליבטער קעניג. די אידן, וואָס זיינען אים אַנטקעגנגעריטן, האָבן זיך איינגעשטעלט אין א קרייז אַרום דעם טויער און דעם דאָקטערס זון האָט געלייענט פאַר דעם קעניג א ליד, וואָס איז מיט דאַנקבאַרקייט אויפגענומען געוואָרן דורכן קעניג, וועלכער האָט אים געשיקט עטלעכע לופט־קושן".

דער מצב פון די אידן

ווי האָט אויסגעזען דער מצב פון די קאַלישער אידן? אין יאָר 1800, זיבן יאָר נאָכן איינשלוס, האָט מען, בעת דער ערשטער ציילונג פון דער פרייסישער מאַכט אין קאַלישער דעפּאַרטאַמענט, פאַרצייכנט 385,452 איינוואוינער, און צווישן זיי 16,230 אידן (52,809 אידן האָבן זיך געפונען אין גאַנצן געביט פון דער פרייסישער אָקופּאַציע אין דרום־פּרייסן). אין דער שטאָט קאַליש גופא האָבן אידן באַטראָפן 41% פון דער באַפעלקערונג. די מערהייט פון זיי האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מסחר. דער שטאָפן־האַנדל האָט אינגאַנצן זיך געפונען אין אידישע הענט. די וועבערס האָבן זיך באַקלאָגט פאַר דער מאַכט, אַז די אידן צאָלן זיי א נידעריקן לוין און גיבן זיי הלוואות אויף הויכע פּראָצענטן. אויך דער וואָל־האַנדל האָט זיך געפונען אין אידישע הענט, און די וועבערס האָבן זיך געקלאָגט, אַז די אידן שרויפן אויף די פרייזן פון וואָל.

דערשטוינענדיק איז די גרויסע צאָל אידישע בעלי־מלאכה אין קאַליש: 51.4% פון אַלע בעלי־מלאכה אין שטאָט.

ס׳איז דאָ אַן אויסרעכענונג פון די מיני מלאכות אין גאַנצן קאַלישער דעפּאַרטאַמענט, פאָלגנדיק:

| | אידן | קריסטן |
|---|---|---|
| שניידער | 353 | 965 |
| שוסטער | 3 | 865 |
| איינבינדער | 9 | 10 |
| גלעזער | 9 | 16 |
| גאָלדשמידן | 14 | 4 |
| קנאָפּמאַכער | 25 | 30 |
| קירזשנער | 172 | 136 |
| היטלמאַכער | 16 | 7 |
| שטריקפלעכטער | 44 | 30 |
| כליזמר | 12 | 25 |
| וועבער | 1 | 200 |

די מאַכט האָט אונטערגעשטראָכן, אַז די אידישע בעלי־מלאכה אין קאַליש פירן אויס גוטע אַרבעט און פאַרדינען שיין.

אין שפּיץ פון דער קהילה איז געשטאַנען דער דאָקטער ד״ר יונה מאיר, און ער האָט מקבל פנים געווען דעם קעניג ביים אָנקומען אין שטאָט. ער איז געבוירן געוואָרן אין גרויספּוילן. באַזיצט די פּוילישע שפּראַך און באַקומען דעם דאָקטאָר־דיפּלאָם אין פראַנקפורט ב.א. ער איז געקומען אין קאַליש דעם 13.1.1784 און באַקומען פון קעניג סטאַניסלאַוו פּאָניאַטאָווסקי אַ פּריווי־לעגיע זיך צו באַשעפטיקן מיט זיין פּראָפעסיע אין שטאָט אין וואָיעוואָדשאַפט קאַליש.

אין קאַליש האָט ער זיך פאַרנומען מיט פּריוואַטער פּראַקטיק. ער האָט נישט אָנגעהאַלטן קיין שום קאָנטאַקט מיט דער חברה „בקור חולים" אָדער מיטן אידישן שפּיטאָל. מ׳דאַרף זיך משער זיין, אַז ער האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט דער „קאָמיסיע פאַר גוטער אָרדענונג" און ער האָט איר איבערגעגעבן פּרטים וועגן געזונט־צושטאַנד ביי אידן. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַלגעמיינער בילדונג. ער האָט איבערגעזעצט אין יאָר 1790 אויף פּויליש דאָס בוך פון קריסטיאַן ווילהעלם האָפלאַנד (1762—1793) „Makrobiotik oder die Kunst das menschliche Leben zu verlängern" און אויך פון לאַטיין אויף דייטש דעם יאָרבוך פון קלינישן אינסטיטוט אין ווילנער אוניווערסיטעט, וואָס איז דערשינען אין בערלין 1810. ער איז געווען אויך אַ מיטגליד פון וויסנשאַפטלעכן פאַרבאַנד אין פראַנקפורט ב. א.

אין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָט ער באַקומען דעם טיטל „הויפראַט". ער איז געווען אַ דאָקטער מיט אַ גרויסער פּראַקטיק און ער האָט געקויפט אַ דאָרפישן גוט, 2 הייזער, איינס אין צענטער שטאָט, וואו מ׳האָט אים דערלויבט צו וואוינען, און איינס אין פאָרשטאָט. אויך זיין זון האָט שטודירט מעדיצין אָנהויבנדיק פון יאָר 1802 אויפן אוניווערסיטעט אין פראַנקפורט ב.א.

פון די קהילה־פּרנסים אין יענער תקופה זיינען חוץ אים באַוואוסט: יהודה לייב ברוך, נפתלי בן משה שמעון, יהודה לייב בריסטל, יעקב טראַובע — דער זון פון הרב אבלי חריף, שמעון לוי און זלמן ראָזענבלום.

אַלס רב האָט אַמטירט ר׳ אברהם אבלי בר יחיאל מיכל כהן (חריף), דער פאָטער פון דער טראַובע־משפחה, וואָס האָט אויסגעפירט וויכטיקע אויפגאַבעס אין קהילה־לעבן.

אַ קהילה־דעלעגאַציע האָט געגעבן אַ טריההייט־שבועה אין נאָמען פון די קאַלישער אידן, האַפנדיק, אַז זייער פּאָזיציע וועט נישט ווערן אָנגערירט און זיי וועלן באַקומען רעכטן. די פּריי־סישע מאַכט האָט פאַרשטאַנען, אַז אויף די דאָזיקע אָפּשניטן דאַרף מען זיך אַנדערש פירן מיט די פּוילישע אידן, צוליב זייער גרויסער צאָל, זייער באַשעפטיקונג און דעם שטייגער לעבן, וואָס איז געווען אַנדערש, ווי ביי די אידן פון פּרייסן און שלעזיע.

דערוויילע האָט דער דרום־פּרייסישער מיניסטער פאַרעפנטלעכט דעם 4־טן יוני 1793 אַ דעקרעט, וואָס פאַרווערט אידן חתונה צו האָבן אָן אַ רעגירונגס־דערלויבעניש. דער עלטער פון חתן איז באַשטימט געוואָרן אויף 25 יאָר און דערביי איז ער מחויב צו באַווייזן, אַז ער פאַרמאָגט 300 טאַלער אין מזומנים אָדער אין אומבאַוועגלעכע גיטער, אָדער אַז ער איז אַ בעל־מלאכה, וואָס איז ביכולת דערנערן אַ משפחה.

חתונה־דערלויבענישן זיינען געגעבן געוואָרן נאָר צו יענע, וואָס האָבן באַוויזן, אַז זייערע עלטערן און זיידעס זיינען געווען סטאַבילע תושבים פון דרום־פּרייסן. מ׳האָט אויך פאַרלאַנגט אַ התחייבות פון חתן־כלה, אַז זיי וועלן זיך נישט באַזעצן אין דאָרף און נישט אויפשטעלן קיין פאַבריק. דער דאָזיקער דעקרעט האָט צווישן די אידן אַרויסגערופן אַ בהלה.

די פּויזנער קהילה האָט די ערשטע פּראָטעסטירט. די ראשי הקהילות האָבן פאַרשטאַנען די האַרבקייט פון דער גזירה און באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן צוזאַמען.

אויך נאָך דער צווייטער צעטיילונג זיינען אין זומער 1793 זיך צונויפגעקומען די קהילה־פאַרשטייער און באַהאַנדלט די ענדערונג. זיי האָבן געדאַנקט דעם פּרייסישן קעניג פאַרן גנאָד פון די נייע פאַראָרדענונגען, אָבער זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז די באַדינגונגען האָבן זיך לחלוטין געענדערט. אַלע פּוילישע אָרגאַניזאַציע־פאָרמען זיינען בטל געוואָרן און מ׳האָט געמאַכט באַמיאונגען איינצופירן אַ פּרייסישן סדר. די אידן האָבן געפילט, אַז די פּרייסישע רעגירונג האָט בדעה אויפצוצווינגען זיי רעפאָרמעס, וואָס שטעלן אין סכנה זייער קיום. צווישן די העכערע באַאַמטע האָט זיך געפירט אַ דיסקוסיע וועגן דער אידן־פראַגע. צו די קאַמער־פירער איז צו־געשיקט געוואָרן אַן אַנקעטע וועגן דעם איבערפירן אידן פון די דערפער אין שטאָט, אַפילו אין שטעט מיט פּריווילעגיעס — de non tolerandis Judaeis, וועגן די באַדינגונגען פון זייער באַ־שעפטיקונג, צי איז זיי דערלויבט יעדע מלאכה, אָדער אַ באַגרענעצטע צאָל, און צום סוף — ווי זעט אויס מיט דער קינדער־דערציאונג.

די מערהייט ענטפערס האָבן אָנגעוויזן אויף דער נויטווענדיקייט מבטל צו מאַכן די פּריווי־לעגיעס de non tolerandis Judaeis, כדי צו רוקן פאָראויס די אַנטוויקלונג פון די שטעט. די אידן זיינען זייער פלינק און אין אַ פאַרמעסט גייען זיי אַרויס אַלס זיגער. טייל פון זיי האָבן רעקאָמענדירט, אַז מ׳זאָל איבערפירן די אידן צו לאַנדווירטשאַפט. אַ סך האָבן פאָרגעלייגט, אַז די אידישע בעלי־מלאכה זאָלן באַקומען די זעלבע רעכט ווי די קריסטלעכע און מ׳זאָל נישט באַגרענעצן זיי ביים פאַרנעמען זיך מיט מלאכה און הורט־האַנדל, זיי האָבן אָבער פאָרגעלייגט איבערצולאָזן די מאָנאָפּאָלן ביי די קריסטן און צו באַגרענעצן דעם וואַנדערנדיקן האַנדל. די אָפיציעלע שפּראַך פון די אידישע אינסטיטוציעס דאַרף זיין דייטש, און אויך די לערן־שפּראַך אין זייערע שולעס.

אויפן יסוד פון דער דאָזיקער אַנקעטע האָט דער מיניסטער הוים געשיקט דעם 29.3.1795 אַ מעמאָריאַל צום קעניג, אין וועלכן ער איז קעגן די דעקרעט־באַגרענעצונגען פון 14־טן יולי 1793 אין די חתונה־ענינים און ער שלאָגט פאָר צו דערלויבן חתונות אָן באַגרענעצונגען פאַר אַן אָפּצאָל פון 1—5 טאַלער. מ׳דאַרף זיי געבן רעליגיעזע פרייהייט און באַשטייערן ווי די קריסטן, מיטן אויסנאַם פון רעקרוטן־שטייער, און אַנשטאָט קאָפּשטייער, זאָלן זיי צאָלן קוואַרטיר־שטייער.

דעם 4.4 האָט דער קעניג באַשטעטיקט די פּראָיעקטן און זיי זיינען דערשינען ווי אַ געזעץ דעם 14.6.1795. ווען די פּרייסישע רעגירונג האָט אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַל אויף צוגרייטן די רעפאָרם פון אידישע ענינים, האָט זי געפאָדערט פון יעדן קאַמער־דעפּאַרטאַמענט צוצושיקן קאָפּיעס פון די פּריווילעגיעס און דאָקומענטאַל באַשטעטיקטע פּרטים אויף פאָלגענדע טעמעס: וועלכע שטעט זיינען de non tolerandis Judaeis, ווער האָט געגעבן די פּריווילעגיעס און צי האָט מען זיי אָפּן מבטל געמאַכט אָדער שטילערהייט, וועלכע זיינען די טענדענצן און די עקזיס־טענץ־שריפטן פון די צעכן לגבי אידן און די אידישע פּריווילעגיעס לגבי די קריסטן, אין וואָסער מאָס זיינען נאָך גילטיק די פּריווילעגיעס? אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן מאַטעריאַל איז צוגע־גרייט געוואָרן אַן אַלגעמיינע רשימה פון קעגנזייטיקע פּריווילעגיעס פון אידן, שטעט און צעכן.

באַשטעטיקונג פאַר די עקזיסטענץ־שריפטן

אַלע אידישע קהילות, און קאַליש צווישן זיי, האָבן באַלד נאָך דער פּרייסישער אָקופּאַציע זיך באַמיט צו באַקומען אַ באַשטעטיקונג אויף די עקזיסטענץ־שריפטן, וואָס זיי האָבן באַקומען פון פוילן. אָבער אין קעגנזאַץ צו זייער ביטע, האָט די רעגירונג אָנגענומען דעם 15.7.1794 אַ פאָלי־טישע ליניע פון „באַגרענעצן די אידן לגבי דער פריערדיקער געזעצגעבונג״.

די אידן האָבן נישט געקענט מוותר זיין אויף זייער אויטאָנאָמע אָרגאַניזאַציע אין די קהילות, הגם נאָך אין 18־טן י. ה. האָט זיך אָנגעהויבן די ירידה פון דער קהילה, וואָס האָט דערפירט צום פאַלן פון דער אידישער אויטאָנאָמיע.

די אַנקלאגעס אויף די קהילה־פּרנסים, גליל־ועדים, ועד ארבע ארצות וועגן אפּערעס, פאַרשוועג־דעניש פון געזעלשאַפטלעכע געלטער און דאָס אויסנוצן זיי אויף די פּערזענלעכע באַדערפענישן פון די קהילה־פירער און פּרנסים, די צוזאַמענשטויסן אין די אינסטאַנצן, די גיריקייט אין מאַכט־פראַגן — און די אַלע דערשיינונגען דאַרף מען זען דעם דעציִדירנדיקן גורם, וואָס האָט דערפירט צו דער אויפלייזונג פון דער אויטאָנאָמיע און אירע אינסטאַנצן. נאָך א גורם איז געווען די ירידה פון די קהילה־הכנסות, דאָס מבטל מאַכן דאָס „חזקה״־רעכט, וואָס האָט אַריינגעבראַכט די עיקר'־דיקע הכנסות. צי האָבן אַזעלכע זאַכן זיך געטראָפן אויך אין קאַליש, איז שווער פעסטצושטעלן צוליבן פעלן פון געהעריקע דאָקומענטן־מאַטעריאַל. אָבער פון אַלגעמיינעם היסטאָרישן שטאַנד־פּונקט קען מען זיך נישט פאַרשטעלן, אַז די דאָזיקע קהילה איז געווען אַן אויסנאַם.

אין די באַדינגונגען פון דער נייער הערשאַפט האָבן אידן געוואָלט ראַטעווען לכל הפּחות די געזעצלעכע באַזע פון די קהילות, וועלכע האָבן זייער אָנשפּאַר אויף די עקזיסטענץ־שריפטן, כדי אויפצוהאַלטן די אויטאָנאָמיע. דאַקעגן די פּרייסישע מאַכט איז געווען פאַראינטערעסירט צו צושטערן די אויטאָנאָמע באַזע, צוצופּאַסן דאָס אידישע לעבן צום לעבן פון זייערע ברידער אין פּרייסן און שלעזיע, און אויף דעם אופן צואיילן דעם פּראָצעס פון זייער צוגעווייענען זיך צו דער דייטשער קולטור און פון זייער אסימילאַציע.

א שטיקל צייט נאָכדעם ווי די נייע מאַכט האָט זיך פאַרפעסטיקט אויף די איינגעשלאָסענע געביטן, דעם 17־טן אַפּריל 1797, זיינען פאַרעפנטלעכט געוואָרן די תקנות וועגן אָרדענען די אידישע פראַגע.

נאָכן פאַרנעמען די שטחים פון דריטער צעטיילונג פון פּוילן, האָט די פּרייסישע מאַכט זיך אָנגעשטויסן אויפן אידישן פּראָבלעם אין א פאַרנעם, וואָס איז איבערגעשטיגן זייער דערוואַר־טונג. זיי האָבן באַקומען שטחים, אויף וועלכע ס'האָבן זיך געפונען מער פון 150,000 אידן. די אידישע באַפעלקערונג אין לאַנד איז זייער אויסגעוואַקסן. זיי האָבן פאַרשטאַנען די חשיבות פון אידן אין מסחר און אין מלאכה, אָבער זיי האָבן געזוכט א וועג איינצובירגערן זיי אין ווירט־שאַפטלעכן לעבן לויט דער פּרייסישער שיטה.

אינעם סטאַטוס פון יאָר 1797 איז אין 5 קאַפּיטלען (71 פּאַראַגראַפן) פעסטגעשטעלט די איינ־אָרדנונג, וועלכע עס ווינטשט זיך די בערלינער רעגירונג. לויט דעם דאָזיקן סטאַטוט פאַרמאָגן וואוין־רעכט אויף די ניי־צוגעקומענע געביטן בלויז יענע אידן, וואָס האָבן שוין דאָרט געוואוינט בעתן פאַרנעמען זיי, און פאַכלייט. אידן אָן וואוין־רעכט און אָן א פּראָפעסיע זיינען געוואָרן אויפגעפאָדערט צו פאַרלאָזן די ערטער אין א באַשטימטן טערמין. די אָרטיקע וועלן ווערן אויפ־גענומען אין ספּעציעלע ליסטעס און זיי וועלן באַקומען „שוץ־בריוו״. די שטייערן זייערע זיינען געוואָרן געהעכערט. דער קאָפּשטייער איז געוואָרן געהעכערט פון 3 אויף 10 גילדן. אויסער דעם זיינען זיי געווען מחויב צו צאָלן פאָלגנדיקע שטייערן:

א. טאָלעראַנץ־שטייער אויף א סומע פון 2.5 טאַלער יעדן 14 טאָג. אויב א איד איז געקומען אויף אַן אָרט, וואו ער איז נישט קיין סטאַבילער תושב; א איד פון אויסלאַנד — 3.5 טאַלער יעדן 14־טן טאָג.

ב. שוץ־שטייער פאַרן רעכט צו וואוינען אין לאַנד און באַשעפטיקן זיך מיט דער פּראָפעסיע, לויט דער אָפּשאַצונג פון דער קרייז־מאַכט.

ג. אָפּצאָל פאַר דער חתונה־דערלויבעניש, פון 2 ביז 150 טאַלער לויט דער אָפּשאַצונג פון דער קרייז־מאַכט.

ד. מיליטער־שטייער. יעדער איד אין עלטער פון 14 ביז 60 דאַרף צאָלן 1 טאַלער מיט 161 גראָשן א יאָר. ווער עס גייט פרייוויליק אין מיליטער איז פריי פון דעם שטייער.

ה. שטעמפּל־שטייער אויף העברעאישע ספרים, רבנישע דאָקומענטן, בוי פון א בית־כנסת, גרינדונג פון א בית־עלמין.

די רעכטן פון קהילה און ראַבינאַט זיינען געוואָרן באַגרענעצט בלויז צו רעליגיעזע ענינים. די משפּט־רעכט פון די רבנים, וועלכע האָבן געמוזט קענען שרייבן אָדער ריידן דייטש אָדער פּויליש, איז אָפּגעשאַפט געוואָרן. אַלע געריכטס־ענינים דאַרפן ווערן דערליידיקט אין די אַלגע־מיינע געריכטן. אין א באַזונדערן פּאַראַגראַף ווערט באַשטימט די צאָל פון די כלי־קודש. די קהילות איז געוואָרן פאַרבאָטן אויסצוויילן זייערע באַאַמטע. די מאַכט דאַרף באַשטימען זייערע אָנפירער אַזוי ווי אין נישט־אידישע אינסטיטוציעס, און אויך נאָמינירן די רבנים און כל־קודש.

די אונטעררייכט־שפראַכן אין די שולעס וועלן זיין דייטש און פויליש. אין סטאַטוט איז אויך פאַרוועררט די קהילות אָנצווועונדן חרם, ארויפלייגן שטראָפן און אנדערע מיטלען, וואָס צווינגען די אידן אויספירן אירע באַפעלן. דער סטאַטוט דערלויבט דעם שוחט צו שעכטן און פאַרקויפן דאָס פלייש, א רעכט, וואָס האָט זיך געפונען ביי דער קהילה. פאַקטיש האָבן די פרייסן אויפ־געלייזט די קהילה, אין וועלכער זיי האָבן געזען די עיקרדיקע שטערונג פאַרן אויספירן זייער פיסקאַלישע און ווירטשאַפטלעכע פּאָליטיק.

אין סטאַטוט האָט דער קעניג מבטיח געווען די אידן פאַרלייכטערונגען ווען עס וועט זיך פאַרבעסערן זייער קולטור־מצב אין די פוילישע געביטן, דערווייל אָבער זיינען געווען בלויז פאַרבאָטן. ס׳איז פאַרוועררט געוואָרן צו מאַכן פראַצענט־געשעפטן (אלע הלוואות האָבן געדאַרפט ווערן אדורכגעפירט אין געריכט); מ׳האָט פאַרבאָטן צו פאַרקויפן די פויערים בראַנפן אויף באָרג און צו פאַרקויפן זיי סחורה נישט פאַר דער באַדערפעניש פון דער לאַנדווירטשאַפט; יעדער וואַנדער־האַנדל איז געוואָרן פאַרווערט; די צאָל סוחרים איז געוואָרן באַגרענעצט; די מלאכות זיינען געווען דערלויבט בלויז אין די שטעט, און נישט אין די דערפער. אין סטאַטוט ווערט אויך אָנגעדייט, אז די פּראָפעסיעס, מיט וועלכע עס פאַרנעמען זיך די אידן, וועלן נישט זיכערן זייערע פּרנסות, און דערפאַר איז זיי דערלויבט צו פאַרנעמען זיך מיט לאַנדווירטשאַפט און צו באַקומען נישט־באַארבעטן באָדן אין א נאַרמע, וואָס איז נויטיק אויף דערנערן א פויערשע משפחה. ווער עס וועט זיך פאַרפליכטן צו קויפן באָדן אויפן אייגענעם חשבון וועט קענען געניסן פון אלע פאַרצוגן, א געוויסע צאָל יאָרן אויך פון שטייערן־באַפרייאונג, און ער וועט קענען באַשעפטיקן קריסטן אין די ערשטע 3 יאָר. דער סטאַטוס האָט רעקאָמענדירט צו דערמוטיקן אידן צו ערד־ארבעט און ארענדירן גיטער, ביר־ברויעריען און צו באַשעפטיקן זיך אין אינדוסטרי־אונטער־נעמונגען. די רעגירונג וועט אויסהאַלטן שולעס פאַר יוגנט און דאָרט וועט מען לערנען לויט די רעגירונגס־אינסטרוקציעס.

די תקנות זיינען אויפגענומען געוואָרן אין דער אידישער געזעלשאַפט מיט געפילן פון פחד און פאַרדאַכט. אין קאַליש האָט דער סטאַטוס אָנגעזאָגט דעם חורבן פון אידישן מסחר. אין יאָר 1797 זיינען לויט אָפיציעלן באַריכט כמעט אלע סוחרים געווען אידן, און אויך מיט מלאכה האָבן זיך א סך פון זיי פאַרנומען. אין די דערפער נעבן שטאָט האָט דער גאַנצער דראָבנער האַנדל זיך געפונען אין אידישע הענט.

נאָכדעם ווי דער סטאַטוס איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט, האָבן זיך ח׳ אלול תקנ״ז (30.8.1797) פאַרזאַמלט אין קלעטשאָווי די קהילות־פאָרשטייער, כדי צו באַשטימען די אידישע שטעלונג צום סטאַטוט און צו טראַכטן וועגן זיינע פערעספעקטיוון פאַר די אידישע מאַסן.

אין דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג האָבן חוץ די קהילה־פירער זיך באַטייליקט אויך באַוואוסטע רבנים. דער ציל פון דעם סטאַטוט איז געווען א קלאָרער: „צו פאַרשטעלן דעם וועג פאַר ווּכעריי, ווארום א גרויסער טייל אידן פאַרשאַפן שאָדן די טרייע קריסטלעכע אונטערטאַנער און מ׳דאַרף מאַכן א סוף צו דער אָפּנאַרעריי און צו דער פאַרדאָרבונג פון זייער מאָראַל״. אָבער די אידישע פאָרשטייער האָבן דעריין געזען א גרויסע געפאַר פאַרן עקאָנאָמישן און רעליגיעז־נאַציאָנאַלן קיום פון דער אידישער עדה.

אין דער פאַרזאַמלונג האָבן זיך באַטייליקט 31 פאָרשטייער פון די קהילות: קראָטאָשין, ליסא, פּלאָצק, זוטין, לאסקי, גרידעץ, שווערזעניעץ, ראַוויטש, סוכאַטשווו, מעזעכאָד, מאָדמיטש, פּיאָטרקאָוו, פּייזער, גניעזין, וויסקאָווי. פון קאַליש זיינען געווען אָנוועזנדיק 2 פאָרשטייער: יודא לייב בר״ש און משה שמעון. די פאַרזאַמלטע האָבן אין סטאַטוט געזען פאָלגנדיקע געפאַרן: באַגרענעצן דעם פאַרנעם פון מסחר און מלאכה, טראָץ דעם, וואָס אויף די דאָזיקע שטחים זיינען אידן געווען די הויפט־כוחות; אָפּשאַצן אידן ווי שווינדלערס, וואָס ברענגען שאָדן דער קריס־טלעכער באַפעלקערונג; די רעפאָרמען אויפן דערציאונגס־געביט, ווי די גרינדונג פון א לערער־סעמינאַר, וואָס ווערט אויסגעהאַלטן דורך די קהילות; חתונה־שטייער, וואָס האָט פאַר א ציל צו שטערן דעם וואוקס פון דער אידישער באַפעלקערונג. דאָס אלץ האָט ארויסגערופן פאַרדאַכט און שרעק ביי די אידישע עסקנים.

די פאַרזאַמלונג אין קלעטשאָוו האָט באַשלאָסן צו בעטן דעם קעניג, אז מ׳זאָל אדורכפירן א גרינדלעכע אויספאָרשונג וועגן מצב פון די אידן.

אין פּראָטאָקאָל, וואָס איז פאָרמולירט אין העברעאיש ווערט געזאָגט בפירוש:

„זייט עטלעכע חדשים איז ארויס אין דרוק רעגעלמאנג, פון אונזער הער דעם איידעלן קעניג זיין עקסעלענץ, וועגן דער פארבינדונג פון די אידן אונטער זיין רעגירונג פון דער מדינה זידפרייסן אונד ניי־אָסטפרייסן, אין יעדן ראיאָן און אין יעדן קרייז פון די אויבנדערמאָנטע מדינות, און מיר וועלן נישט לייקענען דעם אמת, אז די אויגן פון אידן האָבן זיך געעפנט צו זען דערין דאָס גוטע הארץ פון קעניג און די מיניסטאָרן, אָבער לויטן שטייגער ווי עס וואוינען די אידן אין די אויבנדערמאָנטע מדינות זינט די אלטע צייטן און די אופנים פון זייער פרנסה און ארויסגאנג און אריינגאנג, און פון איצט אָן און ווייטער וועט דאָס פירונג ווערן געענדערט לויט ווי דאָס איז געשריבן אין געוויסע פונקטן אין רעגעלמאנג, קען חס וחלילה ארויסקומען א חורבן אין די רעליגיעזע ענינים און פירן חו״ח צום פארערגערן פון אונזער פרנסה און זיי קענען חו״ח ווערן אָפּהענטיק און דערפאר האָבן די מענטשן פון די דאָזיקע מדינות באשלאָסן צו פארזאמלען זיך א געוויסע צאָל מענטשן פון קרייז־קהילות פון יענע מדינות, צו האלטן זיך אָן עצה, צו זוכן, מיט דער הילף פון השם יתברך, א וועג, ווי אזוי צו קומען פארן קעניג צו בעטן ביי אים צו באקומען לייטזעליקייט און צוצוגעבן א זין, אז די זאכן זאָלן ווערן אויסגעפאָרשט דורך זיינע מיניסטאָרן און ראטגעבער און אויסצופאָרשן וועגן תכלית פון אידישן צושטאנד מיט א גרעסערער דרישה וחקירה, ווי ווייט דאָס איז מעגלעך, און דאן האָפן מיר, מיט גאָטס הילף, וועלן זיך אויסשפרייטן די פליגל פון חסד, אז די זיילן פון דת זאָלן בלייבן אויף זייערע פונדאמענטן — און עס זאָלן נישט פארשטאָפּט ווערן די קוואלן פון פרנסה לויט א געהעריקן אופן. אויף דערויף האָבן זיך פארזאמלט און זיינען געקומען אהער אין ק״ק קלעטשעוו מענטשן פון שטעט, ווייטע און נאָענטע, פון די אויבנדערמאָנטע מדינות, מיט געהעריקע באפולמעכטיקונגען פון די מנהיגים און קהילה־פרנסים, כדי צוזאמען צו טראכטן וועגן דער השתדלות לטובת ישראל בעה״ש״.

די קהילה־שליחים האָבן געדארפט באשטימען, ווער עס וועלן זיין די גייערס, „אין די הייף פון קעניג און זיינע מיניסטאָרן יר״ה און אין ענין פון שאפן געלט אויף הוצאות״. אויף יעדער איינער קהילה, א גרויסע ווי א קליינע, איז געלעגן דער חוב „צו געבן פון א גוטן ווילן א גלייכן סכום, אן ערך פון א דריטל קאָפּשטייער, וואָס באטרעפט איין פוילישן גילדן, און שיקן דאָס געלט צו די ערלעכע קאסירערס הרב ר׳ הירש לוזשיץ״, וואָס איז אין די יאָרן 1769—1815 געוועזן דיין אין פויזן, אָדער צו רב זכריה מענדל בן ר׳ דוד טעבעליס בן ר׳ נתן נאָטע פון בראָדי אין רב אין ליסא (1774—1792). דאָס געלט אויף די הוצאות פון דער דעלעגאציע קיין בערלין, בכדי זיך משתדל צו זיין וועגן ענין סטאטוט, דארף מען שיקן צום רב אין בערלין, ר׳ צבי הירש לעווין.

אויף דער פארזאמלונג האָט מען אויך אָפּגעגעבן א געלט־באריכט פון דער פארזאמלונג אין ווארעשנע אין יאָר 1793 „וואָס האָט זיך ארויסגעוויזן פאר ריכטיק״, און ס׳איז אויך באשלאָסן געוואָרן, אז אלע הוצאות פון די מנהיגים פון פויזן און ליסע „לטובת הכלל פון דער פארגאנגענהייט ביז איצט פון זייער קהילה־קאסע אליין״ זאָל מען נישט אָפּשלאגן פון קאָפּשטייער, וואָס קומט פון זייער קהילה.

די פארהאנדלונגען זיינען נישט געוואָרן פארענדיקט „היות, ווי די, וואָס קומען פון די אויבנדערמאָנטע קהילות דארפן שנעל אהיימפאָרן, און מיר האָבן נישט געהאט קיין מעגלעכקייטן צו ענדיקן אלע נויטיקע פרטים צו באראטן זיך בעזרת השם וועגן כלל און אויך וועגן קלייבן משולחים, נאָך איינעם אָדער צוויי. דערפאר האָבן די דאָ אונטערגעשריבענע גענומען אויף זיך צו פאָרן אם ירצה השם קיין פראנקפורט (ב. א.) אויפן יריד אין חשוון תקנ״ח, און דאָרט וועלן די דאָ אונטערגעשריבענע זיך פארזאמלען און אָפּגעבן דעם ענין א טאָג־צוויי ארומצושמועסן און צו באטראכטן נאָר די אידישע ענינים, וואָס שייך דת, מסחר און פרנסה, און אלץ וואָס וועט דאָרט ווערן ארויסגעבראכט איינשטימיק, און אויך וועגן קלייבן נאָך איין אָדער צוויי משולחים, און דאָס וועט פאָרקומען אָן שום שנוי. אפילו אויב מיר וועלן נישט אלע זיין דאָרט אין פראנקפורט, בלויז די מערהייט פון די דאָ אונטערגעשריבענע וועלן דאָרט זיין, וועט דאָס פאָרקומען מיט יעדער זאך, אזוי ווי דאָס וועט ווערן ארויסגעבראכט מיט דער הסכמה פון דער געוויילטע, וואָס זיינען אונטן געחתמעט, אז דאָס וועט פאָרקומען איה״ש אין פראנקפורט מיטן צוגאָב פון מענטשן חכמים ויראים אין דער צאָל פון 11, מיט די אויסגעוויילטע, וואָס זיינען דאָ אונטערגעשריבן, און דערנאָך ווי די פארזאמלונג איז געוועזן לשם שמים און אויף

צו פאַרפעסטיקן די יסודות פון דת און פון דער הייליקער תורה, און באהעפטן דעם אריינטריט אין יעדער איינער קהילה, און וועגן ענין פון מפרנס זיין די אַרעמעלייט פון פאָלק".

צווישן די דערמאָנטע אויסגעוויילטע איז אויך געווען דער קאַלישער פאַרשטייער ר' יהודה לייב בר"ש. אויפן פראַקטיקאַל האָבן זיך אונטערגעשריבן די פאַרשטייער, וואָס זיינען געוואָרן אויסגעוויילט צו באַטייליקן זיך אין דער אסיפה אויפן יריד אין פראנקפורט ב.א. און די איבעריקע קהילה־פאַרשטייער, צווישן זיי אויך דער צווייטער קאַלישער פאַרשטייער, ר' משה שמעון.

אלס באַפולמעכטיקער צו פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די מאַכט־אָרגאַנען אין בערלין זיינען אויף דער פאַרזאַמלונג געוואָרן אויסגעוויילט: די פויזנער פרנסים יקיר בן וואָלף און פנחס יעקב, הרב ר' יוסף הצדיק און אויך דוד לאַנדא, ר' איציק בן שמואל פון ראַוויטש, יהושע אליהו הארצפעלד, ר' משה בן ברוך כ"ץ פון דזשאַלאָשין און ר' יששכר בן שמואל פון גרעץ. אויף זיי איז געוואָרן ארויפגעלייגט זיך משתדל צו זיין אין בערלין, מיט דער הילף פון הרב ר' הירשל לעווין און פון ברעסלויער רב ר' ישעיה בערלין; די הוצאות זיינען געוואָרן געדעקט מיט די געלטער פון א ספּעציעלן קאַפּשטייער.

דעם 2־טן אָקטאָבער 1797 איז די אידישע דעלעגאַציע געקומען קיין בערלין, אָבער צוליב אומבאַקאַנטע סיבות — אין אַן אַנדער צוזאַמענשטעל: משה כ"ץ בן ברוך פון דזשאַלאָשין, יצחק בן אברהם און דוד לאַנדא פון ליסא, בעניש כ"ץ פון פויזן. מיט דער דעלעגאַציע האָט זיך געפונען דער בערלינער באַנקיר מאיר וואָלף, ווייל די דעלעגאַטן האָבן נישט געקענט קיין דייטש. אין זייער ווענדונג האָבן זיי ארויסגערוקט 3 אַפּעלאַציעס קעגן די סטאַטוט־פּאַראַגראַפן: בנוגע דעם באַגרענעצונג פון מסחר און מלאכה און באַשטימען די אידישע צאָל סוחרים און קרעמער לויטן עקאָנאָמישן מצב פון זייער וואוינערטער און אויך קעגן דער ליקווידאַציע פון דעם רבנישן משפט, פון דער חתונה־באַגרענעצונג א.א.וו.

נאָך די אונטערהאַנדלונגען האָט די דעלעגאַציע באַקומען דעם 20.11.1797 דעם ענטפער פון דער רעגירונג. דער ענטפער איז געווען א מעסיקער און אַנטהאַלטן א ריי פאַרלייכטערונגען לטובת די אידן. מיט דער צייט האָבן די העכערע באַאַמטע איינגעזען, אז א ריי פאַלן לאָזן זיך נישט פאַרווירקלעכן די סטאַטוט־פּאַראַגראַפן.

פאַקטיש האָט די מאַכט איבערגעריסן די גירושים פון די דערפער, דערלויבט די אידן צו באַזעצן זיך אין אַלע שטעט און אָנצוגעהערן צו די צעכן. די אידן האָבן אויך לייכטער באַקומען הענדלער־דערלויבענישן, און דאָס, נישט נאָר די דאָרף־איינוואוינער, נאָר אויך די שטאָט־תושבים. אין יאָר 1800 איז דאָס געענדערט געוואָרן און ס'זיינען בלויז געבליבן די דאָרפישע וואַנדער־הענדלער. היות, ווי אין רעגלאַמענט „זיינען צוגעזאָגט געוואָרן" פאַרלייכטערונגען פאַר אידן, וואָס באַזעצן זיך אויף ערדאַרבעט, האָט מען אויפגעפאָדערט די פּרעפעקטן צו מעלדן וועגן די אידן, באַשעפטיקטע אין דער לאַנדווירטשאַפט. טייל האָבן געהערט צו די פריצים און אַנדערע האָבן בעאַרבעט די ערד און געוואָרן פּויערים.

אָבער צוליב דער קליינער צאָל פון אידישע ערד־אַרבעטער אין ניי־אָסט־פּרייסן און אין זיד־פּרייסן, האָט דער קעניג אָפּגעשאַפט דעם 9.10.1803 אַלע פאַרלייכטערונגען לטובת די לאַנד־ווירטשאַפטן.

טראָץ די צוזאָגן פאַר דער דעלעגאַציע, האָבן די מאַכט־אָרגאַנען, ספּעציעל אין ניי־אָסט־פּרייסן, פאַרעפנטלעכט פאַראָרדענונגען, וועלכע באַגרענעצן דעם פאַרנעם פונעם אידישן מסחר, פון וואַנדער־האַנדל אין די דערפער, און דעם איינקויף פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן, פעדערן, וואַקס, חלב, איילבערטן, האָפּן, און האָניק. אין שטאָט האָבן די מאַכט־אָרגאַנען אכטונג געגעבן, אז די צאָל אידישע סוחרים זאָל נישט זיין גרעסער פון דער צאָל קריסטלעכע סוחרים. צוליב דעם האָט מען באַגרענעצט די דערלויבענישן.

באַזונדערס שווער האָט געטראָפן די אידן דאָס באַזייטיקן זיי פון די ברויערייען און שענקען און אויך דער פאַרבאָט אויסצואַרבעטן ליקער און בראַנפן. זיי האָבן געמוזט איבערגעבן די שענקען דער מלוכה און קריסטלעכע אדליייט. ערשט נאָך א השתדלות איז דער באַפעל געוואָרן אָפּגעלייגט אויף 5 יאָר, דאָס הייסט ביז 1808. די אידן פלעגן אין א גרויסער צאָל אַרענדירן די שענקען און די דאָזיקע גזירות האָבן שטאַרק געטראָפן דעם קיום פון די קאַלישער אידן.

ווען די שטאָטמאכט האָט אָנגעהויבן רעסטאווירן די שטאָט נאָך דער שריפה אין יאָר 1792 און געפאָדערט, אז די נייע הייזער זאָלן נישט זיין פון האָלץ, איז אנטשטאנען א פראגע: וואָס זאָלן טאָן די אידן, וואָס האָבן שוין באוויזן אויסצובויען הייזער פון האָלץ און דאָס איז נישט געפעלן געוואָרן דער מאכט.

אן אנדער פּראָבלעם איז אנטשטאנען ביים אויפשטעלן דעם אידישן פירטל. כדי אים אויפצושטעלן אויפן פריערדיקן אָרט, האָט מען אים געדארפט אויסברייטערן, צו פאראייניקן צו אים דעם פערד־מארק און אויסבויען דאָרט 7 הייזער. אָבער דעם פערד־מארק האָט די מאכט געוואָלט איבערטראָגן מחוץ דער שטאָט. 24 אידישע הייזער האָט מען געזאָלט בויען ביי דער שטאָט־מויער. כדי צו דערמוטיקן אידן צו בויען געמויערטע הייזער אויף יענע ערטער, זיינען די פּלעצער געוואָרן פארקויפט צו נידעריקע פרייזן. אויך דאָס אידישע שעכטהויז האָט די מאכט געוואָלט איבערפירן אויסער דער שטאָט.

אין די יאָרן (1797—1804) איז דער אידישער ישוב אין קאליש אויסגעוואקסן צוליבן אָנקומען פון די דאָרפישע אידן אין שטאָט אריין. אין יאָר 1804 האָבן זיך געפונען 2113 אידן צווישן די 7085 שטאָט־איינוואוינער. 2113 אידן אין שטאָט

א ריי סוחרים איז געלונגען צו קויפן הייזער אין שטאָט און אין די דערפער. די מאכט האָט אוועקגעקוקט דערפון, וואָס אידן וואוינען אין די שטאָט־גאסן מחוץ דעם אידישן פירטל. אין דער צייט פון דער מלחמה האָבן אידן זיך פארנומען מיטן האנדל פון אויסלענדישע שארפע געטראנקען.

אָבער די שטאָטישע, די תושבים פון די פוילישע צייטן, וועלכע האָבן תמיד באקעמפט די אידן, האָבן נישט שלום געמאכט מיט דעם דאָזיקן מצב. זייערע פאָרשטייער, די פירער פון סוחרים און בעלי־מלאכה־פארבאנד האָבן דעם 1.11.1804 זיך געווענדעט מיט א שארפער ווענדונג צום קעניג פרידריך ווילהעלם און באקלאָגט זיך אויף דער אויספרייטונג פון אידן אין שטאָט, אז זיי באטרעפן שוין א דריטל פון דער גאנצער באפעלקערונג; אין דער לעצטער צייט האָבן זיי אָן א דערלויבעניש איבערגענומען דעם מסחר פון אויסלענדישע שארפע געטראנקען און זיי פארנעמען זיך דערמיט אָפן, פאר די אויגן פון דער הויכער מאכט. זיי האָבן געפאָדערט, אז די רעגירונג זאָל קאָנצענטרירן די אידן אין א באזונדערן קווארטאל און זאָל נישט לייגן קיין אכט אויפן פריערדיקן יורידישן מצב, וואָס האָט זיי געגעבן פרייהייט אין זייערע פרנסות.

אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן מעמאָראנדום האָט דער קעניג באאויפטראגט דעם שטייערן־ראטגעבער רורהארט אויסצופאָרשן דעם ענין.

אין די אונטערהאנדלונגען מיט די פאָרשטייער פון די צעכן און פון די אידן, האָבן די אידן פאָרגעשטעלט די פריווילעגיעס, לויט וועלכע זיי איז געווען דערלויבט צו קויפן הייזער אין קאליש, אָן דער אָנווייזונג וויפל הייזער. אמת, די צאָל איז געוואָרן באשטימט אין הסכם פון יאָר 1540 און איז געוואָרן באשטעטיקט, אין דער פאראָרדנונג פון פרייסישן קאבינעט דעם 31.7.1802. דעם 2־טן פעברואר 1805 האָט רורהארט באשטימט, אז דער דאָזיקער הסכם בלייבט אין קראפט, דערפאר, ווייל די צאָל הייזער־אייגנטימער איז נישט געשטיגן. ס'איז בלויז געוואָרן באשלאָסן, אז א הויז, וואָס האָט נישט קיין יורש, זאָל ווערן פארקויפט צו א קריסט. אָט דער כלל זאָל ווערן אויסגעפירט כל־זמן די אידן האָבן נישט מער ווי 11 הייזער. אויף דער בקשה פון פארבאנד צו קאָנצענטרירן אידן אין א אידישן קווארטאל, האָט ער געענטפערט, אז לויטן באפעל פון זיד־פרייסישן דעפארטאמענט פון דעם 21.7.1804 קען די זאך נישט ווערן אדורכגעפירט כל־זמן אידן וואוינען אלס סובלאָקאטאָרן. אויסער דעם איז אזא אקציע אין ווידערשפּרוך צו דער שטרעבונג פון דער רעגירונג אויסצוגלייכן די אידן מיט אנדערע בירגער און גייסט, אין שטייגער און אין אָרדענונג. אין קריסטלעכע הייזער וועט מען קענען פארדינגען דירות צו אידן נאָר לויט א באזונדערער דערלויבעניש פון דער מאכט. ער האָט פארזיכערט די שטאָטלייט, אז די מאכט וועט פארמיידן יעדן מיסברויך און יעדע ענדערונג אין מצב פון די אידן. צוליב די אויבן אויסגערעכנטע מאָטיוון איז דעם 2־טן פעברואר 1805 געוואָרן אָפּגעוואָרפן די ביטע פון סוחרים־צעך. אָבער אויך אין יענער תקופה האָבן די קאלישער אידן זיך געפונען

אין אַן אומאויפהערלעכן קאַמף מיט די שטאָלייט פאַר דער רעכט פון פּרנסה און וואוינען אין קריסטלעכע גאַסן.

דערווייל זיינען אין דער וועלט פאָרגעקומען פּאָליטיש־מיליטערישע געשעענישן, וואָס האָבן אויך געדאַרפט ענדערן די גרענעצן פון אַמאָליקן פּוילן. פּרייסן האָט זיך געגרייט צו אַ מלחמה קעגן פראַנקרייך און דערוואַרט אַ זיג. אָבער דער גאַנג פון דער געשיכטע איז געווען אַן אַנדערער. דעם 14־טן אָקטאָבער 1806 איז פּרייסן געוואָרן באַזיגט אין דער שלאַכט ביי יענאַ. די דאָזיקע מפּלה האָט צעבראָכן איר העגעמאָניע אין צענטראַל־אייראָפּע. פון יענאַ האָט זיך אָנגעהויבן נאַפּאָלעאָנס זיגרייכער צוג. דעם 27־טן פעברואַר 1807 איז ער אַריין קיין בערלין. די פּרייסישע מאַכט האָט באַקומען אַ באַפעל צוגרייטן זיך צו פאַרלאָזן פּוילן. קודם־כל האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן פון וואַרשע און די פראַנצויזן זיינען אַהין אַריין דעם 28.10.1806.

ווען ס'האָט זיך אָנגעהויבן נאַפּאָלעאָנס מאַרש אין פּוילן זיינען אויך די אידן צוגעשטאַנען צו די פּאָליאַקן און זיי האָבן אויפגענומען דאָס פראַנצויזישע מיליטער מיט עסן, מיט משקה און מיט לויב־געזאַנג: אויך אין קאַליש זיינען די פראַנצויזן געוואָרן אויפגענומען מיט פרייד דורך די פּאָליאַקן און אידן.

Son contenu ne me met d'aucune manière
à l'abri de l'exemption avec laquelle la
Police de Kalisch me poursuit avec rigueur.

Excellence, espérant tout de votre
Justice, j'ose recourir à votre haute bonté
et supplier respectueusement de vouloir:
Daigner avoir égard à ma situation qui
peut m'être très funeste par l'exemption
illicite, et de vouloir avec générosité m'accorder
une résolution pour me mettre à l'abri des
persécutions de la Police jusqu'à ce que mon
affaire soit décidée.

Daignez agréer, Excellence,
l'assurance respectueuse et pleine de
dévouement avec lequel j'ai l'honneur d'être
de Votre Excellence le Conseiller d'Etat

Varsovie le 15 mai
1823.

Le plus humble et obéissant
serviteur

Selig Bloch

בקשה פון די קאלישער אידן אין פראנצויזיש אין 1823

## אין דער צייט פון ווארשעווער פירשטנטום



ין יאנואר 1807 איז אנטשטאנען די ווארשעווער רעגירונגס־קאָמיסיע, און זי איז תיכף צוגעטראָטן צו אָרגאניזירן די רעגירונג און די אדמיניסטראציע. דעם 17־טן יולי 1807 איז אין טילזיט אונטערגעשריבן געוואָרן א הסכם צווישן צאר אלעקסאנדער דעם ערשטן און נאפּאָלעאָן דעם 1־טן. לויט דעם אָפּמאך איז געשאפן געוואָרן דאָס פירשטנטום אויף יענע געביטן, וואָס האָבן געהערט צו פּרייסן נאָך דער צווייטער און דריטער צעטיילונג פון פּוילן. נאפּאָלעאָן האָט באשטימט דעם זאקסישן קעניג פרידריך אויגוסט אלס פירשט פון דער נייער מדינה.

די מדינה איז צעטיילט געוואָרן לויטן מוסטער פון פראנקרייך אויף 6 דעפּארטאמענטן: פּויזן, קאליש, בידגאָשטש ווארשע, לאָמזשע, פּלאָצק. פון 2,030,653 תושבים אין פירשטנטום זענען געווען 204,834 אידן (10.04%). לויט דער ציילונג אין יאָר 1808 האָבן אין קאליש זיך געפונען 2335 אידן (41%). 161 פאמיליע־עלטסטע האָבן זיך באשעפטיקט מיט מסחר, 16 מיט שענקערײַ, 3 האָבן פארקויפט זאלץ. עטלעכע זיינען געווען הורט־סוחרים, ווי יוסף שמואל רעדליך, שמואל זאקס, ישעיה מאמלאָק, פיליפּ זאקס און שמעון פּרץ. אין יאָר 1814 האָט זיך אין קאליש באזעצט גץ איסר לעווע (שפּעטער גוסטאוו אדאָלף). ער איז געקומען פון האמבורג און געווען פון די ערשטע אידישע אינדוסטריעלע אין שטאָט. יוסף שמואל רעדליך האָט אויפן יסוד פון זיין זיידנס פּריווילעגיע פון יאָר 1793 (זע אין פינפטן קאפּיטל) געפירט גרויסע געשעפטן מיט משקאות, שטאָפן און ער האָט אויך געשיקט קיין אויסלאנד תבואה און פי.

די שינויים אויף דער רוסיש־דייטשער גרענעץ אין יאָר 1813 און דאָס שאפן א צאָל־סטאציע נעבן קאליש האָט אויף דער אידישער גאס ארויסגעבראכט די פּראָפעסיע פון צאָל־קאָמיסיאָנערן, וועלכע האָבן רעפּרעזענטירט אויך אויסלענדישע געזעלשאפטן. עס זיינען געווען א סך בעלי־מלאכה, ספּעציעל שניידער: 115 פאמיליע־פאָטערס; די צאָל פון אנדערע אידישע בעלי־מלאכה איז נישט באוואוסט.

די טענות פון די שטאָטלייט, אז אין די יאָרן 1808—1816 זיינען איבערגעגאנגען צו אידן צענדליקער הייזער אויך אויף די קריסטלעכע גאסן, טייל פון זיי אָן דער דערלויבעניש פון פּרעפעקט אָדער פון אינערן־מיניסטער, און אויך פיר באָדן־שטחים אין דער געגנט — באווייזט נאָך נישט, אז די קאלישער אידן זיינען געווען רייך. דאָס איז שייך געווען בלויז צו יחידים און האָט בכלל נישט געהאט קיין השפּעה אויפן עקאָנאָמישן לעבן פון די אידישע מאסן. די איבער־וויגנדיקע מערהייט האָט געלעבט אין זייער שווערע עקאָנאָמישע באדינגונגען און די קהילה איז געווען פאראָרעמט.

לויט דער קאָנסטיטוציע, וואָס נאפּאָלעאָן האָט געגעבן דעם פירשטנטום דעם 22־טן יולי 1807, זיינען בטל געוואָרן די פּריווילעגיעס פון די פארשידענע שטאנדן. אלע בירגער זיינען געוואָרן אויסגעגלייכט אין זייערע רעכט. אזוי ווי די אידן זיינען נישט געוואָרן ארויסגענומען פונעם כלל איינוואוינער, זיינען במילא בטל געוואָרן אלע געזעצן, וואָס האָבן אונטערגעשיידט צווישן זיי און די קריסטן.

אָבער די מיניסטאָרן, וואָס זיינען געווען ממונה אויפן אויספירן די קאָנסטיטוציע האָבן זיך באמיט מבטל צו מאכן די גלייכבארעכטיקונג און זיי האָבן זיך באנוגנט מיט דער רעליגיע־פרייהייט און מיטן מבטל מאכן די שלעכטע גזירות, ווי דער פארבאָט צו וואוינען אין פיל שטעט און אין געווויסע גאסן, דער פארבאָט צו פארנעמען זיך מיט א ריי באשעפטיקונגען און אין ליקווידירן די ספּעציעלע פאר אידן שטייערן און אָפּצאָלן. א פולשטענדיקע גלייכבארעכטיקונג וואָלט אויף זיי ארויפגעלייגט אלע פליכטן פון די אנדערע תושבים, ווי דינען אין מיליטער, וואָס דאָס איז פארבונדן מיט חילול שבת, עסן טריפות, גאָלן באָרד און פיאות. אָבער דאָס האָט זיך זיי איינגעגעבן בלויז טיילווייז, ווארום קיין בפירוש געזעץ קען מען דאָך נישט מבטל מאכן.

דעקרעט פון 17 אָקטאָבער

14 מאָנאטן נאָכדעם ווי אין דער קאָנסטיטוציע איז דערקלערט געוואָרן גלייכע רעכט פאר אלע איינוואוינער פון דער מדינה, איז דער דאָזיקער פאראגראף בטל געוואָרן דורך א דעקרעט פון 17־טן אָקטאָבער 1807 אויף א תקופה פון צען יאָר. אָבער ער איז געבליבן אין קראפט ביזן יאָר 1862.

אויך דאָס אָפקויפן גיטער און באָדנס פון קריסטלעכע הענט איז געווען אונטער א הארבן פארבאָט, אויסער פרייען באָדן, לויט דער ערד־נאָרמע וואָס געגוגט פאר דער באשפייזונג פון א פאמיליע אין דאָרף און אויף בויען א הויז.

די אידן זיינען געבליבן אויף א נידעריקער געזעצלעכער מדרגה. מ׳האָט זיי נישט דערלויבט אויסצוברייטערן זיך און צו געניסן פון די נייע רעכטן. דער יוסטיץ־מיניסטער לוביאנסקי האָט געוואוסט ווי אזוי אדורכצופירן אנטי־אידישע פרינציפן אונטער א ליבעראלער מאסקע. ער האָט געטענהט, אז קאָנסטיטוציאָנעלע גלייכהייט פארוואנדלט נאָך נישט אלע איינוואוינער אין גלייכ־בארעכטיקטע בירגער. א בירגער איז דער מענטש, וואָס איז טריי דעם קעניג און באטראכט פוילן פאר זיין פאָטערלאנד. היות ווי די אידן באטראכטן זיך אלס א באזונדער פאָלק און זיי גאָרן אומצוקערן זיך אין זייער פאָטערלאנד, קען מען זיי נישט באטראכטן אלס בירגער פון היימלאנד.

דווקא אין דער צייט פון פירשטנטום האָט מען ארויפגעלייגט אויף אידן שווערע שטייערן: שפייז־שטייער, שטייער פאר כשר פלייש, טאָלעראנץ־שטייער פון 2.5 ביז 10 טאלער פאר א משפחה לויטן מאטעריעלן מצב, חתונה־שטייער — דאָס אלץ ווי א צוגאָב צו די ווירטשאפטלעכע שטייערן.

דער שווערסטער עול איז געווען דער שטייער פאר כשר פלייש. לויט אַן אויסרעכענונג האָט א אידישע פאמיליע אין פירשטנטום פארנוצט 8 ליטער פלייש א וואָך. דער שטייער האָט באטראָפן 6 גראָשן פאר א ליטער, קאטשקע — 8, הון — א גראָשן, גאנז — 8, שוואן — איין גילדן. אין דורכשניט האָט א פאמיליע באצאָלט 84 גילדן פלייש־שטייער א יאָר. ווען מ׳האָט פארגרעסערט דעם פלייש־שטייער, לויט א דעקרעט פון 20.4.1809, פון 2,650,000 ג. אויף 3,342,726 ג., האָט מען ארויפגעלייגט אויף 4346 אידישע משפחות (3309 אין די שטעט, 1037 אין די דערפער פון קאלישער דעפארטאמענט) א סומע פון 439,175 גילדן 13 גראָשן.

לויט א פאראָרדנונג פון 25.3.1809 איז דער שטייער פון כשר־פלייש אין גאנצן דעפארטאמענט ארענדירט געוואָרן לויט א קאָנקורס. דער ארענדירער האָט געדארפט אָפנעמען דעם שטייער. דער סכום פון שטייער איז באשטימט געוואָרן לויט דער צאָל פון די אידישע משפחות. דער פלייש־שטייער איז געווען פיר מאָל גרעסער ווי אין עסטרייך. אין קיין שום דעפארטאמענט איז נישט געוואָרן דערגרייכט דער סכום פונעם קאָנקורס. אין דער זעלבער פאראָרדנונג ווערט באשטימט, אז אויב אין קאָנקורס וועט נישט ווערן דערגרייכט דער פאָראויסגעזעענער סכום אויפן יסוד פון פלייש־פארברויך, וועט דער שטייער ווערן ארויפגעלייגט אויף דער אידישער באפעלקערונג און איינגעמאָנט ווערן דירעקט.

אין דער דאָזיקער פאראָרדענונג האָט די רעגירונג צוליב פאָרמעלע טעמים אויסגעברייטערט דעם מאכט־פארנעם פון דער קהילה, און געגעבן די פרנסים די מעגלעכקייט צו באנוצן זיך מיט דער מאכט אויך לרעה.

לויט דער אָנווייזונג פונעם פינאנס־מיניסטער פון 31.5.1809 האָבן די וויצע־פרעפעקטן צונויפגערופן די קהילה־פאָרשטייער און דעפארטאמענט אויף צו פארטיילן דעם שטייער לויט די משפחות. מיט דער צייט זיינען די דאָזיקע אסיפות פארוואנדלט געוואָרן אין קאָמיטעטן, וועלכע האָבן באשלאָסן צו שיקן א דעלעגאציע צום זאקסישן קעניג אין דרעזדן אָדער צו דער צענטראלער רעגירונג אין ווארשע, כדי מבטל צו מאכן די סאָלידאריטעט־אחריות פון די קהילה־פרנסים און צו פארקלענערן די שטייערן.

אזעלכע קאָמיטעטן זיינען געווען טעטיק אין דעפארטאמענט בידגאָשטש, שובין, רודי, נאקלא. די אלע השתדלותן האָבן נישט געהאט קיין דערפאָלג.

פויזן און ליסא האָבן באשלאָסן צו פאראייניקן די כוחות און אָנצוהויבן א געמיינזאמע אקציע פון אלע קהילות אין די שטייערן־ענינים. אין נאָמען פון אלע קהילות אין פויזנער דעפארטאמענט האָבן זיי זיך געווענדעט צום פרעפעקט מיט א מעמאראנדום וועגן דער שטייערן־לאסט. זיי האָבן אויך געבעטן פון די קהילות אין די דעפארטאמענטן ווארשע, קאליש, פלאָצק, לאָמזשע און אינאָווראָצלאַוו צו שיקן זייערע פרעפעקטן ענלעכע מעמאָראנדומס.

ווען די דאָזיקע אַקציע האָט נישט געבראַכט קיין רעזולטאַטן, האָבן זיי זיך געווענדעט צו די גרויסע קהילות מיט אַ פאָרשלאַג צונויפצורופן אין אויגוסט אַ גרויסע אסיפה פון פרנסים, וועלכע זאָלן אויסוויילן — ענלעך צו דער אסיפה אין קעלצאָו 1797 — אַ רעפּרעזענטאַטיווע דעלעגאַציע פון דער אידישער באַפעלקערונג, מיטן ציל זיך משתדל צו זיין ביים קעניג אָדער קעניגלעכן ראַט וועגן די שטייערן אויף אידן. די קהילות האָבן נישט רעאַגירט אויך אויף דער דאָזיקער ווענדונג.

צוליב דער דרינגלעכקייט פונעם ענין האָבן פּויזן און ליסאַ באַשלאָסן אויף אַ באַראַטונג דעם 12.9.1809 אין טשעמפּין צונויפצורופן אין שלעשין דעם 15.10.1809 אַ לאַנדראַט פון שליחים פון אַלע קהילות אין וואַרשעווער פירשטנטום. אין אַ ספּעציעלן צירקולאַר ווערן די הויפּט־קהילות געבעטן מודיע צו זיין וועגן כינוס אַלע קהילות אין דעפּאַרטאַמענט. די קהילה־פאָרשטייער האָבן זיך געדאַרפט באַראַטן אין זייער דעפּאַרטאַמענט און אויסקלייבן 1—2 שליחים פון יעדן דעפּאַרטאַמענט צום לאַנדראַט.

אויף דעם דאָזיקן צירקולאַר האָט תיכף רעאַגירט די קאַלישער קהילה אין אַ בריוו צו דער פּויזנער קהילה און פאַרעגלייגט אָפּצולייגן די אסיפה אויף אַ חודש צייט, דערפאַר ווייל דער פּאָליטישער מצב איז נישט קלאָר. עס זיינען נישט באַוואוסט די רעזולטאַטן פון דער מלחמה צווישן עסטרייך און דעם פירשטנטום און די קאַלישער קהילה ווייסט נישט צו וועלכער מלוכה זי געהערט. היות ווי אויך די אַנדערע קהילות האָבן רעאַגירט נעגאַטיוו, איז דער צוזאַמענפאָר נישט פאָרגעקומען.

דערווייל איז דער מצב פון די אידן אַלץ שווערער געוואָרן. די שטייערן האָט מען איינגעמאָנט אָן רחמנות. די פאַראַרעמונג פון די מאַסן האָט געצוואונגען די וואַרשעווער פרנסים צו ווערן אַקטיוו.

אין יולי 1810 האָבן אין וואַרשע זיך פאַרזאַמלט דעלעגאַטן פון די קהילות און די דעפּאַר־טאַמענטן — אַ פאָרשטייער פון דער קאַליישער קהילה האָט איבער אַן אומבאַקאַנטער סיבה זיך נישט באַטייליקט — און זיי האָבן אָפּגעגעבן אַ מעמאָראַנדום צום פינאַנס־מיניסטער. אויף אַ צווייטער פאַרזאַמלונג האָבן זיי געשיקט מעמאָראַנדומס צום קעניג, צום קעניגלעכן ראַט און צום פינאַנס־מיניסטער, אין וועלכע זיי האָבן געשריבן, אַז די שרעקלעכע נויט פון דער אידישער באַפעלקערונג דערמעגלעכט נישט איינצוצאָלן די געפאָדערטע סומעס פון פלייש־שטייער.

ווי שווער ס'איז געווען דער עקאָנאָמישער מצב פון די אידן זעען מיר אין פאַקט, אַז אין די יאָרן 1810—1809 האָט דער רעגירונג זיך איינגעגעבן איינצומאָנען אויפן חשבון פון פאַראויס־געזעענעם סכום 3,342,726 גילדן בלויז 1,482,250 (44.3%), און אין די יאָרן 1811—1810 אויפן חשבון פון 4,979,329 גילדן נאָר 2,105,213 (43.4%).

אָט דער מצב האָט געצוואונגען דעם פינאַנס־מיניסטער צו ווענדן זיין אויפמערקזאַמקייט אויף די אידישע ענינים.

אין פעברואַר־מערץ 1811 איז באַהאַנדלט געוואָרן אַ פאָרשלאַג צו רופן אַ באַראַטונג פון אַלע קהילות. נאָכן דורכפאַל פון צוזאַמענפאָר אין שלעשין זיינען די אידישע מנהיגים געקומען צום אויספיר אַז נאָר אַ קאָנפערענץ, וואָס וועט ווערן גערופן לויט דער איניציאַטיוו פון פינאַנס־מיניסטער, וועט זיי קענען העלפן אין דער נויט. אויפן פאָרשלאַג פון די אידישע מנהיגים האָט דער פינאַנס־מיניסטער מסכים געווען צונויפצורופן די דעפּאַרטאַמענט־שליחים און אין אַן אינסטרוקציע פון 12.3.1811 האָט ער מודיע געווען די פּרעפעקטן וועגן דאָזיקער קאָנפערענץ, אויף וועלכער די אידישע פאָרשטייער וועלן ברענגען פאָרשלאָגן אין דער פראַגע פון איינמאָנען דעם פלייש־שטייער.

דער לאַנדראַט

דערווייל האָט די וואַרשעווער קהילה מודיע געווען אַלע קהילות וועגן דער קאָנפערענץ פונעם לאַנדראַט און געפאָדערט צו וויילן שליחים.

דער קאַלישער פּרעפעקט האָט מיטגעטיילט דעם 26.3, אַז די אידן פון זיין דעפּאַרטאַמענט האָבן שוין באַקומען ידיעות פון דער וואַרשעווער קהילה וועגן די פּלענער פון פינאַנס־מיניסטער און אויסגעוויילט זייערע שליחים צו דער קאָנפערענץ.

די קהילות־שליחים האָבן זיך פאַרזאַמלט אין דעפּאַרטאַמענט אויפן יסוד פון די אינסטרוקציעס פון פינאַנס־מיניסטעריום פון 31־טן מאַי 1809, כדי צו באַהאַנדלען דאָס פונאַנדערטיילן דעם פלייש־שטייער אויף די באַזונדערע משפּחות.

די ראשי־קהילה אין פויזן און אין לעשנאָ האָבן באַשלאָסן אויף זייער באַראַטונג אין טשעמפּין צונויפצורופן אַלע ראשי קהילות אויף אַן אסיפה קיין שלעשין דעם 15.10.1809, און פאַרעפנטלעכט אַ ספּעציעלן אויפרוף, אין וועלכן די הויפּט־קהילות וועלן געבעטן מיטצוטיילן וועגן דעם די איבעריקע קהילות און דעפּאַרטאַמענטן. די קהילות דאַרפן זיך צונויפזאַמלען אין דעפּאַרטאַמענט־ראַט, כדי אויסצוויילן 1—2 שליחים פון יעדן דעפּאַרטאַמענט.

פון קאַלישער דעפּאַרטאַמענט זיינען געוואָרן אויסגעוויילט סימאָן לוי פון קאַליש און יוסף משה, אַ שתדלן פון דזשאַלאָשין.

די אונטערהאַנדלונגען מיטן פינאַנס־מיניסטער האָבן זיך אָנגעהויבן דעם 23.3 און אין זיי האָבן זיך באַטייליקט די שליחים פון די דעפּאַרטאַמענטן וואַרשע, פויזן, בידגאָשטש.

פון זייערע מעמאָראַנדומס דערוויסן מיר זיך, אַז אין נאָמען פון אַלע אידן אין פירשטנטום האָבן זיי זיך אַנטקעגנגעשטעלט דער גזירה פון שטייער אויף כשר־פלייש און באַזונדערס קעגן דעם אַרויפלייגן די סאָלידאַרישע אחריות אויף די ראשי הקהילות וואָס איז אוממאָראַליש און ווערט נישט אָנגעווענדעט לגבי אַנדערע שטייערן.

זיי האָבן פאָרגעלייגט צו פּלאַנירן דעם אידישן שטייער לויט דער קאָנסומציע פון 3 ליטער אויף אַ משפּחה פּאַר אַ וואָך, דאָס הייסט 6 גראָשן שטייער אויף אַ ליטער פלייש. זיי האָבן אויך פאַרלאַנגט צו באַפרייען אידן פון מיליטער־דינסט. דעם 19.4.1811 האָבן זיי איבערגעגעבן דעם קעניגלעכן ראַט אַ מעמאָראַנדום וועגן באַפרייען פון מיליטער־דינסט די אידן, וועלכע ווערן באַלאַסטערט מיט אַלע מיני שטייערן, געניסן נישט פון קיין גלייכבאַרעכטיקונג און זיי ווערן גערודפט. היות ווי זיי געניסן נישט פון בירגער־רעכט, דאַרף מען אויף זיי נישט אַרויפלייגן קיין בירגערלעכע פליכטן.

ווען ס'האָט זיך דערנענטערט די סיים־סעסיע און דער טערמין פון צוגרייטן די פינאַנס־פּלענער, האָט דאָס פינאַנס־מיניסטעריום באַפוילן די פּרעפעקטן אויסצוויילן פון יעדן דעפּאַר־טאַמענט 1—2 אידן, וואָס געניסן פון צוטרוי ביי זייערע אויפגעקלערטע ברידער, און זיי שיקן קיין וואַרשע. צווישן די 27 שליחים האָט זיך געפונען פון קאַלישער דעפּאַרטאַמענט איין שליח, שלמה זעליג.

אין אָנהויב דעצעמבער האָבן זיך אָנגעהויבן די אונטערהאַנדלונגען מיטן פינאַנס־מיניסטעריום וועגן שטייערן און מיליטער־דינסט. דעם 6.12.1812 האָבן די שליחים דערלאַנגט דעם קעניגלעכן ראַט אַ מעמאָראַנדום אין דער פראַגע פון מיליטער־דינסט. זיי האָבן פאָרגעלייגט דער רעגירונג 3 מיליאָן גילדן אַלס שטייער פון דער אידישער באַפעלקערונג: 2,400,000 גילדן פלייש־שטייער און 600,000 — רעקרוטן־שטייער.

אין יענער צייט איז אין וואַרשע זיך צונויפגעקומען די צווייטע סעסיע פון סיים. אין דער דיסקוסיע וועגן פינאַנס־וועזן אויף דער זיצונג פון 17.12.1811, איז דער מאַריאַמפּאָלער דעפּוטאַט גאָדלעוווסקי אַרויסגעטראָטן קעגן ספּעציעלע אידישע שטייערן, ווייל זיי זיינען אין קעגנזאַץ צו דער קאָנסטיטוציע.

אויף דער זיצונג פון 20־טן דעצעמבער האָט דער פינאַנס־מיניסטער אַריינגעטראָגן אַ געזעץ־פּראָיעקט, לויט וועלכן דער שטייער פון כשר־פלייש זאָל ווערן איינגעמאָנט אַלס קאָנסום־שטייער און נישט אַלס דירעקטער שטייער. דער סיים האָט באַשטעטיקט דאָס געזעץ.

דעם 27.12.1811, נאָך באַנייטע אונטערהאַנדלונגען, איז געחתמעט געוואָרן אַ פּראָטאָקאָל, וואָס לייגט אַרויף דאָס פונאַנדערטיילן דעם אָפּצאָל פון 3 מיליאָן גילדן צווישן דער אידישער באַפעלקערונג אויף די שליחים גופא. דער שטייער דאַרף ווערן איינגעצאָלט אין 4 ראַטעס: 600,000 פאַרן באַפרייען אידן פון מיליטער־דינסט; 2,400,000 — פלייש־שטייער. דער הסכם האָט געדאַרפט ווערן באַשטעטיקט פון מיניסטער. ער האָט אים נישט באַשטעטיקט. די שטייער־סומע איז געווען אין זיינע אויגן צו קליין און דאָס פונאַנדערטיילן די סומע צווישן די קהילות און משפּחות האָט זיך אים אויסגעוויזן צו זיין אומגעזעצלעך. פאַר באַפרייען פון מיליטער־דינסט האָט ער פאַרלאַנגט 800,000 גילדן אַ יאָר.

די שליחים האָבן דעם 31.12 אָפּגעגעבן אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכן זיי שרייבן, אַז די אידישע באַפעלקערונג, אין דער מערהייט, איז אַן אָרעמע און קען נישט באַצאָלן מער ווי זיי האָבן פאָרגעלייגט. זיי האָבן גענומען אויף זיך די חלוקה לויט די דעפּאַרטאַמענטן.

א שליח פון יעדן דעפּאַרטאַמענט וועט פונאַנדערטיילן דעם שטייער לויט די קהילות אין דער אַנוועזנדקייט פונעם פּרעפעקט, און יעדע משפחה וועט דאַרפן צאָלן דעם שטייער לויט איר עקאָנאָמישן מצב. ביז סוף מערץ וועט ווערן איינגעצאָלט א סכום פאַר 5 חדשים, ד.ה. ביז סוף מאַי 1812, אָבער זיי וועלן נישט קענען ערב זיין פאַר די קומענדיקע חדשים.

דער פינאַנס־מיניסטער האָט אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע פּראָפּאָזיציעס, און אין סוף דעצעמבער האָט ער געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט 3 שותפים (יוסף וואָלבערג פון טאַרנאָוו, מענדל עטינגער, רב אין כעלם און רפאל שפּירא פון קשאַנדז) וועגן אַרענדירן דעם שטייער פון כשר־פלייש אין גאַנצן פירשטנטום.

ווען די שליחים האָבן זיך וועגן דעם דערוואוסט, זיינען זיי זיך צונויפגעקומען דעם 3.1.1812 אין פאַרגעלייגט דעם פינאַנס־מיניסטעריום בערעך שמולעוויטשן אלס הויפּט־אַרענדאַטאָר, זיי האָבן אָבער פאַרשפּעטיקט דעם טערמין. דעם 3.1.1812 האָט דער מיניסטער אונטערגעשריבן אַן אַרענדע־קאָנטראַקט מיט די דריי שותפים, וועלכע האָבן זיך מתחייב געווען צו צאָלן 2,650,000 גילדן א יאָר. די שליחים האָבן ממשיך געווען מיט די אונטערהאַנדלונגען בלויז וועגן רעקרוטן־שטייער. דער מיניסטער האָט געפאָדערט 800,000 גילדן און די שליחים האָבן פאָרגעלייגט 600,000 גילדן. סוף כל סוף איז מען אַדורכגעקומען אויף 700,000 גילדן.

דעם 3.1.1812 איז אין פינאַנס־מיניסטעריום אונטערגעשריבן געוואָרן א פּרעלימינאַר־הסכם וועגן באַפרייען אידן פון מיליטער־דינסט פאַר א געלט־אָפּצאָל. לויטן הסכם זיינען די שליחים ערב פאַר א נאָרמאַלן אָפּצאָל פון די פּערטליאַריקע ראַטעס אין דער מלוכה־קאַסע און פאַרן פונאַנדערטיילן דעם שטייער לויט די דעפּאַרטאַמענטן. דער הסכם איז גילטיק ביז די אידן וועלן באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג אינעם גייסט פונעם דעקרעט פון יאָר 1808.

דעם 7־טן יאַנואַר 1812 האָט דער מיניסטער געמאָלדן דעם מיניסטאָרן־ראַט, אַז די אונטער־האַנדלונגען מיט די אידן זיינען געוואָרן פאַרענדיקט. דעם 8־טן יאַנואַר האָט ער אַריינגעטראָגן א געזעץ־פּראָיעקט, וואָס איז איבערגעפירט געוואָרן אין קעניגלעכן ראַט. דעם 9־טן יאַנואַר האָבן די שליחים אונטערגעשריבן אין פינאַנס־מיניסטעריום דעם פּראָטאָקאָל אין נאָמען פון דער אידישער באַפעלקערונג אין גאַנצן פירשטנטום. דעם 29.1.1812 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן דער דעקרעט, וואָס באַפרייט אידן פון מיליטער־דינסט. לויטן פונאַנדערטייל פון רעקרוטן־שטייער האָבן די אידן פון קאַלישער דעפּאַרטאַמענט זיך מתחייב געווען צו צאָלן יעדעס יאָר 55,088 גילדן.

אין די אונטערהאַנדלונגען מיטן פינאַנס־מיניסטעריום האָט זיך אויך באַטייליקט דער שליח פון קאַליש, זעליג סאָלאָמאָן.

לויטן הסכם פון 9־טן יאַנואַר שטעלט מיט זיך פאָר דער קאָמיטעט פון די דעפּאַרטאַמענט שליחים א סטאַבילע אידישע פאָרשטייערשאַפט. אויב איינער פון די שליחים שטאַרבט, אָדער ער ווערט אָפּגערופן, באַשטימט דער פּרעפעקט א צווייטן אויף זיין אָרט.

מיר דערוויסן זיך אזוי אַרום, אַז די קאַלישער פּרנסים, אלס פאָרשטייער פון זייער קהילה און פון די קהילות אין דעפּאַרטאַמענט, האָבן גענומען אַן אַקטיוון אנטייל אין די באַמיאונגען צו פאַרקלענערן דעם שטייער פון כשר־פלייש און צו באַפרייען די זין פון מיליטער־דינסט פאַר אַן אָפּצאָל פון רעקרוטן־שטייער. פאַרנעמענדיק זיך מיט די דאָזיקע השתדלותן האָבן די קאַלישער שליחים מיטגעהאָלפן שאַפן דעפּאַרטאַמענט־קאָמיטעטן, וואָס פלעגן זיך צונויפקומען אין באַראַטונגען און ווילן די שליחים פון דעפּאַרטאַמענט, על פּי רוב 2, און אין געוויסע פאַלן אפילו 4—6 שליחים, וואָס האָבן רעפּרעזענטירט די אידישע באַפעלקערונג פון גאַנצן דעפּאַרטאַמענט אין דער אסיפה פון די שליחים. די שליחים פון אַלע דעפּאַרטאַמענטן פלעגן זיך צונויפקומען אלס א מלוכהשער קאָמיטעט, וואָס האָט רעפּרעזענטירט די אידישע באַפעלקערונג כלפּי דער רעגירונג אין וואַרשעווער פירשטנטום. דער דאָזיקער קאָמיטעט איז זיך צונויפגעקומען מיט דער באַטייליקונג פונעם קאַלישער שליח הערבסט 1809, זומער 1810 (צוויי מאָל), אין 1811 — זומער און ווינטער, און ווי עס וועט זיך ווייטער דערציילן — אין פרילינג 1814.

נישט בלויז אין קאַמף פאַר ענינים פון כלל ישראל איז די קהילה קאַליש מיט אירע מיטגלידער געווען אַקטיוו, זי האָט זיך אויך פאַרנומען מיט אָרטיקע דאגות.

ראשי קהילה

בראש פון דער קהילה אין יענער צייט 1807—1815 האָבן זיך געפונען שלמה צבי, היימאַן שטערן, לייזער קאָפּעל, משה מיכל פלאַם, לייב וואַרטער, יצחק אייזיק בראָקמאַן, מיכאל חיים יהודה לייבוש בן מאיר פון לאסק, זלמן שנייער און נתן ברז״ק. אויפן כסא רבנות זיינען געזעסן הרב ר׳ אברהם אבלי ביז 1809 און נאָך אים ר׳ משה אפרים אשכנזי, וואָס איז פריער געווען רב אין בורשטין, פון יאָר 1821 ביז 1831.

אין די באַציאונגען צווישן די אידן און די שטאָטלייט איז נישט אריינגעטראָטן קיין פאַרבעסערונג טראָץ דעם הסכם פון יאָר 1788. להיפך, צוליבן וואוקס פונעם אידישן ישוב אין דער צייט פון דער פרייסישער מאכט און פון ווארשעווער פירשטנטום האָבן די שטאָטלייט אויסגענוצט לרעה די פשרה פון יאָר 1788 און זיי האָבן געפאָדערט צו באַגרענעצן די צאָל פון די קאַלישער אידן און מצמצם זיין זייער מסחר מיט שארפע משקאות. אין דעם דאָזיקן קאַמף האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג זיך סומך געווען אויך אויף דער עקזיסטענץ־שריפט פון דער שטאָט פון יאָר 1540, אין וועלכן ס׳איז געוואָרן באַגרענעצט די וואוינונגס־פרייהייט פון אידן אין דער שטאָט.

וואָס שייך אָבער דער שטייערן־פונאַנדערטיילונג האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג ארויפגעלייגט אויף די אידן גרעסערע סומעס ווי אויף די קריסטלעכע איינוואוינער, און נישט אנטשפּרעכנדיק צו דער צאָל נפשות. אזוי, למשל, האָט מען אין יאָר 1809, פון דער אלגעמיינער סומע 19,635 גילדן, ארויפגעלייגט אויף אידן אליין 10,000 גילדן. דאָס האָט גורם געווען צו רעקורסן מצד דער אידישער קהילה. דער מצב איז געוואָרן שווערער מיט יעדן יאָר.

דעם 22.2.1811 האָט דער פרנס שלמה צבי איבערגעגעבן דעם פּרעפעקט פון קאַלישער דעפּאַרטאמענט א פעטיציע וועגן די תחבולות פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג לגבי די אידן.

צוליב דעם אויסנאַם־צושטאַנד אין פוילן בשייכות מיטן מארש פון די נאַפּאָלעאָן־ארמייען צום רוסישן פראָנט, זיינען צווישן אין אָרט און צווייטן אוועקגעשטעלט געוואָרן וועכטער (Stojki), כדי צוצואיילן דאָס איבערשיקן באַפעלן און פּאָסט. דער קאַלישער שטאָטראַט האָט באַפוילן די קהילה אויסצוהאַלטן וועכטער. דאָס האָט איר געקאָסט 6,000 גילדן א יאָר. חוץ דעם האָט די שטאָטישע מאכט פאַראָרדנט דעם 19.9.1808 און דעם 31.5.1809 צו באַזאָרגן מיט ליכט אלע מיליטערישע באַאמטע און אָפיצירן, וועלכע געפינען זיך אין שטאָט. אָט די הוצאה האָט באַטראָפן איבער 1000 גילדן.

צוליב דעם וואָס לויט די געזעצן זיינען אידן נישט מחוייב זיך באַטייליקן אין די הוצאות פון קוואַרטירן און באַזאָרגן דאָס מיליטער, האָט די קהילה געבעטן מבטל צו מאַכן די פאָדערונג צו צאָלן פאַר די וועכטער און פאַרן באַזאָרגן מיט ליכט. וואָס שייך דעם פּערזענלעכן שטייער, האָט די קהילה פעסטגעשטעלט, אז הגם די אידן זיינען 2276 צווישן 7256 שטאָט־איינוואוינער, האָט מען אויף זיי ארויפגעלייגט א דאָפּלטע סומע ווי אויף די קריסטן, וועלכע זיינען 4980 נפשות.

אויפן יסוד פון שלמה צביקס אָנקלאַגע איז דער פּרעפעקט גארטשינסקי אויפגעפאָדערט געוואָרן דורכן מיניסטער פון אינערלעכע ענינים אָפּצוגעבן א באַריכט. דעם 8.1.1812 האָט גארטשינסקי מודיע געווען, אז אידן זיינען קיינמאָל נישט געווען פאַרפליכטעט אָפּצוגעבן זייערע הייזער פאַר די באַדערפעגישן פון איינקוואַרטירן מיליטער, דאקעגן די קריסטן זיינען מחוייב צו קוואַרטירן ביי זיך אָפיצירן; דערפאַר איז באַרעכטיקט, אז די אידן, וועלכע „געניסן במילא פון באַדייטנדיקע פאַרדינסטן״ זאָלן זיך באַטייליקן מיט באַזאָרגן ליכט פאַר די אָפיצירן. וואָס שייך דער פּראָפּאָרץ און באַצאָלן פּערזענלעכן שטייער, האָט דער פּרעפעקט פעסטגעשטעלט, אז ער טיילט פונאַנדער דעם שטייער נישט לויט דער צאָל פון דער באַפעלקערונג, נאָר לויט דער הויך פון דער פּרנסה. אויפן ענין מיט די וועכטער האָט ער נישט רעאַגירט.

120 וועכטער

אויף דער מוניציפּאַלער פּרעזידענט האָט דעם 22.1.1812 איבערגעגעבן דעם מיניסטער פאַר אינערלעכע ענינים א ספּעציעלן באַריכט, אין וועלכן ער קלערט אויף, אז די אידן זיינען געוואָרן פאַרפליכטעט דורכן וויצע־פּרעפעקט אויסצוהאַלטן 120 וועכטער פון 1־טן יוני 1811 ביזן 1־טן יאַנואַר 1812, אָן דעם אז ער זאָל מעלדן וועגן דעם דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. אָט די וועכטער זיינען געוואָרן אוועקגעשטעלט דורכן קהילה־שמש ישראל הערש.

דער פרעזידענט האָט מודה געווען, אַז די דאָזיקע אַקציע איז אַ שווערע לאַסט אויף דער קהילה צוליב דער אָרעמקייט ביי אַ גרויסן טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג און צוליבן קריזיס אין מסחר. דאָס באַזאָרגן ליכט פאַר די אָפיצירן איז באַשטימט געוואָרן לויט אַן עקזיסטירנדיקער פאַראָרדענונג פון 8.9.1808. נישט דאָס גאַנצע אָפיצירנטום ווערט באַזאָרגט מיט ליכט, נאָר בלויז די אָפיצירן פונעם אַלגעמיינעם שטאַב. פון דער צווייטער זייט דאַרף מען געדענקען, אַז די קריסטן זיינען מחוייב צו באַזאָרגן מיט האָלץ אָן שום אָפּצאָל, דאַקעגן די אידן פאָדערן אָן אָפּצאָל פאַר די ליכט. דערפאַר דאַרף מען נישט באַפרייען די אידן פון באַזאָרגן ליכט. דעם פערזענלעכן שטייער קען מען נישט איינמאָנען לויט דער צאָל פון דער באַפעלקערונג, נאָר לויט דער הויך פון דער הכנסה. מ׳דאַרף נישט פאַרגעסן, אַז דער גאַנצער מסחר און אַ ריי מלאכות, ווי שניידעריי, קירזשנעריי, שטריקפלעכטעריי, געפינען זיך כמעט אינגאַנצן אין אידישע הענט. דערוויל האָט די מוניציפּאַליטעט צו וויסן געטאָן דעם 8.2.1812, אַז די אידן זיינען נישט געוואָרן פאַרפליכטעט צו באַצאָלן 10 טויזנט גילדן, ווי זיי טענהן, נאָר 6,436 לויט זייערע הכנסות, דאַקעגן די קריסטן דערנערן זיך פון „שווערע אַרבעטן".

דערויף האָט דאָס אינערן־מיניסטעריום געענטפערט דעם 9.3.1812 דעם פּרעפעקט, אַז ער האָט נישט קיין רעכט צו פאַרפליכטן די אידן אָוועקצושטעלן וועכטער אויף צו שיקן בריוו פון קאַליש קיין טשענסטאַכאָוו, ווארעם ער האָט די פּאָסט צו זיין רשות. מען דאַרף דאָס תיכף ליקווידירן.

אין קיין שום פאַראָרדענונג — שרייבט דאָס אינערן־מיניסטעריום — אין דער פּרעפעקט נישט געוואָרן באַפולמעכטיקט צו הייסן די אידן באַזאָרגן מיט ליכט די אָפיצירן אין שטאָט אָנשטאָט דעם איינקוואַרטירן זיי. די אידן זיינען מחוייב איינצוקוואַרטירן מיליטער־לייט, ווי די איבעריקע איינוואוינער. אויב אַן אָפיציר זאָגט זיך אָפּ אײַנצוװױנען אַ צימער אין אַ אידישער שטוב, קען דער פּרעפעקט באַשטימען אָנשטאָט דעם אַ באַשטימטן אָפּצאָל אויפן וועג פון אונטערהאַנד־לונגען. וואָס שייך דעם פערזענלעכן שטייער, האָט דער שטאָטראַט זיך געדאַרפט באַראַטן מיט דער קהילה, ווארעם פאַקטיש האָט מען אויף די אידן אַרויפגעלייגט אַ צו הויכן אָפּצאָל.

די בריוו פון מיניסטעריום זיינען געבליבן בריוו, און דער שטאָט־פרעזידענט האָט געטאָן ווי ער האָט געוואָלט.

די אידן איז שווער געווען צו באַצאָלן דעם פערזענלעכן שטייער. די שטאָט־פּאָליציאַנטן האָבן זיך אַריינגעריסן אין זייערע הייזער און אַרויסגעשלעפּט די פאַמיליע־פּאָטערס, די בעלי־מלאכה פון זייערע וואַרשטאַטן, די לוין־אַרבעטער פון זייערע אַרבעטס־פּלעצער, און זיי אַרויסגעשיקט מחוץ דער שטאָט. אָבער דערמיט האָבן זיי זיך נישט באַנוגנט. דער שטאָט־פרעזידענט האָט געפאָדערט פון דער קהילה, וואָס האָט שוין געהאַט באַצאָלט עטלעכע טויזנטער אויפן חשבון פון קאָנטריבוציעס, אַ צוגאָב־סומע פון 9,030 גילדן. די קהילה איז נישט בכוח געווען צו באַצאָלן. לויט דער פאַראָרדנונג פון פּרעפעקט האָט מען געשלאָסן די שול און מ׳האָט די אידן פאַרווערט דאָרט צו דאַווענען. פאַר דער שול האָט מען אַוועקגעשטעלט זעלנער און די קהילה האָט זיי געדאַרפט אויסהאַלטן.

אַלע השתדלותן פאַרן פּרעפעקט האָבן נישט געהאָלפן. די ראשי הקהילה לייזער קאָפּעל און היימאַן שטערן האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג, ווי צו ווענדן זיך דעם 10.5 צום אינערן־מיניסטער און דעם 26.5 צו דעם קעניגלעכן־ראַט אין וואַרשע מיט אַן אָנקלאַגע און מיט אַ בקשה צו באַפרייען די אידן פון די דאָזיקע רדיפות און מבטל צו מאַכן די שטראָף, וואָס די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט אַרויפגעלייגט אויף די אידן לויט איר אייגענעם איינזען, אָן אַ געזעצלעכן יסוד. אין די מעמאָראַנדומס בעטן זיי אויך, אַז אין יעדן פאַל פון פונאַנדערטיילן שטייערן און אָפּצאָלן זאָל די שטאָט־פאַרוואַלטונג זיך באַראַטן מיט דער קהילה, וועלכע קען דעם מצב פון יעדן איד. ס׳איז אויך רעכט, אַז דאָס פונאַנדערטיילן די שטייערן זאָל ווערן אויסגעפירט לויט דער צאָל פון די אידן און זייערע מעגלעכקייטן און נישט אויף אַ ווילקירלעכן אופן.

די אידן זיינען איבערגעגעבענע בירגער, וועמען די קאָנסטיטוציע האָט געגעבן פרייהייט, ווי די אַנדערע מדינה־איינוואוינער, און ס׳איז נישט געזעצלעך, אַז זיי זאָלן אונטערליגן דעם דרוק פון די קריסטן און פון דער דעפּאַרטאַמענט־מאַכט, וואָס רודפט זיי. אין פאַרגלייך צו

די קריסטן לייגט מען אויף זיי ארויף א גרעסערע לאסט. ס'איז געוואונטשן, אז ביים צעלייגן די בשותפותדיקע שטייערן זאָלן אידן געניסן פון גלייכהייט.

סיי ווי דארפן די אידן ביישטייערן מער ווי די קריסטן צוליבן אָפּצאָל פון אומגעוויינלעכע שטייערן, ווי שטייער פון כשר־פלייש. אלע קהילה־הכנסות פון שענקעריי — „קרופקא" — ווערן קאָנפיסקירט דורכן געריכט אויף צו דעקן די אלטע קהילה־חובות פון 400,000 גילדן. פון יעדער חתונה און לוויה צאָלט מען שטייער אין דער שטאָט־קאסע, און אויך פאר יעדער דערלויבעניש, פאר שיינען, פאר וואסער. דערפאר בעטן די ראשי־הקהילה, אז די צענטראלע מאכט זאָל זיי שיצן קעגן דער אומגערעכטער באציאונג פון דער שטאָט־פארוואלטונג און פון פרעפעקט.

צום סוף פון מעמאָראנדום ווייזן אָן די ראשי־הקהילה, אז נאפּאָלעאָן האָט געגעבן אלע קלאסן גלייכע רעכטן, און אויך אין דער קאָנסטיטוציע פון פירשטנטום, אין פערטן פאראגראף, ווערט געגעבן גלייכהייט פאר אלע קלאסן, און דערפאר האָפן זיי אויף זיין גערעכטן באשלוס. צו די מעמאָראנדומס זיינען געוואָרן צוגעגעבן: אן אויפפאָדערונג פון שטאָטראט צו די קהילה־פרנסים פון 2.4 צו באצאָלן נאָך אין זעלבן טאָג 1,006 גילדן אויף צו פארענדיקן דעם אָפּצאָל פון 9,030 גילדן. אויב דער סכום וועט נישט ווערן איינגעצאָלט, וועט ווערן ארויפגעלייגט אויף דער קהילה א שטראָף, און אויך די פאראָרדענונג פון שטאָט־פרעזידענט פון 7־טן מאי 1812 צו שליסן די שול און די מעלדונג פון פרעפעקט וועגן דער פליכט פון דער קהילה צו באצאָלן 9,030 גילדן כל זמן מען לייגט ארויף ספּעציעלע שטייערן פארן דורכגייענדיקן מיליטער.

תיכף נאָכן אוועקשיקן די מעמאָראנדומס קיין ווארשע האָבן די קהילה־פרנסים געמאָלדן דעם 15.5 דעם פרעפעקט, אז צוליבן נישט אנטקעגנקומען זייער בקשה, זיינען זיי געווען געצוואונגען צו ווענדן זיך מיט א מעמאָראנדום צום אינערן־מיניסטער, היות ווי לויטן צווייטן פאראגראף פון דער קאָנסטיטוציע איז דער פרעפעקט אָדער דער שטאָטראט נישט באפולמעכטיקט צו שליסן די שול, און נאָך וויניקער — לויטן פאראגראף 21 — ארויפצולייגן אויף דער קהילה שטייערן, וואָס אפילו דער סיים טאָר נישט ארויפלייגן אויפן יסוד פון א קעניגלעכן באפעל.

און צוליב דעם, וואָס לויט זיין באפעל האָבן די קאָמיסארן אָנגעהויבן דראָען די סוחרים און פרנסים מיט רעקוויזיציעס, אויב זיי וועלן נישט באצאָלן 9,030 גילדן, ווענדן זיי זיך צו אים מיט דער בקשה אָפּצולייגן דאָס אויספירן דעם באפעל אויף 4 טעג, מחמת דעם אָנקומענדיקן יום־טוב שבועות, און ביז עס וועט אָנקומען דער באשלוס פון אינערן־מיניסטעריום.

דעם 16־טן יוני האָט דער פרעפעקט געשיקט זיין ענטפער:

ענטפער פון פרעפעקט

א. „וועלכער איז דאָס דער שטייער, וואָס די אידן קלאָגן זיך אויף אים, לויט וועלכן פּרינציפּ ווערט ער באשטימט און אין וואָסער פּראָפּאָרץ ווערט ער ארויפגעלייגט אויף די אידן?" פון די אלע באריכטן, וואָס זיינען געשיקט געוואָרן צום פינאנס־מיניסטעריום, איז באוואוסט, אז אָנהויבנדיק פון 6.4.1812 זיינען דורך קאליש אדורכגעגאנגען ארמייען פון אויטלאנד און דאָרט איז אויך פארלייגט געוואָרן דער אלגעמיינער שטאב פון דעם וועסטפאלישן קעניג: אויף דער שטאָט איז ארויפגעלייגט געוואָרן צו דעקן אלע הוצאות פון איינקווארטירן דאָס מיליטער. צוליב דעם איז די שטאָט געווען געצוואונגען ארויפצולייגן א ספּעציעלן שטייער; דער אנטייל פון די אידן איז געוואָרן באשטימט אויף 9,030 גילדן. דער זעלבער סכום איז געוואָרן ארויפגעלייגט אויף די קריסטן; דער מסחר און מלאכה זיינען על פי רוב אין אידישע הענט. צווישן 167 סוחרים אין שטאָט זיינען פאראן בלויז 6 קריסטן; די קריסטן האָבן נישט קיין פארמעגנס; פון 145 שניידער זיינען בלויז 17 קריסטן; צווישן די קריסטן זיינען פאראן 3 אפּטייקערס, 8 סוחרים פון וויין און ליקער, 98 ביר און בראנפן־שענקער און זאלץ־פארקויפער, און אויף זיי איז געוואָרן ארויפגעלייגט צו באצאָלן 9,030 גילדן. פאר וואָס, פרעגט דער פרעפעקט, זאָלן 161 אידישע סוחרים, 16 שענקער פון בראנפן און ביר און 3 זאלץ־פארקויפער נישט אויך באצאָלן די זעלבע סומע?

ב. „צי איז די שול פארמאכט געוואָרן". דער פרעפעקט האָט אויפגעקלערט, אז נאָכדעם ווי די אידן האָבן אָפּגעזאָגט צו באצאָלן דעם אויבנדערמאָנטן סכום, האָט דער שטאָט־פרעזידענט געבעטן ביי אים א דערלויבעניש צו שליסן די שול, וואָס איז פול מיט א גרויסן פארמעגן. צום סוף שרייבט דער פרעפעקט, אז די שטאָט־פארוואלטונג האָט מבטל געמאכט די מעלדונג

צו דער קהילה. לויט זיין מיינונג האָט די קהילה נישט געטאָרט זיך באַקלאָגן אויף באַלאַסטונג און רדיפות. די אידן שטעלן צו אַלע פּראָדוקטן פאַר דער קעניגלעכער קיך פון די גענעראַלן און פון אַלגעמיינעם שטאַב צו הויכע פּרייזן, און פאַקטיש האָבן זיי שוין צוריקבאַקומען די סומע פונעם שטייער.

ווען ס'זיינען אַריבער זעקס וואָכן און דער ענטפער פונעם מיניסטער איז נאָך נישט אָנגעקומען, האָבן די קהילה־פּרנסים באַשלאָסן צו שיקן קיין וואַרשע דעם 27־טן יוני 1812 משה מיכל פלאַם און לייבל וואַרטער. זיי האָבן איבערגעגעבן דעם אינערן־מיניסטער אַ מעמאָראַנדום, אין וועלכן זיי ווענדן זיך „צו זיין געפיל פון גערעכטיקייט און דערבאַרמונג", ער זאָל לייגן אַכט אויפן שווערן מצב פון די אידישע איינוואוינער אין קאַליש.

אין אָט דעם מעמאָראַנדום ווערט אין קלאָרע ליניעס און מיט פאַקטן געשילדערט די עקאָנאָמישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס לעבן די אידן. אין קעגנזאַץ צו די טענות פון דער מאַכט, שטעלן פעסט די פּרנסים, אַז די אידישע סוחרים זיינען אָרעם, און די מערהייט זיינען אפילו „נישט בכוח זיך מפרנס צו זיין פון זייער מסחר"; להיפּך, אין די הענט פון די נישט־אידישע וויין־סוחרים געפינט זיך אַ פאַרמעגן, וואָס איז גרעסער פונעם גאַנצן מסחר פון די קאַלישער אידן. צווישן די קריסטלעכע שענקער זיינען פאַראַן 100 אייגנטימער פון בראַנפן־ברויזן און צווישן די אידישע בלויז 4, וועלכע זיינען נאָר אַרענדאַטאָרן. זיי דאַרפן צאָלן 1000 טאַלער אַ יאָר, אָן אַפּצאָל, פון וועלכן עס זיינען אינגאַנצן פּטור די קריסטלעכע שענקער. די שטאָטלייט פאַרמאָגן הייזער, וועלכע ברענגען אַריין רווחים. זיי האָבן שטאָטישע רעכטן, וואָס די אידן באַזיצן זיי נישט.

און אָט, טראָגן די סטאַבילע שטייערן, די לאַסט פון איינקוואַרטירן, צושטעלן 100 אידן צו דער דינסט פון די וועכטער און 20 אויף אַ סטאַבילן אויפן יעדן טאָג, האָט די שטאָט־פאַרוואַלטונג זיך נישט געוואַקלט אַרויפצולייגן אויף די אידן אַן אַפּצאָל פון 400 טאַלער און צו פאָדערן איצט נאָך 1000 טאַלער.

זיי האָבן אויך אָפּגעלייקנט די טענה, אַז די באַזאָרגונג פאַרן אַלגעמיינעם שטאַב און פאַר דער קעניגלעכער קיך געפינט זיך אין אידישע הענט, און געפרעגט פאַר וואָס די מאַכט האָט נישט געפונען פאַר נויטיק אויסצורעכענען צווישן די ליפעראַנטן לכל הפּחות צוויי אידן. זייער איינציקע בקשה איז איצט: מבטל צו מאַכן די עקזעקוציע אויף די 400 טאַלער און ביים באַהאַנדלען די שטייערן־ענינים באַראַטן זיך מיט די אידישע פאָרשטייער.

זיי ענדיקן דעם מעמאָראַנדום מיט אַ וויי־געשריי: „די שרעקלעכע נויט האָט אונז געצוואונגען צו קומען קיין וואַרשע אין אַזעלכע שווערע צייטן, כדי צו געווינען זיין חסד, און אַז מיר זיינען שוין געקומען אהער אין נאָמען פון דער גאַנצער קהילה, קענען מיר זיך נישט אומקערן צו אונזערע אָרעמע ברידער אויב מיר וועלן נישט דערגרייכן זיין איידעלן און באַרמהאַרציקן באַשלוס".

וואַרשיינלעך זיינען די דאָזיקע פאָרשטייער געווען אין קאָנטאַקט מיטן באַנקיר מתתיהו ראָזען און אויסגענוצט זיין השתדלות, ווארעם זיי האָבן געבעטן איבערגעבן דעם באַשלוס אין זיינע הענט אַריין.

ענטפער פון אינערן־מיניסטער

דעם 2־טן יולי האָט דער אינערן־מיניסטער רעאַגירט אויף די אויפקלערונגען פונעם פּרעפעקט מיט אַ בפירושן פאָרוואורף און פעסטגעשטעלט, אַז „זיין אויפפירונג לגבי די אידן איז אין סתירה צום געזעץ". באַזונדערס האָט דער מיניסטער פאַראורטיילט דאָס אַריינמישן זיך מיט קראַפט אין די ענינים פון רעליגיעזן ריטואַל, ווי דאָס שליסן די שול. דער אינערן־מיניסטער האָט נישט געפונען קיין איבערצייגנדיקע באַווייזן פאַר דער פאָדערונג צו באַצאָלן אַ שטייער־אָפּצאָל מיט עקזעקוטיוו־מיטלען. לויט זיין מיינונג איז אויך די פונאַנדערטיילונג נישט קיין גערעכטע.

דער מיניסטער האָט אויך מודיע געווען, אַז אין דער פראַגע האָט זיך פאַר אים משתדל געווען דער באַנקיר ראָזען, און דורך אים האָט ער געשיקט אַ מעלדונג פאַר די באַפולמעכטיקטע פון דער קהילה פלאַם און וואַרטער, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט, אַז אין רעזולטאַט פון דער קהילה־אָנקלאַגע און זייער ווענדונג צו אים, האָט ער באַפוילן דעם פּרעפעקט אויפצוהאַלטן

דאָס איינמאָנען דעם שטייער אויף דעקן די הוצאות פון אלגעמיינעם שטאב און פון וועסטפאלישן קעניג. די פאָרשטייער קענען פאָרן אהיים און רואיק וואַרטן אויפן אויספירן די גערעכטיקייט.

ווען זיי האָבן זיך אומגעקערט אהיים, האָט זיי געוואַרט אַן איבערראַשונג: דער שטאָט־פּרעזידענט האַרניק האָט זיי גערופן אויף אַן אויספאָרשונג. דער פּרעפעקט האָט נישט מוחל געווען דער קהילה וואָס זי האָט געשיקט שליחים קיין וואַרשע צום אינערן־מיניסטער. ער האָט געפאָדערט פון שטאָט־פּרעזידענט אויסצופאָרשן די פאָרשטייער צי זיי האָבן געהאַט א באַפול־מעכטיקונג פון דער קהילה.

„די אידן פלאַם און וואַרטער האָבן געהאַט א באַפולמעכטיקונג אין דער אידישער שפראַך, געשריבן דורכן איד שלמה זעליג קרום פאַרפאַסט און אונטערגעשריבן דורך אונז אלס ראשי־הקהילה". אויף דער פאָדערונג פון שטאָט־פּרעזידענט, אַז זיי זאָלן באַווייזן מיט קבלות זייער אָפּצאָל פון 100 טאַלער, און וועמען זיי האָבן באַצאָלט די סומע, האָבן די ראשי־הקהילה געענטפערט, אַז דאָס באַצאָלן די עקזעקוציע האָט באַטראָפן נישט 400 טאַלער, נאָר 976 גילדן, ווי דאָס איז באַשטעטיקט אין דער קבלה. זיי מיינען, אַז די פאָרשטייער האָבן זיך טועה געווען אין סכום פון די הוצאות, אָדער זיי האָבן געמיינט, אַז די הוצאות פון דער עקזעקוציע וועלן באַטרעפן די אויבנדערמאָנטע סומע. ביי זיי געפינען זיך אויך קבלות אויף דער סומע 976 גילדן, 5 גר.

נאָכדעם ווי מ'האָט פאַר זיי געלייענט דעם פּראָטאָקאָל האָבן די צוויי ראשי־הקהילה אים אונטערגעשריבן. דעם פּראָטאָקאָל האָט מען איבערגעשיקט צום פּרעפעקט.

דער פּרעפעקט גאָרטשינסקי האָט אין דער דערקלערונג פון די ראשי־הקהילה געפונען א באַקוועמע געלעגנהייט צו באַווייזן דעם אינערן־מיניסטעריום אין א באַריכט פון 12.8 אויף וויפיל די אידן האָבן די העזה אים צו באַלעסטיקן און אריינפירן אין א טעות מיט דער טענה, אַז זיי האָבן באַצאָלט 2,400 גילדן עקזעקוציע־קאָסטן ווען פאַקטיש האָבן זיי באַצאָלט 976 גילדן צוזאַמען מיט די עקזעקוציע־קאָסטן.

וואָס שייך די באַשפּייזונג־הוצאות פון שטאַב, קעניגלעכן הויף, גענעראַל און אָפיצירן, האָט דער פּרעפעקט פאָרגעלייגט דעם שטאָט־פּרעזידענט, אַז נאָכן אָפּשלאָגן די אַקאָנטאָ פון 120 נאַפּאָלעאָנדאָרן, זאָל מען די רעשט פון דער סומע אַרויפלייגן אויף אַלע שטאָטישע, אידן און קריסטן. דער שטאַטראַט וועט ענדערן דעם שטייער און ברענגען די ענדערונג צום באַשטעטיקן פאַרן אינערן־מיניסטעריום. דערווייל האָבן די ראשי־הקהילה געוואַרט אויפן באַשלוס פון אינערן־מיניסטער, ווי ער האָט צוגעזאָגט אין זיין בריוו פון 2־טן יולי, אָבער דער ענטפער איז נישט געקומען. פלאַם און וואַרטער האָבן זיך ווידער געווענדעט צו אים מיט א מעמאָראַנדום, אין וועלכן זיי שרייבן, אַז דער פּרעפעקט האָט נישט בדעה אָפּצולייגן דאָס איינצאָלן דעם שטייער און אומקערן די סכומים, וואָס די קהילה האָט איינגעצאָלט איבער דער נאָרמע. גראַד פאַרקערט, אויך נאָכדעם, ווי דער גענעראַל־שטאַב האָט פאַרלאָזט קאַליש האָט גאָרטשינסקי אַרויפגעלייגט אויף די אידן א נייעם שטייער אויף א סומע פון 240 טאַלער, וועלכע די שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט איינגעמאָנט מיט קראַפט פון לייזער מאַמעלאָק. זיי בעטן צו באַפוילן דעם פּרעפעקט, אַז ער זאָל אומקערן די דאָזיקע סומע.

ביי דער געלעגנהייט האָבן זיי איבערגעחזרט די ווענדונג צו באַפרייען די קהילה צו באַשעפטיקן וועכטער און באַזאָרגן מיט ליכט די אָפיצירן און אויך געבן מענטשן אויף וואַך־דינסטן און פּאַטראָלן, ווייל די קהילה איז נישט בכוח אויסצוהאַלטן די לאַסט א לענגערע צייט.

מיט וואָס דער סכסוך האָט זיך פאַרענדיקט — דערציילן נישט די אַרכיוו־טעקעס.

אלס נאַפּאָלעאָנס א פאַרבינדעטע איז דאָס וואַרשעווער פירשטנטום געוואָרן אריינגעצויגן אין א מלחמה מיט רוסלאַנד, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט דער מפּלה פון די פראַנצויזן. דער דאָזיקער דורכפאַל האָט אויך געבראַכט צום פאַלן פון פירשטנטום. אין אָנהויב 1813 האָט די רעגירונג פאַרלאָזט וואַרשע, נאָכן אריינטריט פון רוסישן מיליטער האָט דער צאַר אלעקסאַנדער דער I געשאַפן דעם 14.3.1813 א נייע רעגירונג און די פינאַנס־ענינים זיינען געוואָרן איבערגעגעבן דעם דייטש קריסטאָף פאָן קאָלאָמב אונטער דער אויפזיכט פון נאָוואָסילצאָוו.

אין דער איבערגאַנגס־צייט, ביז באַשטימען די צוקונפט פון געוועזענעם פירשטנטום, האָט די צייטווייליקע רעגירונג געפירט די ענינים פון כשר פלייש־שטייער און פון רעקרוטן־שטייער.

דעם 1.3.1814 האָט די רעגירונג באהאנדלט די פראַגע פון אידישע שטייערן און לויטן פאַרשלאַג פון פאַן קאַלאַמב זיינען געגרופן געוואָרן קיין ווארשע 2 אידישע פאַרשטייער פון יעדן דעפּאַרטאמענט, כדי צו ראַטן די רעגירונג ווי אזוי צו זיכערן די הכנסות פון די אידישע שטייערן.

דעם 1.4.1814 זיינען אָנגעקומען די שליחים, צווישן זיי וואָלף טראַובע און זלמן ראָזענבלום פון קאַלישער דעפּאַרטאמענט, און שמעון לעווי פון דער קאַלישער קהילה.

דעם 25.4.1814 איז פאַרגעקומען די באַגעגעניש. וואָלף טראַובע, שמעון לעווי און זלמן ראָזענבלום האָבן געמאָלדן, אז די סומע פון 2,400,000 גילדן אַ יאָר איז קיינמאָל נישט פאַרגעלייגט געוואָרן אין נאָמען פון דער אידישער באַפעלקערונג. זיי האָבן פאַרגעלייגט צו פירן אונטערהאַנדלונגען אויף דער שטייערן־סומע אין יעדן דעפּאַרטאמענט באזונדער, און נישט פון גאַנצן פירשטנטום. דער פינאַנס־מיניסטער האָט אין פּרינציפּ מסכים געווען. דערנאָך האָבן די פאַרשטייער פון די דעפּאַרטאמענטן אנגערופן די סומעס, וואָס זיי זיינען אין שטאַנד צו באַצאָלן.

די שליחים פון קאַלישער דעפּאַרטאמענט האָבן פאַרגעלייגט 52,000 גילדן, אָבער אָן אַ מלוכהשער אויפזיכט. זיי וועלן פונאַנדערטיילן די סומעס צווישן די קהילות, וואָס וועלן געבן גענוגנדיקע גאַראַנטיעס אויף צו באַצאָלן דעם שטייער. די אונטערהאַנדלונגען מיטן פינאַנס־מיניסטער האָבן זיך געצויגן וואָכן. דער אויבערשטער קעניגלעכער ראַט האָט אָפּגעוואָרפן די פאַרשלאַגן פון די קהילות, ווייל זיי זיינען געווען צו נידעריק און באַשלאָסן צו נעמען אויף זיך דאָס איינמאָנען דעם שטייער פון כשר־פלייש. די דעלעגאַציע האָט זיך באַמיט, אז מ׳זאָל פאַרריכטן אַ ריי פאַרקריפּלונגען.

אויף צו באַפרייען פון מיליטער־דינסט אין דער צייט פון דער מלחמה נאַפּאָלעאָן־רוסלאַנד איז געוואָרן איינגעפירט אַ ספּעציעלער מלחמה־שטייער אויף אַ סומע פון 700,000 גילדן. נאָכן ענדיקן די מלחמה איז דער שטייער נישט אָפּגעשאַפט געוואָרן און מ׳האָט ווייטער איינגעמאָנט ביי די אידן 1,400,000 גילדן רעקרוטן־שטייער.

שענקערייי־פאַרבאָט

אַ שווער פּראָבלעם איז געווען דער דעקרעט פון 30.10.1812, וואָס האָט פאַרווערט די אידן צו פּראָצודירן און פאַרקויפן שאַרפע געטראַנקען. אויף דער השתדלות פון די ראשי־הקהילות און דורך אונטערקויפן נאָוואָסילצאָוון האָט דער אויבערשטער קעניגלעכער ראַט באַשלאָסן אָפּלייגן דאָס אויספירן דעם דעקרעט ביזן 24.4.1815, און ס׳איז אויך דערלויבט געוואָרן די פאַבריקאַציע און דער האַנדל אין דער בראַנזשע.

אין קראַפט איז אויך געווען דער צירקולאַר פון אינערן־מיניסטער אין ווארשעווער פירשטנטום פון 25.1.1812, לויט וועלכן די אידן, וואָס וואוינען אין קריסטלעכע הייזער, זיינען מחויב צו דערנענטערן זיך צו דער „ציוויליזאַציע" און גאָלן די בערד. דער פּרעפעקט פון קאַלישער דעפּאַרטאמענט האָט געפּרוווט אויסצופירן די גזירה. זומער 1815 האָט דער וויצע־פּרעפעקט שמידעצקי געמאָלדן דעם לייטער פון אינערן־מיניסטעריום איגנאַץ סאָבאָלעווסקי:

„אין גייסט פונעם צירקולאַר פון אינערן־מיניסטער און פון פּאָליציי־מיניסטער דעם 25.1.1812 און אויך פון די קעניגלעכע דעקרעטן פון 16.3.1809 און 8.1.1811, וויל דער פּרעפעקט פון דעפּאַרטאמענט צונייגן די אידן, וועלכע וואוינען אין קריסטלעכע הייזער אין דער שטאָט קאַליש צו די פאָרמען פון ציוויליזאַציע און באַשטימט דעם טערמין פון סעפּטעמבער אויסצופירן די באַדינגונגען, צווישן זיי — גאָלן די בערד, כדי זיי זאָלן נישט זיין געצוואונגען צו פאַרלאָזן די וואוינונגען".

די קאַלישער ראשי־הקהילה האָבן זיך געווענדעט צום פּרעפעקט מיט אַ בקשה נישט צו צווינגען אָפּגאָלן זיך די בערד צוליב די פאָלגנדיקע סיבות: 1. לויט דעם אָנגעוויזענעם פראַגמענט פון ספר „ויקרא" איז אזא זאַך אין סתירה צו זייער רעליגיע, וועלכע ווערט געשיצט פון זיין מאַיעסטעטס רעגירונג ווי אלע אנדערע רעליגיעס; 2. אין פּאַראַגראַף 36 פון די קאָנסטיטוציע־תקנות ווערט פאַרזיכערט די יחידים צו באַקומען גרעסערע פאַרלייכטערונגען ווי ביז איצטער. היות ווי לויט דער מיינונג פון פּרעפעקט האָבן די צוויי מלוכהשע דעקרעטן אַ שייכות אויסשליסלעך צו ווארשע און צו פּלאָצק, דערלויב איך זיך צו פרעגן דעם אינערן־מיניסטעריום, צי טראָץ די אלע אומשטענדן דאַרף מען צווינגען די אידן גאָלן די בערד.

אין זיין ענטפער אויף דער דאָזיקער מעלדונג האָט איגנאַצי סאָבאָלעווסקי געמאַכט אַ שאַרפן פאָרוואורף דעם פּרעפעקט אין קאליש און אים אויפגעקלערט, אַז דער ציל פונעם דעקרעט איז געוועזן די טובה פון דער מדינה און פון די אידן. דאָס מיניסטעריום קען נישט פאַרמיידן אויפמערקזאַם צו מאַכן דעם פּרעפעקט, וואָס ער האָט געמאַכט די אידן אַזאַ משונהדיקן פאָרשלאַג און ער פאַרפליכטעט אים אויף להבא, אַז ער זאָל לייענען מיט מער גענויקייט די אָנווייזונגען פונעם מיניסטעריום.

אין אָט דעם שריט פון סאָבאָלאָווסקי, וועלכער איז נישט געוועזן קיין אוהב ישראל — אַלס פּאָליציי־מיניסטער אין פירשטנטום, האָט ער פאָרגעלייגט געזעצן וועגן שאַפן אידישע רעווירן אין אַלע שטעט און אויך אַ געזעץ וועגן פאַרטרייבן אידן פון די דערפער און פאַרבאָטן זיי די פּראָדוקציע און דעם מסחר מיט משקאות — דאַרף מען נישט זען קיין נטיה לייכטער צו מאַכן די קאַלישער אידן אָפּצוהיטן זייער רעליגיעזע טראַדיציע.

# אין קאנגרעס־פוילן — 1815–1831



## א. דער עקאנאמישער מצב

די מפלה פון נאפאלעאן ו האט אריינגעפירט דאס גאנצע ווארשעווער פירשטנטום אונטער דער הערשאפט פון רוסלאנד. לויטן באשלוס פון ווינער קאנגרעס (1814—1815) איז כמעט דער גאנצער שטח איינגעשלאסן געווארן אלס „פויליש קעניגרייך" אין רוסלאנד; אין קראקע און אומגעגנט איז געשאפן געווארן די פרייע קראקעווער רעפובליק. ווי באוואוסט, האט דער ווינער קאנגרעס אומדירעקט זיך געמוזט באשעפטיקן אויך מיט דער אידן־פראגע אין פוילן, ביים באהאנדלען די אידישע ענינים אין דייטשלאנד. די קראקעווער רעפובליק איז פארפליכטעט געווארן צו נאמינירן א קאמיטעט אויף דורכצופירן די אידישע עמאנציפאציע.

דעם 1־טן מאי 1815, ווען דורכן פוילישן פאליטיקער אדאם טשארטאריסקי זיינען פארמולירט געווארן די יסודותדיקע פרינציפן פון פוילישן קעניגרייך אונטערן רוסישן פראטעקטאראט — איז דארט איינגעשלאסן געווארן אויך א פאראגראף וועגן אידן אין אזא נוסח:

„דעם איזראעליטישן פאלק וועלן פארהיט ווערן די בירגערלעכע רעכטן, וואס זיינען אים שוין לאנג גאראנטירט דורך די עקזיסטירנדיקע געזעצן און רעגולירונגען. באזונדערע תקנות וועלן אנצייכענען די באדינגונגען, וואס וועלן פארלייכטערן די אידן צו דערגרייכן א גרעסערן גענוס פון דער געזעלשאפטלעכער רעקאמפענסאטע".

דעם 25־טן מאי 1815 האט דער צאר אלעקסאנדער ו אונטערגעשריבן טשארטאריסקיס קאנסטיטוציע־נוסח. אין יולי 1815, ווען קיין פאריז איז ארויסגעפארן א פוילישע דאנקבארקייט־דעלעגאציע פון סענאט, סיים און געוויילטע פון דער שטאט ווארשע מיט סטאניסלאוו זאמאיסקי בראש, האבן אויך די פוילישע אידן געשיקט זייערס אן אייגענע דעלעגאציע: מיכאל ראווער־עטינגער, וואלף כהן וועלכן מ'האט גערופן אויך לייפסקער און שכנא נוידינג, וואס האט דעם 9.8.1815 איבערגעגעבן דעם צאר אין פעטערבורג א מעמאראנדום מיט אנקלאגעס אויף א ריי באגרענעצונגען, ווי כשר־פלייש־שטייער, פארבאט צו פארקויפן משקאות, שטייערן־דרוק א.א.וו.

1815 אין פאריז האט די אידישע דעלעגאציע זיך פארגעשטעלט פארן צאר אין סעפטעמבער און אים איבערגעגעבן א צווייטן מעמאראנדום, אין וועלכן זי האט געבעטן צו פארבעסערן דעם אידישן מצב און אפשאפן די תקנות, וואס באגרענעצן זיי אין גייסט פון פאראגראף 36 פון דער פוילישער קאנסטיטוציע, וועמענס אינהאלט ס'איז זיי דאן שוין געווען באוואוסט. אויך בעתן באזוך פון צאר סוף אקטאבער 1815 אין בערלין האט מען אים איבערגעגעבן, דורך דער פארמיטלונג פון נאוואסילצאוון, א דריטן אידישן מעמאראנדום, וואס איז ווייזט אויס אנגעשריבן געווארן נאך באראטונגען מיט פארשטייער פון דער בערלינער אידישער קהילה. אידישע דעלעגאציע

די אלע השתדלותן האבן נישט געווירקט. נישט בלויז וואס די אידישע לאגע איז מיט גארנישט נישט פארבעסערט געווארן, נאר גלייכצייטיק מיטן געבן געוויסע פרייהייטן דעם כלל איינוואוינער, איז לויט נאוואסילצאווס עצה באשטעטיקט געווארן דער אויבנדערמאנטער פאראגראף 36 און די פאליטישע און בירגערלעכע רעכטן זיינען גאראנטירט געווארן בלויז פאר די קריסטן.

א לאנגע צייט נאכן שאפן דאס פוילישע קעניגרייך, איז די אידישע פראגע נאך אלץ געווען איינע פון די דרינגענדיקע פאליטישע פראבלעמען.

דאס פוילישע קעניגרייך איז געווען אן אויטאנאמע מדינה מיט א רעגירונג אין ווארשע, און מיט א סיים, וואס פלעגט פון צייט צו צייט זיך צונויפקומען. אין די אידישע ענינים האט זי זיך געפירט זעלבשטענדיק, לויט אירע געזעצן, וואס זיינען נישט בטל געווארן אויך נאכן אונטערדריקן דעם אויפשטאנד פון די יארן 1830—1831.

לויט דער ציילונג פון יאר 1816 האבן אין קעניגרייך זיך געפונען 313,000 אידן. די קאלישער

וואיעוואָדשאפט האָט געציילט 62 מלוכהשע און פריוואטע שטעט, 552 מלוכהשע דערפער און 2,044 פריוואטע דערפער. די באפעלקערונג האָט באטראָפן 524,905 פערזאָן.

אין דער שטאָט קאליש האָבן אין יאָר 1827 זיך געפונען 12,107 תושבים לגבי 6,712 אין יאָר 1808, און 3,463 אידן לגבי 2,535 אין יאָר 1808. נישט געקוקט אויפן וואוקס, איז דער פראָצענט געפאלן פון 37.8% אין יאָר 1808 אויף 28.5% אין יאָר 1827.

דער צאר האָט אוועקגעשטעלט בראש פון דער פוילישער רעגירונג אין דער ראנג פון א קאָמיסאר דעם גענעראל זאיאָנטשעק און אלס ראטגעבער פון דער מדינה האָט ער נאָמינירט ניקאָלאי נאָוואָסילצאָוון.

דער „רעפאָרמען־קאָמיטעט" אונטער דער אָנפירונג פון טשארטאָריסקי האָט אויסגעארבעט א פּלאַן צו רעגולירן דאָס אידישע לעבן אין גייסט פון אויפגעקלערטער אפּוטרופּסות. די אידן האָט מען טאקע צוגעזאָגט עמאנציפּאציע, מען האָט זי אָבער אָפּגעלייגט לפי שעה צוליבן פעלן פון אלגעמיינער בילדונג ביי די אידישע מאסן און צוליב די פאָראורטיילן, וואָס האָבן געהערשט אין דער פוילישער געזעלשאפט. מען איז געקומען צום אויספיר, אז מ'דארף „אויסבעסערן די אידן דורך א סיסטעמאטישער דערציאונג און ליקווידירן די קהילה־אָרגאניזאציע".

מ'האָט דעם פּלאַן געבראכט פארן גענעראל זאיאָנטשעק און ער איז געווען קעגן עמאנציפּאציע, ווייל די אידן מערן זיך צופיל און זיי ברענגען שאָדן דעם קריסטלעכן ארבעטנדיקן שטאנד.

די פוילישע פּאָליטישע אָנפירונג איז געווען אין דער מיינונג, אז די אידן זיינען נאָך נישט גענוג רייף פאר עמאנציפּאציע. דערפאר האָט מען אויף זיי ארויפגעלייגט נייע באגרענעצונגען און מ'האָט געמאכט א פּרווו צו באנייען די גזירה פון יאָר 1812 וועגן שענקעריי, אָבער דער צאר האָט דאָס נישט באשטעטיקט. א ריי שטעט, וואָס זיינען געווען א מאָל פארווערט פאר אידן, האָבן באנייט דעם פארבאָט.

דער סיים און די פּאָליטישע אינסטאנצן האָבן זיך פארנומען מיט דער אידן־פראגע און געמאכט כלערליי פּלענער, אָבער די פאַקטאָרן, וואָס פאָרמירן דאָס מלוכהשע לעבן האָבן דערצו נישט געשענקט קיין אויפמערקזאמקייט. אין יאָר 1820, בעת די דאָזיקע פארהאנדלונגען, האָבן די אויפגעקלערטע אידן אין ווארשע דערלאנגט צום סיים א פּעטיציע, אין וועלכער זיי האָבן פאָרגעשלאָגן צו רעפאָרמירן דאָס אידישע לעבן. צווישן אנדערע האָבן זיי געפאָדערט מבטל צו מאכן די אידישע קהילה, איינפירן נייע תקנות פאר דער טעטיקייט פון די רבנים און אנדערע כלי קודש, פארווערן די עקזיסטענץ פון אידישע דרוקערייען און דאָס ברענגען העברעאישע ספרים פון אויסלאנד, שאפן א ראבינער־שול ביי דער אוניווערסיטעט.

פון די אלע פאָדערונגען איז דערגרייכט געוואָרן איינע.

## ב. די קהילה־אָרגאניזאציע

די קהילה לויט א דעקרעט פון קאָמיסאר זאיאָנטשעק פון 20־טן מערץ 1821 זיינען אָנשטאָט די קהילות געשאפן געוואָרן שול־קאָמיטעטן (Dozory Bóżnicze) מיט באגרענעצטע פולמאכטן און אונטער־געאָרדנט דעם רעגירונגס־קאָמיטעט פאר אינערלעכע, רעליגיעזע און בילדונגס־ענינים אין ווארשע. אין שפיץ פון קאָמיטעט זיינען געשטאנען דריי אויפזעער (Dozory), וועלכע זיינען געוואָרן געוויילט אויף 3 יאָר. די וואלן זיינען פאָרגעקומען אין דעצעמבער און וואלרעכט האָבן געהאט בלויז די שטייער־צאָלער פון 4 מינים. די וואלן האָבן געמוזט ווערן באשטעטיקט פון וואָיעוואָדישן קאָמיטעט.

דער שול־קאָמיטעט פלעגט צוזאמען מיטן רב צוגרייטן דעם בודזשעט פאר די קהילה־באדערפענישן פון א גאנץ יאָר, דאָס זיינען: די שול, בתי־מדרשים, פענסיעס פארן רב, די דיינים, קהילה־סעקרעטאר, חזן, שמש, וועכטער, שטיצע פאר אָרעמעלייט, אויסהאלטונג פון שפּיטאָל. די הכנסות אויף צו דעקן דעם בודזשעט זיינען געוואָרן דערגרייכט פון די הכנסות פון באָד און מקווה, אָפּצאָלן פאר חתונות, ברית־מילה און לוויות, קהילה־שטייערן אויפן יסוד פון סעגרעגירן די אידישע תושבים לויטן פארמעגן, פרנסה און הכנסה אין 4 טיילן. לויט דער דאָזיגער פאראָרדנונג איז די קאלישער קהילה געוואָרן אויפגעלייזט און אויף איר אָרט איז נאָמינירט געוואָרן א שול־קאָמיטעט פון 3 מיטגלידער: יצחק אייזיק בראָקמאן, יוסף רעדליך און שלמה קרא, סעקרעטאר — משה מיכל פלאם. די הוצאות ווערן געמאכט לויט די וואונטשן פון

דער אידישער באַפעלקערונג. יעדער אַרטיקער בודזשעט ווערט געשיקט אין וואַיעוואָדישן קאָמיטעט צום באַשטעטיקן, פאַרן ערשטן דעצעמבער.

די הכנסה־קוואַלן זיינען געווען: א. אָפּצאָלן פאַר רעליגיעזע צערעמאָניעס, פלעצער אין שול, עליות; ב. באַפעלקערונג־שטייער; אויף דעקן ספּעציעלע הוצאות איז באַשטימט געוואָרן א חלוקה און פון יעדן משפחה־ראש האָט מען איינגעמאָנט די נאָרמע.

דעם רב האָבן אויסגעוויילט אלע קהילה־מיטגלידער און די וואַלן האָבן געמוזט באַקומען א באַשטעטיקונג פון וואַיעוואָדישן קאָמיטעט. אין יאָר 1825 איז אַנטשטאַנען א נייער אַנשטאַלט פאַר די אַקטן פון ציווילן צושטאַנד, וואָס האָט זיך געפונען אין די הענט פון קריסטלעכע באַאַמטע. אין דעם אַנשטאַלט האָט דער רב אַריינגעטראָגן די דאָקומענטן פון געבוירן, חתונה און טויט־פאַלן. אין די שטעטלעך, וואו ס׳איז נישט געווען קיין שול־קאָמיטעט האָט די דאָקומענטן אַדורכגעפירט דער שטאָט־פּרעזידענט אָדער דער וואָיט. צוליב שרעק פאַר מיליטער־דינסט האָבן אידן אויס־געמיטן אַדורכצופירן די געבורט־שיינען, אָבער ווען מ׳האָט זיי געכאַפּט דערביי, זיינען אויף זיי געוואָרן אַרויפגעלייגט גרויסע געלט־שטראָפן.

דעם 28.3.1822 זיינען בטל געוואָרן די חברות־קדישה. אויסער די שול־קאָמיטעטן זיינען אויך געשאַפן געוואָרן אויפזיכט־ראַטן איבער די קינדער־שולעס פון „משהס גלויבן". די בריוו פון די שול־קאָמיטעטן זיינען געווען פריי פון פּאָסט־אָפּצאָל.

אָנהויבנדיק פון יאָר 1827 זיינען די קהילה־קאַסעס געפירט געוואָרן דורך די שטאָטישע קאַסירערס, וועלכע האָבן פאַר זייער אַרבעט באַקומען 5% פון די בודזשעט־הכנסות. פון יאָר 1860 האָט דער קאַסירער גענומען 2/3 פון די פינף פּראָצענט און דער קאָנטראָלער האָט באַקומען א דריטל.

יעדער קהילה זענען געווען אונטערגעוואָרפן די אידן אין די נאָענטע שטעטלעך און דערפער. צוליבן חשש, אז מ׳זאָל נישט אויף זיי אַרויפלייגן גרעסערע שטייערן ווי אויף די שטאָטישע, האָט די רעגירונגס־קאָמיסיע באַפוילן דעם 27.2.1829, אז אין שול־קאָמיטעט זאָל אַריין א פאַר־שטייער פון די דאָרפישע אידן. ביז יאָר 1836 זיינען באַשטעטיקט געוואָרן די בודזשעטן בלויז אויף א תקופה פון א יאָר. דעם 20־טן פעברואַר 1836 האָט די רעגירונגס־קאָמיסיע דערלויבט אַריינצוטראָגן בודזשעט־פּראָיעקטן אויף א צייט פון 3 יאָר, בתנאי אז די חשבונות זאָלן ווערן קאָנטראָלירט דורך די וואַיעוואָדישע קאָמיטעטן יעדעס יאָר. פון מיליטער־שטייער זיינען געוואָרן באַפרייט בלויז די שולן, בתי־מדרשים, דאַוון־שטיבלעך און הייזער, וואָס זיינען פאַרנומען דורך דער קהילה אויף רעליגיעזע צוועקן, שפּיטאָלן הקדשים און צדקה־אַנשטאַלטן. די קהילה איז מחויב צו צאָלן פּראָצענט פאַר די חובות פון דער תקופה איידער די קהילות זיינען געוואָרן אויפגעלייזט, און די פּראָצענט־סומעס זיינען אָנגעשריבן געוואָרן אלס הוצאה אין קהילה־בודזשעט. דער עול פון די אַלגעמיינע שטייערן אויף אידן אין יענער צייט איז געווען א שווערער.

1. קהילה־שטייער, 4 קאַטעגאָריעס:
   - קאַטעגאָריע 1 — פון 50 גילדן און העכער;
   - קאַטעגאָריע 2 — פון 25 גילדן ביז 48 גילדן;
   - קאַטעגאָריע 3 — פון 6 גילדן ביז 20 גילדן;
   - קאַטעגאָריע 4 — פון 3 גילדן ביז 8 גילדן.
2. רעקרוטן־שטייער. ביז יאָר 1848 אין גאַנץ פוילן אויף א סומע פון 700,000, וואָס איז געוואָרן צעטיילט צווישן אלע קהילות. אין יאָר 1843 זיינען די אידן געוואָרן פאַרפליכטעט צו דינען אין מיליטער.
3. דער שטייער איז געווען איינגעמאָנט דורך אַרענדאַטאָרן, און זיי האָבן אַרויפגעלייגט זייער שווערע האַנט אויף דער באַפעלקערונג.

די קהילה־מיטגלידער האָבן נישט גערן געוואָלט זיך באַטייליקן אין די שול־קאָמיטעטן. על פי רוב האָבן זיי מיט אלע מיטלען זיך אַרויסגעדרייט פון דער דאָזיקער אויפגאַבע. דעם 12.2.1826 איז דערשינען א ספּעציעלע פאַראָרדענונג וועגן באַפרייען די קאָמיטעט־מיטגלידער פון קהילה־אָפּצאָלן פאַר דער צייט פון זייער אמטירן. דאָס דאָזיקע מיטל האָט געהאָלפן, באַזונדערס אין די קרייזן פון נישט פאַרמעגלעכע אידן.

אַנהויבנדיק פון די יאָרן 1849—1850 האָבן אין די קאָמיטעטן זיך באַטייליקט רייכע און געבילדעטע אידן. אין יאָר 1851 זיינען אויך זיי, אין געציילטע פאַלן, באַפרייט געוואָרן פון באַשטייערן זיך פאַר דער שול.

אין יאָר 1860 איז פאַרוועדט געוואָרן די רבנים, דיינים און קהילה־בעאַמטע צו פאַרלאָזן זייער וואוין־אָרט אָן דער דערלויבניש פון שול־קאָמיטעט און פון דער מאַכט.

זייער אורלויב — 29 טעג אין יאָר — איז זיי דערלויבט געווען צו פאַרברענגען נאָר אין דער מדינה. פאַרברענגען די אורלויבן אין רוסישן קייזערטום — נאָר מיט א דערלויבניש פון דער גובערניאַלער רעגירונג.

די אינערלעכע אָרגאַניזאַציע און די בודזשעטן זיינען נישט געוואָרן געענדערט ביז 1916. אין דעם דאָזיקן יאָר האָט די דייטשע אָקופּאַציע־מאַכט פאַרעפנטלעכט א נייעם דעקרעט וועגן דער „אָרגאַניזאַציע פון אידישע רעליגיעזע פאַרבאַנדן", וואָס האָט אַנטשפּראָכן די נויטן פון דער צייט.

דער קאַלישער קהילה זיינען אונטערגעלעגן ביזן יאָר 1840 די שטעטלעך בלאַשקי, סטאַווישין, קאָזימינעק, ריכוואַל.

אין דער באַהאַנדלטער תקופה זיינען בראש פון דער קהילה אין דער ראָל פון אויפזעער געשטאַנען פאַר די יאָרן 1815—1830: אברהם נעקלען, הירש וואַרעצקי, גרשון דרעהער, משה מיכל פלאַם, יוסף רעדליך, יצחק אפרים בראַקמאַן, פייביש שנער, שלמה קרא. זיי האָבן געשיקט צו די מאַכט־אָרגאַנען די מעמאָראַנדומס און די בודזשעט־פּראָיעקטן.

ר׳ משה אפרים אשכנזי

נאָך דער פטירה פון הרב ר׳ אברהם אבלי בן יחיאל מיכל הכהן אין יאָר 1809 איז א ריי יאָרן נישט באַשטימט געוואָרן קיין נייער רב. אין יאָר 1821 (ו׳ שבט תקפ״א) איז אלס קאַלישער רב אויסגעוויילט געוואָרן ר׳ משה אפרים אשכנזי. ר׳ משה אפרים איז געווען דער זון פון ר׳ מרדכי בן הרב דבורשטין ר׳ צבי הירש בן הרב מבראָדי ר׳ נתן בן ר׳ צבי אשכנזי (חכם צבי). ר׳ יעקב ליסא (חות דעת) איז געווען זיין קרוב: דער זון פון ר׳ משה, דער ברודער פון זיין זיידן ר׳ צבי הירש אשכנזי.

א קורצע צייט נאָכדעם ווי הרב אשכנזי האָט פאַרנומען דאָס כסא רבנות איז אויסגעבראָכן א סכסוך צווישן אים און דעם קהילה־אַפּאַראַט וועגן ענינים, וואָס זיינען געווען אונטערלעגן זיין אויטאָריטעט. כדי אויסצוגלייכן די מיספאַרשטענדענישן האָבן די ראשי־הקהילה צוזאַמען מיט יחידי סגולה, בכבודיקע בעלי־בתים, באַשטימט י״א שבט תקפ״ג — 1828 — תקנות, וואָס זיינען אויסגערופן געוואָרן „פאַר א גאַנצע אויף אַלע אייביקייטן" (לחוק ולצמיתות עד עולם).

אין יענער צייט האָט די קהילה נישט פאַרמאָגט קיין ספּעציעל הויז. אירע זיצונגען זיינען פאָרגעקומען אין א צימער פון רב׳ס קליינער וואוינונג, וואָס האָט געהערט צו דער קהילה.

אין די נייע תקנות איז באַשטימט געוואָרן, אז די פרנסים האָבן נישט קיין רעכט צו געבן „בירגער־רעכט אין דער קהילה קיינעמען פון אונזער קהילה אָדער פון אַן אַנדער אָרט" אָן דער צושטימונג פון די קהילה־אָנפירער אָדער פון זייער מערהייט. אויב עמעצער פון די קאַלישער אָדער פון דרויסן וועט וועלן באַקומען די דאָזיקע רעכטן פאַר א שניידער, דאַרף ער קודם באַקומען א דערלויבעניש פון די פרנסים פון דער שניידער־חברה. די דאָזיקע תקנה איז אויסן געווען אָפּצוהיטן די אינטערעסן פון דער שניידער־חברה, כדי נישט צו פאַרפלייצן די קהילה מיט שניידער און ברענגען שאָדן די מיטגלידער פון דער חברה.

א צווייטע תקנה איז געוואָרן באַשטימט אויף צו פאַרהיטן די אויסשליסלעכע רעכט און די אינטערעסן פון רב און פעסטצושטעלן די טעטיקייט־ראַם און די באַציאונגען צווישן די ראשי־הקהילה, רב, בית־דין און די קהילה־באַאַמטע, וועלכע ווערן אינעם נוסח פון דער תקנה אָנגערופן „משועבדים" (אונטערגעאָרדנטע). די קהילה־באַאַמטע איז אויך געווען פאַרווערט צו שרייבן „תנאים אָדער ראשי־פּרקים און צו ווייזן א שטאָט־כתב פון די עלטסטע, פרנסים און מנהיגים פון דער קהילה" סיי אין שטאָט סיי מחוץ דער שטאָט. פערזאָנען, וואָס זיינען נישט קיין קהילה־אָנגעשטעלטע, טאָרן נישט שרייבן קיין תנאים אָדער ראשי־פּרקים. אויסער דעם וואָס די שריפט וועט בטל ווערן, וועלן זיי נאָך דאַרפן באַצאָלן געלט־שטראָף, וואָרעם זיי האָבן געטאָן זאַכן, וואָס געהערן צו די פולמאַכטן פון די קהילה־באַאַמטע. כדי אויסצומיידן אין דער

צוקונפט סכסוכים „וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן כבוד הגאון אב"ד דקהלתנו און צווישן די שטאָט־אַנפּאַרטרויטע וועגן שרייבן קויף־אַקטן און אנדערע זאַכן", איז נאָך באַראַטונגען מיט די אַנגעזעענע לייט פון דער קהילה באַשלאָסן געוואָרן אַט וואָס:

א. „אַלע התחייבות־דאָקומענטן און קנין־שטרות דהיינו כתובה דאוריתא און תוספת כתובה, שטר חצי זכר אָדער א גאַנצער, שטר חליצה און די לעצטע תנאים צווישן די צדדים אין חופּה־טאָג, הכל אשר לכל" געהערן נאָר צו די שטאָט־אַנפאַרטרויטע — סיי דאָס שרייבן, סיי דאָס געצאָלט פאַר דעם.

ב. בנין־דאָקומענטן, הלוואה־וועקסלען און אַלע אנדערע שיינען פון שלא בזמן חתונה, קענען די בעלי־בתים לויט זייער ווילן איבערגעבן צו שרייבן ביים רב אָדער ביי די שטאָטישע פאַר־טרויאונגס־מענער. אויב דער רב שרייבט, דאַרף ער רופן די מיטגלידער פון בית־דין און דעם חזן, אז זיי זאָלן „מקבל קנין זיין כדי די הכנסות זאָלן נישט קלענער ווערן", לויט די תקנות פון דער קהילה, „צוויי מיט א האַלבן גילדן קומט זיי פאַר קבלת־קנין".

„אָבער ירושה־ענינים און אנדערע פּראַצעגט־געשעפטן צווישן די קהילה־מענטשן, געהערן נאָר צום רב און בית־דין און די שטאָטישע פאַרטרויאונגס־מענער האָבן נישט קיין רעכט צו פאַרנעמען זיך דערמיט אָדער פאַרמיטלען צווישן די צדדים".

ג. בלויז דער רב האָט דאָס רעכט מתרה צו זיין די צדדים, וואָס וועלן זיך נישט שטעלן צום דין.

ד. דער רב באַשטימט דעם סדר פון שרייבן זיינע און דעם בית־דינס פּסקי־דין און זייערע פאָדערונגען פאַרן שרייבן.

ה. דאָס בית־דין איז מחויב מודיע צו זיין וועגן יעדער ליציטאַציע אָדער סעקוועסטער פון גיטער און וועקסלען פאַרן אויספירן דאָס. פאַר מקבל קנין זיין אויף א פּסק־דין וועגן א פשרה קומט נישט קיין אָפּצאָל די שטאָט־פאַרטרויאונגס־מענער אָדער דעם רב.

ו. תנאים און ראשי פרקים מעגן די שטאָט־פאַרטרויאונגס־מענער און דער רב שרייבן בלויז מיטן וויסן פון די ראשי־הקהילה און מיט זייער דערלויבניש.

ז. דאָס שיקן די שטר־חליצה און ענלעכע דאָקומענטן צו אנדערע קהילות איז אין דעם רב'ס פולמאכטן. די שטאָט־פאַרטרויאונגס־מענער זיינען מחויב צו פאָלגן דעם רב אין די אַלע אויבנדערמאָנטע ענינים אָן שום אָפּשלעפּעניש. זיי טאָרן נישט אויסריידן אויפן רב און אים מבזה צו זיין אין די אויגן פון דער קהילה.

אויב זיי וועלן נישט אויספילן די תקנות, וועלן זיי דאָס ערשטע מאָל באַשטראָפט ווערן מיט אַריבערפירן אויף פיר וואָכן אויף א האַלבן געהאַלט, ביים צווייטן מאָל — מיט אַריבערפירן אויף אכט וואָכן מיטן באַצאָלן פון רעשט געהאַלט, און ביים דריטן מאָל וועלן זיי ווערן אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

אין דער תקופה פון קאָנגרעס־פּוילן 1815—1814 זיינען די קהילה־פולמאכטן געוועזן באַגרע־נעצטע און די מאכט האָט געהאַט א שטרענגע אויפזיכט איבער איר טעטיקייט.

די הובות אין יאָר 1822 איז די קהילה געוואָרן אויפגעפאָדערט דורך דער קאַלישער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע צו באַצאָלן די חובות פון די אַלטע פּוילישע צייטן מיט א צוגאָב פון פּראָצענט. ס'האָבן זיך געפירט לאַנגע אונטערהאַנדלונגען, אָבער אָן רעזולטאַט.

אין יאָר 1825 איז פאָרגעקומען א פּראָצעס קעגן דער קהילה און זי איז פאַרפליכטעט געוואָרן צו באַצאָלן דעם חוב מיט די פּראָצענטער פון די „קאָראָבקע"־געלטער. אויף דעם סמך האָט די רעגירונג פאַרקלענערט די קהילה־הכנסות און גורם געווען פינאַנסיעלע שוועריקייטן.

אין יענע יאָרן האָט אין קאַליש זיך שוין געפונען א קליינע גרופּע געבילדעטע אידן. צווישן זיי האָט זיך אָנגעזען לודוויג מאַמראָט, א פּויזנער געבוירענער, וואָס האָט זיך באַזעצט אין קאַליש בעת דער פּרייסישער הערשאַפט און מצליח געווען אין מסחר. ער און זיינע חברים האָבן זיך באַמיט צו שאַפן א שולע פאַר אידישע קינדער און צו באַקומען דערויף א דערלויבעניש פון דער רעגירונג. די דערלויבעניש איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1822. זיי האָבן אויך געזאָרגט פאַר א בודזשעט פון דער שולע. זיי האָבן געפונען סימפּאַטיקער צווישן די קהילה־מיטגלידער,

אָבער דער רב ר׳ משה אפרים, וואָס האָט מיט א יאָר פריער פארנומען דאָס כסא־רבנות, איז שארף ארויסגעטראָטן קעגן עפּעס א שולע, מיט דער טענה, אז זי וועט איבערפירן און צעשטערן די אידישע אמונה.

ג. דער קאמף פאר וואוינרעכט און באשעפטיקונג

אין די יאָרן 1815—1826 האָט אין פוילן זיך פארשטארקט דער פּראָצעס פון פּראָגרעס אין עקאָנאָמישן לעבן אין איינקלאַנג מיט די צייט־באדינגונגען און די ענדערונגען אין אלע ווירט־שאפטס־צווייגן. דאָס איז אין פוילן געווען א תקופה פון שפע.

די לאנדווירטשאפטלעכע פּראָדוקציע איז געשטיגן, דער האנדל האָט זיך אנטוויקלט און אָנהויבנדיק פון א שטוביקער פּראָדוקציע האָט אָנגעהויבן שפּראָצן און אויפגיין אן אינדוסטרי, וואָס האָט באקומען נייע אָפּזאץ־מערק נאָכדעם ווי דער צאָל צווישןביידע מדינות איז אָפּגעשאפט געוואָרן. אין די שטעט זיינען געווען קענטיק די בולטע סימנים פון עקאָנאָמישער אנטוויקלונג באזונדערס צוליב דער עקאָנאָמישער און פינאנסיעלער פּאָליטיק פון פינאנס־מיניסטער לובעצקי. ס׳איז געוואקסן די פארמעגלעכקייט אין מסחר, אינדוסטרי און אין דער לאנדווירטשאפט. דער בילאנס פון מדינה־בודזשעט און דאָס עפענען קרעדיט־אינסטיטוציעס און באנקן האָבן דער־מעגלעכט די פארבעסערונג פון עקאָנאָמישן מצב. אָבער די אידן האָבן גאנץ ווייניק גענאָסן פון דער שפע, בלויז א באגרענעצטער קרייז האָט דערפון עפּעס געהאט. אין דער נייער אינדוסטרי האָבן אידן נאָך נישט געשפּילט קיין גרויסע ראָל, ווייל זיי האָבן נישט געהאט קיין גענוגנדיקן קאפּיטאל אויף אינוועסטיציעס. אייגנטלעך זיינען די אידן געווען די פארמיטלער צווישן די קליינע פאבריקאנטן און הורטאָווניקעס און צווישן די קאָנסומענטן. זיי האָבן פארקויפט די פּראָדוקציע פון די פאבריקאנטן און בעלי־מלאכה און זיי אויך באזאָרגט מיט רוי־מאטעריאַלן.

פון דער צווייטער זייט האָט לובעצקיס פּאָליטיק שטארק געטראָפן די אידן, ספּעציעל צוליבן פארפולקאָמען און אויסברייטערן די רעגירונגס־מאָנאָפּאָלן, וועלכע האָבן ארונטערגעריסן די פּאָזיציעס פון טויזנטער אידן אין שטאָט און אין דאָרף. אזעלכע געליטענע זיינען געווען אויך אין קאליש. באין ברירה האָבן די ארויסגעשטויסענע זיך גענומען צום שמוגל און פארבאָטענעם האנדל. צוליב דעם האָט זיך פארשפּרייט וועגן די אידן די מיינונג — אין דער פּרעסע, אין דער פּאָליטישער ליטעראטור און אויך אויף די סיים־פארהאנדלונגען — אז אלע זיינען זיי כלומרשט שווינדלערס, סחורה־שמוגלערס. א סך פון די פאראָרעמטע און פרנסה־לאָזע האָבן געפּרווּוט אריינדרינגען אין נייע ווירטשאפטס־צווייגן, ספּעציעל אין דער געוועב־אינדוסטרי. ס׳זיינען געווען נאָר אנהויבן פון אזעלכע אונטערנעמונגען און א צאָל ווארשטאטן, וואָס האָבן געארבעט אויף א שטוביקן אופן. זיי האָבן אויך געלערנט נייע פּראָפעסיעס. די אידן פון די נאָענטע דערפער האָבן אָנגעהויבן איבערוואנדערן קיין קאליש און אין שכונותדיקע שטעטלעך. דער פּראָצעס פון ווירטשאפטלעכער דיפערענציאציע איז געגאנגען פאָראויס, געבראכט פון איין זייט צו פּראָלעטאריזאציע, און פון דער צווייטער — אן ענדערונג אין אידישן מסחר.

זייער א דינער שיכט, יחידים פון די קאלישער אידן, זיינען רייך געוואָרן אין די מלחמות פון 1807—1815. צווישן די סוחרים זיינען געווען א צאָל רייכע הורט־סוחרים. באזונדערס די דעטייל־סוחרים, קרעמער און הענדלערס האָבן שטארק געליטן פון אלע געזעצלעכע און אדמיניס־טראטיווע גזירות און פון די שטאָטישע אָנגריפן, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט צו פאָדערן, א מ׳זאָל די אידן באזייטיקן פון מסחר. הגם די פאראָרדענונג פון 31.12.1816, פּאראגראף 146, האָט זיי דערלויבט צו באשעפטיקן זיך מיט אלע מינים האנדל. א ריי בעלי־מלאכה האָבן גוט פארדינט, אָבער אויך זיי האָבן געליטן פון די קריסטלעכע צעכן. דאקעגן די מאסן זיינען געוואָרן פאראָרעמט און פאראביונט.

דערלויבעניש צו מסחר

די שטאָט קאליש איז געשטאנען אונטערן צייכן פון פאָרשריט און אנטוויקלונג, אלס איינע פון די וויכטיקסטע אינדוסטריעלע און האנדלס־צענטער אין לאנד. ס׳זיינען אנטשטאנען טעקסטיל־פאבריקן. דער האנדל מיט רוסלאנד האָט זיך אויסגעברייטערט און די צאָל פון די וועבערייען איז געוואקסן. לויט א באריכט פון יאָר 1820 האָט די באפעלקערונג פון 9,350 פערזאָן זיך

מפרנס געווען פון מלאכה, פאַבריקאַציע, מסחר און א באַדייטנדיקע טייל — אלס אָנגעשטעלטע אין דער לאַנדווירטשאַפט פון דער קאַלישער סביבה. ס'איז פאַרגעקומען אַן ענדערונג אין דער שעפּסן־צוכט. אין קאַליש זיינען פאַרגעקומען די באַרימטע וואָל־ירידים, אויף וועלכע די אידישע מעקלערס און פאַרמיטלער פון קאַליש האָבן געשפּילט א וויכטיקע ראָל. מיט די וועב און וואָל־פאַבריקן זיינען געווען פאַרבונדן אויך אידן, אלס קונים, פאַרמיטלער און וואָל־צושטעלער, וואָס איז אין גרעסטן טייל געוואָרן אויפגעקויפט דורך אידן ביי די גיטער־אייגנטימער אין דער סביבה. דער פאַרקויף פון די טעקסטיל־אַרטיקלען האָט על פּי רוב זיך געפונען אין די הענט פון אידישע הורט־סוחרים. זיי האָבן אָנגעהאַלטן האַנדלס־באַציאונגען נישט בלויז אין דער מדינה, נאָר אויך מחוץ פון איר, באַזונדערס מיט רוסלאַנד, וואָס איז אין די צוואַנציקער יאָרן געוואָרן דער הויפּט־מאַרק פון דער קאַלישער וועב־אינדוסטרי.

דער אימפּאָרט פון שפּין־וואָל האָט זיך קאָנצענטרירט אין אידישע הענט. אין אָנהויב די צוואַנציקער יאָרן פון 19 י.ה. האָט מיטן אימפּאָרט פון שפּין־וואָל זיך פאַרנומען יוסף רעדליך, דער זון פון שמואל, אייגנטימער פון דער פּריווילעגיע פון 1793. אויפן יסוד פון דער פּריווילעגיע האָט ער באַקומען א דערלויבעניש אויסצואַרבעטן שאַרפע געטראַנקען און פאַרקויפן זיי אָן צו באַצאָלן קאָנסענס־געלט. ער האָט זיך אויך פאַרנומען מיט מעקלעריי און איינגעקויפט פאַר די וועבער וואָל פון די שאָף־ציכטלער. ער האָט זיך אויך באַשעפטיקט מיט דעטייל־האַנדל. ער האָט אָנגעהויבן פאַרגרעסערן זיינע געשעפטן נאָכדעם ווי ער האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער מיט לודוויג מאַמראַט, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין קאַליש און געגרינדעט מיט זיין שותף מ. לאַנדא א באַנק. ער האָט זיך אויך באַטייליקט אין זיין שווערס געשעפטן און ביידע האָבן זיי אָרגאַניזירט דעם האַנדל פון שפּין־וואָל. אין משך פון געציילטע יאָרן זיינען זיי רייך געוואָרן ביים אימפּאָרט פון שפּין־וואָל פון אויסלאַנד.

דעם 1.10.1825 האָט דער פּאָרזיצער פון דער קאַלישער וואָיעוואָדישער־קאָמיסיע, רעמבעלינסקי, אונטערגעשריבן א הסכם מיט אים און מיט זיין איידעם, לויט וועלכן די ביידע האָבן זיך מתחייב געווען צו שאַפן אין דער גאַנצער קאַלישער וואָיעוואָדשאַפט — חוץ דער שטאָט טשענסטאָכאָוו — סקלאַדעס פון שפּין־וואָל פאַר דער באַקוועמלעכקייט פון די וועבערס. זיי האָבן דערויף באַקומען אויסשליסלעכע רעכט און עמעצן אַנדערן איז געווען פאַרבאָטן צו האָבן אַזעלכע סקלאַדעס. זיי האָבן תיכף איינגעאָרדנט לאַגערס פון שפּין־וואָל אין טורעק, פּאַביאַניצע, קאָלאָ און זדונסקע־וואָלאָ. די שפּין־וואָל האָבן זיי געגעבן די וועבער אויף א קרעדיט פון 3 חדשים, אָן פּראָצענט. דער פּאָרזיצער פון דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע האָט זיך מתחייב געווען צו באַצאָלן די חובות, וואָס די וועבער וועלן נישט דערליידיקן.

רעדליך און מאַמראַט האָבן קיינמאָל נישט אָנגענומען קיין געריכטלעכע שריט לגבי די וועבערס, וואָס האָבן נישט באַצאָלט זייערע חובות. זיי האָבן געהאַלטן, אז מיטן ווייטערדיקן צוטיילן קרעדיט פאַרפעסטיקן זיי דעם מעמד פון די ייִעבערס און אַזוי אַרום שאַפן זיי סטאַבילע קונים.

אויף ווי ווייט זיי האָבן מצליח געווען אין די געשעפטן, דערוויסן מיר זיך פונעם באַריכט פון דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע אין יאָר 1830. דאָרט ווערט געשריבן:

„מיט געציילטע יאָרן צוריק איז רעדליך נאָך געווען א פּשוטער מעקלער און איצט איז ער א רייכער סוחר. זיין פאַרמעגן ווערט געשאַצט אויף 2 מיליאָן גילדן". מאַמראַטס פאַרמעגן האָט מען געשאַצט אויף 130,000 גילדן.

לויטן הסכם פון יאָר 1825 איז דער גאַנצער פאַרקויף פון שפּין־וואָל געווען קאָנצענטרירט ביי רעדליך־מאַמראַט ממש אויף א מאָנאָפּאָליסטישן אופן. מיט דער צייט האָבן רעדליך און מאַמראַט אָנגעהויבן אָננעמען פון די וועבערס אַנשטאָט מזומנים — זייער פּראָדוקציע, אַוועקגע־געבן זי אין קאַליש צום אַרויסענדיקן און איבערגעגעבן די סחורה צום פאַרקויף צו הורט און דעטייל־סוחרים. אויסער די דאָזיקע געשעפטן האָבן די ביידע אינוועסטירט קאַפּיטאַלן אין פאַבריקן, וואָס האָבן אָנגעהויבן צו אַנטשטיין אין לאָדז. אין קאַליש, און אין לאָדז האָבן זיי אויך פאַרמאָגט שפּייז־געוועלבער און וועב־פאַרבערייען. צוזאַמען מיט דוד לאַנדא האָט מאַמראַט פאַרמאָגט אין לאָדז אין די יאָרן 1834—1841 סקלאַדעס פון שפּין־וואָל.

יוסף רעדליך האָט צוזאַמען מיט זיין איידעם איינגעקויפט נאָך אין יאָר 1826 דעם גוט כמיעלניק, דאָס דאָרף גרודזשינסקי און די ווירטשאַפט יוזעפאָוו אין קאַלישער ראַיאָן. רעדליך

האָט אויך באקומען הנחות מצד דער מאכט, ווי דאָס באפרייען פון באצאָלן אויפהאלטונגס־געלט (biletowe), אין ווארשע א.א.וו. אויך מאמראַט האָט געניאָסן פון די דאָזיקע הנחות.

בעת דעם אויפשטאנד אין 1830—31 האָבן זיי נישט איבערגעריסן די טעטיקייט און באזאָרגט די וועבערס מיט רויסטאָפן נישט לייגנדיק קיין אַרט דערויף צי זיי וועלן זיין בכוח צו באצאָלן.

אין יאָר 1831 האָט מאמראַט זיך פארפליכטעט צו באשעפטיקן די וועבערס נישט געקוקט אויף דער מלחמה, אָבער מיטן באדינג, אז מ׳זאָל אים דערלויבן ארייננצופירן פון אויסלאנד 30 צענטנער שפין־וואָל אָן צאָל. די וואיעוואָדישע קאָמיסיע האָט רעקאָמענדירט אָנצונעמען זיין ווענדונג.

נאָכן דורכפאַל פון אויפשטאנד האָט ער באנייט זיין ווענדונג דעם 17.1.1832. די קאָמיסיע באשטעטיקט, אז „בעת דער לעצטער איבערקערעניש, האָט ער בלי ספק בייגעשטייערט פאר דער עקזיסטענץ פון די וועבערס אין דער וואָיעוואָדשאַפט".

דער פאָרזיצער פון דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע, פירשט פראנצישעק פאָטאָצקי, האָט אָפּגעוואָרפן די ווענדונג, „ווארום די אידישע פארמיטלער, אונטער דער מאַסקע פון פארבעסערן דעם מצב פון די פאבריקן אין לאנד, האָבן אין זינען בלויז צו פארגרעסערן די פערזענלעכע רווחים און דערפירן די פאבריקאנטן צו דעמאָראליזאציע און צו פארזינקען אין חובות". נישט געקוקט אויף זיין קעגנערישקייט האָט די רעגירונס־קאָמיסיע פאר אינערלעכע ענינים אין איר באשלוס פון 23.10.1833 געענטפערט פאָזיטיוו אויף דער ווענדונג און באפוילן צו באפרייען אים פון צאָל.

אין יאָר 1832 האָט מאמראַט באקומען די דערלויבעניש צו קויפן גיטער, און ער האָט אָנגעהויבן צו אנטוויקלען זיינע באנק־געשעפטן אין קאליש. רעדליך און מאמראַט זיינען געבליבן סוחרים און זיי האָבן נישט געפרווט זיך איינצוגלידערן אין אינדוסטריעלע טעטיקייט. און דאָך זיינען זיי פון די ערשטע, וואָס האָבן מיט זייערע פעאיקייטן צו אָרגאניזירן דעם האנדל, צוגעטראָגן א וויכטיקן ביישטייער פאר דער אנטוויקלונג פון דער טעקסטיל־אינדוסטרי אין דער קאלישער וואָיעוואָדשאַפט. זייער ביישפיל האָבן נאָכגעטאָן אויך אנדערע צוויי קאלישער, דוד לאַנדא און שמואל יחזקאל זאלצמאַן, אָבער זייער טעטיקייט פאלט אויס אויף די פערציקער־פופציקער יאָרן און וועגן דעם וועט זיין א רייד אין איינעם פון די קומענדיקע קאַפּיטלען.

אין דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונג האָבן אידן פארנומען וויכטיקע פּאָזיציעס. אחוץ די שוין דערמאָנטע, זיינען געווען טעטיק פאָלגנדיקע הורט־סוחרים: פיליפ שנער, מאמלאָק און נעלקען. אָבער די מערהייט אידן האָבן זיך פארנומען מיט מיטעלן און קליינעם מסחר, מיט מלאכה און מיט גאסן־האנדל אין די יריד־טעג און אין דער שטאָט־סביבה. די אידישע סוחרים און בעלי־מלאכה זיינען געווען פאראינטערעסירט צו האָבן קראָמען מחוץ פון דער אידישער געגנט, אין די קריסטלעכע גאסן.

**אידן אין קריסטלעכע הייזער**

אין די ערשטע יאָרן פון קאָנגרעס־פוילן האָבן די אידן געפירט א שווערן געראנגל פאר וואוין־רעכט. בעתן פירשטנטום האָט א קליינער צאָל אידן זיך איינגעגעבן צו קויפן הייזער אין קריסטלעכע גאסן און איינאָרדענען דאָרט געשעפטן, ווארשטאטן און דירות אָן דער דערלויבעניש פון דער שטאָטישער מאכט. לויט א שטאָטראַט־רשימה האָבן 30 אידן געפירט זייער מסחר און מלאכה אין קריסטלעכע הייזער אָנהויבנדיק פון יאָר 1799.

לויט א שטאָט־רשימה האָבן זינט 1799 געפירט זייערע געשעפטן אין קריסטלעכע הייזער: 19 אידישע סוחרים, 2 מעקלערס, 8 בעלי־מלאכה. איין איינוואוינער איז געווען אָן באשעפטיקונג. פון זיי האָבן אויך געוואוינט אין אָט די הייזער 11 סוחרים, 8 בעלי־מלאכה, 2 מעקלערס און איינער אָן א באשעפטיקונג.

אָט דאָס אויסשפרייטן זיך פון אידן האָט זיך אָנגעטראָפן אויף א שארפער קעגנערשאַפט פון די שטאָטישע און באזונדערס פון די בעלי־מלאכה. זיי האָבן באשלאָסן אָנצונעמען מיטלען צו פארווערן אידן וואוינען און האנדלען אין קריסטלעכע הייזער מחוץ פון אידישן פערטל.

דעם 29־טן יוני 1822 האָבן די שטאָטליט דערלאנגט א פעטיציע צום אמט פאר אינערן־ענינים אין ווארשע, מיט א שארפן פראָטעסט קעגן „דעם אריינדרינגען פון אידן אין פארשידענע געביטן. טאָג־טעגלעך וואַקסט די צאָל אידן און זיי נעמען צו ביי די קריסטן יעדע פרנסה".

„די קריסטלעכע בירגער מוזן צוקוקן מיט ווייטאָג, ווי די אידן, וואָס האָבן אין פריערדיקע צייטן געלעבט אין א באגרענעצטע צאָל און מיט דער דערלויבעניש פון די קריסטלעכע בירגער,

טרעטן איצט די הייליקע פריווילעגיעס, וואָס די שטאָט קאַליש האָט זינט דורות באַקומען פון די פוילישע קעניגן. זיי האָבן זייער ציל שוין דערגרייכט און צוגענומען ביי די קריסטן יעדן פּרנסה־קוואַל זיי באַרימען זיך חוצפּהדיק, אַז ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן אָפּצושאַפן די שטאַרקסטע געזעצן. אונטערן דעקמאַנטל, אַז זיי פאַרגרעסערן די הכנסות פון דער מלוכה, איז זיי געלונגען צו באַקומען פון דער רעגירונג אַלערליי הנחות. דאָס דאָזיקע פאָלק (די אידן) האָט כמעט צוגענומען אין אַ קורצער צייט אַלע קריסטלעכע געשעפטן".

אין דעם היסטאָרישן איבערזיכט ווערט איבערגעגעבן, אַז פון עלף פאַמיליעס אין יאָר 1540 זיינען די אידן איצט דערגאַנגען צו איבער הונדערט משפחות. זיי האָבן צענדליקער הייזער אין צענטער שטאָט. זיי שטעלן אָפּ קונים אין די גאַסן טראָץ דעם פאַרבאָט און שלעפּן זיי אין זייערע קראָמען. זיי צעשטערן די פּאָזיציעס פון די בעלי־מלאכה דורכן אימפּאָרט פון סחורות, וועלכע ווערן אויסגעאַרבעט דורך די שטאָטישע האַנטווערקער. ס'איז שווער אויסצורעכענען — זאָגט זיך אין דער פּעטיציע — די אַלע פאָרטלען, מיט וועלכע עס באַנוצן זיך די אידישע סוחרים און האַנטווערקער, וואָס גראָבן אונטער די קריסטלעכע עקזיסטענץ.

צוליב דער דערשיינונג פונעם „חורבן, וואָס ווערט געזייט דורך די אידן", האָבן די שטאָט־אָנפירער באַקומען דעם 2.2.1805 פון פּרייסישן קאַבינעט אַ פאַראָרדענונג, וואָס פאַרבאָט די אידן אָפּצוקויפן קריסטלעכע הייזער. די פּרייסישע מאַכט האָט אויך אָנגענומען שריט אַרומצוגרענעצן אַ ספּעציעלן אידישן פערטל, אָבער די אַלע באַמיאונגען זיינען געווען אומזיסטע. בעת די לעצטע מלחמות זיינען די שטאָטישע נישט געווען בכוח צו פאַרמיידן דאָס אויסשפּרייטן זיך און דאָס פאַרשטאַרקן זיך פון די אידן. ערשט נאָכן איינשטעלן דעם שלום, האָבן זיי זיך געווענדעט צו דער רעגירונג מיט דער ביטע צו באַפרייען זיי פון דעם „עיקרדיקן לאַסט, וואָס שווערט אויף זיי, צוליב דער שולד פון די אידן". אין אָנבליק פון דער אידישער אויסשפּרייטונג אין דער מדינה „איז שווער צו טראַכטן, אַז די רעגירונג וועט נישט ווערן אויפמערקזאַם אויף דער דאָזיקער דערשיינונג". זייערע פאָדערונגען זיינען געווען פאָלגנדיקע:

א. אין הסכם מיט די פּריווילעגיעס און באַשלוסן פון יאָר 1802 דאַרף מען די קאַלישער אידן באַזייטיקן פון שטאָט־צענטער און פון די נאָענטע גאַסן און פעסטשטעלן זייער צאָל (לויט די פּריווילעגיעס פון 1540) אויף 11 פאַמיליעס.

ב. פאַרווערן זיי יעדן האַנדל, וואָס געפינט זיך אין קריסטלעכע הענט, באַזונדערס דעם האַנדל מיט אָרטיקע און אימפּאָרטירטע געטראַנקען און דאָס אַרויסגעבן דערלויבענישן, און אויך דאָס האַלטן שענקען.

ג. אויספירן די פאַראָרדנונגען פון וואַרשעווער פירשטנטום בנוגע דעם באַשטימען ספּעציעלע וואוינונגס־פּלעצער פאַר אידן (rewir Żydowski).

אָט דער רעפערענדום, וואָס איז אונטערגעשריבן פון 18 שטאָטישע פאָרשטייער, איז געהאַלטן געוואָרן אין אַ זייער שאַרפן און פיינטלעכן טאָן און באַוויזט אונז, אַז די קאַלישער שטאָטלייט האָבן באַשלאָסן נישט בלויז צו באַנייען זייער קאַמף קעגן די אידן, נאָר אויך אים צו פאַרשאַרפן. ער האָט אָנגעזאָגט אַ שווערע תקופה פאַר די קאַלישער אידן: דאָס אַרויסשטויסן פון די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס, קאָנצענטרירונג אין אַ באַזונדערן פערטל, וואָס דאָס באַדייט: באַגרענעצן דעם פאַרנעם פון זייער האַנדל און מלאכה־באַשעפטיקונג און טרעפן דעם קליינעם קרייז אידישע משקאות־סוחרים, מיט דער טענה, אַז לויט די פאַראָרדנונג פון 1788 מעגן אידן האַלטן בלויז 4 שענקען.

דער ענין פון שענקען איז פאַרשאַרפט געוואָרן בשייכות מיטן אַריינדרינגען פון אידן אין די קריסטלעכע גאַסן און דינגען געשעפטן. שאַרפע געטראַנקען, ספּעציעל אימפּאָרטירטע, איז געווען אַן עסק, וואָס האָט געבראַכט רווחים. די דעפּאַרטאַמענט־אַמטן זיינען געוואָרן פאַרפלייצט מיט ביטעס אויף דערלויבענישן.

אין יענע יאָרן האָט דער קאַלישער פּרעפעקט נישט איינמאָל אָנגעפרעגט דעם אינערן־מיניסטעריום ווי אַזוי צו ענטפערן די דאָזיקע פּעטענטן. אין צוויי ענטפערס האָבן העכערע באַאַמטע אָנגענומען צוויי פאַרשידענע שטעלונגען, — איינע אַ קאַטעגאָרישן נעגאַטיוון טאָן, און די צווייטע — אַ מער ליבעראַלע.

אויפן געביט פון געטראנקען

דעם 30.10.1812 איז פארעפנטלעכט געוואָרן א פאַראָרדנונג, וואָס פארווערט אידן צו פראָדוצירן און האנדלען מיט געטראנקען, סיי אין דאָרף און סיי אין שטאָט, אָנהויבנדיק פון 1.7.1814. די דאָזיקע פאַראָרדנונג איז געווען א פועל־יוצא פון די צייטונגס־ארטיקלען, וואָס זיינען ווייניקער ארויסגעדרונגען פון דער באדערפעניש צו פארקלענערן דעם משקאות־פארברויך, איידער פון אנטיסעמיטישע סיבות, אָדער פון די פאָדערונגען פון אזעלכע פאָליטיקער ווי סטאשיץ, וואָס האָבן פארבונדן דאָס געבן גלייכבארעכטיקונג פאר אידן, מיטן רעפאָרמירן זיי און דערווייטערן זיי פון די משקאות־געשעפטן. טראָץ דעם פארבאָט זיינען דאָך געבליבן ווינציקע אידישע שענ־קערס אין די דערפער.

דערוויל איז אָפּגעלייגט געוואָרן דאָס אויספירן די פאראָרדענונג פון יאָר 1812 דורך דעם העכסטן מלוכה־אמט, און מ'האָט דערלויבט אידן פארקויפן משקאות פאר אן אנטשפרעכיקן אָפּצאָל. דער דאָזיקער אָפּצאָל איז געשטיגן פון יאָר צו יאָר און דערגרייכט אין די יאָרן: 1824 ביז 500 גילדן און אין 1825 ביז 1,000 גילדן.

די פוילישע פובליציסטיק האָט נישט צו רו געלאָזט דעם דאָזיקן ענין און גערופן די שטאָטלייט ארויסצוטרעטן קעגן באשעפטיקן אידן אין דער פראָדוקציע און פארקויף פון שארפע געטראנקען.

אין קאליש גופא איז צוגעקומען נאָך א פאקט: די פראָדוקציע פון בראנפן און ביר האָט פון 17־טן י.ה. אָן זיך געפונען ביי די שטאָטישע, און זיי זיינען תמיד געשטאנען הינטער די פראָטעסטן און אקציעס קעגן אידן, זיי האָבן פארלאנגט, אז מ'זאָל איינפירן די באגרענעצונגען פון יאָר 1788.

די פראגע איז געוואָרן פארשארפט, ווען די שטאָט־קאָמיסיע ביים אינערן־מיניסטעריום אין ווארשע האָט פאראָרדנט דעם 7־טן מאי 1821 נישט צו שטערן אידן ביים האנדלען מיט געטראנקען אין קאליש.

א גרויסן צאָרן האָט אין שטאָטראט ארויסגערופן די תשובה פונעם ראט ביים אינערן־מיניס־טעריום דעם 3־טן פעברואר 1822 אויף די ביטעס פון הירש משה ווארעצקי, אברהם נעלקען און היימאן שטארקמאן צו געבן זיי דערלויבענישן צום פארקויף פון אימפּאָרטירטע שארפע געטראנקען. אין דעם ענטפער ווערט בפירוש געזאָגט, אז „מ'דארף נישט פארווערן זיי (די אויבנדערמאָנטע) דעם האנדל מיט וויין".

טראָץ דעם דאָזיקן באשלוס האָט דער שטאָט־פּרעזידענט געמאָלדן די אויבנדערמאָנטע, אז די גילטיקייט פון זייערע דערלויבענישן וועט זיך ענדיקן דעם 1.7.1822, ביז די שטאָט־מאכט דערליידיקט נישט דעם ענין אויף א גערעכטלעכן אופן, פארווערט ער דערוויל דאָס פארקויפן וויין דורך אידן. די אויבנדערמאָנטע אידן האָבן זיך געווענדעט מיט אן אָנקלאגע צום אינערן־מיניסטעריום. זיי שרייבן, אז צוליב דעם פארבאָט האָבן זיי פארלוירן דעם מסחר און דעם קרעדיט. דאָס קאָנפיסקירן דעם וויין האָט זיי גורם געווען ריזיקע שאָדנס. זיי האָבן געבעטן א קלאָרן באשלוס, באזונדערס אין ליכט פונעם פאקט, וואָס די קאָמיסיע פון אינערן־מיניסטעריום האָט באשלאָסן אין הסכם מיטן אויבערשטן מלוכה־ראט פאר די פינאנס־הכנסות, אז „דערלויבענישן צו האנדלען מיט אויסלענדישע וויינען קען מען ארויסגעבן אלע אידן, וואָס האָבן געפירט אזא האנדל נאָך פארן אויבנדערמאָנטן דעקרעט, און זיי דארפן באניייען די קאָנסענסן און אריינטראָגן דעם אָפּצאָל אין דער שטאָט־קאסע". אויף צו באקרעפטיקן זייער טענה האָבן זיי נאָך צוגעגעבן, אז די קריסטלעכע וויין־סוחרים זיינען נישט מסוגל צו אימפּאָרטירן די גוטע סאָרטן וויין, וואָס זיי פירן אריין.

אברהם נעלקען, א געבוירענער אין קאליש און דער ראש פון א פארצווייגטער משפחה, איז צום סוף 18־טן יאָרהונדערט געווען איינער פון די גרויסע סוחרים פון פראנצויזישן וויין. זיינע קונים זיינען געווען אדעליקע, גלחים און אָפיצירן. א סך יאָרן איז ער געווען פרנס אין דער קהילה. זיין זון שמואל האָט זיך באזעצט אין ברעסלוי און פון דאָרט האָט ער געפירט א פאר־צווייגטן האנדל מיט פוילן. ער איז דער פאָטער פון דער משפחה נעלקען אין ברעסלוי, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט ביז 1933. הירש ווארעצקי, אויך פון די חשובע קהילה־פארשטייער, איז געווען א סוחר פון אָרטיקע געטראנקען און אייגנטימער פון א געשעפט.

דעם 30־טן יוני 1824 האָט דער וויצע־שטאָט־פּרעזידענט קאָבלענסקי רעאגירט אויף אזא אופן אין נאָמען פון שטאָטראט, וואָס האָט באקומען די תשובה פון דירעקטאָר פון אינערן־מיניסטעריום וועגן דער בקשה פון די אויבנדערמאָנטע אידן: לויט דער קאָמפּעלענציע פון 1788 מעגן אידן

האלטן שענקן נאָר אין אידישן פערטל. איצט געפינען זיי זיך ביי יוסף דרעהער, גרשון דרעהער, ליפא פיעכטא און מארקוס קאַט. אָבער חוץ די דערמאָנטע פארנעמען זיך מיט שענקעריי נאָך אידן, און די אלע האָבן אין די פריערדיקע יאָרן באקומען אויף אַן אומגעזעצלעכן אופן דערלויבענישן פון פינאנס־מיניסטעריום און פארקויפט געטראנקען אין שטאָט אויף ערטער, וואָס זיינען פארבאָטן פאר אידן, דהיינו מחוץ פון אידישן פערטל, אין א קריסטלעך הויז. אין גייסט פון קאָמיסאר־באשלוס פון 9־טן דעצעמבער 1823, וואָס שטריכט אונטער דאָס אָפּהיטן די פּריווילעגיעס פון די שטעט און פארווערט ארויסצוגעבן דערלויבענישן אויף די ערטער, וועלכע זיינען פאר זיי פארבאָטן, האָט די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע אָפּגעזאָגט ארויסצוגעבן פאר נעלקענען און אנדערע קאָנסענסן. דערצו נאָך איז געווען פאָרצוזען, אז אויב מ׳וועט זיי געבן, וועלן אויך אנדערע פארלאנגען. צוליב די דאָזיקע טעמים בעטן די שטאָט־בירגער אָפּצוזאָגן די דערלויבענישן; אָבער אויב דער דירעקטאָר וועט באשליסן ארויסצוגעבן נעלקענען א דערלויבעניש, בעט די שטאָט, אז ער זאָל אויך אָנווייזן ביי וועמען פון די פיר שענקערס מיט דערלויבענישן מען דארף צונעמען די דערלויבעניש, כדי זי איבערצוגעבן צו נעלקענען.

דער ענין פון נעלקען און זיינע חברים האָט גורם געווען צו א ברייטן בריוו־אויסטויש צווישן די צענטראלע רעגירונגס־אמטן. די רעגירונגס־קאָמיסיע אין ווארשע האָט רעקאָמענדירט ארויסצוגעבן נעלקענען די דערלויבעניש, ווייל ער איז א סוחר נאָך פון פארן יאָר 1812, אויפן יסוד פון א דערלויבעניש פון פינאנס־מיניסטעריום. באזונדערס איז פעסטגעשטעלט געוואָרן, אז דער הסכם פון יאָר 1788 וועט נישט משפיע זיין אויף פינאנס־אמטן און זיי וועלן אויסמיידן צו געבן די אידן דערלויבענישן.

ווייזט אויס, אז לויט דער איניציאַטיוו פון דער שטאָט־פארוואלטונג, האָבן די שטאָט־בירגער אוועקגעשיקט א מעמאָראנדום צום קאָמיסאר זאיאָנטשעק, און זיי האָבן געפאָדערט אויפן יסוד פון הסכם פון יאָר 1788 נישט ארויסצוגעבן נעלקענען די דערלויבעניש. זיי האָבן זיך אויך ארויסגעהאָלפן מיט דער טענה, אז ער איז א סוחר פון א שפייז־קראָם. ער פארקויפט וויין, פּאָרטער, אראק און אימפּאָרטירטע ווייַנען, און מיט דעם שפייז־געוועלב האָט זיך אים איינגעגעבן אָפּצונארן די רעגירונגס־אמטן.

נאָך דעם דאָזיקן מעמאָראנדום האָט דער קאָמיסאר געפאָדערט אַן אויפקלערונג פון דער מלוכהשער קאָמיסיע. דעם 28.9.1824 האָט די קאָמיסיע מודיע געווען דעם קאָמיסאר, אז נעלקען האָט באוויזן מיט דאָקומענטן, אז נאָך פאר 1812 (פון יאָר 1809) האָט ער זיך באשעפטיקט מיט וויין־האנדל, אויף דעם סמך האָט מען ארויסגעגעבן דעם באפעל צו געבן אים א דערלויבעניש אויך אין די קומענדיקע יאָרן. די קאָמיסיע האָט, ווייזט אויס בכוונה, נישט רעאגירט אויף די טענות פון די קאָלישער בירגער וועגן דעם הסכם פון יאָר 1788.

נעלקענס ענין האָט נישט געשאַפן קיין פּרעצעדענט — ווי דער שטאָטראט האָט מורא געהאט. דעם 5.11.1826 האָט דער האנדלס־געהילף מאָריץ ראָזען געבעטן דערלויבן אים צו עפענען א געשעפט פון אימפּאָרטירטע ווייַנען. ער איז אָנגעקומען קיין קאליש אין זיינע יוגנט־יאָרן, געארבעט פינף יאָר אין רעדליכס וויין־געשעפט און באקומען א באשטעטיקונג, אז ער האָט געענדיקט די לערע. ווען דער סוחרים־צעך און דער שטאָטראט האבן אים אָפּגעזאָגט די דערלויבעניש, האָט ער זיך געווענדעט צו דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע. אָבער אויך זי האָט אָפּגעוואָרפן זיין ווענדונג. דאן האָט ער זיך געווענדעט דעם 3.11.1826 צו דער מלוכהשער קאָמיסיע פאר ענינים פון אינערן און פּאָליציי און צוגעשטעלט זיינע דאָקומענטן. די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע האָט געטענהט אין איר באריכט קיין ווארשע, אז קאליש איז א שטאָט de non tolerandis judaeis און לויט דער תקנה איז דער האנדל דערלויבט פאר אידן, וואָס האָבן געהאנדלט מיט אימפּאָרטירטן וויין נאָך פארן פארעפנטלעכן די פאראָרדענונג. דעריבער דארף מען ראָזענען נישט דערלויבן קיין וויין־האנדל.

אויפן סמך פון דעם באריכט האָט די קאָמיסיע אין ווארשע געגעבן א נעגאַטיוון ענטפער דעם 18.1.1828. ראָזען האָט ווידער אָנגעגעבן א בקשה דעם 5.2.1827 און אויפסניי באקומען א נעגאַטיוון ענטפער. אין יאָר 1828 האָט ער באנייט זיין ווענדונג. דעם 18.5.1828 האָט אים די מלוכהשע קאָמיסיע געגעבן א נעגאַטיוון ענטפער, „היות ווי ער האָט נישט געבראַכט קיין שום נייע באווייזן, וואָס זיינען מחייב ארויסצוגעבן אים א קאָנסענס״.

די פראגע פון די דערלויבענישן אויף שענקעריי און מסחר מיט שארפע געטראנקען שטעלט מיט זיך פאַר א טרויעריק קאפיטל אינעם קאמף פון די קאלישער אידן פאר זייער עקאָנאָמישער עקזיסטענץ. דער דאָזיקער מסחר האָט אויך מפרנס געווען אן אָנגעזעענע צאָל פון געדינגענע ארבעטער און אָנגעשטעלטע.

די קעגנערשאפט פון שטאָטראט און פון די בירגער האָט זיך תמיד סומך געווען אויף די שטאָט־פריווילעגיעס, ווי de non tolerandis judaeis און אויפן הסכם פון יאָר 1788, כאָטש ער איז אונטערגעשריבן געוואָרן דאַן, ווען די צאָל אידן איז געווען א קליינע און במשך פון צענדליקער יאָרן איז זייער צאָל געשטיגן און די פריערדיקע באדינגונגען זיינען שוין נישט געווען פאר זיי גענוגנדיק. דערויף איז געקומען אַן ענטפער, אז מ׳דארף זיי ארויסטרייבן פון שטאָט.

אידישער פערטל

און אָט איז אין יאָר 1827 ארויסגעשוואומען א נייע פראָבלעם, נישט קיין וויניקער שווערע פון אידישן שטאנדפונקט. דאָס מאָל איז די צרה געקומען פון דער שטעט־קאָמיסיע ביים אינערן־מיניסטעריום. אין א באפעל פון 29.6.1821 האָט דער קאָמיסאר געפאָדערט צוצוגרייטן א פלאַן אויף אָנצוצייכענען די גרענעצן פון אידישן געביט און באשטימט תקנות פאר בויען הייזער און אויסטיילן פלעצער פאר אידן אויף דעם צוועק.

דעם 30.9.1824 האָט די קאלישער וואָיעוואָדישע קאָמיסיע בעקומען פון דער שטעט־קאָמיסיע ביים אינערן־מיניסטעריום א באפעל וועגן אָנצייכענען די גרענעצן פון א ספעציעלן פערטל פאר די קאלישער אידן; זי איז געוואָרן אויפגעפאָדערט צוצושטעלן א צייכענונג מיט א פלאַן. דעם 19.10.1824 האָט דער וואָיעוואָדע קאָוואלסקי געענטפערט, אז דער ענין פון אידישן פערטל איז פארבונדן מיט דער אלגעמיינער רעגולירונג פון דער שטאָט, און כל זמן מ׳האָט נישט צוגעגרייט די דאָזיקע רעגולירונג איז די שטאָט נישט אין שטאנד אָנצוצייכענען דעם געביט, וואו עס וועט ווערן געשאפן דער אידישער פערטל. די צוגרייטונגען האָבן זיך געצויגן קרוב דריי יאָר.

דעם 21־טן יוני 1827 האָט די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע צוגעשיקט צו דער מלוכהשער קאָמיסיע פאר ענינים פון אינערן און פאָליציי א נייעם שטאָט־פלאַן, און דאָרט איז אויך געווען א באזונדערער אידן־פערטל פאר אידן.

דעם 7־טן מאי 1822 האָט די פוילישע רעגירונג פארעפנטלעכט א ספעציעלע פאראָרדענונג פונעם קאָמיסאר וועגן אויסטיילן א באזונדערן פערטל פאר די אידן אין קאליש.

אינעם באריכט פון 21.6.1827 האָט דער וואָיעוואָדישער קאָמיטעט באמערקט, אז א טייל פון דער שטאָט, אין וועלכן עס וואוינען די אידן, איז איבערבאפעלקערט, אָנגעשטעלט מיט קליינע און גרויסע הילצערנע הייזער און שטעלט מיט זיך פאָר א סכנה פון סאניטארן שטאנדפונקט. די שטאָט קען נישט זיין פאראנטוואָרטלעך פאר אזא מצב. לויטן באפעל פון קאָמיסאר פון 2.5.1817 וועגן א שטרענגער קאָנטראָל פון די הייזער, וואָס האלטן ביים איינפאלן, וועלן א סך אידן בלייבן אָן וואוינונגען. לויטן פלאַן איז נישטאָ קיין יסוד צו דערלויבן זיי בויען הילצערנע הייזער. מ׳דארף פאָדערן, אז זיי זאָלן אויפשטעלן געמויערטע הייזער.

די אידן האָבן געוואוינט אין די גאסן זלאָטע, גארבארסקע, פערד־מארק, אָן קריסטלעכע שכנים. די קאָמיסיע האָט פארגעלייגט איבערצולאָזן די דאָזיקע גאסן פאר א אידישן וואוין־פלאַץ און צוגעבן צו דעם פערטל די נאָענטע פאָרשטאָט, וואו עס זיינען נישטאָ קיין הייזער, נאָר גערטלעך.

וועגן אריבערפירן די אידן, וואָס האָבן געוואוינט אין שטאָט, און באשטימען פאר זיי א באזונדערן פערטל, איז צוגעגרייט געוואָרן דעם 25.5.1827 א גענויער פלאַן: Projekt do postanowienia Królewskego oznaczającego obręb dla ludu wyznania mojżeszowego w mieście wojew. Kaliszu. און ער איז בייגעלייגט געוואָרן צום באריכט. אין אָנהויב פון פלאַן, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דער קאָמיסיע, וועגן די פרינציפן, פריווילעגיעס און פשרות, איז אונטערגעשטראָכן, אז צוליב דער באזונדערער קאָנצענטרירונג פון „פאָלק פון משהס גלויבן אין דער וואָיעוואָדישער שטאָט קאליש, וואָס דאָס וואָרפט אָן גרויסע געפארן אויף דער באפעלקערונג, באזונדערס ווייל שריפות, שמוץ, קויט און אומאָרדענונג צווישן דער אידישער באפעלקערונג זיינען דירעקטע רעזולטאטן פון זייער צונויפגעדרענגטקייט אויף א באגרענעצטן שטח, און אויך נעמענדיק אין אכט די פריווילעגיע פון יאָר 1540, וואָס באגרענעצט די וואוינונגס־

פרייהייט פון אידן אין קאליש — איז געוואָרן באשלאָסן וועגן א נייער איינאָרדענונג אין דעם באהאנדלטן פלאַן פון 16 פאראגראפן".

לויטן ערשטן פאראגראף מעגן אידן וואוינען בלויז אין 11 גאסן און באזיצן דאָרט געוועלבער:

1. די גאס זלאָטע, וואָס הויבט זיך אָן פון עק הויפטגאס לויט זיין נייער פארלענגערונג ביזן נייעם מארק, וואָס איז באקאנט אונטערן נאָמען פיסקאָזשעווסקי;
2. די גאס גארבארסקע לויט דער נייער פּלאנירונג, ביזן פערד־מארק;
3. די גאס ביאלאָסקורניצקע;
4. די נייע גאס פיסקאָזשעווסקי;
5. די גאס קרוטאַ;
6. די גאס וואָדנע;
7. די גאס דלוגע;
8. די גאס שעראָקע;
9. די גאס זשעלאָנע;
10. די גאס נאָוואַ;
11. די גאס קאזשע.

אין די דאָזיקע גאסן מעגן אידן, אָן אויסנאם, קויפן פלעצער אויף צו בויען איינשטאָקיקע געמויערטע הייזער לויט פּלענער, באשטעטיקטע דורך דער מאכט. די לענג פון הויז־פראָנט דארף זיין 24 פּוילישע איילן (פאראג. 2). די אידן מעגן אָפּקויפן די הילצערנע הייזער אויף דעם געביט, מיטן תנאי, אז מ'זאָל זיי אראָפּנעמען און אויף זייער אָרט אויפשטעלן געמויערטע הייזער לויטן פּלאן (פאראג. 2). די אידן, וואָס וואוינען אויפן הויפּט־מארק און אין די גאסן, נישט אָפּגעמערקטע אין ערשטן פאראגראף, דארפן ארויס פון דאָרט צום שפּעטסטנס ביזן 1.10.1833 און אריבערגיין אין אידישן פערטל. די בעלי־בתים, וועמענס איינוואוינער עס וועלן נישט פארלאָזן די דירות, וועלן באשטראָפט ווערן לטובת דער שטאָט־קאסע מיט א סומע, וואָס איז גלייך צום יערלעכן דירה־געלט פון לאָקאטאָר (פאראג. 4); אויב זיי וועלן נישט איבערגיין ביזן דערמאָנטן טערמין מיטן אייגענעם ווילן, וועט מען ארויספירן פון דאָרט מיט קראפט דורך דער פּאָליציי, זיי מיט די זאכן, און די הוצאות וועלן ווערן ארויפגעלייגט אויף זיי (פאראג. 5). אידן, אייגנטימער פון הייזער און פלעצער אויפן הויפּט־מארק און אויף די גאסן, נישט פיגורי־רנדיקע אין ערשטן פאראגראף, וואָס זיינען געקויפט געוואָרן אין קעגנזאץ צו די שטאָטישע־פּריווילעגיעס און אסויך אין קעגנזאץ צו די פשרות פון יאָר 1540 און פון 29.2.1788, זיינען מחויב זיי צו פארקויפן ביז סוף דעצעמבער 1832.

דאָס דערוורבן אומבאוועגלעכע גיטער מחוץ פון אידישן פערטל איז אבסאָלוט פארבאָטן (פאראג. 6). אלע שכירות־אָפּמאכן פון דירות און געשעפטן, וואָס זיינען גילטיק אויך נאָכן 1.10.1830, וועלן בטל ווערן (פאראג. 7). כדי צו באווייזן, אז די רעגירונג איז גרייט צו דער־מעגלעכן די אידן צו געניסן פון די רעכט פון די איבעריקע איינוואוינער, וועט זי דערלויבן צו וואוינען אין די גאסן מחוץ דעם אידישן תחום די אידן, וואָס וועלן זיך ווידמען דער ווסנשאפט אָדער דער קונסט, ווי דאָקטוירים, מאלערס א.ד.ג., אויף פאָלגנדיקע באדינגונגען: גיטער־פארבאָט

א. זיי דארפן צושטעלן באווייזן און דאָקומענטן;

ב. זיי דארפן זיך נישט אונטערשיידן פון אנדערע קריסטלעכע איינוואוינער מיט זייער קליידונג און מיט זייער אויסערלעכן אויסזען;

ג. זייערע קינדער דארפן לערנען אין עלטער פון 7 יאָר אָן אין די אלגעמיינע שולעס.

אויב זיי וועלן מסכים זיין מיט די דאָזיקע באדינגונגען, וועט זיי ווערן דערלויבט צו וואוינען אין די נישט אידישע גאסן (פאראג. 8).

די הייזער פון די ווינקלען אין די גאסן, אויסער דעם פערטל, זיינען פארווערט פאר אידן (פאראג. 9). כדי אויסצומיידן אַן איבערגעלאָדנקייט אין די הייזער מעגן די הויז־אייגנטימער פארדינגען א וואוינונג פון 2—3 צימערן נאָר צו איין פאמיליע; 4—5 — צו צוויי פאמיליעס. א וואש־צימער וועט נישט ווערן באטראכט אלס וואוינונגס־צימער. מען טאָר נישט אריינפירן אין הויז מער פון 5 משפחות (פאראג. 10). אלס איין פאמיליע ווערט גערעכנט: דער מאן, זיין

פרוי, די נישט פארהייראטע קינדער און איין משרת. אין דער וואוינונג מעג מען האלטן די מוטער אָדער דעם פאָטער אין עלטער פון 60 יאָר, אויב זיי באשעפטיקן זיך נישט מיט האנדל אָדער מיט מלאכה און זיי מוזן אָנקומען צו דער הילף פון זייערע קינדער (פאראג. 11).

היות ווי אויך אין די גאסן זלאָטע, גארבארסקע, ביזן פערד־מארק וואוינען אידן אין ענגשאפט אין הילצערנע הייזער, דארף די מאכט פארווערן יעדן רעמאָנט אָדער אויסבעסערונג אין די דאָזיקע הייזער, זאָרגן, אז מ׳זאָל זיי אומווארפן און פארפליכטן די אידן צו בויען נאָר געמויערטע הייזער (פאראג. 12).

היות ווי לויט די פריערדיקע פריוועלעגיעס איז א פרעמדן איד פארווערט צו באזעצן זיך אין קאליש, איז דער ווילן פון דער מאכט איינצוהאלטן אין דער גאנצער קראפט אויך פאר דער צוקונפט דעם דאָזיקן פארבאָט און די אָרטיקע מאכט־אָרגאנען דארפן אכטונג געבן, אז קיין פרעמדער איד, באזונדערס מענער, זאָלן זיך נישט באזעצן אין קאליש (פאראגראף 13).

לויטן הסכם פון יאָר 1788 צווישן שטאָטראט און דער קהילה, מעגן אידן האלטן אין אידישן פערטל נאָר 4 געשעפטן פון ביר און בראנפן, וועמענס הכנסה שטעלט פאָר מיט זיך דעם קרן אויף צו באצאָלן די קהילה־חובות. דאקעגן יעדער האנדל און שענקעריי מיט ווייז, אראק, מעד, וויין־פאָרטער און אנדערע משקאות זיינען פארווערט. עס ווערט באשטימט, אז די קהילה מעג אויך אויף להבא:

א. האלטן 4 שענקען פאר ביר און בראנפן דורך פערזאָנען מיט מלוכהשע קאָנסענסן;

ב. יעדער מסחר מיט וויין, אראק, מעד, סיי דעטייל, סיי הורט, אין אידישן פערטל און אויסער אים, איז פארבאָטן, אָנהויבנדיק פון 1.10.1830, אפילו ווען די סוחרים האָבן דערלויבענישן נאָך דעם דאָזיקן טערמין. זיי דארפן פארקויפן די גאנצע סחורה וואָס זיי פארמאָגן (פאראג. 14);

אידן טאָרן אויך נישט האלטן קיין שענקן, וואָס וועלן ווערן געשאפן דורך קריסטן (פאראג. 15);

אידן מעגן פארקויפן מחוץ דעם פערטל אָרטיקע און אימפאָרטירטע סחורות אויסשליסלעך אין די יריד־טעג;

אידישע אייגנטימער פון פאבריקן אָדער ווארשטאטן אין דער שטאָט קאליש מעגן פארקויפן זייער פראָדוקציע אויף די ירידים און אויך אין יעדן מארק־טאָג אויף די פלעצער, וואָס די פאָליציי וועט פאר זיי באשטימען (פאראג. 16).

דעם 20־טן יולי 1827 האָט די רעגירונגס־קאָמיסיע פאר ענינים פון אינערן און פאָליציי, אין איר ענטפער אויפן באריכט וועגן דעם פלאן פון דער קאָמיסיע אין קאליש, אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט צו באטראכטן זיך, צי דאָס באשטימען א נייעם מארק אין אידישן פערטל וועט נישט שעדיקן דעם אלטן מארק פון די קריסטן. דורך דעם וועט אנטשטיין א באזונדערע אידישע שטאָט, און אהין קען מיט דער צייט איבערגיין דער גאנצער האנדל פון דער קריסטלעכער שטאָט. דערפאר איז געוואונטשן צו פארלענגערן בלויז א ריי גאסן, כדי פאקטיש זאָל עקזיסטירן בלויז איין פארגרעסערטע שטאָט, און נישט א באזונדערע, א נייע, נעבן דער אלטער.

אין עטלעכע טעג ארום — דעם 1־טן אויגוסט — האָט די קאלישער קאָמיסיע געענטפערט, אז זי וועט צופאסן איר פלאן צו די פארבעסערונגען פון דער רעגירונגס־קאָמיסיע, און זי וועט באאויפטראגן דעם שטאָט־אינזשינער צו פארלענגערן די זלאָטע־גאס ביז דער גאס מעניטאָווסקי און אויך אנדערע עטלעכע גאסן.

נאָך א בריוו־אויסטויש ביז יולי 1828 איז דער פלאן אויסגעבעסערט געוואָרן לויט דער פאָדערונג פון דער רעגירונגס־קאָמיסיע, און די אָרטיקע קאָמיסיע האָט געבעטן צו באשטימען דעם פלאן און דערלויבן דערווערבן די פריוואטע פלעצער, וואָס זיינען נויטיק פארן דורכפירן דעם פלאן.

דאָס זיינען די ענדערונגען, וואָס זיינען געוואָרן אריינגעפירט:

אין פאראגראף 1 א. די גאס זלאָטע ביז דער גאס זשעלאָגנע; ב. די גאס גארבארסקע — פון פערד־מארק ביז די גאס פיסקאָזשעווסקי; ג. דער מארק פיסקאָזשעווסקי ווערט בטל; ד. די גאס וואָדנע — פון דער גאס פון הייליקן יאקוב ביז דער גאס ריבארסקע.

אין פאראגראף 2 ס׳ווערט באשטימט, אז אויך די הייזער אין די ראָגן פון די גאסן ווערן באטראכט ווי הייזער פון אויסער דעם אידישן פערטל, א זאך, וואָס איז באשטימט געוואָרן אין פאראגראף 9 פון ערשטן פלאן.

צום פאַראַגראַף 3. איז געוואָרן צוגעגעבן דער פאַראַגראַף 2 פון ערשטן פּלאַן.

אין פאַראַגראַף 4. איז אַרויסגענומען געוואָרן דער זאַץ, וואו עס רעדט זיך וועגן באַשטראָפן די הויז־אייגנטימער פון אויסער דעם אידישן פערטל, אויב די לאָקאַטאָרן וועלן נישט אַריבערגיין אין פערטל ביזן 1.10.1830.

דער פאַראַגראַף 5. איז געבליבן נישט געענדערט.

אין פאַראַגראַף 6. איז איינגעשלאָסן געוואָרן דער § 8, פון ערשטן פּלאַן מיטן צוגאָב, אַז צווישן די אידן, וועמען ס׳איז דערלויבט צו וואוינען אין קריסטלעכן טייל, דאַרף מען אויך אַריינעמען מענטשן מיט אַ קאַפּיטאַל פון 30.000 גילדן, וואָס קענען לייענען און שרייבן פּויליש, אייגנטימער פון פאַבריקן און הורט־סוחרים.

דער פאַראַגראַף 7. איז אויסגעשטראָכן געוואָרן, און אויף זיין אָרט איז געוואָרן באַשטימט, אַז אַלע באַווייזן און דאָקומענטן דאַרף מען אָפּגעבן אין שטאָטראַט.

אין פאַראַגראַף 10. איז אַריינגעפירט געוואָרן דער פאַראַגראַף 7.

אין פאַראַגראַף 11. איז אַריינגעפירט געוואָרן דער פאַראַגראַף 6.

אין פאַראַגראַף 12. איז אַריינגעפירט געוואָרן דער פאַראַגראַף 7.

דער פאַראַגראַף 13. איז געבליבן אין דער פריערדיקער פאָרם.

דער פאַראַגראַף 14. איז געבליבן ווי פריער, אָבער ער איז געוואָרן געקירצט און מ׳האָט אים צוגעגעבן דעם פאַראַגראַף 15 פון פריערדיקן פּלאַן.

אין פאַראַגראַף 15. איז אַריינגעפירט געוואָרן דער פאַראַגראַף 16.

אין פאַראַגראַף 16. ווערט באַשטימט, אַז מ׳דאַרף נישט איבערגעבן דאָס אויספירן דעם סטיליזירטן רעגולאַמין דער רעגירונגס־קאָמיסיע פאַר ענינים פון אינערן און פּאָליציי.

דעם 12.8.1828 האָט די וואַרשעווער קאָמיסיע באַשטעטיקט דעם רעגולאַמין מיט אירע אויסבעסערונגען און באַאויפטראַגט אָנצוהויבן אונטערהאַנדלונגען וועגן באַקומען די נויטיקע פּלעצער, וואָס געהערן צום שטאָטראַט, לויט די באַשלוסן פון וואָיעוואָדישן קאָמיטעט אין קאַליש.

דערלויבענישן אויף פּלעצער

נאָך אין יאָר 1828 האָט זיך אָנגעהויבן די סדרה מיט בקשות פון אידן וואָס האָבן געוואוינט אין גאַסן נישט פון אידישן פערטל, אָדער זיי האָבן זיך געפונען אויף דער גרענעץ פונעם פערטל.

צווישן די ערשטע זיך באַקלאָגנדיקע איז געווען אברהם נעלקען. זיין הויז אויף עק זלאָטע־וואַרשאַווסקע איז לויטן פאַראַגראַף 9 פונעם רעגולאַמין געוואָרן פאַר אים פאַרבאָטן.

אין מאַי 1828 איז אָנגעקומען דער ענטפער פון דער וואַרשעווער קאָמיסיע, וואָס איז נישט קעגן אַרויסגעבן אברהם נעלקענען אַ דערלויבעניש צו קויפן דעם פּלאַץ אויף עק זלאָטע, מיטן תנאי, אַז ער זאָל דאָרט אויפשטעלן אַ געמויערט הויז. אויך אליעזר מאַמלאָק, אַ הורט־שפּייז־סוחר, האָט געבעטן אַ דערלויבעניש פאַר אַ הורט־האַנדל מיט אימפּאָרטירטע משקאות. די קאַלישער קאָמיסיע האָט אָפּגעוואָרפן זיין בקשה און אָנגעוויזן, אַז אין יאָר 1806 האָט ער טאַקע באַקומען אַזאַ דערלויבעניש, אָבער נאָכדעם ווי די קריסטלעכע קאַלישער סוחרים האָבן אָפּגעגעבן אַן אָנקלאַגע קעגן דעם אין יאָר 1816, איז זי נישט אין שטאַנד צו ענטפערן פּאָזיטיוו. דעם 15־טן נאָוועמבער 1828 האָט מאַמלאָק זיך געווענדעט צום מיניסטער פאַר אינערלעכע ענינים און פּאָליציי און אונטערגעשטראָכן, אַז ער פירט שוין דעם מסחר 15 יאָר און יעדעס יאָר צאָלט ער איין אין שאַץ־קאַמער 60,000 גילדן פאַר צאָל. אויך, איצט האָט ער באַשטעלט אין אויסלאַנד סחורה, פאַר וועלכע ער וועט אָפּצאָלן צאָל אַ סומע פון 30,000 גילדן, און ער האָט דאָס נישט בדעה צו פאַרקויפן אין שענקען, נאָר אין הורט אין די פאָרשטעט. דאָס אָפּוואַרפן זיין בקשה, וועט ברענגען אויף אים און זיין משפחה אַן אמתן חורבן. דאָס מאָל האָט די קאַלישער קאָמיסיע זיך אַרויסגעזאָגט לטובת זיין בקשה, אין קעגנזאַץ צו איר מיינונג פון 25.4.1828, אָבער מיטן באַדינג, אַז ער זאָל נישט ממשיך זיין מיטן האַנדל און זאָל אומקערן די דערלויבעניש. זי האָט אויך געבעטן דער וואַרשעווער קאָמיסיע צו דעצידירן אין דער פראַגע.

נאָך א לאנגער אויפקלערונג, וואָס האָט פאר דער פארגרעסערונג פון דער צאָל אידן אין קאליש געמאכט פאראנטוואָרטלעך די פּאָליטיק פון דער פרייסישער מאכט בעת דער אָקופּאציע, האָט די ווארשעווער קאָמיסיע באשלאָסן דעם 29.11.1828, אז נישט לייגנדיק קיין אכט אויף די פריווילעגיעס דארף מען מאמלאָקן ארויסגעבן א דערלויבעניש, כדי אים צו ראטעווען פון א גרויסן היזק און אריינברענגען אין שאַך־קאמער די צאָל־סומע פון 30,000 גילדן, אָבער בתנאי, אז ער זאָל צוריקגעבן די דערלויבעניש נאָכן פארקויפן די משקאות. די קאָמיסיע האָט אויך געמאָלדן, וועגן דער מיינונג פון אמט פון אינדוסטרי און מלאכה, אז מען קאָן נישט פארווערן דעם פעטענט א שפייז־קרעמער, צו ברענגען אראק און פארקויפן אין הורט. אזוי ארום איז דער עיקרדיקער גורם פארן געבן די דערלויבעניש געווען די מורא צו פארלירן די גרויסע סומע צאָל־געלט. די דערלויבעניש האָט מען ארויסגעגעבן אויף איין יאָר, מיטן באדינג, אז דאָס ארויסגעבן זי זאָל נישט דינען ווי א פרעצעדענס.

די אידישע סוחרים האָבן נישט געלייגט קיין אכט אויף דער דאָזיקער באוואָרעניש און פאר־פלייצט די מאכט־אָרגאנען מיט זייערע ביטעס. דווקא אין יענעם יאָר האָט אויפגעבליט דער מסחר מיט שארפע געטראנקען. אין אָקטאָבער 1829 האָט דער הורט־סוחר הירש לייב שפּירא געבעטן דערלויבן אויך אים דעם מסחר מיט שארפע געטראנקען, מיטן מאָטיוו, אז דער הורט־האנדל קען נישט אָנרירן די פריווילעגיעס פון שטאָט. זיין בקשה איז געוואָרן אָפּגעוואָרפן דעם 10.8.1830. שמואל לייזער רעדליך האָט דעם 23.6.1829 געבעטן דעם קעניג צו באשטעטיקן די עקזיסטענץ־שריפט וואָס זיין זיידע שמואל יוסף האָט באקומען אין יאָר 1793. שמואל יוסף, דער אייגנטימער פון דער פריווילעגיע, האָט איבערגעלאָזן נאָך זיך צוויי זין, יוסף און לייזער. דער פעטענט איז געווען לייזערס זון. לויט זיינע ווערטער איז ער דער לעצטער פון דער משפחה. די פריווילעגיע איז נישט באשטעטיקט געוואָרן דורך דער מאכט, מיטן מאָטיוו, אז זי איז אין סתירה צו די פריווילעגיעס פון שטאָט. דער דאָזיקער אָפּזאָג האָט אים געצוואונגען צו ווענדן זיך דירעקט צום קעניג. אין זיין פעטיציע האָט ער צווישן אנדערן אָנגעוויזן, אז זיין פעטער יוסף האָט אויפן סמך פון דער פריווילעגיע זיך באשעפטיקט מיט דער פראָדוקציע פון געטראנקען און זייער פארקויף און ער איז אפילו געווען פריי פון צאָלן דערלויבעניש־געלט. זיין פעטער יוסף האָט דעם 16.8.1826 באקומען, לויט א דעקרעט פון אדמיניסטראטיוון ראט אין ווארשע, דאָס רעכט צו קויפן גיטער און אויף דעם יסוד האָט ער געקויפט דאָס דאָרף כמיעלניק ביי קאליש.

דער קעניגלעכער ראט האָט באשלאָסן דעם 22.5.1830, אז מ׳דארף לייזער רעדליכן ארויסגעבן די דערלויבעניש, וואָס מ׳האָט בשעתו געגעבן יוסף רעדליכן. אָבער שמואל לייזער האָט מיט דעם זיך נישט באנוגנט און פארלאנגט, אז מ׳זאָל אים באפרייען פון דערלויבעניש־אָפּצאָל. דעם 27.7.1830 האָט ער באקומען די פּאָלגנדיקע דערקלערונג :

די איצטיקע רעגירונג איז זיך נישט נוהג צו באשטעטיקן די פריווילעגיעס, וואָס זיינען געוואָרן אויסגעטיילט דורך די פריערדיקע קעניגן פון פוילן. די דאָזיקע פריווילעגיעס זיינען גילטיק אויך אָן א באשטעטיקונג, אויף וויפיל זיי זיינען נישט אין ווידערשפרוך צו די איצטיקע געזעצן. וואָס שייך די רעכטן פון זיין פריווילעגיע, איז דער מסחר מיט צייג נישט פארווערט פאר קיינע־מען, וואָס היט אָפּ די געזעצן וואָס פארפליכטן סוחרים און קרעמער, שמואל לייזער רעדליך מעג אויך האנדלען מיט שארפע געטראנקען, אָבער ער בעט צו באפרייען אים פון דעם קאָנסענס־אָפּצאָל. דאָס איז אפּהענגיק אינעם באשלוס פון פינאנס־מיניסטעריום. צוליב דעם האָט רעדליך זיך געווענדעט מיט א ספּעציעלער בקשה.

ער איז נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט זיך סומך געווען אויף זיין זיידנס פריווילעגיע. א צווייט אייניקל שמואל יוספס, לודוויג רעדליך, א קאלישער געבוירענער, האָט באקומען א האנטווערקער־שיין פון א העטשקעמאכער און אין זומער 1826 האָט ער זיך באמיט צו באקומען א דערלויבעניש צו וואוינען און עפענען א העטשקע־געשעפט אויף דער ווארשאווסקע, איינע פון די שענסטע קאלישער גאסן אין יענער צייט.

די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע האָט נישט געהאט קיין דרייסטקייט צו געבן אים די דערלויבעניש אויף איר אייגענער אחריות. דעם 10.7.1826 האָט זי זיך געווענדעט צו דער מלוכהשער קאָמיסיע פאר אינערן און פּאָליציי־ענינים אין ווארשע מיט א ספעציעלן מעמאָראנדום, כדי צו באקומען א גענויע אויפקלערונג. אויף ווארשאווסקע האָבן, וואָס אָן אמת, געוואוינט עטלעכע אידן אויפן סמך פון א דערלויבעניש פון דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע, אָבער די דאָזיקע רעכט האָבן זיי געהאט

נאָר ביזן באַשטימען די געגנטן אין שטאָט. מיט רעדליכן איז אָבער אנדערש. לויט דער פריווילעגיע מעג ער וואוינען און האנדלען אויף יעדן אָרט אין שטאָט. דערפאַר לייגט פאָר די קאָמיסיע צו דערלויבן רעדליכן וואוינען אויף ווארשאווסקע־גאַס און עפענען דאָרט א העגטשקע־געשעפט. אגב איז רעדליך געקליידט אייראָפּעאיש און ער אונטערשיידט זיך נישט מיט זיין קליידונג פון אנדערע איינוואוינער; פאַרשטייט זיך, אז מ׳דאַרף אים צוטיילן דאָס רעכט אָן שום באַדינג, ווי דאָס האָבן באַקומען אנדערע אידן וועלכע וואוינען אויף דער זעלבער גאַס. אַזא באַדינג וואָלט אָפּגעשוואַכט די קראַפט פון זיין פריווילעגיע. צוליב אָט די סיבות האָט די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע באַשלאָסן איבערצופירן דעם ענין צום באַשלוס פון דער מלוכהשער קאָמיסיע אין ווארשע און בעטן איר צו וויסן טאָן די רעזולטאַטן.

אין א חודש אַרום, דעם 8־טן אויגוסט 1826, האָט די מלוכהשע קאָמיסיע אין ווארשע געענטפערט אויף דער ווענדונג פון דער קאַלישער קאָמיסיע, אז מ׳דאַרף דערלויבן רעדליכן — היות ווי ס׳איז נאָך נישט באַשטימט געוואָרן דער אידישער פערטל אין שטאָט — צו וואוינען דערווייל אויף ווארשאווסקע גאַס ביז א ווייטערדיקן באַשלוס אין דער דאָזיקער פראַגע.

די השתדלותן פון אידישע סוחרים צו פאַרגרעסערן דעם פאַרנעם פון זייער מסחר ביים אימפּאָרט פון אויסלענדישע וויינען, ביים פאַרקויפן בראַנפן און אנדערע משקאות, האָבן געשטערט די רו פון קריסטלעכן סוחרים־צעך. דער צעך האָט ווארשיינלעך נישט געוואָלט פירן אן אָפענעם קאַמף און אויסגעוויילט א מאַסקירטן אָנגריף. א צאָל בירגער האָבן זיך געווענדעט דעם 1־טן יוני 1830 מיט א מעמאָראַנדום צו דער מלוכהשער קאָמיסיע אין ווארשע מיט א שאַרפער אָנקלאַגע, אז די אידן האָבן באַהערשט דעם גאַנצן שטאָט־צענטער אַחוץ דעם פּאַלאַץ פון ארכיהעגעמאָן און דעם בנין פון שטאָט. אין די שענסטע הייזער האָבן זיי געעפנט געשעפטן. ביסלעכווייז ווערן די אידן די בעלי־בתים און ס׳איז נישטאָ קיין אויסזיכטן פטור צו ווערן פון זיי. אין אידישן פערטל איז די צאָל אידן אויסגעוואַקסן. אין איין בנין וואוינען צענדליקער משפחות. אַזא ענגשאַפט איז גורם קראַנקהייטן, וואָס באַדראָען אויך די שטאָט־איינוואוינער. דערפאַר בעטן זיי, אז נאָך היינטיקס יאָר זאָל מען אַלע אידן איבערפירן אין זייער פערטל.

פון ווארשע האָט מען איבערגעשיקט דעם מעמאָראַנדום צו דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע און געפאָדערט אן אויפקלערונג פון דער שטאָט־פאַרוואַלטונג. דעם 30־טן יוני 1830 האָט דער שטאָט־ראַט געמאָלדן, אז דער מעמאָראַנדום איז אַרויסגעשיקט געוואָרן דורך א גרופּע מענטשן אָן איר באַפולמעכטיקונג. צום ערשטן מאָל באַמערקט די שטאָט־פאַרוואַלטונג, אז דער מעמאָראַנדום טרייבט איבער און ער איז פול מיט שנאה. אינטערעסאַנטע פּרטים זיינען געוואָרן איבערגעגעבן וועגן די אונטערגעשריבענע אויפן מעמאָראַנדום: יוזעף מאַקס, אייגנטימער פון א גרויס פאַרמעגן. זיין גאַנצע האָפנונג איז, אז די רעגירונג אָדער די שטאָט־פאַרוואַלטונג וועלן קויפן זיינע פּלעצער צו בויען וואוינהייזער פאַר אידן; רזשעווסקי — א סוחר, פּאָלערט — א העגטשקע־מאַכער.ביידע הערן נישט אויף זיך צו באַקלאָגן. די שטאָט־פאַרוואַלטונג באַמיט זיך תמיד, אז די אידן זאָלן נישט אַריינדרינגען אין שטאָט אַריין. זי שטעלט פעסט, אז די אידן, וואָס וואוינען אין די קריסטלעכע הייזער, באַזיצן דערלויבענישן פון דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע און זיי מעגן וואוינען דאָרט ביזן איינאָרדענען דעם אידישן פערטל. די אידן פאַרמאָגן היפּאָטעקן אויף געוויסע הייזער. די הייזער זיינען נאָך פאַרשריבן אויפן נאָמען פון זייערע קריסטלעכע אייגנטימער, אָבער די אידן זיצן אין זיי אלס לאָקאַטאָרן און ס׳איז נישטאָ קיין געזעצלעכע מעגלעכקייט זיי צו באַזייטיקן. שוין א לאַנגע צייט דערלויבט נישט די שטאָט־פאַרוואַלטונג, אז אידן זאָלן קויפן קריסטלעכע הייזער אָדער וואוינען אין זיי. די דאָזיקע פאַראָרדענונג ווערט געגנוי אָפּגעהיטן.

אין מיטן פון אָט דער דיסקוסיע איז אויסגעבראָכן דער פּוילישער אויפשטאַנד און אַריינגעפירט ענדערונגען, אמת, נישט אויף לאַנג.

אין שייכות מיט דער פראַגע פון די אידישע שענקערס, וואָס האָבן געדאַרפט פאַרלאָזן די דערפער, איז אַריינגעטראָגן געוואָרן א פאָרשלאַג וועגן איבערפירן זיי אויף לאַנדווירטשאַפט. אין צוויי באַפעלן פון קאָמיסאַר, פון יאָר 1818 און פון 4.2.1823, איז פאַר די אידן, וואָס ווילן זיך פאַרנעמען מיט ערדאַרבעט, אויסגעטיילט געוואָרן באַזונדערע באָדנס און מ׳האָט זיי דערלויבט איינצואָרדנען זיך אין מלוכהשע גיטער. די דאָזיקע אידן האָט מען צוגעזאָגט פאַרשידענע הנחות, ווי באַפרייאונג פון שטייערן אין משך פון 3 ביז 12 יאָר, אומזיסט האָלץ אויף בויען הייזער און נאָך אנדערע פאַרלייכטערונגען.

נאָך אין דער צייט פון וואַרשעווער פירשטנטום האָבן די אדלל ייט זיך באמיט צוצוציען די אידן צו לאַנדווירטשאַפט, צוליב דער פאַרקלענערונג פון די ערד אַרבעטער אין רעזולטאַט פון די מלחמות און עפּידעמיעס. א סך גרויסע שטחים זיינען געווען וויסט, נישט בעאַרבעט.

נאָר אונטערן דרוק פון די אדללייט האָט די רעגירונג פון קאָנגרעס־פּוילן געפונען פאַר נויטיק צו באַשטימען א סטאַטוט וועגן די באַשעפטיקונגען פון אידן, צו דערלויבן זיי געוויסע פּראָפע־סיעס און אַנטוויקלען ביי זיי א חשק צו ערדאַרבעט. אָבער יענע וואָס האָבן געפּרוווט געניסן פון סטאַטוט, האָבן אָנגעטראָפן אויף שוועריקייטן.

אזוי איז געווען די געשיכטע מיט פערצן אידן אין דער קאַלישער וואָיעוואָדשאַפט. דעם 18.10.1828 האָבן זיי אָפּגעגעבן א בקשה צו באַזעצן זיי אויף ערד לויט דער אויבנדערמאָנטער תקנה. זיי זיינען באַשטראָפט געוואָרן, ווייל זיי האָבן אָנגערירט די סובטעלע געזעצן פון שטעמפּל־אָפּצאָל. זיי האָבן באַצאָלט 15 גראָשן אָנשטאָט 6 גילדן מיט 15 גראָשן. דערפאַר זיינען זיי באַשטראָפט געוואָרן מיט 84 גילדן. ווען זיי האָבן געזען אזא באַציאונג פון די מאַכט־אָרגאַנען, האָבן די אידן צוריקגעצויגן זייער בקשה. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אז אין דער גרופּע האָבן זיך געפונען קאַלישער אידן. אין קאַלישער קרייז האָט עקזיסטירט א אידישע קאָלאָניע נאָך אין יאָר 1814 — באָלעסלאַוואָו. אין איר האָבן זיך געפונען 18 מענער, 6 הייזער, 18 ווירטשאַפט־בנינים, 17 מאָרג זיי־פעלדער און 6 — פּאַשע־פעלדער.

# Proiekt

do Postanowienia Królewskiego oznaczaiącego Obręb dla Ludu wyznania Moyżeszowego w Mieście Woiewódzkim Kaliszu.—

Uważaiąc że zbyteczne skupienie się Ludu wyznania Moyżeszowego w Mieście Woiewódzkim Kaliszu, wystawia Mieszkańców na wielorakie niebezpieczeństwa, a mianowicie pożaru Ognia i utraty zdrowia; uważaiąc iż niechlujstwo i nieporządek są naturalnym skutkiem zbytnego skupienia się w małym okręgu, któremu z trudnością Policya nieypewna zapobiedz może.

Zapatrzywszy się nakoniec na dane przywileie w roku 1540 przez Królów miastu Kaliszowi nadanych, względem zamieszkiwania w nim Ludu wyznania Moyżeszowego ograniczaiące; na przełożenie etc. etc. stanowiemy:

## Art: 1.

Wypełniaiąc przepisów Postanowienia z daty 25 Kwietnia / 7 Maia 1822 roku oznaczamy na odosobniony Obręb dla zamieszkania Ludu wyznania Moyżeszowego w Mieście Woiewódzkim Kaliszu następuiące Ulice:

1. Ulica Złota, poczynaiąc od narożnika Głównego Rynku, według nowego przedłużenia teyże Ulicy aż do Rynku nowo założonego zwanego Piskorzewski.
2. Ulica Garbarska, według nowego przedłużenia i kierunku aż do Ulicy Targowisko Końskie.
3. Ulica Białoskornicza, poczynaiąc od narożnika Ulicy Sgo Jakóba aż do narożnika Ulicy Rybackiey.
4. Nowo założony Rynek Piskorzewski.
5. Ulica Krótka } ~~[illegible]~~
6. Ulica Wodna }
7. Ulica Długa,
8. Ulica Szeroka, ~~[illegible]~~
9. Ulica Zielona,
10. Ulica Nowa,
11. Ulica Kozia

Przy tych nie tylko dopiero wymienionych Ulicach i Rynku Piskorzewskim Lud wyznania Moyżeszowego odtąd mieszkać i Sklepy swe mieć może.—

## Art: 2.

Pozwalamy wszystkim bez wyiątku osobom wyznania Moyżeszowego

פלאן פון געטא לויט די תקנות פון 1822

# די קאלישער אידן און דער פוילישער אויפשטאנד 1830/31



יט דער גרינדונג פון די געהיימע פארבאנדן פון די פריי־מויערער מיט מיקאָליי דאבושיצקי בראש אין יאָר 1819 און די „פאטריאָטישע געזעלשאפט" (Towarzystwo Patriotyczne) אין יאָר 1821, האָט צווישן דער פוילישער געזעלשאפט זיך אָנגעהויבן א נאציאָנאלער אויפברויז.

נאָכן אויפלייזן די דאָזיקע פארבאנדן, זיינען געגרינדעט געוואָרן געהיימע יוגנט־אָרגאניזאציעס, וואָס זיינען געווען טעטיק אין דער אונטערערד ביזן אויסברוך פון אויפשטאנד אין נאָוועמבער 1830, נישט געקוקט אויף די אונטערדריקונגען און ארעסטן. די מיטגלידער פון די אָרגאניזאציעס האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאר דער מאסן־באטייליקונג אין די רייען פון אויפשטאנד. די געשעענישן פון נאָוועמבער אין ווארשע האָבן געהאט א שטארקן אָפקלאנג אין קאליש. מ'האָט תיכף אינטערנירט די מיליטערישע און זשאנדארם־קאָמאנדירן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין דינסט פון דער געהיים־פּאָליציי, אָנגעפירט פון רוסישע אגענטן. דאָס סטאציאָנירנדיקע מיליטער — 700 קאָזאקן און רוסישע וועכטער — זיינען געווען אזוי איבערראשט, אז זיי האָבן באלד געלייגט דאָס געווער. און פונקט ווי אין קאליש איז דאָס געשען אין אלע וואָיעוואָדשאפטן.

אין קאליש איז געוואָרן געשאפן א נייע מאכט און ס'האָט זיך אָנגעהויבן א מאָביליזאציע פון א מיליטערישן כוח און פון א וואך. אין אָנהויב יאנואר 1831 זיינען אויפן שטח פון די וואָיעוואָדשאפטן געוואָרן מאָביליזירט 84,861 פערזאָן. די ציווילע וואך אין קאליש איז באשטאנען פון 1321 בירגער.

וואָסערע איז געווען די שטעלונג פון די אידן? צום אויפשטאנד זיינען צוגעשטאנען א קליינע צאָל אויפגעקלערטע אידן אין ווארשע. דער זון פון בערעק יאָסעלעוויטש האָט מאָביליזירט אידן אין אידישן באטאליאָן.

די נאציאָנאלע רעגירונג איז נישט געווען להוט צו באטייליקן אידן. להיפך, זי האָט פארמיטן פון אידן זיך צו באטייליקן אין אויפשטאנד. פוילישע פערזענלעכקייטן, ווי אנטאָני מאכנאצקי, האָבן אין דעם פאקט געזען א גרויסן פעלער, וואָס איז עלול זיך נוקם צו זיין און אפילו דערפירן צו א מפלה פונעם אויפשטאנד.

אפילו די פוילישע געזעלשאפט גופא איז נישט געווען גענייגט צו באטייליקן אידן אין מיליטער. די מערהייט האָט אויפגענומען מיט באפרידיקונג דעם רעגירונגס־באשלוס, אז אידן דארפן צאָלן א דאָפּלטן רעקרוטן־שטייער אָנשטאָט מיליטער־דינסט. אויך די אידן זיינען נישט געווען להוט צו גיין אין מיליטער און די מנהיגים פון א ריי קהילות האָבן דעקלארירט פאר דער רעגירונג, אז זיי באפאָרצוגן דעם רעקרוטן־שטייער לגבי דעם פערזענלעכן אנטייל פון אידן אין מיליטער־דינסט.

אין געוויסע ערטער האָבן די רעגירונגס־שליחים פאָרגעשלאָגן צו געבן די אידן צייטווייליקע רעכט אויפן עקאָנאָמישן געביט, כדי זיי צוצוציען צום אויפשטאנד־מיליטער. דער שליח אין פּלאָצק האָט פאָרגעלייגט צו באפרייען פון שטייערן די אידישע בראָנפן־ברייזלער און זייערע צוהעלפער, היות די קריסטלעכע בראָנפן־ברייזלער זיינען געוואָרן מאָביליזירט אין מיליטער און עס עקזיסטירט א געפאר, אז אין די פראָווינץ־שטעט וועט מען נישט קענען לאָזן אין גאנג די בראָנפן־ברייזלעך.

דאָס פינאנס־מיניסטעריום האָט אָפּגעוואָרפן די דאָזיקע פאָרשלאגן מיט דער טענה, אז ס'איז שווער גובר צו זיין די קעגנערישקייט פון די אידן צו מיליטער־דינסט, אז זיי וועלן תמיד בעסער וועלן באצאָלן ספעציעלע שטייערן איידער מקריב זיין דאָס לעבן. פון דער צווייטער זייט איז די רעגירונג געווען פאראינטערעסירט אין באקומען געלט.

ווען די קאלישער וואָיעוואָדישע קאָמיסיע האָט באפוילן אלע אידן צו מאָביליזירן זיך אין דער נאציאָנאלער גווארדיע און אין די אָפּטיילונגען פון דער בירגער־וואך, האָבן די ראשי־הקהילה

שלמה זעליג קאַראַ, גרשון דרעהער און הירש וואַרעצקי זיך געווענדעט דעם 23־טן דעצעמבער 1830 מיט אַ ספּעציעלן מעמאָראַנדום צו דער רעגירונג. אין מעמאָראַנדום האָבן זיי אָנגעוויזן אויפן הסכם פון יאָר 1817, לויט וועלכן די אידן זיינען געוואָרן באַפרייט פון מיליטער־דינסט פאַר אַן אָפּצאָל פון רעקרוטן־שטייער. די קהילה פאַרשטייער האָבן זיך אויך געווענדעט צום בירגער־קאָמיטעט מיט אַ בקשה צו באַפרייען זיי פון יעטוועדער מיליטער־דינסט, ווייל ס'איז נישט רעכט, אַז אידן זאָלן לויט די פאַרשריפטן פון 1817 צאָלן רעקרוטן־שטייער און גלייכצייטיק ווערן מאָביליזירט אין מיליטער אָדער אין דער גוואַרדיע; דערפאַר דאַרף מען זיי באַפרייען פון צאָלן רעקרוטן־שטייער אָדער פון מיליטער־דינסט. ווען דער בירגער־קאָמיטעט האָט זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוהאַנדלען וועגן דעם, זיינען די אידן געווען געצוואונגען צו ווענדן זיך צו דער רעגירונג גופא.

טראָץ די דאָזיקע אינטערווענצן האָט די קהילה אַריינגעטראָגן איר ביישטייער פאַר די אויפשטאַנד־באַדערפעניש. די גרעסטע סומע האָבן בייגעשטייערט די אידישע סוחרים יוסף רעדליך, לודוויג מאַמראָט, פיליפּ שנער, אברהם נעלקען, יצחק בראַקמאַן און שלמה זלמן קאַראַר.

דעם 27.12 האָט דער אויבערשטער ראַט געענטפערט, אַז „אין איצטיקן מדינה־מצב קען קיין שום תושב זיך נישט באַזייטיקן פון פּערזענלעכער דינסט אין די באַטאַליאָנען פון דער זיכערקייט־וואַך; אדרבא, דער ראַט איז איבערצייגט, אַז די קאַלישער אידן וועלן זיך נעמען אַ ביישפּיל פון די וואַרשעווער אידן, וואָס אויסער דעם מאָביליזירן זיך אויף פּערזענלעכער דינסט, האָבן זיי זיך אויך מתנדב געווען, אַז מ'זאָל אויף זייער חשבון אָרגאַניזירן אַ אידישן באַטאַליאָן".

לויט דער אָנווייזונג פון וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, זיינען אין דער אידישער געזעלשאַפט אין קאַליש געזאַמלט געוואָרן שפּענדונגען פאַר אַ אידישן רייטער־באַטאַליאָן אונטער דער קאָמאַנדע פון יוסף בערקאָוויטש. די אידן האָבן אָבער נישט מנדב געווען מיט אַן אָפענער האַנט. דער שטאָט־פּרעזידענט סויקאָווסקי האָט איבערגעגעבן אין זיין באַריכט, אַז 25 אידן האָבן געשפּענדעט מיט זייער ווילן 76 גילדן מיט 15 גראָשן, און אונטער אַ דרוק זיינען געזאַמלט געוואָרן 20 גילדן מיט 30 גראָשן. עס זיינען געוואָרן קאָנפיסקירט ביי זיי פאַרשידענע חפצים ווי 3 לולקעס, שלייעורס, אייזערנע שינעס.

דעם 30.10 האָט דער קאַלישער בירגער יוזעף גאַלאַכאָווסקי זיך געווענדעט צום נאַציאָנאַלן ראַט מיט אַ בקשה וועגן מיליטער־דינסט פאַר אידן. לויט זיין מיינונג דאַרפן אידן דינען אין מיליטער און נישט ווערן באַפרייט פאַר אַן אָפּצאָל פון רעקרוטן־שטייער. די אידן האָבן געפאָדערט מבטל צו מאַכן דעם רעקרוטן־שטייער, וואָרעם ס'איז נישט יושרדיק צו האַלטן דעם שטריק בייביידע עקן. דער אויבערשטער־ראַט האָט באַשלאָסן צו ווענדן זיך צום אידישן קאָמיטעט אין וואַרשע און הערן זיין מיינונג.

דער אידישער קאָמיטעט האָט געענטפערט, אַז זייענדיק איבערצייגט, אַז דאָס אידישע פאָלק קען נישט זיין „גליקלעך" אויב עס וועט נישט זיין נוצלעך פאַר דער מדינה, איז ער געקומען צום אויספיר, אַז איינס פון די ווירקזאַמסטע מיטלען דערפאַר איז דינען אין מיליטער צוזאַמען מיט קריסטן, וועלכע דאַרפן זיך באַפרייען פון זייערע פאַראורטיילן, וואָס זיינען אַ שטערונג פאַר דער אסימילאַציע פון אידן צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. דער קאָמיטעט איז מסכים מיט גאַלאַכאָווסקיס מיינונג און לייגט פאָר, אַלס ווירקזאַמע מיטלען צו אַקטיוויזירן די אידן אייגנוויליק זיך צו מאָביליזירן אין פּוילישן מיליטער, די פאָלגנדיקע שריט:

א. פאַרזיכערן די אידישע פּרייוויליקע רעכטן אויף מיליטערישע ראַנגעס און פּריווילעגיעס, וועלכע ווערן אָנגעווענדעט לגבי די קריסטלעכע פּרייוויליקע;

ב. צוטיילן יעדן איד וואָס וועט באַקומען אַן אויסצייכנונג, אָדער ער האָט געדינט 10 יאָר, אים און זיינע יורשים אַלע בירגערלעכע רעכטן;

ג. באַפרייען די אידן, פון דער מאָביליזירונג אָן, פון אַלע שטייערן, וואָס ווערן אַרויפגעלייגט נאָר אויף אידן.

ווען מ'וואָלט געקענט איבערצייגן די אידן, אַז דער איסור צו דינען אין מיליטער אין שבתדיקן טאָג, דער איסור פון עסן טרפה מאכלים און ענלעכע רעליגיעזע תקנות דאַרפן אָפּטרעטן פאַר טובת הכלל, וואָלט עס געווען דאָס זיכערסטע מיטל אויף זיי משפיע צו זיין, אַז זיי זאָלן זיך

מאַביליזירן. אָבער עס געהערט נישט צו די פולמאכטן פון אידישן קאָמיטעט משפיע צו זיין אויף די אידן אין רעליגיעזע ענינים. דאָס געהערט צו די פולמאכטן פון די רבנים. און זיי דארף מען איבערצייגן, אז די פארטיידיקונג פון לאנד לייגט אויף זיי ארויף א הייליקן חוב צו פארעפנטלעכן אן אויפרוף צו זייערע פאָלקס־ברידער אין דעם דאָזיקן גייסט.

אויך נישקאָווסקי, אייגנטימער פון א גוט אין ווילונער קרייז, האָט אָפּגעגעבן דעם 12.2.1831 א ווענדונג אין בירגער־ראט קעגן געזעץ, וואָס באפרייט די אידן פון מיליטער־דינסט. לויט זיין מיינונג דארף יעדער תושב, וואָס געניסט פון שוץ פון לעבן און פארמעגן, באטייליקן זיך אין דער פארטיידיקונג פון היימלאנד; מען דארף נישט מאָביליזירן אין מיליטער קריסטן און באפרייען די אידן פאר א געלט־אָפּצאָל. דער רעזולטאט דערפון וועט זיין, אז די נישט אידישע באפעלקערונג, וואָס דינט אין מיליטער, וועט קלענער ווערן, און די אידן, באפרייטע פון מיליטער־דינסט, וועלן חתונה האָבן יונגערהייט און פארמערן זיך, לרעה פון דער מלוכה. שפעטער וועט זיין שווער פטור צו ווערן פון זיי. דווקא בעתן אויפשטאנד טאָר מען זיי נישט באפרייען פון מיליטער־דינסט. אויב מ׳זאָל פון 380,000 אידן אין פוילן מאָביליזירן נאָר א זעקסט־חלק פון 18 ביז 40 יאָר, וועלן 63,000 אידן דינען אין מיליטער; אויב נאָר יעדער פינפטער פון זיי איז מסוגל צו גיין אויפן פראָנט, וועלן צוקומען 12,000 קעמפער. די מיינונג, אז דער רעקרוטן־שטייער שיצט די אידן פון מיליטער־דינסט, דארף נישט זיין קיין שטער. עס וועט שווער זיין צו מאָביליזירן די אידן, ווארום די רייכע וועלן תמיד געפינען מיטלען זיך צו באפרייען, אָבער מ׳דארף פאָדערן פון די קהילות, אז זיי זאָלן איבערגעבן אין די מיליטערישע קאָמיסיעס, ווי דאָס טוט די אלגעמיינע באפעלקערונג, א באשטימטע צאָל רעקרוטן.

דער בירגער־ראט האָט דעם 18.2 איבערגעשיקט נישקאָווסקיס ווענדונג צום מיניסטער פאר אינערלעכע און פּאָליציי־ענינים אין ווארשע. אין דער בייגעלייגטער מעלדונג ווערט געזאָגט, אז נאָכדעם ווי דער ראט האָט באטראכט דעם דאָקומענט, האָט ער געפונען פאר נויטיק צו שיקן אים אין מיניסטעריום. דעם 27־טן פעברואר האָט דערויף געענטפערט מיניסטער לעלעוועל, אז הגם די סיבות און מאָטיוון אין מעמאָראנדום זיינען ריכטיקע קען מען זיך אזוי נישט נוהג זיין, ווייל די מדינה־קאסע נויטיקט זיך אין געלט. דערפאר איז די רעגירונג געצוואונגען צו פאר־דאָפּלען דעם רעקרוטן־שטייער און מוותר זיין אויף זייער מיליטער־דינסט. אָבער אויף להבא וועט מען אָננעמען אנטשפרעכנדיקע מיטלען און דאן וועט ווערן באהאנדלט נישקאָווסקיס פלאַן.

אויפן יסוד פונעם פאָרשלאג פון מיניסטעריום פון אינערלעכע און פּאָליציי־ענינים דעם 17.1.1831, האָט דער נאציאָנאַל־ראט באפולמעכטיקט דעם אויבנדערמאָנטן אמט צו פאַראָרדענען:

1. אין די וואָיעוואָדשאפטן, וואו די אידן וועלן אייגנוויליק זיך פארפליכטן אויף א דאָפּלטן אָפּצאָל פון רעקרוטן־שטייער פארן באפרייען זיי פון דינען אין דער גווארדיע, וועט מען ביי זיי תיכף איינמאָנען א העלפט פונעם אָפּצאָל און אָפּשיקן אין דער מדינה־קאסע.

2. אין די ערטער, וואו די אידן וועלן דאָס נישט טאָן, דארף מען זיי תיכף מאָביליזירן אין דער גווארדיע.

דעם 12־טן פעברואר 1831 האָט די קאלישער קאָמיסיע צווויסן געטאָן, אז זי האָט באפוילן דעם שטאָטראט און די קאָמיסארן איינצומאָנען א דאָפּלטן רעקרוטן־שטייער פון די אידן אין שטאָט. דעם 18־טן פעברואר האָט לעלעוועל איבערגעשיקט צו דער קאָמיסיע פון די מלוכה־הכנסות די אידישע דעקלאראציעס אין קאליש און אין קרייז וועגן זייער גרייטקייט צו באצאָלן א דאָפּלטן רעקרוטן־שטייער. אויף דער סיים־זיצונג דעם 3.6.1831 (באשלוס וועגן בודזשעט פארן יאָר 1831) איז אויף די קאלישער אידן ארויפגעלייגט געוואָרן רעקרוטן־שטייער אויף א סומע פון 244,051 גילדן.

די עקשנותדיקע שטעלונג פון דער אויפשטאנד־רעגירונג און איר נישט־ליבעראלע באציאונג צו דער אידישער פראגע, האָט ווייזט אויס געווירקט ווי א „קאלטער שפריץ" און באוויזן, אז די רעגירונג טראכט נאָר וועגן פארגרעסערן די הכנסות און וויל נישט אנערקענען, אז די אידן זיינען תושבים פון לאנד און זיי שטרעבן צו גלייכבארעכטיקונג. דאָס איז די סיבה פאר וואָס די קאלישער אידן זיינען נישט געגאנגען פרייוויליק אין מיליטער אָדער אין דער גווארדיע. פון די אידישע פרייוויליקע, באטייליקטע אין דער מלחמה, איז באוואוסט נאָר אלעקסאנדער מאָרגנשטערן, א זון פון קאלישער דאָקטאָר מיכאל מאָרגנשטערן. ער האָט געלערנט מעדיצין אין ווילנע און אנטיילגענומען אין דער פוילישער נאציאָנאַלער באוועגונג. אין יאָר 1833 האָט מען

אים ארויסגעטריבן פון אוניווערזיטעט צוליב זיינע פארבינדונגען מיט דער „קאָנספּיראַציע" פון פּוילישן רעוואָלוציאָנער שימאָן קאָנארסקי. נאָך עטלעכע יאָר האָט ער פארענדיקט זיין שטודיום אין קראָקע (1849). אין יאָר 1850 איז ער נאָמינירט געוואָרן אלס דאָקטאָר אין קרייז קאַליש און דערנאָך איז ער אריבער קיין ווארשע. ער איז געשטאָרבן אין יאָר 1871.

די פיינטלעכער באַציאונג

דער אויפשטאַנד האָט נישט באַוועגט די שטאָטלייט ארויסצווייזן וועלכע עס איז מאָס פון טאָלעראַנץ לגבי די אידישע איינוואוינער און מוותר צו זיין אויף דער פיינטלעכער באַציאונג, מיט וועלכער זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט זינט דעם 15־טן יאָרהונדערט.

תיכף נאָכן אויסברוך פונעם אויפשטאַנד, דעם 29.12.1830, האָט זיך פארזאַמלט דער בירגער־קאָמיטעט און דער שטאָטראַט און זיי האָבן באַשלאָסן אָפּצוגעבן א מעמאָראַנדום וועגן זייערע פאָדערונגען. דעם מעמאָראַנדום האָבן זיי דערלאַנגט דעם 8־טן יאַנואַר 1831. אין אים האָבן זיי זיך סומך געווען אויפן הסכם פון יאָר 1788 און געבעטן דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע איבער־צולאָזן דעם צושטאַנד פון די אידן אין ענין פון האַנדל מיט שארפע געטראַנקען, אזוי ווי ער איז געווען פארן יאָר 1815 אויפן יסוד פון קאָמפּעטענציע, און דערפאר טאָר נישט די אדמיניס־טראַציע באַשטימען דעם פארנעם פון די שענקערייִ־באַשעפטיקונג ביי אידן. ד' אידן פארמאָגן נישט קיין בירגער־רעכט, און דערפאר טאָרן זיי נישט געניסן פון די פרייהייטן פון די קריסטלעכע איינוואוינער. זיי האָבן נישט קיין חלק אין דער אנטוויקלונג פון דער שטאָט און אין בויען פאַבריקן. אויך אויף להבא דארף מען נישט דערלויבן אין אידישן פערטל מער ווי 4 אידישע שענקען. מ'דארף אָפּוואַרפן אלע אידישע ביטעס וועגן נייע דערלויבענישן, דאָ ווערן דערמאָנט די ווענדונגען פון אליהו מאַמלאָק און שפירא, וואָס זיינען געוואָרן אריינגעטראָגן נאָך פארן אויפשטאַנד. זאָרגנדיק פאר די פּריווילעגיעס און אינטערעסן פון ד' קריסטן, און צוליב דעם, וואָס דער קריסטלעכער האַנדל גייט אָן אויפהער איבער אין אידישע הענט, שטייט דער שטאָטראַט אויף דער וואך פון די שטאָטישע, ברענגט ארויס זייערע פאָדערונגען און בעט, אז די מאַכט זאָל לייגן אכט אויף זיי.

דעם 15.1.31 האָט די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע רעאַגירט אויף די בקשות פון דער אויבנדער־מאָנטער פארזאַמלונג: כל זמן די קאָמפּעטענציע וועט נישט ווערן באַהאַנדלט פארן געריכט, דארף מען דערלויבן קאָנסענסן פאר די שענק־אייגנטימער, וואָס בעטן דערלויבענישן. לעצטנס האָבן אָנגעגעבן בקשות אברהם נעלקען, הירש ווארעצקי, היימאַן שטאַרקמאַן, וואַלענטין לעווי. היות ווי זיי האָבן באַזיצן געהעריקע דאָקומענטן, האָט די קאָמיסיע באַשלאָסן, אז זיי האָבן די רעכט צו אימפּאָרטירן משקאות לויט זייער ווילן פון יעדן אָרט און די שטאָט־פארוואַלטונג טאָר זיי דערין נישט שטערן. מ'דארף אָנווייזן די אמטן, אז זיי זאָלן אויפהאַלטן די גילטיקייט פון די דערלויבענישן.

דער בירגער־קאָמיטעט האָט זיך נישט באַנוגנט מיט אָט דעם ענטפער און דעם 7.2 האָט זי אָפּגעגעבן א נייעם מעמאָראַנדום אין זעלבן סטיל, און דאָס מאָל — צום מיניסטער פאר אינערן און פּאָליציי־ענינים אין ווארשע.

דעם 15־טן מערץ 1831 האָט די קאָמיסיע באַקומען דעם ענטפער פון ווארשעווער קאָמיטעט, אין וועלכן עס ווערט געזאָגט, אז ביז איצט איז נישט איינגעפאַלן קיין אַפּעלאַציע פון שטאָטראַט קעגן דער קאָמפּעטענציע. אויב די אַפּעלאַציע וועט אָנקומען, וועט מען באַטראַכטן די ביטעס פון בירגער־קאָמיטעט.

דעם 7־טן מאַי האָט דער שטאָטראַט אָפּגעגעבן א מין פּראָטעסט קעגן דער אויפפירונג פון מיניסטעריום לגבי די שטאָט־פּריווילעגיעס, באַזונדערס בנוגע דעם פארבאָט אויף אידן צו האַנדלען מיט משקאות. אין איר ענטפער דער אינערן און פּאָליציי־קאָמיסיע דעם 17.3.1831 שטעלט פעסט די שטאָט־פארוואַלטונג, אז ביים אָנהויב פון אויפשטאַנד איז געשאַפן געוואָרן א נייע שטאָטישע קאָמיסיע, וואָס האָט זיך פארנומען מיט דעם ענין. די קריסטלעכע סוחרים האָבן זיך באַקלאָגט פאר איר קעגן דעם ארויסגעבן דערלויבענישן פאר אידן, טראָץ דעם הסכם פון יאָר 1788. די קריסטלעכע סוחרים האָבן געבעטן דעם 29.12.1830 ביי דער קאָמיסיע פאר אינערן־ענינים אכטונג צו געבן אויף די פּריווילעגיעס. די קרייז־קאָמיסיע האָט געפאָדערט צוצושטעלן די געהעריקע דאָקומענטן, און ספּעציעל א באַגלויבטע קאָפּיע פונעם הסכם. אָבער די הסכם־פּאַראַגראַפן ווערן נישט אָפּגעהיטן. די אידן טוען ווייטער דאָס זייערדיקע און זיינען

גורם שאָדן די קריסטלעכע סוחרים, וואָס קענען זיך נישט אנטקעגנשטעלן דער אידישער דורכגעטריבנקייט און זייערע שפיצלעך. אויפן יסוד פונעם באשלוס פון דער אדמיניסטראטיווער קאָמיסיע דעם 2.6.1821, אז כל זמן דאָס געריכט וועט נישט דעצידירן וועגן הסכם, דאַרף מען די אידן, וואָס האָבן באקומען קאָנצעסיע, אויסטיילן דערלויבענישן אויף פירן זייער מסחר — האָט די קאָמיסיע איבערגעלאָזט דעם מסחר ביי די אידן אין בפירושן קעגנזאַץ צום הסכם, וועלכער איז געוואָרן אנולירט דורכן געריכט; להיפך, ס'איז נישטאָ קיין שום גרונט צו האָפן, אז דער סכסוך זאָל ווערן דערליידיקט אויפן געריכטלעכן וועג. מ'דאַרף אויספירן די הסכם פאַראַגראַפן, אזוי ווי זיי זיינען געשריבן. אויב די אידן האַלטן, אז עס געשעט זיי אַן עוולה, זאָלן זיי זיך ווענדן צום געריכט; כל זמן זיי טוען דאָס נישט, דאַרפן זיי זיך אונטערוואַרפן דעם הסכם. די שטאָט-פאַרוואַלטונג פאָדערט אויפצוהערן אויסצונוצן נישט גערעכטלעך די פאַראָרדענונגען פון דער אויפשטאַנד-צייט. זי פאָדערט א רעגירונגס-באַפעל אויסצופירן דעם הסכם אין אלע זיינע פאַראַגראַפן: די שטאָטישע פאַרוואַלטונג זאָל קענען מבטל מאַכן אלע אידישע קאָנצעסיעס, און פאַרווערן זיי דעם האנדל מיט שאַרפע געטראַנקען, מעד, הערינג, שטאָקפיש, ווי דאָס איז געוואָרן באַשטימט אין הסכם און דערלויבן האַלטן שענקן בלויז אין אידישן פערטל.

די רעגירונג אין וואַרשע האָט נישט רעאַגירט אויף די פאָדערונגען פון דער שטאָט-פאַרוואַלטונג. זי איז געווען באַלאָדן מיט שווערע זאָרגן אין שייכות מיטן אויפשטאַנד.

טראָץ די אָנקלאַגעס פון די שטאָטישע האָבן יחידים באַקומען קאָנסענסן אויפן מסחר מיט שאַרפע משקאות. צווישן זיי האָט זיך אויסגעטיילט וואַלענטין לעווי, א סוחר פון יאָר 1813, וואָס האָט זיך פאַרנומען אויך מיט משקאות-האנדל. אין יאָר 1823 האָט ער פאַרגרעסערט דעם מסחר און באַקומען א דערלויבעניש, אמת א צייטווייליקן, פאַר זיין האנדל מיט וויינען און אנדערע שאַרפע געטראַנקען. אין דער צייט פונעם אויפשטאַנד האָט ער באַקומען א דער־לויבעניש, א נישט באַגרענעצטן אין צייט. ער האָט אָנגעהערט צו דער גרופע אויפגעקלערטע אידן, וואָס האָבן געטראָגן אייראָפּעאישע קליידער, באַהערשט פראַנצויזיש און דייטש און זיינע קינדער האָבן געלערנט אין דער אַלגעמיינער שולע און אין פּריוואַטע קריסטלעכע דערציאונגס־אנשטאַלטן. אויף דעם סמך האָט ער געבעטן א דערלויבעניש צו וואוינען אין קריסטלעכן טייל שטאָט, אויף מאַריאַנסקע-גאַס, וואו ער האָט אויך געדינגען א געשעפט. מיט זיין בקשה האָט זיך פאַרנומען די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע שוין נאָכן אויפשטאַנד און באַשלאָסן דעם 20־טן מערץ 1832 צוצוטיילן אים א דערלויבעניש אויף מסחר און וואוינונג אין קריסטלעכן טייל שטאָט.

אין די דרייסיקער יאָרן לאָזט זיך באַמערקן א פּראָצעס צווישן די אידישע סוחרים אַרויסצוגיין פון די ענגע גרענעצן פון אידישן פערטל. זייערע געשעפטן האָבן זיך אַנטוויקלט, זיי האָבן שוין געקענט פּויליש, און א טייל — אויך דייטש און פראַנצויזיש.

צוליב זייערע אָפטע נסיעות קיין וואַרשע און קיין אויסלאַנד, האָבן זיי אָנגעטאָן אייראָפּעאישע מלבושים און אָנגעהויבן געבן די קינדער, אויסער א אידישע דערציאונג, אויך אַן אַלגעמיינע. א סך פון זיי האָבן געשיקט די קינדער אין דער אַלגעמיינער שולע; נאָך אין יאָר 1822 האָט, אויף דער השתדלות פון לודוויג מאַמראָט, די קהילה באַקומען א רעגירונגס-דערלויבעניש צו עפענען א אידישע שולע, אָבער צוליבן קעגנשטעלן זיך פון הרב אשכנזי איז מען געווען געצוואונגען די דערלויבענעש נישט אויסצונוצן. פון איין שריפט דערוויסן מיר זיך, אז נישט ווייניק פון די רייכע סוחרים האָבן געשיקט שטודירן זייערע זין און טעכטער אין ברעסלוי אָדער אין בערלין.

פאַרלייכטערונגען

נאָכן אויפשטאַנד האָבן די מאַכט-אָרגאַנען מילדער זיך באַצויגן אין די ענינים פון קאָנסענסן און וואוינונגס-רעכט אויסער דעם אידישן פערטל, און די מערהייט בקשות פון יאָר 1832 זיינען געוואָרן דערליידיקט פּאָזיטיוו, נישט געקוקט אויף די אַפּעלאַציעס פון שטאָטראַט. ס'זיינען אויך געווען פאַלן, אז דער סוחרים-פאַרבאַנד האָט נישט אַפּגעזאָגט אַריינצונעמען דעם פּעטענט אין דער סוחרישער-רשימה.

אקעגן דעם סומך זיין זיך פון שטאָטראַט אויפן הסכם פון יאָר 1788, האָבן די אידן אָנגעוויזן אויף דער ענדערונג פון מצב און די באַדינגונגען. די אידן טראָגן אויף זיך דעם עול פון אַלע שטייערן און אָפּצאָלן, ווי אלע איינוואוינער. מ'דאַרף זיי נישט באַטראַכטן אלס א פרעמדן

קערפער און דערלויבן זיי האנדלען און ארבעטן אין אלע שטאָט־טיילן. אָט דער מאָטיוו האָט נישט איין מאָל געפונען אן אָפּן אויער ביים העכערן באאמטנטום אין ווארשע.

אין זיין בקשה פון 10.12.1832 טענהט דער אידישער סוחר מאָריץ ראָזען, אז דער פאקט, וואָס ער האָט שוין עטלעכע מאָל באקומען א דערלויבעניש באַווייזט די אומבארעכטיקטקייט סומך צו זיין זיך אויף דער קאָמפּעלענציע. זי איז אין קעגנזאץ צו די מדינה־געזעצן, וואָס פארפליכטן איין מאָס לגבי אלע איינוואוינער.

אין יענע יאָרן טרעפן מיר זיך אָן מיט א דערשיינונג פון פאראינטערעסירטקייט לטובת אידן. די בירגער, אין וועמענס הייזער ס'האָבן געוואוינט אידן, האָבן אָנגעהויבן זיך ווענדן צו דער מאכט מיט בקשות נישט ארויסצוטרייבן די לאָקאטאָרן, כדי דאָס זאָל נישט גורם זיין קיין שאָדן די קריסטלעכע אייגנטימער. אנדערע האָבן אויפגעוויזן, אז זיי האָבן אריינגעלייגט גרויסע סומעס ביים רעמאָנטירן זייערע הייזער, ביים איבערארבעטן זיי אויף געוועלבער אָדער פאבריקן, וואָס זיי האָבן פארדינגען צו אידן. עס זיינען אויך געווען קריסטלעכע הויז־אייגנטימער, וואָס האָבן געבעטן דערלויבענישן פאר אידישע לאָקאטאָרן, וואָס ווילן כלומרשט איינאָרדענען וואר־שטאטן אָדער פאבריקן.

אין די יאָרן 1830—1832 האָבן אידישע סוחרים אָנגעהויבן שאפן אויך ווארשטאטן, וואָס זיינען מיט דער צייט פארוואנדלט געוואָרן אין פאבריקן. למשל: יוסף צעלענקעוויטש האָט אָנגהויבן מיט מסחר אין קאליש אין יאָר 1817. אין משך פון דער צייט האָט ער איינגעאָרדנט אין צוויי קריסטלעכע הייזער אין א ווארשעווער פאָרשטאָט א וועב־פאבריק — אָן דער שטיצע פון דער רעגירונג — אויסגעשטאַט מיט אינסטרומענטן און מאשינען. ווען ער האָט אין יאָר 1832 געבעטן א דערלויבעניש צו וואוינען אויף א קריסטלעכער גאס און איינאָרדענען דאָרט א סקלאד, האָבן די אָרטיקע מאכט־אָרגאנען אים אָפּגעזאָגט.

שמעון פערלע, א אידישער וועבער־מייסטער און א מיטגליד פון וועבער־צעך, האָט געארבעט ביי אנדערע אין ווארשטאטן. מיט דער צייט האָט ער איינגעאָרדנט אן אייגענעם ווארשטאט און באשעפטיקט אויך א געוויסע צאָל וועבער פון דרויסן. דער פארנעם פון זיינע געשעפטן איז אַלץ גרעסער געוואָרן. ער איז צוגעטראָטן אָרגאניזירן א פאבריק און געבעטן א דערלויבעניש אויפצושטעלן זי אויף א קריסטלעכער גאס. ווינצענטי פזשעכאצקי, הויז־אייגנטימער נומער 441, האָט אים פארדינגען א טייל פון זיין הויז. פערלע האָט באטאָנט, אז ער איז אייראָפּעאיש געקליידט, רעדט פויליש און איז א מיטגליד פון וועבער־צעך. אין די דרייסיקער־פערציקער יאָרן האָט שמעון פערלע איינגעאָרדנט נאָך צוויי ווארשטאטן און ארויסגעגעבן רוישטאָף צום באארבעטן צוויי וועבער אין דאָרף דאָברא־מאלאָ נעבן קאליש. ער האָט זיך קוואליפיצירט ביים אויסארבעטן באטיסט, פארבן קרעטאָנען. זיין פראָדוקציע איז כסדר געוואקסן. אין יאָר 1863 האָט ער געגעבן ארבעט 21 וועבער־ווארשטאטן און באשעפטיקט 40 ארבעטער.

אז מ'האָט אים געוואָלט באזייטיקן פון דער קריסטלעכער געגנט, האָט ער אויפגעוויזן די מאכט־אָרגאנען, אז ער גיט פרנסה פאר וועבער פון קאליש און איר סביבה. ער איז געווען פון די ערשטע אידן, וואָס האָט אויפגעשטעלט א פאבריק פון בענדער און לענטעס, נאָכדעם ווי אזא פאבריק איז פארלייגט געוואָרן דורכן דייטש בוהלעגער. אין יאָר 1859 האָט ער אויך געשאפן אן אונטערנעמונג צום פארבן וועב און אויסגעהאלטן די קאָנקורענץ מיט 3 דייטשע פאבריקן אויף פארבן וועב.

צו די ערשטע אידישע פאבריקאנטן דארף מען צורעכענען דוד שפיר. ער האָט געשאפן א פאבריק פון בענדער און לענטעס, אויך אין פזשעכאָצקיס הויז. דער שטאָטראט האָט געשיקט צום אייגנטימער אן עקסמיסיע־באפעל, מיטן מאָטיוו, אז אויף דער גאס טאָרן נישט וואוינען קיין אידן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן לאנגע אונטערהאנדלונגען. אין דעם זעלבן הויז וואוינען דאָך אידן שוין פון יאָרן. שפיר האָט אויפגעוויזן, אז ער האָט נישט בדעה דאָרט צו וואוינען. ער האָט בלויז געדונגען דארט א גרויסן זאל אויף א פאבריק. אין דעם אידישן פערטל איז נישטאָ קיין פאסיקער זאל פאר אזא פאבריק. דער שטאָטראט האָט געטענהט, אז די פאבריק דינט ווי א מאסקע פאר אנדערע באדערפענישן. שפיר האָט זיך נישט דערשראָקן און אפעלירט אין ווארשע, ביז ער האָט סוף־סוף באַקומען די דערלויבעניש.

צווישן די ערשטע פאבריקאנטן געפינט זיך אויך פאביאן היימאן, א הענטשקע־נייער. ער

האָט געעפנט א געשעפט אין דער קריסטלעכער געגנט, און אין א צייט ארום — אויך א פאבריק. זיין פראָדוקציע איז געוואָרן בארימט אויך אויסער קאליש.

כדי צו פארלייכטערן די אינדוסטריעלער, וואָס האָבן אָנגעויבן אויפשטעלן פאבריקן אין קאליש, האָט די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע געעפנט אין יאָר 1824 א בוימוואָל־סקלאַד ביים סוחר שנער. דאָרט האָט מען פארקויפט שפּין־בוימוואָל פון אימפּאָרט. די פאבריקאנטן האָט מען גאראנטירט באשטימטע קויף־באדינגונגען, וועלכע זיינען געבונדן מיט די טערמינען פון זייער באזעצן זיך און דעם אופן פון צאָלן — מיט מזומנים אָדער אויף קרעדיט — אלץ לויטן הסכם.

גרויסע סוחרים

אין סוף פון די דרייסיקער יאָרן האָט אין די אידישע סוחרים־קרייזן זיך אָנגעזעצן דוד לאנדא. ער מיט זיין פרוי ערנעסטינע האָבן געקויפט אין צענטער שטאָט א הויז (נומער 26) פאר 80,000 גילדן. דערפאר ווייל ער איז געווען אייראָפּעאיש געקליידט, געשיקט זיינע קינדער אין אַן אלגעמיינער שולע און אין שטוב האָט ער גערעדט פויליש, האָט ער באקומען א דערלויבעניש צו קויפן דאָס הויז און צו וואוינען אין אים. אין קאליש האָט ער זיך פארנומען מיט מסחר און ער האָט זיך פאראינטערעסירט מיט דער לאָדזשער וועב־אינדוסטרי, וועלכע איז דעמאָלט געווען ביים אָנהויב פון איר אנטוויקלונג. אין יאָר 1833 האָט ער באקומען א דערלויבעניש איינצוואָרדענען אין לאָדז א סקלאַד פון שפּין־וואָל. די דייטשע פאבריקאנטן און וועבער האָבן געשיקט אָנקלאַגעס און געטענהט, אז „די אידן קומען קיין לאָדזש, כדי צו מאכן אלערליי אפערעס". אָבער זיי האָט זיך גאָרנישט איינגעגעבן. אין יאָר 1848 האָט לאנדא, קעגן ווילן פון דער שטאָט לאָדזש, איינגעאָרדנט א וועב־פאבריק און אינוועסטירט אין איר 50,000 רובל. די אונטערנעמונג איז געוואָרן געפירט דורך זיין זון שמואל. ער אליין האָט ווייטער געפירט זיין מסחר אין קאליש. די פאבריק האָט נישט מצליח געווען. אין יאָר 1848 האָט ער זיך פארפלאָנטערט אין געלט־ענינים. לאנדא האָט פארבעטן פון ענגלאנד א ספעציאליסט און צוויי טעכניקער. אָבער אויך זיי האָבן נישט געראטעוועט די לאגע. אין יאָר 1862 האָט מען די פאבריק פארמאכט און זי איז פארקויפט געוואָרן צו שייבלערן אין יאָר 1878. דאקעגן לאנדאס געשעפטן אין קאליש האָבן זיך אנטוויקלט.

א סוחר מיט איניציאטיוו און שוואונג איז געווען שמואל יחזקאל זאלצמאַן. אויך ער האָט געהאלטן א סקלאַד פון שפּין־וואָל אין לאָדז. שפּעטער האָט ער זיך פארנומען מיטן ארענדירן די הכנסות פון די באַדערפעניש־אָפּצאָלן אין קאליש. וועגן פארנעם פונעם שפּין־וואָל־אימפּאָרט רעדט די סומע 18,000 צאָל־געלט, וואָס ער האָט אריינגעטראָגן אין יאָר 1840. די מאכט האָט אָפּגעשאצט זיין טעטיקייט און זי אָפּגעמערקט אלס א פּאָזיטיווע און ווירקזאמע לטובת דעם אנטוויקלונג פון דער לאָדזשער אינדוסטרי. ער האָט געהאנדלט מיט וועב, ארענדירט שענקען, געבויט הייזער און פארנומען זיך מיט לאנדווירטשאפט.

אין יענער תקופה האָט זיך באוויזן א גרופע אויפגעקלערטע אידן (Żydzi cywilizowani). אונטערן איינפלוס פון דער אויפקלערונג, וואָס איז פון דייטשלאנד אריינגעדרונגען קיין קאליש, דער גרענעץ־שטאָט, פריער ווי אין אנדערע טיילן פוילן — האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צופּאסן צום גוישן לעבנס־שטייגער. זיי האָבן גערעדט און געשריבן דייטש און פויליש און זיך באמיט אויסערלעך זיך נישט אונטערצושיידן פון דער קריסטלעכער באפעלקערונג. אויף דעם סמך האָבן זיי געבעטן ביי דער מאכט רעכט צו וואוינען און פירן געשעפטן אין די קריסטלעכע גאסן. ארום דעם ענין האָבן זיי געפירט א שווערן קאמף מיטן שטאָטראט און מיט דער צענטראלער מאכט אין ווארשע. נישט איינער פון זיי האָט, מיט דער פארמיטלונג פון קאָמיסאריאט, זיך געווענדעט צום קעניג פון פוילן — דעם צאר אין פעטערבורג.

צווישן די פּעטענטן זיינען געווען א סך הורט־סוחרים, וואָס האָבן בעיקר געהאנדלט מיט שארפע אימפּאָרט־געטראנקען, שפּייז־פּראָדוקטן, זייד, וועב פון דייטשלאנד און פון ענגלאנד. זיי זיינען געווען ליפעראנטן פאר דער מאכט און פארן מיליטער, ארענדאטאָרן פון לאָטעריע־אונטערנעמונגען און פון מלוכהשע הכנסות. על פי רוב האָבן די מאכט־אָרגאנען אָפּגעוואָרפן די בקשות, ס'זיינען אָבער געווען אידן, וואָס האָבן געפאָדערט פון דער מאכט א גענויע אויפקלערונג פאר וואָס מ'האָט זיי געענטפערט נעגאטיוו.

א שווערע פראגע פון יורידישן שטאנדפּונקט איז געווען דער ענין מיט אידישע הענדלער, וואָס האָבן אויפגעשטעלט אין די קריסטלעכע גאסן, באזונדערס אין צענטער שטאָט, קיאָסקן

פון צעלניק, זיסוואַרג א.ד.ג. מיר לייענען אין זייערע ווענדונגען דירעקט צום גענעראַל גאַלאָווין, לייטער פון דער קאָמיסיע פאַר אינערלעכע ענינים אין וואַרשע, אַז די פּאָליציי פירט זיך לגבי זיי אַנגרייפעריש און אכזריותדיק.

די צאָל בקשות איז אַלץ געוואַקסן. די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע האָט צו וויסן געטאָן דעם 2.6.1832 וועגן אנולירן אַלע דערלויבענישן, וואָס די „קולטורעלע״ אידן האָבן באַקומען צו וואוינען אין דער קריסטלעכער געגנט. לויטן דעקרעט פון 7.8.1828 מעגן אידן וואוינען אין די הייזער און גאַסן, וואו זיי האָבן פריער געוואוינט, כל זמן ס׳איז נישט באַשטימט קיין אידישער פּערטל. דערפאַר ווייל די צאָל רעקאָמענדאַציעס צו באַקומען אַזעלכע דערלויבענישן ווערט אַלץ גרעסער, האָט די קאָמיסיע באַשלאָסן נישט אַרויסצוגעבן נייע דערלויבענישן, דאַקעגן די אידן, וואָס וואוינען שוין לאַנג אין די קריסטלעכע גאַסן, וועלן ווייטער דאָרט בלייבן, ביז ס׳וועט ענדגילטיק ווערן פעסטגעשטעלט די גרענעץ פון אידישן פּערטל. די אידן האָבן אָבער ווייטער אַנגעגעבן בקשות וועגן וואוינונגס־דערלויבענישן אין קריסטלעכע הייזער און גאַסן.

אין אַפּריל 1834 האָט דער שטאָטראַט באַפוילן 20 אידן, סוחרים און סתם לאָקאַטאָרן, אַז זיי זאָלן אין משך פון 3 ביז 8 טעג פאַרלאָזן זייערע וואוינונגען אין קריסטלעכע הייזער; אויב זיי וועלן נישט פאָלגן, וועלן זיי ווערן באַזייטיקט דורך פּאָליציי.

די קהילה־אָנפירונג האָט זיך באַמיט אָפּצוראַטעווען די אידישע תושבים פון אַן עקאָנאָמישן חורבן. דעם 29־טן אַפּריל 1834 האָבן די ראשי־הקהילה זיך געווענדעט וועגן דעם צו דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע און געבעטן צו נעמען אין אַכט דעם שווערן צושטאַנד צוליב דער ענגשאַפט אין אידישן פּערטל, וואָס איז אויך געשעדיקט געוואָרן דורך שריפות.

דעם 26־טן מאַי האָט די קאָמיסיע געענטפערט מיט אַ שאַרפן טאָן און אַפילו געטאַדלט די קהילה־אָנפירער, אַז זייער ביטע „באַווייזט, אַז די קהילה־אָנפירונג ווייסט מסתמא, אַז דער אידישער פּערטל אין קאַליש עקזיסטירט שוין הונדערטער יאָרן, אַז אַ פרעמדן איד איז דאָ פאַרווערט צו וואוינען, און זיי וויסן געוויס אויך, אַז מיט אַ לאַנגער צייט צוריק האָבן אין שטאָט זיך געפונען בלויז איינצלנע פאַמיליעס און זיי האָבן געוואוינט אויפן פּלאַץ, וואָס איז פאַר זיי געוואָרן באַשטימט״. דאָס אַריינדרינגען פון אידן אין קריסטלעכע געגנטן איז, לויטן ענטפער, אַ נישט־געזעצלעכע האַנדלונג, הגם די אַרטיקלען און די העכערע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אַנערקענט דעם פאַקט, אַז דער אידישער פּערטל נעמט נישט אַריין אין זיך אַלע אידן. די מאַכט האָט באַשטימט נאָך אַ ריי גאַסן, אין וועלכע אידן וועלן מעגן וואוינען לויט דערלויבענישן. כדי די פּאָליציי זאָל האָבן אַן אויג אויף יעדן אידן, וואָס גייט אַריין אין אַ דירה אויף די גאַסן, אָדער ער ציט זיך אַרויס, איז אויף דער קהלה־אָנפירונג אַרויפגעלייגט געוואָרן די פליכט צו מעלדן 3 מאָל אין שול, אַז יעדער, איד, וואָס וועט זיך איבערציען אָן אַ דערלויבעניש, וועט ווערן אַרויסגעטריבן דורך דער פּאָליציי און באַשטראָפט ווערן אָן קיין שום טענות מיט 100 גילדן.

„די קאָמיסיע וועט נישט קענען פאַרשווייגן דעם ענין. זי באַזיצט גענוגנדיקע באַווייזן אויף צו באַשולדיקן די קהילה־אָנפירונג אין גלייכגילטיקייט, באַזונדערס וואָס שייך דעם באַזעצן זיך פון פרעמדע אידן אין שטאָט, אַ זאַך, וואָס ברענגט זיי נאָר שאָדן. די קאָמיסיע וועט נישט קענען מסכים זיין, אַז די אידן זאָלן זיך פאַרשפּרייטן איבער דער גאַנצער שטאָט, און דערפאַר איז זי געצוואונגען אָפּזאָגן אַרויסגעבן דערלויבענישן. פון איצט אָן וועט מען אָפּזאָגן יעדע ווענדונג וועגן באַקומען אַ וואוינונג אָדער אַ פּלאַץ אויף מסחר אין אַ קריסטלעך הויז, וואו ביז איצט האָט נישט געוואוינט קיין אידישער לאָקאַטאָר. די דאָזיקע שריט ווערן אָנגענומען דערפאַר, ווייל די קהילה־אָנפירונג איז נישט געווען אויפמערקזאַם צו דעם אַריינדרינגען פון פרעמדע אידן אין שטאָט אַריין, און מיט דעם האָט זי געבראַכט שאָדן זיך אַליין״. צום סוף טיילט מיט די קאָמיסיע, אַז זי וועט נישט פאַרווערן דעם שטאָטראַט צו רעקאָמענדירן פאַר איר אויף אָרנטלעכע אידן, וואָס וועלן זיך ווינטשן צו וואוינען אין קריסטלעכע הייזער, אין גאַסן דערלויבטע פאַר אידן. לויט דער מיינונג פון דער קאָמיסיע איז געוואונטשן, אַז די אידן זאָלן אויסנוצן דעם בוי־פאָנד און בויען הייזער. דערין וועט די מאַכט זיי אַרויסווייזן הילף.

דער ענטפער פון דער קאָמיסיע האָט קלאָר געמאַכט דער קהילה די שוועריקייטן, וואָס דער־וואַרטן אידן.

תיכף נאָכן דערהאלטן דעם דאָזיקן ענטפער, האָט די קהילה־אָנפירונג זיך געווענדעט דעם 30־טן מאי צום קאָמיסאר גענעראל פאשקיעוויטש מיט א פעטיציע פון פאָלגנדיקן אינהאלט:

„דער אויפזיכטס־ראט פון דער אידישער קהילה אין קאליש האָט די דרייסטקייט זיך צו ווענדן אין נאָמען פון די מיטגלידער צו זיין עקסעלענץ דעם קאָמיסאר אין טיפער הכנעה. פערציק יאָר וואוינען אידן, אויפן סמך פון געזעצן וואָס דער שטאָטראט האָט באשטימט, אויף א פלאַץ, פאר וועלכן מ'האָט באצאָלט דעם פרייז אין די יאָרן 1812, 1813; כדי זיי זאָלן נישט וואוינען אין ענגשאפט האָט דער שטאָטראט זיי צוגעגעבן גאסן אויף וואוינונגס־באדערפענישן. זיי בעטן זיין עקסעלענץ איבערלאָזן ביי די אידן די דירות, אין וועלכע זיי וואוינען.

דער אויפזיכט־ראט: גרשון דרעהער,
הערש ווארעצקי".

באשטעטיקונג פון וואוינרעכט

דאָס ביוראָ פונעם קאָמיסאר האָט געמאָלדן דער קהילה־אָנפירונג דעם 30.9.1834, אז ס'איז ארויסגעגעבן געוואָרן א פאראָרדנונג דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע אין קאליש איבערצולאָזן אין זייערע דירות די אידן, וואָס האבן אין יאָר 1833 געוואוינט אין די פארווערטע פאר אידן גאסן און נישט שטערן זיי צו דינגען געוועלבער אין די הייזער פון יענע גאסן.

נאָך פאָרן דערהאלטן דעם דאָזיקן ענטפער האָט די קהילה געגעבן דעם 20.7.1834 א באפול־מעכטיקונג, אונטערגעשריבן דורך גרשון דרעהער און הערש ווארעצקי, דעם קאלישער תושב ליפמאן ווארעצקי, אז ער זאָל פאָרן קיין ווארשע און אָפּגעבן דער צענטראלער מאכט צוויי ווענדונגען.

ליפמאן ווארעצקי איז א סך יאָרן געווען שתדלן פון דער קאלישער קהילה און אין ווארשע האָט ער געהאט פארבינדונגען אין די רעגירונגס־אמטן. דעם 27.7.1834 האָט ער אין נאָמען פון דער קהילה אָפּגעגעבן 2 בקשות צום קאָמיטעט פאר אינערלעכע ענינים. ער האָט בייגעלייגט א ריי עקסמיסיע־באפעלן, וואָס דער שטאָטראט האָט געשיקט צו פארשידענע אידן. צוליב דעם זיך דערנעענטערנדיקן ווינטער האָט ווארעצקי געבעטן אָפּלייגן דאָס אויספירן די באפעלן. אין קאליש עקזיסטירט נישט קיין אידישער פערטל. אויב ער וועט אפילו אנטשטיין, וועט ער נישט קענען אין זיך אריינגעמען 700 משפחות. די קריסטן זיינען נישט קעגן, אז אידן זאָלן ביי זיי וואוינען, בפרט ווען זיי האָבן שוועריקייטן ביים פארדינגען די וואוינונגען און געשעפטן. צו דער ווענדונג פון דער קהילה זענען נאָך בייגעלייגט די ווענדונגען פון מאיאָר ניעדזשעלסקי, וועלכער האָט אויפגעבויט א נייע הויז און ער איז פאראינטערעסירט אין לאָקאטאָרן, און פון ווינצענטי פזשעכאצקי, אן אייגנטימער פון צוויי הייזער, וועלכער בעט אויך צו פארלענגערן די וואוינונגס־דערלויבעניש פון די אידן, וואָס וואוינען ביי אים אין די הייזער.

אין דער קהילה־ווענדונג ווערן געבראכט אויך פאָלגנדיקע פאלן: וואלענטי לעווי, ישראל דוד מאמלאָק האָבן געבעטן א דערלויבעניש צו וואוינען אין קריסטלעכן טייל שטאָט; ישראל טענצער, הירש לייבל שפירא, פנחס מאמלאָק און מאנעס פישל, האָבן געבעטן דערלויבענישן צו האנדלען מיט משקאות, אָדער איבערפירן זייערע געשעפטן אין א קריסטלעכער גאס אויף א צווייטן אָרט.

דער קאָמיטעט פאר אינערלעכע ענינים האָט אָנגעפרעגט אין קאליש, צי דער איד ליפמאן ווארעצקי איז א באפולמעכטיקער פון דער קהילה. דער קאָמיטעט האָט אויך פארלאנגט די מיינונג פון דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע. דעם 27.9.1834 האָט די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע דער־קלערט, אז איר אויפגאבע איז צו שטיין אויף דער וואך פון די שטאָט־פריווילעגיעס און דערפאר האָט זי ארויסגעגעבן עקסמיסיע־באפעלן; בעת די לעצטע מהומות — דאָס ווערט געמיינט דער אויפשטאנד פון 1830 — זיינען אידן אריין אין הייזער, וואו קיין אידן האָבן קיינמאָל נישט געוואוינט. די קאָמיסיע איז מיט דעם אויך אויסן געווען צו באוועגן די אידן זיי זאָלן בויען הייזער אין דער אידישער געגנט, אויף די פלעצער וואָס דער שטאָטראט האָט געשטעלט אין זייער רשות; צוליב זייער אומווילן צו בויען הייזער און זייער ארייננדרינגען אין דער קריסט־לעכער שטאָט, דערפירן זיי צום הייבן פון דירה־געלט, און זיי צווינגען דערמיט, אז די האנט־ווערקער און פאבריקאנטן זאָלן פארלאָזן דעם פלאַץ; קיין דערלויבענישן אויף צו האנדלען מיט געטראנקען האָט מען נישט געגעבן, ווייל דער הסכם פון 1787 איז גילטיק; דער אידישער פערטל איז געוואָרן פארפלאנירט, אָבער נישט אויפגעבויט.

דער אדמיניסטראַטיווער ראַט ביים קאָמיטעט פאַר אינערלעכע ענינים האָט פאָרגעשלאָגן דעם 27.9.1834:

1. צו דערלויבן די קאַלישער אידן א געוויסע צייט צו וואוינען אין יענע הייזער און גאַסן, אין וועלכע זיי האָבן געוואוינט ביז איצט, און אויך צו דינגען דירות אין א קריסטלעך הויז. מען זאָל אָבער דערלויבן צו פירן מסחר בלויז אין איין קריסטלעך הויז.

2. דערלויבן איבערגיין אין קריסטלעכע הייזער בלויז די אידן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט בכבודיקע פרנסות.

3. די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע דאַרף באַשטימען אין שטאָט געוויסע גאַסן, אין וועלכע אידן מעגן וואוינען.

4. די, וואָס באַזיצן דערלויבענישן צו האַנדלען מיט אימפּאָרטירטע שאַרפע געטראַנקען וועלן בלייבן אין די הייזער, אין וועלכע עס געפינען זיך זייערע געשעפטן ביז עס וועט ווערן באַשטימט דער אידישער פערטל. מען דאַרף נישט אַרויסגעבן קיין נייע דערלויבענישן, כּל־זמן דער סכסוך וועגן הסכם פון יאָר 1787 וועט נישט ווערן געלייזט אויף א געריכטלעכן וועג.

אויף די דאָזיקע פאָרשלאָגן האָט די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע געענטפערט דעם 12.10.1834: מיר האָבן קיינמאָל נישט געשטערט די אידן אַריבערצוגיין אין אידישן פערטל; די אידן האָבן באַהערשט כמעט א האַלבע שטאָט, פאַרכאַפּט דעם גאַנצן מסחר און די וואוינונגען, און צוליב זייער שטאַרקן פאַרמערן זיך איז שווער געווען זיי איינצואָרדנען אין אידישן פערטל, הגם קאַליש איז א שטאָט פון de non tolerandis Judaeis עקזיסטירט דאָרט שוין הונדערטער יאָרן א אידי־שער פערטל; אָבער די אידן האָט זיך יינגעגעבן אַריינצודרינגען אין די זיי פאַרבאָטענע גאַסן, און דערפאַר איז געוואונטשן, מיט דער הילף פון דער רעגירונגס־קאָמיסיע, א סוף צו מאַכן צו זייער אויסברייטערן זיך אין שטאָט; די אידן זיינען פאַרמעגלעך, זיי האָבן פאַרשידענע תחבולות און זיי זיינען פעאיק צו דערגרייכן אַלץ מיט אַלע מיטלען; אויב ס'וועט ווייטער אָנהאַלטן דער איצטיקער מצב, וועט קיין האַנטווערקער אָדער באַאַמטער נישט קענען באַקומען קיין וואוינונג; דער ציל פון דער קאָמיסיע איז צו פאַרמיידן דאָס אַריינדרינגען פון אידן פון אידישן פערטל אין די קריסטלעכע פאַר זיי פאַרבאָטענע גאַסן, און זי האָט נישט בדעה איבערצופירן די אידן, וואָס וואוינען שוין אין פאַרשידענע גאַסן — אין אידישן פערטל.

מ'דאַרף דערמוטיקן די אידן אויסצונוצן דעם בוי־פאָנד און בויען הייזער, אָבער די פאַרמעג־לעכע פון זיי דינגען מיט כיטרעקייט וואוינונגען און געשעפטן אָדער זיי קויפן הייזער אויף פרעמדע נעמען; די קאָמיסיע האָט נישט מסכים געווען מיטן פאָרשלאַג, אז די אידן זאָל ווערן דערלויבט איבערצוגיין פון איין דירה אין דער צווייטער אויף דער זעלבער גאַס; זי באַמיט זיך אכטונג צו געבן, אז די צענטראַלע גאַסן זאָלן נישט זיין פול מיט אידן; מען דאַרף באַשטי־מען, אז פון איצט אָן זאָל קיין איד נישט טאָרן דינגען א דירה אָדער א געוועלב אין א קריסטלעך הויז, אין וועלכן ס'האָט ביז איצט קיין איד נישט געוואוינט, אָדער נישט געהאַט קיין געשעפט; ווער עס ציט זיך אַריין אָן א דערלויבעניש, ווערט באַשטראָפט, די רעגירונגס־קאָמיסיע דאַרף באַשטעטיקן די דאָזיקע פאָרשלאָגן.

אינעם רעזולטאַט פונעם באַריכט פון וואָיעוואָדישן קאָמיטעט, האָט די אדמיניסטראַטיווע קאָמיסיע מיטגעטיילט דער קהילה־אָנפירונג אין קאַליש:

1. אידן, וואָס וואוינען ביז איצט אין די פאַר זיי פאַרבאָטענע גאַסן, קענען איבערגיין אין אַנדערע הייזער, אָבער נאָר אין דער גאַס, וואו זיי וואוינען.

2. איינאָרדנען און באַזיצן געוועלבער פון צייג און שטאָף אָן א וואוינונג מעגן נאָר יענע אידן, וואָס געפינען זיך שוין פון פריער אין יענע גאַסן און הייזער; נאָכדעם, ווי זיי גייען אוועק פון דאָרט, קענען אַנדערע אידן פירן דעם האַנדל אויפן זעלבן אָרט, אויף א ספּעציעלע דערלויבעניש.

3. א איד, וואָס וואוינט אויף א פאַרבאָטענער גאַס, טאָר נישט איבערגיין אין אַן אַנדערער פאַרבאָטענער גאַס, און ער טאָר נישט עפענען קיין נייע געשעפטן, אויסער דער צאָל געשעפטן, וועלכע געפינען זיך שוין דאָרט פון לאַנג.

אויף צו באַנוצן פּאָליציישע מיטלען קעגן אידן, וואָס וועלן אַריינדרינגען אָן דערלויבעניש און אין קעגנזאַץ צום אויבנגעזאָגטן, דאַרף נישט די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע קיין ספּעציעלע פולמאַכט.

די ווענדונג צו די אידן וועגן בויען הייזער האָט געפונען אָפּענע אויערן. א קורצע צייט נאָך דער מעלדונג פון דער רעגירונג, האָט מענדל קאָווער געבעטן א דערלויבעניש אויפצובויען צוויי געמויערטע הייזער אויף דער אידישער גאַס (נומער 30, 31). אין יאָר 1827 האָט נאָמבערג, א צוקער־סוחר אין קאליש, געבעטן א דערלויבעניש צו קויפן א פלאַץ אויף גראָצקע־גאַס, כדי דאָרט אויפצושטעלן א געמויערט הויז. דער שטאָטראַט האָט רעקאָמענדירט, הגם דער פלאַץ האָט זיך נישט געפונען אין געביט פון אידישן פערטל, און די גאַס איז נישט געווען באַזעצט; די אייגנטימער פונעם פלאַץ זיינען אָרעמע קריסטלעכע יורשים, וועלכע וועלן קיינמאָל נישט זיין ביכולת דאָרט צו בויען. אין וואַרשע האָט מען געפאָדערט א באַשטעטיקונג, אַז נאָמבערג איז אַן ערלעכער סוחר, אַז ער קען לייענען און שרייבן, שיקט זיינע קינדער אין דער אַלגעמיינער שולע און קליידט זיך אייראָפּעאיש.

היפּאָטעקן א באַזונדערע פראַגע זיינען געווען די קריסטלעכע הייזער, וואָס אידן האָבן איינגעצאָלט אויף זיי היפּאָטעקן און אויף דעם דאָזיקן יסוד האָבן זיי דאָרט געוואוינט. פאַקטיש האָט די היפּאָטעק געדינט אלס א גרזעצלעכע פאַרמאַסקירונג. איצט האָבן די אידן געפאָדערט דערלויבענישן צו קויפן די דאָזיקע הייזער. דער ערשטער פאַל איז געווען מיט סאַלאָמעטאַ היימאַן, פון דער היים זאַנדבערג, די פרוי פונעם הורט־סוחר אברהם היימאַן — פון די ערשטע אויפגעקלערטע אידן. דעם 15.10.1837 האָט זי געבעטן אייגנטום־רעכט אויף 4 הייזער אין פאָרשטאָט, וועלכע זי האָט געקויפט פאַר 60,000 גילדן. זי האָט באַקומען פון שטאָטראַט די דערלויבעניש, דערפאַר ווייל די הייזער וועלן זיך געפינען אין אידישן פערטל. די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע האָט אָבער אָפּגעוואָרפן איר ווענדונג. ווען היימאַן האָט געבעטן א מאָטיווירונג, האָט מען אים געענטפערט, אַז מ'קען אים נישט אַרויסגעבן א דערלויבעניש, כל זמן עס איז נישטאָ קיין גענויער פּלאַן פון אידישן פערטל. נאָך א צווייטער אַפּעלאַציע, האָט ער דעם 28.7.1839 באַקומען א מעלדונג, אַז דער פאָרשטאָט געפינט זיך אין אידישן פערטל און דערפאַר וועט ער באַקומען די דערלויבעניש, מיטן תנאי, אַז ער זאָל בויען א געמויערט הויז אָנשטאָט דעם הילצערנעם.

די מאַכט האָט באַזונדערס באַשווערט דאָס אַרויסגעבן אייגנטום־רעכט אויף א הויז, וואָס אידן האָבן געבאָרגט געלט אויף דער היפּאָטעק צום קריסטלעכן הויז־אייגנטימער, אפילו ווען דער איד האָט דערקלערט, אַז ער האָט בדעה צו רעמאָנטירן דאָס הויז און אַרויפצובויען א צווייטן שטאָק, ווי די ווענדונג פון הורט־סוחר אליהו מאַמלאָק צו באַקומען אייגנטום־רעכט אויף א הויז אין צענטער שטאָט. די קאָמיסיע האָט אָפּגעוואָרפן זיין ווענדונג, הגם דער שטאָטראַט האָט זי רעקאָמענדירט און באַשטעטיקט, אַז ער איז א „קולטורעלער" איד, רעדט פויליש און לערנט זיינע קינדער אין דער אַלגעמיינער שולע.

די קאָמיסיע האָט זיך סומך געווען אויף א געזעץ פון די צייטן פון וואַרשעווער פירשטנטום, לויט וועלכן אידן טאָרן נישט קויפן הייזער אין שטעט, אָדער באַקומען אייגנטום־רעכט אויף הייזער צוליב נישט באַצאָלטע היפּאָטעק־חובות.

דער קאַלישער רעיענט פראַנציזשעק נאָוואַשעלסקי איז באַשטראָפט געוואָרן דורכן געריכט דערפאַר, ווייל ער האָט אין גיטער־בוך פאַרשריבן, אַז דער קריסט ליובאָיעווסקי האָט באַקומען פונעם איד הערץ אין קאַליש א היפּאָטעקן־הלוואה אויף זיין הויז אין דער סומע פון 16,000 גילדן אויף א צייט פון 20 יאָר און אים איבערגעגעבן אויף דער תקופה אַלע אייגנטום־רעכט. ווען הערץ האָט געבעטן א דערלויבעניש צו בויען און באַקומען א הלוואה פון בויפאָנד, איז אין דער דערלויבעניש איינגעשריבן געוואָרן א תנאי, אַז נאָך הערצן וועט קיינער נישט טאָרן וואוינען אין דעם הויז.

אין פלאַנטער פון פאַראָרדענונגען, דעקרעטן און געזעצן, אַרויסגעגעבענע אין וואַרשע, האָט דער שטאָטראַט אין סעפטעמבער 1839 זיך אָנגעשטויסן אויף א לעכערלעכע פראַגע: קאַלישער אידן האָבן חתונה מיט פרויען, איינוואוינערס פון פוילן, און זיי פאָדערן מ'זאָל זיי איינשרייבן אינעם בוך פון די סטאַבילע איינוואוינער אין קאַליש. לויט די שטאָט־געזעצן, ווי עס טענהט דער שטאָטראַט, טאָרן קיין פרעמדע אידן זיך נישט באַזעצן אין קאַליש און אויף א שטח פון 3 מייל פון דער גרענעץ (קאַליש געפינט זיך אין געביט פון אָט די 3 מייל). דער שטאָטראַט האָט געבעטן פון וואַרשע א גענויע אינסטרוקציע וועגן דעם ענין.

דעם 20.9.1839 איז אָנגעקומען דער ענטפער פון דער יורידישער אָפּטיילונג אין דער אינערן־קאָמיסיע אין ווארשע. לויטן פּאַראַגראַף 181 פונעם בירגער־קאָדעקס דאַרף די פּרוי גיין נאָכן מאַן. דערפאַר מעגן די אידישע פּרויען, וואָס האָבן חתונה מיט קאַלישער אידן, וואוינען אין שטאָט און פאַררעגיסטירט ווערן אינעם בוך פון דער סטאַבילער באַפעלקערונג.

מיט מער שטרענגקייט זיינען אַדורכגעפירט געוואָרן די אינסטרוקציעס פון יאָר 1834 אין ענין פון וואוינונגס־רעכט פאַר אידן אין קריסטלעכע גאַסן. די עקסמיסיע־פּאַראָרדענונגען זיינען פּינקטלעכער געוואָרן אויסגעפירט דורך דער פּאָליציי.

אין יאָר 1844 איז אויפגעלייזט געוואָרן די קאַלישער גובערניע. קאַליש מיט דער אומגעגנט זיינען געוואָרן איינגעשלאָסן אין דער גובערניע ווארשע. צום גליק — פון עקאָנאָמישן שטאַנד־פּונקט — זיינען אין שטאָט געבליבן די געריכטן, וועמענס יוריסדיקציע ס׳האָט געגרייכט ביז טשענסטאָכאָוו און די וואַלד־ירידים. אויף איין געביט איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג: אין דער קריסטלעכער געגנט זיינען פריי געוואָרן אַ סך דירות פון די אַמטן־אָנגעשטעלטע, וועלכע האָבן פאַרלאָזט די שטאָט. דעם דאָזיקן פּאַקט האָבן אויסגענוצט די אידן, וואָס האָבן געוואָלט אַריבער־גיין אין קריסטלעכע גאַסן, און זיי זיינען געוואָרן אונטערגעהאַלטן אויך דורך די קריסטן, אייגנ־טימער פון די פּרייע דירות. זיי האָבן זיך משתדל געווען פאַר די אידן ביי דער שטאָט־פאַר־וואַלטונג אָדער ביי די מאַכט־אָרגאַנען.

די אָרטיקע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אָבער נישט אויפגעהערט פאָדערן פון די אידן פריי צו מאַכן די דירות אין די קריסטלעכע הייזער. די אידן האָבן פאַרפּלייצט דעם גובערניאַלן אַמט מיט אַפּעלאַציעס. דאָרט האָט מען געפאָדערט פון שטאַטראַט אויפקלערונגען, פאַרוואָס מען פאַרוואַרט זיי צו וואוינען אין זייערע דירות. צענדליקער בקשות און אַפּעלאַציעס זיינען געשיקט געוואָרן פון קאַליש קיין ווארשע און צוריק. מיר וועלן ברענגען בלויז איין ביישפּיל, כדי צו שילדערן דעם מצב פון די אידן, וואָס האָבן געוואוינט מחוץ פון אידישן פערטל.

יאַאַכים קעמפּנער האָט געוואוינט אין אַ קריסטלעך הויז אין אַ פאָרשטאָט און אויך געפירט אַן אכסניה אויפן סמך פון אַ דערלויבעניש, וואָס ער האָט דעם 11.6.1823 באַקומען פון וואָיעוואָ־דישן קאָמיטעט אין קאַליש. ער האָט געוואוינט אין דעם הויז ביזן 1־טן יולי 1839. אין צווישנ־צייט האָט דער אייגנטימער פון הויז אים געבעטן אַרויסצוגיין פון דער דירה אויף עטלעכע חדשים, כדי אַדורכצופירן אַ רעמאָנט. נאָכן רעמאָנט איז ער צוריק אַריין אין דער דירה. דאַן האָט ער באַקומען פון דער גובערניאַלער רעגירונג אַן עקסמיסיע־באַפעל דערפאַר, ווייל ער האָט נישט אָפּגעהיטן די ריינקייט און ער איז אַריין אין דער דירה ביינאַכט. אין אַמט האָט מען אים געזאָגט, אַז אין מאָמענט, ווען ער האָט פאַרלאָזט די דירה, איז אויסגעגאַנגען די גילטיקייט פון זיין דערלויבעניש. דער מענטש איז אַלט געווען 70 יאָר. צוויי מאָל האָט מען אים באַזייטיקט אין ווינטער, צוזאַמען מיט זיינע אייניקלעך. נאָך פיל באַמיאונגען האָט מען זיין וואוין־רעכט פאַרלענגערט ביזן 1.4 אויפן סמך פון אַ מעדיצינישער באַשטעטיקונג פון 24.1.1840, וואָס שטעלט פעסט, אַז צוליב אַן אָפּעראַציע אין רעכטן פוס איז ער נישט אַרבעטספעאיק. אַ פאַרצווייפלטער האָט ער זיך געווענדעט צו דער אינערן־קאָמיסיע אין ווארשע: ער איז אַ זקן, אַ קאַליקע און וואוינט ביי זיין טאָכטער, וואָס האָט אַן איינפאָר־הויז פאַר אידן; ס׳איז נישט ריכטיק, אַז אין דער אכסניה איז נישט געווען ריין. באַוואוסטע סוחרים אין ווארשע קענען באַשטעטיקן, אַז גראָד צוליב דער ריינקייט און דער אָרדענונג האַלטן זיי זיך אויף ביי אים אין שטוב; אין דער צייט פון אויפשטאַנד (1831) האָט מען אים פאַרשאַפט פיל שאָדנס און קיין אַנטשעדיקונג האָט ער נישט באַקומען; אין יאָר 1835, בעת די מאַנעוורעס אין קאַליש, האָט מיליטער פאַרנומען זיין דירה און אויך אַ שטאַל מיט אַ וועגענער־שאָפּע און נישט באַצאָלט אים קיין שכירות אויף אַ סומע פון 523 גילדן.

די אינערן־קאָמיסיע האָט איבערגעשיקט די בקשה צום גובערניאַלן אַמט אין קאַליש און געבעטן אַרויסזאָגן אַ מיינונג. ס׳האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן דיביידע אינס־טאַנצן. דער גובערניאַלער אַמט האָט באַשטעטיקט דעם פּאַקטן־מאַטעריאַל אין קעמפּנערס ביטע, כּעסטשטעלנדיק אָבער, אַז ער האָט געדאַרפט בעטן אַ נייע דערלויבעניש; קעמפּנער קען נישט וואוינען נאָענט פון די מאַכט־בנינים, ווייל ביי אים האַלטן זיך אויף אידן פון פאַרשידענע ערטער, און דאָס איז גורם צו אומריינקייט; דורך די ענדערונגען אין זיין דירה איז זי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ נייער דירה, וואָס פאָדערט אַ נייע דערלויבעניש; קעמפּנער איז נישט קיין

„קולטורעלער איד" און דערפאר פארלאנגט דער שטאַטראַט, אז מ׳זאָל אים איבערפירן אין אידישן פערטל.

דאקעגן דער אדמיניסטראַטיווער־ראַט ביי דער אינערן־קאָמיסיע אין ווארשע האָט פעסט־געשטעלט אין זיין באשלוס, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן דורך דער געזעצגעבערישער אָפּטיילונג, אז די מאכט־אָרגאנען אין קאליש זיינען נישט געווען באפולמעכטיקט ארויסצוטרייבן קעמפנערן פון דער דירה. זיי האָבן אָנגעוויזן אויפן באשלוס פון דער אדמיניסטראַטיווער קאָמיסיע דעם 13־טן אָקטאָבער 1833, וואָס האָט באפוילן מבטל צו מאכן די באשלוסן וועגן איינפירן אידישע פערטלען און די אלע שריט, וואָס זיינען געוואָרן אָנגענומען איבערצופירן די אידן. לויט די רעגירונגס־פאראָרדנונגען פון 20.5.1834 טאָרן נישט די מאכט־אָרגאנען ארויסטרייבן די אידן, וואָס וואוינען אין די פארבאָטענע פאר זיי גאסן. קעמפנער וואוינט אין א קריסטלעך הויז אויפן סמך פון א דערלויבעניש פון יאָר 1823. דאָס, וואָס ער האָט פארלאָזט די דירה בעתן רעמאָנט באדייט נישט, אז ער האָט בכלל פארלאָזט די דירה און דערפאר איז דאָס נישט מבטל די דער־לויבעניש, בארעכטיקט נישט קיין עקסמיסיע־באפעל און ער מעג ווייטער וואוינען אין דער דירה; אויפן יסוד פון דער מיינונג פון דער געזעצגעבערישער אָפּטיילונג ווערט דער גובערניאַל אמט אויפגעפאָדערט איבערצולאָזן קעמפנערן אין זיין וואוינונג.

פון אָט דעם ביישפּיל קענען מיר פארשטיין די כסדרדיקע זאָרג פון די קאלישער אידן צוליב דער פיינטלעכער באציאונג פון שטאַטראַט און די פארשידענע פאקטאָרן, וואָס האָבן משפיע געווען אויף די מאכט־אָרגאנען צו רודפן די אידן אויף פארשידענע אופנים.

קעמפנער איז נישט דער איינציקער פאל אין די ארכיוו־טעקעס; פאראַן דאָרט צענדליקער דאָקומענטן פון ענלעכע פאלן.

ווען ס׳איז פארעפנטלעכט געוואָרן דאָס געזעץ, וואָס פארווערט אידן צו וואוינען אין די שטעט נעבן דער גרענעץ, האָבן די קריסטלעכע האנטווערקער־פארבאנדן אָנגעהויבן ארויסצוטרייבן די אידישע האנטווערקער, כאָטש זיי האָבן געוואוינט אין שטאָט נאָך פארן פארבאָט.

לגבי דעם בוכבינדער מארקוס גאָלדבלום, א קאַלישער תושב פון יאָר 1833, האָט דער גובער־ניאַל אמט געפּסקנט, אז ער האָט נישט קיין רעכט צו וואוינען אין שטאָט און ער דאַרף זי פארלאָזן. דער שניידער־צעך האָט געפאָדערט ארויסצוטרייבן דעם אידישן שניידער מאָריץ זשעליקאָווסקי, ער האָט אָבער באוויזן אין זיין בקשה, אז ער איז א „מייסטער", געקומען אין יאָר 1839 און ער איז פאררעגיסטירט אין די באפעלקערונג־ביכער אלס סטאבילער תושב. דער אדמיניסטראַטיווער ראַט אין ווארשע האָט באשלאָסן, אז דאָס געזעץ וועגן אידישן וואוין־רעכט אויף די גרענעץ־געביטן איז נישט חל אויף גאָלדבלום און זשעליקאָווסקי, ווייל זיי האָבן גע־וואוינט אין קאליש נאָך פארן פארעפנטלעכן דאָס געזעץ. איין גזירה האָבן די צעכן באוויזן צו דערגרייכן: א פארבאָט צו ברענגען קיין קאליש אידישע געזעלן פון אנדערע ערטער.

די אָרטיקע מאכט האָט אויך געפּרווּווט צו באזייטיקן „קולטורעלע אידן" פון די קריסטלעכע גאסן, זיי האָט זיך דאָס נישט איינגעגעבן און זיי האָבן בלויז גורם געווען אומזיסטע מי און בקשות און אפּעלאַציעס. אין די יאָרן 1846—1854 האָבן דאָרט געוואוינט, לויט די בקשות און אפּעלאַ־ציעס, 35 אידן. אויפן סמך פון זייער אייראָפּעאישן שטייגער לעבן האָבן זיי באקומען א דערלוי־בעניש פון דער קאלישער אדמיניסטראַציע צו וואוינען און פירן זייערע געשעפטן אין דער קריסטלעכער געגנט. דאָס זיינען די פאָלגנדיקע פערזאָנען: ישעיה לייבל זאַקס, סוחר; יעקב מאמלאָק: דוד לאַנדא, סוחר און פאבריקאנט, האָט אייגנטום־רעכט אויף א הויז, שלמה גראָסמאַן, סוחר, מעג האָבן א הויז; שלמה שנער, רעכט אויף הויז־אייגנטום, יעקב בראש, פיליפּ שנער, פאבריקאַנט; קרול בערקמאַן, סוחר; שמואל גראָס, מיט אייגנטום־רעכט אויף א הויז; זעליג קארא, מיט א דערלויבעניש צו קויפן א הויז; לייזער מאמלאָק, סוחר; אברהם שבתאי בראָקמאַן, סוחר; יוליוס האַרטיק, יצחק בראָקמאַן, מיט א דערלויבניש צו קויפן א הויז; מיכאל פּרעלע; יאָאַכים לייזער, מיט א דערלויבעניש צו קויפן א הויז; אדאָלף קעמפּנער, וויין־סוחר; גרשון דרעהער, מיט א דערלויבעניש צו קויפן א מויער; משה מענדל גינגריך; גבריאל זאַקס; חיים אָפּנהיים; שמואל גומפּריך; כתריאל הערץ.

אין יאָר 1854 האָבן 23 אידן פארמאָגט הייזער מחוץ דעם אידישן פערטל און באשטעטיקטע אייגנטום־רעכט. דער וואוקס פון אידישע אייגנטימער אין דער קריסטלעכער געגנט האָט אויפ־גערודערט דעם קריסטלעכן סוחרים־פארבאַנד. דעם 9־טן מערץ 1855 האָט ער געשיקט א פּעטי־

ציע צו דער גובערניאַל מאַכט און אָנגעוויזן אויף דער געפאַר, וואָס עס דראָט די קריסטן דורך דעם, וואָס די אידן קויפן הייזער. זיי האָבן שוין דערגרייכט צו אַ דריטהלק פון די שטאָטאיינוואוינער, פאַרכאַפּט דעם גאַנצן מסחר און דאָס רוב מלאכות.

23 יידישע הייזער פון יאָר 1844 האָט אַזעלכע אָנקלאַגעס אַריינגעשיקט דער סוחרים־פאַרבאַנד אין יעדן פאַל ווען אַ איד האָט געקויפט אַ הויז און אָפּגעגעבן אַ ביטע צו באַקומען אייגנטום־רעכט. פאַרשטייט זיך, אַז יעדע אָנקלאַגע האָט זיך סומך געווען אויפן הסכם פון יאָר 1788.

אין רוב פאַלן האָט די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיסיע אין וואַרשע באַשטעטיקט דאָס אייגנטום־רעכט, אויפן יסוד פון איר באַשלוס פונעם 5.10.1831 — אויב דער פּעטענט האָט אויפגעוויזן, אַז ער איז אַ „קולטורעלער איד" — און באַפוילן אָפּצוּוואַרפן די אָנקלאַגעס פון די קריסטלעכע סוחרים אַלס „אויסזיכטלאָזע".

מ'דאַרף אונטערשטרייכן, אַז די צענטראַלע מאַכט אין וואַרשע איז געווען עלאַסטישער ביים פאַרנעמען זיך מיט די דאָזיקע ענינים און אַפילו באַנייט די דערלויבענישן צו האַנדלען מיט שאַרפע געטראַנקען.

די ביטעס פון אידן פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך צו באַזעצן זיך אין קאַליש זיינען געוואָרן על פּי רוב אָפּגעוואָרפן אויפן סמך פונעם פאַרבאָט צו וואוינען אינעם גרענעץ־געביט.

דעם 18 סעפּטעמבער האָט די גובערניאַלע מאַכט געשיקט אַ געהיימען באַריכט וועגן דעם מצב פון דער אידישער באַפעלקערונג אין קאַליש. דאָרט איז באַזונדערס געוואָרן אונטערגעשטראָכן, אַז אין יאָר 1540 האָט מען דערלויבט 11 אידישע משפחות צו וואוינען אין קאַליש; די אידן האָט זיך איינגעגעבן צו דערגייך אין יאָר 1853 צו 4012 פּערזאָן לגבי 7120 קריסטן. אין דעם זעלבן יאָר זיינען געווען אין אידישן אייגנטום 280 הייזער אין אידישן פּערטל און אין די גאַסן נאָענטע צום פּערטל; אָנהויבנדיק פון יאָר 1837, ווען מ'האָט אויפגעהערט זיי אַרויסצוטרייבן, איז געוואַקסן די צאָל אידן אין די שטאָטישע גאַסן און אין צענטער. בפרט איז געוואַקסן זייער צאָל אַלס לאָקאַטאָרן אין קריסטלעכע הייזער, בעת דאָס זיצאָרט פון דער גובערניע איז אַוועק פון קאַליש און די קריסטן האָבן געוואָלט פאַרדינגען זייערע פריי געוואָרענע דירות; אין יאָר 1852 איז אין קאַליש אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה און אין אידישן קוואַרטאַל זיינען געוואָרן פאַרברענט 70 הייזער. די אייגנטימער פון די דאָזיקע הייזער זיינען נישט אין שטאַנד אָפּצובויען די פאַרברענטע הייזער און דערפאַר איז נישטאָ קיין אויסזיכט צו באַנייען דעם אידישן פּערטל. ס'איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי דערלויבן זיי צו וואוינען מחוץ די אידישע גאַסן; באַזונדערס, ווען אין די קריסטלעכע גאַסן געפינען זיך ליידיקע הייזער און דאָס שטערט ממש דער אַנטוויקלונג פון דער שטאָט; די שוועריקייטן טרעפן באַזונדערס די געבילדעטע אידן, וועלכע זיינען ראוי צו באַקומען וואוין־רעכט מחוץ דער אידישער גאַס.

אין יאָר 1855 איז ווידער אויסגעבראָכן אַ שריפה אין אידישן פּערטל. די אַדמיניסטראַטיווע קאָמיסיע האָט דעם 16.12.1856 אָנגעוויזן אויף דער מעגלעכקייט צו דערלויבן בויען הייזער מחוץ דעם אידישן פּערטל.

## דער שענקער־סכסוך

אין יאָר 1834 האָט די רוסישע מאַכט, זייענדיק פאַראינטערעסירט צוליב פיסקאַלישע סיבות אין פאַרקויף פון שאַרפע געטראַנקען, אַרויסגעגעבן דורך דער רעליגיע־קאָמיסיע אַן אינסטרוקציע צו פאַרווערן די טעטיקייט פון דער גייסטלעכקייט קעגן שכרות, ווייל דאָס איז קעגן די רעגירונגס־אינטערעסן. אין אַ בריוו צום קאָמיסאַר פון פוילן ווערט געזאָגט: „דער געערטער קאָמיסאַר וועט אַזוי גוט זיין באַפעלן, אַז דער גייסטלעכקייט איז אַבסאָלוט פאַרווערט יעדע טעטיקייט קעגן שיכרות, וואָרום די מיטלען, וואָס זיינען אין באַזיץ פון דער רעגירונג, גענוגענען דערצו".

אין די דרייסיקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט איז דאָס קאָכן בראַנפן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אינדוסטרי; די צאָל פון די ברוירן איז געוואַקסן, מ'האָט אין זיי אינוועסטירט גרויסע קאַפּיטאַלן און זייער פּראָדוקציע איז אומאויפהערלעך געוואַקסן. דער בראַנפן־פאַרקויף איז געווען פריי און אומבאַגרענעצט. די פאַרקויפערס האָבן בלויז געדאַרפט אַרויסנעמען קעגן אַן אָפּצאָל אַ קאָנסענס פון פינאַנס־מיניסטעריום.

די פובליציסטיק האָט דאַן געפירט א קאַמף קעגן פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע פון שאַרפע געטראַנקען, אָבער אומזיסט. די פּראָדוקציע און דער פאַרקויף פון בראַנפן האָבן געבראַכט גרויסע רווחים. ארום 20 אידן אין קאַליש האָבן געבעטן דערלויבענישן צו פאַרקויפן בראַנפן, און צווישן זיי נישט נאָר שענקערס, נאָר אויך שפּייז־קרעמער (1832—1837). געוויסע האָבן אָפּגעקויפט גילטיקע קאָנסענסן ביי אלמנות, יורשים אָדער ביי אויפשטאַנד־געליטענע, וועלכע האָבן באַקומען די דערלויבענישן אלס אנטשעדיקונג. איינער פון זיי, שמואל קלאָץ, א וואַרשעווער, האָט מאָט־ווירט זיין ביטע צום פאָרזיצער פון דער אינערן־קאָמיסיע אין וואַרשע, גענעראַל גאָלאָווין, מיט דעם, וואָס אין יאָר 1830 האָט ער געראַטעוועט 3 אָפיצירן פון אַן ארטילעריע־באַטאַליאָן פון די אויפשטענדלער־הענט. ער האָט אָנגעוויזן, אז די פיר שענקערס אין אידישן פערטל ארבעטן שוין מער ווי 40 יאָר, און דערפאַר דאַרף מען אים באַשטימען אויפן אָרט פון איינעם פון זיי, כדי ער זאָל קענען מפרנס זיין זיין משפּחה. צוליב דעם וואָס ער איז געווען א פרעמדער און צוליב זיין אויפפירונג — ער האָט פאַרפּלייצט די מאַכט־אָרגאַנען מיט באַשולדיקונגען און אפילו מיט מסירות — האָט ער באַקומען אַן אָפּזאָג.

צווישן די פּעטענטן איז געווען שלמה פּנחס מאַמלאָק פון פּלאָצק. ער איז אריבער קיין קאַליש און געדונגען דאָרט א געוועלב אויף 3 יאָר אין ניעדזשעלסקיס הויז. שמואל פרענקעל, לייזער בלאַך און יעקב בעריש האָבן מאָטיווירט זייערע בקשות, אז אין קאַליש מעגן אידן זיך פאַרנעמען מיט שענקעריי און מיטן האַנדל פון שאַרפע משקאות אויפן יסוד פון דער פּריווילעגיע פון יאָר 1555. דאָרט איז פאַרזיכערט געוואָרן די אידן פרייהייט אין מסחר פון שפּייז־פּראָדוקטן און געטראַנקען פון שפּייז־פּראָדוקטן. דער הסכם פון יאָר 1788 איז אין סתירה צו דער דאָזיקער פּריווילעגיע. דער מאָטיוו האָט נישט געווירקט. די קאָמיסיע פאַר אינערלעכע ענינים אין וואַרשע האָט געטענהט, אז אין דער פּריווילעגיע פון יאָר 1555 איז נישט דערמאָנט דער מסחר מיט געט־ראַנקען, און זיי זיינען נישט איינגעשלאָסן אין די שפּייז־פּראָדוקטן. יוסף רעדליך האָט געפאָדערט א דערלויבעניש אויפן סמך פון זיין זיידנס פּריווילעגיע פון 1793.

קריסטלעכע אָנקלאַגעס צום צאַר

אָט די השתדלותן האָבן אויפגעשטורמט די קריסטלעכע שענקערס, וועלכע האָבן זיך דער־שראָקן פאַר קאָנקורענץ. דעם 11־טן סעפּטעמבער 1835 האָבן מאַנינסקי, וואַרטשינסקי, לאַווי, וואַלטעלא און נאַכאַלסקי אוועקגעשיקט צום צאַר ניקאָליי I אַן אָנקלאַגע קעגן דעם פאַרפּלייצן די שטאָט מיט אידישע שענקערס און וויין־סוחרים, וואָס דאָס איז קעגן דעם הסכם פון יאָר 1788. היות ווי אין דעם אָרגאַניזאַציאָנעלן סטאַטוט פון 14.2.1832 האָט דער צאַר צוגעזאָגט מקיים צו זיין אַלע תקנות, געזעצן און פּריווילעגיעס אין פּוילן, בעטן די קריסטלעכע וויין־סוחרים אין קאַליש צו באַפעלן די אידישע סוחרים אָפּצוהיטן אַלע פּאַראַגראַפן פונעם הסכם אין יאָר 1788 און איבערלאָזן דעם מסחר פון אימפּאָרטירטע געטראַנקען בלויז אין די הענט פון די קריסטלעכע סוחרים, וועלכע רעספּעקטירן די פּריווילעגיעס פונעם צאַרס פאָרגייער און זיי וועלן נישט פאַרשאַפן קיין אומאַנגענעמלעכקייטן דעם מסחר פון די קאַלישער אידן.

דעם 23־טן מאַי האָבן זיי באַקומען אַן ענטפער דורך דער פאַרמיטלונג פון דער אדמיניסטראַ־טיווער קאָמיסיע, אז לויטן רעסקריפּט פון 2־טן יוני 1821 קען מען נישט פאַרווערן די אידן צו האַנדלען מיט וויין כל זמן עס וועט נישט דעצידירט ווערן אויף א יורידישן אופן דער סכסוך וועגן הסכם פון יאָר 1788. אינעם באַפעל פון 27.9.1834 ווערט בפירוש געזאָגט, אז נאָר אידן מיט דערלויבענישן מעגן זיך פאַרנעמען מיט וויין־האַנדל און קיין נייע דערלויבענישן דאַרף מען נישט ארויסגעבן. אזוי האָט זיך געענדיקט דער ענין מיט דער ווענדונג צום צאַר.

דער ענטפער האָט נישט באַפרידיקט דעם שענקער־פאַרבאַנד. דעם 8־טן יוני 1836 האָט דער אָנפירער פון פאַרבאַנד יוזעף מאַקס אָפּגעגעבן א ווענדונג צו דער וואָיעוואָדישער קאָמיסיע צו פאַרווערן דאָס ארויסגעבן אידן נייע דערלויבענישן אויפן סמך פון די שטאָט־פּריווילעגיעס. כדי א סוף צו מאַכן צום סכסוך האָט די קאָמיסיע באַפוילן דער שטאָט־פאַרוואַלטונג נישט ארויסגעבן די פּעטענטן די נויטיקע דאָקומענטן אויף צו באַשטעטיקן די דערלויבענישן, וועמענס גילטיקייט עס האַלט זיך ביים ענדיקן. באַזונדערס האָט מען אָנגעוויזן אויף די ביטעס פון בעריש פרענקעל און בלאַך. וועמענס דערלויבענישן האָבן געדאַרפט אויסגיין אין סוף 1836 און אין אָנהויב 1837. וועגן די איבעריקע ביטעס איז דעם 29.8.1836 איבערגעגעבן געוואָרן א באַריכט דער רעגירונגס־קאָמיסיע אין וואַרשע.

דער פאַרשטייער פון שענקערס־פאַרבאַנד מאַקס האָט דעם 15טן יאַנואַר 1837 אָפּגעגעבן א מעמאָראַנדום דעם גענעראַל גאַלאָווין, הויפּט־דירעקטאָר פון דער רעגירונגס־קאָמיסיע פאַר אינערלעכע ענינים. מען בעט אים צו פאַרווערן די אידן אין קאַליש זיך פאַרנעמען מיט שענקעריי; מיט פאַרשידענע תחבולות האָבן אידן אָנגערירט דאָס געזעץ און זיי באַזיצן אין צענטער שטאָט א צאָל שענקען; מ׳דאַרף אומגילטיק מאַכן די קאָנסענסן, וואָס אידן האָבן באַקומען מיט פאַרשידענע תחבולות. דער פאַרבאַנד איז מסכים איבערצולאָזן די דערלויבעניש בלויז ביי די רעדליכס, ווייל זיי האָבן די שטאָט־בירגערשאַפט און באַזיצן א ספּעציעלע פּריווילעגיע פון קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט פּאָניאַטאָווסקי פון יאָר 1793; די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע האָט אָנערקענט די דאָזיקע פאָדערונגען און געמאָלדן וועגן דעם דעם שטאָטראַט אין איר באַשלוס פון 8.10.1835. דאָך האָט מען געוויסע אידן יאָ געגעבן דערלויבענישן.

די אדמיניסטראַטיווע קאָמיסיע ביי דער רעגירונגס־קאָמיסיע האָט געענטפערט דעם 17.6.1837: די קאַלישער קאָמיסיע האָט געמאָלדן וועגן 10 אידן משקאות־סוחרים, וואָס האָבן געהאַלטן שענקען אויסער דעם אידישן פערטל; די רעגירונגס־קאָמיסיע איז איבערצייגט, אז די דאָזיקע מענטשן ברענגען שאָדן דער פרנסה פון די קריסטלעכע שענקערס; לגבי דעם הסכם פון 1788 איז די שטעלונג פון וואַרשע שוין פון לאַנג באַוואוסט; די אידן, וואָס וועלן נישט אָפּהיטן די פּאַראַגראַפן, וועלן ווערן געמשפּט; די אידישע שענקערס מיט דערלויבענישן קענען ממשיך זיין מיט זייער האַנדל, מיטן באַדינג, אז נאָך א יאָר זאָלן זיי איבעררייסן; די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע איז באַרופן צו דעצידירן אין אַפּעלאַציעס; די דערלויבענישן, וואָס מ׳האָט אַרויסגעגעבן פאַר די גילטיקע פון אויפשטאַנד 1831, בלייבן גילטיק.

דער באַשלוס האָט נישט צופרידנגעשטעלט דעם שענקער־פאַרבאַנד, און זייער פאַרשטייער מאַקס האָט אַפּעלירט קעגן אים. ער האָט פאָרגעשלאָגן צו דערלויבן אידן דעם מסחר נאָר מיט כשרן וויין און צו באַזיצן בלויז 4 שענקען אין זייער פערטל; דאָס סומך זיין זיך פון די אידן אויף דער פּריווילעגיע פון יאָר 1555 האָט נישט קיין האַפט, ווייל אין איר רעדט זיך נישט וועגן שענקעריי. כדי א סוף צו מאַכן צו אַלע אָנקלאַגעס, בעט דער שענקער־פאַרבאַנד צו באַשטעטיקן די פּריווילעגיעס, וועלכע פאַרווערן די אידן יעדן האַנדל מיט געטראַנקען.

## דאָס קהילה־לעבן

פון די דרייסיקער ביז די פופציקער יאָרן זיינען בראש פון דער קהילה געשטאַנען גרשון דרעהער, הערש וואַרעצקי, שמואל נעלקען, אברהם קעמפּנער, שמואל פרענקעל, יהודה לייב פּייוול, שמעון מאַמלאָק און שמואל לייזער רעדליך.

אין יאָר 1831 האָט די שטאָט געליטן פון דער כאָלערע און א סך אידן זיינען אומגעקומען. אויך אין יאָר 1846 איז אויסגעבראָכן די כאָלערע און פאַרשאַפט א סך קרבנות. א שווער יאָר אין געווען 1852: ס׳איז אויסגעבראָכן די כאָלערע, און דעם 18.7 — א שריפה אין גאַנצן אידישן פערטל; 78 הייזער זיינען געוואָרן פאַרברענט, צווישן זיי — די אַלטע שול, וואָס איז געוואָרן געבויט אין 15־טן יאָרהונדערט. בלויז א דאַנק דער הילף פון די פראַנציסקאַנער און אַנדערע גייסטלעכע איז די אידן געלונגען צו ראַטעווען די ספרי־תורה.

א מיטצייטלער שילדערט אויף אַזאַ אופן דאָס קאַלישער קהילה־לעבן אין די דרייסיקער־פופציקער יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט:

אונזער קהילה איז געווען אָנגעפירט דורך רבנים, וועלכע זיינען געוועלט געוואָרן דורך די קהילה־מיטגלידער — על פי רוב גבירים, אָבער אָרעם אין גייסט. זיי האָבן מער געטראַכט וועגן זייער אייגענערדז טובה, ווי וועגן דער טובה פון דער קהילה. זיי האָבן נישט געזאָרגט וועגן פאַרשפּרייטן בילדונג און גייסט פון דער צייט; די יוגנט האָט נישט באַקומען קיין דערציאונג, וואָס זאָל איר דערמעגלעכן זיך איינצואָרדנען אין לעבן. די איינציקע מעגלעכקייט איז געווען מסחר. אָט דער מצב האָט אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1834. דאַן, נאָך דער אָנפירונג פון קאַלישער רב ר׳ חיים צבי יאַקובאָוויטש, א למדן, א פרומער און א גוטהאַרציקער, אָבער אָן ענערגיע און השפעה אויף דער קהילה און אויף קהל, איז אויסגעוויילט געוואָרן הרב שלמה אייגער, דער זון פון רבי עקיבא אייגער, רב אין פּויזן. ער האָט א סך געטאָן אויף צו פאַרבעסערן דעם מצב. ער האָט געזאָרגט פאַרן חינוך און געהאַלטן אויפזיכט איבער די חדרים. ער איז געווען דערפאַר, אז מ׳זאָל לערנען

די לאנד־שפראך, ער האָט זיך נישט קעגנגעשטעלט די עלטערן, וואָס האָבן געוואָלט שיקן זייערע קינדער אין אלגעמיינע שולן און זיי לאָזן לערנען דורך פריוואטע לערערס, וואָס זיינען געוואָרן איינגעלאָדן פון ווארשע און פון פויזן. אָבער צום פארדרוס פון דער קהילה האָט ער נאָך דער פטירה פון פאָטער, פארלאָזט קאליש און אוועק קיין פויזן. זיינע יורשים זיינען געווען דערצוי־גענע פונעם אלטן דור און זיי האָבן נישט אויפגעטאָן קיין סך פאר דער קהילה. אין דער קהילה זיינען אויסגעבראָכן קריגערייען צווישן די גרופעס.

אין יענע יאָרן האָט אין שטאָט זיך שוין געפונען א גענוג גרויסע גרופע אויפגעקלערטע אידן, און בראש פון זיי — לודוויג מאמראָט, ד״ר מיכאל מאָרגנשטערן, לייטער פון אידישן שפיטאָל, אברהם שטערן און דוד לאנדא.

די פריוואטע לערער אין די גבירישע הייזער האָבן משפיע געווען אויף דער יוגנט און פאר־שפרייט בילדונג. באזונדערס איז באקאנט די דעצידירנדיקע השפעה פון לערער י. לעווענטאל (געבוירן אין 1807 אין ליסא), וואָס האָט געלערנט אין הויז פון א געוויסער משפחה. שפּעטער איז ער אוועק קיין קראקע, און פון דאָרט קיין טריעסט. דאָרט איז ער געווען דער רעדאקטאָר פון דער אויסגאבע פון דער שיפס־געזעלשאפט „עסטרייכישער לאָיד״. אקטיוו אין לערערײַ איז אויך געווען דוד לעווענטאל, מחבר פון „אילת השחר״ (לידער, עפיגראם־מליצות און משלים, שירי תהלה ושירה קינה, ווארשה תר״כ, און „כבוד הלבנון, משלים ושירים״, ווארשה, תרכ״א).
אין קאליש אליין האָט ער געהאט 20 פרענומעראנטן, צווישן זיי מאמראָט, רעדליך, לאנדא. אָט די גרופּע אויפגעקלערטע האָבן איניציאירט אין אָנהויב פון די דרייסיקער יאָרן — מיט מאמראָטן בראש — דאָס שאפן א אידישע שולע. זיי האָבן זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף אן ענערגישן ווידערשטאנד פון הרב ר׳ אפרים משה אשכנזי און די קהילה־אָנפירער. 3 קאלישער בחורים האָבן געלערנט אין ראבינער־סעמינאר אין ווארשע, אָבער מיר האָבן נישט זייערע נעמען.

א קאָרעספּאָנדענט פון קאליש באקלאָגט זיך איבער דעם מצב אין זיין שטאָט אין דער „אלגע־מיינער צייטונג דעס יודענטומס״. און אָט וואָס ער שרייבט:

„קאליש איז א קהילה פון מער ווי 3000 נפשות. הגם ז׳ געפינט זיך נעבן דער פרייסישער גרענעץ, געפינט מען נישט אין איר קיין ענערגיע צום גוטן. אמת, עס געפינט זיך א מענטש, וואָס פארשטייט די באדערפענישן פון זיין עדה, פארמאָגט א הארץ, וואָס איז גרייט ענערגיש אויסצובעסערן — — — הער לוי מאמראָט האָט מיט גרויס מי באוויזן צו גרינדן א שפיטאָל און געשאפן אים אין קאליש גרויס אָנזען. ער האָט בדעה צו שאפן א שולע, ער האָט געפירט געשפרעכן מיטן קוראטאָר פון זיין שולע און ארויסגעוויזן דערצו גרויס פארשטענדעניש. ער האָט פאָרגעלייגט א פלאַן פאר דער קהילה. ווען מ׳האָט פאָרגעלייגט זיין פלאַן די רבנים און די קהילה־אָנפירער, האָבן זיי אים אָפגעוואָרפן מיט דער טענה, אז דאָס קען ברענגען אין אונדזערע שטובן שאָדן אָדער אפילו חורבן״. 3000 נפשות

מיטן אויסוויילן פון הרב ר׳ שלמה אייגער (1786—1852) לאָזט זיך מערקן אין יאָר 1835 א דערוואכונג פון דער גלייכגילטיקייט. די קהילה־מיטגלידער, און גראד די אויפגעקלערטע, האָבן געהאָפט, אז אייגער וועט אריינפירן אין דער קהילה ענדערונגען, וואָס וועלן זיין אין גייסט פון דער צייט, און באזונדערס, אז ער וועט מסכים זיין צו דער גרינדונג פון א שולע, כדי די פאר־מעגלעכע אידן זאָלן נישט מוזן שיקן זייערע קינדער לערנען אין ברעסלוי, בערלין אָדער פויזן. די אויפגעקלערטע קרייזן מיט מאמראָט בראש האָבן מיט זיין הילף באניט די באמיאונגען צו גרינדן א אידישע שולע.

אין א בריוו צום קאָרעספּאָנדענט פון דער „אלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס״ שרייבט מאמראָט אין יאנואר 1841:

„איך פריי זיך אייך צו מעלדן, אז נאָך א לענגערן שמועס מיטן היגן הויפט־רב, איז ער מער נישט קעגן דעם שאפן א שולע, און ער האָט אפילו פארזיכערט, אז אויב עס וועט געשאפן ווערן אזא אנשטאלט, וועט ער העלפן איבערצייגן די יוגנט וועגן דער פאזיטיווער באדייטונג פון אזא שולע און דערמוטיקן זיי צו באזוכן די שולע. לכל הפחות איז פאראן אין דער דערקלערונג א מין בארואיקונג, און איך בין נישט חושש, אז דאָ איז געשען אן ענלעכע זאך, ווי אין יאָר 1822, ווען די רעגירונג האָט שוין געהאט באשטעטיקט דאָס עפענען א שולע, אָבער דער פריערדיקער רב (אשכנזי) האָט צעשטערט דאָס גוטע ווערק און מאָטיווירט זיין קעגנערשאפט מיט הונדערטער

פארדאכטן. איך האָף צו פארווירקלעכן נאָך היינטיקס יאָר מיין פלאַן וועגן שאפן אן עלעמענטאר־שולע, לכל הפחות אין א קליינער ראם. מיט דער צייט וועלן מיר אפשר קענען אויספירן דעם ענין אין א גרעסערן פאָרמאַט, אויב מיר וועלן איצט מאכן דעם אָנהויב. היות ווי אונזער קהילה איז באלאָדן מיט הוצאות מכל המינים, וועט די עיקרדיקע שוועריקייט צו עפענען די שולע באשטיין אין געפינען די נויטיקע געלט־מיטלען. ס'איז אָבער נישט אויסגעשלאָסן, אז די רעגירונג וועט איבערגעבן אין רשות פון דעם נייעם אנשטאלט די 2000 רובל, וואָס די קהילה צאָלט דער קריסטלעכער שולע. עטלעכע יונגעלייט, וואָס פארנעמען זיך דאָ פריוואט מיט לערעריי, האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו לערנען יעדן טאָג איין שעה אָן געצאָלט".

מאמראַט האָט זיך טועה געווען. אים האָט זיך נישט איינגעגעבן צו שאפן א שולע אין יאָר 1841 און אפילו נישט צען יאָר שפעטער. ער האָט געקענט די פאָראויסגעזעענע שוועריקייטן, ווארעם די חסידים זיינען געווען אפילו קעגן דעם שפיטאָל און פארשאפט אים צרות, צוזאמען מיט „אינטריגאנטישע סוביעקטן". אויף אן אָוונט לטובת דעם שפיטאָל, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 19־טן פעברואר 1842 און איינגעבראכט 180 רובל, האָט מאמראַט גערופן צו שפענדן אויך אויף שאפן א שולע. עס זיינען געוואָרן געזאמלט עטלעכע הונדערט רובל.

בעתן אמטירן פון הרב אייגער אין קאליש איז אין די קרייזן פון די אידישע בוימוואל־סוחרים און וועבעריי־אונטערנעמער אנטשטאנען די פראגע, צי מען מעג טאָן די וועב־ארבעט אום שבת דורך קריסטלעכע וועבער. די צאָל פון די דאָזיקע סוחרים און אונטערנעמער איז געווען א באדייטנדיקע און צווישן זיי האָבן זיך געפונען מאמראַט, רעדליך, פערלע, לאנדא, וועלכע פלעגן ארויסגעבן די וועבער בוימוואל צום וועבן. אייגער האָט אין דעם ענין זיך געווענדעט מיט א שאלה צום רב ר' שלמה ליפשיץ אין ווארשע. הרב אייגער האָט תופס געווען די עקאָנאָמישע באדייטונג פונעם ענין, ווארום דאָס אָפּשטעלן די ארבעט אום שבת אין די ווארשטאטן און פאבריקן איז עלול צו ברענגען שאדן און אפילו חורבן פאר די אידישע סוחרים און אונטערנעמער. (בוימוואל־מסחר)

אין זיין ענטפער שטעלט פעסט הרב ליפשיץ, אז כדי פון דער וועבער־ארבעט זאָל נישט ארויסקומען קיין חילול שבת „דארף מען אויסגעפינען א תיקון, אז ישראל זאָל נישט היזק האָבן" און ער ווייזט ווייטער אָן ווי אזוי מ'זאָל איינארדנען דעם ענין. אזוי ארום איז געפונען געוואָרן א היתר פאר די אידישע סוחרים און פאבריקאנטן.

הרב אייגער האָט פארלאָזן דאָס רבנות אין קאליש נאָכדעם ווי ער איז אויסגעוויילט געוואָרן אין יאָר 1840, אלס רב אין פויזן.

אלס קאלישער רב איז דאן געוויילט געוואָרן הגאון אליהו ראַזאלער. נאָך 10 יאָר איז ער קראנק געוואָרן און געשטאָרבן אין דעצעמבער 1850. נאָך זיין טויט איז אין די קרייזן פון די אויפגעקלערטע און משכילים אנטשטאנען א וואונטש צוריק איינצולאדן אלס רב אייגערן. זיי האָבן געוואוסט, אז אין פויזן פילט זיך הרב אייגער נישט גוט צוליב דעם קאמף צווישן די קאָנסערוואטיווע און פאָרגעשריטענע. די אויפגעקלערטע האָבן געהאָפט, אז ווען ער וועט קומען קיין קאליש, וועט מען מוזן שאפן די שולע.

אין מאי זיינען קיין פויזן געפאָרן האלטן אונטערהאנדלונגען אין נאָמען פון דער קהילה מיט הרב אייגער א דעלעגאציע פון 18 מיטגלידער מיט וו. מ. בראָקמאן בראש. דער דעלעגאציע האָט זיך איינגעגעבן צו באווירקן אים ער זאָל איבערנעמען דאָס קאלישער רבנות. נאָך זיין ערשטער דרשה איז הרב אייגער אוועק קיין פויזן כדי צו ברענגען די משפחה. דאן איז ער קראנק געוואָרן און נפטר געוואָרן י"א טבת תרי"ת.

אלס זיין יורש איז אויסגעוויילט געוואָרן דער זשולקאָווער רב ר' צבי הירש חיות, וואָס האָט געשטאמט פון א רבנים־משפחה אין בראָדי. ער איז געווען א מענטש מיט אלגעמיינער בילדונג, מאגיסטער פון לוואָווער אוניווערסיטעט, געשריבן א דיסערטאציע און אויסגעהאלטן דעם עקזאמען אין זשולקאָוו, געווען באפריינדעט מיט ר' נחמן קראָכמאל און מיט זיין קרייז משכילים. ס'איז נישט אויסגעשלאָסן, אז זיין קאנדידאטור צום קאלישער רבנות איז געווען די איניציאטיוו פון די אויפגעקלערטע. ער איז געווען רב אין קאליש בלויז דריי יאָר. ער און זיין פרוי זיינען קראנק געוואָרן און געפאָרן אויף קוראציע קיין מאריענבאד און שפעטער קיין ליוואָוו, וואו ער איז נפטר געוואָרן א' מרחשון תרי"ז (1856), אין עלטער פון 49 יאָר.

נאָך אים איז געוויילט געוואָרן הרב ר׳ מאיר אווערבאך, וואָס האָט פאַרנומען דעם אמט ביז זיין עליה קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1860.

אין יענער תקופה האָבן בראש פון דער קהילה זיך געפונען גרשון דרעהער, שמואל פרענקעל, שמואל קאַרא, אברהם קעמפנער, משה מאיר װאַרניצער, בעת זייער אמטירן איז אויסגעבראָכן א שווערער סכסוך מיט א ריי „קולטורעלע אידן״ מיט דוד לאנדא בראש. אין יאָר 1841 האָט דער קהילה־ראַט מודיע געווען דער קאָמיסיע פאַר אינערן־ענינים אין וואַרשע, אַז דוד לאנדא, אייגנטימער פונעם הויז נומער 26 אויף א קריסטלעכער גאַס, וויל נישט צאָלן קיין קהילה־שטייער מיט דער טענה, אַז ער געהערט צו דער גרופּע „קולטורעלע אידן״ און ער צאָלט שטייערן אַלס תושב אין דער קריסטלעכער געגנט. די קהילה האָט געטענהט, אַז אויך „קולטורעלע״ אידן, וואָס האָבן געקויפט קריסטלעכע הייזער, באַטראַכטן זיך ווי אידן און צאָלן קהילה־שטייערן.

די קהילה האָט פונאַנדערגעטיילט די שטייערן צווישן אַלע אידן, אָן אונטערשיד וואו זיי וואוינען, ווייל די איינוואוינער פון אידישן פערטל האָבן געדעקט מאַקסימום א דריטל פון די הוצאות. וועגן דעם ענין האָט מען שוין לאַנג געהאַט געשמועסט מיט יוסף רעדליך, לודוויג מאַמראָט און שטיין, וועלכע האָבן אויך זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן די שטייערן. די קאָמיסיע פאַר אינערן־ענינים האָט געפּסקנט, אַז דער וואָס קויפט א קריסטלעך הויז דאַרף באַצאָלן שטאָטישע שטייערן; דאָך, אַלס איד, דאַרפן זיי צאָלן אויך די קהילה־שטייערן.

דוד לאנדא האָט אַפּעלירט צו דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיסיע און זי האָט געפּסקנט דעם 8.10.1844, אַז ער דאַרף צאָלן נאָר שטאָטישע שטייערן און פון די קהילה־שטייערן איז ער באַפרייט. דעם 4.5.1845 האָט די קהילה אַפּעלירט צו דער רעגירונג אין וואַרשע און זיך סומך געווען אויף אַן אורטייל פון דער אינערן־קאָמיסיע אין יאָר 1841. דער אורטייל האָט באַשטימט, אַז אידן, וואָס וואוינען אין דער קריסטלעכער געגנט, זיינען מחויב צו באַצאָלן קהילה־שטייערן. די קהילה האָט געוואונען און לאנדא איז געווען געצוואונגען צו באַצאָלן די קהילה־שטייערן. דאָס איז געווען א פּרינציפּיעלער אורטייל פאַר דער קהילה.

אין די יאָרן 1840—1859 איז דער מאַטעריעלער מצב פון די אידן געווען א גוטער. די צאָל וואַרשטאַטן און קליינע וועבעריי־פאַבריקן איז געוואַקסן, און די בוימוואָל־סוחרים האָבן פאַרגרעסערט זייערע געשעפטן. אין יאָר 1843 האָט דער קאַלישער גובערנאַטאָר מיטגעטיילט, אַז די אידן האָבן גרויסע רווחים פון דער אינדוסטריע.

אין יאָר 1844 האָט געהערשט א מורא צוליב די קלאַנגען וועגן אַן „אוקאַז״, וואָס וועט פאַרווערן צו טראָגן אידישע מלבושים און חתונה האָבן פאַר 30 יאָר, אויב דער חתן וועט נישט אָנטאָן קיין אייראָפּעאישן לבוש. אין די משכילים־קרייזן האָט מען די דאָזיקע ידיעה אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט. אין אַזא „אוקאַז״ האָבן זיי געזען א „ציוויליזאַציע״־גורם, וואָס וועט ברענגען א סך נוצן פון קולטור־שטאַנדפּונקט.

די קאַלישער אידן זיינען געוואָרן שווער געטראָפן אין יאָר 1852, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די כאָלערע. לויט אָפיציעלע באַריכטן זיינען געוואָרן אָנגעשטעקט 480 אידן און פון זיי זיינען געשטאָרבן 300. ווי א צוגאָב צום דאָזיקן אומגליק איז נאָך דעם 18.7 אויסגעבראָכן א גרויסע שריפה.

**מאָביליזאַציע־באַפעל פאַר אידן**

נאכדעם ווי אין יאָר 1844 איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן א מאָביליזאַציע־באַפעל פאַר אידן צו דינען אין מיליטער האָט מען אין קאַליש געכאַפּט דעם 7.2.1854 בסה״כ 9 רעקרוטן על פי רוב קינדער: דער עלטסטער פון זיי איז אַלט געווען 14 יאָר. ווינטער, אין שניי־שטורעם, האָט מען זיי געפירט אונטער א מיליטערישער וואַך. אויפטרייסלענדיקע געשרייען פון די עלטערן און קרובים האָבן זיי באַגלייט. דאָס איז געווען די שטראָף דערפאַר, וואָס די אידישע מיליטער־פליכטיקע זיינען נישט דערשינען פאַר דער מאָביליזיר־קאָמיסיע.

מיר האָבן נישט קיין גענויע מאַטעריאַלן וועגן פּראָפעסיאָנעלן באַשטאַנד פון די קאַלישער אידן, ווי פון דער גובערניע קאַליש. פון זיי קענען מיר זיך דערוויסן וועגן די געגעבענע אין שטאָט גופא.

לויט דער רשימה פון יאָר 1843 האָבן אין דער קאַלישער גובערניע זיך געפונען 51.902 אידישע תושבים פון זיי אין שטעט 45,654 (88%), אין דערפער 6.248 (12%). נישט־אידן זיינען געווען 662,907 תושבים, פון זיי אין שטעט 95,518 (14.4%), אין דערפער 567,389 (85.6%).

לויט זייערע באַשעפטיקונגען זיינען צווישן אידן געווען:

| | | |
|---|---|---|
| .1 | קאַפּיטאַליסטן, באַנקירן, אינדוסטריעלער, אַרענדאַטאָרן | 59 |
| .2 | אַרענדאַטאָרן פון גיטער און טאַבאַק־פּאַרטיילער | 221 |
| .3 | שענקערס, רעסטאָראַטאָרן, אייגנטימער פון אכסניות, קאַפע־הייזער און פּענסיאָנאַטן | 766 |
| .4 | קרעמער און הענדלער | 1,680 |
| .5 | האַנדלס־אַגענטן | 10 |
| .6 | צושטעלער | 14 |
| .7 | אייגנטימער פון קליינע פאַבריקלעך, האַנטווערקער און אַרבעטער | 4,287 |
| .8 | דינער און דינסטן | 1,237 |
| .9 | בעלי־עגלות, טרעגער | 1,605 |
| .10 | לאַנדווירטן | 110 |
| .11 | פרייע פּראָפעסיעס | 137 |
| .12 | באַאַמטע | 14 |
| .13 | כלי־קודש (רבנים 52) | 117 |
| .14 | פאַרשפּאַרטע אין טורמע | 98 |
| .15 | פּראָסטיטוטקעס | 13 |
| .16 | אייגנטימער פון שאַנדהייזער | |
| .17 | טאָג־אַרבעטער | 1,575 |
| .18 | פאַרשידענע פּראָפעסיעס | 68 |
| .19 | אָן פּראָפעסיעס | 53 |
| | | 12,064 |

פרווון פון לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע

די פאַרגרעסערונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פּוילן אין די יאָרן 1843—1832 איז געווען דאָפּלט פון באַפעלקערונג־וווּקס ביי נישט־אידן. אין יאָר 1832 זיינען געוואָרן פאַרנאָטירט 3,531,563 נישט אידן, 383,102 אידן; אין יאָר 1483 — 4,170,107 נישט אידן, 523,390 אידן. דאָס הייסט א 36% פאַרגרעסערונג פון אידן אין משך פון 10 יאָר לגבי 18% נישט אידן. די דאָזיקע דערשיינונג האָט געשטויסן די מנהיגים פון פוילישן אידנטום אָנצונעמען דעצידירנדיקע שריט וועגן פונאַנדערשפּרייטן די אידן פון די שטעט און שטעטלעך, וואו זיי האָבן געוואוינט אין א שרעקלעכער ענגשאַפט.

אין יענע יאָרן האָבן שוין עקזיסטירט 19 אידישע קאָלאָניעס, צווישן זיי די קאָלאָניע באַלעס־לאַוואָו אין קאַלישער קרייז, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1814 און געציילט 6 משפּחות (18 מאַנסלייט, 6 הייזער, 18 ווירטשאַפטס־בנינים, 70 מאָרג זיי־באָדן, 6 מאָרג פּאַשע־באָדן).

ווען מ׳האָט אָנגעהויבן מאָביליזירן אידן אין מיליטער, האָט דער קאָמיסאַר געמאָלדן, אז די ערד־אַרבעטער וועלן זיין באַפרייט פון מיליטער־דינסט ווי דאָס פירט זיך אין רוסלאַנד. אָט די דערקלערונג האָט געענדערט די שטעלונג פון דער אידישער באַפעלקערונג צו לאַנדווירטשאַפט. נאָך דער באַראַטונג פון די רבנים און די קהילה־מנהיגים אין וואַרשע איז געוואָרן באַשלאָסן פאָרצושטעלן דער קאָמיסיע ממשותדיקע פּלענער וועגן שאַפן אידישע קאָלאָניעס און שטעלן צו זייער דיספּאָזיציע די נויטיקע פינאַנסיעלע מיטלען מיט דער הילף פון א ספּעציעלן קאָמיטעט.

תחילת 1842 האָבן די פאָרשטייער פון דער וואַרשעווער קהילה אָפּגעגעבן דעם קאָמיסאַר א פּעטיציע, אין וועלכער עס ווערט געזאָגט: זיי פאָרשטייען גוט זיינע כוונות צוצוציען אידן צו ערדאַרבעט, וואָרעם די אידישע מאַסן לעבן אין א מוראַדיקער אָרעמקייט און זיי אליין זיינען נישט בכוח זיך אליין איינצואָרדנען אויף ערד; די וואַרשעווער קהילה האָט בדעה צו גרינדן א געזעל־שאַפט, וואָס זאָל רופן אידן זיך ווידמען דער לאַנדווירטשאַפט און זי וועט זיי געבן די נויטיקע פינאַנסיעלע אונטערשטיצונג; זיי בעטן צו אַנולירן די פּאַראַגראַפן 1, 2, 3 אינעם באַפעל פון

קאָמיסאַר זאַיאָנטשעק פון 16־טן פעברואַר 1823, לויט וועלכן אידן טאָרן זיך נישט באַזעצן אויף רויערד און באַשעפטיקן קריסטן אַלס געהילפן; מ׳דאַרף דערלויבן קויפן באָדן פון די גוט־אייגנטימער; געבן די אידישע קאָלאָניסטן די זעלבע הנחות, וואָס מ׳האָט געגעבן די אידישע ערד־אַרבעטער אין רוסלאַנד, ד. ה. באַפרייען פון שטייערן, פון מיליטער־דינסט און געבן שטיצע פאַר די קאָלאָניזאַציע־באַדערפעניש; מ׳דאַרף דערלויבן אידישע גבירים, וואָס ווילן העלפן אָרעמע קאָלאָניסטן, צו קויפן באָדן און שענקען זיי די זעלבע רעכטן, וואָס זיינען געבונדן מיט גיטער.

דערווייל האָט די ידיעה זיך פאַרשפּרייט אין די פּראָווינץ־שטעט, און אַ סך אָרעמע אידן האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו פאַרלאָזן זייערע וואוינערטער.

די וואַרשעווער קהילה האָט אָנגעגעבן דעם קאָמיסאַר אַ ריי בקשות און נישט באַקומען קיין תשובה, אָבער די קהילה־אָנפירער זיינען געווען זיכער, אַז מ׳וועט זיי דערלויבן צו שאַפן אַ קאָמיטעט.

אויפן יסוד פון די דאָזיקע קלאַנגען האָבן די קהילה־פאָרשטייער פון קאַלישער קרייז געשיקט דעלעגאַטן קיין קאַליש, וואו מ׳האָט געזאָלט אויסוויילן 3 פּערזאָן, וואָס זאָלן פאָרן קיין וואַרשע זיך צו באַטייליקן דאָרט אין דער טעטיקייט פונעם קאָמיטעט, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן, כדי צו באַזעצן „אָרעמע אידן אויף ערד און צו זאַמלען באַשטייערונגען אויף קויפן באָדן".

מיט דער דערלויבעניש פון שטאָט־פּרעזידענט און אויפן סמך פון אַ באַפולמעכטיקונג פון די קהילה־פאָרשטייער האָבן דעם 2־טן פעברואַר זיך באראַטן 36 דעלעגאַטן פון 36 קהילות און זיי האָבן באַשלאָסן אין משך פון 3 יאָר צו זאַמלען ביי די גבירים און פאַרמעגלעכע 7.500 רובל יאָר־יערלעך לטובת דער לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניזאַציע. אויף דער אסיפה זיינען געוואָרן אויסגעקליבן 3 דעלעגאַטן, וואָס זאָלן פאָרן קיין וואַרשע: זכריה ווײַנגאָט, שמואל געלקען און לייב זוסמאַן פון פּרעזשיראָוו. אויב ווײַנגאָט וועט נישט קענען פאַרלאָזן קאַליש, איז אַלס זיין פאַרטרעטער באַשטימט געוואָרן מענדל ליפּמאַנאָוויטש פון זדונסקאַ־וואָלאַ. נאָך דער פאַרזאַמלונג האָט מען די באַשלוסן איבערגעגעבן דעם שטאָט־פּרעזידענט.

אינטערעסאַנט, אַז אין זעלבן טאָג, דעם 2.2, האָט דער קאָמיסאַר פאַרעפנטלעכט זיין באַפעל וועגן שאַפן אַ קאָמיטעט צו גרינדן אידישע קאָלאָניעס.

דער שטאָט־פּרעזידענט האָט געמאָלדן דער אָרטיקער מאַכט וועגן דער פאַרזאַמלונג פון די קהילות־דעלעגאַטן און באַמערקט, אַז די דאָזיקע אידן האָבן זיך פאַרזאַמלט בלויז כדי צו טאָן דעם ווילן פון קאָמיסאַר, וועלכער שטרעבט צו לענקען אידן אויף ערד־אַרבעט, כדי זיי זאָלן זיך נישט פאַרנעמען מיט קיין שום אַנדערער אַרבעט. ער האָט אויך איבערגעגעבן די נעמען פון די דריי אויסגעוויילטע דעלעגאַטן. אָבער די אָרטיקע מאַכט האָט דעם 8.2 געשיקט אַ באַריכט צו דער אינערן־קאָמיסיע מיט דער פראַגע, צי די אידן האָבן נישט עובר געווען אויף די פּאָליציי־אישע פאָרשריפטן מיטן אָפּהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג, און אויב יאָ — דאַרף מען זיי באַשטראָפן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט פון געזעץ.

די אינערן־קאָמיסיע האָט דעם 25־טן סעפּטעמבער 1843 אָנגעפרעגט דעם קאָמיסאַר, צי עס עקזיסטירט אַזאַ קאָמיטעט און ווער ס׳האָט אים געשאַפן, וואָרעם זי האָט באַקומען ידיעות וועגן פאָרגעקומענע פאַרזאַמלונגען אָן דער דערלויבענעש פון דער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיסיע. דער־פאַר פרעגט זי זיך, וואָס מ׳זאָל טאָן מיט יענע אידן, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען זאַמלען נדבות.

ווי אַן ענטפער האָט דער קאָמיסאַריאַט צוגעשיקט דעם באַפעל פון 2־טן פעברואַר 1843 וועגן שאַפן אַ קאָמיטעט און אַריבער מיט שטילשווייגן וועגן דער פאַרזאַמלונג פון די אידן אין קאַליש.

אָבער די אינערן־קאָמיסיע האָט, ווייזט אויס צוליב פּרעסטיזש־טעמים, געפונען פאַר נויטיק צו ענטפערן דעם 6־טן יוני 1843 דער מאַכט אין קאַליש: זי האָט נישט באַפוילן צו באַשטראָפן די אידן, זי האָט אָבער פאַרגעלייגט זיי צו וויסן טאָן, אַז היות ס׳איז נישטאָ קיין בפירושע אָנווייזונג צו זאַמלען געלט פאַרן קאָמיטעט, איז אויך פאַר די קאַלישער אידן גילטיק דער פאַרבאָט צו זאַמלען געלט אָן דער דערלויבעניש פון דער העכערער מאַכט.

די קאַלישער געשיכטע האָט געגעבן אַ שטויס די אידן אין אַנדערע גובערניעס, און אויך זיי האָבן איינגעאָרדנט אסיפות און אָנגעהויבן זאַמלען געלט.

כאָטש די מאכט־אָרגאַנען האָבן געלאָזט פילן זייער שווערע האַנט און די אידישע נגידים האָבן פארמאכט זייער האַנט, האָבן דאָך א באַדייטנדיקע צאָל אידן זיך באַזעצט אויף ערד. אין יאָר 1859 האָבן אין פוילן זיך געפונען 27,971 אידן ערד־אַרבעטער.

אין קאַלישער קרייז זיינען אין יאָר 1851 געווען 15 אידישע לאַנדווירטן אויף שכירות. און זיי האָבן געהאַט 79 משפחה־מיטגלידער און משרתים; אין 1857 — 35 לאַנדווירטן מיט 321 משפחה־מיטגלידער און משרתים; אין 1859 — 35 לאַנדווירטן מיט 321 משפחה־מיטגלידער און משרתים; אין 1860 — 16 לאַנדווירטן מיט 133 משפחה־מיטגלידער און משרתים; אין 1861 — 15 לאַנד־ווירטן מיט 126 משפחה־מיטגלידער און משרתים. לויטן באַריכט פונעם דירעקטאָר פון קאַלישער קרייז האָבן זיך געפונען 16 אידישע לאַנדווירטן אין די גיטער שאַדאָוו פאַנסקי, מאַלאַנאָוו, דאָבזשע מאַלאָ, טוניעץ, פאַניאַטאָוו, זלאָטניקי וויעלקיע. די משפחה־מיטגלידער — 124 נפשות. זיי האָבן באַשעפטיקט בעיקר קריסטלעכע אַרבעטער, אָבער א דאַנק זייער פעאיקייט האָבן זיי זיך פיין מפרנס געווען. זיי האָבן זיך פאַרנומען אויך מיט מסחר און מלאכה. אין יאָר 1862 — 15 לאַנד־ווירטן מיט 118 משפחה־מיטגלידער און דינערשאַפט; אין 1864/1863 — 15 לאַנדווירטן מיט 110 משפחה־מיטגלידער און משרתים; אין יאָר 1865 — 15 לאַנדווירטן מיט 138 משפחה־מיטגלידער און משרתים.

נאָך דער באַפרייאונג פון די פויערים אין פוילן האָבן אויך די אידישע לאַנדווירטן באַקומען באָדען אויף אייביק.

Wciskanie się Starozakonnych do ulic Chrze-
ściańskich i Rynku miasta Kalisza, uszło nad
użyciem i lubo władze miejscowe i wyższe
wchodzą w to, że ludność Starozakonnych
znacznie się powiększyła, iż do Rewiru z
dawnego przydały znaczną liczbę domów
Chrześciańskich do których za uzyskiwa-
nemi Konsensami wprowadzać się Staro-
zakonni mogą, przecież sam porządek pu-
bliczny wymaga, aby władza bezpośrednia
wiedziała o każdym Starozakonnym wpro-
wadzającym się do domu Chrześcian i w
tym celu udzielenie Koncesyi jest zaprowadzo-
nem. —
Najgorszego dopuszcza się Kahał ten nadużyc-
ia, iż kto wprowadza się bez uzyskanego na

to

אנווייזונגען, וואָס באַגרענעצן דאָס וווינען פון אידן אין קריסטלעכע הייזער

bez zezwolenia do Domu Chrześciańskiego, i z tego
względu Kommissya Wydziału poleca Doktorowi Bu-
rzinowi, ażeby po trzy razy każdy ogłosił w Bo-
żnicy: że wprowadzający się dotąd bez Koncessyi
nie tylko policyjnie rugowanym zostanie, lecz
nadto bez przyjęcia wszelakich tłomaczeń w karę
Złotych sto wziętym zostanie. —

Nie może przytem przemilczeć Kommissya Wydziału
że bardzo wiele ma do wyrzucenia samemu Dok-
torowi Burzinowemu z powodu oboętności okaza-
nej w dopuszczaniu obcych do miasta tutejszego
Żydów. — Jutroż ich własny wzgląd na tem, bo Kom-
missya Wojewódzka nie mogąc dozwolić mieszka-
nia się Starozakonnych po wszystkich miasta
Ulicach, musi odmawiać ponieważ udzielania
Koncessyi, a dozwolenie wyraźnie dotąd musi wszel-
kie wnioski o dozwolenie mieszkania lub
handlu w Domu Chrześciańskim, w którym dotąd
Starozakonny nie zostawał — Wypływa stąd, że
gdyby Doktor Burzinsky wcześniej niż dotąd

[illegible]

Wydział Wyznaniowy
Sekcya Policyi

Działo się w Kaliszu
dnia 26. Mca Maja 1834 r.

# KOMMISSYA
## Woiewództwa Kaliskiego.

Na przedstawienie Dozoru Bożniczego miasta Kalisza z dnia 29. Kwietnia r. b. odpowiadając oświadcza, że takowe iest dowodem: iż starsi Gminy Żydów albo zupełnie zapomnieli o przywilejach iakie służą tuteyszemu miastu w przedmiocie mieszkania się w nim Starozakonnych, lub też że wiedzieć o nich nie chcą. —

Nie tayno zapewne Dozorowi Bożniczemu że Prawa Żydowskie w Kaliszu oddzielnie od wieków, wiadomo mu że obecnemu Żydowi osiedlić się nie wolno, i wiadomo mu zapewne i to, że liczba Starozakonnych w mieście tuteyszem nie przed laty dawnym czasem składała się tylko z kilku familij, które mieściły się w miejscu dla nich oznaczonym. —

[illegible signature]

Do
Dozoru Bożniczego
Gminy Kalisz
w Kaliszu

אנווייזונגען וועגן דער קהילה־טעטיקייט אין 1834



## דאס שפיטאל — 1914-1835

אַס קראנקן־הויז (שפיטאָל), וואָס האָט עקזיסטירט ביזן סוף 18־טן יאָרהונדערט איז למעשה געווען א „הקדש" (פּזשיטולעק) פאר אָרעמעלייט און בעטלערס, וואָס זיינען געקומען קיין קאליש און נישט געהאט וואו איבערצונעכטיקן. הגם דער דאָזיקער אנשטאלט איז געוואָרן אויסגעהאלטן מיט די געלטער פון „בקור חולים", אונטער זייער שוץ און אויפזיכט, איז דאָס געווען א „הקדש" און דאָרט האָבן זיך געפונען נאָר ארעמע קראנקע, מיט וועלכע ס'האָט זיך מטפל געווען א אידישער דאָקטאָר.

די קאָמיסיע פאר גוטער אָרדענונג, וועלכע האָט אין די יאָרן 1787—1788 קאָנטראָלירט דעם צושטאנד אין שטאָט מיט אלע אירע אינסטיטוציעס און צווישן זיי אויך די אינסטיטוציעס ביי דער אידישער קהילה — דערמאָנט אין איר באריכט דעם אידישן שפיטאָל פארבייגייענדיק, אין קאפיטל 21, וואו עס רעדט זיך וועגן אידן, און מער בפרטותדיק — אין דער פאָרשריפט „וועגן אידישע בעטלער", אז מ'דארף זיי נישט ארייגלאָזן אין שטאָט און האלטן אין שפיטאָל. „אין אידישן שפיטאָל אין קאליש מעג די קהילה האלטן בלויז די שטאָטישע איינוואוינער, אָרעמעלייט און קאליקעס, און עטלעכע מאָל אין יאָר וועט זיי קאָנטראָלירן דער פּאָליציי־דירעקטאָר".

אויב מ'וועט געפינען אין שפיטאָל א פרעמדן בעטלער, וועט די קהילה ווערן באשטראָפט מיט 50 גזשיוונעס.

דער אידישער דאָקטאָר אין קאליש, ד"ר מיכאל מאָרגנשטערן, האָט אנגעוויזן אויף דער נויט־ווענדיקייט צו שאפן א ריכטיקן אידישן שפיטאָל. ער איז געווען דאָקטאָר פון „בקור חולים" און געקענט דעם שווערן מצב פון אנשטאלט אין די פאלן ווען מ'האָט געדארפט האָספּיטאַליזאציע און א לענגערע מעדיצינישע באהאנדלונג. דאָס עקזיסטירנדיקע שפיטאָל האָט געהאט א קליינעם צימער אָן דער מעדיצינישער אויסשטאטונג, און אפילו די אָרעמע מעבלירונג איז נישט געווען גענוגנדיק פאר די באדערפענישן פון חולה.

פלאַן פאַרן שפיטאל

ד"ר מאָרגנשטערן האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אומגעהויערע שוועריקייטן. נאָר א דאנק די באמיאונגען פונעם קרייז־דאָקטאָר האָט די קהילה־אָנפירונג באשטימט אין זאל אין שול אויף היילן קראנקע, זי האָט אָבער אָפּגעזאָגט צו באַצאָלן פאר זייער באשפּייזונג. דער קרייז־דאָקטאָר האָט לויט דער ביטע פון דאָקטאָר מאָרגנשטערן געפאָדערט פון דער קהילה צו שאפן א שפּי־טאָל. ער האָט אויפגעקלערט, אז „די איינוואוינער פון משהס גלויבן וועלן זיך איבערצייגן אין די גוטע רעזולטאטן פון שפיטאָל און זיי וועלן פארגרעסערן זיין פאָנד מיט שפענדונגען און גוטווילִיקע אָפּצאָלן".

אין דעם דאָזיקן זאל האָט מען געקענט האָספּיטאַליזירן בלויז 5 קראנקע. דער מעדיצינישער אינוווענטאר איז געווען גענוגנדיק פאר 4 קראנקע.

ד"ר מאָרגנשטערן האָט אָנגעהויבן פירן א פּראָפּאגאנדע פאר אָרגאניזירן א ממשותדיק שפיטאָל, ער האָט זיך אָבער אָנגעשטויסן אויף א ווידערשטאנד פון די „ביקור־חולים"־לייט. זיי האָבן געהאלטן, אז מ'דארף טאקע היילן די אָרעמע קראנקע, אָבער דערויף איז גענוג דאָס עקזיסטירנ־דיקע שפיטאָל.

ער האָט אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט זיין אידעע די אויפגעקלערטע קרייזן. איינער פון זיי, לודוויג מאמראָט, א מענטש מיט איינפלוסן אין שטאָט און אין די רעגירונגס־קרייזן, איז צוגע־שטאנען צו ד"ר מאָרגענשטערן. אין יאָר 1830 האָבן זיי זיך געווענדעט מיט א מעמאָראנדום צו דער קאָמיסיע פאר אינערן־ענינים, רעליגיע און בילדונג, און אויפגעקלערט די דרינגלעכקייט פון שאפן א אידישן שפיטאָל אין קאליש.

דער מעמאָראנדום האָט געפונען פארשטענדעניש. די קאָמיסיע האָט דעם 30.4.1830 איבער־געשיקט דעם קאלישער שטאָטראט א מעלדונג וועגן דער אידעע צו שאפן א צענטראל אידיש שפיטאָל אין קאלישער וואָיעוואָדשאפט; דעריבער ווערט דער שטאָטראט געבעטן צו באשטימען

פאר דעם צוועק א צאָל אידן — געבילדעטע און אויפגעקלערטע, מיט איינפלוסן אין דער אידי־שער געזעלשאַפט, און זיי בעטן צו געפינען איינקונפט־קוואלן אויסצוהאלטן דעם זיך שאַפנדיקן שפּיטאָל, און אויך זיי פרעגן אין וועלכן צענטראַלן פּונקט איז באקוועם דאָס שפּיטאָל אויפצו־שטעלן. די קאָמיסיע האלט אויך פאר נויטיק צו שאַפן א שפּיטאָל־קאָמיטעט לויטן ביישפּיל פון ווארשעווער קאָמיטעט. ס'איז געוואונטשן, אז די קאָמיסיע זאָל באקומען א געהעריקן פּלאַן במשך פון 30 טעג.

דער שטאַטראַט האָט תיכף איבערגעשיקט די מעלדונג צום קהילה־ראַט. דעם 26־טן יולי 1830 האָט ער באקומען ענטפער אונטערגעשריבן פון לודוויג מאמראַט. דער קהילה־ראַט דריקט אויס זיין דאנקבארקייט צוליב דער זאָרג פון שטאַטראַט פאר ד' אידן; אָבער ס'איז נישטאָ קיין מעג־לעכקייט אויפצושטעלן אן אלגעמיין שפּיטאָל, ווייל עס פעלן די נויטיקע מיטלען אויף בויען דאָס שפּיטאָל און אויסהאלטן אים; ס'איז דעריבער געוואונטשן צו שאַפן א געגנטלעך שפּיטאָל. אויב די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע וועט פאַרעפנטלעכן אזא ווענדונג, וועט מעגלעך זיין צו שאַפן באשטיי־ערונגען; דער קהילה־ראַט האָט בדעה צו שאַפן א ספּעציעלן קאָמיטעט פארן גרינדן אן אָרטיקן אידישן שפּיטאָל. מיטגלידער פונעם קאָמיטעט וועלן זיין: יוסף רעדליך, לודוויג מאמראַט, קאַראָל בראַקמאַן, וואלענטין לעווי; דער דאָזיקער קאָמיטעט וועט זיך פאַרבינדן מיטן אויפזיכט־ראַט איבער די שפּיטעלן אין דער וואָיעוואָדשאַפט.

בכדי צו שאַפן דעם נויטיקן פאָנד ווערט די רעגירונג געבעטן צו דערלויבן איינמאָנען אין קאַליש און אין די קרייז־שטעט: פון יעדער ליטרע כשר פליייש 2 גראָשן; און אויך דערלויבן צו זאמלען אויף תנאים און חתונות.

די געשעענישן בשייכות מיטן אויפשטאנד 1830/31 האָבן איבערגעריסן די אקציע אין דעם ענין. אָבער אין יאָר 1833 האָט מאמראַט באנייט דעם פאָרשלאָג וועגן שאַפן א שפּיטאָל. זיין פּלאַן איז דעם 19.6.1833 איבערגעגעבן געוואָרן צום באשטעטיקונג דער קאָמיסיע פאר אינערלעכע, רעליגיע און בילדונגס־ענינים.

די קאַלישער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָט באקומען אן אינסטרוקציע צו באשטעלן ביים קהילה־ראַט א פּלאַן און א בודזשעט־פּראָיעקט פארן גרינדן דאָס שפּיטאָל. דעם 30.11.1834 האָט דער שטאַטראַט זיך געווענדעט וועגן דעם ענין צום קהילה־ראַט און געבעטן צו געבן ענטפער במשך פון 8 טעג. דערווייל איז דער טערמין איבערגערוקט געוואָרן צוליב די מיינונגס־פאַרשידנקייטן צווישן דער רעגירונג און דער קהילה. די רעגירונג האָט געוואָלט איינאָרדענען א אידיש שפּיטאָל פאר אלע אידישע איינוואוינער אין דער וואָיעוואָדשאַפט אין דער שטאָט וואָס געפינט זיך אין צענטער, דאקעגן די קאַלישער קהילה איז געווען פאראינטערעסירט אין אן אָרטיק שפּיטאָל.

דאָס אָפּלייגן דעם ענין צוליב די מיינונגס־פאַרשידנקייטן איז נישט געווען ניחא דעם ד״ר מאָרגנשטערן. זיין געוויסן האָט אים נישט געלאָזט רוען. ער האָט געוואוסט וואָס פאר א גרויסע געזונטהייט־געפאר עס דראָט דער אידישער באפעלקערונג און ער האָט באשלאָסן צו אלאַרמירן די פאַראנטוואָרטלעכע פאקטאָרן. ער האָט נישט אויפגעדעקט פארן ברייטן קהל די סיבות פון דער דרינגלעכער באדערפעניש צו שאַפן דאָס שפּיטאָל. באלד אין אָנהויב פון זיין טעטיקייט אין קאַליש, האָט ער אנטדעקט א גרויסע צאָל אידן מיט ווענערישע קראַנקייטן, ספּעציעל סיפיליס. די סיבה פון דער פאַרשפּרייטונג פון דער מחלה האָט ער געזען אין דער וואוין־ענגשאַפט: ס'איז גענוג איין פאַל, כדי אָנצושטעקן די איבעריקע לאָקאַטאָרן. אויך די שמוציקייט אין מקווה האָט נישט וויייניק גורם געווען צו דער פאַרשפּרייטונג פון דער קראַנקייט. ער האָט אנטדעקט, אז קריסטלעכע אמען האָבן אָנגעשטעקט זייג־קינדער, און די קינדער — זייערע עלטערן. ער איז געווען אן עדות פון די ליידן פון פרויען, וואָס זיינען געוואָרן אָנגעשטעקט מיט סיפיליס. דאקעגן דער קהילה־ראַט איז נישט געווען גרייט עפּעס צו טאָן צוליבן חשש אז דאָס וועט קאָסטן א סך געלט, ער האָט אָבער אויך נישט געקענט דעם פאַרנעם פון געפאַר.

ד״ר מאָרגנשטערן האָט געפונען פאר נויטווענדיק זיך צו ווענדן צו די אויפגעקלערטע קאַלישער אידן און צו די מאכט־אָרגאַנען.

אלס דאָקטאָר פון קאַלישער קרייז האָט ער דעם 2.4.1835 אָפּגעגעבן א גענויען מעמאָראַנדום וועגן געזונטהייט־מצב פון דער אידישער באפעלקערונג. ער האָט נישט באהאלטן די סיפיליס־עפּידעמיע און געבעטן העלפן אים לאָקאַליזירן די קראַנקייט, וואָס האָט זיך שוין פאַרשפּרייט אין א באאומרואיקנדיקער מאָס. ער האָט פאָרגעלייגט צו שאַפן א שפּיטאָל פאר 6—8 פּערזאָן, וועלכע

האָבן נישט קיין מעגלעכקייט זיך צו היילן ביי זיך אין שטוב אויפן אייגענעם חשבון. דער בודזשעט זאָל ווערן באַשטימט אין די ראַמען פון בודזשעט פון קאַלישען שטאָטישן שפּיטאָל; אויף 150 פּרעמדע אידן, וואָס אַרבעטן אין קאַליש, דאַרף מען אַרויפלייגן חודשלעכע אָפּצאָלן אויף צו דעקן דעם בודזשעט פונעם שפּיטאָל.

עפּידעמיע כדי צו פאַרמיידן דאָס פאַרשפּרייטן זיך פון סיפיליס דאַרף מען מאַכן אַ רשימה פון דער גאַנצער אידישער באַפעלקערונג, פון די געזעלן, דערציִגלינגען, משרתים, מלמדים, פון די לערנענדיקע קינדער, אָנגעבנדיק זייער עלטער; די אַלע זאָלן ווערן געצוואונגען אַדורכצוגיין אַ רעגולערע מעדיצינישע אונטערזוכונג; האַלטן ריין די מקווה און איינקויפן 15 נייע און ריינע וואַנעס; כדי אַדורכצופירן די אויבנדערמאָנטע פאָרשלאָגן און אויסוואָרצלען די געפערלעכע קראַנקייט, דאַרף מען איינאָרדנען אַ שפּיטאָל און אוועקשטעלן בראָש פון אים אַ גוטן דאָקטאָר; אין קאָמיטעט דאַרף אויך אַריין אַ פּאָליציי־פאָרשטייער; דער קאָמיטעט וועט אויך זאָרגן פאַר פינאַנסן. ער איז איבערצייגט, אַז די אידישע איינוואוינער וועלן איינזען דעם נוצן פון אַ שפּיטאָל, אַז זיי וועלן געבן דעם קאָמיטעט אַן אַבסאָלוטע אונטערשטיצונג און מיט זייערע שפּענדונגען וועלן זיי דערמעגלעכן צו פאַרברייטערן דאָס שפּיטאָל און געבן מעדיצינישע הילף אויך אַנדערע אָרעמע קראַנקע.

דער באַריכט פון ד״ר מאַרגנשטערן איז געוואָרן צוגעשיקט אויף צום קאַלישער וואָיעוואָדישן קאָמיטעט. זיין אויפריכטיקע ווענדונג האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף די מאַכט־אָרגאַנען. געווירקט האָט אויך דער פאַקט, וואָס דערווייל זיינען געשאַפן געוואָרן באַדייטנדיקע שפּענדונגען, וועלכע זיינען געוואָרן קאָנצענטרירט ביי לודוויג מאַמראָט.

דעם 23.3.1835 איז מאַמראָט געוואָרן אויפגעפאָדערט אָפּצוגעבן אַ באַריכט וועגן דעם געלט, וואָס געפינט זיך ביי אים. מאַמראָט האָט געענטפערט, אַז דאָס געלט, וואָס איז געוואָרן געזאַמלט אָנהייבנדיק פון יאָר 1829, איז דעם 1.1.1835 געוואָרן אָפּגעגעבן צו יוסף רעדליך; ביז דעם 1.4.1835 זיינען געוואָרן געזאַמלט מזומנים 9,745 גילדן 17 גראָשן, אין ווערט־פּאַפּירן מיט קופּאָנען, אָנהייבנדיק פון 23.12.1834 — 21,300 גילדן; סך הכל 31,045 גילדן 17 גראָשן. דער דאָזיקער סכום איז געוואָרן געגעבן נאָר אויף בויען אַ געגנטלעכן שפּיטאָל אין קאַליש.

לויט דער ווענדונג פון שטאָטראַט האָט מאַמראָט איינגעלאַדן דעם 4־טן מאַי צו אַ זיצונג די פאָלגנדיקע קהילה־מיטגלידער: אייזיק בראַקמאַן, אַברהם נעלקען, אליהו מאַמראָט, דוד לאַנדאַ, פאַלק גיעדזשינסקי, לייזער מאַמלאָק, בערנהאַרד ווייס, מאָריץ ראָזען, קאַראָל בראַקמאַן, שלמה יעקב וויינגאַרטן, יעקב בעריש, וואַלענטין לעווי, שלמה כהן, שלמה משה קויפמאַן, אַברהם גאָלדבערג, נפתלי גראָס, שמואל נעלקען, שמואל גבריאל קעמפנער, שמואל יוסף רעדליך, וואָלף טראַובע, וואָלף מיכאל בראַקמאַן, זכריה וויינגאַט, שמעון מאַמלאָק, לייזער מאַמלאָק און ד״ר מאַרגענשטערן.

נאָך מאַמראָטס באַריכט איז געוואָרן באַשלאָסן, אַז דער שפּיטאָל זאָל זיין אַ געגנטלעכער; ביז וואַנען דער בנין וועט ווערן אויפגעשטעלט דאַרף מען געפינען אַ פּאַסיקע דירה אויף צו האָספּיטאַליזירן די קראַנקע; אַרויסבאַקומען פון די מאַכט־אָרגאַנען באַשטעטיקונגען פאַר די קאָמיטעט־מיטגלידער און אַ באַשטעטיקונג פאַר ד״ר מאַרגנשטערנס פּלאַן וועגן פענסיעס פאַרן פּערסאָנאַל; באַשטימען אינסטרוקציעס פאַרן קאָמיטעט לויטן מוסטער פון אידישן שפּיטאָל אין וואַרשע. צום סוף האָט מען מיטגעטיילט די פאַרזאַמלטע וועגן די פאָנדן, וועלכע זיינען פאַראַן לטובת דעם שפּיטאָל: שפּענדונגען אין דער סומע פון 32,000 גילדן; גוטהיימערס ירושה פון יאָר 1811 מיט פּראָצענטער — אויך אַ סומע פון 12,000 גילדן; נדרים און אָפּצאָל פון כשר פלייש — 3,000 גילדן.

אין שפּיטאָל־קאָמיטעט זיינען איינשטימיק אויסגעוויילט געוואָרן: לודוויג מאַמראָט — אויפזעער און פאָרזיצער, קאַראָל בראַקמאַן, בערנהאַרד ווייס — געהילפן. אָנפירער פון קאָמיטעט: שמעון מאַמלאָק, לייזער מאַמלאָק, וואָלף מיכאל בראַקמאַן, זכריה וויינגאַט, שלמה קויפמאַן, ד״ר מאַרגנשטערן און יעקב בראַקמאַן.

ס׳איז געוואָרן באַשלאָסן צו ווענדן זיך צו דער מאַכט און בעטן באַשטעטיקן די וואַלן פונעם קאָמיטעט; דאָס שפּיטאָל וועט באַדינען בלויז די אָרטיקע באַפעלקערונג און נישט פון דער וואָיעוואָדשאַפט; מ׳וועט מאַכן אַן אָנשטרענג אויסצופירן די פּלענער פון ד״ר מאַרגנשטערן;

מ׳וועט ארויסגעבן פארן שפיטאָל אן אינסטרוקציע, וואָס איז ענלעך צום רעגולאמין פון אידישן שפיטאָל אין ווארשע; פאָנדן, ירושות און קהילה־הכנסות פון פלייש וועלן ווערן פארוועגדעט פאר אויסבויען דאָס שפיטאָל.

דעם 8.5.1835 האָט מאמראָט איבערגעגעבן דעם באריכט פון דער פארזאמלונג דעם שטאָטראט צו באשטעטיקן. די באשטעטיקונג פון דער מאכט, דעם 4.11.1835, איז דערשינען אין דער אָפּי־ציעלער צייטונג דעם 5.12.1835.

מאמראָט האָט אויסער דער קאָרעספּאָנדענץ מיט די מאכט־אָרגאנען געפירט אויך די ענינים פון שפיטאָל; שמעון מאַמלאָק — די ווירטשאפט; ב. ווייס — די פינאנס־לייטונג.

אויף דער אלגעמיינער פארזאמלונג דעם 8־טן דעצעמבער 1835 איז געוואָרן אויסגעוויילט — צוגאבלעך צו דער אָנפירונג — א שפיטאָל־ראט פון 11 מיטגלידער: הרב שלמה אייגער, שמואל גראָס, מאָריץ ראָזען, שמואל פרענקעל, לייזער פרענקעל, פאלק גיעשנאטער, שלמה בלאָך, זעליג בעאטוס, שמואל רעדליך, מארקוס בעאטוס און אברהם בלאָך.

דעם 6־טן פעברואר 1836 איז ד״ר מיכאל מאָרגנשטערן נאָמינירט געוואָרן אלס דאָקטאָר פון שפיטאָל. די פינאנסן זיינען געבליבן ביי יוסף רעדליך, אָבער די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע האָט פארלאנגט דעם 27.2.1836 אריינצוטראָגן זיי אין „באנק פאָלסקי״, אויף פראָצענט. דער קאָמיטעט האָט אויפגעקלערט, אז דאָס געלט ברענגט פראָצענט, וואָס ווערט יעדעס האלבע יאָר צוגערעכנט צום קרן, און געבעטן אויך אויף להבא איבערצולאָזן עס ביי רעדליכן. די מאכט איז אנטקעגנ־געקומען דער בקשה.

אין א קורצער צייט ארום האָבן לייזער מאמלאָק מיט א גרופּע קהילה־מיטגלידער צוגעשיקט אן אָנקלאגע צו דער וואָיעוואָדישער געזעלשאפט, אז דאָס געלט, וואָס איז געוואָרן געזאמלט פארן שפיטאָל, ווערט אויסגענוצט אויף אנדערע צוועקן. אן אויספאָרשונג פון דער מאכט האָט נישט געפונען קיין שום פּגם אין די געלט־ענינים. אין מיטן דער אויספאָרשונג האָט מאמראָט דערלאנגט א גענויען פינאנסיעלן באריכט: איינזעענדיק די באדערפעניש אין א שפיטאָל האָט די קהילה באשלאָסן, אז אָנהויבנדיק פון 1830 וועט יעדער קהילה־מיטגליד געבן א באשטימטן אָפּצאָל פון כשר פלייש. אויף דעם אופן האָט זיך אָנגעקליבן א סומע פון 30,000 גילדן. בעת דעם אויפשטאנד 1830/31 האָט דער קהילה־ראט באקומען פון די דאָזיקע געלטער א געוויסע סומע אויף אויס־האלטן רעקרוטן, פארברייטערן דאָס בית־עלמין און פארנעמען זיך מיט די געליטענע פון כאָלערע. לויט זיין מיינונג האָט די אָנקלאגע פון מאמלאָקן מיט זיינע חברים קיין האפט, און זי דרינגט ארויס נאָר פון פערזענלעכע סיבות. די מאכט־אָרגאנען האָבן אָנגענומען מאמראָטס מאָטיוון און איבערגעריסן די אויספאָרשונג.

תיכף נאָכן באשטעטיקן 37 פון די קאָמיטעט־מיטגלידער דורך דער מאכט, איז דעם 1.1.1836 איינגעאָרדנט געוואָרן אין א צייטווייליקער דירה א שפיטאָל אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר מאָרגנשטערן. דער קאָמיטעט האָט זיך אויך פארנומען מיט קראנקע אין זייערע שטובן.

דערווייל האָט מען פאָרגעלייגט דעם קאָמיטעט צו קויפן א הויז פון מיקאָליי קוריטקאָווסקיס יורשים, אויף דער גאס זשעזניצקאָ־פּיסקאָזשעווסקא (נומער 388). דעם 11.4.1836 האָט מאמראָט געקויפט דאָס הויז. נאָכן פארענדיקן די יורידישע פּראָצעדור און דעם באשטעטיקן דורך דער מאכט די קניה, איז געעפנט געוואָרן דאָס הויז דעם 10.2.1837. דאָס הויז איז צוגעפּאסט געוואָרן צו די באדערפענישן פון א מעדיצינישן אנשטאלט און פארוואנדלט געוואָרן אין א שפיטאָל מיט 20 בעטן. דאָס הויז האָט געקאָסט 36,750 גילדן. אינעם רשות פון קאָמיטעט האָבן זיך געפונען 33,185 גילדן. דאָס איבעריקע — 3,565 גילדן — האָט מאמראָט בייגעשטייערט.

דאָס הויז איז געווען א געמויערטער בנין פון 1 שטאָק. אויפן פּארטער האָבן זיך געפונען דער זיצונג־זאַל, די אַפּטייק, א דירה פון אדמיניסטראטאָר, די שפיטאָל־קיך, א קראנקן־זאַל, די וועשעריי און 4 קעלערס; אויפן ערשטן שטאָק — 3 זאלן פאר קראנקע, א וואנע־צימער און א סקאלד אויף וועש. אויפן אויבערשטן שטאָק האָבן זיך געפונען א זאל פאר וועניגער קראנקע מענער און א זאל פאר פרויען. אין שפיטאָל פּערסאָנאַל זיינען געוואָרן אָנגענומען מאקס וועסטיג, מאקס לאנדא, כהן און מארקוס כהנא.

א קורצע צייט נאָכן עפענען דעם שפיטאָל האָט דער גלח איגנאצי פּשיבילסקי אָנגעקלאָגט די קהילה אין געריכט. ער האָט געפאָדערט צו קאָנפיסקירן דאָס שפיטאָל דערפאר, ווייל די קאלישער

קהילה האָט אין יאָר 1701 גענומען א הלוואה ביי די לאַטראַנער גלחים. נאָכן אויפלייזן דעם לאַטראַנער אָרדן איז דער חוב אויף דער סומע פון 14,967 גילדן איבערגעגאַנגען אין רשות פון גלח פון קלויסטער אויפן נאָמען פון הייליקן מיקאַליי אין קאַליש. און היות ווי ער איז דער גלח פון קלויסטער, איז די קהילה אים שולדיק דעם חוב.

מאַמראַט האָט זיך געווענדעט צום העכסטן אויפזיכטס־ראַט און געבעטן אַרויסנעמען פון דער רעגירונג א באַשלוס, אז די געלטער, וואָס פליסן אַריין פון באַשטייערונגען לטובת דעם שפּיטאָל דאַרפן נישט באַטראַכט ווערן ווי דאָס געלט פון דער קהילה. די וואָיעוואָדישע קאָמיסיע האָט אונטערגעשטיצט מאַמראַטס ווענדונג, אָבער אין פּראָצעס דעם 19.7.1836 האָט געוואונען דער גלח פּשיבילסקי. די אַדוואָקאַטור האָט דערקלערט, אז דאָס שפּיטאָל קען מען נישט אָנערקענען פאַר א בעל־חוב. אויפן סמך פון דער דאָזיקער דערקלערונג איז דער אורטייל אַנולירט געוואָרן. פּשיבילסקי האָט אַפּעלירט צום העכסטן געריכט אין וואַרשע דעם 6.10.1840. דאָס געריכט האָט געפּסקנט, אז דאָס שפּיטאָל איז אים נישט שולדיק קיין געלט.

דער שפּיטאָל־קאָמיטעט האָט זיך אויך באַמיט צו באַקומען א באַפרייאונג פון אַלע שטייערן אין אָפּצאָלן, אויפן יסוד פון א פאַראָרדענונג פון דער מלוכהשער אַדמיניסטראַטיווער קאָמיסיע דעם 7.10.1834. פריער האָט דער שטאָטראַט אָפּגעזאָגט, אָבער שפּעטער איז דאָס געוואָרן פּאָזיטיוו דערליידיקט לויט אַן אינסטרוקציע פון דער קאַלישער גובערניע דעם 1.4.1837. דער שפּיטאָל איז געוואָרן פאַרפליכטעט צו באַצאָלן בלויז די אָפּצאָלן, וואָס זיינען פאַרבונדן מיטן איבערפירן דאָס אייגנטום אונטער א צווייטן רשות.

**די הוצאות**

אין די ערשטע יאָרן זיינען די הוצאות פון שפּיטאָל געוואָרן געדעקט בעיקר דורך דעם אָפּצאָל פון כשר פלייש. דאָס האָט דורכשניטלעך אַריינגעבראַכט עטלעכע טויזנט גילדן א יאָר. דער דאָזיקער אָפּצאָל איז בטל געוואָרן אין יאָר 1840. אין יאָר 1841 האָט די רעגירונג באַפוילן די קהילות צו באַשטימען אין זייערע בודזשעטן א ספּעציעלע פּאָזיציע פאַר די שפּיטאָלן, אָבער דער קהילה־ראַט אין קאַליש האָט דאָס נישט געטאָן. מאַמראַט האָט וועגן דעם זיך געווענדעט צום קהילה־ראַט, אָבער ער האָט נישט געפּועלט. דאַן האָט ער געבעטן דעם שטאָטראַט צו ווירקן אויף דער קהילה אָפּצוהיטן די פאַראָרדענונג.

ביז יאָר 1853 האָט די קהילה באַשטימט פאַרן שפּיטאָל 300 רובל. פון יאָר 1853 איז די סומע געוואָרן פאַרגרעסערט. אין יאָר 1863 האָט דער שפּיטאָל באַקומען 800 רובל, 1865 — 1000, און פון יאָר 1868 — 1.200 רובל. די קהילה האָט אויך מוסיף געווען אויף די הוצאות פון היילן קאַלישער תושבים — 800 רובל.

א צווייטער מקור פאַרן בודזשעט פון שפּיטאָל איז געווען דער אָפּצאָל פון די קראַנקע. ביזן יאָר 1849 האָט א חולה געצאָלט 1 גילדן א טאָג, פון יאָר 1849 — 20 קאָפּיקעס. די דאָזיקע סומע איז געוואָרן פאַרגרעסערט אין יאָר 1856 אויף 22.5 קאָפּיקעס; אין יאָר 1868 — אויף 25 קאָפּי־קעס; אין 1871 — אויף 30 קאָפּיקעס, און פון 1901 איז דער אָפּצאָל געווען 50 קאָפּיקעס פאַר א טאָג. פאַר דער היילונג פון אָרעמעלייט האָט געצאָלט די קהילה.

דעם שפּיטאָל־שטייער, וואָס איז געוואָרן איינגעמאָנט פון אידן נישט קיין סטאַבילע תושבים, האָט די קהילה אַרענדירט אין אַן עפנטלעכן קאָנקורס אין יאָר 1839 פאַר 1,116 גילדן א יאָר, וועלכע זיינען געוואָרן איינגעצאָלט יעדעס פערטל יאָר פאָראויס; אין יאָר 1840 — 1,440 גילדן; 1841 — 1,200 גילדן. אין יאָר 1842 איז דער שטייער אַנולירט געוואָרן, מחמת פרעמדע אידן איז פאַרווערט געוואָרן צו וואוינען אין די שטעט פון גרענעץ־געביט.

אין יאָר 1837 איז דאָס שפּיטאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין א קרייז־שפּיטאָל. דער קהילה־ראַט האָט זיך געווענדעט צו אַלע קהילות אין קרייז צו שטעלן אין זיין רשות די אָפּשפּאָר־פאָנדן, יענע האָבן אָבער געענטפערט, אז זיי פאַרמאָגן נישט קיין שום אָפּשפּאָרונגען.

נאָך א מקור פון שפּיטאָל בודזשעט זיינען געווען די ירושות.

די סאַמע עלטסטע ירושה איז געווען פונעם באַנקיר לעווקאָ גוטהיימער. זיינע יורשים האָבן אין יאָר 1811 איבערגעגעבן דער קהילה 968 טאַלער. דערנאָך האָבן די יורשים אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו באַשטימען די דאָזיקע סומע פאַרן שפּיטאָל. אין יאָר 1836 האָט דער שפּיטאָל־קאָמיטעט באַקומען די סומע פון 6,000 גילדן אין ווערט־פּאַפּירן מיט 14 קופּאָנען. די דאָזיקע סומע האָט דאָס שפּיטאָל געגעבן אויף דער היפּאָטעק פונעם גוט ריבניקע אויף 5%. דער גוט־

אייגנטימער האָט צוגעגעבן נאָך 500 גילדן. ווען מ׳האָט אומגעקערט די הלוואה איז זי געגעבן געוואָרן אין דער סומע פון 6,000 מיט דער באַשטעטיקונג פון אויפזיכטס־קאָמיטעט דעם 27.7.1852 צום גוט־אייגנטימער פון סאַרנאָוו־ביעלסקי סטאַניסלאַוו ראַדזילינסקי. ביזן יאָר 1869 איז די דאָזיקע ירושה געגעבן געוואָרן אלס היפּאָטעק־הלוואה צו גוט־אייגנטימער אויף א פּראָצענט פון 5% מיט א צוגאָב־ביישטייער פאַרן שפּיטאָל. אין יאָר 1869 האָט מען אריינגעטראָגן דאָס געלט (900 רובל) אין „באַנק פּאָלסקי" און שפּעטער אין מלוכהשן באַנק.

ירושה פון קאַרל בראַקמאַן אין קאַליש אויף א סומע פון 950 רובל.

ירושה פון מיכאל בראַקמאַן אין יאָר 1865, לויט וועלכער דאָס שפּיטאָל האָט באַקומען די הכנסות פון צוויי זיינע הייזער, א סומע פון 1,500 באַר געלט, אין אַנהויב פון יעדן יאָר.

ירושה פון אהרן און חנה שטערן פון ברעסלוי פון יאָר 1838 — 135 רובל.

דער אויפזיכטס־קאָמיטעט פון די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס אין קאַלישער קרייז האָט דעם 29.7.1847 צו וויסן געטאָן דעם שפּיטאָל־קאָמיטעט, אז דער מלוכהשער קאָמיטעט פאַר אינערלעכע רעליגיעזע און בילדונגס־ענינים האָט אויסגעטיילט פאַרן אידישן שפּיטאָל אין קאַליש 700 רובל פונעם דערלויבעניש־פאָנד פאַר אידישער קליידונג. פון דער דאָזיקן סכום האָט דאָס שפּיטאָל באַקומען 400 רובל אויף דעקן לויפנדיקע הוצאות און 300 רובל זיינען געבליבן אלס קרן מיט א יערלעכן פּראָצענט פון 4%.

די ירושה פון אפרים יאהנע פון יאָר 1851 — 45 רובל.

ווערט פּאַפּיר פון האַמבורג אויף 100 מאַרק, געשענקט דעם שפּיטאָל אין יאָר 1860 דורך דער פאַמיליע מאַמראָט צום 25 יאָריקן יאָרטאָג פון זיין פּאַרזיצערשאַפט אין שפּיטאָל־קאָמיטעט.

אין יאָר 1861 האָט מאָוריצי מאַמראָט געשפּענדעט אין ווערט־פּאַפּירן 1000 מאַרק.

ירושה פון לודוויג מאַמראָט און זיין פרוי אויף 450 רובל דעם 4.10.1860.

ירושה פון לודוויג מאַמראָטס פרוי, פון דער היים רעדליך, און זיינע קינדער, אויף א סומע פון 2,700 רובל דעם 19.5.1864 אויף צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון מאַן און פאָטער.

מאיר מאַרקאָוויטש, געשטאָרבן דעם 7.10.1909 האָט איבערגעלאָזן זיין פאַרמעגן אין היפּאָטעקן. איינע פון זיי, אויף א סומע פון 1000 רובל, איז געוואָרן אוועקגעגעבן דעם שפּיטאָל.

בעתן אויפשטאַנד פון 1863, ווען די אויפשטענדלער האָבן צייטווייליק פאַרנומען די שטאָט, איז זיי געלונגען צו קאָנפיסקירן אלע ווערט־פּאַפּירן, וואָס זיינען געווען אין רשות פון דער רעגירונג אָדער פון אינסטיטוציעס. דעם 30־טן יוני 1864 האָט וואַרשע באַפוילן איבערצוגעבן ווי אזוי די ווידערשטענדלער האָבן גענומען אָדער מ׳האָט זיי געגעבן די ווערט־פּאַפּירן פון דער רעגירונג און פון אינסטיטוציעס.

אין יאָר 1903 איז דאָס פאַרמעגן פון שפּיטאָל געשטיגן ביז 8,290 רובל 79 קאָפּיקעס און דער יערלעכער פּראָצענט האָט אריינגעבראַכט דורכשניטלעך 350—360 רובל. אויסער דעם זיינען געווען נאָך הכנסות פון דירה־געלט אין שפּיטאָל — קעלערס, פּאַרטער־דירה, א גאָרטן — אין יאָר 1841 — 295 גילדן, אין 1866 — 70 רובל.

דאָס שפּיטאָל האָט אויך באַקומען א יערלעכע סובסידיע פון שטאָטראַט: אין די יאָרן 1850—1862 צו 100 רובל, דערנאָך 250 רובל, 1870 — 295 רובל, 1890/1880 — 800 רובל, 1902/1891 — 500 רובל א יאָר.

לויטן רעגולאַמין פון יאָר 1832 און דער אינסטרוקציע פון העכסטן ראַט דעם 2.8.1833, האָט די אָנפירונג פון אנשטאַלט זיך געפונען אין די הענט פון אדמיניסטראַטיוון ראַט. די מיטגלידער פונעם ערשטן ראַט האָבן מיר אויבן שוין אויסגערעכנט.

לודוויג מאַמראָט, וועלכער האָט זייער פיל געטאָן פאַר דער אנטוויקלונג פונעם שפּיטאָל, האָט זיך געפונען בראש פון ראַט 27 יאָר — ביז זיין טויט אין יאָר 1863. נאָך אים איז אלס פּרעזידענט באַשטימט געוואָרן דורך דער מלוכהשער קאָמיסיע פאַר אינערלעכע ענינים זיין זון מאָוריצי מאַמראָט. אויך ער האָט געווידמעט א סך ענערגיע אויף צו פאַרגרעסערן דעם שפּיטאָל. אין יאָר 1868 האָט ער מנדב געווען פאַרן שפּיטאָל 28 אייזערנע בעטלעך און 700 רובל. מיטגלידער פון לעצטן שפּיטאָל־קאָמיטעט זיינען געווען מאָוריצי מאַמראָט, פּרעזידענט; אַבעלע שנער, שמעון גרינפעלד, ישראל טיקאָטשינער, מיקאָליי מוטשינסקי, משה בלאָך און רפאל זאַקס.

דאָס פּאַרמלוכהשן

דעם 19.6.1870 האָט די רעגירונג אויפגעלייזט דעם קאָמיטעט, און דאָס שפּיטאָל, פּונקט ווי אַנדערע שפּיטאָלן אין לאַנד, איז איבערגעגאַנגען אונטער דער אַדמיניסטראַציע פונעם גובער־ניאַלן ראַט פון פילאַנטראָפּישע ענינים. בראש פון שפּיטאָל האָט זיך געפונען אַ קוראַטאָר, וועלכער איז גלייכצייטיק געווען דער פאַרבינדלער צווישן ראַט און דעם אַנשטאַלט. אַלס ערשטער קוראַטאָר איז געוואָרן באַשטימט מאוריצי מאַמראָט, וועלכער האָט דעם דאָזיקן אַמט אויסגעפילט ביז 1876. אין די יאָרן 1882/1876 איז קוראַטאָר געווען שמעון גרינפעלד; 1891/1882 — פעליקס פרענקעל, וועלכער האָט אויך געבויט דעם מושב זקנים מיט זיין שפּענדונג פון 800 רובל; 1904/1891 — ישראל טיקאָטשינער.

לויטן רעגולאַמין איז דער דאָקטאָר פון שפּיטאָל געווען מיטגליד פון קאָמיטעט און געווען פאַרפליכטעט צו באַטייליקן זיך אין זיין אָנפירונג. צוליב דעם זיינען נישט איינמאָל אַנטשטאַנען קאָנפליקטן. נישט תמיד האָבן די קאָמיטעט־מיטגלידער אָפּגעהיטן דעם רעגולאַמין און נישט באַטייליקט דעם דאָקטאָר אין דער אָנפירונג. באַזונדערס האָבן זיך געטראָפן סכסוכים צווישן די דאָקטוירים מאָרגנשטערן און רעדליך און צווישן דעם קאָמיטעט. ד״ר מאָרגנשטערן האָט אָנגעוויזן אין זיינע באַריכטן, אַז די קאָמיטעט־מיטגלידער פירן נישט אויס זייערע אויפגאַבעס, אָרדענען נישט איין קיין זיצונגען, האָבן נישט קיין געהעריקע אויפזיכט איבער די שפּיטאָל־אַנגעשטעלטע.

די באַמערקונגען פון ד״ר מאָרגנשטערן האָבן געווירקט און מאַמראָט איז צוגעטראָטן ענערגיש אויסצובעסערן די לאַגע. ווען אַבעלע שנער איז געוויילט געוואָרן אַלס קאַסיר, איז ער געווען זייער אַקטיוו, אריינגעפירט אָרדענונג אין דער ווירטשאַפט און פאַרגרעסערט די הכנסות.

דער אַפּאַראַט איז באַשטאַנען פון אינטענדענט, וועמענס יערלעכער געהאַלט האָט באַטראָפן 172.5 (אין אָנהייב 20־טן יאָרהונדערט האָט מען די פּענסיע געהעכערט אויף 325.5 רובל), סעקרעטאַר, דינער און וועכטער. דעם אַמט פון אינטענדענט האָבן פאַרנומען: הערש איילנבערג (1836—1851), משה קויפמאַן (1851—1866), יאָאַכים קויפמאַן (1866—1881), מתתיהו שפּירא (1881—1914).

אין מעדיצינישן פּערסאָנאַל האָבן זיך געפונען: אַ דאָקטאָר, וואָס ביזן יאָר 1860 האָט ער באַקומען 45 רובל אַ יאָר; 1860—1873 — 75 רובל; 1875—1898 — 250 רובל, און פון יאָר 1898 — 350 רובל; אַ פעלדשער מיט אַ געהאַלט פון 30 רובל; פון יאָר 1870 — 70 רובל; 1887—1891 — 90 רובל; פון 1891 — 120 רובל; אַן אַפּטייקער; דינערשאַפט אין די קראַנקען־זאַלן מיט אַ געהאַלט פון 144 רובל; באַדינער און באַדינערינס — 48 רובל און דער סטרוזש — 144 רובל; אַ קעכין — 84 רובל.

די טרייבקראַפט איז געווען לודוויג מאַמראָט. ער האָט געזאָרגט פאַר יעדער זאַך און ווען עפּעס האָט געפעלט, האָט ער אַליין דערויף געגעבן. ער האָט זיך נוהג געווען צו באַצאָלן די הוצאות פאַר די מעדיקאַמענטן, וועלכע האָבן אין די ערשטע יאָרן באַטראָפן באַדייטנדיקע סומעס. מיט זיינע אייגענע געלט־מיטלען האָט ער געשאַפן די אַפּטייק. ווען ס׳איז געוואָרן 25 יאָר זינט זיין אַרבעט אויף דעם אַמט, איז דעם 9.11.1860 פאָרגעקומען אַ פייערלעכע מסיבה מיט דער באַטייליקונג פון שטאָט־פּרעזידענט, פאַרשטייער פון דער מאכט, פון שטאָטראַט און פון דער קהילה.

אויך זיין נאָכפאָלגער, דער זון מאוריצי, איז געווען איבערגעגעבן ביים אויספירן דעם אַמט. ער האָט געזאָרגט פאַר רעמאָנטירן די געביידע און פאַרן פאַרגרעסערן די מעדיצינישע אויס־שטאַטונג. בעת די מאכט האָט אין יאָר 1870 איבערגעפירט דאָס שפּיטאָל אונטער דער אויפזיכט פון גובערניאַלן ראַט, האָט מען בעזונדערס געפילט די גוטע אָרדנונג אין אַנשטאַלט.

לויט דער איניציאַטיוו פון לודוויג און מאוריצי מאַמראָט האָט די שפּיטאָל־קיך אַרויסגעגעבן הייסע טיי מיט ברויט פאַר אָרעמעלייט.

אין יאָר 1848, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די כאָלערע, איז לויט זייער איניציאַטיוו דאָס גאַנצע שפּיטאָל געשטעלט געוואָרן צו דער דיספּאָזיציע פון די עפּידעמיע־געליטענע. לויט דער איניציאַטיוו פון לודוויג מאַמראָט איז אין די פופציקער יאָרן געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט צו באַשפּייזן אידישע אָרעמעלייט. דער קאָמיטעט איז געוואָרן אָנגעפירט דורך ו. שפּירא, י. אוערבאַך, מ. ראָזענפעלד, זאַק. פון מאַי ביז סעפּטעמבער 1855 איז געזאַמלט געוואָרן אַ סכום פון 988 רובל, וואָס מ׳האָט אויסגעגעבן אויף ברויט פאַר אָרעמעלייט.

דאקטוירים

דער ערשטער דאָקטאָר, ד״ר מיכאל מאָרגנשטערן, איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1780 אין וולאָצלאַוועק. דאָרט האָט ער געלערנט אין דער עלעמענטאַר־שולע און אין דער גימנאַזיע. דעם דאָקטאָר־דיפּלאָם האָט ער באַקומען אין ברעסלוי און זיך באַזעצט אין שעראַדז. נאָך א קורצער צייט איז ער אַוועק קיין קאליש און געוואָרן דאָרט קרייז־דאָקטאָר. באַלד אין אָנהויב פון זיין טעטיקייט האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט אידן. דעם 26־טן פעברואַר 1836 איז ער מיט דער הסכמה פון דער מאַכט, נאָמינירט געוואָרן אלס דאָקטאָר פונעם שפּיטאָל. אויף זיין אמט האָט ער זיך אויסגעצייכנט נישט בלויז מיט זיין מעדיצינישער ערודיציע, נאָר אויך מיט זיין איבערגעגעבנקייט צו די קראַנקע. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די כאָלערע־עפּידעמיע אין יוני 1848 איז ער קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן דעם 9.6.

נאָך אים איז אלס הויפּט־דאָקטאָר געוואָרן נאָמינירט ד״ר בערנאַרד רעדליך. ער איז געבוירן געוואָרן אין קאליש אין יאָר 1813 און געווען טעטיק אין שפּיטאָל פון יאָר 1849 ביז זיין טויט אין יאָר 1860. אין זיין צייט האָט געאַרבעט אלס צווייטער דאָקטאָר ד״ר שטורם. רימאַר־קעוויטש, געבוירן אין וואַסקאַוו און געענדיקט מעדיצין אין ברעסלוי, איז באַשטימט געוואָרן אין יאָר 1860 אלס דאָקטאָר פון קאלישער שפּיטאָל, אָבער ער האָט נישט לאַנג געאַרבעט, ווייל ער איז אָפּט געווען אָפּוועזנדיק פון זיין אַרבעט אין שפּיטאָל און פון דער שטאָט.

זיין יורש איז געווען א נישט־איד, א קאלישער געבוירענער, ד״ר וולאַדיסלאַוו סטאָפּיעזשינסקי. ער איז געבוירן געוואָרן אין יאָר 1833, געלערנט מעדיצין אין די אוניווערסיטעטן פון ווין און בערלין, און דאָרט האָט ער באַקומען דעם דיפּלאָם אין יאָר 1858. ער האָט זיך באַזעצט אין קאליש אין יאָר 1860. אין יאָר 1862 איז ער באַשטימט געוואָרן אלס דאָקטאָר אין אידישן שפּיטאָל, און האָט דערפילט זיין אויפגאַבע, לויט די ווערטער פון אַדמיניסטראַטיוון קאָמיטעט, מיט איבערגעגעבנקייט און טרייִשאַפט. ער איז געווען באַליבט ביי דער אידישער באַפעלקערונג.

נאָך זיין טויט (15.5.1873) איז אלס דאָקטאָר געוואָרן אָנגענומען ד״ר יוסף רימאַרקעוויטש, געוואָרן דיפּלאָמירט אין ברעסלוי אין יאָר 1855. אין קאליש האָט ער פאַרמאָגט א ברייטע פּראַקטיק. אין שפּיטאָל האָט ער געאַרבעט פון יאָר 1873 ביז זיין טויט, דעם 16.2.1898.

זיין נאָכפאָלגער איז געווען ד״ר עדוואַרד בעאַטוס, געבוירן, אין קאליש אין יאָר 1858, געלערנט אין דער שטאָטישער גימנאַזיע, און מעדיצין אין וואַרשע. פון יאָר 1887 ביז 1888 האָט ער געאַרבעט אלס צווייטער דאָקטאָר, געהילף פון ד״ר רימאַרקעוויטש, און נאָך זיין טויט איז ער נאָמינירט געוואָרן דעם 13.6.1898 אלס שפּיטאָל־דאָקטאָר און געווען אויף זיין אמט ביז 1914. צו הילף האָט ער געהאַט א צווייטן דאָקטאָר יעקב בעאַטוס.

אלס סאַניטאַר (פעלדשער) האָט אין די יאָרן 1836—1849 געאַרבעט קאַראָל ביבערשטיין, 1849—1854 — פּעטער, 1854—1866 — הערמאַן גרינבאַום, 1865—1870 — לעאָפּאָלד גרינבוים און האַלפּערן, 1870—1887 — הערמאַן גרינבוים, 1887—1890 — בערנאַרד לעוויצקי, 1890—1914 — ישראל קאַרמזאָן.

אין די ערשטע יאָרן האָט דאָס שפּיטאָל נישט געהאַט די סימפּאַטיע און דעם צוטרוי פון דער אידישער באַפעלקערונג, און ספּעציעל — פון די פרומע. די צאָל קראַנקע איז געווען: אין יאָר 1837 — 25 קראַנקע; 1840 — 190; 1854 — 382; 1860 — 127 קראַנקע.

אין יאָר 1860 איז אין דער אָנפירונג באַטראַכט געוואָרן די פראַגע פאַר וואָס איז אַזוי קליין די צאָל קראַנקע אין שפּיטאָל. לויט דער מיינונג פון די דאָקטוירים האָבן די אידישע אָרעמעלייט זיך באַצויגן מיט פאַראַכט צו דער היילונג אין שפּיטאָל; זיי האָבן געזען אין אים א „הקדש״ פאַר היימלאָזע און משפּחהלאָזע מענטשן.

אָבער מיט דער צייט האָט די באַציאונג זיך געענדערט און אין די יאָרן 1869—1914 איז די צאָל קראַנקע אין שפּיטאָל כסדר געוואַקסן. אין יאָר 1869 — 393 קראַנקע; 1872 — 578; 1880 — 329; 1888 — 600; 1890 — 552; 1914 — 1554.

אין סוף פון 19־טן יאָרהונדערט האָט מען צוגעבויט צום שפּיטאָל א נייעם בנין. אין אַלטן בנין — 43 בעטלעך — זיינען האָספּיטאַליזירט געוואָרן קראַנקע אויף אינערלעכע מחלות און זקנים. פאַקטיש איז דאָס געווען א מושב זקנים. אין נייעם בנין זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אָפּטיילונגען פאַר כירורגיע און גינעקאָלאָגיע. צו די אָפּעראַציעס איז געוואָרן איינגעלאַדן דער איינציקער כירורג אין קאליש, ד״ר דראָזדיעיעווסקי.

אין שפּיטאָל האָבן געאַרבעט צוויי כירורגן: ד״ר קאַליניעוויטש ביז 1928, און ד״ר טראַכטנבערג.

# אין דער צייט פונעם אויפשטאנד אין יאר 1863

אונטערן צייכן פון אידיש־פוילישער פריינדשאפט



נהויבנדיק פון יאָר 1861 האָט די באציאונג פון פאָליאקן צו אידן זיך פאַר־בעסערט אונטערן איינפלוס פון דער פוילישער נאציאָנאלער באוועגונג, וואָס האָט ארויסגערוקט דעם לאָזונג פון אידיש־פוילישער פריינדשאפט. נאָך אין יאָר 1859 איז די שפאנונג צווישן ביידע פעלקער שטארקער געוואָרן צוליבן גרינדן דאָס פאַרמיטלונגס־הויז פון דער לאנדווירטשאפטלעכער געזעלשאפט אויף איינצוקויפן לאנדווירטשאפט־לעכע פראָדוקציע פון דער געגנט און פארקויפן לאנדווירטשאפטלעכע אויסשטאטונג צו די גוט־באזיצער און פויערים. די דאָזיקע אינסטיטוציע האָט זיך געשטעלט פאר אן אויפגאבע ארויס־צונעמען פון אידישע הענט דעם האנדל מיט לאנדווירטשאפטלעכע פראָדוקטן, דעם האָלץ־מסחר און אויך דעם פארקויף פון לאנדווירטשאפטלעכע מכשירים. מיט דעם אלעם האָבן זיך באשעפטיקט א סך פון די קאלישער אידן. בלויז א דאנק דער השתדלות פון הרב דוד מייזלש איז די דאָזיקע שפאנונג שוואכער געוואָרן נישט בלויז אין קאליש, נאָר אויך אין אנדערע שטעט, וואו ס'זיינען אנטשטאנען ענלעכע פאַרמיטלונג־הייזער.

אָנהויב מערץ איז געוואָרן טעטיק די נאציאָנאלע באוועגונג אונטער דער קאָמאנדירונג פון וואסילעווסקי, וועלכער איז געוואָרן נאָמינירט אלס אדמיניסטראטיווער אָרגאניזאטאָר פון קאלישער קרייז.

די צייטונג „גאזעטא צאָדזשעננא" אין קאליש האָט געשריבן: „אין די שיינע מערץ־טעג האָבן זיך ווי צונויפגעגאָסן אלע קערפערס און געוואָרן איינס — דער לאנדווירט, דער שטאָטישער בירגער, די אידן, בעלי־מלאכה — יעדער האָט אויסגעשטרעקט צום אנדערן די האנט אין דערמאָנונג פון די ווארשעווער קרבנות, וואָס זיינען געפאלן בעת דער פעברואר־דעמאָנסטראציע אין פעברואר 1861. אין די קאָשטשאָלן און אין די שולן האָבן זיך פארזאמלט אידן און קריסטן. אין די פאטריאטישע פארזאמלונגען אין די שולן האָבן זיך באטייליקט אויך פאָליאקן".

די רעליגיעזע האָבן אָפגעוואָרפן אָט די טעטיקייט און ארויס מיט א סקאנדאל קעגן אידישן בוכהענדלער הארטיג, אן אָנפירער פון די אסימילאטאָרן. די דאָזיקע טאט האָט ארויסגערופן גרויס צאָרן צווישן די אויפגעקלערטע אידן און די פאָליאקן.

ווען די שטאָט־איינוואוינער האָבן, לויטן ביישפיל אין ווארשע, אויסגעוויילט א דעלעגאציע, האָבן צווישן די 20 מיטגלידער זיך געפונען אויך אידן. דעם 13.4 האָט די מאכט אויפגעלייזט די דעלעגאציע און די סוחרים־רעסורסע. ס'האָט געהערשט א שפאנונג צווישן די פאָליאקן און צווישן די רוסן און דייטשן.

ספעציעל האָט זיך פארשטארקט די פריינדשאפט מיט די פאָליאקן אין אָקטאָבער 1861: „דער־פרייענדיק איז די הארמאָניע וואָס הערשט צווישן אונדז און די קריסטן, אונדזערע ברידער. אין סוף אפריל ה.י. זיינען אונדזערע גלויבנס־גענאָסן אָנגענומען געוואָרן אלס מיטגלידער פון דער סוחרים־רעסורסע, וואָס איז געשאפן געוואָרן דורך קריסטן, און צוויי אידן, די הערן שמעון גרינפעלד און אדאָלף געמביצקי, זיינען געוואָרן אויסגעקליבן אין דער פארוואלטונג" — שרייבט מיט באגייסטערונג דער קאָרעספאָנדענט פון דער ווארשעווער „יוטזשענקא" מאוריצי פרץ. ווען ס'איז אויסגעבראָכן א שריפה אין א אידיש הויז אויף ווראָצלאווסקע גאס (אין דער קריסטלעכער געגנט) זיינען — לויט ווי פרץ דערציילט — געקומען טויזנטער קריסטן און געראטעוועט די אידן, זייער מעבל, חפצים און דאָס אנדערע פארמעגן.

ווי ווייט ס'איז שטארק געווען די אידיש־פוילישע פריינדשאפט באווייזט דער פאקט, אז דעם 11 אָקטאָבער איז אין דער שול פאָרגעקומען אן אזכרה פארן ארכיהעגעמאָן פיאלקאָווסקי. דער חזן ישראל יפה מיטן כאָר האָבן געזונגען קאפיטלעך תהילים, און דער רב לאנדסבערג, וואָס האָט דאן צופעליק זיך געפונען אין קאליש, האָט געהאלטן א הספד. זיין רעדע האָט געמאכט א שטארקן רושם אויף דעם גרויסן עולם אין שול.

גלייכבארעכטיקונג־
דעקלאראציע

מיט סאטיספאקציע האבן אידן אויפגענומען די דעקלאראציע וועגן גלייכבארעכטיקונג, וואס זיי האבן באקומען לויט דעם פארשלאג פון אלעקסאנדער וויעלאפאלסקי. ער איז ארויסגעטראטן קעגן די עקסטרעמע פאדערונגען פון די פוילישע נאציאנאליסטן. ער האט געוואלט געווינען פאר זיין רעאליסטישער פאליטיק די אידן, אין וועלכע ער האט געזען דעם מיטעלן שטאנד (דעם דריטן) אין פוילן. אויפן יסוד פון געזעץ, פארעפנטלעכט דעם 28־טן מאי 1862, האבן אידן באקומען וואלרעכט צו די קרייז־ראטן און שטאטראטן. צום קאלישער קרייז־ראט זיינען צווישן די 18 אויסגעוויילטע געווען דריי אידן: לודוויג מאמראט, משה שיפער און אליהו מאמראט. צווישן די 10 פארטרעטער איז געווילט געווארן דער איד אדאלף געמביצקי.

צום קאלישער שטאטראט — אין יאר 1862 האט די שטאט געציילט 12,855 תושבים, צווישן זיי 4423 אידן — איז צווישן די 12 ראטמענער געוויילט געווארן איין איד: יוסף בערנארד רעדליך, און צווישן די 12 פארטרעטער — 5 אידן: אדאלף געמביצקי, רפאל זאקס, לודוויג מאמראט, אדאלף קעמפנער און יעקב אליהו מאמלאק.

אין די יארן 1861—1862 האט די אידישע אינטעליגענץ, וואס איז כסדר געוואקסן צווישן די קאלישער אידן, געפרוווט זיין אקטיוו אין קהילה־לעבן כדי צו פארבעסערן דעם מצב אויף פארשידענע געביטן. אין יאר 1862 זיינען אין דער קהילה פארגעקומען פיל בעראטונגען וועגן דער נויטווענדיקייט פון ענדערונגען און רעפארמען אין דער קינדער־דערציאונג, פון פארבעסערן דעם מצב פון די ארעמעלייט און רעפארמען אין דער הילפס־טעטיקייט. די אלע בעראטונגען האבן זיך געענדיקט מיט גארנישט; א ריי קעגנער און דער קהילה־ראט זיינען ארויסגעטראטן קעגן יעדע ענדערונג און רעפארם. פון איין באמערקונג אין א קארעספאנדענץ פון קאליש קען מען ארויסדרינגען, אז די אויפגעקלערטע האבן זיך ארגאניזירט אין א פראגרעסיווער פראקציע.

קודם־כל האבן זיי געשטויסן צו ענדיקן דאס רעסטאורירן די שול, וואס איז אפגעברענט געווארן אין יאר 1858, צו שאפן דורך דער קהילה א אידישע עלעמענטאר־שולע, און דער עיקר — אוועקשטעלן בראש פון דער קהילה א פערזענלעכקייט מיט שטרעבונגען וואס זיינען פאסיק פארן גייסט פון דער צייט און פון אירע פאדערונגען. אין ליכט פון דער נייער פאליטישער סיטואציע, וואס האט זיך געשאפן מיט דערטיילן אידן גלייכבארעכטיקונג, האבן די אויפ־געקלערטע געזען א גינסטיקע געלעגנהייט ארייננצופירן רעפארמען אין קהילה־לעבן.

אויפגעקלערטע־
רעליגיעזע

הינטער די קוליסן האט זיך שוין אנגעמערקט דער קאמף צווישן די אויפגעקלערטע און די עקסטרעמע רעליגיעזע קרייזן, וועלכע האבן זיך אפגעזאגט צו רעדן וועגן וועלכע ס׳איז ענדערונ־גען אין אידישן לעבן און דערציאונגס־אנשטאלטן. ס׳האט עקזיסטירט א גרופע סוחרים און אינדוסטריעלער, וועלכע זיינען געשטאנען אין געשעפטלעכע פארבינדונגען מיט דייטשלאנד, גערעדט דייטש, געלערנט זייערע קינדער על פי רוב אין ברעסלוי און אין בערלין און זיי זיינען געווען ווייט פון צופאסן זיך צו דער פוילישער שפראך און קולטור. די סוחרים, „וואס לעבן אין ווילטאג און נוצן אויס מיט צופרידנקייט די פוילישע פרוכטן, האבן, איבערנעמענדיק די דייטשע שפראך, קיין איינמאל נישט געטראכט, אז פון דייטשלאנד טאקע זיינען ארויסגעטריבן געווארן די אידן, וועלכע האבן זיך באזעצט אין קאליש" — אזוי באקלאגט זיך ש. בלאו, א קארעספאנדענט, וואס געהערט צו א צווייטער גרופע אויפגעקלערטע. אויף א צווייטן פלאץ רעדט ער שארף וועגן דעם, אז „אין דער געזעלשאפט פון די אויפגעקלערטע איז יעדעס געשפרעך געווידמעט דער דייטשער ליטעראטור, און אלץ אין דער דייטשער שפראך, ווייל זיי האבן אן אנטיפאטיע צו דער פוילישער שפראך און ליטעראטור".

די אנדערע גרופע אין דער אינטעליגענץ האט סימפאטיזירט מיט די פאליאקן און זייערע שטרעבונגען, געפאדערט מער מוט, איינהייטלעכקייט פון די אנשויאונגען, אקטיווקייט אין קאמף קעגן פאנאטיזם און קעגן די קריגערייען, וואס האבן געהערשט אין די קעגנערישע גרופעס.

אין א ספעציעלער קארעספאנדענץ פון קאליש ווערט אונטערגעשטראכן, אז מ׳דארף פארשטיין, אז אין דער נייער סיטואציע קען מען מער נישט אראפשלעפן די אידן אין אפגרונט פון מיטלאלטער. די רעליגיעזע זעען אין דער גלייכבארעכטיקונג נאר די מאטעריעלע זייט און זיי ווילן געניסן בלויז פון עקאנאמישע פארצוגן, נישט רעכענענדיק זיך מיט די צייט־באדערפעענישן פון שטאנדפונקט פון קולטור, דערציאונג, און די בירגערלעכע פליכטן לגבי דער געזעלשאפט

און אירע אינסטיטוציעס. די מיטגלידער פון דער דאָזיקער גרופּע האָבן געקעמפט קעגן דער קהילה, וואָס איז געוואָרן באַהערשט פון די רעליגיעזע פון אַלע קרייזן — חסידים און מתנגדים. זיי זיינען געווען אונטער דער השפעה פון אומגעבילדעטע רבנים, וואָס האָבן נישט געקענט קיין איין פרעמד וואָרט. לויט דער מיינונג פון דער גרופּע איז פאַראַן איין אויסוועג: צו דערציען די יוגנט אין אַן אַנדערן גייסט, אַ פּאַסיקער צו די פאָדערונגען פון דער צייט. די גרופּע האָט זיך באַקלאָגט, אַז דער רב וואַקס האָט נישט קיין שום פאַרשטענדעניש פאַר די נויטן פון דער צייט. ער איז דער כוח, וואָס טרייבט די קהילה־פירער צו קעגנערישקייט. ער איז נישט קיין פּאַסיקער יורש פון די אויפגעקלערטע און טאָלעראַנטע רבנים, וועלכע זיינען געווען פאַר אים אין קאַליש: ר׳ שלמה אייגער, ר׳ אליהו ראַגאָלער און ר׳ צבי חיות, וואָס איז אין קאַליש נישט געוואָרן דערשאַצט. די אויפגעקלערטע האָבן שאַרף אָנגעגריפן די קהילה־אָנפירונג, וואָס איז געוואָרן געוויילט אַ דאַנק דער מערהייט פון די רעליגיעזע, און אויך איר שטייערן־פּאָליטיק און דאָס איינמאָנען די שטייערן דורך סעקוועסטער און אָן שום קאָנטראָל.

הרב וואַקס האָט דערקלערט, אַז די קהילה האָט נישט קיין שום באַדערפעניש צו שאַפן אַ שולע, ווארום די רעגירונג וועט דאָס בקרוב טאָן. ער האָט דאָס געזאָגט דאַן, ווען אַ פּלאַן איז שוין געוואָרן איבערגעשיקט צו די מאַכט־אָרגאַנען.

לודוויג מאַמראָט (1802—1863) האָט נישט געלייגט קיין אַכט אויף די טענות פון הרב וואַקס. ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין כוחות און אין יולי 1862 האָט ער געשאַפן אַ שולע פון 3 קלאַסן. דאַן האָט ער אָנגעהויבן זוכן לערער וואָס קענען פּויליש, דייטש, העברעאיש, אידישע געשיכטע, אידישע לימודים און אויך אַ ספּעציעלן לערער פאַר פּוילישער שפּראַך, פּוילישער געשיכטע און פאַר אַלגעמיינע לימודים.

ער האָט אָבער נישט באַוויזן צו ענדיקן זיין ווערק. ער איז געשטאָרבן דעם 2־טן יוני 1863, ווען ער איז געווען אויפן וועג פון בערלין קיין קאַרלסבאַד צוליב קוראַציע־צוועקן. ער איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע אידן אין קאַליש און געווידמעט זיין גרויסע ענערגיע אויך אויף געזעלשאַפטלעכע ענינים. ער, זיין זון, און די גאַנצע קאָנסאָלידירטע גרופּע אַרום אים — רעדליך, קעמפּנער, פּרץ, שנער, געמביצקי, מאָריצי בלאָך, קאַראָל, מאָריצי און לודוויג בראַקמאַן, יוליוש האַרטיג, לעאָפּאָלד לובעלסקי — זיינען געווען איבערגעגעבענע אָנהענגער פון דער פּוילישער באַוועגונג און זי געשטיצט, פאַרשטייט זיך שטילערהייט, מיט געלט און מיט וואָס זיי האָבן נאָר געקענט. די רוסישע זשאַנדאַמעריע האָט זיי נאָכגעשפּירט. לויט אַ באַריכט פון שטאָטראַט דעם 21.11.1861 (נומער 4728) צו דער רוסישער מיליטערישער קאָמאַנדשאַפט אין קאַליש, איז לודוויג בראַקמאַן אַרעסטירט געוואָרן אונטערן פאַרדאַכט פון שטיצן די פּוילישע צוגרייטונגען, און ער איז אַ לאַנגע צייט געוואָרן געפּאַרשט. דער אורטייל איבער אים איז נישט באַקאַנט. מאָריצי גאָלדשטיין איז געוואָרן פאַרהאַלטן דעם 28.8.1862 און שבתי שיינגאָלד דעם 5.4.1862 ביידע האָט מען חושד געווען אין שטיצן די פּאָליאַקן.

אונטערן איינפלוס פון דער פּוילישער נאַציאָנאַלער באַוועגונג אין דער צייט פון די הכנות צום אויפשטאַנד, האָבן די קאַלישער אידן געהאָלפן דעם פּוילישן קאָמיטעט, און אַ ריי אידן, אויך פון די נישט־פאַרגעשריטענע, האָבן בייגעשטייערט באַדייטנדיקע סומעס געלט. אונטער דער השפעה פון דער דאָזיקער גרופּע האָט צווישן ברייטע קרייזן אידן זיך געשטאַרקט די נטיה צו רעדן פּויליש. באַזונדערס איז דאָס געווען קענטיק צווישן די פרויען פון פּראָגרעסיוון קרייז, וועלכע האָבן געלערנט אין די אַלגעמיינע שולעס צוזאַמען מיט קריסטלעכע שילערינס.

### אין די טעג פון אויפשטאַנד

ווען ס׳איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד אין יאָר 1863 איז אַלס קאָמאַנדיר פון די באַוואָפנטע קרעפטן ביי דער נאַציאָנאַלער רעגירונג אין דער קאַלישער וואָיעוואָדשאַפט געוואָרן נאָמינירט אַדאַם גרעקאָוויטש. ער האָט אין דער געגנט אָרגאַניזירט קאַמפס־אָפּטיילונגען.

פאַר די רוסן איז די שטאָט געווען סטראַטעגיש וויכטיק און זיי האָבן אָנגענומען פאַרשידענע פאַרטיידיקונגס־מיטלען. אויפן נייעם מאַרק האָט מען אוועקגעשטעלט האַרמאַטן. די געפאַנגענע קריסטלעכע אויפשטענדלער זיינען געוואָרן געבראַכט אין אידישן פּערטל און פאַרשפּאַרט געוואָרן אין די קאַזעמאַטן פון רוסישן קאָרפּוס אויף וואָדנע־גאַס. די מערהייט פון זיי האָט מען פאַריאָגט

אויף סיביר. צווישן זיי זיינען געווען אידן. הרב וואקס האָט זיי יעדן שבת געשיקט כשר עסן. בלויז אים אליין האָט מען דערלויבט אריינצוגיין צו די ארעסטירטע.

אין קאלישער קרייז איז געווען טעטיק דער קאָמאנדיר עדמונד טאטשאַנאָווסקי פון פויזן, א באקאנטער רעוואָלוציאָנער פון 1846, באטייליקט זיך אין גאריבאלדיס באטאליאָנען אין איטאליע. ער איז געווען א גענייטער מיליטער־מאַן, וואָס האָט געדינט אלס אָפיציר אין פרייסישן מיליטער. פון זיינע זעלנער האָט ער געפאָדערט דיסציפלין און פינקטלעכקייט, אָבער אלס מענטש מיט דעמאָקראטישע אנשויונגען האָט ער פארלאנגט אבסאָלוטע גלייכהייט פאר פויערים און אידן.

נאָך דער מפלה פון מיעראָסלאָווסקי ביי קושיוואָסאנדז, האָט טאטשאנאָווסקי אָנגעהויבן צווייפלען אין דעם ווערט פון די קאמפס־אָפטיילונגען, וואָס זיינען פרייוויליק געוואָרן מאָביליזירט און געאיבט. אין דעם האָט ער געזען אימפּראָוויזאציע און געפאָדערט צו דערקלערן אַן אלגעמיינע מאָביליזאציע אויף אָנגענומענע מיליטערישע יסודות און אָנהויבן אַן אטאקע אויפן רוסישן מיליטער ערשט נאָך א פולער צוגרייטונג. די נאציאָנאלע רעגירונג האָט אָבער זיין פאָרשלאָג נישט אָנגענומען און ער איז געווען געצוואונגען צו האנדלען לויט אירע אינסטרוקציעס.

ער איז ארויס פון פויזנער קרייז בראש פון אַן אָפטיילונג פוילישער יוגנט, אין וועלכער ס'האָבן זין אויך געפונען צוויי אידן. לעאָן מאנאס האָט זיך באטייליקט אין אלע שלאכטן פון דער אָפטיילונג, וועלכע איז שפּעטער געווען אונטער דער קאָמאנדשאפט פון נאָוויצקי, און ער איז געפאלן אין קאמף דעם 15.11.1863.

**אידישער פרויען־קאמיטעט**

אין טאטשאנאָווסקיס אָפטיילונגען האָבן געקעמפט א ריי קאלישער אידן. דעם 14.5.1863 האָט מען גערופן מאָביליזירן זיך אלע איינוואוינער פון דער וואָיעוואָדשאפט, אָן אונטערשיד פון רעליגיע און שטאנד.

אין קאליש גופא האָבן אידישע פרויען, אונטער דער אָנפירונג פון פרוי מאמראָט, געשאפן א קאָמיטעט, וואָס האָט באזאָרגט די אויפשטענדלער מיט קליידונג, שפייז, רפואות און הילף ביים מאָביליזירן אידישע פרייוויליקע. דעם 6־טן אויגוסט 1863 האָט דער קאָמיטעט געשיקט צו גענעראל טאטשאנאָווסקי דעם פאָלגנדיקן בריוו:

„דיינע בארימטע מיליטערישע טאטן, דיין איבערגעגעבנקייט צו אונזער אומגליקלעך פאָטערלאנד, וואָס קרעכצט אונטער דעם אייזערנעם יאָך פונעם טיראַן, און די איצט־עקזיסטירנדיקע אייניקייט — הלוואי זאָל זי מיט גאָטס הילף אָנהאלטן לאנג — האָבן אונדז באוואויגן צו ווידמען דיר די דאָזיקע פאָן. דאָס בלוט פון קריסטן און פון אידן ווערט דאָך פארגאָסן פאר דער פרייהייט און אומאָפהענגיקייט פון פוילישן פאָלק.

נעם אָן, איידעלער קאָמענדאנט, פון די טעכטער פון ישראל די באשיידענע מתנה אלס באווייז פון דאנקבארקייט מצד זיי. זאָל די פאָן דינען אלס סימבאָל פון אייניקייט קעגן אונזערע פיינט, און דיר און דיין שווערד זאָל גאָט געבן ברכה און זיג.

און איר, ברידער אונזערע, קעמפנדיק העלדיש ווי דאָס פאסט פאר פאָליאקן, ווען איר וועט טראָגן די פאָן, געדענקט, אז די פויליש־אידישע פרויען זיינען תמיד גרייט צו יעדן קרבן אויפן מזבח פון אונזער געליבטער פאָטערלאנד.

מיט טיפער אכטונג

פויליש־אידישע פרויען

אנטאָן אָפּעלן־בראָניקאָווסקי, א גוט־באזיצער אין דער קאלישער געגנט, שרייבט אין זיינע זכרונות, אז די באציאונג פון דער אידישער באפעלקערונג פאר די פוילישע ענינים אין יאָר 1863 איז געווען אַן אויסערגעוויינלעך הארציקע. צווישן די אידן זיינען כמעט קיין שפּיאָנען נישט געווען; אין דער באוועגלעכער נאציאָנאלער זשאנדאמעריע האָט זיך באזונדערס אויסגעצייכנט דער וואַרשעווער איד גראָסשטערן, וואָס האָט זיך אריינגעריסן קיין קאליש, געכאפּט דאָרט רוסן און צוויי פון זיי האָט ער אויפגעהאנגען אויפן הויז פון וועכטער פון אָפּאטאָווקער שאָסיי. די רוסן האָבן צוגעזאָגט א באלוינונג פאר דעם, וואָס וועט אים אויסגעבן, אים האָט זיך אָבער איינגעגעבן צו אנטלויפן און באהאלטן זיך אין דאָרף פון אָפּעלן־בראָניקאָווסקי.

קאָמענדאַנט פון דער נאַציאָנאַלער זשאַנדאַמעריע אין קאַליש איז געווען דער איד, סערזשאַנט פאַביאַן גאַלינסקי, דער זון פון אהרן גאַלינסקי, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין די נאַפּאָלעאָן־מלחמות. נאָכן פאַלן פון אויפשטאַנד איז ער ניצול געוואָרן פון רוסישע רדיפות דורכן גובערנאַטאָר, וואָס איז געווען פון פראַנצויזישער אָפּשטאַמונג און געהאַט א מענטשלעכע באַציאונג צו די אויפשטענדלער.

פון די יידן אין קאַליש און אין דער סביבה האָבן אין די ווידערשטענדלערישע באַטאַליאָנען זיך באַטייליקט:

בערנאַט, א זעלנער אין טאַטשאַנאָווסקיס באַטאַליאָנען. מ׳האָט אים אויפגעהאַנגען דעם 12.2.1864 אין בלאַשקי.

משה קוויטעק (אָן אויסגעטראַכטער נאָמען), טאַטשאַנאָווסקי־באַטאַליאָנען, אויפגעהאַנגען געוואָרן אין מיט דער שטאָט בלאַשקי.

מאַרקוס פּערקאַל, אָפּטיילונג פון נאַציאָנאַלן שפּיאָנאַזש, אויפגעהאַנגען געוואָרן אין שעראַדז.

שלמה סאַלאָמאָן, זיך איבערגעטאָן פאַר א קאָזאַק, אָנגעפאַלן אויף אן אָפּטיילונג פון קאָזאַקן. מ׳האָט אים געכאַפּט און אויפגעהאַנגען אין קאָנין.

אין דער שלאַכט ביי איגנאַצעוו זיינען דעם 8.5.1863 געפאַלן:

פונקשטיין.

ישראל יעקב דינטע, געבוירן אין קאַליש אין יאָר 1837, פּריוואַטער באַמטער. מ׳האָט אים באַגראָבן ביים פּלויט, כדי אים צו שענדן; שפּעטער האָט זיין פאָטער געקויפט באָדן און אויסגעברייטערט דעם בית־עלמין, כדי ער זאָל אריינגעמען אין זיך אויך דעם זונס קבר, און געשטעלט א מצבה. די רוסן האָבן באַפוילן זי צו באַזייטיקן.

זלמן וואָלף וויטקאָווסקי פון טורעק. רייטנדיק האָט ער זיך צונויפגעשטויסן מיט א וואַנט און געהרגעט געוואָרן.

מאיר גליצנשטיין.

אויפן שטח פון קאַלישער וואָיעוואָדשאַפט האָבן אין טאַטשאַנאָווסקיס און מיעלעצקי־קאַליאַס באַטאַליאָנען געדינט א סך אידן.

לייזער גוטמאַן, געבוירן אין יאָר 1819, געפאַנגען געוואָרן דורך א רוסישן אָפיציר נעבן איוואַנאָוויטש, ער איז געווען א שיינער בחור און די פרוי פונעם אָפיציר האָט געהאָלפן אים ראַטעווען פון טויט. אויף דער עלטער איז ער נאָמינירט געוואָרן אלס קאָמענדאַנט פון די פייער־לעשער אין קאַליש. געשטאָרבן אין יאָר 1894.

פתחיה בעאַטוס, געבוירן אין 1835, פאָן־טרעגער, שפּעטער א באַנקיר, געשטאָרבן אין קאַליש אין יאָר 1904.

בנציון נאַדעל, געבוירן אין 1835, פאָן־טרעגער, נאָכן אויפשטאַנד האָט ער עמיגרירט קיין לאָנדאָן, דאָרט האָט ער אָנטדעקט א פאַבריק פון פאַלש געלט, צוריקגעקומען קיין פוילן, באַזעצט זיך אין לאָדז און דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1916.

יצחק רוס, אויסגעאַרבעט היטלען פאַר די אויפשטענדלער און שפּיאָנירט לטובת די פּאָליאַקן. עמיגרירט קיין לאָנדאָן און דאָרט געשטאָרבן אין יאָר 1922.

יעקב בעאַטוס, פאַרוואונדעט געוואָרן עטלעכע מאָל. נאָכן אויפשטאַנד האָט מען אים געמסרט. עמיגרירט קיין אַמעריקע און דאָרט געשטאָרבן אין 1926.

יודקע שנאַפּער, סאַניטאַר.

שלמה ליפּמאַנאָוויטש, וויעלון.

ראובן פיק, זדונסקאַ־וואָלאַ.

יענקל משה סקאַבראָן, טאַלישקאָוו. ביי אים אין הויז האָבן די גוט־באַזיצער ברידער לאַקאָצקי געטיילט געלט די ווידערשטענדלער. ווען די רוסן האָבן זיך דאָס דערוואוסט, האָבן זיי פאַרהאַלטן סקאַבראָנען מיט זיין 10־יאָריקן זון. מ׳האָט זיי געבראַכט קיין קאַליש און געזאָלט זיי שיקן קיין סיביר. א דאַנק דער באַמיאונג פון הרב וואַקס האָט מען זיי באַפרייט צוזאַמען מיט די ברידער לאַקאָצקי.

אברהם וואָיעוואָדע־דאָבראַמיל. ווען מ׳האָט אים געמסרט, האָט ער זיך באַהאַלטן 3 טעג אין א קוימען, ביז די רוסן זיינען אוועק פון דאָרט.

גרשון פענדזאל, אוניעיעוו.

אברהם מאיר ווילטשינסקי, קאַלאַ.

שלמה יענקל ווילקאָוויטש, קאַלאַ.

געצל שווארץ, קאַלאַ.

יחזקאל באביאצקי.

יחזקאל קאצאלקאָווסקי, קאַלאַ.

יהושע פרידע.

משה מנחם פזשידעצקי, באטייליקט זיך אין די ווידערשטענדלער־באטאליאָנען. זיך געשמדט און נאָך א קורצער צייט צוריק זיך מגייר געווען. אין איינער פון די שלאכטן איז ער ארייגעפאלן צו די רוסן אין געפאנגענשאפט, אבער ס׳האָט זיך אים איינגעגעבן צו אנטלויפן. אוועק קיין פאריז. דאָרט איז ער געוואָרן געשטיצט דורכן פוילישן קאָמיטעט מיט כאָדזשקאָ בראש.

יצחק עקמאן, געבוירן אין יאָר 1832, מיטגליד פון א קאמפס־אָפטיילונג, איינמאָל האָט ער געבראכט פאר די אויפשטענדלער א וואָגן פול מיט ביקסן צו דער רוסישער גרענעץ ביי פייזער, און מ׳האָט אים געכאפט. ער האָט פאַרגעלייגט די זשאנדארמען 300 רובל אויסקויף־געלט. ווען זיי האָבן נישט מסכים געווען האָט ער מיט די חברים זיינע צעשלאָגן די זשאנדארמען, אַנגעטאָן זייערע מונדירן און געבראכט די ביקסן צו די אויפשטענדלער. א ביסל שפעטער האָט ער צוזאמען מיט זיינעם א חבר דערהרגעט איין קאָזאק און פארוואונדעט דעם צווייטן, צום סוף האָט מען אים געכאפט. מ׳האָט אים געגעבן 100 שמיץ און פארשיקט קיין סיביר. פון דאָרט איז ער צוריקגעקומען קיין קאליש. די רעגירונג פון אומאפהענגיקן פוילן האָט אים נאָמינירט אלס אָפיציר־וועטעראן. ער איז געשטאָרבן אין קאליש אין יאָר 1924.

זיסל הערשקאָוויטש, קאַלאַ, געבוירן אין יאָר 1824. פאר זיין העלדישקייט האָט די פוילישע רעגירונג אים באלוינט מיטן טיטל „גבורה־קרייץ" און אים נאָמינירט אלס אָפיציר־וועטעראן.

אביגדור יעקובאָוויטש, גוט־באזיצער אין דזשאלאָשין.

בערנארד וואנדעל, גראבינע. ער און יעקובאָוויטש האָבן געגעבן געלט, געהאָלפן די ווידער־שטענדלער און באהאלטן ביי זיך פארוואונדעטע אויפשטענדלער.

הערשל קאשטאן, געהילפס־קאָמענדאנט אין גענעראל טאטשאנאָווסקיס מיליטער. אייגנטימער פון א לאנדווירטשאפטלעכער פערמע אין בראניקאָוו, פון א מיל און פון א פאפיר־פאבריק. פרייוויליק אוועק אין ארלאָווסקיס באטאליאָן, געקעמפט אונטער דער קאָמאנדירונג פון טאט־שאנאָווסקי אין קאלישער וואָיעוואָדשאפט און אין מאזאָוושע, אין שלאכט ביי פזשימיעכי, דעם 13־טן אפריל איז ער געוואָרן פארוואונדעט, אָבער ער האָט נישט פארלאָזן די רייען. שפעטער האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין די שלאכטן אין די וועלדער פון לואטאָיו און נאָמינירט געוואָרן אלס אָפיציר. באטייליקט זיך אין די שלאכטן אין פאפאָוו־דאמבראָווע און אין קאמף ביי קזשעשאָוויצע איז ער שוין געווען קאָמאנדיר פון א קאוואלעריע־אָפטיילונג. נאָכן אויפשטאנד האָט ער עמיגרירט און נאָך עטלעכע יאָר האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים, איבערגעטאָן אלס חסיד, די פויערים האָבן אים אויסבאהאלטן. אין 1932 איז ער געוואָרן איינגעלאדן צו מארשאל פילסודסקי.

אהרן וואָלף קאמפינסקי, געבוירן אין יאָר 1842 אין בלאשקי, א קאלישער תושב. באטייליקט זיך אין אויפשטאנד. פארנומען זיך מיט שמוגלען געווער פאר די אויפשטענדער אין טאטשאנאָווסקיס באטאליאָנען.

מאקסימיליאן גאָלדסאָבעל, געבוירן אין יאָר 1843, שילער פון דער ראבינער־שול אין ווארשע. באטייליקט זיך אין א ריי שלאכטן. אין יאָר 1924—1930 געוואוינט אין קאליש ביי זיין איידעם אברהם ראָזענבוים. באקומען די אויסצייכענונג „העלדישקייט־קרייץ" און נאָמינירט געוואָרן אלס אָפיציר. געשטאָרבן אין קאליש אין יאָר 1931.

אהרן זינדל נעלקען, קאלישער תושב. סימפאטיזירט מיטן אויפשטאנד אין קעגנזאץ צום פאָטער, וואָס איז געווען נוטה צו די רוסן. אויף דעם באָדן זיינען צווישן זיי אויסגעבראָכן קריגערייען, באזונדערס ווען דער זון האָט געפירט פראָפּאַגאנדע לטובת דעם אויפשטאנד. דער המון האָט אים גערופן „טאטשאנאָווסקי".

יעקב ניימארק, געבוירן אין יאָר 1839 אין כאטש, קאלישער קרייז. געשמוגלט געווער פאר די ווידעשטענדלער. ווען מ׳האָט אים געמסרט, איז ער אין סוף 1863 אנטלאָפן קיין פאריז.

1939-1864



## א. 1914—1864

### דער עקאָנאָמישער מצב

אָכן אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד האָבן די קאַלישער אידן איבערגעלעבט א שווערע און ליידנפולע תקופה. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן פאַרוועַרט פאַרלייגן דעם ערוב, שטרענג אָפּגעהיטן דאָס געזעץ וועגן אידישער קליידונג. די וואָס האָבן עובר געווען אויפן געזעץ זיינען גערודפט געוואָרן אכזריותדיק. די ראשי־הקהילה און דער ראבינאט זיינען געצוואונגען געוואָרן צו פאַרפליכטן זיך שריפטלעך צו בייטן די קליידונג לויטן געזעץ און אונטער א שטראָף־דראונג האָבן זיי אויך געפאָדערט אכטונג צו געבן, אז מ׳זאָל די פרויען נישט גאָלן די האָר נאָך דער חופה.

פונקט ווי אנדערע טיילן פוילן האָט אויך קאַליש געליטן פון דעם ווירטשאַפטלעכן קריזיס, וואָס איז געוואָרן ארויסגערופן דורכן אויפשטאַנד און זיין אונטערדריקונג. דער דאָזיקער קריזיס האָט זיך באזונדערס געלאָזט פילן אין מסחר און אין דער אינדוסטרי.

לויט דער ציילונג פון יאָר 1862 זיינען צווישן די 12,835 קאַלישער תושבים געווען 4423 אידן. דאָס האָט באדייט א וואוקס לגבי דעם יאָר 1857 (4352) בלויז אויף 71 נפשות.

מיטן אומקערן זיך פונעם זיצאָרט פון גובערנאטאָר אין קאַליש (31.12.1866) האָט זיך אָנגעהויבן אן עקאָנאָמישע אנטוויקלונג פון דער שטאָט. זי איז נאָך שטאַרקער געוואָרן אין יאָר 1871, ווען מ׳האָט דורכגעפירט די באַן־ליניע. די דאָזיקע אנטוויקלונג האָט זיך אָנגעזען אויך אין דער אידישער עקאָנאָמיק.

אינעם ערשטן יאָר נאָכן אומקערן זיך פונעם גובערנאטאָר איז דער עקספּאָרט פון דער קאַלישער גובערניע געוואַקסן אויף 3.5 מיליאָן רובל און דער אימפּאָרט — אויף 1.5 מיליאָן רובל. אין דער דאָזיקער דערשיינונג פון שנעלן צופאַסן זיך צו דער נייער עקאָנאָמישער ווירקלעכ־קייט, האָבן די אידן געהאַט א גרויסן חלק.

די אנטוויקלונג פון דער עקאָנאָמיק, פון דער אינדוסטרי און פון האנדל אין פוילן האָט זיך געפונען ביים אָנהויב־פּראָצעס פונעם איינגלידערן זיך פון גרויס־קאפיטאַל אין ווירטשאַפטלעכן לעבן. דאַקעגן דער אידישער ישוב אין די פּראָווינץ־שטעט האָט נאָך איינגעהאַלטן זיין כאַראַקטער פון ווירטשאַפטלעכן, געזעלשאַפטלעכן און קולטור־שטאַנדפּונקט און איז נאָך געווען ענג פאַרבונדן מיט זיין היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט. די מערהייט פון די אידישע תושבים האָבן זיך מפרנס געווען בדוחק, על פי רוב פון קרעמערײַ, מעקלערײַ און פאַרמיטלונג, און נישט קיין קליינער פּראָצענט — פון מלאכה. אָבער אויסערלעכע פאַקטאָרן האָבן אריינגעפירט ענדערונגען אויך אין עקאָנאָמישן לעבן ביי אידן.

די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן האָבן געלענקט די פוילישע ווירטשאַפט אין דער ריכטונג פון קאַפּיטאַליסטישער אנטוויקלונג. די פויערים־באַפרייאונג, דאָס אָפּשאַפן די פאַנשטשיזנע און דאָס געבן ערד די פויערים האָבן איינגעגלידערט דאָס פויערנטום אלס וויכטיקער פאַקטאָר אין דער פינאַנס־ווירטשאַפט.

אין יאָר 1870 האָט זיך אָנגעהויבן די רעקאָרד־אנטוויקלונג פון דער פוילישער עקאָנאָמיק. ס׳זיינען געגרינדעט געוואָרן שווער־אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, אקציען־געזעלשאַפטן, באַנקן. מילן און ביר־ברויערייען זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרויסע פאַבריקן.

אין די דאָזיקע ראַמען האָבן זיך אויך אָנגעצייכנט די נייע פּראָצעסן אין ווירטשאַפטלעכן לעבן פון פוילישן אידנטום; די ענדערונג פון פּראָפעסיעס און אין כאַראַקטער פון באַשעפטיקונג. א וויכטיקע דערשיינונג אין יענער תקופה איז דאָס איבערגיין פון גרויסע מאַסן אידן צום ארבעטער־קלאַס אין דער אינדוסטרי און אין די איר נאָענטע אונטערנעמונגען. דער דאָזיקער פּראָצעס איז נאָך געוואָרן צוגעאיילט דורכן ארויסשטויסן די אידן פון פאַרשידענע מיני מלאכות און פאַבריקאַציע־צווייגן, וועלכע האָבן זיך אין דער מערהייט געפונען ביי אידן.

באגרענעצונגען

די אידן האָבן אָן אויפהער זיך אָנגעשטויסן אין באגרענעצונגען, דיסקרימינאציעס, און פאַקטיש האָט מען צוגענומען ביי זיי די מעגלעכקייט צוצופאַסן זיך צו דער עקאָנאָמישער ווירקלעכקייט. צוליב דעם איז שטאַרקער געוואָרן דער פּויפּעריזאַציע־פּראָצעס צווישן גרויסע טיילן פון דער אידישער באַפעלקערונג. די געבילדעטע האָבן קודם כל געשטרעבט צו פאַרשפּרייטן בילדונג, געפירט א קאַמף קעגן חסידות און רעליגיעזע הערשער, קעגן דער קהילהשער אָליגאַרכיע. די רעליגיעזע האָבן נישט געהאַט קיין שום פּראָגראַם צו רעפאָרמירן דאָס ווירטשאַפטלעכע לעבן. זיי האָבן בכלל נישט געפרווווט עפּעס טאָן אין דער ריכטונג.

דאָס אַלץ, וואָס ס'איז געשען אויפן געביט פון בייטן די פּראָפעסיעס און פון איבערגאַנג צו דער אינדוסטריע, איז נישט געווען קיין רעזולטאַט פון אָן אַדורכגעטראַכטער אַלגעמיינער פּאָליטיק מצד אידישע פאַקטאָרן אָדער מצד דער מאַכט, נאָר א פּראָדוקט פון געזונטן עקאָנאָמישן חוש פון די אידן. מיט זייער ענערגיע האָבן זיי גובר געווען די שוועריקייט און פאַרנומען פּאָזיציעס אין די נייע האַנדל־און אינדוסטריע־צווייגן, אין פינאַנסיעלע־אינסטיטוציעס, אין קרעדיט און אין באַנקן. זיי האָבן געשאַפן די יסודות פאַר א אידישער עקאָנאָמיק, וואָס איז צוגעפּאַסט צו די באַדערפענישן פון דער צייט.

זיי האָבן באַוויזן צו פאַרוואַנדלען זייערע וואוין־שטעט אין אינדוסטריעלע צענטערס. אזוי האָבן די אידן געטאָן אויך אין דער קאַלישער גובערניע. די רעגירונג, וואָס איז געווען פאַראינטערעסירט צו שאַפן דאָ איינעם פון די טעקסטיל־צענטערס, האָט זיי דערין געהאָלפן. אויך אין יענע יאָרן האָט דער האַנדל מיט וואָל און שפּין־וואָל זיך געפונען ביי די אידן אין שטאָט. אין די זעכציקער און זיבעציקער יאָרן האָבן .אידן זיך נישט באַטייליקט אין די אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען. בלויז אין דער וואָיעוואָדשאַפט האָבן זיך געפונען עטלעכע וועבערייען אין אידישע הענט.

אין משך פון דער צייט איז געשאַפן געוואָרן א נייער שיכט אידישע סוחרים און פאַבריקאַנטן, און זיי האָבן קאָנצענטרירט אין זייערע הענט די גרעסטע צאָל אינדוסטריעלע און האַנדלס־אונטערנעמונגען אין קאַליש.

די וואוינונג־פרייהייט אין די שטעט האָט שטאַרק פאַרגרעסערט די צאָל אידן אין קאַליש. אין יאָר 1875 זיינען צווישן די 14,908 תושבים געווען 6,706 אידן (2,732 מענער, 3,974 פרויען) לגבי 4,423 אין יאָר 1862.

אינדוסטרי

אין יאָר 1867 האָבן זיך געפונען אין אידישע הענט אין דער קאַלישער גובערניע — 37 פאַבריקן, וואָס האָבן באַשעפטיקט 1093 ארבעטער מיט א לוין פון 972,851 רובל. דער ווערט פון דער פּראָדוקציע איז דערגאַנגען ביז 972,877 רובל. אינעם טעקסטיל־צווייג זיינען פון 89 אונטערנעמונגען, 29 געווען ביי אידן (32.6%). אין אַלע 89 פאַבריקן האָבן געאַרבעט 2,931 אַרבעטער, צווישן זיי 760 אידן (25.9%). די אַלגעמיינע פּראָדוקציע האָט באַטראָפן 1,669,985 רובל, אין דעם פון אידישע פאַבריקן — 589,722 רובל (35.8%).

אין אידישע הענט האָבן זיך אויך געפונען פאַבריקן פון טריקאָטאַזש, וואָגנס און בריטשקעס, פּאַיאַנס, ליקער, אייל־פּרעסערייען, טאַבאַק, פּאַפּיר, גלאָז, האָלץ, מילן. אין קאַליש גופא זיינען אין יאָר 1875 געווען 19 אונטערנעמונגען, וועלכע האָבן באַשעפטיקט 285 ארבעטער און זייער פּראָדוקציע־ווערט האָט באַטראָפן 915,500 רובל. צווישן די פאַבריקן האָט זיך באַזונדערס אָנגעזען די ליקער־פאַבריק פון ישראל טיקאָטשינסקי, וועלכער איז אויך געווען ארענדאַטאָר פון מלוכהשע ראַפינעריעס און א ריי פּלעצער אויסער קאַליש. ער האָט באַשעפטיקט 35 אַרבעטער און 12 פרעמדע ספּעציאַליסטן. די ווערט פון זיין פּראָדוקציע האָט באַטראָפן אין דורכשניט 230,000 רובל. ארבעטסלוין האָט ער געצאָלט לויט דער צאָל פעסער. אַן אַרבעטער האָט פאַרדינט פון 105 ביז 120 רובל א יאָר.

לויטן פּוילישן זשורנאַליסט יאַן יעלענסקי, וואָס האָט געפאָרשט דעם מצב אין קאַליש אין יאָר 1875, איז נאָך געווען קענטיק דער דייטשער כאַראַקטער פון דער שטאָט, אָבער אונטערן איינפלוס פון פּאָליאַקן און פון דער אידישער אינטעליגענץ האָט די שטאָט אָנגעהויבן אָננעמען א פּוילישן כאַראַקטער. אין דער עקאָנאָמישער הינזיכט האָט די שטאָט געגאָסן פון די גובערניאַלע אַמטן, וועלכע האָבן באַשעפטיקט 361 בעאַמטע. אין שטאָט זיינען געווען טעטיק 73 אַדוואָקאַטן און 13 דאָקטוירים. זייערע פאַמיליעס זיינען געווען סטאַבילע קליענטן ביי די אידישע סוחרים. ער מערקט אָפּ ספּעציעל שנערס פאַבריק פון שטריק און בענדער מיט א פּראָדוקציע פון 60,000 רובל, 2

אידישע פאבריקן פון זייף און ליכט מיט א פראָדוקציע־ווערט פון 50,000 רובל. דער הורט־האנדל פון פוטערוואַרג, אייזן, תבואה, גאַלאַנטעריע און בראַנפן איז געווען געריכטעט קיין דייטשלאַנד. די פארמיטלונג־געשעפטן זיינען געווען אין אידישע הענט. אויך די פיר זאַלץ־סקלאַדעס זיינען געוואָרן פארדינגען צו אידן.

אַן אָנגעזעענער טייל פון די 552 האַנדלס־אונטערנעמונגען אין 165 געשעפטן האָבן זיך געפונען אין אידישע הענט.

אין די 70־ער יאָרן האָבן אין קאַליש זיך געפונען 227 האַנטווערקער־וואַרשטאַטן מיט 305 מייסטערס, 632 געזעלן און 319 לערנאיינגלעך, וועלכע זיינען געווען אָרגאַניזירט אין 30 צעכן. די צאָל פון די אידישע בעלי־מלאכה צווישן זיי איז ביי יעלענסקין נישט אָנגעגעבן.

אויף וויפיל דער אידישער ישוב אין דער קאַלישער גובערניע איז אויסגעוואַקסן פון יאָר 1875 ביז 1884 (9 יאָר) דערוויסן מיר זיך פון דער ציילונג, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן דורך דער קאָמיסיע צו פאָרשן דעם מצב פון די פוילישע אידן, געשאַפן פון יאַן בלאָך.

אין דער קאַלישער גובערניע זיינען געווען 13 שטעט מיט 94,954 תושבים, צווישן זיי 40,996 אידן (43.2%; 19,960 מענער, 21,036 פרויען); 39 שטעטלעך (ישובים) מיט 96,146 תושבים, צווישן זיי 3,709 אידן (1.9%) דער גאַנצער אידישער ישוב האָט אַזוי אַרום באַטראָפן 30,647 נפשות (14,961 מענער, 15,686 פרויען).

די אידן אין די שטעט זיינען געווען די אייגנטימער פון 68 פאבריקן מיט א ווערט פון 222,410 רובל; זייער יערלעכע פראָדוקציע האָט באַטראָפן 518,010 רובל; זיי האָבן באַשעפטיקט 424 אַרבעטער (411 קריסטן, 13 אידן).

אין די שטעטלעך האָבן זיי פאַרמאָגט 40 פאבריקן מיט א ווערט פון 457,610 רובל; די יערלעכע פראָדוקציע האָט באַטראָפן 952,530 רובל; זיי האָבן באַשעפטיקט 370 אַרבעטער (367 קריסטן, 3 אידן).

בסך־הכל האָבן די אידן פאַרמאָגט 108 פאבריקן מיט א ווערט פון 680,020 רובל און מיט א יערלעכער פראָדוקציע אין דער ווערט פון 1,480,540 רובל. די צאָל אַרבעטער — 802 (786 קריסטן, 16 אידן).

מיר זעען דערפון ווי שווער ס׳איז געווען איינצוגלידערן די אידן אלס אַרבעטער אויך אין די פאבריקן מיט אידישע בעלי־בתים. דאָס איז אַרויסגעדרונגען בלויז פון די שטרעבונגען פון די קריסטלעכע אַרבעטער אַרויסצושטויסן די אידן פון די אַרבעטס־פּלעצער.

פערזענלעכער פּראָפעסיאָנעלער באַשטאַנד

| | | אין די שטעט | אין שטעטלעך און דערפער |
|---|---|---|---|
| 10 | סוחרים פון דער ערשטער גילדע | 6 | 4 |
| 231 | סוחרים פון דער צווייטער גילדע | 161 | 70 |
| 3504 | קרעמער און הענדלער | 1870 | 1634 |
| 160 | אייגנטימער פון פאבריקן | 116 | 44 |
| 2377 | בעלי־מלאכה און אַרבעטער | 1181 | 1196 |
| 178 | לאַנדווירטן און לאַנדוו.־אַרבעטער | 3 | 175 |
| 126 | גוט־באַזיצער | 32 | 94 |
| 4 | מיל־אַרענדאַטאָרן | 1 | 3 |
| 77 | פון פרייע פּראָפעסיעס | 41 | 36 |
| 6667 | סה״כ | 3411 | 3256 |

אין יאָר 1884 האָבן אידן אַרויסבאַקומען דערלויבענישן צו האַנדלען מיט געטראַנקען: 424 אין די שטעט, 257 — אין די שטעטלעך, 176 — אין דערפער.

באַדן אין אידישן באַזיץ

**אין אידישן באַזיץ זיינען געווען 2,891 בנינים, וועלכע זיינען געווען פאַרזיכערט אויף א סומע** פון 4,687,397 רובל, פון זיי האָבן אין די שטעט זיך געפונען 1,207 געביידעס אויף א סכום פון 2,710,230 רובל, אין די שטעטלעך, ישובים און דערפער — 664 בנינים אויף א סומע פון 1,977,167 רובל. 1,920,160 מאַרג באַדן זיינען געווען אין אידישן באַזיץ.

אין יאָר 1884 האָבן אידן באַצאָלט שטייערן אויף א סומע פון 55,870 רובל.

די אויבנדערמאָנטע ציפערן באַווייזן, אז אידן זיינען געווען א שעפערישער עקאָנאָמישער עלעמענט און נישט ווייניק בייגעשטייערט צו דער אנטוויקלונג פון קאַליש, די הויפט שטאָט פון דער גובערניע און פון קרייז.

די ווירטשאַפטלעכע אַקטיווקייט פון די קאַלישער אידן אין אינדוסטרי־צווייגן איז אויסגעוואקסן אין די אכציקער־ניינציקער יאָרן ווען ס'זיינען אנטשטאנען נייע אונטערנעמונגען. אינעם פינאַנ־סירן די אונטערנעמונגען האָבן גענומען א גרויסן אנטייל די אָרטיקע באַנק מאַמראָט און לאַנדא, קאַלישער קרעדיט־געזעלשאַפט פון י. ד. מייזנער און מ. לאַנדא, און באַזונדערע קאַפּיטאַליסטן.

אביישטייער האָבן אידן געגעבן פאַר דער אנטוויקלונג פון דער שפּיצן־אינדוסטרי. די ערשטע פאַבריקן זיינען דערמאָנט אין די רעגירונגס־באַריכטן פון יאָר 1882. דאָרט איז אָפּגעמערקט, אז זיי האָבן באַשעפטיקט 103 אָרטיקע אַרבעטער און 22 פרעמדע.

אין יאָר 1883 זיינען געגרינדעט געוואָרן צוויי אידישע פאַבריקן פון מייטע מייזנער און פון פּראַשקער. אין יאָר 1885 זיינען צוגעקומען 3 פאַבריקן, אין יאָר 1886 — 6, און אין יאָר 1889 זיינען שוין געווען 12 פאַבריקן. אין דעם זעלבן יאָר זיינען אין דער גאַנצער גובערניע, אויסער דער שטאָט קאַליש, געווען 14 פאַבריקן מיט 359 אַרבעטער. די גרויסע פאַבריקן האָבן געהערט צו פעליקס פּרענקעל מיט 140 אַרבעטער, און צו יוסף דוד מייזנער מיט 100 אַרבעטער. פון יאָר צו יאָר איז געוואַקסן די צאָל אַרבעטער אויך אין די אנדערע פאַבריקן. אין יאָר 1889 האָבן געאַרבעט 340 אַרבעטער. דער אַרבעטס־טאָג האָט געדויערט 13 שעה א טאָג מיט הפסקות. די מייסטערס האָבן באַקומען פון 500 ביז 700 רובל א יאָר, די אַרבעטער — פון 52 ביז 156 רובל.

אין די קליינע פאַבריקן, ווי ביי ווינטער און פּערלע, האָט מען געאַרבעט אין צוויי שיכטן. די קאַלישער אויסאַרבעטונגען זיינען געווען זייער שיינע און דערפאַר איז דער נאָכפרעג אויף זיי אין פּוילן און אין אויסלאַנד געווען א גרויסער. דאָס האָט גורם געווען צום אנטשטיין פון נייע פאַבריקן. אין יאָר 1890 זיינען געווען 19 פאַבריקן מיט 421 אַרבעטער, 1894 — 22 מיט 646 אַרבעטער, 1898 — 29 מיט 600 אַרבעטער. דער ווערט פון דער פּראָדוקציע איז געווען 300,000 רובל.

אין משך פון יאָרן זיינען די פאַבריקן צוגעפּאַסט געוואָרן צו דער נייער טעכניק. אין 20־טן יאָרהונדערט האָט מען באַשטעלט אין אויסלאַנד נייע מאַשינען און מ'האָט אויך געבראַכט טעכניקער, וואָס האָבן אויסגעאַיבט ספּעציאַליסטן. אין סוף פון די 90־ער יאָרן האָבן געאַרבעט 432 מאַשינען. אין יאָר 1889 האָבן די גרויסע פאַבריקאַנטן געשלאָסן א געהיימען אָפּמאַך נישט צוצונעמען קיין אַרבעטער וואָס האָבן אין דער לעצטער פאַבריק נישט אָפּגעאַרבעט לפּחות איין יאָר צייט. די אַרבעטער האָבן זיך דאָס דערוואוסט און זיי האָבן וועגן דעם געמאָלדן דעם רעגירונגס־אויפזעער איבער דער אינדוסטרי. נאָך אונטערהאַנדלונגען האָט מייזנער, דער פאָר־זיצער פון די פּראָדוצענטן, פאַרזיכערט, אז מ'וועט מוותר זיין דערויף. די שפּיצן־פאַבריקאַנטן זיינען על פּי רוב געווען אידן. די ערשטע אינסטרוקטאָרן האָט מען געבראַכט פון זאַקסן, אויך א ריי ספּעציאַליסטן זיינען געווען פון אויסלאַנד. א דאַנק דער קוואַליטעט פון דער פּראָדוקציע זיינען די שפּיצן געוואָרן א פּאָפּולערער אַרטיקל און געפונען אן אָפּזאַץ־מאַרק אין גאַנץ פּוילן און אויך מחוץ פון פּוילן.

אין יאָר 1908 האָבן צווישן די 39,518 תושבים פון קאַליש זיך געפונען 14,318 אידן (28.5%). זייער אנטייל אין דער אינדוסטרי איז געווען אזא: פון 67 אונטערנעמונגען האָבן 32 זיך געפונען ביי אידן. דער גרונט־קאַפּיטאַל האָט באַטראָפן 2,150,000 רובל; פון די אידישע אונטערנעמונגען — 1 מיליאָן.

די צאָל אַרבעטער, באַשעפטיקטע אין אלע אונטערנעמונגען, איז דערגאַנגען ביז 3,886, צווישן זיי ביי אידן — 2,191; 2,068 פון זיי זיינען געווען באַשעפטיקט אין 22 פאַבריקן; די פּראָדוקציע

ווערט געשאַצט אויף 5,350,000 רובל, דערפון פון אידישע אונטערנעמונגען — 2,800,000 רובל.
אין די יאָרן 1890—1914 זיינען געשאַפן געוואָרן פאַבריקן פון מושלין, סאַמעט, זאַקן, פאַר־בערייען, געהילפס־פאַבריקן צום אויסאַרבעטן וועב, צען מעל־מילן און האָלץ־פאַבריקן.

נישט געקוקט אויפן פאַרפעסטיקן זיך פון פוילישן סוחרים־שטאַנד, האָבן אידן פאַרנומען שליסל־פּאָזיציעס. אין 1897 האָבן די פּאָליאַקן באַטראָפן 66.1% פון כלל סוחרים, און דאָך האָט זיך זיי נישט איינגעגעבן אַרויסצושטויסן די אידישע סוחרים פון זייערע פּאָזיציעס.

## דאָס אינערלעכע לעבן

נאָכן אויפשטאַנד פון 1863/64 האָט זיך שטאַרק געענדערט דער כאַראַקטער פונעם אידישן ישוב אין קאַליש.

אין די קרייזן פון די הורט־סוחרים און פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן געהאַט קאָנטאַקט מיט דייטשלאַנד און רוסלאַנד און קולטורעל געווען פאַרבונדן מיט דייטשע אַנשטאַלטן און מיט דער דייטשער שפּראַך, האָט אָנגעהויבן הערשן די פוילישע שפּראַך. דער זשורנאַליסט יעלענסקי, וואָס האָט באַזוכט די שטאָט אין יאָר 1875, שרייבט מיט גרויס סאַטיספאַקציע:

„אין גאַס, אין פּאַרק, אָדער אויף א קאָנצערט, אומעטום הערט מען אידישע מענער און פרויען רעדן צווישן זיך פויליש. אידן לייענען א סך פוילישע ביכער און אויך די קינדער טוען־נאָך דעם שיינעם ביישפּיל פון זייערע עלטערן".

אָט דער איבערגאַנג איז א רעזולטאַט פון דער טעטיקייט פון די קהילה־פירער, וועלכע זיינען אין יענע יאָרן על פי רוב געוויילט געוואָרן פון צווישן די רייכע, הורט־סוחרים און פאַבריקאַנטן. אין די זיבעציקער־ניינציקער יאָרן האָבן בראש פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג זיך געפונען מאָריצי מאַמראָט און א. פּרץ.

אין די זיבעציקער יאָרן האָבן די אויפגעקלערטע געפירט א קאַמף קעגן דעם אַלטן כאַראַקטער פון אידישן ישוב און געווען פאַר פּאָלאָניזאַציע אין גייסט פון די יאָרן 1861—1863.

אין זייערע אַרטיקלען אין „איזראַעליטאַ" האָבן די קאָרעספּאָנדענטן פון די אויפגעקלערטע זיך געקלאָגט אויף דער פינצטערער רעאַקציע צווישן די אידישע מאַסן און אויף דעם עקסטרעמען פאַנאַטיזם פון די פרומע, וועלכע שטעלן זיך אַנטקעגן יעדער רעפאָרם אין לעבנסשטייגער און אין דער קהילה.

ערוב אין יאָר 1871 איז אַרויסגעשוואומען אויפן סדר־היום פון דער קהילה די פראַגע פון ערוב. די צייטונג „קאַלישאַנין", וועמענס רוב לייענער זיינען געווען אידן, האָט איבערגעדרוקט דעם אַרטיקל פון „איזראַעליטאַ" וועגן דער אידישער רעאַקציע, און צוגעגעבן, אַז דער רב וויל אַרומרינגלען די שטאָט מיט ערוב־דראָטן און ער זאַמלט געלט, כדי צו קויפן דעם באָדן, וואָס איז נויטיק אויף איינצוואָרדענען דעם ערוב.

דער קאַלישער קאָרעספּאָנדענט פון „איזראַעליטאַ" האָט דערקלערט, אַז די אויפגעקלערטע זיינען צופרידן פונעם פאַרעפנטלעכן דעם אַרטיקל אין „קאַלישאַנין". די ידיעה וועגן ערוב האָט ער באַשטעטיקט און אונטערגעשטראָכן, אַז דאָס איז די איניציאַטיוו פון רב, וואָס האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם דרוק פון די חסידים און געזאַמלט געלט אויף דעם צוועק. דערפאַר וויל די אויפגעקלערטע זיינען נישט צופרידן פונעם ריטואַל אין דער שול, האָבן זיי געשאַפן א קאָמיטעט צו גרינדן א ספּעציעלע שול פאַר די אויפגעקלערטע, כדי איבערצוררייסן יעדע פאַרבינדונג מיטן רב און מיט די פרומע. ס'איז צו האָפן, אַז א דאַנק דעם ויעלן די רעליגיעזע ווערן באַשיידענער און טאָלעראַנטער.

אָבער זיי האָבן געהאַט א טעות. דווקא צום סוף 19־טן יאָרהונדערט און צום אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט האָט קאַליש באַקומען דעם כאַראַקטער פון א חסידישער שטאָט. דער קאָמיטעט צו גרינדן א שול פאַר די אויפגעקלערטע האָט נישט באַקומען די דערוואַרטע אונטערשטיצונג און האָט באַשלאָסן אָפּצולייגן דעם ענין. אין יאָר 1911 איז די שול געשאַפן געוואָרן. די גרינדער זיינען געווען: רפאל פרענקעל, מאָריץ פרידמאַן, זיגמונט האָלץ, אַלעקסאַנדער פּרעגער, אדאַם שרייער, יצחק מייזנער, הערמאַן לאַנדאַ, זיגמונט גרוס, ד"ר צוקער, פּיעקאַרסקי און באָסאַק.

לויט דער מיינונג פון די אויפגעקלערטע „שטאמען נישט פון קאליש און פון דער גובערניע די חסידים און עקסטרעמע פאנאטיקער, וועלכע דרינגען אריין ווי א „גיפטיקע פלאנץ" אין אונזער קהילה; דאס זיינען די פראדוקטן פון גער און ציעכאנאוו. זיי קומען קיין קאליש, ווערן געוויילט אין דער קהילה־פארוואלטונג און שטערן אונדזער קהילה און איר אנטוויקלונג צו פאָרשריט".

קלאָר, אז א צוזאמענשטויס צווישן די ביידע לאגערן איז געווען אומפארמיידלעך.

דאס חסידות איז אריינגעדרונגען קיין גרויספוילן און קיין קאליש שוין אין דער שפעטערער תקופה פון דער בעש"ט־באוועגונג. די אידן פון דעם דאָזיקן קרייז זיינען אין 18־טן יאָרהונדערט געווען זייער ווייט פון חסידות. ערשט נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פוילן האָט דעם חסידות זיך איינגעגעבן צו געווינען עטלעכע אָנגעזעענע לייט אין דעם קאנט. אונטער זייער השפעה האָט די באוועגונג אָנגעהויבן וואקסן אויך צווישן די אידישע מאסן.

אין אָנהויב פון 19־טן יאָרהונדערט זיינען אלס קאָצקער חסידים אין קאליש געווען באוואוסט דער דיין ר' אליעזר טראובע און ר' מרדכי סלוצקי; ר' יעקב חסיד פון קאליש פלעגט פאָרן קיין מעזריטש צום גרויסן מגיד, ר' דוד בער, און צום חוזה אין לובלין.

אין משך פון יאָרן האָט דאָס חסידות אריינגעדרונגען קיין קאליש, באזונדערס אין דער צייט ווען רב איז געווען ר' משה אפרים אשכנזי, וועלכער האָט אויך אויסגעפילט די ראָלע פון א „רבי", גענומען „קוויטלעך" און געגעבן סגולות פאר קראנקע. אין זיין צייט האָבן אין קאליש זיך שוין געפונען קאָצקער, פשיסכער און וואָרקער חסידים. אלע האָבן זיי געהאט זייערע שטיבלעך. די צאָל פון זייערע אָנהענגער איז כסדר געוואקסן. זיי האָבן איינגעפירט אין שטאָט זייערע מנהגים, וואָס זיינען ביז איצט געווען פרעמד פאר די קאלישער.

זיי, ספעציעל די גערער חסידים, האָבן זיך קעגנגעשטעלט יעדער ענדערונג אין חינוך און אפילו אין דער תלמוד־תורה. דאָס האָבן נישט געוואָלט אנערקענען די פראָגרעסיווע און אפילו די פרומע מתנגדים, וועלכע האָבן געהאלטן פאר נויטיק צוצופאסן דעם חינוך צום גייסט פון דער צייט.

נאָכן יאָר 1918 האָבן געוויסע רביים זיך באזעצט אין קאליש און זיי האָבן געווירקט אויפן וואוקס פון חסידות.

די אויפגעקלערטע האָבן זיך קאָנצענטרירט אין זייער טעטיקייט לטובת דער געזעלשאפט צו שטיצן אָרעמע אידן, וועלכע איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1898 לויט דער איניציאטיוו פון מ. א. דאנציקער, פיליפ זאקס, דר בעאטוס, אדאָלף שרייער, ד"ר מאגנוס און בראָקמאן. אין שפיץ פון דער געזעלשאפט זיינען א סך יאָרן געשטאנען ד"ר מאגנוס, בראָקמאן און א קאָמיטעט פון 12 פערזאָן, און זיי האָבן א סך געטאָן לטובת איר.

דורכשניטלעך אין משך פון יאָר האָבן גענאָסן פון אונטערשטיצונג פון דער געזעלשאפט אין סומעס פון 1 ביז 50 רובל קרוב צו 1,500 מענער און 1,200 פרויען; מ'האָט פונאנדער־געטיילט 5,000 רובל. אויסער דעם האָט מען געטיילט פאר אָרעמעלייט קוילן און האָלץ. א ספעציעלער דאָקטאָר האָט אויפגענומען קראנקע. מעדיקאמענטן האָט מען געגעבן אומזיסט. די הכנסות פון דער געזעלשאפט זיינען געווען פון 7,700 ביז 8,000 רובל און די הוצאות — צווישן 6 און 7 טויזנט רובל.

אידישע שולע

זייער טעטיקייט איז אויך געקומען צום אויסדרוק אויפן געביט פון דער אידישער שולע. ווי מיר האָבן שוין געשריבן אין א פריערדיקן קאפיטל, האָט זיך די אויפגעקלערטע איינגעגעבן צו עפענען אן אלגעמיינע שולע פאר אידישע קינדער. לויטן געזעץ איז די לערן־שפראך געווען רוסיש. אין יאָר 1875 האָבן אין דער שולע זיך געלערנט 150 תלמידים און ס'זיינען געווען באשעפטיקט 4 לערער. דער בודזשעט האָט באטראָפן 1736 רובל א יאָר.

די נעץ פון רעליגיעזן חינוך איז באשטאנען פון 7 חדרים מיט 317 תלמידים.

אָבער נאָך עטלעכע יאָר האָט די שולע פארלוירן די סימפאטיע ביי די אידן און אין יאָר 1903 האָבן דאָרט געלערנט 50 אינגלעך און 30 מיידלעך. אין נאָמען פונעם שולע־קאָמיטעט האָט געהאט די השגחה איבער דער שולע דער פאבריקאנט ישראל טיקאָטשינסקי, וועלכער האָט אויך בייגעשטייערט פאר אויסהאלטן די שולע.

אין אָנהויב פון 20־טן יאָרהונדערט איז געגרינדעט געוואָרן א פאַך־שולע פאַר פרויען אונטער דער אָנפירונג פון חנה צוקער. די לערער זיינען געווען ד. מ. פרץ, קליינמאַן, שפּירא און שאַץ.

אין יענער תקופה איז אויך געשאַפן געוואָרן א קינדער־גאָרטן אונטער דער אָנפירונג פון זלמן ראַטנבערג און א. ווילטשינסקי, אַקטיווע טוערס פון דער אידישער אינטעליגענץ. אין סוף פון 19־טן יאָרהונדערט און אין אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט האָבן, חוץ די אויבנדערמאָנטע, זיך אָנגעזען אלעזר גוטמאַן (באַטייליקט זיך אין אויפשטאַנד 1863), וואָלף לעווין, א משכיל (מחבר פון „מקיצי נרדמים"), וואָלף פרענקעל (נדבן), יחזקאל שטיינמאַן, אלעקסאַנדער דאַנציגער, הערמאַן לאַנדא, מאָוריצי היימאַן, מאַקסימיליאַן צוקער. הילף האָט געגעבן אַדאָלף פּאָזנאַנסקי, אבסאָלווענט פון ראַבינער־סעמינאַר אין וואַרשע. ער איז עטלעכע יאָר געווען אַדוואָקאַט אין קאַליש און שפּעטער זיך איבערגעטראָגן קיין וואַרשע. ער האָט רעפערירט אויף אידישע טעמעס און ער האָט פאַרמאָגט אלגעמיינעם און אידישן וויסן. שטיצע האָט אויך געגעבן דער באַוואוסטער עקאָנאָמיסט סטאַניסלאַוו אלעקסאַנדער קעמפּנער, א געבוירענער אין קאַליש.

בעיקר האָבן די אויבנדערמאָנטע מענטשן געשטיצט די תלמידים דורך דער פאַרמיטלונג פון א ספּעציעלער געזעלשאַפט, וואָס זיי האָבן געגרינדעט אין די 80־ער יאָרן. אין יענער תקופה האָבן זיי באַהערשט די קהילה און דאָרט איינגעהאַלטן זייערע פּאָזיציעס ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. דער פאָרזיצער און דאָזאָרעס זיינען געווען זייער פאַרמעגלעכע מענטשן: מאַמראָט, זאַקס, פרץ, א. קעמפּנער, ד"ר צוקער, בעאַטוס, מייזנער, טיקאָטשינסקי, און אויך די מענטשן פון שפּיטאָל־קאָמיטעט און פון די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס.

בעת זייער הערשאַפט איז די צאָל רעליגיעזע פאָרשטייער אין דער קהילה־אָנפירונג געווען זייער א קליינע. אין די אַרכיוו־טעקעס פון די 80־ער יאָרן געפינען מיר אָנקלאַג־בריוו פון בעריש שימיאַקאָוויטש אויף די אויפגעקלערטע, און זייער אָנקלאַגע אויף אים.

צוליב זיין קעגנערשאַפט צו די אויפגעקלערטע האָט הרב וואַקס אין יאָר 1881 פאַרלאָזט דאָס כסא רבנות אין קאַליש און געוואָרן רב אין פּיעטרקאָוו ביז זיין פטירה אין יאָר 1889 (תרמ"ט).

זיין פאַרטרעטער איז געווען הרב ר' שמשון אַרנשטיין. ער האָט געפירט די גרויסע ישיבה און פאַרנומען דעם אמט פון רב ביז זיין פטירה כ"ג כסלו תרס"ג (1902). נאָך אים איז אין יאָר 1906 אויסגעוויילט געוואָרן הרב יחזקאל ליבשיץ (1862—1932), פון די באַרימטע רבנים אין זיין צייט. ער איז געווען אַן איינפלוסרייכע פּערזאָן, צוגעפּאַסט זיך צו דער דעמאָקראַטיזאַציע אינעם קהילה־לעבן אין זעלבשטענדיקן פּוילן. ער האָט זיך באַטייליקט אין פּאָליטישן לעבן און ער האָט אויך אַנטייל גענומען אין דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער אידישער אַגענץ אין ציריך, אין יאָר 1929.

אויך אין דער צייט ווען ס'האָבן געהערשט די אויפגעקלערטע, האָט די קהילה מיט אירע אינסטיטוציעס זיך אַנטוויקלט. ס'זיינען אויפגעקומען נייע צדקה־און הילפס־אינסטיטוציעס. באַזונדער דאַרף מען דערמאָנען די ליי־קאַסע פאַר די אָרעמע סוחרים און בעלי־מלאכה, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1871 מיט דער הילף פון א צאָל גבירים.

אין דער באַשריבענער תקופה האָט די קהילה זיך אויסגעצייכנט מיט איר שפּיטאָל און מיט א באַדייטנדיקער צאָל נייע צדקה־און הילפס־אינסטיטוציעס: חברות אויף געבן הלוואות אָן פּראָצענט, גמילות־חסדים פאַר סוחרים בראש מיט יוסף מאַמלאָק און הרב וואַקס, א גאָרקיך, ווו אָרעמעלייט, אָן אונטערשיד פון רעליגיע, האָבן באַקומען צוויי מאָל אין טאָג ברויט מיט טיי.

פון די תורה חברות לאָמיר דערמאָנען די חברה ש"ס, חברה משניות, חברה עין־יעקב, חברה תהילים און אנדערע חברות מיט א רעליגיעזן כאַראַקטער.

אויסער דער גרויסער שול, וואָס איז געוואָרן אָפּגעברענט אין יאָר 1857 און רעסטאַורירט געוואָרן אין איר פריערדיקער פאָרם, זיינען געווען צוויי בתי־מדרשים (דער קליינער פון „מגן־אברהם" און דער נייער, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין יאָר 1863 דורך חנה פרענקעל פון דער היים נעלקען, פאַר בעלי־בתים למדנים). ווען דאָס חסידות האָט זיך צעבליט איז געוואַקסן די צאָל שטיבלעך. די בעלי־מלאכהשע חברות האָבן געשאַפן אייגענע מנינים.

ווען ס'איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דער עמיגראַציע־שטראָם פון די אידן פון רוסלאַנד, וועלכע איז געגאַנגען קיין דייטשלאַנד דורך קאַליש, איז לויט דער איניציאַטיוו פון דער קהילה און מיט דער הילף פון דער אידישער געזעלשאַפט „עזרה" אין בערלין, געשאַפן געוואָרן א ספּעציעלער

קאָמיטעט מיט ד״ר צוקער בראש, וואָס האָט געזאָרגט פאר זייער באשפייזונג און ווייטערדיקער רייזע.

אין יאָר 1914 האָט די צאָל פון קהילה־שטייער־צאָלער אין קאליש באטראָפן 1064, וועלכע האָבן אריינגעטראָגן 14,019 רובל.

## פאָגראָמען — אין יאָר 1878, גירושים און געשעענישן — 1905—1904

יוני 1878 א סך צרות האָבן די קאלישער אידן געליטן אין יוני 1878: פאָגראָמען לויטן קלאסישן נוסח פון די אידן־רוצחים. די סיבה איז נישט באוואוסט. עס זיינען פארשפרייט געוואָרן קלאנגען אין שטאָט און זיי האָבן כלומרשט געשאפן דעם באָדן פאר יענעם שווארצן טאָג, דעם 26־טן יוני.

דער קלאנג איז געווען, אז א איד האָט צעשטערט די אמבאָנע אין קאָשטשאָל. א צווייטע ווערסיע: אין דער קריסטלעכער חגא „באָזשע־ציאלאָ״ האָט מען אויפגעשטעלט בעת דער פראָצעסיע איבער די גאס טריבונעס פאר די צושויער. לויט א קלאנג איז איינע פון די טריבונעס צעשטערט געוואָרן דורך א איד. לויט א דריטער ווערסיע, איז אויסגעבראָכן א קריגעריי צווישן א איד און א פויער נעבן קאָשטשאָל פון העגעמאָן. די פויערים האָבן זיך אריינגעריסן אין קאָשטשאָל מיט געשרייען: „די אידן האָבן צעשטערט די טריבונעס און געוואָרפן שטיינער אויף יעזוסעס בילד״.

דער המון איז אָנגעפאלן די אידן אין גאס, געשלאָגן און געוואָרפן אויף דער ערד, אריינגעריסן זיך אין די הייזער, אין שול און אין בית־המדרש, געבראָכן שענק, טישן און בענק, אויסגעריסן פענצטער און טירן, צעשטערט דעם ארון־קודש, ארויסגענומען די ספרי־תורק, זיי פארשוועכט און צעריסן. דער פאקט, וואָס די דאָזיקע מעשים זיינען געטאָן געוואָרן דורך פויערים, געקומענע אין שטאָט באוואָפנטע מיט ווידלעס, מיט אייזערנע שטאַבעס, מיט קאָסעס און מיט הייס־געווער — דווקא אין אזא הייליקן קאטוילישן יום־טוב, באווייזט, אז דאָס אין נישט געווען קיין אומגעריכטער אויסברוך, נאָר א צוגעגרייטער פאָגראָם מיט אלע פיטשעווקעס.

אין דער אויספאָרשונג האָט זיך ארויסגעוויזן, אז אין יענעם זונטיק האָט אין קאָשטשאָל געפרעדיקט א פוילישער גלח פון דובעץ. ער האָט געהעצט די פויערים; ער האָט זיי געהייסן אָנטאָן ארבעטס־קליידער און ברענגען כלים, כדי אָנצופאלן אויף אידן און זיי שלאָגן. ס'איז א פאקט, אז די שטאָטישע האָבן געוואוסט וועגן דעם עטלעכע טאָג פארן פאָגראָם. די קריסטלעכע דינסטן האָבן געוואָרנט זייערע אידישע בעלי־בתים. די פויערים האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט, וואָס דער סטאנציאָנירדיקער גארניזאָן איז געווען אויף מאנעווערס און די פאָליציי איז נישט געווען אין שטאנד צו באהערשן די לאַגע, און זיי האָבן חרוב געמאכט הייזער און געשעפטן. געווען אויך אידישע קרבנות. לויט א באגלויבטער צייטונג איז חרוב און צערויבט געוואָרן א פארמעגן פון 200,000 רובל. 13 אידן זיינען געהרגעט און א סך — פארוואונדעט. אן אנדערע צייטונג האָט געשריבן וועגן א סך פארוואונדעטע און בלויז איין אידישער הרוג. אין פאָגראָם האָבן זיך באטייליקט ביי 300 פויערים. אין אָוונט, ווען דאָס מיליטער איז אריין אין שטאָט, האָבן די מהומות אויפגעהערט. די מאכט־אָרגאנען האָבן תיכף דורכגעפירט א שטראָף־אקציע. אויף דער שטאָט האָט מען ארויפגעלייגט א שטראָף פון 8,000 רובל און אויפן דאָרף — 40,000.

אין דער רוסישער און פוילישער פרעסע איז געוואָרן פארשפרייט א ידיעה, אז די עקסצעסן זאָלן האָבן אויסגעבראָכן צוליבן ערוב. די דאָזיקע אויסגעטראכטע מעשה איז געוואָרן פארעפנט־לעכט אויך אין די העברעאישע צייטונגען „המליץ״ און „הצפירה״ (אויפן סמך פון דער ידיעה אין דער רוסישער פרעסע). ס'האָט זיך ארויסגעוויזן, אז ס'איז נישטאָ קיין שמץ אמת אין דער ידיעה.

די אויפגעקלערטע האָבן באשלאָסן צו ליקווידירן דעם ערוב. לויט א קאָרעספאָנדענץ פון קאליש אין „אלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס״ האָבן די אויפגעקלערטע פארכאפט די מאכט אין דער קהילה; די אידישע פירער האָבן זיך פארזאמלט אין דער אָנוועזנהייט פון שטאָט־פרעזידענט און פארפאסט א פעטיציע צו דער רוסישער מאכט. די פעטיציע, וואָס איז געווען אונטערגעשריבן דורך די קהילה־פירער, שרייבט:

„די אונטן אונטערגעשריבענע בירגער פון דער שטאָט קאַליש בעטן א דערלויבעניש צו צעשטערן דעם ערוב. זיי בעטן אויך, אז דער היגער רב חיים וואקס גערימטער, וועלכער באהערשט נישט קיין שום אייראָפּעאישע שפּראַך, איז א פאנאטיקער און נישט געבילדעטער מאַן, זאָל באזייטיקט ווערן פון זיין אמט און ס'זאָל אונדז דערלויבט ווערן אויסצוקלייבן א געבילדעטן רב, אַן אויפגעקלערטן און א געניגטן צו אונדזער וועלט־אנשויאונג".

דאקעגן הרב וואקס און דער ראבינאט האָבן אויסגערופן א תענית ציבור אין דעם פּאָגראָם־טאָג, כ"ב סיון, וועלכן מ'האָט אָפּגעהיטן אין קאַליש א סך יאָרן.

אין צווישן האָט די מאכט דערקלערט אויסנאַם־צושטאַנד און אָנגעהויבן פאַרשן די פּאַר־האַלטענע פּויערים. ס'זיינען נישט פאַראן קיין פרטים וועגן פּראָצעס קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס. ס'איז באַוואוסט, אז 21 פּאָגראָמשטשיקעס זיינען געוואָרן באפרייט פון יעדער שטראָף, 6 זיינען געוואָרן באשטראָפט צו 8 און צו 5 מיט א האַלבן יאָר טורמע.

די טרויעריקע געשיכטע איז געוואָרן פאַרשריבן דורכן חזן ישראל יפה אינעם פּנקס פון „חברת תיקון ספרים".

א געטרייערע שילדערונג ווערט געגעבן פון א קאַלישער תושב אין אידיש, אין דער בראָשור „איינע גראוזאמע געשיכטע וועלכע זיך אין קאַליש אום 23 יוני 1878, צוגעטראגען האָט, הערויסגעגעבען פאָם בדחן אין קאַליש. חורבן חדש אשר לנו בעיר קאליש כ"ב סיון שנת תרל"ח לפ"ק ב"ל מאנאט בקראטאשין, 40 עמ'". אויסער דער הקדמה אין פּראָזע ווערט דערציילט אין א שיר פון 102 סטראָפן וועגן דעם פּאָגראָם אויף די קאַלישער אידן. לויט דער שילדערונג האָבן די פּאָגראָמשטשיקעס דערהרגעט מיט שטיינער 2 קינדער אין די וויגן. דעם תלמיד־חכם ר' יוסף האָבן זיי כמעט צעשניטן אויף שטיקער. זיי האָבן ארעסטירט דעם פאַרמעגלעכן איד ליפּסקי און באַפרייט אים ערשט אין אָוונט. פון שרעק איז דער מענטש געוואָרן אָפּגעשוואַכט און נאָך 3 טעג איז ער געשטאָרבן. די גבירים האָבן זיך אָפּגעשלאָסן אין זייערע וואוינונגען אויף די אויבערשטע שטאָקן און די פּאָגראָמשטשיקעס זיינען באַפאַלן די אָרעמע מענטשן. חוץ דער שילדערונג (ז"ז 5—30) איז אויך פאַראַן א פּזמון וועגן כ"ב סיון אין אידיש (ז"ז 31—34) און צום סוף א ליד: „מיינע נחמה פאר יודען" (ז"ז 34—40). דער מחבר האָט זיך אונטערגעשריבן מיטן פּסעוודאָנים „בדחן".

אין יאָר 1881 איז געוואָרן ארויסגעגעבן אויף די קאַלישער אידן, נישט קיין פּויליש־רוסישע בירגער, א גירוש־באַפעל, אין צוזאַמענהאַנג מיטן שטרענגן אויספירן דאָס געזעץ, וואָס פאַרווערט אידן צו וואוינען אין גרענעץ־געביט. דער גירוש האָט געטראָפן אין סוחרים, פאַבריקאַנטן און אַגענטן, פאַרשטייער פון אויסלענדישע פירמעס, אָדער אָנפירער פון אונטערנעמונגען אין קאַליש און אומגעגנט. די פאַרטריבענע זיינען על פּי רוב געווען דייטשע בירגער, און א סך פון זיי, ווי מאָריץ פּרץ, רפאל פישער, שמואל שרייבער, מארקוס סאָקאָלאָווסקי, אליעזר נעלקען (עסטרייכישער בירגער), אויסלענדער, שמואל באום, יצחק ראַפּאָפּאָרט, שמואל ברונער (עסט־רייכישער בירגער), משה בלאָך, דוד בלאָך, יוליאַן גילדרינג — זיינען געווען אַלטע תושבים אין שטאָט; צווישן זיי זיינען געווען אפילו געבוירענע אין קאַליש, וועמענס עלטערן ס'האָבן נישט געזאָרגט צו באַקומען די רוסישע בירגערשאַפט.

אין יאָר 1887 האָט מען ארויסגעגעבן גירוש־באַפעלן צו 10 אידן, פּרייסישע אונטערטענער. אויך אידן פון רוסישע גובערניעס זיינען געוואָרן ארויסגעטריבן פון קאַליש. די דאָזיקע גירושים זיינען געוואָרן פאַרגעזעצט אויך אין די יאָרן 1900—1902, באַזונדערס לגבי עסטרייכישע בירגער.

די ארויסגעטריבענע האָבן אריינגעטראָגן בקשות צו פאַרלענגערן זייער אויפהאַלט, כדי צו דערליידיקן די האַנדלס און פאַבריק־ענינים, אָבער די אַלע באַמיאונגען זיינען געווען אומזיסטע.

1907—1905 א באַזונדער קאַפּיטל אינעם לעבן פון די קאַלישער אידן שטעלן מיט זיך פאָר די געשעענישן בעת דער ערשטער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד, אין די יאָרן 1905—1907. אין די יאָרן 1904—1905 איז אויסגעבראָכן אין קאַליש א שווערער עקאָנאָמישער קריזיס. די רעגנס און שטורעמס האָבן איבערגעריסן די פאַרבינדונג מיטן הינטערלאַנד, און דער שטאָט האָט געדראָט הונגער צוליב דער נישט גענוגנדיקער באַזאָרגונג פון לאַנדווירטשאַפטלעכע פּראָדוקטן. דערצו נאָך איז אין זומער געווען א טריקעניש. דאָס אַלץ האָט ארויסגערופן א פּאָליטישע יוירונג. קרוב 70 פּאָליטישע

ארעסטירטע אין דער קאלישער טורמע האָבן איינגעאָרדנט א שטרייק און פארלאנגט איינ־צואָרדענען א באזונדערע קיך פאר פּאָליטישע ארעסטירטע.

אין יאָר 1904 האָט אָנגעהויבן דערשיינען אן אָרטיקע סאָציאַל־דעמאָקראטישע צייטונג „קאליסקי קוריערעק ראָבאָטניטשי", וואָס האָט גערופן די ארבעטער איינצואָרדענען שטרייקן אויף אויסצובעסערן די ארבעטס און לוין־באדינגונגען.

אין יאָר 1905 איז אויסגעבראָכן א שטרייק אין די מיטלשולעס. אין דעם שטרייק האָט זיך אויסגעצייכנט דער איד זיגמונט ראטענבערג, א מיטגליד פון סאָציאַל־דעמאָקראטישן יוגנט־פארבאנד. זיי האָבן געפאָדערט צו לערנען די פוילישע שפּראך אין די מיטלשולעס, ליקווידירן דאָס פּאָליציי־אישע סיסטעם, געבן לערן־מעגלעכקייטן פאר דער גאנצער יוגנט אָן אונטערשיד, פרייהייט אין די לימודים, א געזעלשאפטלעכע, און נישט קיין מלוכהשע אויפזיכט איבער די שולעס. אין דער דאָזיקער באוועגונג האָט זיך אויך באטייליקט די אידישע יוגנט, וואָס האָט געלערנט אין די מיטלשולעס. אויף דער פּעטיציע צו דער מאכט האָבן זיך אונטערגעשריבן אויך די אידישע פאָרשטייער אין שטרייק־קאָמיטעט. אָט דער פאקט האָט ארויסגערופן דעם צאָרן פון די רוסישע מאכט־אָרגאנען.

ס'האָבן זיך אָנגעהויבן רדיפות. פיל תלמידים זיינען געוואָרן באזייטיקט פון די שולעס אָן דער רעכט צו לערנען אין דערציאונגס־אנשטאלטן אין רוסלאנד.

אין אָקטאָבער 1905 האָט די רעגירונג, אונטערן דרוק פון דער געזעלשאפט, דערלויבט צו שאפן פוילישע שולעס, אָבער אָן אָפיציעלע רעכטן. אויף דעם אופן האָט מען אויך דערלויבט די אידישע שילערס פאָרצוזעצן זייערע לימודים.

דעם 31.1.1905 איז אויסגעבראָכן א שטרייק אין דאנציגערס שפּיצן־פאבריק. די ארבעטער האָבן מארשירט צו דער פאבריק פון פּרענקעל און מייזנער, געזונגען „די רויטע פאָן". צו זיי האָבן זיך אָנגעשלאָסן ארבעטער פון אנדערע אונטערנעמונגען און פון בעקערייען.

פּ.פּ.ס.־דעלעגאטן האָבן אָרגאניזירט דעמאָנסטראציעס און לויט זייער איניציאטיוו זיינען די שטרייקן פאָרגעקומען אויף דעם 1.2. דער המון איז אוועק צו דער געביידע פונעם גובערנאטאָר נאָוואָסילצעוו. ער האָט פאָרגעלייגט צו שיקן צו אים א דעלעגאציע. מורא האָבנדיק, אז מ'זאָל נישט ארעסטירן די דעלעגאטן, האָבן די ארבעטער אויסגעוויילט א דעלעגאציע פון 100 פּערזאָן, וואָס איז באשטאנען פון פאָרשטייער פון אלע פאבריקן, און זיי האָבן אָפּגעגעבן א פּעטיציע מיט זייערע פאָדערונגען. נאָוואָסילצעוו האָט דעם 2.2 צונויפגערופן די פאבריקאנטן און ס'איז געוואָרן באשלאָסן פאָרצולייגן די ארבעטער, אז זיי זאָלן אויסוויילן פון יעדער אונטערנעמונג 2—3 פאָרשטייער אויף פירן אונטערהאנדלונגען. אין די דאָזיקע אונטערהאנדלונגען האָבן די ארבעטער דערגרייכט באדייטנדיקע הנחות. בלויז אין מארקוס האַלצס פאבריק איז דער שטרייק ווייטער פאָרגעקומען, ווייל ער האָט נישט געוואָלט אָפּזאָגן דעם מייסטער בעק, וועלכער איז נישט געווען באליבט ביי די ארבעטער. נאָכן דערוווייטערן אים זיינען די ארבעטער צוריקגעגאנגען צו דער ארבעט.

דעם 1־טן מאי איז פאָרגעקומען א צוזאמענשטויס צווישן די ארבעטער און דער פּאָליציי. נאָך דער פארזאמלונג אין זאוואדזשע, זיינען זיי אָנגעפאלן אויפן פּאָליצמייסטער. די ארבעטער האָט זיך איינגעגעבן צו אנטוואָפענען די פּאָליציאנטן. די ארויסגערופענע סאָלדאטן זיינען געוואָרן אויפגענומען מיט א רעגן פון שטיינער. פיל זיינען פארהאלטן געוואָרן.

אין דער שטאָט גופא איז פאָרגעקומען א דעמאָנסטראציע פון אידישע ארבעטער. אויפן וועג צו כמיעלניק איז דער צוג באפאלן געוואָרן דורך דער פּאָליציי. 25 פּערזאָן זיינען געוואָרן ארעסטירט. צווישן די אָרגאניזאטאָרן איז געווען דער צאָן־דאָקטאָר טראנס, א חבר פון „בונד".

אין אויגוסט 1905 האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן מהומות, אין וועלכע איין פּערזאָן איז דערהרגעט געוואָרן. נאָך דער לויה איז געגאנגען א מאסע פּאָליאקן און אידן איבער דער גאנצער שטאָט, געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און געוואָרפן אנטי־מלוכהשע לאָזונגען.

צוזאמען מיטן גאנצן לאנד האָט קאליש זיך באטייליקט אין דער רעוואָלוציאָנערער אָפענסיווע, וואָס האָט געצוואונגען דעם צאר ניקאָליי II צו פארעפנטלעכן דעם מאניפעסט פון 30—17

אָקטאָבער. דעם 19.10.1905 האָט א גרופּע פּאָליאַקן און אידן געוואָרפן שטיינער אויף א דייטשער שולע. אין א צוזאמענשטויס מיט פּאָליציי איז שווער פארוואונדעט געוואָרן א פּאָליציאַנט.

אין אָט דער געשפּאַנטער אטמאָספערע האָבן די ארבעטער איבערגעריסן די ארבעט אין די פאבריקן.

די טעג פון 31—30 אָקטאָבער זיינען געווען אָנגעלאָדן מיט געשעענישן: דעמאָנסטראַציעס, פארזאמלונגען און גאסן־צוגן. אויף דער צענטראַלער פארזאמלונג זיינען ארויסגעטראָטן סטאַניס־לאַוו פּאַסטקאָווסקי, סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פירער אין קאַליש, און דער איד זיגמונט ראטענ־בערג.

דער גענעראַל־שטאַב פון דער רעוואָלוציאָנערער באוועגונג האָט דאַן זיך געפונען אין מייזנערס פאבריק.

דער גובערנאטאָר האָט זיך געהאלטן מעסיק און דערלויבט איינצואָרדענען אין טעאַטער א פארזאמלונג, אויף וועלכער ס׳זיינען ארויסגעטראָטן פּאַסטקאָווסקי אויף אידיש, דער בונדיסט טונדאָווסקי און דער פּ.פּ.ס.־טוער אדאָלף היינטמאן פון לאָדז. אין זעלבן טאָג איז אנטשטאַנען א געמיינזאַנער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט מיטן „בונד״.

דעמאָנסטראַציעס

דעם 1.11 זיינען ווידער פּאָרגעקומען דעמאָנסטראַציעס. די באַאמטע האָבן פארלאָזט די ארבעט אין די מלוכהשע אינסטיטוציעס. אין געריכט האָט מען צעריסן די בילדער פון צאר און אראָפּגענומען די מלוכהשע עמבלעמען. דאָס מיליטער און די פּאָליציי איז אכזריותדיק אָנגעפאלן אויף דער מאסע און אָנגעווענדעט טעראָר קעגן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, פּ.פּ.ס. און „בונד״. אין „בונד״ האָט זיך אויסגעצייכנט וועגיעניא בראַקס, עלא שטשעטשינסקא, וועלכע מ׳האָט ארויסגעוואָרפן פון דער גימנאַזיע, אסתר מארגוליס, וועלכע האָט אָרגאַניזירט דעם געווער־שמוגל פון אויסלאַנד, צירעלע מאטאלא, ישראל געלבארט (שוסטער), עדווארדא בראַון (באַאמטין); די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער קאַמפּס־גרופּע אדאַם צוויק, כינקע גאַלאַמב, רפאל סטריקאָווסקי, דוד שלאָס, אסתר מארגוליס און ביילע וואַלטער. די דעמאָקראַטישע פּראָגרעסיווע פּארטיי איז געוואָרן אָנגעפירט דורכן באוואוסטן אידישן אדוואָקאַט גבריאל קעמפּנער; ער איז געוואָרן אונטערגעשטיצט דורך גרופּעס אידישער אינטעליגענץ אין זיין שארפן קאַמף קעגן נאַציאָנאַליסטישן און אנטיסעמיטישן פּראָגראַם פון די ענדעקעס אונטער דער אָנפירונג פון אדוואָקאַט פּאַהצעווסקי.

אין דער קורצער צייט פון פרייהייט, וואָס די קאָנסטיטוציע האָט געגעבן, זיינען פּאָרגעקומען פארזאמלונגען, וועלכע זיינען געוואָרן געשטערט אויף דורך כוליגאַנישע ענדעקישע באַנדעס. זיי האָבן געפּרעדיקט איינצואָרדענען פּאָגראָמען אויף אידן.

נאָכן איינשטעלן זיך פון דער רעאַקציאָנערער מאכט איז נאָמינירט געוואָרן דעם 25.11 גענעראַל קאָזלאָווסקי, און נאָך אים — ניקאָליי קאָזנאַקאָוו. זיי האָבן אכזריותדיק אָנגעהויבן אונטעדריקן יעדע רעוואָלוציאָנערע באוועגונג.

ווען אין יאָר 1906 איז געוואָרן דערקלערט אויסנאַם־צושטאַנד, איז אין קאַליש ווייטער פּאָר־געקומען דער קאַמף פון ארבעטער אין האַנדל, אין פאבריק און אין וואַרשטאַט פארן אויסבעסערן זייערע באַדינגונגען און לוינען. דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן מיטן גרויסן שטרייק אין רעפּהאַנס פאבריק.

בעת איינעם פון די אטענטאַטן אויפן רוסישן גובערנאטאָר איז דערהרגעט געוואָרן דער אידישער פאבריקאַנט מילגרוים.

אין די יאָרן 1911—1905 האָט די קאַלישער פּאָליציי געדרודפט די מיטגלידער פון די לינקע פּארטייען, און באַזונדערס — דעם „בונד״. מ׳האָט איינגעאָרדנט פּראָצעסן און די פארמשפּטע האָט מען פארשיקט קיין סיביר, וויאַטקע און אָרענבורג. פון קאַליש זיינען געוואָרן פארשיקט: משה זילבער (27 יאָר), שמואל מאַיראָוו, גאָטפריד, שמואל שיליאַק (18 יאָר אלט), חיים וואַקסמאַן (19 יאָר אלט), רפאל זאַלקאָוויטש (18 יאָר אלט), אברהם וואָלמאַן, אהרן ראָזענטאַל, גערשאָוויטש (48 יאָר אלט), שמואל יעקב רור (23 יאָר אלט), בעריש צעלניק (23 יאָר אלט), שמואל סולקאָווסקי (23 יאָר אלט), שמואל שליוואַ, מענדל סענדראָוויטש (18 יאָר אלט).

## ב. 1914—1939

### אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

### די פאָגראָמען אין יאָר 1919

נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה מיט דייטשלאַנד האָט דאס רוסישע מיליטער פארלאָזט קאַליש. דעם ערשטן אויגוסט מיטאָגצייט איז קיין קאליש אָנגעקומען דער פאָרפּאָסטן פון דייטשן מיליטער, אין אָוונט זיינען אריין אין שטאָט די אָפּטיילונגען און ביי נאכט האָט שוין געשטראָמט א מאסע דייטש מיליטער. די באפעלקערונג האָט גוט אויפגענומען די דייטשן. אָבער ביי נאכט, ווען מ׳האָט דערהערט די שיסעריי פון קוילנווארפער, האָבן זיך אלע באהאלטן.

די שיסעריי האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. שפעטער האָבן די דייטשן אָנגעהויבן צו באָמבאַרדירן הייזער. גאסן זיינען געוואָרן פארוואנדלט אין חורבות. מ׳האָט ארויסגעשלעפט מענטשן פון זייערע הייזער און זיי האָבן נישט געוואוסט ווהין מ׳פירט זיי. א סך זיינען אנטלאָפן אין שרעק. קאליש איז געוואָרן אויסגעליידיקט פון דער באפעלקערונג און דאס מיליטער האָט חרוב געמאכט דעם צענטער שטאָט. אין א צייט ארום האָבן די איינוואוינער זיך אומגעקערט, אָבער זיי זיינען געצוואונגען געווען ווידער צו פארלאָזן די שטאָט, ווייל ס׳איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו וואוינען דאָרט און זיך מפרנס צו זיין.

אין אָנהויב פון דער מלחמה זיינען דורך דייטשע זעלנער דערהרגט געוואָרן 33 אידן.

אין יאָר 1916 איז דאָס לעבן אין שטאָט געוואָרן צוריק נאָרמאַל. די איינוואוינער האָבן זיך אומגעקערט פון די ערטער, וווהין זיי האָבן זיך געראַטעוועט ביים אויסברוך פון דער מלחמה.

אין יאָר 1916 האָבן אָנגעהויבן ווערן טעטיק די קהילה־אנשטאלטן און אין יאָר 1917 איז דורך „מזרחי" געגרינדעט געוואָרן די שולע „תחכמוני" פאר אידישע און וועלטלעכע לימודים אונטער דער אָנפירונג פון ד״ר יעקב שלום ענגעל; די גרופע עסקנים „יבנה" האָט געגרינדעט א קינדער־גאָרטן, א האנדלס־שולע און א רעליגיעז־נאציאָנאלע מיידל־שולע „חבצלת".

אין די מלחמה יאָרן זיינען שארפער געוואָרן די באציאונגען צווישן די פּאָליאקן און אידן. די פוילישע געזעלשאפט האָט געהאלטן פאר פאסיק צו פארשטאַרקן דאן דעם באָיקאָט אויף אידן, כדי אָפּצושוואכן זייערע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס ערב דעם אנטשטיין פונעם באנייטן פוילן. בלויז ווינציקע פון די פּראָגרעסיווע קרייזן האָבן פּארטיידיקט די אידן. יוזעף פּילסודסקיס לעגיאָנערן האָבן זיך נישט געמישט. זיי האָבן ווייטער געזען די לייזונג פון דער אידן־פראגע אין אסימילאַציע.

דערווייל איז אין פוילן שטארקער געוואָרן די „נאציאָנאל־דעמאָקראטישע" פארטיי (ענדעקעס) און זי האָט אלץ געטאָן, כדי צו באזייטיקן די אידן פון די הילפס־קאָמיטעטן פאר די פוילישע איינוואוינער.

1915 די סיטואציע האָט זיך א ביסל געענדערט ווען גאנץ פוילן איז געוואָרן אָקופּירט פון די דייטשן און עסטרייכער אין אויגוסט 1915.

אין דער צייט פון דער דייטש־עסטרייכישער אָקופּאציע האָט דאָס אידישע געזעלשאפטלעכע לעבן זיך גוט אנטוויקלט. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן פירן א לעבהאפטע טעטיקייט, הגם זי האָט אָנגעטראָפן אויף א שטארקן ווידערשטאנד מצד די אסימילאטאָרן און אָרטאָדאָקסן. מיט דער הילף פון ליבעראלן דייטשן איד ד״ר לודוויג האַס, רעפערענט פאר אידישע ענינים ביי דער אָקופּאציע־מאכט און די רבנים ד״ר עמנואל קארלבאך פון קעלן און ד״ר פנחס כהן פון אנסבאך, איז געגרינדעט געוואָרן דער אָרטאָדאָקסישער פארבאנד, וואָס האָט זיך געשטעלט פאר א ציל צו קעמפן קעגן ציוניזם אויף דער זייט פון די פוילישע אסימילאטאָרן.

אין יאָר 1917 האָבן אָנגעהויבן ווערן טעטיק די נאציאָנאלע באוועגונגען. די קהילה־טעטיקייט איז באנייט געוואָרן אין די ראמען פונעם נייעם געזעץ, וואָס איז פארעפענטלעכט געוואָרן דורך דער דייטשער אָקופּאציע־מאכט.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך געענדיקט, נאָכן שליסן דעם שלום אין ברעסט־ליטאָווסק, האָט אין פוילן זיך אָנגעהויבן א סיסטעמאטישע אנטי־אידישע פּראָפּאַגאַנדע, וואָס

האָט דערפירט צו צוזאַמענשטויסן, אָנפאַלן און אפילו פּשוט צו פּאָגראָמען. אין גאַנץ קאָנגרעס־פּוילן זיינען די פּאָליאַקן געוואָרן אויפגעפּאָדערט אָנצוטאָן נאַציאָנאַלע עמבלעמען.

עטלעכע וואָכן פאר פּוילנס זעלבשטענדיקייט זיינען פאר די אידן געוואָרן פארוואנדלט אין וואָכן פון טרויער. באַהאַלטענע כּוחות האָבן צוגעגרייט דעם באָדן פאר פּאָגראָמען.

דעם 14־טן אָקטאָבער, ווען אין וואַרשע האָט מען געפייערט דעם באַפרייאונגס יום־טוב, האָט מען געשלאָגן אידן. דאָס זעלבע איז געשען אין די פּראָווינץ־שטעט. די באַמיאונגען פון די אידישע מנהיגים ביים פּרעמיער מאָראַטשעווסקי צו פארהיטן די אידן פון עקסצעסן, האָבן נישט געגעבן קיין רעזולטאַטן.

די ערשטע עקסצעסן־כוואַליע איז אַדורך איבער די אידן פון קליינפּוילן. דאָרט האָבן די כוליגאַנעס — ציווילע, זעלנער און לעגיאָנען — זיך אָנגעשטויסן אויפן ווידערשטאַנד פון די אידישע זעלבשוץ־גרופּעס. פון קליינפּוילן איז די עקסצעסן־כוואַליע אריבער אין קאָנגרעס־פּוילן.

דעם 11־טן נאָוועמבער זיינען די כוליגאַנעס באַפאַלן אַ אידישע פארזאַמלונג אין קיעלץ. די פּוילישע קאָמענדאַטור האָט פארבאָטן די אידישע זעלנער און אָפיצירן צו אָרגאַניזירן אַ זעלבשוץ.

מ'האָט ווייטער געהעצט דאָס פעבל און אין משך פון אַ קורצער צייט זיינען אויסגעבראָכן עקסצעסן אין גאַנץ פּוילן. דער לעמבערגער פּאָגראָם אין 1918 האָט געגעבן דעם סיגנאַל. אין נאָוועמבער־דעצעמבער זיינען פאָרגעקומען אָנפאַלן און עקסצעסן אין 102 שטעט און שטעטלעך; אין יאָר 1919 — אין 56 אידישע ישובים, צווישן זיי — אין מערץ 1919 אין קאַליש.

דעם 13־טן מערץ איז פאָרגעקומען אין שטאָט אַ דעמאָנסטראַציע פון טויזנטער פּוילישע אַרבעטער. ווען זיי זיינען אַדורך דעם אידישן פערטל זיינען צו זיי צוגעשטאַנען די מיטגלידער פון „בונד" און „פּועלי ציון". ווען די דעמאָנסטראַנטן זיינען אַדורך איבער די אידישע גאַסן, האָבן ענדעקישע כוליגאַנעס אַרויסגערופן מהומות, אָנגעהויבן רויבן אידישע געשעפטן און צו שלאָגן אידישע דורכגייער. די אידן האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט; נעבן די יאַטקעס האָבן אידישע קצבים זיך פארטיידיקט מיט אייזערנע פּרענטן. אַ כוליגאַן איז געוואָרן פארוואונדעט. די כוליגאַנעס האָבן דערהרגעט אַ אידישן קצב, אַנדזעל; אַ אידישער סוחר, ראָזענבלאַט איז געוואָרן שווער פארוואונדעט און אין עטלעכע שעה אַרום איז ער געשטאָרבן. אַ סך געשעפטן זיינען געוואָרן צעריבט און אַ ריי אידן — פארוואונדעט, צווישן זיי 9 שווער. די עקסצעסן זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצן טאָג. די מאַכט האָט נישט אָנגענומען קיין שטרענגע מיטלען און עטלעכע טעג האָט נאָך געהערשט אַ פּאָגראָם־אַטמאָספער.

דער סיים, וואָס איז דאַן זיך צונויפגעקומען אין וואַרשע, האָט געשיקט אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע, אין וועלכער ס'איז אויך געווען דעפּוטאַט פארבשטיין. עטלעכע כוליגאַנעס זיינען געוואָרן געשטעלט פארן געריכט נאָך אייניקע חדשים. זיי האָבן באַקומען זייער לייכטע שטראָפן.

בעת דער 1־טער־מאַי־דעמאָנסטראַציעס מיט דער באַטייליקונג פון טויזנטער אידישע אַרבעטער, האָבן די ענדעקעס געפרוווט אַרויסרופן פּראָוואָקאַציעס און אָנגרייפן די בונדישע רייען. זיי האָבן אָבער באַקומען מכּות רצח און די דעמאָנסטראַציע האָט זיך בשלום פארענדיקט.

## אין אומאָפּהענגיקן פּוילן

### די עקאָנאָמישע סיטואַציע

ביים אַנטשטיין פון אומאָפּהענגיקן פּוילן האָבן אידן באַקומען די האָפענונג, אַז זיי וועלן באַקומען גלייכבאַרעכטיקונג און נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע, ווי דאָס איז באַוואָרנט געוואָרן אין ווערסאַליער שלום־טראַקטאַט. זיי האָבן געגלויבט, אַז די עקסצעסן־כוואַליע וועט אַדורך און דאָס לעבן וועט ווערן סטאַביליזירט. אָבער די געשיכטע האָט אַנגענומען אַן אַנדערן וועג.

ביזן יאָר 1930 קען מען נאָך אָפּצייכענען אין אידישן לעבן עקאָנאָמישע, קולטורעלע און אויך פּאָליטישע דערגרייכונגען. באַזונדערס שטאַרקע אויסזיכטן פאַר דער אַנטוויקלונג פון אידישן לעבן זיינען געווען פארבונדן מיט דער פּילסודסקי־איבערקערעניש. די אידן האָבן זי אויפגענומען מיט פרייד, ווייל זיי האָבן אין איר געזען אַ ליקווידאַציע פון דער רעאַקציע און אַ טאַרמאַז פאַר דער שטייגנדיקער ענדעציע און די אידן־רדיפות.

די האָפענונגען, וואָס מ'האָט געלייגט אויף די פילסודסקי־אָנהענגער, זיינען נישט פאַרווירקליכט געוואָרן. פון יאָר 1930 האָט אין אידישן לעבן זיך אָנגעהויבן א צוריקגאַנג. די פריערדיקע דערגרייכונגען זיינען פאַרלוירן געגאַנגען; ס'האָט זיך ווידער אָנגעהויבן די אַנטי־אידישע העצע. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אָנגעהויבן מיט פאַלשע אויסריידן צו פאַרמאַכן אידישע שולעס און ארויפלייגן אויף אידן שווערע שטייערן.

די פּאָליטיק פון דער „אגודה" און פון „אידישן סוחרים־פאַרבאַנד", וועלכע זיינען צוגעשטאַנען צו דער סאַנאַציע, האָט נישט געהאָלפן. די אידן האָבן דורך דעם גאָרנישט דערגרייכט.

להיפך, פון 1930 ביזן אויסברוך פון דער מלחמה האָט מען צונישט געמאַכט אלע אידישע דערגרייכונגען. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַנטי־אידישע פּאָליטיק מיטן בפירושן ציל ארויס־צושטויסן זיי פון אלע עקאָנאָמישע און קולטורעלע פּאָזיציעס. די קהילה־ראַטן זיינען געוואָרן אויפגעלייזט. די אידישע גאַס איז געוואָרן באַהערשט פון זאָרג און אימה, דאָ און דאָרט זיינען אויסגעבראָכן אַנטי־אידישע עקסצעסן. ווער ס'האָט געקענט, איז אַנטלאָפן. ס'איז שטאַרקער געוואָרן די עליה קיין ארץ־ישראל און די עמיגראַציע אין די לענדער מעבר לים.

אין די דרייסיקער יאָרן איז אויסגעוואַקסן אין פּוילן דער אַנטיסעמיטיזם. נאָכן קומען פון די נאַציס צו דער מאַכט אין דייטשלאַנד, האָבן אויף דער פּויליש־דייטשער גרענעץ זיך באַוויזן נאַצישע אַגיטאַטאָרן. זיי האָבן געפּרוווט שאַפן פאַר זיך אין פּוילן א גינסטיקע אַטמאָספערע אויפן יסוד פון אידן־העצע — א טעמע, וואָס איז תמיד געווען באַקוועם פאַר פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע אין פּוילן.

קאַליש איז געלעגן נאָענט פון דייטשלאַנד און דערפאַר האָט זי געדינט אלס א גוטע באַזע פאַר דער אַנטיסעמיטישער פּראָפּאַגאַנדע. די אידישע פאָרשטייער און די עפנטלעכע אינסטי־טוציעס, באַזונדערס אין שטאָטראַט, האָבן באַשלאָסן צו קעמפן קעגן דער דאָזיקער העצע.

ענדעקעס — 1937 אויף איינער פון די פּלענום־זיצונגען אין דעצעמבער 1937 האָט דער ראַטמאַן ד"ר לובעלסקי, אין נאָמען פון אלע אידישע ראַטמענער, געלייענט די פאָלגנדיקע דעקלאַראַציע: „די אידישע ראַטמענער אין קאַליש פּראָטעסטירן קעגן פאַרשפּרייטן גיפטיקע שנאה און סיסטעמאַטישע העצע פון איין טייל באַפעלקערונג קעגן דער צווייטער — די אידן. צי איז דען נישט שרעקלעך צו טראַכטן, אז אין דער שטאָט, וווּ אין 1264 איז דערשינען דער קאַלישער סטאַטוט, וואָס איז פול מיט הומאַניזם און טאָלעראַנץ, דערשיינען מיט 700 יאָר שפּעטער אויפרופן ,אידן — אין געטאָ', ,קאַליש אָן אידן', ,א טויט די אידן'? א שאַנדע איז פאַר יעדן איינעם וואָס היט נישט דעם אַנדערנס כבוד. די דאָזיקע ווילדקייט און פאַרדאָרבנקייט וועט דערפירן צו אַנאַרכיע אינעם עפנטלעכן לעבן. די הערשאַפט פון געוואַלד און פון פאַרברעכן וועט נישט אַדורך אָן שפּורן.

פאַראַן אַזעלכע, וואָס נוצן אויס די אַרבעטלאָזיקייט און זיי מאָביליזירן צווישן די אַרבעטלאָזע פּיקעטן קעגן דעם אידישן האַנדל.

די אידישע ראַטמענער פאַראורטיילן די דאָזיקע קרימינעלע פּראָפּאַגאַנדע און זיי ווענדן זיך צו דער אָנפירונג פון דער שטאָט קאַליש אָנצונעמען מיטלען אויף ליקווידירן די העצע, וועלכע איז געפערלעך פאַר דער גאַנצער שטאָט".

די ענדעקעס זיינען אָנגעפאַלן אין דער פּרעסע אויף דער דעקלאַראַציע, אז דאָס איז א חוצפּהדיקע אידישע פּראָוואָקאַציע, ווייל ס'איז זיי צו גוט אין פּוילן. זיי האָבן אונטערגעשטראָכן מיט שטוינונג, אז אויסער דעם ראַטמאַן פּאַבלאַק האָט קיינער פון די פּוילישע ראַטמענער נישט רעאַגירט.



אין קאַליש גופא איז די אידישע באַפעלקערונג געקומען צו זיך נאָך דער וועלט־מלחמה און אָנגעהויבן צוריק אויפשטעלן אירע פריערדיקע פּאָזיציעס. אין די יאָרן 1922—1924 האָבן די אידן געהאַט וויכטיקע דערגרייכונגען אויף אלע לעבנס־געביטן. זיי האָבן זיך באַטייליקט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, אָרגאַניזירט פאַרשידענע פאַראיינען און אַנשטאַלטן און אויסגעפירט וויכטיקע אויפגאַבעס אין שטאָטראַט.

אין די וואַלן צום שטאָטראַט אין יאָר 1927 האָבן די „אגודה", ציוניסטן און קליינהענדלער־פאַרבאַנד געשאַפן א וואַל־בלאָק און באַקומען 3758 שטימען, וואָס האָט זיי געגעבן 5 מאַנדאַטן

אין שטאָטראַט. פון די אַנדערע אידישע פּאַרטייען האָבן באַקומען „פּועלי ציון לינקע" 1077 שטימען — 2 מאַנדאַטן, „בונד" — 2, אידישע האַנטווערקער — 2, אָן אומאָפּהענגיקע ווירט־שאַפטלעכע אידישע אָרגאַניזאַציע — 1. בסך־הכל האָבן די אידן, פון די 34 מאַנדאַטן, באַקומען 11. די אידישע פאָרשטייער אין שטאָט־ראַט האָבן מצליח געווען אין זייער פּאָליטיש־קאָמונאַלער טעטיקייט.

דעם 20.5.31 איז געוויילט געוואָרן אַ נייע קהילה־אָנפירונג, וואָס איז באַשטאַנען פון רעליגיעזע פאָרשטייער. דעם 4.10.31 האָט זי אָנגעהויבן אַמטירן.

אין דער קהילה־פאַרוואַלטונג זיינען געוויילט געוואָרן: יוסף משה העבער, חננאל ראָזענבלום, מענדל בעריש טראַובע, שלמה כהן, דוד פּערלע, יעקב כהן, באַקאַלאַר, פּרץ גאָלדשטיין, לייזער אָפּענהיים, הערש נאָוואָמיאַסט, נאָטע בלויצווירן, עקשטאַק, חיים משה ווייץ, פּיניע וויינריב, יצחק איצקאָוויטש, אברהם הערש גאָלדבערג, יחיאל סענדער.

אַלס פּרעזעס פון דער קהילה־פאַרוואַלטונג איז געוויילט געוואָרן מענדל בעריש טראַובע; פּרעזעס פון דער קהילה־אָנפירונג — יוסף משה העבער.

די קהילה האָט געהאַט בודזשעט־שוועריקייטן. נאָכן טויט פון הרב ליבשיץ זיינען אויסגעבראָכן סכסוכים באַגלייט מיט מסירות. דאָס האָט דערפירט צו אויספאָרשונגען פון דער פּראָקוראַטור, וועלכע האָט קאָנפיסקירט די קהילה־דאָקומענטן. מ'האָט אַגיטירט נישט צו צאָלן קיין שטייערן.

אין דער קהילה פון יאָר 1931 האָט די „אגודה" געהאַט אַ מערהייט. די ציוניסטן זיינען געווען אין דער אָפּאָזיציע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביטערער קאַמף צווישן די ציוניסטן און דער „אגודה" נישט בלויז אויפן באָדן פון מיינונגס־פאַרשידנהייטן וועגן די אויפגאַבעס פון דער קהילה, נאָר קודם־כל אין ענינים פון אַדמיניסטראַציע און אויך פון אידישן חינוך. די ציוניסטן און די לינקע האָבן געפאָדערט, אַז די קהילה זאָל זיך זאָרגן אויך פאַר די אידישע שולעס. אַ באַזונדערס שאַרפער קאָנפליקט איז אויסגעבראָכן אין די יאָרן 1931—1932, ווען די קהילה איז געוואָרן אַפּערירט אויף טויזנטער זלאָטעס שחיטה־געלטער און די הערשנדיקע מערהייט האָט נישט געגנוג אַכטונג געטאָן דערויף.

די ציוניסטישע קהילה־ראַטמענער האָבן געדראָט, אַז זיי וועלן ברענגען זייערע שוחטים. ווען דער ענין מיטן שחיטה־געלט איז נישט געוואָרן דערליידיקט, האָבן זיי טאַקע געבראַכט שוחטים און די זאַך האָט דערפירט צו אַ שווערן קריזיס.

אַ צווייטער ענין, וואָס האָט דאַן פאַרנומען די אידישע עפנטלעכע מיינונג, איז געווען דאָס אידישע שפּיטאָל. געוויסע קרייזן האָבן פאָרגעלייגט צו ליקווידירן דאָס שפּיטאָל, די קרוין פון דער קהילה, און איינגלידערן עס אין פּוילישן שפּיטאָל. היות די קהילה־אָנפירער האָבן נישט באַשטימט קיין סובסידיע פאַרן שפּיטאָל, האָבן זיי נישט אָנגענומען קיין נעגאַטיווע שטעלונג.

די אָפּאָזיציע, די שפּיטאָל־דאָקטוירים, באַזונדערס ד"ר בעאַטוס און די אָרטיקע פירער, האָבן שאַרף געקעמפט קעגן דער ליקווידאַציע פון שפּיטאָל, וואָס האָט אין משך פון כמעט הונדערט יאָר באַדינט די קאַלישער אידן.

אונטערן דרוק פון דער אידישער געזעלשאַפטלעכקייט, איז דאָס שפּיטאָל געבליבן אַ זעלבשטענדיקע אינסטיטוציע. די דאָזיקע דערגרייכונג איז אָפּגעמערקט געוואָרן אַלס גרויסער נצחון פון די נאַציאָנאַלע קרייזן איבער די קהילה־הערשער.

אין די יאָרן 1931—1932 האָט זיך פאַרשטאַרקט דער קאַמף אין דער קהילה צווישן דער „אגודה" און דער אָפּאָזיציע, וועלכע האָבן געפאָדערט פּרינציפּיעלע ענדערונגען אין דער קהילה־אָנפירונג.

לויטן אָפיציעלן באַריכט פון דער קהילה־אַדמיניסטראַציע פאַר די יאָרן 1931—1936 האָט די קהילה געהאַט שוועריקייטן ביים איינמאָנען די שטייערן, ווייל אַ סך פון די קהילה־מיטגלידער האָבן נישט באַצאָלט אַפילו נאָכן סעקוועסטער. אין באַריכט ווערט אָנגעוויזן, אַז נאָכן טויט פון הרב ליבשיץ איז פאַרשטאַרקט געוואָרן דער קאַמף קעגן דער קהילה־אָנפירונג. אַ הפקרות איז אַנטשטאַנען צוליב דער „לינקער שחיטה", וואָס האָט פאַרקלענערט דעם עיקרדיקן מקור פון די קהילה־הכנסות. נישט געקוקט דערויף, ווערט אָנגעוויזן אין באַריכט, האָט די קהילה באַוויזן צו העלפן מיט סובסידיעס פאַרשידענע אַנשטאַלטן. די קהילה האָט אויפגעבויט און אויסגעהאַלטן אַ פּרעכטיקן בנין פון אַ נייער תלמוד־תורה, וואו ס'האָבן געלערנט 450 קינדער

פון נישט פארמעגלעכע עלטערן. די קהילה האָט אויסגעהאלטן דעם ראבינאט ביים אויספירן די פונקציעס און אויפגאבעס (השגחה אויף כשרות, קמחא דפסחא (שטיצע אויף פסח), כשר עסן פאר זעלנער און ארעסטירטע).

אין די יאָרן 1931—1936 האָט דער בודזשעט אָנגעצייכנט הכנסות אויף א סומע פון 933,330 זלאָטעס 18 גראָשן פון די פאָלגנדיקע פאָזיציעס:

הכנסות:

| | |
|---|---|
| פלעצער און שטעט און נדרים | 3,955 זל' 44 גר' |
| שחיטה | 595,345 " 09 " |
| בית־עלמין | 31,987 " |
| מצבות־שטעלן | 8,697 " |
| ארענדע פון דער מצה־מאשין | 8,750 " |
| נישט פאַרגעזעענע הכנסות | 7,945 " 34 " |
| | 933,330 זל' 18 גר' |

הוצאות:

| | |
|---|---|
| פענסיעס פאר באאמטע און פענסיאָנערן | 499,517 זל' 4 גר' |
| אדמיניסטראציע | 55,806 " 95 " |
| דרינגענדיקע הילף | 124,245 " 72 " |
| | 229,774 " 48 " |
| סובסידיעס | 911,342 " 19 " |

ווייטער גיבן מיר די סובסידיע־סומעס, וועלכע זיינען געוואָרן צוגעטיילט אין יענער תקופה:

| | |
|---|---|
| רעמאָנט פון דער מקוה | 7,000 זל' |
| בית־מדרש | 2,700 " |
| מושב זקנים | 1,000 " |
| תלמוד תורה | 2,000 " |
| האנטווערקער־שול | 2,000 " |
| אָזשעשקאָווא | 8,000 " |
| קינדער־היים א.נ. פון | |
| יתומים־הויז פאר ייִנגלעך | 1,500 " |
| יתומים־הויז פאר מיידלעך | 1,000 " |
| פארן אידישן שפיטאָל | 2,000 " |
| הכנסת אורחים | 1,500 " |
| אָרעמעלייט | 2,000 " |
| פייערלעשער | 300 " |
| עמיגראציע | 1,500 " |
| לינת הצדק | 3,000 " |
| גמילות חסדים | 1,000 " |
| רעטונגס־קאָמיטעט | 3,000 " |
| רעמאָנט פון דער נייער שול | 10,000 " |
| פארן העברעאיש־לערער אין | |
| די אלגעמיינע שולעס | 2,400 " |
| אידישע גימנאזיע | 4,000 " |
| ישיבה „מגן אברהם" | 1,000 " |
| ישיבה „עץ־חיים" | 1,000 " |
| שטיצע פאר אָרעמע קימפעטאָרנס | 200 " |
| בית־לחם | 500 " |

| | | |
|---|---|---|
| סטיפענדיעס | 500 | ״ |
| טאַז | 300 | ״ |
| אָוונט־קורסן פאַר האַנטווערקער | 1,200 | ״ |
| אַרבעטסלאָזע | 3,000 | ״ |

דעם 6.9 איז געוויילט געוואָרן אַ נייער קהילה־ראַט. אין די וואַלן האָבן זיך באַטייליקט 4,000 וויילער פון 5,000 וואַל־באַרעכטיקטע. ס׳זיינען געוואָרן אַריינגעטראָגן 17 וואַל־ליסטעס. פון זיי האָבן באַקומען:

| | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ליסטע | 1 | „אגודה" | 488 | שטימען | 3 | מאַנדאַטן |
| ״ | 2 | וואַלער רב | 200 | ״ | 1 | ״ |
| ״ | 4 | „בונד" | 333 | ״ | 1 | ״ |
| ״ | 5 | ציוניסטן | 242 | ״ | 1 | ״ |
| ״ | 6 | האַנטווערקער | 322 | ״ | 1 | ״ |
| ״ | 7 | „פועלי־ציון" | 366 | ״ | 2 | ״ |
| ״ | 11 | קליינהענדלער | 240 | ״ | 1 | ״ |
| ״ | 14 | רעליגיעזער בלאָק | 432 | ״ | 2 | ״ |
| ״ | 15 | אַלעקסאַנדער חסידים | 344 | ״ | 1 | ״ |
| ״ | 16 | פועלי אג״י | 205 | ״ | 1 | ״ |
| ״ | 17 | רעל. נאַצ. בלאָק | 666 | ״ | 3 | ״ |

## דער עקאָנאָמישער מצב

טראָץ די שוועריקייטן און דעם לאַנגן קאַמף אין דער ערשטער צייט פון אומאָפּהענגיקן פּוילן זיינען די קאַלישער אידן געקומען צו זיך און פאַרנומען זייערע אַמאָליקע פּאָזיציעס אין מסחר און פאַבריקאַציע.

אין יאָר 1921 האָבן אין קאַליש זיך געפונען 15,566 אידן — 34.9%. אין אידישע הענט האָבן זיך געפונען 547 אינדוסטרי־אונטערנעמונגען פון פאָלגנדיקן כאַראַקטער:

ליים־שטיין — 2, גיסערייען — 24, מאַשינען — 10, האָלץ — 23, פעל — 18, וועבערייען — 65, באַקליידונג — 334, פּאַפּיר — 11, כימיקאַלן — 7, בוי־מאַטעריאַלן — 16, גראַפיק — 6, וועשערייען — 8.

בלויז 285 אונטערנעמונגען פון די אויבנדערמאָנטע האָבן באַשעפטיקט לוין־אַרבעטער; אין 262 האָבן געאַרבעט נאָר די בעלי־בתים פון די אונטערנעמונגען און זייערע משפחה־מיטגלידער.

בסך־הכל זיינען געווען באַשעפטיקט 1728 אַרבעטנדיקע, פון זיי זיינען 489 געווען די אונטערנעמער (28.3%), 77 משפחה־מיטגלידער (4.5%), 1162 לוין־אַרבעטער (67.2%). צווישן זיי זיינען געווען 775 אידן (44.8%) 477 מענער, 228 פרויען, 70 קינדער, 387 קריסטן (22.4%, 301 מענער, 86 פרויען).

די אידישע אַרבעטער האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט 44.8% פון אַלע לוין־אַרבעטער.

פון יאָר 1919 איז קאַליש געוואָרן אַ צענטער פון דער שפּיצן־פאַבריקאַציע, אין יאָר 1921 איז דאָרט געגרינדעט געוואָרן דער לאַנד־פאַרבאַנד פון די שפּיצן־פאַבריקאַנטן.

אין די ערשטע יאָרן נאָך דער מלחמה האָט די שפּיצן־אינדוסטרי געליטן צוליבן פאַרלוסט פון רוסישן מאַרק, און צוליב דער צאָל־מלחמה צווישן פּוילן און דייטשלאַנד, אָבער ס׳איז איר געלונגען צו סטאַביליזירן פאַר זיך דעם אינערלעכן מאַרק.

אין יאָר 1937 זיינען געווען טעטיק 24 פאַבריקן פון שפּיצן און פאָרהאַנגען. אין זיי האָבן זיך געפונען 500 מאַשינען.

אין יענער צייט זיינען שוין כמעט ווי פאַרשוואונדן די וואַרשטאַטן, וואו מ׳האָט געאַרבעט מיט האַנט־מאַשינען. די גאַנצע פּראָדוקציע איז געוואָרן אויסגעפירט דורך מאַשינען מיט עלעקטרישע מאָטאָרן. אין יאָר 1926 האָט דער סוחר יעקב קאַלמאַנאָוויטש געשאַפן אַ נייע שפּיצן־פאַבריק מיט 20 מאַשינען. די דאָזיקע אונטערנעמונג האָט זיך שנעל אַנטוויקלט. אין יאָר 1932 האָבן אין איר געאַרבעט 80 מאַשינען און אין יאָר 1937 — 113 מאַשינען. אין דער פאַבריק זיינען געווען באַשעפטיקט 86 אַרבעטער און 20 באַאַמטע.

אין די 20־ער און 30־ער יאָרן זיינען צוגעקומען נייע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען — טריקאָטאזש, בערשטן — 6 פאבריקן מיט 19 ארבעטער, 3 זייף־פאבריקן מיט א חודשלעכער פראָדוקציע פון 86 טאָן, 5 אייל־פרעסערייען מיט א חודשלעכער פראָדוקציע פון 1050 טאָן, פאבריקן פון אייזן־דראָט, באטארייעס און זשיראנדאלן.

א ספעציעלע וויכטיקייט האָבן געהאט די מילן און די פראָדוקציע פון מעל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער גוטער קוואליטעט און געפונען אָפנעמער אין שלעזיע, זאגלעמביע און אויך אין פויזנער קאנט. אין קאליש זיינען געווען טעטיק 12 מילן, וואָס האָבן באשעפטיקט אן אָנגעזעענע צאָל ארבעטער. פאבריקן פון ליאלקעס, סאמעט, לינאָלעום (געגרינדעט אין 1931 דורך וואָלף באכלופסקי און יוסף לארד), בריטשקעס און אויטאָבוסן (ברידער פישער), בעקערייען פון זיסווארג און דעליקאטעסן.

די האנטווערקעריי האָט זיך אויסגעברייטערט צו 74 מינים. אין מסחר זיינען נישט פאָרגעקומען קיין באדייטנדיקע ענדערונגען לגבי דער פריערדיקער תקופה.

אין 20־טן יאָרהונדערט האָט זיך פארגרעסערט די צאָל אידן אין די פרייע פראָפעסיעס. ס'זיינען טעטיק געווען 15 דאָקטוירים, 16 אדוואָקאטן, 15 אינזשיניערן, 11 ציין־טעכניקער, 9 סאניטארן, 5 אקושערקעס.

אין דער אינדוסטרי און אין האנדל אין קאליש איז א באדייטנדיקע צאָל געווען באשעפטיקט אויף אדמיניסטראטיווע אמטן, אלס צייכענער, געהילפן א.א.וו.

דער הורט און דעטייל־האנדל אין קאליש איז אין א גרויסער מאָס געווען אָפהענגיק פון הינטערלאנד און צוליב דעם — פון איינגעגעבענע גערעטעניש. אז די גערעטעניש איז געווען א שוואכע, איז קלענער געוואָרן די קויף־קראפט פון דאָרף. א וויכטיקער צווייג אין מסחר איז געווען דער קליינהענדלער, וואָס האָט צעפירט די סחורות איבער די ירידים אין לאנד און באזונדערס אין פויזנער קאנט. די ירידים־פאָרער האָבן פארשפרייט די פראָדוקציע פון דער קאלישער אינדוסטרי.

אין די 30־ער יאָרן (1932—1933) ווען ס'איז שטארקער געוואָרן די אנטיסעמיטישע באוועגונג, האָבן די פאָרערס געליטן פון אָנפאלן און פון עקסצעסן אין פויזנער געגנט, אָרגאניזירט דורך די ענדעקעס אונטער נאצישע לאָזונגען.

אין קאליש האָבן עקזיסטירט 3 ווירטשאפטלעכע אָרגאניזאציעס: דער סוחרים־פארבאנד; דער קליינהענדלער־פארבאנד, געשאפן אין יאָר 1926; האנטווערקער־פארבאנד. זיי האָבן געהיטן די אינטערעסן פון זייערע מיטגלידער און געווען אָרגאניזירט לויט סעקציעס. נישט תמיד האָבן זיי געהאט דערפאָלג אין זייער טעטיקייט צוליב אינערלעכע סכסוכים, פערזענלעכע קריגערייען, וועלכע האָבן דערמאָנט די „גבאות" פון די „אויסדערוויילטע". אין געוויסע פאלן האָבן אין די פארבאנדן געוועלטיקט די תקיפים — בפרט אין פארבאנד פון די האנטווערקער — און געפירט זיך ווי דיקטאטאָרן. דאָס האָט דערפירט צו קאָנפליקטן און שפאלטונגען. אין א צייט ארום האָט מען זיך אויסגעגלייכט און געוויילט א נייע אָנפירונג.

א סך הילף האָבן די פאבריקאנטן, סוחרים און האנטווערקער באקומען פון דער סוחרים־באנק, פון דער קאָאָפעראטיווער־באנק און פון דער גמילת חסדים־קאסע.

אין דער צייט פון עקאָנאָמישן קריזיס אין פוילן 1929 האָט די סוחרים־באנק באנקראָטירט און ארויסגערופן א גרויסן קריזיס אין די סוחרישע קרייזן.

אין יאָר 1931 האָט די אידישע ווירטשאפט געליטן פונעם באנקראָט פון דער קאָאָפעראטיווער־באנק, וואָס איז געווען א סאָלידע אינסטיטוציע און צוליב דעם ווירטשאפטלעכן קריזיס אין פוילן איז די באנק געווען געצוואונגען אָפשטעלן די צאָלונגען. אויף איר אָרט זיינען געשאפן געוואָרן 2 נייע אינסטיטוציעס: „קאָאָפעראטיווע קאסע" און „קאָאָפעראטיווער קרעדיט", וואָס איז געשאפן געוואָרן דורך די ציוניסטישע עסקנים. די ביידע אינסטיטוציעס זיינען געווען טעטיק ביז 1939.

די גאנצע אידישע עקאָנאָמיק אין פוילן איז געווען געבונדן מיט דער ווירטשאפט פון לאנד. אין די 30־ער יאָרן איז די פוילישע ווירטשאפט פארוואנדלט געוואָרן אין אן אינטערווענציאנאָליסטישער און ענערגיש זיך אנטקעגנגעשטעלט יעדער ווירטשאפט, וואָס ווערט באזירט אויף פרייער קאָנקורענץ. ס'האָט זיך אָנגעהויבן א שווערע צייט פאר די אידישע אינדוסטרי,

האנדל און האנטווערק. די עקאָנאָמישע קריזיסן און ד׳ אומאויפהערליכע שטייערן־לאַסט האָבן ארונטערגעריסן די פּאָזיציע פון דער אידישער עקאָנאָמיק.

### אָרגאַניזאַציעס

#### די ציוניסטישע באַוועגונג

צו די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער באַוועגונג פון חובבי־ציון איז געווען א יוגנטלעכער מיטן נאָמן שמואל צבי וועלטסמאַן, א געבילדעטער מענטש און א פּלאַמיקער אָנהענגער פון דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג. ס׳איז אים נישט לייכט אָנגעקומען צו געווינען חברים פאַר דער אידעע.

„די ערשטע — דערציילט וועלטסמאַן — וואָס זיינען צוגעשטאַנען צו דער באַוועגונג, זיינען געווען ליטווישע אידן. די פּוילישע אידן האָבן פון אָנהויב נישט געהאַט דערפאַר קיין שום פאַרשטענדעניש. אזוי איז דאָס געווען ביי אונז אין קאַליש, אין לאָדז, ווארשע און אומעטום. ערשט שפּעטער זיינען אויך צוגעשטאַנען די פּוילישע אידן. ווען אין קאַליש זיינען שוין געווען 30 חברים איז אין יאָר 184 פאָרגעקומען די ערשטע אלגעמיינע פאַרזאמלונג אין הויז פון ישראל געלערנטער. דאַן איז געוואָרן געשאפן די חברה „חובבי ציון״. כמעט אלע חברים פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געווען בעלי־בתים; קיין יוגנט איז נאָך אין דער באַוועגונג נישט געווען״.

יעדער חבר האָט געצאָלט מיטגליד־אָפּצאָל 2—3 קאָפּיקעס א וואָך. מיט דער צייט איז די צאָל מיטגלידער אויסגעוואקסן ביז 150. בראש פון דער אָרגאַניזאַציע זיינען געשטאַנען ר׳ ישראל געלערנטער, אליעזר משה כהן און שמואל צבי וועלטסמאַן. סעקרעטאַר איז געווען שאול בראַנד־שטאַט. דאָס געזאמלטע געלט האָט מען אָפּגעשיקט צום צענטער אין ווארשע, אין וועמענס אָנפירונג עס האָבן זיך געפונען שאול פנחס ראבינאָוויטש, ישראל יאסינאָווסקי, יעקב משה מאירסאָן, לייביש דאווידזאָן און יעקב בראָודע.

ווען דער צענטער אין ווארשע האָט צום הונדערט־יאָריקן געבוירן־טאָג פון משה מאָנטיפיאָרי אָפּגעדרוקט זיין בילד, זיינען אין קאַליש פאַרקויפט געוואָרן 30 בילדער (יעדעס בילד האָט געקאָסט איין רובל).

די חברה האָט געהאַט א פּנקס, און לויט די תקנות האָט מען יעדן חבר, וואָס האָט ווערבירט 25 מיטגלידער, איינגעשריבן אינעם פּנקס מיט גאָלדענע אותיות. צו דעם דאָזיקן כבוד האָבן זוכה געווען בלויז 3 חברים. אין פּנקס איז אויך איינגעשריבן געוואָרן דער בריוו פון הרב שמשון אַרנשטיין, וואָס איז געווען א חובב ציון.

די חברה האָט געהאַט אַן אייגענעם מנין — אין דער חברה קדישא אויף דער אידישער גאַס. דאָרט האָבן גערעדט די מגידים און דרשנים פון ד׳ חובבי ציון: זיי האָבן געזאמלט שפּענדונגען פאַרן ישוב ארץ־ישראל אין די שולן ערב יום כפור.

נאָך דער קאַטאָוויצער קאָנפערענץ איז די קאַלישער גרופּע געווען פאַרבונדן מיטן נייעם צענטער אין אָדעס.

היות די באַוועגונג איז געווען אַן אומלעגאַלע, האָט מען נישט איינמאָל ארעסטירט אין קאַליש מענטשן, וואָס מ׳האָט ביי זיי געפונען ציוניסטישע דאָקומענטן און ליטעראַטור. ערשט אין יאָר 1890 זיינען די תקנות פון חובבי ציון לעגאַליזירט געוואָרן דורך דער רוסישער רעגירונג.

צוויי יאָר פאַרן אנטשטיין פון דער הערצל־באַוועגונג, איז צוליב פאַרשידענע סיבות אָפּגעשוואַכט געוואָרן די קאַלישער אָרגאַניזאַציע. ערשט אין יאָר 1897 איז אין קאַליש געוואָרן געגרינדעט דער ציוניסטישער פאַרבאַנד, און אין דער קאַלישער ציוניסטישער באַוועגונג האָט זיך אָנגעהויבן א לעבהאַפטע נייע תקופה.

די ציוניסטישע באַוועגונג האָט זיך אנטוויקלט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָך דער מלחמה זיינען געשאפן געוואָרן פיליאַלן פון אלע ציוניסטישע פראַקציעס: מזרחי, פּועלי־ציון לינקע, השומר הצעיר, רעוויזיאָניסטן און אויך פאַרשידענע חלוץ־פאַרבאַנדן. אלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט הכשרה־קאָלאָניעס. ס׳איז אויך געעפנט געוואָרן אַן אָפּטיילונג פון דער „ליגע פאַרן ארבעטנדיקן ארץ־ישראל״. אויפן ספּאָרט־געביט זיינען געווען טעטיק צוויי אידישע קלובן, און אלגעמיינער און „מכבי״, וואָס איז אנטשטאַנען אין יאָר 1930. ד׳ רעוויזיאָניסטן האָבן געהאַט אַן אייגענעם ספּאָרטקלוב — „נורדיה״.

### רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס

נאָך יאָר 1918 זיינען אין קאליש געגרינדעט געוואָרן רעליגיעזע אָרגאַניזאַציעס פון אגודת ישראל, פועלי אגודת ישראל, צעירי אגודת ישראל. זיי האָבן אויך געשאַפן א פאַרבאַנד פון רעליגיעזע האַנטווערקער „השומר הדתי".

בראש פון דער „אגודה" זיינען געשטאַנען יוסף משה העבער, וועלכער איז געוויילט געוואָרן נאָכדעם ווי די אגודה האָט געהאַט א מערהייט אין דער קהילה, אלס פּרעזעס פון איר אָנפירונג, זעליג ראָזענבלום, קהילה־פּרנס, פּרעזעס פונעם קליינהענדלער־פאַרבאַנד.

### „בונד"

דער „בונד" אין קאליש איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1900 און געוואָרן טעטיק צווישן די אַרבעטער פון די שפּיצן־פאַבריקן. די ערשטע אָרגאַניזאַטאָרן זיינען געקומען פון לאָדז: אשר שערادזער, מאיר זלאָטשאָווער, פאַנינקא, יאנקל הענגער, גימפּל ידידה, דעם שוחטס זון, וואָלף קויאווסקי, גומפּריכט, ברידער גאשקעס, ברוך פּראַשקער, ברידער צוויק, הערש אָקאָנאָווסקי, קויאווסקי, גומפּריכט, ברידער כאשקעס, ברוך פּראַשקער, ברידער צוויק, הערש אָקאָנאָווסקי, גלאטשטיין, יאדזשא האל.

אין יאָר 1902 האָט לייזער לעווין אָנגעפירט מיט דער אַגיטאַציע־טעטיקייט פון „בונד".

די בונדיסטן האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די שניידערס, סטאָליאַרעס, שוסטערס, בעקערס, געזעלן און אָנגעשטעלטע און געפּרוווט אויך ווערבירן מיטגלידער צווישן אינטעליגענץ און שילערס.

די באַגעגענישן פלעגן פאָרקומען אין וואַלד ביים פּאַרק, און פון יאָר 1904 — אויף פיר בירזשעס.

א שטאַרקע טעטיקייט האָט דער בונד געפירט אין יאָר 1905 ביים אָרגאַניזירן דעמאָנסטראַציעס און שטרייקן. ווי ס'איז שוין געשריבן געוואָרן אין א פריערדיקן קאַפּיטל, זיינען א ריי מיטגלידער פון „בונד" געוואָרן אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר.

נאָכדעם ווי דער שטאָט־קאָמענדאַנט, גענעראַל קעלער, איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אן אטענטאַנט פון דער פ.פ.ס., און זיינע צוויי אדיוטאַנטן זיינען דערהרגעט געוואָרן, איז דעם אַטענטאַטאָר געלונגען צו אַנטלויפן. בעת די רעוויזיעס איז אַרעסטירט געוואָרן דער בונדיסט אליהו באַך און מ'האָט אים פאַרמשפּט אויף 12 יאָר קאַטאָרגע אין סיביר. ער איז באַפרייט געוואָרן אין יאָר 1917 און געבליבן אין רוסלאַנד.

אין יאָר 1916 האָט דער „בונד" אָנגעהויבן פירן א טעטיקייט אין ברייטן פאַרנעם אונטער דער אָנפירונג פון אפרים לאָזער זעלמאַנאָוויטש פון לאָדז. אין די וואַלן צום שטאָטראַט בעת דער דייטשער אָקופּאַציע זיינען געוויילט געוואָרן 2 בונדיסטן: דער אינזשיניער לעבענהאַפט און אַרטור גאָטפריד.

אין באַנייטן פוילן האָט דער „בונד" אַקטיוו זיך באַטייליקט אין פּאָליטישן לעבן פון דער שטאָט, זיינע פאָרשטייער אין שטאָטראַט און אין דער קהילה — וואו זיי האָבן זיך באַטייליקט נאָכן ענדערן די שטעלונג לגבי איר — האָבן געזאָרגט נאָר פאַר די פּאַרטייאישע אינטערעסן און שאַרף אַרויסגעטראָטן קעגן יעדער נאַציאָנאַל־אידישער און העברעאישער פאָדערונג.

זיי האָבן געשאַפן שולעס מיט דער אונטעריכט־שפּראַך אין אידיש: די שולע א. ג. פון מעדעם, אָוונט־קורסן און די פאָלקס־אוניווערזיטעט. זיי האָבן זיך נישט באַטייליקט צוזאַמען מיט אַנדערע אידישע פּאַרטייען און כלל־ישראלדיקע ענינים. פון זייערע אָנפירער, וועלכע זיינען געווען אַקטיוו אין דער קהילה, דאַרף מען דערמאָנען מאיר וואָלף שעפּס, מיכאל אייזנבערג — א געוועזענער ס.ס. און פון יאָר 1920 א מיטגליד פון „בונד".

### פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען

די פראָפפאַראיינען אין קאליש זיינען געשאַפן געוואָרן לויט דער איניציאַטיוו פון פ.פ.ס. (1895), „בונד" (1897), פועלי ציון (1905).

אין באַנייטן פוילן האָבן אַלע אַרבעטער פון די שפּיצן־פאַבריקן און וואַרשטאַטן זיך אָרגאַניזירט אין א געמיינזאַמען פראָפפאַראיין פאַר אידן, פּאָליאַקן און דייטשן. דאָרט זיינען געווען טעטיק

אַלע פּאָליטישע פּאַרטייען: ס.ד., „בונד", פּועלי ציון, די ענדעקעס און די אידישע רעליגיעזע ארבעטער. דער פאַראיין האָט עקזיסטירט ביז 1930.

באַזונדערע אידישע פּראָפּפאַראיינען זיינען געווען:

באַקלייד־ארבעטער — 150 מיטגלידער,

פאַראיין פון פעל־ארבעטער — 100 מיטגלידער,

האַנדלס־אָנגעשטעלטע — איבער 150 מיטגלידער,

הויז־ארבעטערינס, קעכינס,

טרעגערס — 50 מיטגלידער,

פריזיערס — 30 מיטגלידער.

אַנדערע אידישע ארבעטער פון קליינער צאָל — זעצערס, האָלץ־ארבעטער, בעקערס א.א. — זיינען געווען אָרגאַניזירט אין די פוילישע פאַראיינען.

## דערציאונג־און קולטור־אינסטיטוציעס

קאַליש האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אירע רעליגיעזע חינוך־אינסטיטוציעס. אין די דרייסיקער יאָרן איז אויפגעבויט געוואָרן אַ פּרעכטיקער בנין פאַר דער תלמוד־תורה. דער בודזשעט איז אין זיין מערהייט געוואָרן געדעקט דורך דער קהילה. ס׳איז אויך געווען אַ ישיבה אונטער דער אָנפירונג פון הרב ארנשטיין. פאַר אים, האָט פאַר למוד תורה זיך געזאָרגט ר׳ זאב וואָלף מאזעס (1849—1863), וועלכער איז געווען אב״ד. בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די אויפגאַבע אויסגעפירט דער שטאָטישער רב ר׳ יחזקאל ליבשיץ.

אין שטאָט האָט עקזיסטירט אַ נעץ חדרים פון פּריוואַטע מלמדים. אין אָנהויב 20־טן יאָר־הונדערט האָבן די עלטערן פון די רעליגיעזע קרייזן דערפילט אַ באַדערפעניש צו געבן זייערע קינדער אויך אַ געוויסע וועלטלעכע בילדונג. צוויי לערערס, צוויק און גאַלאַמב, אָפּשטאַמיקע פון ליטע, האָבן געגרינדעט אַ בית־ספר מתוקן (רעפאָרמירט חדר) מיט אויסגעברייטערטע לימודים פון תנ״ך, העברעאישע שפּראַך און דקדוק.

אין יאָר 1917 האָבן מזרחי־עסקנים געשאַפן די 7 קלאַסיקע תחכמוני־שולע, צוגעפאַסט צו די פאָדערונגען פון דער מאָדערנער דערציאונג. אחוץ רעליגיעזע לימודים האָט מען דאָרט אויך געלערנט וועלטלעכע לימודים לויטן פּראָגראַם פון די אַלגעמיינע שולעס. דער ערשטער מנהל פון „תחכמוני" איז געווען ד״ר יעקב שלום ענגעל, פון די גרינדער פון דער תחכמוני־שולע אין יפו. אין משך פון דער צייט זיינען אויך אנטשטאַנען אַ קינדער־גאָרטן, אַ האַנדלס־שולע און אַ רעליגיעז־נאַציאָנאַלע שולע פאַר מיידלעך. די אַלע שולעס זיינען געווען לויטן מוסטער פון די „יבנה"־שולעס — אַן איבערגאַנגס־טיפּ פון דער קאָנסערוואַטיווער שולע צו דער מאָדערנער וועלטלעכער „תרבות"־שולע.

ווען די ציוניסטיש־נאַציאָנאַלע באַוועגונג איז אויסגעוואַקסן, האָט מען אויך אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ אידישן חינוך, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צום גייסט פון דער צייט. אין יאָר 1913 האָט ד״ר פעלדשטיין פון וואַרשע געגרינדעט אַ אידישע גימנאַזיע. נאָכן אויסברוך פון דער מלחמה אין יאָר 1914 זיינען די לימודים געוואָרן איבערגעריסן און זיי זיינען באַנייט געוואָרן נאָך דעם ווי די קאַלישער אידן האָבן זיך אומגעקערט אין שטאָט אריין.

אין די יאָרן 1920—1924 איז די שולע געוואָרן אָנגעפירט דורך ד״ר נח בראון (1892—1960), וועלכער האָט איינגעשלאָסן אין לערן־פּראָגראַם תנ״ך, עברית און אידישע געשיכטע. נאָך זיין עליה קיין ארץ־ישראל איז די גימנאַזיע געוואָרן אָנגעפירט דורך ד״ר העלינג. נעבן דער גימנאַזיע איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ פאָלקס־שולע.

פאַר אָט די צוויי אַנשטאַלטן האָט געזאָרגט די געזעלשאַפט „פריינד פון אידישע מיטלשולעס" אין קאַליש, וואָס איז געווען אַ פיליע פון צענטראַלן מיטלשול־פאַרבאַנד אין לאָדז אונטער דער אָנפירונג פון הרב ד״ר מרדכי בראָודע.

אויף דער איניציאַטיוו פון העברעאישן לערער גרינבערג האָבן זינט 1910 עקזיסטירט העברעאישע קורסן פאַר יוגנט. אַ העברעאישער קינדער־גאָרטן איז געשאַפן געוואָרן אונטער דער אָנפירונג פון דער פּרעבליסטין יונה באָרקאָווסקאַ.

אין יאָר 1916 זיינען דורך ישראל דוד בית־הלוי געשאַפן געוואָרן העברעאישע אָוונט־קורסן און אויך דער פאַראיין „עבריה", צו פאַרשפּרייטן דאָס העברעאישע לשון צווישן דער יוגנט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די ארבעטער־פּאַרטייען געשאַפן אידישע שולעס אויף די נעמען פון מעדעם, פּרץ, בערטאָנאָוו. די דאָזיקע שולעס זיינען געפירט געוואָרן אין פּאַר־טייאישן גייסט.

טראָץ דער עקזיסטענץ פון אַט דער שול־נעץ אין שטאָט, האָבן אין די דרייסיקער יאָרן נאָך געלערנט אין אלגעמיינע שולעס 1400 קינדער. נישט געקוקט אויף די פאָדערונגען פון די נאַציאָנאַלע פּאַרטייען אין דער קהילה צו שאַפן נאָך שולעס, איז גאָרנישט געטאָן געוואָרן אין דער דאָזיקער ריכטונג.

לויט דער אָרטיקער פּרעסע האָט נישט עקזיסטירט קיין צוזאַמענאַרבעט צווישן די פּאַרטייען און אָרגאַניזאַציעס. אלע קולטור־טעטיקייטן זיינען על פּי רוב געפירט געוואָרן דורך די פּאַרטייען, וועלכע האָבן אויף זיי ארויפגעלייגט זייער כאַראַקטער.

א באַזונדער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די אידן אין קאַליש אין דער לעצטער תקופה איז די אָרטיקע פּרעסע.

אין יאָר 1919 איז געגרינדעט געוואָרן אין קאַליש דאָס ערשטע אידישע וואָכנבלאַט „די יידישע וואָך", אָרגאַן פון די אלגעמיינע ציוניסטן, אונטער דער רעדאַקציע פון מ. אבראַמאָוויטש און שלמה בריש. דאָס וואָכנבלאַט איז אויפגענומען געוואָרן מיט סימפּאַטיע און פאַרשפּרייט געוואָרן אין עטלעכע טויזנט עקזעמפּלאַרן.

אונטער דער רעדאַקציע פון ד"ר פּאַגעלזאָן האָט דעם 22.7.1927 אָנגעהויבן צו דערשיינען אַן אומפּאַרטייאישע וואָכנצייטונג „קאַלישער לעבן". אין דער צייטונג האָט מיטגעאַרבעט א. רובין, מ. פלינקער, א. מאַמלאָק. נאָך רובינס טויט איז ליטעראַרישער רעדאַקטאָר געוואָרן הערשל סאָלטיק. די צייטונג איז דערשינען אין 8—10 זייטן.

צוליב פּערזענלעכע טעמים האָט סאָלניק פאַרלאָזט די רעדאַקציע, און נאָך אים — אויך מאַמלאָק. לסוף זיינען סאָלניק און זיינע פּאַרטנערטער אריינגעשלעפּט געוואָרן אין פּערזענלעכע קריגערייען. דאַן האָט מאַמלאָק באַשלאָסן ווידער צו נעמען אין זיינע הענט די רעדאַקציע און ארויסגעגעבן די צייטונג אונטערן נאָמען „דאָס נייע לעבן", כדי אונטערצושטרייכן, אַז ער איז נישט געבונדן מיט די שיטות פון „קאַלישער לעבן" אין זיין לעצטן יאָר.

די צייטונג איז דערשינען ביז 1938. אין איר האָבן זיך געדרוקט ידיעות, פּאָליטישע און ליטעראַרישע ארטיקלען.

אין די יאָרן 1929—1937 האָט אָנגעהויבן דערשיינען א צווייטע וואָכנשריפט „קאַלישער וואָך" אונטער דער רעדאַקציע פון הרב ליטמאַן, און געדינט אַלס אָרגאַן פון „אגודת ישראל". א קורצע צייט איז דערשינען א טעגלעכע צייטונג „קאַלישער עקספּרעס" אונטער דער רעדאַקציע פון י. קלינגער. אין יאָר 1934 איז א קורצע צייט דערשינען א רעליגיעז צווייוואָכנבלאַט „אונזער צייטונג".

אין די יאָרן 1938—1939 האָט מען אין פּוילישן אידנטום שוין געפילט דעם אומרו פאַר דער צוקונפט. דער פּויליש־היטלערישער אָפּמאַך האָט זיי נישט באַרואיקט. ווער ס'האָט דאַן באַזוכט פּוילן אפילו אויף א קורצער צייט, האָט געפילט, אַז ס'איז נישטאָ קיין שום צוטרוי צו די דייטשן, אַז זיי וועלן נישט אַטאַקירן פּוילן.

אין סעפּטעמבער 1939 האָבן זיך אָנגעהויבן די גורלדיקע טעג פאַר די פּוילישע אידן. ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער שרעקלעכער מאַרש פון היטלערס חיילות. מיט א בליץ־שנעלקייט האָבן זיי באַהערשט פּוילן. זייערע ערשטע מעשים זיינען געווען: אָפּשליסן די אידן אין געטאָס און דערנאָך — מאָרד, רציחה, רויב און אכזריותן, נישט געזעענע אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

נאָכן אריינמאַרש פון דייטשן מיליטער האָבן זיי קאָנפיסקירט די פאַרמעגנס, נישט ארויסגעלאָזן די אידן פון שטאָט. אין נאָוועמבער 1939 האָבן זיי אריינגעשליידערט די אידן אין א פינצטערן זאַל און אָנגעהויבן ארויסשיקן זיי קיין לובלין און אנדערע שטעט ביי דער רוסישער גרענעץ.

די פאַרבליבענע האָבן זיי קאָנצענטרירט אויף נאָוואַ־גאַס, אין 3 הייזער.

אין די יאָרן 1940—1942 האָט מען ארויסגעשיקט די לעצטע אידן.

די 700־יאָריקע קאַלישער קהילה איז אויסגעמעקט געוואָרן פון די אידישע ישובים.

# Wykaz Imienny

Starozakonnych w Domach Chrześciań-
skich przy Ulicy Warszawskiej
Miasta Kalisza od roku 1799.
do dziś dnia zamieszkałych i Handel
prowadzących.



צום אנדענק פון מיינע עלטערן רחל און בערנארד,
מיינע שוועסטער דבורה אין מאדז'ע און מיין
שוועסטערס זון יעקב.

# דער סוף פון דער שטאָט

**משה גראָס**

## דער שפּיטאל – יודענלאגער – ארבייטסלאגער



לייך נאָכן אריינמארש קיין פוילן, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן רעאליזירן זייער „גרויסן פּלאַן". וועלכער האָט געהאט דעם ציל צו פארניכטן דאָס פּוילישע אידנטום. פריער אָבער האָבן די דייטשן געוואָלט בארויבן און ארויסציען אַלץ וואָס די אידן האָבן פארמאָגט. אויסמאָרדן אלע אידן מיטאמאָל איז געווען פאר זיי אומנויטיק. זיי זיינען שוין דאן זיכער געווען, אז קיינער וועט זיך נישט ארויסבאקומען פון די דייטשע נעגל. עס האָט בעסער געלוינט אויסנוצן די אידן אלס ארבעטס־קראפט לטובת דער דייטשער מלחמה־פּראָדוקציע. די דייטשן האָבן גענומען קאָנסעקווענט און פּלאנמעסיק אריינפירן אין לעבן נייע פאראָרדענונגען, וועלכע האָבן באגרענעצט די רעכט פון אידן און אריינגעפירט א כאאָס און דעזאָרענטאציע אין אידישן לעבן.

### דער יודענראט

כדי צו פארלייכטערן זיך די ארבעט און אָפּשפּאָרן אייגענע מענטשן, האָבן די דייטשן געגרינדעט דעם „יודענראט". מיטן זיץ־אָרט אין דער אלטער אידישער קהילה. אין יודענראט זיינען אריין פאָלגנדיקע פּערזאָנען: מיץ, קאַצינעל, פּרענקעל, אדוואָקאט פּערקאל ד"ר זייד, ד"ר לובעלסקי, מאגיסטער ראָטצייג, דער חזן פון דער דייטשער שול האן גוסטאוו א.א. כדי אויסצומיידן א סך אומפּינקטלעכקייטן און כדי בעסער אויסצופירן אלע פאראָרדנונגען האָט מען אויך געמוזט באשעפטיקן א גרויסן פּערסאָנאל. מען האָט גלייך צונויפגעשטעלט רשימות פון דער אידישער באפעלקערונג אין קאליש, דעם מאטעריעלן מצב פון יעדן איינעם איד, די צאָל קראנקע, אלטע, קינדער, האנטווערקער, דאָקטוירים, אדוואָקאטן א.א.וו. פון דעמאָלט אָן באווייזן זיך כסדר רשימות פון אידן, פון וועלכע מען פארלאנגט מלחמה־אנטשעדיקונגען אין פאָרם פון געלט און צירונג. מען האָט זייער אָפט גערופן פאָרשטייער פון יודענראט אין געסטאפּאָ אויף דער יאסנע גאס, וואו מען האָט זיי געמאָלדן וועגן פרישע פאראָרדענונגען. אָן אויפהער בארויבט מען אידישע געשעפטן און פאבריקן. דייטשן פארפולן די מאגאזינען פון ראטושהויז, אויף דער פּאָליציי און אנדערע פונקטן. פון דאָרט שיקט מען אוועק גאנצע וואגאָנען מיט אידישע פארמעגנס קיין דייטשלאנד.

אין דעם צושטאנד שטארבט אָפּ יעטוועדע ארבעט און יעדער האנדל. די רייכע אידן באהאלטן זייערע פארמעגנס וואו עס לאָזט זיך און אנטלויפן מיט דער האָפענונג, אז אין א צווייטער שטאָט וועט זיין בעסער. דער גרעסטער טייל פון דער אידישער באפעלקערונג זיינען אָבער דאָס רוב אָרעמע אידן, וועלכע האָבן גאָרנישט צו פארלירן. זיי בלייבן טאקע אויפן אָרט. די אָרעמע אידן פארלירן נישט דעם מוט און זיי זיינען פול מיט גלויבן, אז גאָט וועט זיי אויך איצט נישט פארלאָזן.

יעדן טאָג האָט מען פארלאנגט א געוויסע צאָל יונגע מענטשן צו דער ארבעט. די אידן האָבן זיך "געדעקט" און באהאלטן אין פארשידענע ערטער. דערפאר טאקע האָבן די דייטשן געמוזט דערגענצן דעם קאָנטיגענט דורך "כאפּן" אין די גאסן און "נעמען" פון די שטיבן. די ארבעט איז געווען פון אָט דעם מין: אידן האָבן געמוזט ליידיק מאכן אידישע געשעפטן, רוימען די גרוזעס, די קאזארמעס, די פּאָליציי און געסטאפּאָ־געביידעס און אויך ארבעטן ביים צוריק אויפשטעלן די פארניכטעטע בריקן. אָפט האָט מען געגעבן ארבעט ביים באגראָבן טויטע, וועלכע האָבן זייער סוף געהאט אויפן נייעם אידישן בית־עולם. דעם טעמפּאָ פון דער ארבעט האָבן די דייטשן אונטערגעהאלטן מיט דער הילף פון א קאָלבע, בייטש אָדער זייער אונטער־געקאָוועטן שטיוול. נאָך דער ארבעט האָט מען געמוזט אויסשטיין אלע מינים שיקאנעס און דערנידעריקונגען. איינמאָל נאָך דער ארבעט אין געסטאפּאָ האָט מען אונדז געהייסן שפּרינגען אויף אלע פיר און הויך בילן. א צווייט מאָל האָט מען געהייסן, אז מיר זאָלן זיך שלאָגן קעגנזייטיק מיט אלע כוחות. ווער עס האָט נישט געקענט אויספירן דאָס ווי געהעריק, האָט

באקומען א קלאפ מיט א דייטשער קאָלבע. איך געדענק די פארקרומטע פון שרעק פנימער פון צוויי אלטע אידן, וועלכע האָבן געמוזט לייגן זייערע גרויע קעפ אונטער די רעדער פון א דייטשן מלחמה־אויטאָ. אין דער אָנוועזנהייט פון א מחנה צעהוליעטע ס.ס. מענער האָט מען געלאָזן דעם מאָטאָר. איינער פון די אידן, מיינענדיק, אז דאָס איז שוין דער סוף פון זיין לעבן, האָט אויסגעשריגן "שמע ישראל", פארלוירן דעם באוואוסטזיין און געבליבן ליגן אין א שמוציקן רינשטאָק.

ענלעכע שיקאנעס האָבן געהאט אויסצושטיין די מיטגלידער פון יודענראט. צוליב דער דאָזיקער סיבה איז זייער שנעל פארקלענערט געוואָרן זייער צאָל. געבליבן זיינען נאָר די, וועלכע האָבן נישט געהאט קיין מעגלעכקייט צום אנטלויפן, ווי אויך די "דרייסטע", וועלכע האָבן צוליב פארשידענע טעמים געפונען אין דער אָט ארבעט א באפרידיקונג.

אין שטאָט ווערט אלץ ערגער און ערגער. די יוגנט זוכט וועגן דורך דער "גרינער גרענעץ". מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צוגעוואוינען צו אזעלכע בילדער ווי כאפן אויף ארבעט, אָדער אוועקפירן אין קעלער פון ראטוש, וואו מען פלעגט שלאָגן אויף אן אכזריותדיקן אופן. דער בונקער אין ראטהויז איז געוואָרן א שרעק־אָרט פאר די אידן. מען האָט דאָרט פארשלעפט אידישע יונגע פרויען, וועלכע האָבן זיך דאָרט געמוזט אויסטאָן נאקעט אין דער אָנוועזנהייט פון צעווילדעוועטע, שיכורע זשאנדארמען. אָנגעפירט מיט דעם האָט דער דעגענעראט און סאדיסט, דער בירגערמייסטער גראבאָווסקי. ער טראָגט טאקע די גרעסטע שולד פאר דער פארניכטונג פון די אידן אין קאלישער קרייז. ער איז געווען דער געטרייסטער און ראפינירטער אויספירער פון היטלערס־באפעלן. צו הילף האָט ער געהאט באאמטע פון פארשיידענער אָפשטאמונג.

יעדער טאָג האָט געבראכט נייע פאראָרדענונגען, פארשידענע אויסגעטראכטע מעשות. די אומלאָגישע נייעטן האָבן אָפט אריינגעבראכט א גרויסן טומל און פאניק אין אונזער לעבן. אין דער אָט פאניק איז עס טאקע די דייטשן געגאנגען. זיי אליין זיינען געווען פראָדוצענטן פון די אלע פאלשע קלאנגען. אָט צ.ב. אין אָנהויב נאָוועמבער האָט מען זיך אָנגעהויבן איבערגעבן א נייע ידיעה שטילערהייט, קיין דריטער זאָל נישט הערן, אז עס דארף געשאפן ווערן א געטאָ, וועלכער וועט ארומנעמען די גאסן: זשידאָווסקא, פ.אָ.וו., טשיאסנא און נאָווא. עס הויבט זיך אָן א וואנדערונג אין דעם נאָך נישט עקזיסטירנדן געטאָ... די "קליגערע" אידן האָבן געהאלטן, אז וואָס פריער מען וועט גיין אין געטאָ, אלץ בעסער וועט זיין. די כוואליע פון וואנדערונגען האָט זיך פארשטארקט. דעם 15־טן נאָוועמבער, ווען ס'איז פאָרגעקומען די ערשטע אויסזידלונג פון דער פילסודסקי און פולאווסקי־גאס. די "איבערגעזידלטע" האָבן באקומען עטלעכע מינוט אויף איינפאקן זייערע זאכן. אונטער א שטארקער עסקארטע זיינען זיי געוואָרן אוועקגעפירט אין קלויסטער. אין משך פון עטלעכע טעג האָט מען איבערגעזידלט אויף פריער באשריבענעם אופן נאָך עטלעכע הייזער פון פארשיידענע פונקטן פון דער שטאָט. ווען עס איז נאָך ארויס די פאראָרדענונג, אז מען זאָל טראָגן געלע בענדער, איז די כוואליע פון וואנדערונגען געוואָרן נאָך שטארקער.

## האלא טארגאָווא

דער 20־טן נאָוועמבער האָט מען אָנגעהויבן איבערזידלען גאנצע גאסן. צו דעם צוועק האָט מען געבראכט פון דער געגנט א פּאָר הונדערט זשאנדארמען. מיר האָבן באקומען עטלעכע מינוט אויף איינצופאקן די זאכן. אין א פּאָר מינוט ארום גייען מיר צו דריי אין א ריי אונטער אן עסקאָרטע פון עטלעכע באוואָפנטע זשאנדארמען.

מען האָט אונז אריינגעפירט אין דער "האלא טארגאָווא" (די האלע פון די ברידער שרייער). די האלע איז געווען ארומגעצוימט מיט דרייפאכע, שטעכיקע דראָטן. זי איז געווען איבערפולט מיט אן עולם פון עטלעכע טויזנט אידן. געלט און צירונג האָט מען אונז גלייך צוגענומען בעת דער רעוויזיע פון "געווער".



האלא טארגאָווא

דאָ אין דער האלע איז געווען א גיהנום נישט צו באשרייבן. ענגשאפט, געוויין פון קינדער, קרעכצן פון קראנקע און שטארבנדיקע האָבן זיך אויסגעמישט מיט די קולות פון די שיכורע זעלנער. מיר האָבן נישט געוואוסט וואָס מען וועט מיט אונז מאכן. מען האָט געשמועסט, אַז מען זאָל אונז באלד צו מאָרגנס שיקן אויף ארבעט קיין דייטשלאנד אָדער אין דער גענעראל־גוּבערניע. די מערער נערוועזע האָבן אויסגעזען דאָס ערגסטע און אריינגעבראכט א שרעקלעכע אויפרעגונג.

דאָס איז געווען די ערשטע גרעסטע אקציע און מיר האָבן געמיינט, אז דאָס איז שוין דאָס ערגסטע.

צומאָרגנס האָט מען סאָרטירט די ערשטע גרופן. מען האָט זיי אָפּגעפירט אונטער אַן עסקאָרטע אויף דער באַן־סטאַציע, אריינגעפּאקט אין וואַגאָנען, וועלכע זיינען געפאָרן אין דער ריכטונג פון ווארשע, זשעשאָוו און אנדערע שטעט פון גענעראל־גוּווערנאמענט. די האלעס זיינען אָבער נישט געוואָרן ליידיק, פון שטאָט האָט מען געבראכט נייע פּארטיעס אידן. צום סוף האָט מען שוין גאנצע גאסן געפירט דירעקט צו דער באַן. קיינער האָט נישט געקלערט צו פארבלייבן אין קאליש. א סך האָבן פּרובירט אנטלויפן אויף דער אייגענער האנט. מען האָט געוואָלט אוועק פון קאליש קיין ווארשע, זשעשאָוו אָדער אין אנדערע שטעט. מען האָט געגלויבט, אז אומעטום איז בעסער, אומעטום איז לייכטער ווי אין קאליש.

## דאָס אידישע שפּיטאָל

די שווער און אָנשטעקיק קראנקע, קאליקעס און אלטע האָט מען דערווייל נישט געקענט טראנספּאָרטירן. די דייטשע מאכט האָט דערלויבט זיי איבערלאָזן אין שפּיטאָל.

דאָס אידישע שפּיטאָל האָט שוין עקזיסטירט אין אָנהויב נאָוועמבער אין דער פריערדיקער געביידע אויף דער פּיסקאָזשעווסקיעגאָ גאס. דער ד״ר זייד האָט אויפגעשטעלט דאָס שפּיטאָל אויף א באפעל פון דייטשן קאָמענדאנט פון דער פּאָליציי און געזונטהייטסאמט.

די געביידע און אלע איינריכטונגען זיינען געווען פולשטענדיק רואינירט. דעם רעמאָנט האָבן אדורכגעפירט אידישע האנטווערקער: מאלער, טישלער, מאָנטערן און שלאָסער (בלאָך מיטן

זון, דער מאָנטער ווארשאווסקי א.א.). די ארבעט איז געגאנגען שנעל, די אידישע געזעלשאפט האָט צוגעהאָלפן דורך זאמלען געלט, וועש און געפעס. די מכשירים האָט מען צוגענומען ביי אידישע דאָקטוירים. אין דער ארבעט האָט זיך אויסגעצייכנט דער געוועזענער שפּיטאָל־ארבעטער קאהאנאָוויטש. ער האָט געבראכט בעטן פון דער גאנצער שטאָט און גליקלעך געווען ווען דאָס שפּיטאָל איז צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן.

ענדלעך האָט מען געעפנט דעם ערשטן זאַל. דאָס שפּיטאָל איז אָבער אין אָנהויב נישט געווען איבערפולט. אין די "הייסע" טעג האָט יעדער איינער געוואָלט האָבן דעם קראנקן אין שטוב, און זיין מיט אים צוזאמען אין יעדן פאל.

נאָך די ערשטע אויסזידלונגען ענדערט זיך די לאגע. די אידישע באפעלקערונג האָט דורכן אריינגעבן א קראנקן אין שפּיטאָל געהאט א מעגלעכקייט צו פארבלייבן א צייט אויפן אָרט. האָט מען טאקע געבראכט קראנקע פון אלע זייטן. עס זיינען פול געוואָרן די זאלן און אפילו די קארידאָרן.

מיט די קראנקע האָבן זיך פארנומען די דאָקטוירים: ד"ר זייד, ד"ר פלאָצקי, ד"ר לובעלסקי און ד"ר דבורה גראָס־שינאגלאָווא. די איבעריקע דאָקטוירים האָבן ארויסגעוויזן א קליינע פאראינטערעסירונג מיטן שפּיטאָל. א טייל איז געווען פארנומען מיט צוגרייטונגען צום אנטלויפן, די אנדערע האָבן מורא געהאט פאר יעדער פאראנטוואָרטלעכקייט.

דעם 20־סטן נאָוועמבער נאָכן אָפּפאָרן פון ד"ר זייד האָט די לייטונג פון שפּיטאָל איבער־גענומען ד"ר גראס שינאגלאווא. ס'האָבן מיט איר מיטגעארבעט ד"ר בעאטוס, ד"ר גאט און די ד"ר וואלאכאָוויטשאָווא. די לעצטע פארשוואונדן אָבער נאָך עטלעכע טעג ארבעט. דאָס שפּיטאָל עקזיסטירט א דאנק דער ענערגישער ד"ר גראָס־שינאגלאווא און א דאנק דער איבער־געבענער ארבעט פון פערסאָנאל, וועלכער איז באשטאנען און די קראנקשוועסטערס: לאָלא מארגוליעס (די קליינע לאָלא), האלא עליאשוויטש, העלענא שטאָרך, מאדזשיא גראָס, מאָניעק גראָס און אלעק בלאָך. אויף דער אָפּטיילונג פאר אָנשטעקיק־קראנקע האָבן ענערגיש געארבעט א. זשולטוווּנא און יעטקא קאָפּעל. יעדער איינער פון אונז האָט זיי אין דער ארבעט געהאָלפן. די באדינער האָבן אויסגעצייכנט אויסגעפירט זייערע פליכטן. דאָס זיינען פּיוול טשאפניק מיט זיין מוטער, וועלכער האָט געארבעט אין קיך, פרוי אָפּאָטשינסקא מיט דער טאָכטער, וורוב־לעווסקי מיט דער פרוי, דער שניידער צוקער און וואָלקאָוויטש.

טראָץ די שווערע באדינגונגען איז דאָס שפּיטאָל געווען מוסטערהאפט איינגעאָרדנט און א דאנק דעם געקענט אויספירן זיינע שווערע אויפגאבן אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

די סטאטיסטיק, וועלכע איך האָב געפירט, באווייזט, אז אין משך פון דער גאנצער צייט האָט דאָס שפּיטאָל באדינט 1000 מענטשן, מערסטנס שווער און אָנשטעקיק קראנקע. מ'האָט אדורכגעפירט א סך ערנסטע אָפּעראציעס, טויזנטער פארבינדונגען און וויזיטן. עס זיינען באדינט געוואָרן דורכן שפּיטאָל א גרויסע צאָל קימפעטאָרנס. אין דעם שפּיטאָל האָט מען געהיילט קראנקע פון די ארומיקע געטאָס און לאגערן. דער אָפּעראציע־זאל איז געווען גוט איינגעאָרדנט, די אַפּטייק גענוג רייך. די דייטשע מאכט האָט דערלויבט באשעפטיקן אין דער אַפּטייק אָן אריערין, א פארמאצעווטקע אויפן אָרט פון אונזער אפטייקער מ. גרין, וועלכער איז געוואָרן אריבערגעטראָגן אויף אָן אנדערן פּאָסטן, אין עטלעכע חדשים ארום האָט די ארבעט אין דער אפטייק איבערגענומען די סטודענטין סטעפא ליבערמאַן. זי האָט אויך געהאָלפן ביי אמבולאטאָריע־ארבעטן און ביי די קראנקע אויפן זאל.

א גרויסע באדייטונג האָט געהאט די לאבאָראטאָריע, וועלכע איז געוואָרן איינגעאָרדנט און אָנגעפירט דורכן אינזשיניער פון כעמיע א. שינאגיעל. ער איז אין אָנהויב אויך געווען א מיטגליד אין דער פארוואלטונג פון שפּיטאָל.

מיט די ווירטשאפטלעכע ענינים פון שפּיטאָל האָט זיך פארנומען סאטועל ארקוש. ער איז שפּעטער נאָמינירט געוואָרן אין עלטעסטנראַט. אין זיין ארבעט האָט אים געהאָלפן סענדער זיידל. די קיך און די וועשעריי האָט געפירט די פרוי ארקוש מיט דער הילף פון די פרויען אָפּאָטשינסקא מיט דער טאָכטער, פרוי פּיוועל און פרוי זיידעל.

מאטיס בערקע, רוסאק און קאָוואלסקי האָבן זיך פארנומען מיט באגראָבן די טויטע. זיי האָבן געהאט א סך ארבעט, ווייל אין אַנהויב איז געווען א גרויסע שטערבלעכקייט. פון דער "האלע" האָט מען געבראַכט שווער קראַנקע, וועלכע מ'האָט נישט געקענט טראַנספּאָרטירן. עס איז געווען א סך אַלטע פון זקנים־הויז און תלמוד־תורה. זיי האָבן אין די באַדינגונגען ארויסגעוויזן ווייניק אויסדויער.

די לוויות זיינען פאָרגעקומען אָן צערעמאָניעס מיטן אנטייל פון עטלעכע נאָר מענטשן.

דער שפּיטאָל איז געוואָרן א זעלבשטענדיקע אינסטאַנץ. אין א געוויסער מאָס איז עס געווען אומבארירלעך. די קראַנקע האָבן געזאָלט פארבלייבן אין שפּיטאָל ביז געזונט ווערן. אזוי ארום איז דאָס שפּיטאָל געוואָרן דער הויפּט־צענטער פון אידישן לעבן. א דאַנק דעם שפּיטאָל זיינען אין קאַליש געבליבן אין אָנהויב א פּאָר הונדערט יידן.

פון דער "האלע" האָבן מיר אָן אויפהער געבראַכט שווער קראַנקע און קינדער. אינגיכן זיינען פול געוואָרן אויך די שול ביים שפּיטאָל און אנדערע געביידעס. אין אלע געביידעס אינאיינעם האָט מען געקענט איינאָרדנען 150 פערזאָן. צוליב דעם האָט מען אלע איבעריקע: שווער קראַנקע, קאַליקעס און אלטע איינגעאָרדנט אין דער תלמוד־תורה (דאָס איז געווען א צאָל פון 350 פערזאָן). די לייטונג האָט איבערגענומען די פרוי ד"ר פעיגין־דאַנציגער, וועלכע האָט געאַרבעט דאָ פון די ערשטע טעג ביז דער ליקווידאציע. ס'האָבן איר געהאָלפן דער ענערגישער פעלטשער נוימאַן און די פלעגער: מ. גרין מיט דער שוועסטער האלא נאומבורג, אירקא ראָזענפעלד, פרוי סאָמאַטיצקא, דער טאַפּיצער פרידמן א. א. ס'האָבן איר אויך געהאָלפן אין דער ארבעט פיל אלטע מענטשן, מיט וואָס זיי זיינען נאָר געווען בכוח. די אדמיניסטראציע האָבן איבערגענומען: סאָמאַטיצקי, סקאָווראָן און ראָזענפעלד (מאַנופאַקטור).

מ'האָט דאָ אָרגאַניזירט א קיך, די ערשטע צייט אפילו א כשרה.

די אינסטיטוציע האָט געטראָגן דעם כאראַקטער פון א זקנים־הויז — אלטערסהיים, ווייל די מערהייט איינוואוינער איז באַשטאַנען פון זקנים און כראָניש־קראַנקע.

מ'האָט דאָ איינגעאָרדנט עטלעכע זאַלן פאַר קראַנקע און אַן אַמבולאַטאָריע. די ערנסט און אַנשטעקיק־קראַנקע האָט מען איבערגעשיקט אין שפּיטאָל.

די איבעריקע זקנים האָט מען איינגעאָרדנט אין געוועזענעם זקנים־הויז. ס'האָבן אָנגעפירט מיט אים: איזידאָר ווישניעווסקי (פאַבריקאַנט), לאנדאַן (גוטשטאַטס איידעם) און גוסטאַוו האַן, דער אָנפירער פון געוועזענעם יודענראַט. דאָס זקנים־הויז האָבן באוואוינט עטלעכע צענדליק אידן.

מיר האָבן אויך באקומען דאָס הויז נאָכן אידישן קינדערהיים. ס'האָבן דאָרט געוואוינט עטלעכע פאַמיליעס, מייסטנס די באַשעפטיקטע אין שפּיטאָל און אין תלמוד־תורה. ס'האָבן דאָרט אויך געוואוינט פרויען מיט קינדער.

דאָס יתומים־הויז האָט עקזיסטירט פון אָנהויב ביזן 18־טן סעפּטעמבער 1941 און איז די גאַנצע צייט נישט געוואָרן באַרירט. ס'האָט זיך געפונען ווי פריער ביי דער לאָדזשער שאָסיי און איז געווען אָנגעפירט דורך דער ענערגישער עלא.

געציילט האָט עס 20 קינדער. טראָץ די שווערע באַדינגונגען זיינען די קינדער געווען זייער ריין. די עלטערע קינדער האָבן זיך געלערנט. שפּעטער האָט מען עטלעכע פון זיי באַשעפטיקט ביי דער לאָפּאַטע און צום סוף אין די שניידער־ווארשטאַטן.

דערווייל זיינען די "האלעס" און די איבעריקע טיילן פון שטאָט שנעל ליידיק געוואָרן. די לעצטע טראַנספּאָרטן זיינען אוועק אין די ערשטע טעג פון דעצעמבער (דעם 8־טן דעצעמבער 1939). מיט דעם טראַנספּאָרט זיינען אוועק א סך זקנים און האלב קראַנקע פון דער תלמוד־תורה און פון שפּיטאָל. דאָס זיינען געווען די אזוי גערופענע "טראַנספּאָרט־פּאַיקע". דאָס אלף איז פאָרגעקומען נאָך אַן "אינספּעקציע" פון עטלעכע זשאַנדאַרמען.

מ'האָט אויך ליקווידירט דאָס זקנים־הויז (ארום 120 פערזאָן). אלע האָט מען אוועקגעשיקט קיין לאָכווו אונטער ווארשע. א צייט האָט מען פון זיי באקומען בריוו. דערנאָך האָט מען פון זיי קיין ידיעות נישט געהאַט.

## עלטעסטנראט

אין דער צייט פון אויסזידלונגען האָט דער יודענראט כמעט ווי נישט עקזיסטירט. ער איז זיך צעפאַלן אַ קורצע צייט פאַר די אויסזידלונגען, ווייל אַ גרויסער טייל פון די מיטגלידער איז אַנטלאָפן. אין דער אויסזידלונג האָט ער קיין שום ראָל נישט געשפּילט. די עטלעכע וואָס זיינען פאַרבליבן האָבן אויסגעפירט די אַרבעט פון קורירערן און פאַרבינדלער. פון גאַנצן יודענראַט איז געבליבן נאָר האַן — דער עלטעסטער יודע. ער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע צווישן די דייטשן. זיי האָבן געהאַט צו אים גרויס צוטרוי. נאָכן אַנטלויפן פון אַנדערע אידישע פאָרשטייער האָט ער אויסגעפירט די אַרבעט פון אַ פאַרבינדלער און עלטעסטן יודע. אחוץ האַנען האָט געאַרבעט אַקטיוו בעת די ערשטע אויסזידלונגען לאַנדאַו. ער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטשאַפט צווישן די זשאַנדאַרמען, ווייל שוין אין אָנהויב סעפּטעמבער איז ער געכאַפּט געוואָרן אַלס "ציווילגעפאַנגענער" און אַרומגעפירט געוואָרן איבערן רייך. בעת די אויסזידלונגען האָט ער געהאַט רעכט צו באַוועגן זיך איבער דער שטאָט. ער האָט דערליידיקט אַ סך ענינים אין צוזאַמענהאַנג מיט דער אַקציע. ער האָט גוט געקענט דאָס אידישע לעבן אין קאַליש. אַ דאַנק זיין קלוגשאַפט האָט ער געהאַט אַ גוטן שם ביי די דייטשן און ער איז אויך געווען אַן אויטאָריטעט ביי די אידן. די צוויי אויבנדערמאָנטע אידן און אויך דער פאַבריקאַנט איזידאָר ווישניעווסקי, דער איידעם פון בן ציון וואַרטסקי האָבן זיך נאָך דער ליקווידאַציע פון זקנים־הויז און נאָך די לעצטע אויסזידלונגען געווענדעט צו דער מאַכט מ׳זאָל זיי באַשטעטיקן אַלס עלטעסטנראַט.

די פונקציע האָט מען איינגעטיילט אויף דעם אופן: ווישניעווסקי האָט איבערגענומען דעם אַפּראָוויזאַציע־רעפעראַט, לאַנדאַו — די פּאָליציי־ענינים, האַן, אַלס עלטעסטער יודע, האָט איבערגענומען די געסטאַפּאָ־ענינים, סאַמועל אַרקוש, דער געוועזער שפּיטאָל־אינטענדענט, איז געוואָרן זייער סעקרעטאַר.

וואָס עס וועט מיט אונז זיין איצט, האָבן מיר נישט געוואוסט. מיר האָבן גערעכנט, אַז נאָך דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון שפּיטאָל און פון דער תלמוד־תורה ,וועלן אויך מיר, דער פּערסאָנאַל און אונזערע פאַמיליעס, ווערן איבערגעזידלט אין גענעראַל־גאָווערנעמענט. עס איז אָבער געשען אַנדערש. די ליקווידאַציע אין דער אַקציע פון "יודנריייניקונג" איז אָפּגעשטעלט געוואָרן. פאַקטיש איז קאַליש געווען אָן אידן אין די אידישע קוואַרטאַלן. אין וואַרשע, זשעשאָוו און אין אַנדערע שטעט פון גענעראַל־גוווערנעמענט זיינען געווען איבערפולט און נישט געקענט אויפנעמען קיין פרישע „איבערזידלטע". וואַרשיינלעך זיינען זיי נישט געווען אָרגאַניזירט.

צוליב די סיבות האָט מען געמוזט שאַפן אין וואַרטעגאַו עטלעכע אַרבעטס־לאַגערן פאַר די איבערגעבליבענע אידן. אזוי אַרום ווערן אין דעצעמבער 1939 און אין די ערשטע חדשים פון 1940 אָרגאַניזירט יודענלאַגערן אין וואַרטאַ, טורעק און זדונסקא־וואָלא, וועלכע האָבן קאָנצענטרירט אַ פּאָר טויזנט אידן פון קליינע שטעטלעך. אַ גרעסערער יודנלאַגער (2,500 פּערזאָן) אין געשאַפן געוואָרן אין קאָזשמינעק — באַרוהאַגען. ס׳האָבן זיך דאָ געפונען אידן פון סטאַווישין, דאָבראַ און פון אַנדערע שטעט. אָנגעפירט מיטן לאַגער האָבן האַפּטקאַ, דודעק, קנאָפּ (פּרעזעס) ווילטשינסקי און ראַט. די מעדיצינישע הילף האָט איבערגענומען דער פעלדשער גושמילאָס און שפּעטער ד"ר שילים. דער דאָקטאָר שילים איז געווען אַ דייטשער פּליט פון 1938 יאָר. צוליב פּריוואַטע אַנטאַגאָניזמען האָט אים דער אַלטער יודענראַט נישט געוואָלט טאָלערירן.

דער לאַגער האָט געהאַט אַ געוויסע זעלבשטענדיקייט, ער איז אָבער געווען אונז אונטער־טעניק אין אַלע הינזיכטן. מיר זיינען געווען קלענער אין צאָל, אָבער מיר זיינען געווען דער וויכטיקסטער אַדמיניסטראַטיווער און ווירטשאַפטלעכער צענטער. אַ דאַנק אונזער שפּיטאָל זיינען מיר געווען דער וויכטיקסטער צענטער אויפן גאַנצן קאַלישער ראַיאָן. דערפאַר טאַקע האָט זיך מיט אונז אינטערעסירט די מאַכט און דער דייטשער קרייז־דאָקטאָר קאַרך, וועלכער איז זייער אָפט געקומען צו אונז אויף אינספּעקציעס. אַ דאַנק די באַציאונגען פון דעם לייטער פון שפּיטאָל האָבן מיר באַקומען גרויסע צוטיילונגען פון לעבנסמיטל, מעדיקאַמענטן און אויך אַ דערלויבעניש איבערשיקן אונזערע קראַנקע אין שטאָטישן שפּיטאָל אויף רענטגען, אָדמע א.ד.ג.

אָנהויב פרילינג איז אין קאָזשמינעק אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון בויך־טיפוס. ד״ר גראָס־שינאגעל האָט אָרגאַניזירט אַן ענערגישע אַקציע צו באַקעמפן דעם טיפוס. עטלעכע טויזנט פּערזאָנען פון די נאָענטע לאַגערן האָבן באַקומען איינשפּריצונגען קעגן טיפוס. אויף דעם אופן האָבן מיר איינגעהאַלטן דעם גאַנג פון דער קראַנקייט. אַלע קראַנקע און פאַרדעכטיקטע האָבן מיר איזאָלירט. אין דער צייט האָבן מיר פאַרגרעסערט די אָפּטיילונג פאַר אָנשטעקיק קראַנקע.

גאַנץ קאַליש איז שוין געווען יודענריין. עקזיסטירט האָט נאָר דאָס שפּיטאָל וועלכער האָט באַדינט די לאַגערן פון דער גאַנצער געגנט. דאָס שפּיטאָל איז טאַקע געווען דער איינציקער אָרט, דער איינציקער צענטער, וועלכער האָט געקענט אַרויסבאַקומען פון דער מאַכט פאַרשידענע הנחות. מיר האָבן טאַקע צו פאַרצייכענען דערגרייכונגען. צ.ב. מיר האָבן געפּייערט פּסח כמעט ווי אין נאָרמאַלער צייט. מ׳האָט אין דער בעקעריי פון העלפגאָטן געבאַקן פאַר אונז א גאַנצע וואָך מצות.

פרילינג און זומער זיינען צוריקגעקומען פון די לאַגערן קיין קאַליש די אידישע געפאַנגענע. די צאָל אידן אין קאַליש איז געוואַקסן ביז 750 פּערזאָן. ס׳זיינען צוריקגעקומען: יולעק וואָלקאָוויטש, שמולעק ראַקאָווסקי, פּרעגער, משה דזשיאַלאָשינסקי, מ. מאָשקאָוויטש, העניעק ברענער, העניעק בלאַשקאָווסקי, אַדאָלף בלאָך, לייב בייראַך, יוסף דימענט, אברהם הירשביין, עפּשטיין און שמולעק עליאַשעוויטש, דער קראַנקן־פלעגער פון אַמאָליקן אידישן שפּיטאָל. מיר האָבן געהאַט פון אים גרויס נוצן, ווייל די צאָל קראַנקע האָט זיך צו יענער צייט שטאַרק פאַרגרעסערט.

קיין קאַליש זיינען צוריקגעקומען צו זייערע פאַמיליעס אידן פון קאָזשמינעק, וואַרטע און זדונסקע־וואָלע. אונזער עלטעסטנראַט האָט זיך געווענדעט צום אָרטיקן אַרבעטס־אַמט וועגן באַשעפטיקן די אַלע יונגע, פרישע אָנגעקומענע מענטשן. דאָס באַשעפטיקן זיי האָט זייער פאַרשטאַרקט אונזער פּאָזיציע, ווייל מיר זיינען דערמיט געוואָרן א פּראָדוקטיווער עלעמענט.

דער יודענלאַגער (באָרנהאַגען) קאָזשמינעק טוט נאָך אונזער ביישפּיל און שיקט איבער קיין אָפּאַטאָוועק — „אָפּאַטענפעלדע״ העכער הונדערט מענטשן. מ׳שאַפט דאָרט א נייעס אַרבעטס־לאַגער. אין עטלעכע וואָכן אַרום ווערט געשאַפן א לאַגער פון 130 מענטשן אין סטאַווי — ״טייכע״.

גלייך נאָך פּסח איז אַרויס א נייע פאַראָרדנונג, וועלכע האָט פאַרפליכטעט די אידן צו טראָגן דעם דאַווידשטערן (מגן־דוד). ער דאַרף האָבן 6 שפּיצן אין א דיאַמעטער פון 15 צמ. אינמיטן דאַרף זיין אַן אויפשריפט ״יודע״. די שטערנס דאַרפן זיין פעסט אָנגענייט אויפן אויבערשטן טייל פון דער קליידונג, איינער דאַרף זיין אָנגענייט אויף דער רעכטער ברוסט, דער צווייטער אויף דער הויך פון דער רעכטער לאָפּאַטקע.

## דער יודענלאַגער

אין יוני 1940 האָט די פאַרוואַלטונג פון דער תלמוד־תורה באַקומען א פאַראָרדענונג צו פאַרלאָזן דאָס הויז און איבערגיין אין הויז פּ.א.וו. נר. 13 וואו ס׳האָט זיך ביז נישט לאַנג געפונען די פאַבריק פון שפּיצן. דאָס הויז איז נישט געווען צוגעגרייט אונז אויפצונעמען, די גרעסטע טייל דירות זיינען געווען דעמאָלירט, אין א טייל פון די זאַלן זיינען נאָך געווען מאַשינען. די לאַגע איז געווען זייער טרויעריק. מיט געמיינזאַמע כוחות, אַריינלייגנדיק פיל מי און ענערגיע איז אונז געלונגען ברענגען אין אָרדענונג דאָס הויז אין משך פון די באַשטימטע טעג. אין משך פון די 3 טעג האָבן מיר זיך איבערגעצויגן אין אונזער נייער וואוינונג. די תלמוד־תורה, וועלכע איז געווען פולשטענדיק רעמאָנטירט, איז געווען פאַרנומען דורך די אָפּטיילונגען פון ווירטשאַפטס־אַמט. אין א פּאָר טעג אַרום האָט דער שפּיטאָל און די אייוואַוי־נער פון קינדערהיים באַקומען א באַפעל אַריבערקלייבן זיך אין הויז אויף שאָפּענא 4 (וול. יאַזשאַטבקאָ). עס איז געווען א שאָד צו פאַרלאָזן דאָס גוט איינגעאָרדנטע שפּיטאָל. מיר האָבן באַקומען צוויי טעג צייט אויף צו פאַרלאָזן דאָס הויז. די קראַנקע זיינען נאָך געלעגן אין די זאַלן, ווען די פלייסיקע אַרבעטער פון אַרבעטסאַמט האָבן אָנגעהויבן פונאַנדערצונעמען דעם

דאך. אין עטלעכע וואכן ארום האט מען אנגעהויבן פונאנדערצונעמען די "אלטע שול" און די "דייטשע שול". מ'האט אויך גענומען פארניכטן דעם אלטן אידישן בית־עולם. די מצבות האבן די דייטשן אויסגענוצט אלס גוטן בוי־מאטעריאל צו ברוקירן די גאסן און צום בוי פון די בונקערס. מיט דער פארניכטונג פון שפיטאל איז פונאנדערגענומען געווארן די מקוה און די איבעריקע איינריכטונגען פון דער קהילה.

מיט גרויס מי איז אונז געלונגען ארגאניזירן א נייעם שפיטאל. דער שפיטאל איז געווען קלענער און אן אן אפעראציע־זאל. עס איז שוין אבער אומנויטיק געווען א גרויס שפיטאל, ווייל א טייל קראנקע זיינען געזונט געווארן און א טייל כראניש קראנקע און זקנים האבן זיך צוריקגעקערט צו זייערע פאמיליעס. דער שפיטאל האט איצט באדינט די קראנקע פון די ארומיקע לאגערן, וועלכע זיינען געקומען אויף לענגערע קוראציעס. מייסטנס האבן מיר געהאט פאלן פון אנשטעקיקע קראנקייטן אדער כירורגישע אפעראציעס. ס'זיינען געווען פאלן פון בויך־טיפוס, שווינדזוכט און אנדערע קראנקהייטן. די עפידעמיע פון בויך־טיפוס איז אונז געלונגען צו באקעמפן א דאנק די איינשפריצונגען, וואס מיר האבן אדורכגעפירט 2 מאל אין יאר.

יעדן טאג גייען איצט עטלעכע צענדליק אידן אויף ארבעט אין ארבעטסאמט. זיי ארבעטןביים איינלייגן אלטע הייזער, ביים בויען וועגן אונטער דער שטאט, ביים פארשיטן דעם צופלוס פון טייך פראסנא (פון טעאטער דורכן פארק און באבינא־גאס ביז דער וואדנע). עטלעכע שאפערן, מעכאניקער און שלאסער באקומען ארבעט אין דער פאליציי און געסטאפא. דאס זיינען מאניעק ליפנסקי, שמולעק ראקאווסקי, העניעק ברענער, בובי האן, לעאן פייגין און אהרן ווינטער. אין די שניידער־ווארשטאטן ביי דער פאליציי ארבעטן אונזערע שוסטער און שניידער בערעק גראס, זעליק גראס, אפאס, צוקער, שילער און זלאטניק. דער זייגערמאכער טאניעק פויארא האט באקומען ארבעט אין דער שטאט ביי אן אוקראינער. דער אוקראינער האט באקומען אויף דעם א דערלויבעניש פון פויזן. די מאלער בלאך סעניאר, מענדל בלאך און אדאלף בלאך האבן באקומען ארבעט אין דער קאזארמע און אין דער פאליציי.

אין משך פון זומער פארלירט אונזער לאגער דעם כאראקטער פון שפיטאל און פון זקנים־הויז. ער באקומט דעם אויסזען פון א געוויינלעכן יודענלאגער און ער ווערט וואס אמאל שטרענגער אנגעפירט דורכן עלטעסטנראט. דאס שפיטאל איז אראפ אויפן צווייטן פלאן. אונזער נייער שילד איז איצטער "די ארבעטס־קאלאנע".

דער ארבעסטאמט האט געמאכט דעם איינדרוק ווי ער וואלט געווען צופרידן פון די עטלעכע צענדליק ארבעטער און ספעציאליסטן, וועלכע ער האט באקומען אלע טאג צו זיין דיספאזיציע. פאר 8 ביז 10 שעה ארבעט א טאג האט מען באלוינט מיט זייער אן ארעמער באשפייזונג און מיט 50 פעניג.

דער ארבעטסאמט האט רעדוצירט דעם שפיטאל־פערסאנאל ביז א מינימום און האט זיך נישט גערעכנט מיט זיינע אלע באדערפענישן. דעם פערסאנאל האט מען אויסגענוצט צו אנדערע מער פראדוקטיווע ארבעטן. די לייטונג פון שפיטאל איז שטענדיק נאכגעקומען די פארלאנגען פון עלטעסטנראט און באגרענעצט די צאל ארבעטער און צוטיילונגען. דאס איז דאך געווען געטאן פארן וואויל פון אלע. ס'זיינען אבער געווען צייטן, מייסטנס פרילינג און הארבסט־צייט, ווען ס'איז געוואקסן די צאל קראנקע. דער פערסאנאל, וועלכער איז באשטאנען פון דריי קראנקן־פלעגער און דריי באדינער האט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט דער ארבעט, אבער אונזער סעקרעטאר, דער יודענבעטרויער פאר די ענינים פון ארבעטסאמט און דער אלמעכטיקער האן, האבן זיך מיט דעם נישט גערעכנט. זיי האבן איבערגעלאזט איין קראנקן־פלעגערן צו דער באדינונג פון די קראנקע און פון דער אמבולאטאריע (כאטש מ'האט זיך דעמאלט נאך געקענט דערלויבן אויף א גרעסערן פערסאנאל). זיי האבן געהאלטן, אז די דאקטארן קען גיין ארבעטן ביי די קוילן אדער ביי דער לאפאטע. אין א יאר ארום, ווען אונזער סיטואציע האט זיך זייער פארערגערט און יעדער ארבעטנדיקער האט געקענט דעצידירן וועגן אונזער פארבלייבן אין קאליש, האט זיך די פרוי ד"ר גראס־שינאגיעל אליין געמאלדן צו דער ארבעט אין די שניידער־ווארשטאטן. די קראנקע האט זי געהיילט אין די אוונטן.

# Rozporządzenie

## z dnia 14 listopada 1939 r.

Znaczne niedomagania w życiu publicznym obszaru administracyjnego Prezydenta Regencji w Kalisch (w Kaliszu) skłaniają mnie do wydania dla obszaru administracyjnego Prezydenta Regencji w Kalisch (w Kaliszu) następującego rozporządzenia

§ 1

Jako oznakę szczególną noszą żydzi bez względu na wiek i płeć na prawem ramieniu bezpośrednio pod pachą opaskę szerokości 10 cm koloru żydowsko-żółtego

§ 2

Na obszarze administracyjnym Prezydenta Regencji w Kalisch (w Kaliszu) żydom nie wolno bez mojego szczególnego zezwolenia opuszczać swego mieszkania w czasie od godziny 17-ej do 8-ej.

§ 3

Kto wykracza przeciwko niniejszemu rozporządzeniu, podlega karze śmierci. Jeśli zachodzą okoliczności łagodzące, to może być orzeczona kara pieniężna w nieograniczonej wysokości lub kara więzienia, każda z nich oddzielnie lub obie łącznie.

§ 4

Rozporządzenie niniejsze, prócz postanowienia paragrafu pierwszego, wchodzi natychmiast w życie, a paragraf pierwszy z dniem 18 listopada 1939 r.

Łódź, dnia 14 listopada 1939 r.

**Prezydent Regencji w Kalisch (w Kaliszu)**
**Uebelhoer**

פאראָרדענונג פון דער דייטשער מאַכט
אין קאליש וועגן אָנטאָן די געלע לאַטע



דאָס זינען אַלץ קלייניקייטן אין פאַרגלייך מיט דער טראַגעדיע, וועלכע מיר האָבן איבערגעלעבט. איך דערמאָן עס נאָר דערפאַר, ווייל איך וויל באַלויכטן די באַציאונגען, וועלכע האָבן געהערשט אין אונזער ענגן קרייז. איך וויל אונטערשטרייכן דעם אַנטאַגאָניזם, וועלכער האָט געהערשט פון אָנהויב צווישן אונזער שפּיטאָל און דעם עלטעסטנראַט. אין אָנהויב האָט עקזיסטירט נאָר אַ ריוואַליזאַציע. דער עלטעסטנראַט האָט געוואָלט קאָנצענטרירן די "גאַנצע מאַכט" אין זיין האַנט און אַלץ זיך אונטערטעניק מאַכן. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן באַקעמפן און שיקאַנירן די אַרבעטער פון שפּיטאָל און די דאָקטוירן. זיי האָבן אונז פאַררעכנט צו דער קאַטעגאָריע פון „נישטפּראָדוקטיווע", פאַרקלענערט אונז די לעבנסמיטל־נאָרמע. מ'האָט אונז נישט אויסגעצאָלט די 50 פּעניג לוין טעגלעך. צו אונזער אַרבעט האָבן זיי זיך באַצויגן ווי צו אַן איבעריקן און אומנויטיקן באַלאַסט. דער לייטער פון שפּיטאָל האָט געמוזט קעמפן פאַר יעדער קלייניקייט, פאַר יעדן קראַנקן, פאַר יעדן באַפרייאונג פון דער אַרבעט.

נאָך ערגער האָט מען זיך באַצויגן צו דעם זקנים־הויז און צו דער לייטערין ד"ר פייגין־דאַנציגער מיטן גאַנצן פּערסאָנאַל. זיי האָבן געאַרבעט איבער די כוחות. איך מוז דאָ דערמאָנען דעם פעלדשער ניימאַן, וועלכער האָט טראָץ זיין עלטער געמאַכט באַנדאַזשן און אַרויסגעריסן ציין מיט אַן אויסערגעוויינלעכער געשיקטקייט. ער האָט געהאַט פּאַציענטן נישט נאָר צווישן אונזערע מענטשן, נאָר אויך אין דער שטאָט. אָט די אַרבעט האָט אים אויך נישט געשטערט צו פירן דעם איינציקן פריזירער־אַנשטאַלט (דער פריערדיקער פריזירער לייב לובעלסקי איז געוואָרן צוגעטיילט צום אַרבעטס־באַטאַליאָן).

אונזער לעבן האָט זיך אָנגעהויבן סטאַביליזירן. מיר האָבן געהאַט דעם איינדרוק, אַז מ'וועט אונז אַזוי לאָזן לעבן ביזן סוף מלחמה. אונזער לאַגער איז באַשטאַנען פון פאָלגנדע הייזער — פ.א.וו. 18 זקנים־הויז, פ.א.וו. 16 און 18 — די הייזער וועלכע מיר האָבן באַקומען פאַר די אַרבעטער, פריערדיקע אַרבעטער פון שפּיטאָל, תלמוד־תורה און קינדערהיים. דאָס הויז אויף שאָפּענע 4 איז געווען פאַרנומען דורכן שפּיטאָל, דאָס יתומים־הויז האָט זיך געפונען ביים לאָדזשער שאָסיי.

אין הויז נומער 16 האָט מען געשאַפן אַ קאַנטין. מ'האָט דאָרט געקענט באַקומען פאַרשידענע קלייניקייטן, אויסער די קאַרטן. מ'האָט דאָרט אויך באַקומען אונזערע צוטיילונגען. דאָס איז פאַר אונז געווען אַ גרויסע פאַרלייכטערונג, ווייל מיר האָבן נישט געטאָרט אַרויסגיין אין שטאָט אָן קיין ספּעציעלע דערלויבעניש. אַלע אַמטלעכע און אַפּראָוויזאַציע־ענינים האָבן דערליידיקט די מיטגלידער פון עלטעסטנראַט און די שיקיינגלעך (סענדער זיידל און די ברידער שפּרינגער). פאַר אַרויסגיין אין שטאָט אָן דערלויבעניש האָט געדראָט אַ גרויסע שטראָף. נישט געקוקט דערויף זיינען אַ סך פון אונז געגאַנגען אין שטאָט (אָן די מגן־דודס, כדי עפּעס צו פאַרדינען), אָפט זיינען אויך צו אונז געקומען פּאָליאַקן צו גאַסט אָדער געשעפטלעך, אין האַנדלס־ענינים. אויך דאָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. דער טויער איז אָבער נישט געווען באַוואַכט און די דרייסטע האָבן ריזיקירט.

די טעג זיינען שנעל געלאָפן ביי דער אַרבעט. וועגן קולטור־אונטערנעמונגען איז קיין רייד נישט געווען. ערשטנס איז דאָס געווען אוממעגלעך אין אונזערע באַדינגונגען און צווייטנס האָט אונז געשטערט אין דעם די שרעק און אומזיכערקייט נישט נאָר פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג, נאָר פאַר דער קעגנוואַרט. נייע פאַראָרדנונגען, באַגרענעצונגען, אינספּעקציעס, קאָמיסיעס און רשימהס האָבן אונז פאַרסמט דאָס לעבן, ווייל זיי האָבן קיינמאָל נישט געבראַכט קיין גוטס.

אין יוני 1940 זיינען מיר באַאומרואיקט געוואָרן פון אַ נייעם וויזיט. פאַרן טויער פון שפּיטאָל האָבן זיך פאַרהאַלטן צוויי עלעגאַנטע אויטאָס, פון וועלכע ס'איז אַרויס גראַבאָווסקי, דער געוועזענער בירגערמייסטער פון קאַליש און איצטיקער לייטער פון געזונטהייטסאַמט מיט עטלעכע מונדורירטע געסטאַפּאָווצעס. זיי זיינען געגאַנגען איבער די זאַלן און באַטראַכט אַלע קראַנקע. ביי די נעמען פון די קראַנקע האָבן זיי געשריבן פאַרשידענע באַמערקונגען. נאָך דער אינספּעקציע האָבן זיי מיט אַן אויסערגעוויינלעכער העפלעכקייט דערקלערט דעם דאָקטאָר און די מיטגלידער פון עלטעסטנראַט, אַז צוליב דער צו גרויסער קאָנצענטראַציע פון קראַנקע, וועט מען מוזן אַ טייל פון זיי איבערשיקן אין אַנדערע שטעט. דאָרט ווערן פאַר זיי איינגעאָרדנט

ספעציעלע שפיטאַלן און סאַנאַטאָריומס. דערפאר אָבער וואס די צאָל ערטער איז א באַגרענעצטע און די קאָסטן גרויסע, וועט מען איבערשיקן נאָר די זקנים און די כראָניש קראַנקע. זיי קומט אין דער ערשטער ריי דער אָפּרו. נאָר די מערהייט האָט אָבער געהאַט שלעכטע פאַרגעפילן. עס האָט געהערשט א שווערע, געדריקטע שטימונג אזוי ווי אלעמאָל נאָך דעם וויזיט פון געסטאַפּאָ.

אין עטלעכע טעג ארום איז שטיל געוואָרן און דאָס לעבן איז געגאַנגען ווי פריער.

אין משך פון דעם יאָר איז פאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל ארבעטנדיקע ביז העכער 120 מענטשן. ארבעטן האָבן געמוזט אלע פון 13 ביז 65 יאָר. די גרעסטע צאָל מענטשן זיינען געווען באַשעפטיקט ביי דער לאַפּאַטע. ס'זיינען געווען א סך באַשעפטיקונג אלס שניידער, שוסטער, מאָנטערן און שאָפערן אין דער פּאָליציי. די רעשט האָט געארבעט וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. מיר האָבן געהאַט עטלעכע אויסגעצייכנטע פאַכלייט, וועלכע האָבן זייער אָפט געארבעט אין שטאָט ביי באַאמטע, זשאַנדאַרמען און געסטאַפּאָ־לייט. דער עלטעסטנראַט האָט אויף אַזאַ אופן געהאַט א געלעגנהייט צו ווערן באַקאַנט מיט פאַרשידענע "שישקעס". טיילמאָל איז געלונגען ארויסצובאַקומען פון אַזאַ "בלאַטירטן שקאָף" פאַרשידענע נייעס, וועלכע האָבן געהאַט א שייכות מיט אונזער לאַגער. אזוי ארום זיינען מיר פון פאַראויס געווען אינפאָרמירט וועגן רעוויזיעס, פאַראָרדענונגען און אַנדערע שלעק. א סך מאָל איז אונז א דאַנק דער פּראָטעקציע ביי די "שישקעס" געלונגען צו ענדערן א סך פאַראָרדענונגען איידער זיי זיינען אריין אין לעבן. אין דער הינזיכט האָט מען א סך צו פאַרדאַנקען דעם מיטגליד פון עלטעסטנראַט ווישניעוועסקי, וועלכער האָט געפונען א וועג צום בירגערמייסטער פּעטזועל. ס'איז אים געלונגען צו געווינען פאַר זיך דעם פּאָליציי־שעף מאַיאָר קראַוז און דעם לייטער פון ווירטשאַפטסאַמט. האַן אליין האָט אויך געהאַט גרויסע פאַרדינסטן אין דעם געביט. ער האָט "בלאַטירט" דעם געסטאַפּאָ־שעף שענראַגען. שענראַגען האָט טאַקע א דאַנק אים געענדערט זיין ספּעציעל שלעכטע באַציאונג צו אידן און האָט שפּעטער אָפט אינטערווענירט אין אונזערע ענינים. ער איז אויף אזוי פיל ווייכער געוואָרן, אַז מיר האָבן אים געהאַלטן פאַר א "גוטן".

דאָס אַלץ האָט געקאָסט א מאַסע געלט און מתנות. מ'האָט די דייטשן נישט געקענט זאַט מאַכן. מ'האָט זיי אזוי צוגעוואוינט צו נעמען, אַז זיי האָבן קרום געקוקט ווען מ'איז צו זיי געקומען מיט ליידיקע הענט. א שאָד נאָר, וואָס האַן האָט געהאַט אַזאַ צוטרוי צו די דייטשן. טראָץ זיין איבערשפּיצטקייט איז ער געווען נאַריש און געהאַט גרויס איינרעדעניש. ער האָט געהאַלטן זיך שרעקלעך גרויס און איז געווען צופרידן ווען דייטשן האָבן אים גערופן "יודען־קעניג". אָדער דער "איינציגע אָנשטענדיקע יודע". א.א.וו.

## דער בוכהאַלטער שמואל ארקוש

דער געוועזענער אינטענדענט פון שפּיטאָל, שפּעטערדיקער סעקרעטאַר פון יודענראַט און יודענבעטרויער פאַר די ארבעטסאַמט־פראַגן איז געווען זייער ראַפינירט און כיטרע. ער איז אויך געווען מער געבילדעט ווי די איבעריקע מיטגלידער פון יודענראַט. אויבערפלעכלעך האָט זיך באַקומען דער איינדרוק, אַז ער האָט א קליינע באַדייטונג אין יודענראַט.

אין דער אמתן אָבער האָט ער געהאַט א גרויסע ווירקונג אויף זיינע חברים א דאַנק זיין אויסערגעוויינלעכער אָריענטאַציע און שאַרפן שכל. ער האָט געקענט אויסנוצן יעדע געלעגנהייט אדורכצופירן זיינע באַשלוסן. ער האָט זיך אָבער ווייניקער געוואָרפן אין די אויגן ווי די אַנדערע, ער איז געווען אויסערלעך אָפּהענגיק פון די "העכערע" אזוי, אַז די געזעלשאַפט האָט אים ווייניקער געהאַסט. ער האָט אָבער געהאַט א שם פון א האַרטן און כיטרען מענטשן.

דער פאַבריקאַנט איזידאָר ווישניעוועסקי (בן ציון וואַרטקיס אידעם), וועלכער איז פריער געווען דער לייטער פון זקנים־הויז, דערנאָך פון דער תלמוד־תורה, האָט שפּעטער איבערגענומען דעם ווירטשאַפטסאַמט־רעפעראַט און דעם דערנערונגסאַמט. ער איז געווען אינטעליגענטער און געבילדעטער פון זיינע חברים. ער איז געווען שרעקלעך נערוועז און דערביי פּרימיטיווער און ווייניקער קאָמפּליצירט. ער האָט אָבער א סך אויפגעטאָן א דאַנק זיינע באַקאַנטשאַפטן צווישן

די גרעסערע "שישקעס" אין דער דייטשער אדמיניסטראציע. די אידישע געזעלשאפט האָט אים ווייניקער געהאסט ווי זיינע איבעריקע חברים.

דעם זומער האָט מען געשאפן ביים שפיטאָל א דענטיסטישן קאבינעט. מיר האָבן פון אים געהאט גרויס נוצן. צוליב דעם פעלן פון וויטאמינען און פון אנדערע באשטאנדטיילן פון דער דערנערונג, האָבן אלע געליטן אויף צאָן־ווייטיק. צוויי מאָל אין וואָך איז צו אונז געקומען פון שטאָט א דענטיסקע אן אריערין (מיט א דערלויבעניש פון דער מאכט). אלס אן אסיסטענקע האָט ביי אונז געארבעט זאָשא פרוינד. אין דער צייט פארגרעסערט זיך די כעמישע לאבאָראטאָריע ביים שפיטאָל. דער לייטער איז געווען דער אינזשיניער פון כעמיע ארטור שינאגעל. אונזערע סאניטארע צוטיילונגען האָט מען כסדר פארקלענערט. קראנקע איז אָבער געווען וואָס מערער. ס׳זיינען צו אונז געקומען קראנקע אפילו פון טורעק, זדונסקא־וואָלע, ווארטע און וויעלון. צוליב דעם האָט מען אין אונזער לאבאָראטאָריע אָנגעהויבן אויסצוארבעטן מעדיקאמענטן, מערסטנס איינשפריצונגען, וועלכע ס׳איז געווען שווער צו באקומען: קאמפאָר, קאָפעין, סטריכנין, לעבער־עקסטראקטן, זאלץ אויף איינשפריצונגען אונטער דער הויט א.א.

הארבסט־צייט אין 140טן יאָר האָט מען געשאפן ווארשטאטן אויף צו ארבעטן האָלץ־זוילן. ס׳האָבן ביי אונז געמאכט באשטעלונגען א סך פירמעס פון קאליש און פון דער געגנט. דעם ווארשטאט האָבן געגרינדעט די ברידער אברהם, בערעק און נאטעק הירשביין.

די יום־טובים האָבן מיר אלע מאָל פארבראכט געגנוג פייערלעך. צ. ב. ראש־השנה און יום־כפור האָט מען געמיינזאם געדאוונט, אינטערעסאנט, אז דער געוועזענער חזן האָט נישט געוואָלט זיין דער בעל־תפילה, כאָטש מ׳האָט אים שטארק געבעטן. מעגלעך, אז ער האָט מורא געהאט אלס עלטעסטער יודע אנטיילנעמען ביים דאווענען. די דייטשן האָבן זיך נאָך געקענט דערוויסן וועגן דעם און זיי האָבן אים דאָך געהאלטן פארן אָנשטענדיקסטן יודע. די פייערלעכקייטן ביים דאווענען האָבן אדורכגעפירט שוחט פאָלאקאָווסקי און דאום, דער געוועזענער פארטרעטער פון חזן אין דער דייטשער שול.

## די ליקווידאציע פון די זקנים און כראָניש־קראנקע

שיכור פון די נצחונות אויפן צפון און מערב־פראָנט האָבן די דייטשן געזאָלט דעם הארבסט צוטרעטן צו דער רעאליזאציע פון זייערע חיהשע פלענער. זיי האָבן נישט געוואָלט שפייזן די נישט פראָדוקטיווע זקנים און קראנקע און דערפאר האָבן זיי באשלאָסן אויסצומאָרדן זיי אויף א שרעקלעכן אופן. זיי האָבן מיט דעם פלאַן געוואַרט ביז הארבסט, ווייל זומער האָבן זיי מורא געהאט פאר אן עפידעמיע. צווייטנס זיינען אלע אויסזידלונגען און מאסן־שחיטות פאָרגעקומען הארבסט און ווינטער.

מיר האָבן שוין לאנג פארגעסן וועגן גראבאָווסקיס וויזיט און וועגן די פריינדלעכע צוזאָגן פון די געסטאפאָ־לייט. די שווערע ארבעט, די אָרעמע באשפייזונג און אנדערע צרות האָבן נישט דערלויבט לאנג וועגן דעם צו קלערן.

מיר האָבן שוין א לענגערע צייט נישט געהאט קיין אינספעקציעס, רעוויזיעס און רשימהס. ס׳האָט געהערשט ביי אונז א גרויזאמע שטילקייט ווי אן אָנזאָג פון דעם אָנקומענדיקן שטורם.

און אָט האָט זיך דעם 27־טן נאָוועמבער 1940 פארשפרייט די ידיעה, אז גראבאָווסקי איז געקומען אין אונזער לאגער און ער פירט אינטימע געשפרעכן מיט אונזערע פאָרשטייער. א האלבע שעה האָבן מיר איבערגעלעבט אין אויסערגעוויינלעכער שפאנונג, ביז די גלאנציקע, דייטשע ליטוזינעס האָבן פארלאָזט דעם לאגער.

גראבאָווסקי און זיינע צוויי חברים האָבן אויף א העפלעכן אופן דערקלערט דעם עלטעסטנראט, אז מאָרגן 10 פרי קומען זיי נאָך די קראנקע, וועלכע זיי האָבן אויף דער ליסטע פאר זייער סאנאטאָריע. די סאנאטאָריע איז רעמאָנטירט און ווארט אויף די קראנקע. די קראנקע דארף מען אָפוואשן און אָנטאָן אין ריינע וועש. וועגן דעם איבעריקן דארפן מיר זיך נישט זאָרגן. אפילו בעטגעוואנט איז נישט נויטיק, ווייל אלץ איז דאָרט פאראן.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָבן אונז די מאָנטערן, באשעפטיקטע אין געסטאפאָ דערציילט, אז

ס׳איז דאָרט געקומען צו פאָרן א גרויסער, שווארצער אויטאָ, פארמאכט פון אלע זייטן, אָן פענצטער, און אין אים געפינען זיך א סך פרעמדע געסטאפּאָ־לייט. ס׳איז לייכט געווען צו פארבינדן דעם פאקט מיט דעם פרימאָרגנדיקן וויזיט. אלע זיינען ארומגעגאנגען מיט שלעכטע פאָרגעפילן. עס האָט אונז באאומרואיקט די העפלעכקייט פון די געסטאפּאָווצעס, זייער זאָרג וועגן אונזערע קראנקע. מיר האָבן זיך געוואונדערט פאר וואָס זיינען נאָך די קראנקע געקומען געסטאפּאָווצעס און נישט קיין סאניטארן.

דער גאנצער טאָג איז אריבער אויף צוגרייטונגען, געשפרעכן, עצות און געזעגענען זיך. ס׳זיינען אויך געווען א סך אָפּטימיסטן, וועלכע האָבן אויף אלע פּראָבלעמען געהאט גרייטע ענטפערס. זיי האָבן רואיק געווארט אויף דער ״צוקונפט״, וועלכע האָט טראָץ אלעם געהערט צו אונז.

די מערהייט איז געווען שטארק באומרואיקט און נישט געהאט קיין צוטרוי צו די דייטשן. דער גרעסטער אָבער פעסימיסט האָט נישט ארויסגעזען, אז אלע 290 ארויסגעפירטע קראנקע וועלן אין א פאָר שעה ארום נישט לעבן. וועגן אזא פארברעכן האָבן מיר ביז איצטער נישט געהערט.

אין דער נאָוועמבער־נאכט איז קיינער נישט געשלאָפן. יעדער איינער פון אונז האָט געהאט עמעצן פון די נאָענטע אויף דער ליסטע און ס׳איז שווער זיך געווען צו שיידן אין אזא צייט.

צומאָרגנס פּינקטלעך 10 פרי איז פארן טויער פון זקנים־הויז פ.א.וו. 13, געבליבן שטיין א גרויסער אויטאָ, וועלכער האָט דערגרייכט ביז צום ערשטן שטאָק. דער אויטאָ איז געווען ענלעך צו א גרויסער טרומנע. צוויי גלאנציקע לימוזינעס האָבן געבראכט גראבאָווסקין בראש פון א מחנה פרעמדע, מונדורירטע געסטאפּאָווצעס. דער עלטסטער לויט דער ראנגע, דער אָבערשארפירער פון ס.ס., האָט געהאט א שרעקלעכן פּנים. אויף דער לינקער באק האָט ער געהאט א טיפן צייכן. ער האָט געהאט שלעכטע, שווארצע אייגעלעך. זיין מויל איז געווען פארקרימט אין א צינישן שמייכל.

די קראנקע, וועלכע מ׳האָט ארויסגערופן פון דער ליסטע האָבן מיר געמוזט ארויפלייגן אויף די אויטאָס, ווייל דאָס זיינען געווען כראָניש קראנקע און קאליקעס. עס פעלן ווערטער צו באצייכענען די דייטשע ראפינירטקייט און פערפידיע. זיי האָבן געהייסן לייגן די קראנקע אויפ־מערקזאם, מיט דער גרעסטער ליבע. ״פאסען זי דאָך אוף אויף די טרעפּע, דאס דען קראנקן ניכטס פאסירט״. ״געהען זי דאָך לאנגזאם, וויר האָבן צייט״. ״לעגען זי ביטטע דיזען מאן היר אום ווינקעל, דאס ער בעקוועמער האט״. און די ווערטער האָט מען געהערט פון די דייטשע קראנקן־פלעגער. זיי האָבן אליין אכטונג געגעבן, אז דער שווארצער אויטאָ זאָל ווערן איבער־פולט איבער די ברעגן.

— ״ווארום וויינען זי, מוטי ? די קינדער קאמען שוין נאָך״ האָבן זיי גערעדט צו די וויינענדיקע אלטיטשקע פרויען. זיי האָבן אָבער נישט דערלויבט די יונגע זאָלן מיטפאָרן מיט זייערע נאָענטסטע. — עס לוינט נישט צו פאָרן — האָבן די דייטשן געזאָגט. אין א פּאָר וואָכן ארום קומען זיי צוריק. פאר אלע איז דאָרט קיין אָרט נישטאָ.

די אויטאָס זיינען אוועק. איך בין ארויף אויפן בוידעם און ארויסגעקוקט דורך אן עפענונג, דורך וועלכער איך האָב געזען דעם אויטאָ מיט די לימוזינעס פאָרנדיקע אין ווייטן, מיט די 60 פארמשפטע צום טויט.

דעם 29־טן נאָוועמבער האָבן די ארבעטסזאמע שאָפערן באוויזן צו מאכן ביז מיטאָג צוויי קורסן און ארויספירן פון אונטערן ״13״ 110 מענטשן. זיי האָבן זיך געאיילט ווייל זיי האָבן זיך נישט געוואָלט צעשטערן דעם ענגלישן שבת. דעם טאָג איז שוין די געסטאפּאָ־לייט מיאוס געוואָרן די גאנצע קאָמעדיע. זיי האָבן אויפגעהערט צו זיין העפלעך. די קראנקע האָבן זיי בארואיקט מיט די בייטשן. זיי האָבן געוואָלט פריילעכער מאכן די שטימונג און זיי האָבן גענומען שיסן אין די פענצטער וואו ס׳האָבן זיך באוויזן די אידן.

אין לאגער האָט געהערשט א שרעקלעכע שטילקייט און א זייער געדריקטע שטימונג. רואיק און גוט האָבן זיך נאָר געפילט די עטלעכע גייסטיק קראנקע, וועלכע האָבן געזאָלט אוועקפאָרן

מאָנטיק. זיי האָבן נישט געהאט קיין שום זאָרגן און קיין שום מורא. דאָס זיינען געווען: יאָרעכא, שאול גרינוואלד פון סטאַווישין, לאה לאסמאן, קאָפל אהרן פון קאליש א.א.

די שעהן האָבן זיך געצויגן אומברחמנותדיק לאנג. עס איז אריבער דער זונטיק. מיט די לעצטע צוויי טראנספּאָרטן דעם 31־טן נאָוועמבער 1941 יאָר זיינען אוועק די לעצטע פּאַר קראנקע, דער רעשט פון דעם 18־טל.

די דייטשן האָבן צוריקגעבראכט א בענקעלע פון אן אלטיטשקער פּרוי. דער דייטש האָט דערקלערט, אז ס׳איז איר אומגויטיק ווייל זי האָט באקומען א צווייטן.

דעם טאָג האָט געמוזט דער עלטעסטנראט רעגולירן די סומע געלט פאר די רייזע־הוצאות, 4 מארק פון א פּערזאָן. ער האָט אויך געמוזט דערליידיקן אלע פאָרמאליטעטן און ווירטשאפטסאמט אין צוזאמענהאנג מיטן אָפּפאָר פון 250 פּערזאָן.

דער עלטעסטנראט האָט אָפּט איבערגעפרעגט ביי די דייטשן, וואו אהין ס׳זיינען אוועקגעפירט געוואָרן די קראנקע. דער ענטפער איז אלעמאָל געווען נישט קיין דייטלעכער ווי צ. ב. אז דערווייל ווייסט מען נישט, ווייל זיי זיינען אין אן איבערגאנגס־לאגער און שפעטער ערשט וועלן זיי ווערן פונאנדערגעשיקט אין די צוגעטיילטע סענאטאָריומס. מיר מוזן האָבן געדולד און ווארטן עטלעכע טעג ביז דער באלאגאן וועט אויפהערן און דאן וועט מען וויסן וואו מען האָט זיי פונאנדערגעשיקט.

ס׳איז אריבער איין וואָך, א צווייטע און נאָך פיל וואָכן. וועגן אונזערע קראנקע האָט מען גאָרנישט געהערט. מיר האָבן זיך מיט דעם ענין געווענדעט צום ״קראנקענפערפלעגונג ווארטעגאו״, וועלכער האָט זיך געזאָלט מכלומרשט פארנעמען מיט די ענינים. זייהאָבן אונז אָבער קיין געגויען ענטפער נישט געגעבן. ערשט אין עטלעכע וואָכן ארום האָבן זיי אונז געמאָלדן, אז ס׳איז אָנגעקומען א ידיעה וועגן טויט פון עטלעכע זקנים. די סיבה פון זייער טויט איז געווען הארץ־קראנקייט, מוח־קראנקייט אָדער לונגען־אָנצינדונג. די איבעריקע געפינען זיך אין דער געגנט פון פאדערניץ און זיי זיינען געזונט. די אָרטשאפט האָבן מיר אָבער נישט געפונען אויף קיין שום מאפּע, ווייל אזעלכע האָט נישט עקזיסטירט.

ביסלעכווייז האָבן מיר אָנגעהויבן פארשטיין, אז מיר וועלן די זקנים שוין קיינמאָל נישט זען.

פון דער צייט אָן האָבן מיר געלעבט כסדר אין שרעק. מיר האָבן געוואוסט, אז מיר וועלן פריער צי שפעטער ענדיקן אויף דעם זעלבן אופן. אונזער גורל איז אונז געווען באקאנט פון פאָראויס. אלע האָבן פארשטאנען, אז מ׳וועט אונז נישט לאָזן דערלעבן די דייטשע מפּלה. מ׳וועט אונז אויסנוצן אלס ארבעט־קראפט און צום סוף וועט מען אונז אויסמאָרדן. נאר געציילטע אָפּטימיסטן, די פרומסטע צווישן אונז האָבן נישט צוגעלאָזט צו זיך דעם געדאנק. זיי האָבן געגלויבט, אז גאָט וועט דערויף נישט דערלויבן. אָבער ער האָט דערלויבט.

מ׳האָט ביי אונז דורכגעפירט פּרוון פון ניי געשאפענע הערמעטיש פארמאכטע גאז־אויטאָס. מיט די אָט אויטאָס האָט מען געזאָלט אָנהויבן די גרויסע אקציע פאר דער ענדגילטיקער יודען־רייניקונג. די קאָנצענטראציע־לאגערן זיינען געווען נישט גענוגנדיק פונאנדערגעבויט און האָבן נישט געקענט נאָכקומען דער גרויסער מאָרד־אקציע. די פייניקונג און מאָרד־מיטלען האָבן נאָך אויך נישט דערגרייכט די נויטיקע רעזולטאטן. דערפאר טאקע האָט מען אויספּרובירט די ״פאָרנדיקע טרומנעס״.

די דערשטיקטע פון גאז האָט מען אוועקגעפירט אין נאָענטן וואלד און דאָרט באגראָבן אָדער פארברענט. דאָס האָט געזאָלט פאָרקומען נאָענט פון זביערסק אָדער פון קאָלאָ. געגוי האָט קיינער גאָרנישט געוווסט, ווייל די וועגן זיינען געווען שטרענג ארומגעשטעלט. יעדנפאלס איז אלץ פאָרגעקומען נאָענט פון קאליש, ווייל די אויטאָס זיינען צוריקגעקומען אין משך פון דריי שעה.

ווארשיינלעך זיינען די פּרוון נישט געלונגען. די מאסן־שחיטות האָבן מסתמא צוגענומען צו פיל צייט און מי׳. אויף דעם אופן וואָלטן זיי זיך נישט געגעבן קיין עצה מיט זעקס מיליאָן אידן, וועלכע האָבן אומזיסט אויפגעגעסן אזוי פיל ברויט.

פאר די פארניכטונגס־צילן האָט מען אָנגעהויבן פונאנדערבויען קאָנצענטראציע־לאגערן אין טרעבלינקע און אין אוישוויץ. אין די לאגערן זיינען טעטיק געווען גאז־קאמערן און קרעמאט־

אַריעס. אלס א דערגענצונג צו דעם האָט מען איינגעאָרדנט מאסן־עקזעקוציעס, מאסן־קברים און שייטערהויפנס, וואו מ׳האָט פארברענט די קרבנות.

די אידן פון גאנץ פוילן, שפעטער אויך פון די ארומיקע לענדער, האָט מען צוזאמענגעטריבן אין עטלעכע געטאָס. מ׳האָט זיי געוואָלט האָבן אלע צוזאמען, אוממעגלעך מאכן זיי דאָס אנטלויפן, בארויבן זיי, אויסנוצן אלס ארבעטס־קראפט, אויסהונגערן און פארניכטן ביזן לעצטן.

די גאז־אויטאָס האָבן געזאָלט זיין א הילפס־געצייג אין דער אלגעמיינער מארד־אקציע. זיי האָבן געזאָלט פארניכטן די אידן אין די קליינע שטעטלעך, מ׳זאָל זיי נישט דארפן איבערפירן אין די גרעסערע געטאָס. די באנען האָבן געהאט אויסצופירן א וויכטיקע ארבעט. דער פירער האָט דאָך געזאָגט, אז ״די רעדער מיססען ראָללען פיר דען זיג״.



די טשיאָסנע־גאָס

### ״ארבייטסלאגער״

איצטער האָבן מיר שוין נישט געהאט קיין אילוזיעס. אונזער צוקונפט איז אונז שוין געווען באוואוסט. מיר האָבן אָבער געוואָלט פארטיידיקן אונזערע פּאָזיציעס, ווי לאנג ס׳וועט זיך נאָר לאָזן. מיר האָבן זיך באמיט איבערצוצייגן, אז מיר זיינען פאר זיי נויטיק. א דאנק דער באמיאונג פון עלטעסטנראט און ווירטשאפטסאמט, ארבעטסאמט און געסטאפּאָ איז אונז געלונגען צו באקומען א דערלויבעניש אויפצועפענען שניידער און שוסטער־ווארשטאטן. אלע פארדינסטן האָבן געזאָלט זיין פארן ארבעטס־אמט. פאר די דייטשן האָט זיך געעפנט א נייער קוואל פון מתנות און לעגאלע ״לאפּוווקעס״ און צווייטנס האָט דאָך דער פירער געזאָגט אז — ״יעדע ארבעט הילפט זיגען״. אלזאָ מיר וועלן ארבעטן.

**דער שוסטער־ווארשטאט**

אין אָנהייב פון 1941־טן יאָר איז געשאפן געוואָרן דער שוסטער־ווארשטאט, אין וועלכן ס'האָבן געפונען ארבעט איבער א צענדליק שוסטער, שטעפער און אויך א סך געהילפן. ס'האָבן דאָרט געארבעט: די שוסטער אָר, וויגאָדזקי, דיאמענט און די שטעפער קאטז מיטן זון און אבעצאדלאָ. דער לייטער איז געווען פרוינד (איידעם פון די פרענקעלס פון אל. פילסודסקיעגאָ). אין דעם ווארשטאט האָט מען אויסגעארבעט נייע שיך און אויך געמאכט רעפעראציעס. מייסטנס האָט מען אויסגענוצט אָפפאל פון רוישטאָפן אויף שטובן־לאטשן, קינדער־שיכלעך, פאסקעס, בייטלען א.א. די דייטשן האָבן זיך זייער געוואונדערט זעענדיק ווי ס'ווערן פון גארנישט אויס־געארבעט שיינע זאכן. דאָס האָט זיי טאקע אימפאָנירט. צום סוף פון דעם יאָר האָט מען אָנגעהויבן אויסצוארבעטן מאסנווייז האָלץ־שיך. צו דער אויסארבעטונג פון די האָלץ־שיך האָט מען אויך באנוצט לעדער־אָפפאל. די האָלץ־זוילן האָבן אויסגעארבעט די ברידער הירשביין. די האָלץ־שיך פראָדוקציע האָט אונז געגעבן דאָס גרעסטע פארדינסט. מיר האָבן געהאט גרויסע באשטעלונגען פון די פויזנער און אָסטראָווער פירמעס.

**דער היטלמאכער־ווארשטאט**

אונטער דער לייטונג פון מייסטער בולקא און דעם יונגן שיללער האָט מען אויך געגרינדעט א היטלמאכער ווארשטאט.

א גאס אין קאָזשמינעק



## דער קירזשנער־ווארשטאט

די וואונדערבארסטע איינפאלן ביי דער ארבעט האבן געהאט די קירזשנער. דאס זיינען געווען: יאסי באום, יולעק וואלקאוויטש, סקאלסקי א.א. א חוץ די באשטעלונגען און "מתנות" פאר די ווייבער און געליבטע פון די באאמטע האבן זיי אויסגעארבעט פון שטיקלעך אפפאל די שענסטע פוטער־מאנטלען. דאס אפפאל האבן פריער די דייטשן געברענט. איצטער האט מען די שטיקלעך פוטער (געבראכט האט מען זיי פון בערלין) סארטירט, געפוצט, צוזאמענגענייט מיט גרויס מי און מאטער און ס'זיינען ארויס דערפון קאראקול־מאנטלען און אנדערע פוטער־מאנטלען. קיין ווילן צו דער ארבעט האט נישט געפעלט. מיר האבן געקלערט, אז אפשר א דאנק דער ארבעט וועלן מיר בלייבן לעבן.

ביז פרילינג איז די פראדוקציע געווארן פארדאפלט. מ'האט אונז געיאגט פון אלע זייטן, כאטש דאס איז געווען אין גאנצן איבעריק. מיר האבן אליין געארבעט מיט אלע כוחות פארן זיג פון די דייטשן. אין די גדאנקען האבן מיר זיי געשאלטן און געבעטן, אז כאטש איינע פון די קללות זאל מקוים ווערן.

אונזער לאגער איז פארוואנדלט געווארן אין א גרויסער פאבריק.

און ס'זיינען געגאנגען גרויע טעג פול מיט שרעק און אומער, פול מיט טרוימען און חלומות וועגן סוף פון מלחמה. די טרויעריקע ווירקלעכקייט און די דייטשע נצחונות האבן אונז דערפירט צו א צושטאנד פון רעזיגנאציע און אפאטיע. ס'האט זיך אונז אויסגעדוכט, אז מיר וועלן שוין אייביק זיין פארשקלאפט.

## דער שניידער־ווארשטאט

דעם ווארשטאט האבן מיר איינגעארדנט אן שוועריקייטן. ארט איז געווען גענוג, ווייל דאס הויז אויף פ.א.וו. 13 איז ליידיק געווען. נאך א רעמאנט האט מען אנגעהויבן צו ברענגען שניידער, שטעפער און קירזשנער־מאשינען. די מאשינען האבן געשטאמט פון די ליידיקע אידישע וואוינונגען. שניידער איז געווען גענוג ביי אונז: צוקער, בערל גראס, שילער, אפאס, ניימאנאוויטש, בערל פילץ א.א. ס'איז אויך געווען א סך געהילפן. אין משך פון א קורצער צייט האבן אנגעהויבן קלאפן די ערשטע מאשינען "פיר דען זיג".

אין גרעסטן שניידער־ווארשטאט זיינען געווען באשעפטיקט עטלעכע צענדליק פערזאן. שפעטער האבן מיר דעם ווארשטאט פארברייטערט. ס'איז געגרינדעט געווארן אן אפטיילונג פאר דאמען־קאנפעקציע און וועש־נייערײ. מיט דער אפטיילונג האט אנגעפירט די פרוי ארקוש.

די אידישע געזעלשאפט האט פארשטאנען די ערנסטקייט פון דער לאגע און זיך ענערגיש גענומען צו דער ארבעט. אויך די אלטע האבן זיך איצטער גענומען צו דער ארבעט מורא האבנדיק פאר אויסזידלונגען. די צאל ארבעטער ביי דער לאפאטע איז קלענער געווארן, ווייל אלע פאכלייט האט מען גענומען אין די ווארשטאטן.

ארבעט איז געווען זייער א סך. מ'האט נישט באוויזן אויסצופירן אלע באשטעלונגען פאר די דייטשע, קאלישער און נאך אנדערע פירמעס. מיר האבן אויך געהאט א סך פריוואטע ארבעט. די בעסערע שניידער האבן געארבעט פאר די גרעסערע "שישקעס", פאר וועלכע מיר האבן אויפגענייט א גרויסע צאל קליידער און אנדערע מתנות. אט די באשטעלונגען זיינען אין ערגעץ נישט געווען געבוכט. מיר האבן דאס גענייט וועלנדיק געווינען פאר זיך די העכערע דייטשע באאמטע, וועלכע האבן אונז דערפאר געשטיצט אין א סך ערנסטע פאלן.

אפט זיינען צו אונז געקומען אינספעקציעס, כדי איבערצוצייגן זיך ווי אזוי אידן ארבעטן. זיי זיינען אלע מאל אוועק זייער צופרידן. אן אפטער גאסט ביי אונז איז געווען דער פאלקסדייטש וואיטשעכאווסקי, דער לייטער פון ווירטשאפטס־אמט. ער איז געווען פון אונז זייער צופרידן, ווייל מיר האבן באררייכערט די קאסע פון ווירטשאפטס־אמט.

**יודענלאגער־באַרנהאגער**

אין דער זעלבער צייט ווערן אין קאַזשמינעק געשאפן גרויסע וואַרשטאַטן לויטן מוסטער פון אונזערע. זיי האָבן אָבער נישט געקענט דערגרייכן אזא פּראָדוקציע ווי אונזערע. ס׳איז אוממעגלעך געווען פאַרוואַנדלען זייער געטאָ אין אַן אמתן ארבעטס־לאַגער. די סיבה דערפון איז געווען דער ״גרויסער״ פּראָצענט זקנים, קינדער און פרויען. קאַזשמינעק איז פאַרבליבן ביזן סוף א יודענלאַגער.

די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין קאַזשמינעק און אין די ארבעטס־לאַגערן אָפּאַטוועק און סטאַווי זיינען געווען זייער שווערע. דער איינציקער דאָקטאָר ד״ר שיליט און דער פעלדשער גזשמילאָס האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט דער ריזיקער ארבעט. דערפאַר טאַקע האָט מען זייערע קראַנקע געבראַכט צו אונז אין לאַגער. אין ערנסטע פאַלן איז צו זיי געפאָרן די פרוי ד״ר גראָס־שינאַגיעל. זי האָט געהאַט אויף דעם א ספּעציעלע דערלויבעניש פון דער מאַכט. צוויי מאָל אין יאָר האָבן מיר ביי זיי געמאַכט איינשפּריצונגען קעגן טיפוס און קעגן פּאַראַטיפוס.

צווישן אונז און די איבעריקע לאַגערן איז געווען א געוויסע פאַרבינדונג. ערשטנס זיינען זיי אין א געוויסער מאָס געווען פון אונז אָפּהענגיק און צווייטנס האָבן מיר געהאַט געוויסע געמיינזאַמע ענינים. זיי האָבן געהאַט אן אייגענעם פערד־און־וואָגן. זיי זיינען דערביבער געקומען צו אונז נאָך די צוטיילונגען פון ווירטשאַפטסאַמט, נאָך סחורות, מעדיקאַמענטן פון אונזער אַפּטייק און נאָך פּאָסט. עס איז ווערט צו דערמאָנען, אז ס׳איז אונז דערלויבט געווען ארויסצושיקן פּאָסט און פּעקלעך אין אנדערע געטאָס. מיר זיינען א דאַנק דעם געווען אין קאָנטאַקט מיט די איבעריקע געטאָס. מיר האָבן געהאַט פון זיי בריוו, פאַרשטייט זיך, אז פון פריער צענזורירטע.

ספּעציעלע דערלויבענישן צו פאָרן אין אנדערע געטאָס האָבן געהאַט נאָר מיטגלידער פון עלטעסטנראַט, דאָקטוירים און קראַנקע. פּאַקטיש אָבער זיינען צו אונז געקומען אויך געזונטע אידן. די פּאָליציי איז געווען מייסטנס איבערגעקויפט און א דאַנק דעם איז געגאַנגען א שמוגל. זיי האָבן אונז געבראַכט פּוטער, אייער און פלייש. זיי האָבן עס באַקומען ביליקער אויף אַן אומלעגאַלן אופן. ס׳האָט געדראָט דערפאַר האַרבע שטראָפן, אָבער קיינער האָט זיך דערמיט נישט גערעכנט. יעדער איינער האָט געוואָלט לעבן.

די אידן פון קאַזשמינקער געטאָ האָבן זיך געפילט פרייער ווי מיר. ערשטנס דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען גרעסער אין צאָל און צווייטנס זיינען זיי נישט געווען אזוי צעבראָכן און שיקאַנירט דורך די אויסזידלונגען. דערביי האָבן זיי אחוץ די קאַזשמינקער זשאַנדאַרמען בכלל נישט געזען קיין דייטשן. שבת און אנדערע יום־טובים האָבן זיי געפייערט אויף א נאָרמאַלן אופן. דעם פּסח פון יאָר 1941 האָבן זיי זיך דערנערט מיט טרוקענע קאַרטאָפל און מיט דיקע מצות. זיי האָבן בעסער געוואָלט הונגערן און נישט ברעכן די טראַדיציע. ״עס איז שוין דער לעצטער פּסח אין געטאָ — האָבן זיי געזאָגט — אויפן אנדערן יאָר וועלן זיך אלע טרעפן אין ירושלים״. לשנה הבאה בירושלים.

דער לאַגער־פירער פון קאַזשמינעק, דער פאָלקסדויטש ביכלער איז געווען די איינציקע שרעק פון די קאַזשמינקער אידן. ער איז געקומען אָפּט שיכור אין געטאָ און געשלאָגן מיט א שטעקן יעדן וועמען ער האָט געטראָפן. ווייל איז געווען צו דעם ביי וועמען ער האָט געפונען א שטיקל פּוטער אָדער שאָלעכץ פון אַן איי. ער האָט געשטראָפט מיט שמייסן און מיט געלט. אויף יעדער ידיעה, אז דער ״גרינער״ גייט, האָבן זיך אלע באַהאַלטן אין די מייזנלעכער.

לאַנדאו איז געווען דירעקט אָפּהענגיק פון אים. לאַנדאו איז געווען דער לייטער פון דעם קאַזשמינקער עלטעסטנראַט, וועלעכער איז באַשטאַנען פון די פּערזאָנען: פּרעזעס — קנאָפּ, ראָט, דודעק און ווילטשינסקי. דעם אמת האָט ער באַקומען א דאַנק דער באַקאַנטשאַפט מיטן לאַנדראַט. צום לאַנדראַט האָט געהערט דער גאַנצער קרייז, אלזאָ אויך דאָס געטאָ אין קאַזשמינעק.

אונזער לאַגער דאַקעגן איז געווען אָפּהענגיק פון דער שטאָטישער און וואָיעוואָדישער מאַכט אין פּויזן.

די אידן פון קאַזשמינעק האָבן זייער פיינט געהאַט זייער יודענראַט פּונקט אזוי ווי מיר



דער הויף אין געטאָ אויף נאָוואַ 16

האָבן פיינט געהאַט אונזערן. אַלע יודענראַטן זיינען געווען געהאַסט דורך דער אידישער באַפעלקערונג. אין קאָזשמינקער געטאָ האָבן געהיטן אָרדענונג עטלעכע אידישע פּאָליציאַנטן. די פּאָליציאַנטן האָבן נישט געהאַט קיין היטלער און קיין פּאַלקעס. צו זייער דיספּאָזיציע האָבן זיי געהאַט אַ "מיניאַטור־אַרעסט". זיי האָבן אויך צוזאַמענגעאַרבעט מיט די דייטשן. אין אַלגעמיין האָבן זיי אָבער נישט געהאַט אַזאַ שם ווי זייערע חברים אין גענעראַל־גוווערנאַמענט.

ביי אונז אין קאָליש איז נישט געווען קיין אידישע פּאָליציי, כאָטש אונזער פּרעזעס האָן האָט וועגן דעם געטרוימט. ער האָט ווערבירט, אַגיטירט, ס'זיינען אָבער נישט געווען קיין אמאַטאָרן. איך ווייס נישט מיט וואָס עס דערקלערן. צי דערפאַר וואָס מיר האָבן געהאַט אַ קליינע צאָל איינוואוינער, צי דערפאַר ווייל אונזער גרופּע איז געווען בעסער צוזאַמענגעלעבט — אָבער קיינער האָט זיך נישט געמאָלדן צו דער אַרבעט.

דער פּסח פון 1941 איז אַדורך רואיק אָבער אומעטיק. אין יעדער איינער פאַמיליע האָבן דאָך געפעלט די עלטערע מיטגלידער. עס איז אויך שווער געווען צו באַקומען מצות. מיר האָבן נישט באַקומען קיין דערלויבעניש צו באַקן מצות. די קאָזשמינקער האַנט־מצות זיינען געווען זייער טייער. מיר האָבן אויך געהאַט ווייניק קאַרטאָפל. די פּרומסטע האָבן אָבער געהאַט אַ כשרן פּסח טראָץ דעם וואָס זיי האָבן געמוזט אַרבעטן.

דער פרילינג איז אַדורך אונטערן צייכן פון שווערער, אָנגעשטרענגטער אַרבעט. דאָס איינציקע פאַרגעניגן נאָך דער אַרבעט איז געווען אַ שפּאַציר אויפן גרויסן פּלאַץ פון הויף נומער 16. אַ טייל

פון דעם פּלאַץ האָט מען באַארבעט און פאַרזעצט דאָרט גרינסן פאַרן געברויך פון דער קיך און פון דער קאַנטינע. ווען ס׳איז אַראָפּגענומען געוואָרן דער פּלויט, האָט מען דעם פּלאַץ פאַרגרעסערט ביז צו קופּפערס פאַרברענטע מיל. דערביי איז אויך דער פּלאַץ געוואָרן פאַראייניקט מיט דעם הויף פון די הייזער 16 און 18. דאָס האָט געהאַט פאַר אונז א גרויסע באַדייטונג. די קינדער האָבן זיך געקענט פריי באַוועגן אויפן הויף נישט אַרויסגייענדיק אין גאַס, וואו זייער אָנוועזנהייט האָט געררייצט די דייטשן. אויך מיר האָבן אין אָוונט געקענט אַריבערגיין פון איין הויז אין אַנדערן.

די איינוואוינער פון הויז נר. 13 האָבן אויך געהאַט זייער פּלאַץ, וועלכער איז געווען באַוואַקסן מיט קליינע גרעזעלעך. דאָ איז געווען אָנגענעמער ווי אונטערן 16־טל. דאָס 16־טל איז געלעגן נאָענט פון שמוציקע, שטינקענדיקע קאַנאַלן. אונטערן 13־טל איז געווען בעסער, ווייל עס איז געלעגן ווייטער פון דער גאַס. מיר האָבן דאָ אויפגעשטעלט א שאַטקע און געשפּילט אין דער מיטאָג־שעה. כאָטש איין שעה האָבן מיר געגאָסן פון דער זון.

אין אַן ערגערער לאַגע האָבן זיך געפונען די איינוואוינער פון שאָפּענא 4. דאָ איז געווען א קליינער הויף. זיי איז געווען שווער אַרויסצוגיין, ווייל זיי האָבן געמוזט אַדורכגיין א פּאָר הונדערט מעטער דורך דער גאַס. זיי זיינען אָבער נישט געווען אינגאַנצן אָפּגעריסן פון די הייזער נ. 16, נ. 18 און נ. 13, ווייל דריי מאָל א טאָג האָט מען דאָרט געמעגט אַדורכגיין. די טויערן פון די הייזער זיינען געווען מייסטנס אָפן, אַזוי אַז מ׳האָט נישט אָפּגעהיטן די פאָרשריפטן און געוואַנדערט אומעטום.

דאָס באַוועגן זיך אין די געביטן איז געווען א נויטווענדיקייט, ווייל דאָס שפּיטאָל איז געווען אויף שאָפּענא 4, די קאַנטין נומ. 16, די איינציקע קיך און די וואַרשטאַטן נומ. 18

אין אָנהייב האָבן געהאַט וואך ביי די טויערן די ברידער שפּרינגער שמחה און אשר, שפּעטער האָט מען זיי גענומען אין די וואַרשטאַטן, וואו זיי האָבן אויסגעפירט די אַרבעט פון וועכטער און לויפער.

טראָץ די שטרענגע פאָרשריפטן זיינען א סך פון אונז געגאַנגען אין שטאָט, כדי פאַרקויפן עפּעס פון די זאַכן און קויפן לעבנסמיטל (אומלעגאַל). א סך זיינען געגאַנגען צו באַקאַנטע נאָך ״וואַלוּווקעס״. אויף דעם האָבן זיך געקענט דערלויבן נאָר אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט א ״גוטן אויסזען״ (אַן אַרישן), ווער ס׳איז געכאַפּט געוואָרן אין שטאָט דורך די דייטשן אָן ״שטערן״ איז געוואָרן שטרענג באַשטראָפט.

ס׳זיינען אָנגעקומען הייסע יוני־טעג. אין דער ריכטונג פון מזרח ציען זיך שוין א לאַנגע צייט טראַנספּאָרטן מיליטער, וואָפן, אַמוניציע און אַעראָפּלאַנען. מיר האָבן פאַרשיידן קאָמענטירט די פאַקטן. ס׳איז לייכט געווען צו באַמערקן, אַז ס׳דראָט א קאָנפליקט מיט ראַטן־פאַרבאַנד, טראָץ דעם, וואָס די דייטשע פּרעסע האָט ווי פריער געלויבט סטאַלינען.

ס׳איז ווידער געוואָרן רואיק. ס׳האָט אָבער געהערשט א שווערע, נישט אָנגענעמע שטימונג. דער נייער קריג איז געהאַנגען אין דער לופטן. מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויפן אויס־ברוך פון קריג. דאָס איז געווען אונזער איינציקע האָפענונג. אין קעגנפאַל וואָלטן מיר געווען פאַרלוירן. אַמעריקע און ענגלאַנד וואָלטן נישט אומשטאַנד געווען צו באַזיגן דאָס שטאַרקע דייטשלאַנד.

ס׳איז געווען זונטיק, דעם 22־טן יוני 1941. איך האָב נישט געהאַט פּונקט וואָס צו טאָן און כ׳בין אַרויס, ווי אַלע מאָל אין דער פרייער צייט, אויפן דאַך פון אונזער פּיר־שטאָקיק הויז. איך האָב געוואָלט געניסן פון דער זון. דאָ האָט מיך קיינער נישט געזען אחוץ מיינע צוויי פריינד און איך בין געווען כאָטש איין שעה פריי און גליקלעך. דאָס מאָל זיינען צו אונזערע אויערן דערגאַנגען קלאַנגען פון א שטיל געשפּרעך פון דריטן שטאָק. — ״און דאָך זיינען זיי אָנגעפאַלן די ערשטע״.

ניין דאָס איז אוממעגלעך — האָב איך א טראַכט געטאָן. — צי איז טאַקע אויסגעבראָכן דער קריג ? איצט וועט זיך זיכער ענדיקן די שקלאַפעריי.

מיר זיינען זיך געפאַלן אין די אָרעמס מיט טרערן אין די אויגן און מיר זיינען גלייך אַראָפּ צו די שכנים בכדי זיך עפּעס צו דערוויסן. דאָ האָט מען שוין דיסקוטירט וועגן דער לעצטער

געשעעניש. די ערשט געבראכטע ידיעה פון דער שטאָט האָט זיך מאָמענטאַל פונאנדערגעטראָגן איבערן לאגער. דאָס מאָל איז עס נישט געווען קיין "קאטשקע". ס'איז געווען א ריכטיקע ידיעה. פאר גרויס גליק האָבן מיר נישט געוואָלט אין איר גלויבן. — זאָל עס נאָר זיין אמת — האָבן מיר געבעטן.

דער ענטוזיאזם איז אָבער שנעל אריבער און זיין אָרט האָט פארנומען שרעק און פעסימיזם. מיר האָבן אָנגעהויבן איבערקלערן און טראכטן: וואָס וועט מיט אונז איצטער זיין? צי וועלן אונז די דייטשן איבערלאָזן אויפן אָרט און דערלויבן דאָווארטן אויפן סוף פון דער מלחמה? צי וועלן זיי אונז שיקן טיף קיין דייטשלאנד? צי וועלן זיי אונז אויסמאָרדן דאָ אויפן אָרט, מורא האָבנדיק פאר נקמה?

היינט זיינען אונזערע פאָרשטייער געקומען פון שטאָט זייער אומעטיקע. דער פאָליצמייסטער פראנק, וועלכער האָט ביז איצט געהאט א שם פון א "גוטן דייטש" האָט זיי היינט דערקלערט מיט גרויס כעס דאס "דער פירער זאגטע דאס איר אונזערע טאָדעספיינדע זייט"...

דער דאָזיקער טאָג איז געווען אן איבערברוך-מאָמענט אין אונזער לעבן. די גוטע באציאונגען מיט געוויסע דייטשן האָבן אנגעהויבן קאַליע ווערן. אויף יעדן טריט האָט זיך געמערקט א פיינטשאפט. מיר האָבן פארשטאנען, אז יעדן טאָג וועט אונז זיין ערגער. אזוי איז עס טאקע געווען. יעדער טאָג האָט אונז געבראכט נייע באגרענעצונגען, מ'האָט אונז אויך פארקלענערט די לעבנסמיטל-צוטיילונגען.

אונזער איינציק געווער איז איצט געווען די ארבעט. מיר האָבן אָנגעשטרענגט די כוחות, כדי צו פארגרעסערן די פראָדוקציע. מיר האָבן געוואָלט דערווייזן די דייטשן, אז מיר קענען זיי העלפן אין זייער ארבעט, אז מיר קענען זיין נויטיק איצט ווען זיי אליין מוזן אוועק אין מיליטער. זיי האָבן אונז טאקע אנערקענט פאר א נוצלעכן עלעמענט און דערווייל רעזיגנירט פון זייערע ליקווידאציע-פלענער. ווי מיר האָבן זיך שפעטער דערוואוסט האָט מען אונז געזאָלט אוועקשיקן צוזאמען מיטן קאָזשמינקער לאגער.

ווען עס איז אדורך דער ערשטער איינדרוק און ווען ס'איז אָנגעקומען א כוואליע פון דייטשע נצחונות האָט זיך אונז אויסגעדוכט, אז אונזער לאגע פארבעסערט זיך. דאָס האָט אָבער קורץ געדויערט. אין סעפטעמבער זיינען מיר געוואָרן באאומרואיקט מיט א נייער אינספעקציע, וועלכע ס'האָט אדורכגעפירט דער ארבעטס-אמט אין קאָזשמינקער לאגער. ער האָט פארלאנגט 200 יונגע מענטשן אויף פעלדארבעט אין פויזנער וואָיעוואָדשאפט. זיי האָבן געמיינזאם מיטן עלטעס-טנראט אויסגעקליבן די דאָזיקע צאָל. די אויסדערוויילטע זיינען נישט אדורך קיין מעדיצינישע אונטערזוכונג. די קאָזשמינקער אידישע פאָרשטייער האָבן איצט געהאט א געלעגנהייט פטור צו ווערן פון דעם נישט פראָדוקטיוון און נישט באקוועמען פאר זיי עלעמענט. צום נישט באקוועמען עלעמענט האָט מען פאררעכנט די אלע אומצופרידענע, מערער בונטארע אידן. די באאַמטע פון ארבעטסאמט האָבן נישט געוואָלט מאכן קיין פאניק און זיי האָבן דערקלערט מיט זייער אויסערגעוויינלעכער העפלעכקייט, אז אלע 200 אידן קומען אין 4 וואָכן ארום צוריק. זיי דארפן נאָר אויסגראָבן די קארטאָפל. די אָנגעצייכנטע אידן האָבן געהאט א דערלויבעניש מיט-צונעמען קליינע פעקלעך. גלייך צומאָרגנס האָט מען א טייל פון זיי געטריבן צופוס און א טייל האָט מען געפירט אויף וועגעלעך קיין קאליש. אויפן וועג האָט מען מיטגענומען א געוויסע צאָל ארבעטער פון אָפּאטוּוועק און פון סטאַווי. מ'האָט זיי אלע איינגעאָרדנט אין לוסטיגס עסיק פאבריק. די פאבריק איז שוין געווען באקאנט צווישן די פּאָליאקן. זי האָט געדינט אלס זאמלפונקט פאר די אויסגעזידלטע פּאָליאקן קיין דייטשלאנד.

עטלעכע פון אונזערע אידן זיינען אנטלאָפן. צומאָרגנס האָט מען אלע איבעריקע אוועקגעשיקט מיט א פראכט-צוג אין דער ריכטונג פון פויזן, קיין גילדענדאָרף און ברונסדאָרף. זיי האָבן באקומען ארבעט ביי גרויסע לאנדווירטן. אין עטלעכע טעג ארום האָט מען אויך פון אונז פארלאנגט 100 מענטשן. דאָס מאָל זיינען אין דער ערשטער ריי געגאנגען נישט די שטארקסטע און געזונטסטע, נאָר די נישט ארבעטנדיקע און די גרעסטע שרייער. זיי האָבן געזאָלט צוריק-קומען נאָכן אויסגראָבן די קארטאָפל. מ'האָט זיי דערלויבט מיטנעמען קליינע באגאזשן און געטריבן זיי ווי שאָף אין דער עסיק-פאבריק. עטלעכע זיינען אויך דאָסמאָל אנטלאָפן. די

איבעריקע זיינען אוועקגעפאָרן אין דער ריכטונג וואו דער ערשטער טראַנספּאָרט. צווישן די ארויסגעשיקטע איז געווען מיין קוזינע מאדזשיא באָריסלאַווסקא. מיט א האלב יאָר צוריק האָט זי געבראכט פון דער ווארשעווער געטאָ דער פּאַליאַק פּאַוועלסקי.

מיר האָבן שוין גוט געקענט די דייטשן און מיר האָבן מורא געהאט, אז די ארויסגעשיקטע קען טרעפן דער זעלבער גורל וואָס אונזערע זקנים. די אלגעמיינע שטימונג איז געווען זייער א שווערע. ס׳זיינען ליידיק געוואָרן די ווארשטאטן און די הייזער. דאָס מאָל האָט מען אונז צוגענומען כמעט די גאנצע יוגנט.

מיר זיינען געבליבן בסך הכל 370 מענטשן.

מיט גרויס שפּאַנונג האָבן מיר געווארט אויף די ערשטע ידיעות פון די ארויסגעשיקטע. ענדלעך נאָך א וואָך צייט האָבן מיר באקומען די ערשטע בריוו. אלע בריוו זיינען געקומען פון גילדענהאָף, ברינסדאָרף א.א. אלע האָבן געארבעט ביי די לאנדווירטן ביי ערדארבעט ווי צ.ב. אויסגראָבן די קארטאָפל א.א.וו. די וואוינונגס־באדינגונגען און די דערנערונג זיינען געווען נישט קיין שלעכטע.

מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט. אלזאָ די דייטשן האָבן אונז נישט אָפּגענארט. מיר קענען זיי נאָך גלויבן. בארואיקטע האָבן מיר זיך ווידער גענומען צו דער ארבעט. אונזער רו האָט אָבער נישט לאנג געדויערט.

שבת דעם 15־טן נאָוועמבער 1941 האָבן זיך מיט א מאָל אין קאליש ווידער באוויזן די שווארצע גאז־אויטאָס. די ידיעה וועגן דעם האָבן געבראכט אונזערע שאָפערן פון דער געסטאַפּאָ. אין א מינוט ארום האָט שוין דער גאנצער לאגער געוואוסט וועגן דעם. מיר האָבן נאָך גאָרנישט געוואוסט קאָנקרעט, אָבער מיר האָבן גערעכנט אויף דעם ערגסטן. מיר האָבן פאָראויסגעזען, אז איצט וועט מען אונז אלע פארניכטן. דערפאר טאקע האָט מען מיט עטלעכע וואָכן צוריק אויסגעקליבן די יינגסטע אויף פעלד־ארבעט. אונז האָט מען געלאָזן, אז מיר זאָלן טיילן דעם גורל פון אונזערע זקנים.

דער גאולייטער גרייזער האָט דאָך אין זיין רעדע אָנגעזאָגט, אז ער וועט די גאנצע וואַיעוואָדשאפט אָפּרייניקן פון די ״שעדלעכע עלעמענטן״. מיט א וואָך פריער האָט דער ״פירער״ דערקלערט, אז עס איז געקומען די ענדגילטיקע צייט צו פארניכטן דאָס אידנטום. — ״זאָלן די אידן נישט חלומען וועגן דעם, אז זיי וועלן דערלעבן דעם מאָמענט פון נקמה״. — ״אויב אזא מאָמענט וועט קומען, וועט קיין איין איד נישט בלייבן אין אייראָפּע״.

די מיטגלידער פון עלטעסטנראט זיינען גלייך ארויס אין דער שטאָט, כדי אויסצושפּירן די לאגע און אינטערוועניר̈ן וואו עס וועט זיך נאָר לאָזן. די ארבעט אין די ווארשטאטן האָט זיך אָפּגעשטעלט. קיינער האָט נישט געקענט איינזיצן רואיק ביי דער ארבעט. אלע זיינען אוועק אין די שטובן נישט רעכענענדיק זיך מיט די פּאָרוואורפן פון פּרעזעס, וועלכער האָט גערופן צו דער ארבעט.

אומרו, אויפרעגונג, געשפּרעכן און שלעכטע פאָרגעפילן האָבן געשאפן אזא דענערווירנדע אטמאָספער, אז אין אָוונט איז שוין געווען אוממעגלעך אויסצוהאלטן. אין לאגער האָט גערוישט ווי אין א בינשטאָק. די דרייסטע זיינען אנטלאָפן קיין קאָזשמינעק אוןווארטע. שפּעט ביינאכט זיינען געקומען די מיטגלידער פון עלטעסטנראט. זיי האָבן געבראַכט טרויעריקע נייס, אז מ׳וועט אונז אוועקשיקן קיין קאָזשמינעק אָדער קיין לאָדזש. קאליש מוז בלייבן ״יודענרייך״, ווייל ס׳איז א פּאָוויאַט־שטאָט. דער גאנצער ענין איז געווען סודותפול.

די לאנגע נאָוועמבער־נאכט איז אריבער אָן שום וויכטיקע געשעענישן. זי איז געווען פול מיט טרויעריקע געדאנקען און אומרואיקע חלומות. די שעהן פון זונטיקדיקן טאָג האָבן זיך געצויגן אזוי אומברחמנותדיק לאנג פונקט ווי זיי וואָלטן געלאכט פון אונזער אומגליק.

ס׳זיינען ווידער עטלעכע מאן אנטלאָפן קיין קאָזשמינעק פונקט ווי ס׳וואָלטן דאָרט נישט געווען קיין דייטשן. די איבעריקע אידן האָבן זיך געפּאקט און געמאכט די לעצטע צוגרייטונגען.

דער עלטעסטנראט האָט אויסגענוצט אלע באקאנטשאפטן. זיינע פאָרשטייער האָבן געפּרוווט דערקלערן און איבערצייגן די דייטשן, אז מיר קענען דאָ בלייבן פארמאכטע און ארבעטן פארן זיג פון דייטשלאנד. אָבער די דייטשן האָבן געשוויגן.

נאכמיטאָג איז די אטמאָספערע געווען נישט אויסצוהאלטן. פלוצלינג אין אָוונט זיינען אָנגעקומען אויטאָס. מיר האָבן זיך נישט באוויזן צו אָריענטירן וואָס דאָ קומט פאָר, ווייל מיר זיינען געוואָרן ארומגעשטעלט דורך א שטארק באוואָפנטן קאָרדאָן פון דייטשן. אין דעם זעלבן מאָמענט זיינען ארומגעשטעלט געוואָרן די הייזער נמ. 16, נמ. 18 און נמ. 13.

דער גאנצער לאגער האָט געפיבערט. די אידן זיינען געלאָפן פון איין אָרט אויפן צווייטן ווי משוגע. אין די אויגן האָט זיך געמאָלן טויט־שרעק. אלע האָבן מיר געוואָלט לעבן, א סך פון אונז זיינען נאָך געווען יונג און ערשט אריינגעטרעטן אין לעבן. מיר האָבן פארשטאנען, אז אונזער גורל איז שוין געחתמעט, אין איין מאָמענט שפעטער וועלן מיר אויפהערן פילן, אָטעמען, טראכטן און ליידן, — זאָגן די רעזיגנירטע. די ייִנגערע דיסקוטירן הייס וועגן דעם צי ס׳לוינט זיך קעגנשטעלן די דייטשן. עס איז דאָך שוין אונזער סוף. בעסער זיך פארטיידיקן מיט שטעקנס, העקלעך, הענט און ציין איידער זיך לאָזן שעכטן ווי בארא‌נעס. לאָמיר ווייזן, אז אידן קענען קעמפן און שטארבן.

די מער ניכטערע זוכן ערגעץ באוואָרנטע ערטער. אין שטוב איז אוממעגלעך זיך צו באהאלטן. אומעטום קען מען אונז געפינען. עטלעכע דרייסטע זיינען אריבער אויף דעכער אין די נאָעטסטע הייזער און געניסנדיק פון דער פינצטערער נאכט אנטלאָפן קיין קאָזשמינעק.

די געסטאַפּאָוצעס האָבן זיך געקייקלט פון געלעכטער. ס׳האָט זיך זיי נישט געלוינט נאָכצויאָגן די אנטלאָפענע. — "וויר קאָמען אויך דאָרט היין" — האָבן זיי געזאָגט מיט שפּאָט.

א שרעקלעכן איינדרוק האָבן געמאכט די פרומע חסידים, וועלכע האָבן זיך איינגאנצן רואיק צוגעגרייט צום טויט. זיי האָבן זיך געטוי ארומגעוואשן, אָנגעטאָן תכריכים און אָנגעהויבן הייס צו דאווענען. זיי האָבן נישט געבעטן גאָט וועגן הילף, נאָר זיי האָבן אים געבעטן מוחל זיין די זינד. אמבעסטן איז געווען טאקע אָט די עטלעכע פאנאטיקער. זיי זיינען געווען גליקלעך און שטאָלץ, אז זיי האָבן דעם גרויסן כבוד צו שטארבן אויף קידוש־השם, אז זיי קומען אום אזוי ווי ס׳זיינען אומגעקומען זייערע אורזיידעס אין שפאניע און אין אנדערע לענדער פון אייראָפּע.

מ׳האָט צווישן אונז געקענט זען שיכורים, וועלכע האָבן געפרוווט זייערע ליידן שטילן מיט בראָנפן.

פרויען האָבן שטיל געוויינט און געדריקט זייערע קינדער צו די ברוסטן.

מיטן אָנקומען פון טאָג איז אונז געוואָרן גרינגער אויף די הערצער. מיט דער נאכט זיינען אוועק די שווערסטע געדאנקען. די שטראלן פון דער נאָוועמבער־זון ברענגען אונז פון די הימלען גרוסן, זיי ברענגען אפשר דעם צוזאָג פון פרייהייט און פון א בעסערן לעבן. וויפיל וואונדער איז פאראן אין דער מענטשלעכער נאטור און ווי שטארק איז דער אידישער אָפּטימיזם. מיר האָבן שוין נישט געקענט האָבן קיין שום אילוזיעס וואָס שייך אונזער גורל און דאָך האָבן מיר אומבאוואוסטזיניק געגלויבט, אז ס׳איז נאָך נישט אזוי שלעכט, אז מ׳זאָל אונז אלע אויסמאָרדן. דערפאר טאקע האָט יעדער איינער געפאקט די רעשטלעך פון פארמעגנס און געווארט מיט רעזיגנאציע אויפן וויטערדיקן לויף פון געשעענישן.

ס׳איז אונז געווען אלץ איינס צי ס׳וועלן אונז בארויבן די שכנים צי אונזערע מערדער. דער מענטש איז אפילו אין אזא שווערן מאָמענט געווען צוגעבונדן צו זיין אייגנטום אזוי ווי ער וואָלט מיט אים געבוירן געוואָרן און געדארפט מיטנעמען אויף יענער וועלט.

נאָך מיטאָג האָבן מיר ווידער געהאט א פאלשן אלארם. פאר אונזער טויער האָבן זיך פארהאלטן צוויי שווארצע לימוזינעס. מיר האָבן געמיינט, אז דאָס איז שוין דער סוף. דער פרעזעס האן, וועלכער איז פריער געווען אזוי דרייסט און זיכער אפילו לגבי די דייטשן, איז איצטער ארומגעלאָפן בלאס, איינגעהויקערט און קליין. ער האָט גערופן אלע צום אפעל. ווען מיר זיינען שוין געשטאנען אויסגעשטעלט אין ריי זיינען אָנגעקומען געסטאפּאָ־לייט און גענומען אויסרופן לויט א רשימה. דער אויסגערופענער האָט געמוזט גיין דריי טריט פאָראויס, אויסדרייען זיך אויף דער פיאטע און צוריקגיין צו זיין פריערדיקן אָרט. דער ערשטער לויט דער ראנגע דייטש האָט זיך פארצייכנט ביי דעם פאמיליע־נאָמען פארשיידענע געהיימע צייכנס.

אז מ׳האָט אויסגערופן מיין נאָמען, בין איך שנעל ארויסגעלאָפן און געבליבן שטיין פאר דער גלייכער ריי. איך האָב נישט אראָפּגעלאָזט די אויגן פון דעם דייטשס פנים. ער איז מיר געווען

באקאנט. ס׳זיינען מיר געווען באקאנט די וואונדן אויף זיין פנים, זיין ציניש געלעכטער, וועלכער האָט אים אויסגעקרימט זיין פנים, די שווארצע, גלאַנציקע אויגן לויכטנדיקע ווי פונאנדערגעגליטע קוילן.

ביי די נעמען פון מיינע עלטערן און ביי די נעמען פון די עלטערע מענטשן האָט ער מערער געשריבן. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט. איבעריקנס האָט אונז האַן דערקלערט נאָכן אפעל. אז מ׳האָט אונז געזאָלט ארויסשיקן אלע און אין לעצטן מאָמענט האָט דער "דייטש מיט דעם שראם" געענדערט דעם פּלאַן און באַשלאָסן מיטנעמען מיט זיך נאָר די אלטע און די רעשט קראַנקע.

שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אז די דעציזיע איז גיוואָרן געענדערט א דאנק א דעפּעשע פון בערלין. וועגן דעם האָט זיך באַמיט אונזער שטאַטישע מאכט, וועלכע האָט פונדעסטוועגן געטאָן אלץ וואָס ס׳איז געווען מעגלעך. מיר האָבן אָפּגעאָטעמט פרייער. ווי מיאוס און עגאָאיסטיש דאָס איז געווען. אין שווערע מאָמענטן זיגט אין מענטש דער אינסטינקט פון זעלבסטדערהאַלטונג. יעדער וויל ראַטעווען נאָר זיך.

געפרייט האָבן זיך איצט נאָר די, וועלכע האָבן שוין נישט געהאט קיין עלטערע משפחה־מיטגלידער, די וועלכע האָבן שוין נישט מורא געהאט וועגן קיינעם.

דאָס מאָל האָט דער פּרעזעס האַן געזאָגט אונז דעם אמת. אין אָוונט זיינען "אונזערע געסט" נאָכאַמאָל געקומען און גערופן אין דאָקטאָרס קאַבינעט א געוויסע צאָל מענטשן מייסטנס קראַנקע און אלטע. זיי האָבן אָנגעקוקט פון ווײַטן די אויסגעשראָקענע פּנימער און געשריבן צייכנס ביי זייערע פאַמיליע־נעמען. איצטער האָבן מיר געוואוסט ווער עס דאַרף פאָרן.

איך האָב זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן פונאנדערגעוויינט, ווייל מ׳האָט אויך מיינע אלטערן גערופן. די נאכט וועל איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין מיין לעבן. איך ווייס נישט וואָס ס׳האָט זיך געטאָן אין אנדערע וואוינונגען, אָבער איך בין זיכער, אז דאָרט איז פאָרגעקומען דאָס זעלבע וואָס ביי אונז. מיר ד.ה. איך, מיינע שוועסטער און דער שוואָגער זיינען נישט אָפּגעטרעטן אויף קיין איין מינוט פון די עלטערן. דאָס זיינען דאָך שוין געווען אונזערע לעצטע געמיינזאַמע מאָמענטן. אין א שעה אָדער צוויי ארום וועלן זיי אוועק פון אונז אויף אייביק. פאַרוואָס? זיי זיינען דאָך נאָך אזוי יונג געווען און געקענט לעבן. מיט וואָס האָבן זיי געזינדיקט? מיר האָבן נישט געקענט שלום מאכן מיט דעם געדאַנק, אז מיר וועלן זיי פאַרלירן אויף אייביק, אז אינגיכן וועלן זיי אויפהערן אָטעמען, טראַכטן, פילן. זיי זיינען דאָך אינגאַנצן געזונט געווען. זיי זיינען געזעסן צווישן אונז און באַדעקט אונזערע פּנימער מיט הייסע קושן. זייערע טרערן האָבן זיך צונויפגעמישט מיט אונזערע און גערונען איבער אונזערע באַקן, נעזער און ליפּן ביז זיי זיינען געפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע וואו זיי האָבן זיך צעשפּריצט.

איינמאָל האָב איך זיך אויפגעהויבן און ארויפגעלאָפן אויפן בוידעם. דער וועג דורך קוימען און דורך די דעכער פון די שכנותדיקע הייזער איז געווען נאָך פריי. דאָס איז געווען אונזער לעצטע האָפנונג. אונזערע עלטערן האָבן אָבער געוואָלט אליין אומקומען, זיי האָבן נישט געוואָלט אויסשטעלן אונז אויף א געפאַר. איך האָב געוואָלט אָנווענדן גוואלד, אָבער דער פאָטער האָט געדראָט, אז ער וועט אָנהויבן שרייען, אָדער ארויפשפרינגען פון דאַך.

איך האָב נאָך קיינמאָל נישט געזען א מענטש, וועלכער זאָל זיין אזוי רואיק אין אָנבליק פון טויט. ער האָט אונז אלע באַרואיקט. מיין מוטער האָט געחלשט. מיין חבר האָט איר געמאַכט אן איינשפריצונג. ווען מיין מוטער איז געקומען צו זיך איז זי בייז געווען אויפן חבר, צוליב דער איינשפריצונג. זי האָט געוואָלט שטאַרבן צווישן אונז, אויף אונזערע הענט.

דאָס טראַגישסטע פון אלץ איז געווען די געזעגענונג. צומאָרגנס 9 פרי זיינען געקומען די לויפער פון עלטעסטנראַט מיט אן אָפיציעלער ליסטע פון די פאַרמשפּטע.

אין א שעה ארום האָט געזאָלט קומען דער אונז שוין גוט באַקאַנטער טויטן־אויטאָ.

צו מיין באַוואוסטזיין האָבן דערגרייכט שוואכע, אזוי ווי ווייטע וויינענדיקע שטימען. זיי זיינען געווען שרעקלעך, ווייל ס׳האָט זיך אויסגעדוכטן, אז זיי קומען פון יענער וועלט. ס׳האָט מיר גערוישט אין קאָפּ און אין די שלייפן האָט מיר געהאַקט. איך בין נאָענט געווען פון משוגעת.

איך האָב געהאַט איין פאַרלאַנג. איך האָב געוואָלט כאַפּן אַ האַק און האַקן וויפל ס׳וועט נאָר אַריין, אין די פעטע קאַרקן און אין זייערע פליכעוואַטע קעפּ. איך האָב געוואָלט שלאָגן, אַז זייערע מוחות זאָלן זיך צעשפּריצן. איך האָב געוואָלט באָדן זיך אין זייער בלוט און אין אים דערטרונקען ווערן.

ס׳האָט זיך מיר פאַרדרייט אין קאָפּ. איך בין אָבער נישט געפאַלן, ווייל עמעצער האָט מיך אונטערגעהאַלטן. איך בין שנעל געקומען צו זיך הערנדיק דעם גערויש פון מאָטאָר. דער גרויסער שוואַרצער שאָטן פון גאַז־אויטאָ האָט זיך פאַרהאַלטן פאַר אונזער טויער, דער לעצטער קוש, דאָס לעצטע וואָרט, דער לעצטער בליק. זיי זיינען אוועק. איך בין געבליבן אַ קיילעכדיקער יתום.

איך ווייס נישט וואָס ס׳איז אַרום מיר געווען. איך בין געבליבן שטיין אין טויער הילפלאָז ווי אַ קליין קינד אויף אַ רווישיקער גאַס, וואָס האָט פאַרלוירן די ניאַניע.

איך האָב דערהערט אַ קנאַק פון דער טיר פון אויטאָ, דעם גרילץ פון די אייזערנע ריגלס ״ברוך שם כבוד מלכותו לעולם ועד״.

דער מאָטאָר האָט אָנגעהויבן רווישן.

דורך די טרערן האָב איך נאָך דערזען אַ העלן וואָלקן רויך, וועלכער האָט אַרומגעהילט דעם שוואַרצן מאַסיוו פון אויטאָ ווי מיט תכריכים.

און ס׳איז ווידער רואיק אַזוי ווי דעמאָלט ווען עס רירט אַ וואָגן מיט אַ מת און נאָך אים די באַגלייטער אויף זיין לעצטן וועג.

איך ווייס נישט ווי לאַנג איך בין אַזוי געשטאַנען. איך האָב זיך נישט געקענט רירן פונעם אָרט. ס׳האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך וועל פאַרשטיינערט פון יסורים ווי איוב נאָכן פאַרלירן די קינדער. ס׳דאַכט זיך מיר, אַז די שוועסטער האָבן מיך אַהיימגעפירט. מיר זיינען פאַרבייגע־גאַנגען דורך דער וואוינונג פון חסיד נויהאוז. אויפן טיש האָט געברענט אַ ליכט. ער האָט זי אָנגעצונדן נאָך זיך אַליין. ער האָט אויך איבערגעדעקט דעם שפּיגל מיט אַ ווייסן ליילעך אַלס צייכן פון טרויער.

עס איז מיר קאַלט געוואָרן אין אַלע אברים ווען איך האָב דערזען דאָס בילד. איך בין געפאַלן דער שוועסטער אין די אָרעמס מיט אַ הויך געוויין.

דאַכט זיך, אַז דעמאָלט האָב איך צום לעצטן מאָל געוויינט.

מיינע חברים האָבן מיר דערציילט, אַז אין אָט דער לעצטער נאַכט זיינען אין אונזער לאַגער פאָרגעקומען דאַנטעאישע גיהנום־סצענעס. די מענטשן זיינען פּשוט אַראָפּ פון זינען פאַר צרות. ס׳האָט אויסגעזען ווי אויף אַן אונטערגייענדיקער שיף. די פרומע האָבן געזאָגט ווידוי און גרייט געווען צום טויט. אַ סך פון זיי האָבן זיך אַרומגעוואַשן און אָנגעטאָן די תכריכים, טליתים און תפילין און געוואַרט אויפן לעצטן מאָמענט. אַנדערע האָבן אַרומגעבלאָנקעט אָן אַ ציל, גלייכ־גילטיק אויף אַלץ. די פרויען זיינען געפאַלן אין חלשות, געהאַקט דאָס געפעס און געשלאָגן די שרייענדיקע קינדער.

שוידערלעך איז געווען דאָס בילד פון די קראַנקע. איין יונג מיידל, מאַלטשע יאַקובאָוויטש, וועלכע האָט געהאַט פאַראַליזירטע פיס, האָט אין רעזולטאַט פון דער נערוון־צעטרייסלונג באַקומען די מאַכט אין אירע פיס און איז אַליין אויפגעשטאַנען פון בעט.

דער קולימינאַציע־פּונקט פון דעם אומגליק איז דערגרייכט געוואָרן אין מאָמענט ווען מ׳האָט די פאַראורטיילטע גערופן אין דעם אויטאָ.

עטלעכע זיינען אַנטלאָפן דורך די דעכער, עטלעכע האָבן זיך באַהאַלטן אין ברונען אויפן הויף (קאַלמאַנאָוויטש מיט זיין פרוי). די צעווילדעוועטע געסטאַפּאַלייט און הערן פון עלטעסטנראַט זיינען געלאָפן דורכן גאַנצן הויז, געשאָסן אין דער לופטן כדי אַרויסצורופן שרעק, און געשלאָגן מיט בייטשן יעדן איינעם וואָס איז זיי אונטערגעקומען אונטער דער האַנט.

דער בלוטיקער דינסטיק (18־טן נאָוועמבער 1941) האָט איינגעשלונגען 127 קרבנות, צווישן זיי 15 קינדער פון יתומים־הויז. 5 עלטערע מיידלעך איז געלונגען צוזאַמען מיט זייער לייטערין צו אַנטלויפן איידער ס׳איז געקומען נאָך זיי דער שוואַרצער אויטאָ.

דער זעלבן טאָג האָבן מיר באַקומען אַ באַפעל צו פאַרלאָזן דאָס הויז אויף שאָפּענאַ 4. די שליסלען האָט איבערגענומען דער פונקציאָנאַר פון דער דייטשער קרימינאַל־פּאָליציי פופקע,

װעלכער איז נאָך באַקאַנט (אויב איך האָב קיין טעות נישט) פון יענער װעלט מלחמה. אונז האָט מען געגעבן װאױנונגען אין די אויסגעליידיקטע הייזער נר. 13, 16 און 18.

מיר זיינען געװען באַװאַכט, ביינאַכט און בייטאָג, און מיר האָבן נישט געװאוסט װאָס ס׳װעט מיט אונז זיין. די מיטגלידער פון עלטעסטנראַט זיינען געגאַנגען אין שטאָט, זיי האָבן אָבער קיין קאָנקרעטע נייעס נישט געבראַכט.

שבת אין אָװנט, דעם 22־טן נאָװעמבער איז אַװעק די לעצטע װאָך, כדי שוין מערער נישט צוריקצוקומען. מיר זיינען געװען פריי.

זונטיק האָבן מיר אין אָרדענונג געבראַכט די װאַרשטאַטן, כדי מאָנטיק צוריקצוקערן זיך צו דער אַרבעט. אָבער דעם 30־טן נאָװעמבער 1941 ביינאַכט זיינען מיר װידער אַלאַרמירט געװאָרן דורך די געשרייען פון זשאַנדאַרמען. מיר זיינען װידער געװען אַרומגערינגלט. איידער מיר האָבן זיך באַװיזן צו אָריענטירן זיינען די באַװאָפנטע דייטשן אין דער געזעלשאַפט פון עלטעסטנראַט אַריינגעפאַלן אין די װאױנונגען און צוגענומען לויט רשימות די פאַמיליעס מיט קינדער ביז 12 יאָר. אין משך פון א האַלבער שעה האָט מען אָנגעלאָדן אויף אויטאָס אַרום הונדערט פּערזאָן און אַװעקגעפירט אין דער ריכטונג פון קאָזשמינעק. די זשאַנדאַרמען זיינען גלייך אַװעק. דאָס מאָל האָבן זיי אויסגעפירט זייער פונקציע פּרעציז. קיינער איז נישט אַנטלאָפן. געקומען זיינען זיי מיט געװיינלעכע אויטאָס, װאָס ס׳האָט אונז באַרואיקט און אָפּגעװענדעט אונזער װאַכזאַמקייט.

װי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעװיזן, איז דער עלטעסטנראַט געװען גענוי אינפאָרמירט װעגן דער אַקציע, נאָך מיט עטלעכע טעג צוריק. דער עלטעסטנראַט האָט אָבער געשװיגן אויס מורא פאַר דער אייגענער הויט און פאַר זייער אייגענע פאַמיליעס. ס׳האָבן זיך געקענט ראַטעװען א סך יונגע מענטשן. די דייטשן האָבן קיין אַנטלאָפענע נישט געזוכט. זיי זיינען זיכער געװען, אַז אַלע װעלן סוף־כל־סוף קומען אין זייערע הענט. אָט דער טראַנספּאָרט האָט אונז פאַרשאַפט נאָך מער װייטיק, װייל מיט אים זיינען געגאַנגען צום טויט א סך יונגע מענטשן, געזונטע, שטאַרקע, פול מיט ענערגיע. ס׳זיינען אַװעק אַזוי פיל זיסע, אומשולדיקע קינדער. ס׳איז אַװעק די גאַנצע יוגנט. אונזער נערװן־סיסטעם איז איצט שוין געװען אינגאַנצן רואינירט. יעדער איינער פון אונז איז געװען א שפּליטער פון א פאַמיליע. יעדער איינער האָט פאַרלאָרן די עלטערן, דעם פאָטער, די מוטער, שװעסטער, ברידער און קרובים.

איך בין איצט געבליבן נאָר מיט מיין אינגערער שװעסטער און מיט נייע, טיפע װאונדן...

אונזער לאַגער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַן אויסגעשטאָרבן שטעטל, אויף װעמענס חורבות ס׳האָבן זיך אַרומגעבלאָנקעט אייזנזאַמע, װיינענדיקע שאָטנס.

די שפּאָרזאַמע געסטאַפּאָ־לייט האָט נישט געלוינט ספּעציעל צו קומען מיט די „שװאַרצע אויטאָס״ נאָך הונדערט מענטשן. זיי האָבן געהייסן ברענגען די הונדערט מענטשן קיין קאָזשמינעק, װאו ס׳האָט געזאָלט פאָרקומען א גרויסע אַקציע. מ׳האָט אַלע צוזאַמען אַריינגעפּאַקט אין דער פייערלעשער־רעמיזיע. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אָנגעהויבן אַרויספירן מיט די שװאַרצע אויטאָס טראַנספּאָרטן צו 70 פּערזאָן. זיי האָבן געכאַפּט פאַר די הענטלעך װיינענדיקע קינדער (אַװעקגעװאָרפענע דורך די מאַמעס) און אַריינגעװאָרפן זיי מיט אַלע כוחות אין די אויטאָס, כדי זיך קענען פרייען מיטן בילד פון זייער פליסנדיק בלוט און שפּריצנדיקע קינדערישע מוחות.

אין קאָזשמינעק האָט מען זיך געקענט ראַטעװען פאַר געלט און פאַר פעטע "לאַפּוּװקעס". דאָרט האָט דער עלטעסטנראַט אַרויסגעװיזן א געװיסע איניציאַטיװ אין איבערקויפן זשאַנדאַרמען און אין ראַטעװען כאָטש די דערװאַקסענע.

קאָזשמינעק האָט אָנגעװאָרן דעמאָלט א פּאָר הונדערט פּערזאָן, צװישן זיי א סך אַלטע, פרויען און קינדער. פון קאַלישער טראַנספּאָרט איז דורך א נס געבליבן נאָר מיין שװעסטער. די פרוי ד״ר דבורה גראָס־שינאַגעל איז מיטן קינד און מאַן צוגעגאַנגען צום װאַכמאַן און דערקלערט אים, אַז זי איז א דאָקטאָר. דער װאַכמאַן האָט זיך געװאונדערט פאַרװאָס זי געפינט זיך דאָ. ער האָט זי אַרויסגעלאָזט.

מיר זיינען געבליבן א צאָל פון 150 פּערזאָן. מ׳האָט ביי אונז צוגענומען דאָס הויז נר. 18 און אַריינגעפּאַקט אין די הייזער נר. 13 און 16. צומאָרגנס האָט מען אָנגעהויבן אַרבעטן נאָרמאַל

אזוי ווי ס׳וואָלט גאָרנישט פאָרגעקומען. ס׳האָבן אָנגעהויבן רוישן מאשינען און קלאפן די האמערס אין קאמף פאר אונזער לעבן.

ביז איצטער האָבן מיר געארבעט פאר פריוואטע שניידער און שוסטער־פירמעס. דער ווירט־שאפטסאמט האָט דערפון געהאט גרויסע איינפלוסן (אין יאָר 1941 איז אריינגעפלאָסן עטלעכע מיליאָן ד.מ.). דער עלטעסטנראט האָט געוואָלט מאכן אונזער ארבעט וויכטיקער און ער האָט געמאכט גרויסע באמיאונגען צו באקומען ארבעט ביי דער מלחמה־פראָדוקציע. דאָס וואָלט געקענט שטארקן די קאלישער פאָזיציעס. ס׳איז אונז ווירקלעך געלונגען צו באקומען מיליטער־באשטעלונגען אויף א גרעסערע צאָל ליילעכער, הענטשקעס, פעלצלעך פון קינסטלעכער שעפסן־וואָל און שטרויענע שיך. דאס איז געווען א גרויסע דערגרייכונג פאר אונז. ס׳האָט געהייסן, אז מיר ארבעטן פארן מיליטער. די ארבעט איז אָבער נישט געווען קיין סטאבילע. ערשט נאָך לאנגע באמיאונגען איז געלונגען אָנצוקניפן א קאָנטאקט מיט א גרויסן בערלינער אונטערנעמער שענוואלד. ער האָט געהאט ווייניק ארבעטער אין זיינע ווארשטאטן און דערפאר געמוזט פאר־קלענערן די פראָדוקציע פון די מונדירן פארן מיליטער. ער האָט זיך טאקע זייער דערפרייט ווען מיר האָבן אים פאָרגעלייגט אונזער הילף, אויף וועלכער מיר האָבן געהאט א דערלויבעניש פון ווירטשאפטס־אמט און פון דער שטאָטישער מאכט. ווען די ערשטע פאָר צענדליק מונדירן זיינען געלונגען האָט ער זיך באמיט ביי דער וואָיעוואָדישער געסטאפאָ־מאכט, אז מיר זאָלן ארבעטן פאר זיין פירמע.

מיר האָבן געוואָלט, אז אונזער לאגער זאָל ווערן א פיליע פון זיין אונטערנעמונג, ער זאָל איבערנעמען די פארוואלטונג פון אונזער לאגער און געבן דערפאר דעם שילד פון א מיליטער־פאבריק. מיר האָבן זיך באמיט מיט אלע כוחות, אז דער אייגנטימער זאָל זיין צופרידן פון אונזער ארבעט. ס׳איז זיך לייכט פאָרצושטעלן וואָס פאר א פרייד ס׳האָט געהערשט אין לאגער ווען ס׳איז געקומען די ידיעה, אז שענוואלדס קאָנטראקט איז באשטעטיקט. מיר האָבן געהאט אן איינדרוק, או אונזערע פאָזיציעס זיינען פעסט. דערוויילי זיינען אריבער וואָכן. ס׳איז שוין אריבער לאנג דער טערמין אין וועלכן ס׳האָבן געזאָלט צוריקקומען אונזערע מענטשן פון דער פויזנער געגנט. ס׳זיינען אריבער חדשים און זיי זיינען נישט צוריקגעקומען. מיר האָבן פון זיי באקומען שלעכטע בריוו. פון יאנואר 1942 האָט מען זיי איבערגעשיקט אין אנדערע לאגערן, וואו זיי האָבן געליטן פון הונגער, נויט און שמוץ. זיי האָבן שווער געארבעט ביי מעליאָרירן די פעלדער און ביי פארריכטן די וועגן. די ארבעט איז צוליב דער שלעכטער דערנערונג און שרעקלעכע לעבנס־באדינגונגען געווען נישט אויסצוהאלטן.

מיר האָבן פארלוירן די האָפנונג, אז מיר וועלן זיי ווען נאָך זען. איינמאָל זיינען מיר אלארמירט געוואָרן פון דער ידיעה, אז "דער מענטש מיטן שראם" איז דאָ אין שטאָט. דאָס איז געווען גענוג ארויסצורופן א שרעקלעכע פאניק ביי אונז און אז א העלפט פון אונזערע מענטשן זאָלן נעכטיקן ביי באקאנטע פאָליאקן. אין משך פון דעם טאָג האָבן מיר אויסגעשטעלט א גרויסע צאָל אָבסערוואטאָרן, וועלכע האָבן געזאָלט באצייטנס אלאמירן וועגן א נאָענטער געפאר. נאָך א דריי־טאָגיקער שפאנונג איז די שרעק פארביי. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער דייטש האָט פארלאָזט קאליש. עטלעכע פאמיליעס האָבן פארלאָזט קאליש כדי צו געפינען א "מער זיכער" אָרט אין זדונסקע־וואָליע און לאסק (בלאָך, בולקא, ליפשיץ, ארקוש, ווישניעווסקא מיט די קינדער א.א.).

די ארבעט אין אונזער ווארשטאט האָט זיך כסדר אנטוויקלט. מ׳האָט מאסנווייז געבראכט צו אונז אלטע מונדירן. מ׳האָט זיי געמוזט אויפטרענען, פוצן, פארריכטן, אויפנייען לויט א שאַבלאָן און פרעסן, כדי זיי זאָלן אויסזען ווי ניי. יעדע נאָט, יעדער שטאָך זיינען געווען געמאָסטן מיט דער גרעסטער פינקטלעכקייט. אלץ האָט געמוזט שטימען גענוי.

אין די ליידיקע זאלן האָט מען איינגעאָרדנט א ספעציעלע אָפטיילונג פאר אויפטרענען און פוצן די מונדירן. דאָ זיינען געווען באשעפטיקט אלע אָן אויסנאם פרויען און די קינדער, וועלכע זיינען געווען מערער ווי 12 יאָר אלט. ס׳זיינען דאָ אויך געווען באשעפטיקט אלע, וועלכע האָבן נישט געקענט נייען. דער שוסטער־ווארשטאט איז געוואָרן ליקווידירט אלס נישט וויכטיקער. אלע כוחות זיינען געוואָרן מאָביליזירט פאר די שניידער־ווארשטאטן. מ׳האָט געוואָלט דערגרייכן

דעם מאקסימום פון דער פראָדוקציע. אלע האָבן זיך באמיט צו באפרידיקן די קאפריזן פון דעם ״בערלינטשיק״. אונזער גורל איז איצט געלעגן אין זיינע הענט. ער האָט וועגן דעם געוואוסט און געיאָגט אונז וויפל ער האָט נאָר געקענט. שלעכט וואָלט געווען מיט אונז ווען דער טראנספּאָרט באשטעלונגען וואָלט נישט געווען אויסגעפירט צו דער צייט אָדער ווען ער וואָלט געפונען די קלענסטע אומפינקטלעכקייט אין דער ארבעט. דאָס איז דאָך געווען באשטימט פאר דער גרויסער, אומבאזיגבארער, דייטשער ארמיי.

מיר האָבן איצט געלעבט פאר דער דייטשער ארמיי. פאר איר האָבן מיר געהאָרעוועט טאָג און נאכט, אָפטמאָל אויך די זונטיק־טעג. מיר האָבן אוועקגעגעבן אונזערע לעצטע כוחות — ״אללעס פיר די דייטשע ווערמאכט״. דאָס איז איצט געווען אונזער פערדל און אויף אים האָבן מיר געריטן נאָך עטלעכע חדשים. אויף א ענלעכן אופן האָט זיך איינגעאָרדנט קאָזשמינעק.

פון אונזערע ארבעטער אין די לאגערן זיינען געקומען אלץ ערגערע ידיעות. זומער האָבן זיך די באדינגונגען אזוי פארערגערט, אז א סך פון זיי זיינען קראנק געוואָרן און געשטאָרבן. עטלעכע זיינען משוגע געוואָרן (דעם פריזיער יאקובאָוויטש פרוי). אלע האָבן געארבעט מיט די לעצטע כוחות. געשמיסענע און געשלאָגענע האָבן זיי זיך געוואונטשן דעם טויט. דאָך האָבן זיי געוואָלט לעבן. עטלעכע דרייסטע זיינען אנטלאָפן און צוריקגעקומען צו אונז אין לאגער. זיי האָבן געוואנדערט ביינאכט און בייטאָג זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער. אויסגעזען האָבן זיי שרעקלעך. דאָס זיינען געווען שאָטנס פון מענטשן אין רעשטן קליידער. זיי האָבן דערציילט שוידערלעכע פרטים וועגן זייערע איבערלעבונגען.

די אלע אָנגעקומענע זיינען געווען שניידער און א דאנק דעם איז געלונגען זיי איינצומעלדן אלס געקומענע פון א צווייטן געטאָ. האָן האָט זיי נישט איבערגעגעבן אין געסטאפּאָ. די געקומענע זיינען געווען געהאָרכזאם אין קעגנזאץ צו די בונטארע קריזע, האלא מאָשקאָוויטש און לאָלא יעדוואב. קריזע און האלא מאָשקאָוויטש זיינען טאקע אומגעקומען צוליב זייער נישט־געהאָרכזאמקייט. ס׳איז אויך אומגעקומען מיין שוועסטער מאדזשיא גראָס (26־טן מערץ 1942). זי האָט צו אָפט און נישט אויפמערקזאם געשריבן בריוו צו אירע באקאנטע. מ׳האָט זי געמסרט אלס מיטבאטייליקטע אין דער פוילישער קאָנספּיראציע־ארבעט. זי איז געוואָרן ארעסטירט און אוועקגעשיקט אין לאָדזשער געטאָ אזוי ווי אלע פריערדיקע. דאָ זיינען זיי געמישפּעט געוואָרן דורכן געריכט פון פּרעזעס רומקאָווסקי און דורך דער אידישער פּאָליציי, וועלכע האָבן אלע טאָג אוועקגעשיקט טראנספּאָרטן פון אזעלכע שעדיקער אין דער ריכטונג פון כעלמנאָ, נעבן קאָלאָ.

כאָטש מיר האָבן געארבעט פאר דער ווערמאכט, האָבן מיר אָבער געוואוסט, אז מיר וועלן אין קאליש לאנג נישט פארבלייבן. פריער צי שפּעטער וועט מען אונז אוועקשיקן אין די לאגערן אָדער אומברענגען. מיר האָבן דאָס געפילט אויף יעדן טריט, ווייל לעצטנס האָט זיך די באציאונג פון די דייטשן לגבי אונז שטארק פארערגערט. ספּעציעל האָבן מיר דאָס אָנגעהויבן פילן נאָך די ערשטע מפלות אויפן דרום־מזרחדיקן פראָנט.

מיר האָבן געמוזט ליידן דערפאר, ווייל די העלדן פון סטאלינגראד האָבן אזוי פּרעכטיק געקעמפט, ווייל די רויטע ארמיי האָט אויפגעהאלטן דעם זיגרייכן מארש פון די דייטשן, ווייל די רויטע ארמיי האָט זיך געגרייט צו אַן אָפענסיווע אויף דער גאנצער לענג פון פראָנט.

אנדערע שטימונגען האָבן געהערשט צווישן די ״פריצעס״ ווען זיי האָבן אויסגעצויגן די הענט נאָך לענינגראד, מאָסקווע, אוראל און קאווקאז.

אלץ אָפטער און אָפטער באאומרואיקן אונז שטימען וועגן א נייער אויסזידלונג. ווידער די פארשאָלטענע געדאנקען און פאראויסזעאונגען. ווידער דראָט אונז דאָס בילד פון די שווארצע אויטאָס און די אלע איבערלעבונגען פון דער נאָוועמבער־נאכט. ס׳איז שווער צו ארבעטן אין דער צייט ווען אין קאָפּ רוישט פון די טויזנטער געדאנקען, ווען די שרעק פארן טויט פּאראליזירט די גלידער, ווען יעדער אָפּקלאנג פון גאס רייצט אונזער צערודערטן נערוון־סיסטעם. ס׳איז שווער איינצוזיצן, ווייל אויפן אָפּקלאנג פון דער דייטשער שפּראך, אויפן געריש פון מאָטאָר שטארבט ביי אונז אָפּ דאָס הארץ און דאָס בלוט גיט א שלאָג אין קאָפּ. זאָל מען אונז שוין איינמאָל אוועקשיקן, נאָר זאָל עס שוין שנעלער קומען, ווייל אזוי איז אוממעגלעך צו לעבן. און דאָך זיינען מיר געווען גליקלעך מיט יעדן טאָג און מיט יעדן אָוונט, וועלכער איז אונז

געלונגען צו געווינען פאר זיך. מיר האָבן געהאט איצטער איין פארלאנג: רואיק איבערשלאָפן די נאכט און דערלעבן דעם מאָרגן. מיר האָבן אויפגעהערט צו קלערן וועגן א גליקלעכער, צוקונפטיקער צייט און געלעבט מיטן איצטיקן מאָמענט.

סוף מאי האָט ווידער א האָרדע באוואָפנטע דייטשן ארומגערינגלט אונזער לאגער. מיר האָבן גערעכנט, אז דאָס איז שוין דער סוף. דער סוף איז אָבער נישט געווען פאר אלע. די דייטשן זיינען געקומען נאָך עטלעכע צענדליק ארבעטספעציאַליסטן מענער. די לאגערן אין פויזן זיינען געוואָרן ליידיקער צוליב דער גרויסער שטערבלעכקייט, און ס'איז געוואָרן פריי דער פלאץ פאר די איבעריקע פארטיעס.

איך האָב מורא געהאט צו ריזיקירן און האָב באשלאָסן צו אנטלויפן פון לאגער פאר יעדן פרייז. ס'איז מיר געלונגען ארויסצובאקומען זיך אויפן הויף נר. 16, וועלכער איז געווען "סטראַ־טעגיש בעסער". ווי א ווילדער בין איך אריבער מיט איין שפרונג דעם הויכן פלויט, און האָב זיך באהאלטן אויף די טרעפ פון א רואינירטן קעלער אין נאָענטסטן גאָרטן. צוגעטוליעט צו דער וואנט און ציטערנדיק ווי א בלאט איז דאָ געשטאנען אונזער שוסטער בענדיט ראָר. דעם אריינגאנג האָבן מיר פארשטעלט מיט א צווייג, און אזוי ארום פארמאסקירט אונזער באהעלטעניש.

מ'האָט אונז ווארשיינלעך באמערקט, ווייל עטלעכע טריט אונטער אונז האָט זיך דערהערט דאָס גערויש פון בלעטער און דער קנאק פון צווייגן. ס'איז נישט געווען קיין צייט צו טראכטן. מיר זיינען ארויס פון באהעלטעניש און שנעל געלאָפן צו נאָענטסטן פלויט.

דאכט זיך, אז מ'האָט הינטער אונז אויסגעשאָסן. מיר זיינען אָבער געווען אין דריטן גאָרטן (ביי דאָבראָוואָלסקי) און נאָר איין טירל האָט אונז אָפגעטיילט פון דער גאס. דאָ האָבן מיר זיך צעשיידט.

מיט רואיקע טריט, כדי נישט צו ציען קיינעמס אויפמערקזאמקייט, בין איך צוגעקומען צום ראָג און אריין אין דער שאפענא־גאס. פון לאנגע יאָרן איז מיר באקאנט דער דורכגאנג. פון קעטשקערס הויז בין איך אריבער אין גאָרטן פון הויף טשאסנא 15. איך האָב דאָ געקענט יעדעס ווינקל, יעדן בוים, יעדעס ברעט אין פלויט, ווייל אין דעם הויז בין איך געבוירן געוואָרן און געלעבט 17 יאָר.

די גוט באקאנטע מיר שכנטע פרוי לעוואנדאָווסקא האָט מיך באהאלטן אין א קעלער וואו איך בין געזעסן עטלעכע שעה. אין אָוונט בין איך צוריקגעגאנגען אין לאגער.

צומאָרגנס איז דאָס לעבן געגאנגען נאָרמאל. מ'האָט גאָרנישט דערקענט, אז נעכטן איז עפעס פאָרגעקומען. ס'זיינען נאָר איינגעשטילט געוואָרן עטלעכע צענדליק מאשינען און ס'זיינען ליידיק געוואָרן איבער א צענדליק ווינקלען. עטלעכע הערצער האָבן שמערצלעך אָבער רואיק געוויינט נאָך די נייע פארלוסטן, די ארבעט האָט זיך אָבער נישט אָפגעשטעלט.

העכער האָבן געקלאפט אונזערע מאשינען. מיר האָבן אויף אזא אופן געוואָלט אויסגלייכן דעם פארלוסט פון 40 מענטשן.

מיר זיינען געבליבן אין צאָל פון 120.

ס'איז געווען א הייסער יולי־טאָג אין יאָר 1942. די זון האָט געברענט אָן רחמנות. די בלוט־דורשטיקע פליגן האָבן אונז געשטאָכן שטארקער ווי אלע מאָל. צי האָבן זיי פאַרגעפילט, אז זיי וועלן אינגיכן פארלירן זייערע קרבנות און געיאָגט זיך דערפאר, כדי אויסצוטרינקען די רעשט פון אונזער שוויס, די רעשט פון אונזער בלוט?

לויט די ידיעות פון עטלעכע איבערגעקויפטע דייטשע באאמטע האָט מען אונז געזאָלט איבער־שיקן קיין קאָזשמינעק און פון דאָרט אין לאָדזשער געטאָ. ס'איז "קלענער" געוואָרן אונזער פרעזעס, ס'זיינען שטילער געוואָרן די איבעריקע מיטגלידער פון עלטעסטנראט. ווייל אין לאָדזש האָט דאָך געקיניגט דער אלמעכטיקער רומקאָווסקי, וועלכער האָט זיי געקענט צוזאמען מיט די איבעריקע אידן אויסגלייכן מיט דער בלאָטע.

מיר האָבן ווייטער געארבעט. די ארבעט האָט זיך אָבער נישט געקלעפט. שענוואלד לויפט ווי משוגע און שרייט אויף די אויסגעשראָקענע מייסטערס. אזוי פיל אויסבעסערונגען אין דער ארבעט איז נאָך קיינמאָל נישט געווען. מ'האָט דאָס געמוזט אויסבעסערן נאָך דער ארבעטסצייט

און אין די זונטיק־טעג. ער האָט זיך געקאָכט פאר כעס. ער האָט אָבער אינטערווענירט וואו ער האָט נאָר געקענט, אז מיר זאָלן בלייבן אין קאליש.

דעם 4־טן יולי איז געווען הייס פון אינדערפרי. איך האָב געגומען א מונדיר, וועלכער האָט געמוזט אויפגעטרענט ווערן ביז מיטאָג און כ׳בין ארויס אויפן דאך פון א נידעריק קרעמל, כדי זיך נישט צו שטיקן אין דער געדיכטן שטויב, וועלכער האָט זיך ארויסבאקומען פון די אויפ־געטרענטע מונדירן. דאָס איז געווען דער שטויב פון די שלאַכטפעלדער פון אייראָפּע און צפון־אפריקע. דער שטויב איז געווען א לעבעדיקער עדות פון אזויפיל מערדערייען, שחיטות און קרבנות פון דער ציוויל־באפעלקערונג.

אן אויסערגעוויינלעכער טומל אויפן הויף האָט צוגעצויגן מיין אויפמערקזאמקייט. איך האָב נישט געפרעגט וואָס ס׳איז געשען. פאר מיר איז אלץ קלאָר געווען.

איך האָב א קוק געטאָן אין דער ריכטונג פון פעלד. דאָ האָט מען נאָך נישט געזען קיין זשאנדארמען. איין שפרונג און איך האָב געקענט זיין פריי. אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אָבער דערמאָנט, אז אויבן אין ווארשטאט געפינט זיך מיין שוועסטער, וועלכע איז געבליבן די איינציקע און לעצטע פון מיין משפחה. מער האָב איך שוין קיינעם נישט געהאט. איך בין גלייך פארשוואונדן געוואָרן אין הויף. איך ווייס אפילו נישט, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, ווייל פון גרויס איילעניש האָב איך קיינעם פאר זיך נישט געזען. אין עטלעכע סעקונדן ארום בין איך געווען אין אונזער צימער. די שוועסטער האָב איך דאָ נישט געטראָפן.

א שכנה האָט מיר געזאָגט, אז אין לעצטן, כמעט, מאָמענט איז מיין שוועסטער אנטלאָפן צוזאמען מיט איר מאן און מיט איר צווייייאָריקן זון, וועלכער איז געווען דאָס איינציקע קינד אין לאַגער. ביז איצט האָבן מיר עס אויסבאהאלטן. די שכנה זאָגט מיר נאָך, אז מיין שוועסטער געפינט זיך קעגנאיבער אין ארישן הויז פ.א.וו. 18. איך האָב דערזען, ווי אין איינעם פון די פענצטער האָבן זיך באוועגט די גארדינען. איך האָב גלייך דערקענט מיין שוועסטערס פארוויינט פנים. זי האָט מיר געגעבן נערוועזע צייכנס. אין עטלעכע מינוט ארום בין איך געווען אונטן. אין טויער האָט מיך פארהאלטן א חבר. ער האָט געפרעגט וואו איך גיי און געהייסן מיר אראָפּטראָגן די זאכן כדי איך זאָל גרייט זיין צום אָפּפאָרן. אין א האלבע שעה ארום פאָרן אלע אין די לאָדזשער ווארשטאטן. ער האָט מיר צוגעגעבן מוט און געטרייסט, אז אלץ וועט זיין אין בעסטן אָרדענונג. וואָס ער האָט נאָך גערעדט האָב איך נישט געהערט. איך האָב זיך פון אים אוועקגעריסן מיט כוח. איך האָב נישט געהאט קיין שום באגאזשן און א דאנק דעם האָט מיך דער זשאנדארם נישט פארהאלטן. ער האָט געמיינט, אז איך בין פון הויז נר. 16.

דאָ זיינען שוין אלע געשטאנען אויסגעשטעלט מיט די באגאזשן און געווארט אויף א באפעל צום אָפּמארש. "שקלאַפן פון אייערע שמאטעס, פארוואָס אנטלויפט איר נישט"? — האָב איך זיך געטראכט.

איך בין אריין אין פאָדערהויז און אין עטלעכע סעקונדן ארום בין איך געווען אויפן בוידעם. מיט איין שטופּ האָב איך אוועקגערוקט א שווערע שאנק און איך בין אריין אין א גוט פאר־מאסקירטער עפענונג אין דער וואנט. די עפענונג האָט געפירט אויפן בוידעם פון הויז נר. 18. דאָס הויז נר. 18 איז ביז נישט לאנג געווען באוואוינט דורך מיר און דער דורכגאנג איז אונז אלעמען געווען גוט באקאנט. ער איז געוואָרן אויסגעהאקט דורך אונזערע ייִנגלעך אין נאָוועמבער פון פארגאנגענעם יאָר. איך האָב זיך קוים אדורכגעקריגן דורך דעם שמאָלן דורכגאנג, וועלכער האָט געפירט אין אן ארישן הויז. כדי אריינגיין אין דער וואוינונג וואו ס׳האָט אויסבאהאלטן מיין שוועסטער, האָב איך געמוזט דורכגיין דורך א גרויסן הויף. צו מיין גליק איז דער הויף געווען ליידיק. אין פאָדערהויז האָט מיך פארשטעלט דעם וועג איינער א פאָלקסדייטש שולץ, א שוסטער, וועלכן איך האָב גוט געקענט.

עס האָבן נישט געהאָלפן קיין שום בקשות פון מיין זייט. אין א מאָמענט ארום איז שוין דאָ געווען א זשאנדארם. שווער און הארב זיינען די קאָלבעס פון די דייטשע ביקסן. איצט האָב איך זיך אָפּגעגעבן דערפון א חשבון. איך האָב אויך דערהערט אן אָפּקלאנג פון רעפעטירטן געווער. דאכט זיך, אז ער האָט אויסגעשאָסן. אין א מינוט ארום בין איך שוין געווען אונטערן 16־טל אין לאַגער.

ביז היינט ווייס איך נישט פון וואו נעמט זיך אזויפיל כוח אין א שוואכן מענטשן. צי איז דאָס דער שטאַרקער ווילן, צי דער זעלבסטדערהאַלטונגס־אינסטינקט און ווילן צום לעבן. איצט האָב איך זיך אָפּגעגעבן א חשבון פון מיין סיטואַציע. זי איז געווען אויסזיכטסלאָז. איך האָב געוואוסט, אז צו דער שווערסטער וויל איך נישט אריבער. איין איבעריקער טריט האָט געדראָט מיט ברענגען א זשאַנדאַרם. צווייטנס, האָב איך נישט געוואוסט צי ס׳וועט דאָרט זיין אָרט אויך פאַר מיר. איך האָב דאָך אזא כאַראַקטעריסטישן אידישן אויסזען. איך האָב געמוזט דאָ פאַרבלייבן און איבערוואַרטן. וועגן דער שוועסטער האָב איך דערווייל געקענט זיין רואיק. זי איז געווען אין א זיכער אָרט.

איך האָב געמוזט ענדערן די טאַקטיק. מיט גרויס מי האָב איך צוזאַמענגענומען די רעשט פון מיינע געזונטע געדאַנקען. פון דעם מאָמענטאַלן לעטאַרג האָבן מיך אַרויסגעריסן די קולות פון די זשאַנדאַרמען "אַללע איינטרעטען". איך האָב נישט געהאַט קיין צייט צו קלערן. איך בין אַריינגעפאַלן אין פאָדערהויז וואו ס׳איז געשטאַנען א גרופּע חברים. — "וואָס שטייט איר — האָב איך אויסגעשריגן — מיר האָבן נישט קיין איין מאָמענט צו פאַרלירן". א טייל חברים זיינען גלייך אַריבער צו מיר. די איבעריקע זיינען געבליבן און אונז אָנגעקוקט שווייגנדיק מיט אַן אומנאָרמאַלן בליק.

אין א מאָמענט אַרום זיינען מיר געווען אויפן בוידעם. נאָך א קורצע באַראַטונג האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוקריכן דורכן קוימען אויפן דאַך, אַדורכגיין איבער די דעכער און זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם פון אַרישן הויז נר. 18. וואָס וועט זיין שפּעטער, וועלן מיר זען!

מיר זיינען געווען פינף פּערזאָן: העניעק בלאַשקאָווסקי מיט זיין פרוי, אסתר שוואַרצבאַרט, יולעק וואָלקאָוויטש מיט זיין פרוי, מאַרישא זיידל און איך. מיר האָבן אַרויפגעזעצט די פרויען אויפן דאַך, פאַרווישט אַלע שפּורן און געגאַנגען הינטער זיי. כדי מ׳זאָל אונז נישט באַמערקן האָבן מיר זיך געשאַרט אויפן הייסן דאַך. סוף כל סוף איז אונז געלונגען צוקומען צום לעצטן דאַך־איינגאַנג. מיט איין שטויס האָבן מיר אַראָפּגענומען דעם צודעק. שטיל און רואיק זיינען מיר אַרויף אויפן בוידעם. דאָ האָבן מיר זיך באַהאַלטן אין טונקלסטן ווינקל, ביי דער נידעריק־סטער וואַנט ביים דאַך. מיר האָבן זיך געמוזט פאַרהאַלטן זייער רואיק, אז מ׳זאָל אונז נישט דערהערן אין עפּעס א וואוינונג אויפן דריטן שטאָק. די בעלקעס זיינען געווען פאַרטרוקנט און האָבן געקענט קנאַקן ביים קלענסטן ריר. מיר זיינען געלעגן רואיק, צוגעטוליעט צו זיך, איינ־געהערט אין קלאַפּן פון אונזערע אייגענע הערצער. די שטילקייט איז געווען געשטערט נאָר ז׳ורכן זשומען פון די פליגן און דורך די פאַרהילכטע געשרייען פון די זשאַנדאַרמען. שרעקלעך לאַנג האָבן זיך געצויגן די מינוטן. דער זייגער אויפן טורעם פון ראַטהויז האָט אויסגעשלאָגן 11 א זייגער. מיר האָבן דערהערט א גערויש פון מאָטאָרן... צי זיינען זיי ווידער דאָ? איך האָב מורא געהאַט וועגן דעם צו קלערן. אין די שלייפן האָט מיר געהאַקט ווי מיט האַמערס. דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר געוואָרפן פאַר שרעק. איך האָב שוין נישט געקענט אויסהאַלטן און כ׳האָב זיך אויפמערקזאַם צוגעשאַרט צום נידעריקן פענצטערל. די איבערגעשראָקענע שוואַלבן זיינען שנעל אַרויס פון די נעסטן. איך האָב פאַרשאָטן די שויב מיט זאַמד. איצט האָב איך געקענט רואיק צוגיין צום פענצטער.

דאָס זיינען נישט געווען די "שוואַרצע אויטאָס". דאָס זיינען געווען געוויינלעכע לאַסט־אויטאָס. מ׳האָט פּונקט געלאָדן די לעצטע גרופּע מענטשן. איך האָב דאָ דערקענט מיינע באַקאַנטע. זיי זיינען געווען רואיק, ווייל זיי זיינען זיכער געווען, אז זיי פאָרן קיין לאָדזש. ווען די אויטאָס זיינען אַוועק האָט אין מיר דאָס האַרץ א קלאַפּ געטאָן לעבעדיקער אָבער גלייכצייטיק מיט טרויער און מיט ווייטיק. איך האָב געוואוסט, אז איך וועל שוין קיינמאָל נישט זען די מענטשן. איך בין צוריקגעגאַנגען אויף מיין אָרט. די פרויען האָבן שטיל געוויינט. מיר האָבן נישט געהאַט וואו זיך צו באַהאַלטן. דאָ האָבן מיר נישט געטאָרט פאַרבלייבן. מיר האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיט די געפאַרן, וועלכע האָבן אונז אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. צי וועט אונז ווער דערלאַנגען א ברידערלעכע האַנט? צי וועט עמעץ וועלן איינשטעלן זיך פאַר אונז אין נאָמען פון וועלכע אידעאַלן?

מיר זיינען געווען אָן א גראָשן, אין איין העמד און אין צעריסענע שיך. מיר האָבן שוין

באדויערט, וואָס מיר זיינען נישט ווי אַלע געפאָרן קיין לאָדזש. די פרויען האָבן געוואָלט צוריקגיין צו זייערע נאָענטע. ספּעציעלע שרעק רופט ביי אונז ארויס דער צושטאנד פון אסתר. זי איז אויף דער צייט און דארף אין די נאָענסטע טעג געלעגן ווערן. זי האלט זיך אָבער זייער העלדיש און מאָדנע רואיק.

די היץ ווערט אוממעגלעך. דער צעגליטער דאך בריט. ס׳איז שווער צו אָטעמען מיט דער הייסער לופט. מיר פילן נישט קיין הונגער, כאָטש מיר האבן פון נעכטן גאָרנישט געגעסן. עס ווילט זיך אונז זייער טרינקען. מיר ווייסן נישט ווי לאנג ס׳קען אונז אויסקומען צו ליגן אויפן בוידעם.

פלוצלונג זיינען אונז די הערצער אָפּגעשטאָרבן. ס׳האָט א גרילץ געטאָן דער שליסל אין פארזשאווערטן שלאָס. ס׳האָט א סקריפּע געטאָן די הילצערנע טיר אויפן בוידעם. ס׳איז אריין א יונגע פרוי מיט א קויבער אויף וועש אין האנט.

אריינגעקוועטשט אין א טונקעלן ווינקל אָבסערווירן מיר מיט שרעק יעדן זשעסט. אפשר האָט זי אונז דערהערט און זי איז געקומען קאָנטראָלירן וואָס דאָ איז פאָרגעקומען. פארשיידענע געדאנקען פלאָנטערן זיך אין אונזערע מוחות. — וואָס וועט איצטער זיין? אויב זי וועט אונז דערזען, וועט דאָך זיין א סוף צו אונז. איך האָב געוואָרפן א בליק אויף מיינע חברים. איך האָב פארשטאנען וואָס זיי קלערן. איך בין געזעסן אמנאָענסטן. אויב זי וועט אונז באמערקן, וועט מען איר מוזן פארשטופּן דאָס מויל, בינדן זי און אנטלויפן.

די פאָלקסדייטשקע האָט רואיק איינגעפּאקט איר קויש, אראָפּגענומען די שנורן און איז אוועק.
ווען ס׳האָט ווידער א סקריפּע געטאָן די טיר און ס׳איז איבערגעדרייט געוואָרן דער שליסל אין אלטן שלאָס האָבן מיר פרייער אָפּגעאָטעמט.
די שעהן האָבן זיך לאנגזאם געצויגן אזוי ווי אויך זיי וואָלטן געווען קעגן אונז.

ס׳איז צוגעפאלן די נאכט און ס׳איז געוואָרן קילער. די קילקייט האָט אונז געראטעוועט, ווייל אונזערע כוחות האָבן זיך שוין אויסגעשעפּט. איך האָב באשלאָסן אריבערצוגיין מיט יולעקן אין נאָענטסטן לידיקן הויז נאָך וואסער, עסנווארג און נאָך עפּעס א מארינארקע. איך בין געווען נאָר אין העמד און די קילקייט פון דער נאכט האָט זיך שוין געלאָזט פילן. מיר האָבן אָבער געמוזט רעזיגנירן דערפון, ווייל ס׳האָט געדראָט מיט אויפוועקן פון גאנצן הויז. איבעריקנס האָט אונז געקענט באמערקן די וואך פון די „פרייוויליקע פייערלעשער״. זיי זיינען געגאנגען איבער די ליידיקע וואוינונגען און גערויבט וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט.

מיר האָבן אָפּגעהאלטן א לאנגע בעראטונג. מיר האָבן באשלאָסן, אז 6 פרי, ווען די ארבעטער גייען אהיים פון דער נאכטשיכט וועלן מיר פארלאָזן אונזער באהעלטעניש. מיר האָבן אויך באשלאָסן צוליב זיכערקייטס־טעמים נישט צו פארבלייבן צוזאמען. יעדער איינער דארף גיין אין א באזונדערן וועג. אפשר וועט וועמען געלונגען. דער קלויסטער־זייגער האָט אויסגעשלאָגן 6 מאָל. נאָך אים האָט לאנגזאם אָבער שטארק זיך אָפּגערופן דער ראטוש־זייגער. מיר האָבן זיך אָנגעקוקט צום לעצטן מאָל. דער לעצטער האנט־דרוק. מיט געמיינזאמע כוחות האָבן מיר ארויסגעבראָכן די טיר. די אלטע ברעטער האָבן אָפּגעטרעטן. אין א מאָמענט ארום בין איך שוין געווען פארן טויער. מיט לאנגזאמע טריט בין איך געגאנגען עטלעכע צענדליק מעטער. ווען ס׳איז נעבן מיר פארבייגעגאנגען א גרופּע ארבעטער, האָב איך זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון פעלד, צו דער פרייהייט.

ארויסגעוויזן האָט זיך, אז דאָס מאָל האָבן די דייטשן אמת געזאָגט. זיי האָבן אונז צום ערשטן מאָל נישט אָפּגענארט. אלע אידן האָט מען איינגעאָרדנט הינטער דער שטאָט נעבן דער סטאציע אין דער מיל פון רייך און כמיעלניצקי.

אין משך פון דעם טאָג און פון דעם מאָרגנדיקן האָט מען געבראכט אלע אידן פון קאָזשמינעק, אריינגעפּאקט זיי אין צוג און איבערגעפירט אין לאָדזשער געטאָ.

דאָס איז געווען דער לעצטער טראנספּאָרט פון די קאָלישער אידן (6־טן יולי 1942). ענדלעך האָבן זיך די ענדעקעס און אידנפרעסער דערוואַרט אויף א ״קאליש אָן אידן״. זיי האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט און דאנקבאר געווען היטלערן פאר אָט דער טאַט. ס׳האָט זיך זיי געלוינט ליידן

די עטלעכע יאָרן און פּטור ווערן פון דעם אידישן באַלאַסט (מ׳דאַרף נאָך בעטן גאָט, אַז די מלחמה זאָל דויערן נאָך עטלעכע יאָר, מ׳זאָל קענען אָפּרייניקן גאַנץ פּוילן פון דער מגפה).

גלייך פאַרן אַוועקגיין פון דער באַן האָבן זיך אויף דער סטאַציע געמאָלדן צוויי מיידלעך פון יתומים־הויז, די שוועסטער קליין, וועלכע זיינען אַנטלאָפן פון די פּויזנער לאַגערן און אין דעם טראַגישן מאָמענט געקומען קיין קאַליש. זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג, נאָר געמוזט זיך מעלדן פרייוויליק צום טראַנספּאָרט. דאָס זעלבע האָבן געטאָן צוויי מאַן פון מיין פינפטל העניעק בלאַשקאָווסקי מיט דער פרוי. ער האָט נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג. אסתר האָט געקענט געבוירן אין יעדן מאָמענט. זי האָט שוין נישט געקענט גיין. ווער וועט איר געבן א באַהעלטעניש? ווער וועט איר אָפּנעמען דאָס קינד? זי וואָלט דאָך אומגעקומען.

די צווייטע פּאָר יולעק וואַלקאָוויטש מיט זיין פרוי מארישיא זיידעל זיינען געגאַנגען צופוס קיין וואַרטע. פון דאָרט זיינען זיי נאָך עטלעכע טעג אָפּרו געגאַנגען אין זדונסקע־וואָליער געטאָ. דאָרט איז זיי נישט געווען באַשערט לאַנג צו זיין. אינגיכן איז דאָס געטאָ אין זדונסקע־וואָליע, וועלכעס איז אַזוי זיכער געווען ביז איצט, געוואָרן אינגאַנצן איבערגעשיקט קיין לאָדזש. אינגאַנצן — מיין איך די רעשטן, וועלכע זיינען געבליבן נאָך דער גרויסער שחיטה. די שחיטה איז פאָרגעקומען דירעקט פאַר דער עוואַקואַציע. דאָ האָט מען אָן צערעמאָניעס אויסגעשאָסן דעם גרעסטן טייל פון דער באַפעלקערונג מיטן פייער פון מאַשין־געווער.

בעת דער אויסזידלונג פון קאַליש האָט אויך איזידאָר ווישניעווסקי גענאָסן פון דעם אַלגעמיינעם כאַאָס און איז אַנטלאָפן. אים האָט אָבער דאָס גליק נישט צוגעשפּילט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אים איבערגעגעבן אין די הענט פון דער געסטאַפּאָ. ס׳האָט אים געדראָאַט טויט־שטראָף און נאָר א דאַנק זיינע באַקאַנטשאַפטן מיט די זשאַנדאַרמען איז די שטראָף נישט געוואָרן אויסגעפירט. מ׳האָט אים אונטער אַן עסקאָרטע אַוועקגעשיקט קיין לאָדזש.

איך בין געווען דער לעצטער פון אונזער פינפטל. איך מיין, אַז איך בין בכלל געווען דער לעצטער איד אין קאַליש. איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן נאָך צוויי וואָכן ביי באַקאַנטע פּאָליאַקן, ביי יאַוואָראָוויטש און שפּעטער ביים פּאָליאַק פּאַוועלסקי וועלכער האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און אַרויסגעשטרעקט צו מיר זיין ברידערלעכע האַנט. ״אמתע פריינד דערקענט מען אין נויט״.

צוויי טעג נאָך דער אויסזידלונג האָב איך נישט געוואוסט, אַז אַלע געפינען זיך נאָך אין קאַליש. איך בין געגאַנגען צופוס קיין קאָזשמינעק אויסצושפּירן די לאַגע. נישט דערקענט פון קיינעם בין איך גליקלעך צוגעקומען נאָך עטלעכע שעה מאַרשירן צום ציל פון מיין וואַנדערונג. איך האָב זיך דערוואוסט, אַז דער געטאָ איז שוין אַרויסגעפירט.

איך האָב אָפּגעטראָטן ביי מיינער א באַקאַנטער מיינענדיק, אַז דאָ באַהאַלט זיך מיין שוועסטער. מ׳האָט מיר דאָ דערלאַנגט עסן און בעתן עסן איז אַריין אין שטוב דער פּאָסטנטרעגער א פּאָלקסדייטש. ער איז געווען דורך עמעצן געשיקט, וואַרשיינלעך האָט מען מיך דערקענט. איך האָב געוואָלט אַנטלויפן, נאָר ס׳האָט מיר אויסגעפעלט כוחות. מיט א שווער האַרץ בין איך אַריבער די שוועל פון פּאָליציי־רעוויר. איך האָב זיך נאַריש געמאַכט און דערקלערט דעם וואַכמאַן, אַז איך בין געקומען פון קאַליש זוכן מיין פאַמיליע. נעכטן האָט מען אויסגעזידלט אונזער געטאָ און בין געקומען פון קאַליש ווייל איך וויל דאָ זיין מיט די נאָענטסטע.

א דיקער דייטש האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער איז געווען אין א פאַרלעגנהייט און נישט געוואוסט וואָס צו מאַכן מיט מיר. ער האָט מיך געקענט שיסן אָבער ס׳האָט אים וואַרשיינלעך נישט געלוינט זיך צו פאַרשמוצן די הענט. וואָס באַדייט פאַר אים דער טויט פון איין איד? פאַראיאָרן איז געווען עפּעס אַנדערש. סאיז געווען א טראַנספּאָרט פון עטלעכע הונדערט קינדער. וועמענס קעפּלעך ער האָט צוהאַקט אין די האַרטע ווענט פון גאַז־אויטאָס. דעמאָלט האָט ער געהאַט אויף וואָס צו קוקן, אויף דער טראַגעדיע פון די מאַמעס און אויף דער טויט־שרעק פון זקנים. ער קוקט מיך נאָך אָן מיט א פאַרחלומטן בליק און ער ווערט ניכטער. וואָס וויל פון אים דער בלאָסער איד, פאַרוואָס רייצט ער אים? ער איז דאָך אינגאַנצן אומנויטיק? ער האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געהייסן מיך גיין אין געטאָ פון וואַרטע.

איך האָב בעסער געוואָלט צוריקגיין קיין קאַליש. איך האָב געהאָפט, אַז כ׳וועל דאָרט געפינען מיין שוועסטער. נאָכן צוריקקומען האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיין שוועסטער איז געוואָרן

איבערגעגעבן דער פּאָליציי אויף דעם אָרט וואו זי האָט זיך באהאלטן. ווארשיינלעך איז זי געפאָרן מיט אלע קיין לאָדזש.

איצט ערשט האָב איך זיך דערפילט איינזאם. ביז איצט האָב איך געהאט די די האָפענונג, אז איך וועל זיך טרעפן מיט מיין שוועסטער, אז מיר וועלן אלע ארויספאָרן אין גענעראל־גווורנאמענט און פון דאָרט וועלן מיר אריבער דעם פראָנט. דאָס איז געווען דער ציל פון אנטלויפן. פון מיינע פּלענער איז אָבער גאָרנישט געוואָרן. איך בין געבליבן אליין מיט מיין אומגליק אָן קיין שום אויסזיכטן אויף א בעסערע צוקונפט. איך האָב נישט געקענט האָבן קיין בעסערע אויסזיכטן. מיין לעבן וואָלט נישט געווען ווערט קיין גראָשן ווען עמעץ דערקענט מיך. איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. אָפּגעבן זיך אין די הענט פון געסטאפּאָ וואָלט באדייט טויט. זיי וואָלטן מיך איינעם נישט איבערגעשיקט מיט קיין ספּעציעלן טראנספּאָרט קיין לאָדזש. איך וואָלט באקומען א קויל אין קאָפּ און ס׳וואָלט געווען נאָך אלעמען. צווייטנס האָב איך נישט געגלויבט, אז מ׳האָט אלע איבערגעשיקט קיין לאָדזש. מיין באקאנטער פּאוועלסקי האָט געראטן מיר, אז איך זאָל פאָרן אין גענעראל־גווערנעמענט און פון דאָרט זאָל איך זיך באמיען אדורכ־צורייסן זיך דורך דער פראָנט־ליניע, אָדער איך זאָל פארבלייבן אין איינעם פון די געטאָס ביז דער פראָנט וועט זיך דערנענטערן. דאָס איז פאר מיר געווען נישט רעאל, ווייל איך האָב נישט געהאט קיין געלט. מיין פארמעגן איז באשטאנען פון 30 ר.מ., א צעריסן העמד, הויזן און צעריסענע שיך. א היטל און א מארינארקע האָב איך באקומען פון באקאנטע.

מיין פּראָיעקט האָט זיך מיר ארויסגעוויזן בעסער. איך האָב געוואָלט פאָרן קיין דייטשלאנד אלס א פּאָליאק. איך האָב נישט געהאט קיין שום פּאפּירן. צו הילף איז מיר געקומען פּאוועלסקי. ער האָט מיך דערוויל באהאלטן ביי זיינע באקאנטע אין פּיוואָניץ. דאָרט האָב איך געזאָלט וואַרטן עטלעכע טעג אויף דאָקומענטן און אויף א טראנספּאָרט פּאָליאקן דעפּאָרטירטע נאָך דייטשלאנד.

צוויי מעת־לעת בין איך געלעגן אין א שייער. צום סוף, איינגאנצן פסיכיש אויסגעשעפּט, האָב איך זיך אומגעקערט קיין קאליש בכדי זיך עפּעס צו דערוויסן. צו מיין אומגליק האָט מען אויפגעהאלטן פונקט די אויסזידלונג. אלע טאָג האָב איך געוואנדערט פון קאליש קיין פּיוואָניע און צוריק. לאנגע שעהן פון נערוועזן אויסווארטן, ווילדע פּלענער און געדאנקען, די שרעק אז מ׳זאָל מיך נישט דערקענען און די בלאסע אויסזיכטן אויף דער צוקונפט האָבן מיך פולשטענדיק אויסגעשעפּט און פאראליזירט מיינע געדאנקען. די פּאוועלסקיס האָבן מיר צוגעגעבן מוט און באמיט זיך פאר יעדן פּרייז צו באקומען פאר מיר דאָקומענטן. איך ווייס נישט צי איך וואָלט אויסגעהאלטן פסיכיש אָן זייער ווארעמער באציאונג.

ס׳איז אריבער א וואָך פון מיין וואנדערונג. איך האָב נישט געקענט זיצן כסדר איך פּיוואָניץ ווייל די ארבעטער וואָלטן מיך סוף־כל־סוף דערקענט. ספּעציעל געפערלעך זיינען פאר מיר געווען די קינדער. איך בין אפילו געזעסן אין שייער און איך בין געווען טיף איינגעגראָבן אין היי, אָבער די קינדער זיינען כסדר געקומען נאָך שפּייז פאר די בהמות און זיי האָבן געקענט מיך באמערקן. דערפאר בין איך טאקע באלד אינדערפרי געגאנגען קיין קאליש. אויפן וועג איז מיר אָפּגעשטאָרבן דאָס הארץ ווי נאָר א דורכגייער האָט אויף מיר א קוק געטאָן. איך האָב זיך דאן געמאכט הוסטן און אזוי ארום פארשטעלט דאָס פּנים. אָפט האָב איך זיך אראָפּגעבויגן און צורעכט געמאכט די סקארפּעטן. מייסטנס האָב איך זיך באמיט צו גיין אין דער ארבעטס־צייט. איך האָב געהאט מיט זיך א פלעשל קאווע מיט א פרישטיק און געמאכט דעם אָנשטעל, אז איך גיי אויף מיין שיכט אין "ווערק".

איינמאָל האָב איך געהאט אזא פאל. איך בין געגאנגען אויף מיין שטענדיקן וועג. פון ערגעץ איז ארויס א זשאנדארם אזוי פּלוצלינג, אז איך האָב נישט באוויזן זיך צו מאסקירן. מיט דער גאנצער קראַפט פון מיין ווילן האָב איך זיך באמיט צו באהערשן מיין אויפרעגונג. איך בין אים רואיק פארבייגעגאנגען און אפילו זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. איך בין געגאנגען פאר זיך אין דער פריערדיקער ריכטונג. ביי די "ראָגאטקעס" בין איך געבליבן שטיין. איך האָב פלעגמאטיש א קוק געטאָן אויפן זייגער און איך בין אריין אין דער נאָענסטער גאס. מיין באקאנטע, וועלכע האָט דורכן פענצטער זיך צוגעקוקט צו דער סצענע האָט מיר שפּעטער דער־

ציילט, אז דער דייטש האָט אַ לאַנגע מינוט מיר נאָכגעקוקט, אַזוי ווי ער וואָלט זיך נישט געקענט דעצידירן וואָס צו טאָן. איך בין געווען אָנגעטאָן אין אַ שמוציקן אַרבעטס־אַנצוג מיט מיין פלעשל און מיט אַ פעקל עסן אונטערן אָרעם. די אַרבעטער זיינען פונקט געגאַנגען אויף דער טאָג־שיכט. דער דייטש איז אויף אַ מאָמענט צעטומלט געוואָרן. מיין רואיקייט האָט מיך אָפּגעראַטעוועט. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז אוועק. אויך דייטשן האָבן דאָך טייל מאָל שוואַרצע האָר.

ביינאַכט איז זיכערער געווען אין דאָרף ווייל אין שטאָט האָט מען "געכאַפּט". איינמאָל האָט מיר אַן איבערגעשראָקענע פויערטע דערקלערט, אַז אין דער נאַכט וועל איך נישט קענען ביי איר שלאָפן. ס'קענען קומען זשאַנדאַרמען אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרעסט פון איר מאַן. איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. איך בין אַרויס אין פעלד. איך האָב זיך דערמאָנט אַז 5 קמ. פון דאָרט אין דאָרף לים, האָב איך אַ באַקאַנטן פויער. איך בין געוואָרן זייער אַנטוישט ווען מ'האָט מיר אויך דאָ נישט געוואָלט געבן קיין הילף. איך בין געבליבן אין פעלד...

ס'איז פאַרביי די צווייטע וואָך פון מיין אויסזיכטלאָזער וואַנדערונג. די בעל־הביתטע ביי וועלכע איך בין געווען האָט נישט געטאָרט וויסן, אַז איך בין אַ ייד. זי וואָלט מיך נישט געהאַלטן קיין ווייַלע לענגער. איך האָב איר געמוזט דערציילן וועגן זיך אויסגעטראַכטע מעשיות פון פאַראויס באַשטעטיקטע דורך פּאַוועלסקי. זי האָט מיך געקענט אַלס אַ זון פון אַ געוויסן אויפ־שטענדער, וועלכער איז אומגעקומען מיט איר מאַן אין אוישוויץ.

מיינע כוחות האָבן זיך שוין אויסגעשעפּט. איך האָב פאַרלוירן די האָפענונג, אַז איך וועל ווען אַרויס פון דעם גערענגל. איך בין נאָענט געווען פון אַ צוזאַמענברוך. איך האָב אָבער געוואָלט לעבן און דער ווילן איז געווען אַזוי שטאַרק דעמאָלט ווי נאָך קיינמאָל ביז איצט. דער קאַמף פאַרן לעבן איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. איך האָב זיך איצט נישט געוואָלט אונטער־געבן. איך האָב באַשלאָסן אויסצוהאַלטן ביזן סוף און זיך קיינמאָל נישט אונטערגעבן. די וועלט געהערט נאָר צו די דרייסטע.

דריי טעג בין איך געזעסן אין באַהעלטענעש, אונטער אַ הויכן באַרג היי. איך האָב נישט געטאָרט אַרויס פון דאָרט, ווייל אומעטום האָט מען „געכאַפּט". דאָס איז געווען מיין לעצטער שאַנס. איצט וועל איך זיך ראַטעווען אָדער קיינמאָל.

לויט די לעצטע ידיעות, וועלכע איך האָב באַקומען, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז פרייטיק האָט זיך געענדיקט די כוואַליע פון „כאַפּן". איך האָב זיך טאַקע געריכט אויף מיין פריינד פּאַוועלסקי. צומאָרגנס האָט געזאָלט אוועקגיין אַ טראַנספּאָרט אויף אַרבעט.

מיינע געדאַנקען זיינען געווען ריכטיק. צומאָרגנס ד.ה. דעם 18־טן יולי 1942, 12 בייטאָג האָט מיך אויפגעוועקט דאָס בילן פון אַ הונט. דאָס איז געווען דער צייכן, אַז פּאַוועלסקי איז געקומען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז היינט גייט אוועק אַ טראַנספּאָרט פון פּאָליאַקן קיין דייטשלאַנד. מיר האָבן נישט געהאַט קיין איין מינוט צו פאַרלירן. מיר האָבן געמוזט באַלד קומען צוריק. אויפן וועג האָבן מיר אויסגעאַרבעט דעם פּלאַן פון מיין רעטונג. איך האָב נישט געהאַט קיין שום דאָקומענטן. איך האָב געמוזט ריזיקירן אָן זיי. מיר זיינען געקומען קיין קאַליש דורכן פעלד. דורך זייטיקע וועגן זיינען מיר צוגעקומען צו דער באַן־סטאַציע. ס'האָבן זיך דאָ געפונען אַ סך שפּיאָנען. איך בין געבליבן שטיין ביים פּלאַן פון פאָרן און כ'האָב געמאַכט דעם אָנשטעל פון זייער אַ פאַרלייענטן. אין צווישנצייט האָט מיר פּאַוועלסקי געבראַכט אַ פאַראָן־בילעט. צום לעצטן מאָל האָט ער מיר געדריקט די האַנט. איך האָב נישט געוואוסט ווי אַזוי אים צו דאַנקען פאַר אַזויפיל ברידערלעכע הילף. איך האָב געוואָלט עפּעס ריידן מיט אים, אָבער ער האָט מיר נישט דערלויבט, ווייל ס'האָט זיך דערנענטערט אַ שפּיאָן. איך האָב געמוזט זיין אויפמערקזאַם. איך האָב צורעכט געמאַכט דעם שוך און ווען ער איז אוועק בין איך אַרויסגעגאַנגען אויפן פּעראָן. ס'איז שוין געווען דערויף די עכסטע צייט, ווייל ס'האָט זיך דערנענטערט אַ גרופּע אויס־געזידלטע מענער, פרויען און קינדער. אַלע האָבן געהאַט גרויסע באַגאַזשן. איך האָב מאָמענטאַל באַרעכנט מיין סיטואַציע. איך בין צוגעלאָפן צו אַ פרוי און געוואָלט איר העלפן. איך האָב גענומען טאַקע אַ שווערן, גרויסן זאַק אויף דער פּלייצע. צוזאַמען מיט איר בין איך אַריין אין וואַגאָן. אַ דיקער דייטש פון אַרבעטס־אַמט האָט געציילט הייך אויפן קול. — "פינף און דרייסיק,

זעקס און דרייסיק״. אין מיר איז אַלץ אָפּגעשטאָרבן. ״זיבן און דרייסיק״. איך בין אריין אין וואגאָן.

ס׳האָט זיך דערהערט דאָס פייפן פון דער לאָקאָמאָטיוו. די פויערטעס האָבן געוויינט. די פויערים האָבן אראָפּגעלאָזט נידעריק די בלויזע קעפּ. ס׳איז זיי שווער געווען צו פארלאָזן זייער ליב פאָטערלאַנד, דאָס דערפל, די כאַטע און די ערד. איך האָב דאָס געפילט און אפשר צום בעסטן האָב איך וועגן דעם געוואוסט.

איך בין צוגעגאַנגען צום פענצטער. אין דער טיר פון וואַרטצימער איז געשטאַנען פּאַוועלסקי. ער האָט געמאַכט א גליקלעכע מינע. עס איז געלונגען. ער האָט געפּאַכעט מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פון מיין פענצטער. ער האָט אליין נישט געגלויבט, אז ער וועט מיך נאָכאַמאָל זען.

די באַן איז געפאָרן. פּאַוועלסקי איז מיר פארשוואונדן פון די אויגן. אין די געדאַנקען אָבער איז ער מיר פארבליבן.

ס׳איז צוגעפאַלן די נאַכט. די רעדער האָבן געקלאַפּט, העכער, שנעלער און פריילעכער. די באַן איז געלאָפן שנעלער און שנעלער ביז זי איז פארשוואונדן אין דער גרויסער ווייט. איך בין געפאָרן קיין דייטשלאַנד צו א נייעם גוראַל, אויף א שווערן קאַמף, צו א שווערן לעבן.

## עטלעכע ציפערן

1) טראנספּאָרט פון דעם 18־טן נאָוועמבער 1941 יאָר

אבא מאָריץ מיט דער פרוי, בערקע מיט דער פרוי, ברענער, כאבעלסקא, דאנציקער מיט דער פרוי, פּעגעלאַוו (פון דייטשלאַנד 1938), גראָס בערל מיט דער פרוי, גראָס זעליק, גרונוואלד שאול, גוטשטאַט מיט דער פרוי, לעוויצקא מיטן זון, ליבערמאַנאָווא, קאָפּעל אהרן, קאָוואַלסקי מיט דער פרוי, נייהויז (וועבער) מיט דער פרוי און קינד, נאָמבערג, אָפּאָטשינסקא מיט די קינדער, פּאָלאַקאָווסקי, ראָט מיט דער פרוי, רוסאַק, סעמיאַטיצקי, אראָנאָוויטש. צוזאמען 127 קרבנות.

2) טראנספּאָרטן 27, 28 און 30־טן נאָוועמבער 1940
**צוזאמען 270 קרבנות**

3) טראנספּאָרט פון 1 דעצעמבער 1941

ביטשעק מיט דער פרוי און קינד, באָרוכאָוויטש, דיאַמאַנט מיט דער פרוי און דריי קינדער, דזשאַלאָשינסקי מיט דער פרוי און קינד, עפּשטיין, עליאַשעוויטש שמואל מיט פרוי און קינד, שמואל פלאַקאָוויטש מיט פרוי און קינד, אברהם הערשליקאָוויטש, לייב לובעלסקי פרוי און קינד, מארגוליס מאַקס מיט פרוי און קינד, שפרינגער שמחה מיט פרוי און צוויי קינדער, שפרינגער אשר מיט פרוי און צוויי קינדער, שער מיט פרוי און קינד, שינאַגעל ארטור מיט פרוי ד״ר גראָס און קינד, אוניקאָווסקא מיט דריי קינדער, ווראָבלעווסקי מיט דריי קינדער, זילבערשטיין מיט דריי קינדער. צוזאמען הונדערט קורבנות.

פון דעם טראנספּאָרט האָט זיך געראַטעוועט נאָר די פרוי ד״ר גראָס־שינאַגעל מיטן מאַן און קינד. זי איז אָבער אומגעקומען שפּעטער אין אָשוויענטשים דעם 28־טן אויגוסט 1944 מיט איר 4־יאָריק קינד.

ארויסגעפירט פון קאליש אין דער תפיסה פון לאָדזשער געטאָ אָדער
אומגעקומען אויף אן אנדער אופן זיינען :

אבעצאַדלע מיט דער פרוי (שטעפער), יאַנואר 1942, גראָס מאַדזשיא דעם 26־טן מערץ 1942, קראַזע לעאָן אין אויגוסט 1941, מאָשקאָוויטש העלע אין הערבסט 1941.

אידן, וועלכע האָבן געוואוינט אין קאַליש אין דער צייט
צווישן סעפטעמבער 1939 און 4־טן דעצעמבער 1942 :

**אבע מיט דער פרוי, ארקוש סאמועל מיט דער פרוי און טאָכטער, אבעצאדלע (שטעפער) און פרוי, בייראך לייב, בעאטוס פעלא, בערקא מאטוס מיט דער פרוי (בערקא העלא), בלאָך מענדל, בלאָך פראניא, בלאָך אדאָלף, בלאָך אָלעק, בלאָך מיטער, בלאָך סעניא (מאָלער), פלאשקאָווסקי העניעק, ברענער מיט דער פרוי, ברענער העניעק, בולקאָ פרוי און זין, ביטשעק פרוי און זין, באָרוכאָוויטשוונא, כאבעלסקא, דאנציגער און פרוי, דאנציגער אָלא, דאנציגער דאום, דיאמענט פרוי און דריי קינדער, דונקעלמאן מיט דער פרוי, דונקעלמאן רוטקא, דונקעלמאן העלא, דזשאלאשינסקי משה מיט פרוי און קינד, עפשטיין, שמואל עליאשעוויטש און פרוי, עליאשעוויטש מיטשא, ענגלענדערוונא, ענגלענדער סאלא, ענגלענדער מיכאל, פרוינד און פרוי, פרוינד זאָשא, פרוינד יאנקא, ד״ר מעדיצין פייגין־דאנציגער, פיורא מאָניעק, פייגינאָווא, פייגין לעאָ, פייגין אָלעק, פייגין רוטקא, פרידמאן מרדכי, פרידמאנוונא, גראָס בערל, גראָס רוזשא, גראָס מאדזשיא, גראָס מאָניעק, גראָס זעליק, גוטשטאט און פרוי, גוטשטאט מאטעק און פרוי, גוטשטאט לאָלעק, גרינוואלד שואל, האן גוסטאוו און פרוי, האן בובי, האן עווא, הילדעסהיים מאלטשא, הערשליקאָוויטש אברהם מיט פרוי און זון, הירשביין אברהם, הירשביין נאטעק, יאקובאָוויטש און פרוי (פריזיער), יאקובאָוויטש עווא, יאקובאָוויטש מאלטשא, יעדוואב לאָלא, קאלמאנאָוויטש און פרוי, קאלמאנאָוויטש, קאלמאנאָוויטש מאָניעק, קאפלאן (בוכהאלטער), קאָלסקי איטשע און פרוי, קאָלסקי שיע, קאָפעל, קאָפעלאָוויטש און פרוי, קאָוואלסקי און פרוי (חברה קדישא), קראוזע, קליינאָווא, קאלמאן בעטי, ליפשיץ, ליפשיצוונא, ליפשיצוונא מיטקא, ליפשיץ לייזער און פרוי, לאנדוי און פרוי, לאנדוי האניא, לובעלסקי לייב (פריזיער) מיט פרוי און קינד, ליפינסקי מאניעק (שאָפער), משפחת לייזעראָוויטש, לעוויצקי און זין, מארגוליס ס. און מארגוליס מאקס מיט פרוי און טאָכטער, מאָשקאָוויטשאָווא, מאָשקאָוויטש העלא, מאָשקאָוויטש פעלא, נאָמבורג ס. און פרוי, נאָמבורג, נאָמבורג מיעטעק, נאָמבורג העלא, נאָמבורג, ניימאן מיט פרוי און קינד, ניימאן פעלדשער און פרוי, ניימאנאָוויטש משה (שניידער) מיט פרוי און קינד, נייהויז מיט פרוי און טאָכטער, אָפּאָטשינסקא, אָפּאָטשינסקא דאָרקא, אָפּאָטשינסקי, פאָלאקאָווסקי (שוחט), פרעגער, פרענטקא, פילץ בער, יאקובאָווסקי שמואל און פרוי, ראָט, ראָט און פרוי, ראָטוונא, ראט (חברה קדישא), רוסאק און פרוי (חברה קדישא), ראָזענפעלד לייזער און פרוי, ראָזענפעלדוונא, ראָזענפעלדוונא אירקא, שינאגעל ארטור און פרוי (דבורה גראָס), שינאגעל יאקוב, טישלער שניידער און פרוי יעטקא, שילער, שטיפט, שטיפט און פרוי (יובילער), זיידעל סענדער און פרוי, שער יוסף (קצב) מיט פרוי און טאָכטער, סקאָווראָן און פרוי, סקאָווראָן פראניא, סעמיאטיצקי און פרוי, שטאָרך העלענא, שפרינגער אשר און פרוי, שפרינגער, שפרינגער, שפרינגער, שפרינגער שמחה און פרוי, שפרינגער, שפרינגער, שקלארקאָווא, שקלארעק עווא, פאוועל (היטלמאכער) און מוטער, אוניקאָווסקי און דריי קינדער, ווראבלעווסקי מיט פרוי און פיר קינדער, ווארשאווסקא גוטא, ווינאָדזקי און פרוי, וואָלקאָוויטשאָווא, וואָלקאָוויטש, וואָלקאָוויטש יולעק, וואָלקאָוויטש, ווייס סאלא, ווישניעווסקי איזידאָר און פרוי, ווישניעווסקי ראָמעק, ווישניעווסקי האלינא, ווישניעווסקי ס., ווינטער אהרן (מעכאניק) און פרוי, זילבערשטיין מיט פרוי און פיר קינדער, זשולטקוונא אנקא.**

איבערגעלעבט דאָס היטלעריסטישע גיהנום האָבן :

**באום יאָסל, דונקעלמאן, דונקעלמאנאָווא העלא, ענגלענדערוונא סאלא, פויארא מאניעק, פרוינדוונא יאנקא, פייגין לעאָ, גראָס משה, הירשביין אברהם, הירשביין בעניעק, יעדוואב לאָלא, קאָפעל יעטקא, פילץ בערקע (סטאווישין), פרעגער, ראקאָווסקי שמולעק, ראקאָווסקא און פ. הירשביין, זיידעל מאריאשא, שילער בעניעק, אינזש. שינאגעל ארטור, ווייס סאלא, ווישניעווסקא יאדוויגא.**



געטאָ שאָפּען־גאַס 4



# קאליש – קאזשמינעק – לאנערס



### וואלף לאסמאן

ביים אויסברוך פון דער מלחמה דעם 1־טן סעפטעמבער 1939 האָבן פאַרלאָזט קאַליש אַרום דריי פערטל פון דער אידישער באַפעלקערונג, וואָס האָט דאַן געציילט בערך 30 טויזנט נפשות. אין אַ שרעקלעכער בהלה זיינען אַלע זיך צעלאָפן וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן.

אויך איך מיט מיינע צוויי ברידער זיינען מיר אַוועק פון קאַליש און מיר זיינען אָנגעקומען קיין לעשנאָ. אָבער צוליבן שנעלן פאָראויסמאַרש פון די דייטשן זיינען אַ טייל פון די אידן געוואָרן אָפּגעשניטן און זיי זיינען געווען געצוואונגען אומצוקערן זיך אהיים, ווען ס׳האָט זיך יאָ איינגעגעבן צייטווייליק צו דערווייטערן זיך פון קאַליש האָבן זיך אומגעקערט נאָך דער קאַפּיטולאַציע פון וואַרשע. בלויז אַ קליינער פּראָצענט אידן איז אַוועק קיין רוסלאַנד.

לויט ווי מ׳האָט דערציילט זיינען די דייטשן אַריין אין קאַליש דעם 6־טן סעפּטעמבער, דעם 21־טן האָב איך זיך אומגעקערט. קאַליש איז געווען אויסגעליידיקט און געווען ענלעך צו אַן אויסגעשטאָרבענער שטאָט. די מערהייט פון די געשעפטן איז געווען אויסגעראַבעוועט. אַלץ איז געווען פאַרשלאָסן און פאַרקלאַפּט. אידן האָבן מורא געהאַט צו באַווייזן זיך אין גאַס. ס׳זיינען שוין געווען פיל דערשאָסענע.

איך האָב געהערט דערציילן, אַז ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען קאַליש האָבן זיי אַרומגערינגלט אַ ריי גאַסן, וועלכע זיינען געווען באַוואוינט דורך אידן, אַרויסגעטריבן זיי פון די בעטן אין די בלויזע העמדער, באַפוילן זיי צו לויפן און דערביי געשאָסן אין די לויפנדיקע. אָט די פייניקונג האָט געדויערט עטלעכע שעה. דערנאָך האָט מען די לעבן־געבליבענע געשיקט אהיים, אָבער פיל קערפּערס זיינען געבליבן ליגן אין די גאַסן.

די אידן האָט מען דערלויבט צו גייך אין גאַס ביז 6 אָוונט. אויב אין גאַס האָט זיך באַוויזן אַ איד מיט אַ באָרד, האָט מען אים זי אָפּגעשניטן אָדער אויסגעריסן.

אין יענער צייט האָט מען אָנגעהויבן שיקן די אידן צו די שמוציקסטע אַרבעטן און מ׳האָט זיי באַגלייט מיט מערדערלעכע קלעפּ.

אין אַ שטיקל צייט אַרום האָבן די אידן געעפנט די שפּייז־געוועלבער. פון קיין הונגער האָבן מיר נאָך נישט געוואוסט. דאָך האָבן אידן געלעבט אין גרויס שרעק, ווי זיי וואָלטן געווען אין די לאַפּעס פון ווילדע חיות. ערשט איצט האָבן זיי פאַרשטאַנען, אַז זייער לעבן און פאַרמעגן איז הפקר, און אַ שווערע פאַרצווייפלונג האָט אַלעמען אַרומגענומען.

אָנהייב נאָוועמבער 1939 האָבן די דייטשן פּלוצלינג אַרומגערינגלט די גורנאָשלאָנסקע־גאַס, אַריינגעריסן זיך אין די אידישע הייזער, באַפוילן צו נעמען מיט זיך עפּעס פון די שטוביקע חפצים — אַ קישן, וועש, שפּייז א.ד.ג. — און פאַרלאָזן דאָס הויז. די אַרויסגעטריבענע פון די הייזער האָט מען אויסגעשטעלט אין רייען און געבראַכט זיי אויפן מאַרק־פּלאַץ, שפּעטער האָט מען די אַלע אידן אַריינגעלאָזט אין מאַרק־בנין, וואָס האָט זיך געפונען אויפן מאַרק־פּלאַץ.

אינעם ערשטן טאָג האָט מען צונויפגעשלעפּט און געבראַכט אַהין בערך אַ צוויי טויזנט אידן. פון זיי האָט מען אויסגעטיילט צוויי הונדערט אידן און זיי אַוועקגעפירט אין דער שטאָטישער שוץ־באַהעלטעניש אויף דער גאַס פון 11־טן ליסטאָפּאַד. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אַדוואָקאַט צישנער, אַדוואָקאַט נוימאַן, דער פאַבריקאַנט פּאַקוא, דער סוחר פּערל און נאָך אַנדערע אַדוואָקאַטן, סוחרים און דאָקטוירים.

מ׳האָט זיי געפּאָרשט וואו עס געפינט זיך דאָס גאָלד, זילבער און צירונג. די דייטשן האָבן אויך פאַרלאַנגט פון זיי, אַז זיי זאָלן אָפּגעבן אַלע ווערטפולע זאַכן, וואָס זיי האָבן ביי זיך. ערשט דאַן האָט מען זיי אָנגעהויבן צו פייניקן. יעדן איד האָט מען אַריינגעפירט אין אַ פינצטערן צימער,

און נאָכן ארויפוואַרפן אויף אים א קאַץ, האָט מען אים געשלאָגן ביז ער האָט פארלוירן דאָס באוואוסטזיין. עסן און טרינקען האָט מען זיי נישט געגעבן. נאָך צוויי טעג האָט מען זיי ארויס־גענומען פון דער שוץ־באהעלטעניש און מ'האָט זיי צוריקגעבראכט אין דער מארק־געביידע.

דאָס כאַפּן אידן און פארשפארן זיי אין דער מארק־געביידע איז ווייטער פאָרגעקומען ביז מ'האָט דאָרט אָנגעשטופּט בערך צען טויזנט פערזאָן. אין א צייט ארום האָט מען זיי אָנגעהויבן באשפּייזן. דער בנין איז געוואָרן ארומגענומען מיט שטעכלדראָט און ס'האָבן אים באוואכט ס.ס.־לייט. די ענגשאפט אין בנין איז געווען א שרעקלעכע, ביז צום דערשטיקט ווערן.

איינמאָל האָבן מיר דערהערט פון מארק־פּלאַץ שוידערלעכע געשרייען. שפּעטער איז אונז באוואוסט געוואָרן, אז די דייטשן האָבן ארויסגענומען אויפן פּלאַץ דעם שרייבער פלינקער און צעפּאַסעוועט זיין לייב. די הויזארבעטערין פון פלינקער'ן האָט אים געמסרט פאר די דייטשן, אז ער האָט געזידלט היטלערן. פלינקער איז געשטאָרבן אין שרעקלעכע יסודים און די הויזדינערין האָט זיך צוגענומען זיין דירה און זיינע זאכן.

אָט די פּיינונגען האָבן זיך געצויגן צוויי וואָכן. א ריי אידן זיינען אנטלאָפן פון מארק־בנין, צווישן זיי מיינע באקאנטע, די משפחות פרידע און לוסטיק, וועלכע זיינען אוועק קיין קוטנע.

אויף אנדערע אידן האָבן געהאט א מעגלעכקייט זיך צו ראטעווען און אנטלויפן. די פראגע איז נאָר געווען: וואוהין? די אידן האָט מען אומעטום געכאפּט און פון אומעטום האָט מען זיי ארויסגעטריבן. מ'האָט בכלל נישט געקענט געפינען קיין באהעלטעניש און אנטרינונג.

פארשוואונדן איז יעדע האָפענונג. די מערהייט אידן האָבן געזאָגט: זאָל זיין וואָס ס'וועט זיין, מיר וועלן פון דאַנען נישט אנטלויפן. אומעטום דערוואַרט אונז דער זעלבער גורל.

אין מארק־בנין איז אויסגעבראָכן א שרעקלעכע טיפוס־מגיפה, און הונדערטער מענטשן זיינען געשטאָרבן. ערשט נאָכדעם ווי די אידן זיינען אויסגעשטאַנען די אלע צרות, האָט מען זיי אָנגעהויבן ארויסנעמען פון דעם מארק־בנין. אין טראנספּאָרט האָט מען געשיקט קיין לעכאָוו און דעם צווייטן קיין רעמבערטאָוו, נעבן װארשע.

נאָכן באזייטיקן די פארשפּארטע אין דעם מארק־בנין, האָבן די דייטשן ווידער אָנגעהויבן כאַפּן אידן און ברענגען זיי אויפן אָרט פון די ארויסגעפירטע. ווידער געוויינען און געוואַלדן, ווידער האָט מען געלאָזט הפקר דאָס אייגנטום און ס'האָט זיך באנייט די שרעק פון מאָרגנדיקן טאָג. מ'האָט נישט געוואוסט וואוהין מ'האָט געשיקט די ערשטע צען טויזנט.

די געבליבענע האָבן געהאָפט, אז איצט וועט מען זיי לאָזן צו רו, זיי האָבן אָבער געהאט א טעות. די דייטשן האָבן באשלאָסן "אויסצורייניקן" קאליש פון אידן. זיי האָבן באלד אוועקגעשיקט אויף די צווייטע צען טויזנט.

און ווידער האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן אידן און ברענגען זיי אין מארק־בנין. צום סוף פון יאָר 1939 זיינען שוין געווען אויסגעוואָרצלט און פארטריבן כמעט אלע קאלישער אידן. יעדער פארטריבענער האָט געמעגט האָבן ביי זיך 10 רייכסמארק. די דייטשן האָבן געמאָלדן, אז יעדער איד, וואָס וועט פארמאָגן ביי זיך מער ווי צען מארק, וועט דערשאָסן ווערן.

די אידן האָבן אָפּגעגעבן זייער גאַנץ פארמעגן, זייערע גאָלדענע חפצים, זייער צירונג, אלע זייערע ווערטפולע זאכן. בלויז געציילטע האָבן געהאט מוט זיך איינצושטעלן און איבערלאָזן עפּעס פאר זיך.

ווייניק אידן זיינען געבליבן אין קאליש. דאָס זיינען געווען די קראנקע, דאָס שפּיטאָל־פּערסאָנאַל און א הייפל נישט־קוואליפיצירטע ארבעטער.

דאָס שפּיטאָל האָט זיך געפונען אויף שאָפען־גאַס 4. שפּעטער א ביסל האָט מען אויסגעקליבן פון צווישן די אידן פאכלייט, בכדי צו שאפן א שניידער־ווארשטאט.

אין עטלעכע וואָכן ארום האָבן די דייטשן ארויסגענומען אלע קראנקע פון שפּיטאָל און אוועקגעשיקט זיי אין דער ריכטונג פון גראָכאָוו. אויפן וועג האָט מען זיי פארסמט מיט גאַז און אריינגעוואָרפן אין געמיינזאמע קברים.

א כאראקטעריסטישער פאקט: נאָכן שיקן די קראנקע אידן קיין גראָכאָוו, האָבן די דייטשן געזאמלט צווישן די קאַלישער אידן פעקלעך פאר אָט די קראנקע, וואָס האָבן שוין לאנג נישט געלעבט. שפּעטער האָט איינער פון די שניידער דערקענט זיין פאָטערס פוטער, וואָס אַן ס.ס.־מאַן האָט אים געברענגט איבערצוארבעטן. דער פאקט איז געווען א באווייז פאר די קאַלישער אידן, אז די קראנקע זיינען דערמאָרדעט געוואָרן.

די אלע זאכן, וואָס זיינען איבערגעבליבן נאָך די ארויסגעטריבענע 30 טויזנט אידן, האָבן די דייטשן קאָנצענטרירט אין גרויסע סקלאַדן. די ווייניקע ווערטפולע זאכן האָבן זיי פארקויפט דער פוילישער באפעלקערונג פאר נישטיקע פרייזן, די בעסערע זאכן האָבן זיי פאר זיך צוגענומען און דאָס איבעריקע האָבן זיי אוועקגעשיקט קיין דייטשלאנד.

בעת מ׳האָט צונויפגעטריבן די אידן אויפן מארק־פּלאַץ, אײדער מ׳האָט זיי ארויסגעשיקט פון קאַליש, זיינען די פּאָליאַקן געשטאנען ארום און זיך צוגעקוקט. א טייל פון זיי פלעגן צוגיין צו די ס.ס.־לייט און בעטן ביי זיי צוצונעמען ביי אידן פעקלעך און זיי אוועקגעבן. פוילישע מיידלעך האָבן געבעטן ביי די ס.ס.־לייט, אז זיי זאָלן אראָפּציען פאר זיי די רינגלעך אויף די הענט פון אידישע פרויען, און זיי האָבן אזוי געטאָן.

אזוי האָבן די פּאָליאַקן באגלייט זייערע שכנים. דאָס ביסל ארעמקייט, וואָס אידן האָבן פארגרייט אויף זייער וועג, איז אויך צוגערויבט געוואָרן אין דער לעצטער מינוט. יעדער איינער האָט גערויבט דאָס אידישע אייגנטום, יעדער האָט געוואָלט וואָס פריער פּטור ווערן פון זיי, כדי צו קענען צונעמען די רעשטלעך פון זייער פארמעגן.

א ריי משפחות איז געלונגען צו אנטלויפן. צוזאמען מיט מיין פאָטער און מיינע צוויי ברידער בין איך אנטלאָפן קיין בזשעזשינע, א דאָרף נעבן קאַליש. דאָרט האָבן מיר געטראָפן די משפחה גרינבוים, וואָס איז באשטאנען פון 6 נפשות. מיר האָבן אלע אָנגעהויבן ארבעטן ביים פאָלקסדייטש מאַר. אין צוויי וואָכן ארום האָט מען צונויפגענומען די אידן פון דער גאנצער געגנט און זיי אוועקגעשיקט קיין קאָזשמינעק, א שטעטל, וואָס געפינט זיך 20 ק״מ פון קאַליש.

## קאָזשמינעק

אין יענער צייט איז אין קאָזשמינעק געווען אן אָפענער געטאָ. ס׳האָט דאָרט געהערשט א שרעקלעכע ענגשאפט און די מענטשן האָבן געוואוינט צונויפגעדריקט ווי די הערינג. קיין הונגער האָבן מיר נישט געליטן, ווארעם האָבנדיק א קאָנטאקט מיט דער דאָרפישער באפעל־קערונג האָבן מיר געקויפט ביי די פויערים שפּייז־פּראָדוקטן.

בראש פונעם געטאָ אין קאָזשמינעק איז געשטאנען דער יודענראט. אָרדענונג האָבן געהאלטן די לייט פונעם אידישן אָרדנונגס־דינסט (אָ.ד.). אלס אָנפירער פונעם אידישן ארבעטס־אמט איז באשטימט געוואָרן דער איד האפטקע, וואָס איז שפּעטער טרויעריק באקאנט געוואָרן מיט זיין אכזריותדיקער באציאונג צו דער אידישער באפעלקערונג.

די אידן האָבן דאָ געלעבט אין פּחד און אין נערוועזער דערווארטונג. אלע אידן אין קאַלישער קרייז זיינען שוין געווען ליקווידירט. א טייל פון זיי איז געוואָרן אומגעבראכט און די אנדערע — ארויסגעפירט אין אנדערע ערטער.

מיט א שווער פאַרגעפיל האָבן מיר, איך מיט דער גאנצער משפחה, באשלאָסן צו פארשרייבן זיך אויף ארבעט אין נאָענטן ציווילן ארבעטס־לאגער אין אָפּאַטוּוועק, 11 ק״מ פון קאָזשמינעק.

צו יענער צייט האָבן אין קאָזשמינעק־לאגער זיך געפונען ביי א 100 אידישע מאנסלייט. לאגער־עלטסטער איז געווען יאכימאָוויטש, אן איינוואוינער פון אָפּאַטוּוועק. דער דייטש דארקע איז באשטימט געוואָרן אלס קאָמיסאר פון דיסטריקט, איינגעשלאָסן אָפּאַטוּוועק. אינעם לאגער זיינען געווען 3 דייטשע ארבעטס־פירער. איינעם געדענק איך, גאַן האָט ער געהייסן.

מ׳האָט אונז באשעפטיקט ביי פארשיידענע ארבעטן, ווי לאדעווען קוילן, רייניקן קאנאלן, פלאסטערן שאָסייען א.א.וו. מ׳האָט אונז געשיקט צו דער ארבעט גרופּנווייז, לויט דער באשטעלונג

פון פארשיידענע דייטשע אונטערנעמונגען. יעדן טאָג האָבן מיר זיך צונויפגעזאמלט אין קהילה־בנין און דאָרט איז פאָרגעקומען די ארבעטספונאנדערטיילונג לויט די באשטעלונגען.

מ׳האָט אונז איינגעאָרדנט אין א געוועזענער פאָלקס־שול. אונזערע טעגלעכע שפייז־צוטיילונג איז באשטאנען פון 330 גראם ברויט און צוויי טעלערס זופ. פון צייט צו צייט האָבן מיר באקומען א שטיקל פערד פלייש.

בדרך כלל האָבן מיר געמוזט ארבעטן 12 שעה אין טאָג, אָבער אָפט האָט מען אונז געצוואונגען צו ארבעטן ביז שפעט ביי נאכט, אָבער אינדערפרי האָבן מיר געמוזט אָנהויבן די ארבעט אין דער נאָרמאלער צייט, דאָס הייסט זיבן א זייגער.

מיט דער צייט האָבן די באדינגונגען זיך שטארק פארערגערט. די ארבעטספירער האָבן אונז אָנגעהויבן צו שלאָגן. אויך דער הונגער האָט אונז גענומען מאטערן. כדי צו ראטעווען זיך, האָבן מיר געגנבעט קוילן און געשיקט קיין קאָזשמינעק אין געטאָ. זיי האָבן דאָרט שטארק געליטן פון מאנגל אין הייץ־מאטעריאלן, און פאר די קוילן האָבן זיי אונז באצאָלט מיט ברויט.

מיר האָבן אויך געגנבעט קארטאָפל. בעתן טראנספאָרט פון די קוילן פאר דער ארישער באפעלקערונג אין קאָזשמינעק, האָבן מיר געגנבעט פון די וועגענער, באהאלטן די קוילן און שפעטער זיי אריינגעשמוגלט אין געטאָ. א סך מאָל האָט מען געכאפט די איבערפירער און זיי מערדערלעך געשלאָגן.

די שול אין קאָזשמינעק



אָבער קיין שום יסורים און שרעקן האָבן אונז נישט געקענט אָפּהאַלטן פון גנבענען, ווייל דאָס איז געווען דער איינציקער אופן צו באַקומען א שטיקל ברויט. ווען מיר וואָלטן נישט געגנבעט, וואָלטן מיר אויסגעגאַנגען פון הונגער.

אָנהויב יאָר 1940 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן איבערפירן די אידן פון קאָזשמינעק אין אנדערע לאַגערס. די לאַגע אין געטאָ איז געוואָרן אַלץ ערגער. באַזונדערס שווער איז געוואָרן דער מצב ווען אַלס אויפזעער פון דיסטריקט איז באַשטימט געוואָרן דער טרויעריק־באַרימטער געט. אונזער לעבן איז געוואָרן אומדערטרעגלעך, ווייל הפקר. די אידן האָבן אָנגעהויבן פילן, אַז בקרוב וועלן די דייטשן ליקווידירן דעם געטאָ. מיר האָבן בפירוש געזען, אַז אונזערע טעג זיינען געציילטע, אָבער וואָס האָבן מיר געקענט טאָן? פון אומעטום האָבן מיר באַקומען ידיעות וועגן מאַסן־רדיפות אויף אידן. די טעג זיינען געלאָפן איינער נאָכן אנדערן, ביז ס'איז געקומען דער ביטערער און שרעקלעכער טאָג אין מערץ 1941.

אין יענעם טאָג האָבן מיר פּלוצלינג דערזען, אַז דער געטאָ ווערט אַרומגערינגלט דורך די דייטשן. די אידן האָבן אָנגעהויבן זוכן באַהעלטענישן. אָבער וואו זאָלן זיי גיין מיט זייערע קליינע קינדער, וועלכע האָבן אָן אויפהער געוויינט און געשטעלט אין געפאַר זייערע פאַמיליעס און שכנים? ס'האָט נישט לאַנג געדויערט, און די איינהייטן פון געסטאַפּאָ און ס.ס. האָבן זיך אַריינגעריסן אין געטאָ, אָנגעהויבן כאַפּן אידן און אַוועקפירן זיי אויפן שול־הויף. די שוואַכע, קראַנקע, זקנים און קינדער, און בכלל מענטשן, וואָס זיינען זיי נישט געפעלן געוואָרן, האָבן זיי אַריינגעלאָזט אין דער שול. פאַר געלט האָט מען זיך געקענט באַפרייען. דערין האָט זיך אויס־געצייכנט האַפּטקע, ער האָט באַפרייט לויט זיין איינזען.

אָט דער האַפּטקע איז געגאַנגען איבער די אידישע הייזער, אַרויסגענומען פון דאָרט די באַהאַלטענע און אַוועקגעפירט זיי אין שול. באַלד דערנאָך האָבן זיך באַוויזן שוואַרצע לאַסט־אויטאָס, אין וועלכע מ'האָט אָנגעלאָדן די קראַנקע, שוואַכע און קינדער. אין איין אויטאָ האָט מען אָנגעשטופּט ביז 150 נפשות, און דערפאַר זיינען א סך פון זיי דערשטיקט געוואָרן ביים אָנלאָדן זיי. די געשרייען זיינען געגאַנגען ביזן זיבעטן הימל. מוטערס האָבן פון זייער אייגענעם ווילן געקלעטערט אין די אויטאָס ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט שיידן זיך מיט זייערע קינדער. ווען די לאַסט־אויטאָס זיינען אַדורך אָפּאַטאָוועק, האָט מען פון דאָרט שוין מער נישט געהערט, נאָר איינצלנע קרעכצן, ווייל אַלע זיינען שוין געווען דערשטיקט.

אין די שוואַרצע לאַסט־אויטאָמאָבילן האָט מען די מענטשן דערשטיקט מיט גאַז. די קערפּערס האָט מען געבראַכט אויף א באַשטימט אָרט, און דאָרט האָט מען זיי פאַרברענט. ווען די אידן, וואָס האָבן געאַרבעט אין אָפּאַטאָוועק, האָבן געזען דורכפאָרן די שוואַרצע אויטאָס, זיינען זיי געלאָפן נאָך זיי און ביטער געוויינט. די ס.ס.־לייט האָבן געשאָסן אין די פיס פון די נאָכלויפערס און די אַרבעטס־אָנפירער האָבן זיי געשלאָגן אָן רחמנות.

די אידן האָבן געוואוסט, אַז דאָ פירט מען צום טויט זייערע פאַרמשפּטע ברידער, און דערפאַר האָבן זיי זיך נישט געקענט באַהערשן. אויף דעם וועג האָבן זיי געבראַכט צום אויסדרוק זייער פּראָטעסט.

אָט די אַקציע האָט זיך געצויגן דריי טעג. די גאַז־אויטאָס האָבן דאַן אַרויסגעפירט בערך 3000 מענטשן. איך בין אין יענע טעג געווען אין קאָזשמינעק און מיינע אויגן האָבן דאָס אַלץ געזען. מיך האָט מען נישט אָנגערירט, ווייל איך האָב געהערט צום אַרבעטס־לאַגער אָפּאַטאָוועק און איך בין געקומען קיין קאָזשמינעק אין שליחות פונעם לאַגער.

די אידן האָבן איינגעזען, אַז זייער סוף איז נאָענט. נאָך דער אַקציע זיינען א סך פון זיי אַנטלאָפן קיין וואַרשע און קיין לאָדזש. ס'האָט געהערשט א מיינונג, אַז דאָרט, וואו עס עקזיסטירן גרעסערע אידישע צענטערן, האָבן זיי מער שאַנסן צו בלייבן לעבן.

אומעטיק איז געוואָרן די אָפּאַטאָוועקער אידן, וועלכע האָבן פאַרלוירן א סך פון זייערע קרובים אין געטאָ קאַזשמינעק בעת דער גרויסער דרייטאָגיקער אַקציע. די דערשלאָגנקייט האָט אָפּגענומען יעדן ווילן צו לעבן און דעם כוח צו אַרבעטן.

די אידן, וואָס פלעגן קומען פון אָפּאַטאָוועק קיין קאַזשמינעק, האָבן געבראַכט דערשיטערנדיקע

ידיעות. דער דיסקריט־קאָמיסאר געט פלעגט קומען אין געטאָ טאָג־טעגלעך אין דער באגלייטונג פון א באנדע שיכורע געסטאפאָ־לייט. ביינאכט פלעגט מען ארויסיאָגן אידן פון די הייזער נאקעטערהייט, געטריבן זיי איבער די גאסן און געשלאָגן מכות־רצח.

אָפט האָבן די דייטשן איבערגעחזרט א ספּעציעלע שפּיל: זיי האָבן איינגעלאדן אויף דער זשאנדארמען־סטאציע שיינע אידישע מיידלעך און נאָכדעם ווי זיי האָבן זיי געפּייניקט א גאנצע נאכט, האָבן זיי פארטאָג זיי דערשלאָגן און ארויסגעוואָרפן נאקעטע אין גאס.

אויך אין לאגער אָפּאטוועק איז די לאגע געוואָרן אומדערטרעגלעך. די אידן זיינען געפאלן ווי די פליגן. אויפן אָרט פון די געפאלענע האָט מען געבראכט נייע. דער שרעקלעכער מצב אין לאגער קאזשמינעק האָט אויך משפיע געווען צום שלעכטן אויפן לאגער אָפּאטוועק. פריער פלעגן אריינקומען באשיידענע שפּייז־פּראָדוקטן פון קאָזשמינעק, אָבער נאָך דער אקציע און די שרעקלעכע רדיפות, האָט זיך זייער לאגע שטארק פארערגערט, און אויך זיי האָבן געהונגערט.

אלע האָבן געפילט, אז די טעג פון די לאגערס אין אָפּאטוועק און קאָזשמינעק זיינען געציילטע. ווי גוט איז געווען כאָטש צו געפינען זיך צווישן די לעבנגעבליבענע קרובים. אָבער די שווערע ארבעט און די אומאויפהערלעכע קלעפּ האָבן אינגאנצן דערשלאָגן די לאגער־אידן, איינגעבראָכן זייער קערפּער און גייסט.

אזוי האָבן מיר געלעבט ביז מאי 1941. אין א געוויסן פרימאָרגן האָט מען פארעפנטלעכט א מעלדונג, אז אלע אָפּאטוועקער אידן דארפן זיך גרייטן צו לאָזן זיך אין וועג אריין. אין לאגער האָט געהערשט א שרעקלעכע צערודערטקייט. און באלד האָט מען געבראכט צו אונז אידן פון ארבעטס־לאגער. צוזאמען האָבן מיר איצט געציילט בערך 300 אידן. נאָך אין דעם זעלבן טאָג זיינען אָנגעקומען אין לאגער 30 פּויערישע פורן און זיי האָבן אונז אלעמען אוועקגע־פירט קיין קאליש. אויף דער באַן־סטאציע האָט מען אונז אריינגעשטופּט און זעקס וואגאָנען און מ׳האָט אונז אוועקגעפירט קיין פּויזן.

איך בין געפאָרן צוזאמען מיט מיין פאָטער און מיינע צוויי ברידער.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אויפן אָרט, האָבן אונז באגעגנט די באפּולמעכטיקטע פון פּריוואטע אונטערנעמונגען. אונזער טראנספּאָרט איז געוואָרן צעטיילט אויף צוויי גרופּעס. קיינער האָט נישט געוואוסט וואוהין מ׳האָט אוועקגעשיקט די ערשטע גרופּע. די צווייטע גרופּע, בערך 150 אידן, האָט מען געשיקט קיין שוואנינגען, וואָס האָט געהערט צום דייטשן ארבעטס־פּראָנט.

מ׳האָט אונז געבראכט אין לאגער, און ווידער האָט פאר אונז א שיין געטאָן די האָפענונג, אז מ׳וועט אונז געבן ארבעט און מיר וועלן זיך ראטעווען פון דעם גיהנום, וואָס האָט געוואָרט פאר די אידן אין פארשיידענע געטאָס.

ביים אָנקומען אין לאגער האָבן מיר דאָרט דערזען צוויי באראקן. דער פּלאַץ איז געווען ארומגעצוימט מיט שטעכלדראָט און באוואכט דורך א ספּעציעלער וואך. לאגערפירער איז געווען דער דייטש גראָס. איידער מ׳האָט אונז געגעבן עסן, האָט מען אונז געשיקט ברענגען שטרוי. מ׳האָט אונז באפעלן צו גיין אין א שנעלן טעמפּאָ. ווען מיר זיינען צוריקגעקומען, האָט מען יעדע צוויי פּערזאָן געהייסן טראָגן געפּרעסטן שטרוי אין א וואָג פון 150 ק״ג. מ׳האָט אונז געצוואונגען צו לויפן מיט דער מאסע און דערביי האָט מען אונז באשאָטן מיט א רעגן פון מערדערלעכע קלעפּ. די האָפענונג, וואָס האָט פאר אונז אויפגעשיינט ביים אריינגיין אין לאגער, איז פארשוואונדן אָן א שפּור און מיר האָבן שוין פאָרגעפילט דעם גורל, וואָס אונז דערוואַרט.

מ׳האָט אונז גערופן צום ערשטן אפּעל, און דער לאגערפירער האָט אונז געמאָלדן: ״אז מיר זיינען געקומען אהער ארבעטן. איר דארפט אויספירן יעדן באפעל. דער וואָס וועט נישט פאָלגן, וועט ווערן געהאָנגען. דאָס זעלבע וועט מען טאָן מיט יעדן דיווערסאנט. פאר יעדן דיסציפּלין־ברוך וועט איר באקומען שמיץ״. מיר האָבן גוט פארשטאנען דעם טייטש פון אָט דער רעדע: קלעפּ און טויט. אונזער גרופּע איז געוואָרן צעטיילט אויף צען מאנשאפטן.

ביי דער ארבעט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט פּוילישע ארבעטער, הגם ס׳איז געווען פארווערט צו ריידן מיט זיי, האָבן מיר געפונען געלעגנהייטן צו כאַפּן מיט זיי קורצע שמועסן. אינגיכן האָבן מיר זיך פון זיי דערוואוסט, אז אין לאגער שוואנינגען זיינען שוין פאר אונז געווען אידן.

די דייטשן האָבן זיי לחלוטין פאַרהונגערט, און ווען די נשמה האָט זיך שוין קוים געהאַלטן אין זיי, האָט מען זיי געשיקט קיין קאָנין. דאָרט האָט מען זיי אומגעבראַכט און די קערפּערס האָט מען אָפּגעגעבן אין דער זייף־פאַבריק "ריף".

די דערציילונגען פון די פּוילישע אַרבעטער האָט צעבראָכן אונזער געמיט. מיר האָבן פאַר־שטאַנען, אַז די דייטשן האָבן אונז געבראַכט אַהער, כדי זיי זאָלן אונז קודם פּייניקן, און דערנאָך אומברענגען און אויסאַרבעטן פון אונזערע קערפּערס זייף. מיט איין וואָרט, אונז דערוואַרט דער זעלבער גורל, וואָס די אידן האָבן דאָ געהאַט פאַר אונז.

מיר האָבן געטאָן קאַטאָרגע־אַרבעט 12—10 שעה אין טאָג. אונזער שפּייז־ראַציע איז באַשטאַנען פון 300 גראַם ברויט און צוויי זופּ וואַסער. דאָ איז נישט געווען קיין שום מעגלעכקייט צו באַקומען שפּייז פון אַן אַנדער אָרט. צוויי וואָכן נאָך אונזער אָנקום קיין שוואַנינגען איז אַנטלאָפן פון לאַגער איין איד, און נאָך עטלעכע טעג — נאָך פינף. אין רעזולטאַט דערפון איז דער רעזשים אין לאַגער האַרבער געוואָרן און מ׳האָט אונז געשלאָגן ביי יעדער געלעגנהייט.

די שמירה איבער אונז בעת דער אַרבעט איז פאַרשטאַרקט געוואָרן און מ׳האָט אונז אַבסאָלוט נישט געלאָזט אָפּרוען. מיר האָבן געמוזט אַרבעטן איינגעבויגענערהייט און נישט אויפהויבן דעם קאָפּ. מ׳האָט אונז איזאָלירט פון די פּוילישע אַרבעטער.

די דייטשן האָבן נישט גערוט און נישט געזשאַלעוועט קיין כוחות אויף צו כאַפּן די זעקס אַנטלאָפענע אידן. סוף כל סוף איז זיי דאָס געלונגען.

דעם ערשטן אַנטלאָפענעם האָבן די דייטשן אַריינגעזעצט אין ברענענדיקן דעזינפעקציע־אויוון, כדי "ער זאָל זיך דאָרט אָפּבראָטן" האָבן די דייטשן געזאָגט. אינדערפרי, ווען מ׳האָט געעפנט די הערמעטיש־פאַרמאַכטע טירן פון דעזינפעקציע־אויוון, האָט מען אַרויסגענומען פון דאָרט אַ פאַרקוילטן קערפּער אינגאַנצן אָן לייב. מיר האָבן דערזען אַ שוואַרצן סקעלעט.

פאַר די אַנדערע פינף האָבן די דייטשן אויסגעקליבן אַ לייכטערן טויט. מ׳האָט זיי אַלע אויפ־געהאַנגען. איינער פון זיי האָט פאַרן אויפהענגען אים, געזאָגט פאַר אַלע אָנווענזנדיקע: "מיר זיינען אומשולדיק, פאַר דעם אַלעם וועלן די דייטשע רוצחים באַצאָלן!" אַ געסטאַפּאָ־מאַן האָט אים דערשאָסן און מ׳האָט אים געהאַנגען ווען ער האָט שוין נישט געלעבט.

די פּייניקונגען זיינען נישט קלענער געוואָרן, מיט יעדן טאָג זיינען זיי געוואָרן אַכזריותדיקער. בעת דער אַרבעט האָבן די אָנפירער אַליך אָפּטער געגומען "טרייבן שפּאַס" מיט די אידן. זיי פלעגן אַרויפזעצן אַ איד אויף אַ וועגעלע, צודעקן אים מיט זאַמד, אַוועקפירן אים נאָענט פון תהום, און דאָרט דאָס איבערקערן. דער אומגליקלעכער פלעגט זיך קייקלען אַראָפּ אין אָפּגרונט, ברעכן הענט און פיס און שטאַרבן אין שרעקלעכע יסורים. די מער מזלדיקע זיינען געשטאָרבן בעתן פאַלן. אונז האָט מען געצוואונגען זיך צוצוקוקן צו דעם. אָפט פלעגט מען אַוועקזעצן אַ איד, פאַרדעקן זיין קערפּער ביז צום האַלדז מיט זאַמד, און לאָזן אים אויסגיין. מיט די רציחות האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט דער דייטשער אַרבעטס־אָנפירער קראַמער. ער האָט דאָס אָרגאַניזירט די "אידישע שפּילן", לויט זיין אויסדרוק.

נאָך דריי חדשים אַרבעט האָבן די כוחות אונז אינגאַנצן פאַרלאָזט. די דייטשן האָבן אויס־געקליבן 60 אידן — "מוסולמענער" — שוואַכע, וואָס האָבן נישט געטויגט צו קיין שום אַרבעט — און געשיקט זיי קיין קאָנין אין דער זייף־פאַבריק. אַ סך אידן זיינען געשטאָרבן פון הונגער, קלעפּ, דיזענטעריע.

מיר זיינען געבליבן אַ קליין הייפל. מיר זיינען געווען איבערצייגט, אַז דער לאַגער וועט אינגיכן ווערן ליקווידירט, און מיט שרעק האָבן מיר טאָג טעגלעך געוואַרט אויפן סוף. פאַר אונז איז געווען קלאָר, אַז אונזער וועג פירט קיין קאָנין, אין דער זייף־פאַבריק. אָבער אַזוי איז נישט געשען. אויפן אָרט פון די אומגעבראַכטע האָט מען געברענגט אין לאַגער אַנדערע 200 אידן.

איין אידן איז געלונגען צו אַנטלויפן פון קאָנין. מ׳האָט אים געכאַפּט און געברענגט צו אונז אין לאַגער, כדי אים צו הרגענען. דער איד איז עטלעכע טאָג געזעסן אין אַרעסט און די אידישע לאַגער־מענטשן, וואָס האָבן אים געבראַכט עסן, האָבן זיך דערוואוסט פון אים, אַז קיין קאָנין

ברענגט מען אידן פון דער גאנצער געגנט. נאָכדעם ווי מען טויט זיי מיט גאז, גיט מען איבער זייערע קערפּערס אין דער זייף־פאַבריק. דעם איד האָט מען אויפגעהאנגען.

אין איינעם א ווינטער־אָוונט האָבן אַלע לאַגער־פירער איינגעאָרדנט אַן אָוונט לכבוד די דייטשע נצחונות אויף די פראָנטן. מיר זיינען געלעגן אין די באראקן און צו אונז זיינען דער־גאנגען די געשרייען פון די אָנגעשיכורטע צעהוליעטע דייטשן. קיינער האָט קיין אויג נישט צוגעמאַכט. דאָס הארץ האָט אונז געזאָגט, אז די שיכורע דייטשן וועלן האָבן חשק זיך א שפּיל צו טאָן מיט אונז. אין דער נאַכט־פינצטערניש האָבן די לאַגער־פירער און געסטאַפּאָ־לייט (זיי זיינען געווען אָנגעטאָן אין מונדירן פון ד.א.פ., אָבער מיט געסטאַפּאָ־אָפּצייכענונגען) זיך אריינ־געריסן אין די באראקן, אראָפּגעשלעפּט די אידן פון זייערע געלעגערס און נאַקעטערהייט זיי ארויסגעטריבן אין דרויסן. דאָרט האָבן זיי אונז געוואָרפן אין שניי און געשלאָגן אָן אויפהער. שפּעטער האָט אונזער לאַגער־פירער באַפוילן, אז מיר זאָלן אריין צוריק אין די באראקן. די טיר פון באראק איז געווען א שמאָלע און דורך איר האָבן מיר געדאַרפט אריין. פון ביידע זייטן טיר האָבן זיך אוועקגעשטעלט דייטשן און געשלאָגן מיט שטעקנס די אריינגייענדיקע. קיינער האָט נישט געקענט אנטרינען פון די קלעפּ. בעת אַ דעם אריינגיין אונזערן אין די באראקן זיינען געהרגעט געוואָרן אכט אידן. איין אידן האָט מען אריינגעוואָרפן אין ברונעם. שפּעטער האָבן אים די דייטשן ארויסגעשלעפּט און צוגעבונדן צום טעלעפאָן־סלופּ. אזוי איז דער אומגליקלעכער פאַרפרוירן געוואָרן אין א פראָסט פון 30 גראַד. אין די דאָזיקע רציחות האָט זיך אויסגעצייכנט דער וואַך־עלסטער טשעקאַלאַ, אַן אויסגעשפּראָכענער סאדיסט. מיר האָבן געמוזט שטיין שטיל שטענדיק ווען ער איז אונז פאַרביי־געגאַנגען. צוליב דער מינדסטער זאַך זיינען מיר געווען געצוואונגען זיך צו מעלדן אים, און אָפט האָט ער אונז געשלאָגן מכות רצח.

א באַזונדער קאַפּיטל אין די שוידער־דערציילונגען פאַרנעמען די רעוויזיעס בעתן אריינגיין אין לאַגער. אויב מ'האָט עפּעס געפונען אין די מלבושים ביי א איד, אפילו עטלעכע קאַרטאָפל, האָט מען פאַרשריבן זיין פערזענלעכן נומער און בעת דעם אַפּעל האָט מען אים געמשפט. דער פּסק איז געווען געוויינלעך 50 שמיץ אויפן נאַקעטן לייב. די דייטשן האָבן געשמיסן מיט נאַסע גומי־ריטער, וואָס האָבן צעהאַקט דאָס לייב פונעם קרבן. נאָך דעם שמייסן האָט מען דעם קרבן אריינגעזעצט אין דעזינפעקציע־אויוון, וואָס איז נישט געווען געהייצט, אָבער מען האָט אים הערמעטיש פאַרמאַכט. דער מענטש איז דאָרט דערשטיקט געוואָרן.

טאָגטעגלעך האָבן אונזערע פייניקער דערפינדן נייע טאָרטורן און די צאָל פון אונזערע קרבנות איז כסדר געוואַקסן. ווער ס'איז נישט אומגעקומען פון הונגער און פון קלעפּ, איז געווען א קאַנדידאַט געשיקט צו ווערן קיין קאַניץ.

אין אַן אָוונט פון יולי 1942 האָט מען אונז באַפוילן צו גרייטן די פּעקלעך און זיך פאַרטיק מאַכן אין וועג אריין. מ'האָט אונז ארויסגענומען צום אַפּעל 11 ביי נאַכט און אזוי זיינען מיר געשטאַנען ביז אינדערפרי. ווען עס האָט געגומען טאָג, האָבן מיר דערזען, אז מיר זיינען ארומ־גערינגלט פון ס.ס. און געסטאַפּאָ.

בערך 500 אידן זיינען מיר דאַן געווען אין לאַגער. מיר האָבן געמיינט, אז מ'שיקט אונז אַלע קיין קאַניץ, אָבער מיר האָבן זיך געהאַלטן אבסאָלוט רואיק, ווייל מיר זיינען שוין געווען אינגאַנצן רעזיגנירט. זאָל זיין וואָס ס'האָט צו זיין, אבי דאָס זאָל געשען באַלד און מאַכן א סוף צו אונזערע שרעקלעכע יסורים.

בערך 60 באַוואָפנטע דייטשן האָבן אונז אָפּגעפירט אויף דער באַן־סטאַציע, וואו ס'זיינען שוין געשטאַנען גרייט קרוב צו 60 וואַגאָנען. מיר האָבן געהערט קרעכצן און געשפּענסטער־שאָטנס האָבן פון צייט צו צייט זיך באַוויזן אין די פאַרקראַטעוועטע וואַגאָן־פענצטערלעך. מ'האָט אונז אָנגעלאָדן אין זיי. מיר זיינען זיכער געווען, אז דער גאַנצער צוג גייט קיין קאַניץ, אין דער זייף־פאַבריק. אָבער דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך געווענדעט אין אַן אנדער ריכטונג, נישט קיין קאַניץ.

מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן און טרעפן וואוהין מ'פירט אונז און וואָסערער ס'וועט זיין אונזער סוף. מיר זיינען געפאָרן זעקס טעג און זעקס נעכט אָן וואַסער און אָן שפּייז. מיר האָבן געטראַכט, אז דאָס איז דער סוף. א סך מענטשן זיינען געשטאָרבן אין וועג. אינעם צוג האָבן זיך געפונען א 3.000 אידן.

אויף איינעם פון די סטאַציעס האָט דער צוג זיך פאַרהאַלטן. מ׳האָט אונז באַפוילן צו פאַרלאָזן די וואַגאָנען אין משך פון 10 מינוט. די זאַכן אונזערע זיינען געבליבן אין די וואַגאָנען. מ׳האָט אונז איינגעשטעלט אין פינפטלעך. הונדערטער טויטע זיינען געבליבן אין די וואַגאָנען.

א קאָמיסיע פון 3 ס.ס.־אָפיצירן האָט דורכגעפירט א סעלעקציע. די געזונטע פון איין זייט, די שוואַכע — פון דער צווייטער. פון דעם גאַנצן צוג האָט מען אויסגעקליבן אַרום 600 פערזאָן, אַנגעלאָדן זיי אויף לאַסט־אויטאָס און אָפּגעפירט אין לאַגער.

פון אָנהויב האָבן מיר נישט געוואוסט וואָסער לאַגער דאָס איז. שפּעטער האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז מיר געפינען זיך אין אוישוויץ. די איבעריקע האָט מען אַוועקגעפירט אין בירקענאו.

מיר האָבן דערזען מענטשן, וואָס זיינען אָנגעטאָן אין געפּאַסעוועטע בגדים, און מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען די באַדייטונג דערפון. פון אָנהויב האָבן מיר געמיינט, אַז זיי זיינען אָנגעטאָן אין פּיזשאַמעס. אָבער צי ווען דען אידן אַרומגיין אין דרויסן אין פּיזשאַמעס? מיר האָבן געוואוסט, אַז ס׳קומט פאַר א מאַסן־אויסראַטונג פון די אידן, און דאָ מיט א מאָל — לוקסוס? אידן גייען אַרום אין פּיזשאַמעס!

מ׳האָט אונז אַריינגעפירט אין אַן איבערגאַנגס־באַראַק. דאָרט האָבן מיר זיך אויסגעטאָן און מיר זיינען אַרויס דורך דער אַנדערער טיר, נאַקעטע. אַזוי זיינען מיר געשטאַנען א גאַנצע נאַכט, ביז אַכט אינדערפרי. אין דרויסן איז געווען קאַלט און ס׳האָט גערעגנט. מיר זיינען געשטאַנען נאָענט פון די קאַפּאָ־באַראַקן. די קאַפּאָס האָבן זיך געפרייט אויף אונזער אומגליק, געחוזקט פון אונז, געוואָרפן אויף אונז שטיינער, געשפּריצט וואַסער א.ד.ג.

אינדערפרי האָבן זיי אונז אָפּגעשוירן די האָר און געפירט אונז אין דעזינפעקציע־אַנשטאַלט. נאָך דער דעזינפעקציע האָט מען אונז געגעבן געפּאַסעוועטע בגדים און הילצערנע שיך. איצט האָבן מיר פאַרשטאַנען וואָס עס באַדייט די פּאַסן. מיר האָבן שוין געוואוסט, אַז דאָס זיינען די קליידער פון קאַצעט — פון קאָנצענטראַציע־לאַגער.

מ׳האָט אונז אַוועקגעפירט אין קאַראַנטין־בלאָק נומער 30. דאָרט האָבן זיך שוין געפונען אַרום 3 טויזנט פערזאָן. מיר זיינען אַרויף אויפן בוידעם און דאָרט האָט יעדער איינער באַקומען א שטיקל ברויט.

מיר האָבן אָנגעהויבן א ניי לעבן פון א ריכטיקן קאָנצענטראַציע־לאַגער. אמת, מ׳האָט אונז נישט געשיקט צו דער אַרבעט, אָבער דערפאַר האָט מען אונז געמאַטערט מיט אַפּעלן. דריי שעה פאַרן אַפּעל האָט מען אונז געצוואונגען צו קניען אין דער העלפט. יעדער וואָס איז אומגעפאַלן האָט געקריגן געשלאָגן ביז צום פאַרלירן דאָס באַוואוסטזיין.

א באַזונדער קאַפּיטל איז געווען דאָס פונאַנדערטיילן די פּאַרציעס ברויט. דאָס ברויט האָט מען געבערענגט אין גרויסע קוישן. יעדער איינער האָט געדאַרפט צוגיין צום קויש און זיך נעמען א שטיקל ברויט נישט אַריינקוקנדיק אינעווייניק. דער אָפיציעלער תירוץ פאַר דער פאַראָרדענונג איז געווען, אַז מ׳זאָל זיך נישט אויסקלייבן די פּאַרציע ברויט. אויב עמעצער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט צום ברויט, האָט ער באַקומען קלעפּ פון א נאַהייקע אין קאָפּ. טיילמאָל האָט א מענטש אַריינגעכאַפּט די קלעפּ, אָבער ער איז געבליבן אָן ברויט. אין אַזא פאַל האָט דער מענטש געהונגערט א גאַנצן מעת־לעת.

מ׳האָט כסדר געמאַכט מיט אונז גימנאַסטישע איבונגען, וואָס זיינען באַגלייט געווען מיט א האָגל פון קלעפּ. צענדליקער מענטשן זיינען געשטאָרבן טאָג טעגלעך. ס׳איז פאַרשוואונדן יעדע האָפענונג זיך אַרויסצובאַקומען פון דאָרט א לעבעדיקער.

איינמאָל האָט די לאַגער־מאַכט אָנגעהויבן אויסקלייבן מענטשן אויף אַרבעטן אינדרויסן. ס׳האָט ווידער א שיין געטאָן די האָפענונג, אַז ס׳וועט זיך אונז איינגעבן צו בלייבן לעבן. אָבער ווי אַזוי זאָל מען אַרויסגיין פון דאַנען? ווי באַקומט מען זיך אַריין אין אַזא אָפּטיילונג? די דאָזיקע פראַגע האָט געמאַטערט יעדן איד אין לאַגער.

מענטשן האָבן זיך געשטופּט. יעדער איינער האָט אויסגעטראַכט א פּאַסיקע פּראָפעסיע און באַמיט זיך צו מאַכן אַן אָנשטעל פון א אינגערן און געזונטערן, אבי מ׳זאָל אים צוטיילן צו דער גרופּע, וואָס אַרבעט אויסערן לאַגער.

מיר האָבן שוין געוואוסט, אז דאָ וועלן מיר זיך ארויסענדיקן און דערפאר האָבן מיר געזען אין דעם ארויסגיין פון לאגער די איינציקע אויסזיכט צו בלייבן לעבן. יעדן פאלס — אזוי האָבן מיר דאן געטראכט. קיינער האָט נישט געוואָלט אדורכלאָזן די איינציקע ישועה.

מ׳האָט אויסגעקליבן 300 פערזאָן, און צווישן זיי — מיין פאָטער, מיינע צוויי ברידער און איך. דעמאָלט איז דאָס געווען די גרעסטע מתנה פון מזל: די גאנצע משפחה גייט ארויס פון אוישוויץ.

מ׳האָט געזען טראגישע סצענעס: פאָטערס זיינען געוואָרן צעשיידט מיט זיינע קינדער, פאמיליעס זיינען געוואָרן צעטיילט אויף אייביק. 300 אידן זיינען ארויס פון לאגער־טויער אונטער די קלאנגען פון אוישוויץ־אָרקעסטער. מיר זיינען געווען גליקלעך, ווארום אלע אויסערלעכע סימנים האָבן עדות געזאָגט, אז מ׳פירט אונז צום לעבן, נישט צום טויט. מ׳האָט איינגעלאָדן אויף לאסט־אויטאָמאָבילן, און אונטער א שטרענגער וואך זיינען מיר אוועק קיין לעגישע, 80 ק״מ פון אוישוויץ.



זלאָטע (אידישע) גאָס




# קאַליש אין אויגוסט 1939

## מאַטעריאַלן פון רינגעלבלום־אַרכיוו




ער חודש אויגוסט איז געווען רייך אין געשעענישן. אינעם באַוואוסטזיין פון דער באַפעלקערונג איז געוואָרן רייף די איבערצייגונג, אַז די מלחמה איז אומפאַרמיידלעך. צוזאַמען מיט דער איבערצייגונג איז שטאַרקער געוואָרן דער אויפברויז און מ׳האָט אָנגעהויבן מאַכן פאַרשיידענע צוגרייטונגען. מ׳דאַרף פעסטשטעלן, אַז די פּוילישע געזעלשעפטלעכקייט איז געווען אַדורכגענומען מיט אַ פּאַטריאָטישן גייסט און אַרויסגעוויזן די גרייטקייט צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד קעגן דעם אָקופּאַנט. אין אַזאַ אַטמאָספערע איז דערקלערט געוואָרן די אַלגעמיינע מאָביליזאַציע און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען.

אויך אין קאַליש האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען און די דאָרטיקע אידן זיינען געווען איבערצייגט אין דער גערעכטיקייט פון די זיך פאַרטיידיקנדיקע. ביים דערנענטערן זיך פון דער מלחמה איז בעסער געוואָרן די באַציאונג פון די פּאָליאַקן צו די אידן, ווייל זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער שונא איז אַ געמיינזאַמער און מ׳דאַרף שאַפן קעגן אים אַ פאַראייניקטן פאָלקס־פראָנט. די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע אין דער פּוילישער ענדעקיש־אַנטיסעמיטישער געזעלשאַפט איז כמעט שטיל געוואָרן. די פּאָליאַקן האָבן געקענט די מעכטיקייט פון דייטשן שונא, זיי האָבן זיך אָבער פאַרלאָזט אויפן גייסט פון פּוילישן זעלנער.

אויך דער גורל פון די אידן איז געווען פאַרבונדן מיט דער מלחמה. די באַציאונג פון די דייטשן צום אידנטום איז געווען גוט באַקאַנט. זיי האָבן אויך געוואוסט, אַז די דייטשן סטימולירן די ענדעקעס אין זייער אַנטיסעמיטישער טעטיקייט. די באַוואוסטזיניקע שיכטן פון דער אידישער באַפעלקערונג האָבן פאַראורטיילט דעם פאַשיסטישן רעזשים פון דריטן רייך. די מפּלה פון דייטשלאַנד וואָלט פאַרבעסערט די לאַגע פון די אידן אין פּוילן.

אַלע האָבן געגלויבט אין אַ נצחון, און אַזוי אַרום האָט זיך קאָנסאָלידירט דער פּאַטריאָטישער פראָנט אין פּוילן. אָבער די געשעענישן זיינען שנעל געלאָפן. פּראָוואָקאַציעס אויף די גרענעצן, דאַנציק, די מאָביליזאַציע. אַ גאַנצע ריי יאָרגענג זיינען גערופן געוואָרן אין מיליטער, און די קאַלישער אָפּטיילונגען זיינען געוואַקסן. די קאַזאַרמעס זיינען געווען צו קליין אַריינצונעמען אַלע מאָביליזירטע, האָט מען זיי איינגעאָרדנט אין שולן, קינאָס, רעגירונגס־געביידעס א.א.וו. די מיליטערישע־קאָנצענטראַציע האָט צוגעגעבן דער שטאָט אַ כאַראַקטער פון אַ מיליטערשן לאַגער.

די שפּאַנונג איז כסדר געוואַקסן און נאָך שטאַרקער געוואָרן, ווען ס׳איז באַקאַנט געוואָרן דער דייטש־סאָוויעטישער אָפּמאַך און ס׳איז דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. די מיליטערישע מאַכט האָט באַשלאָסן צו גראָבן שוץ־גרובנס און אויפשטעלן צוימען פון שטעכל־דראָט. צו אָט די אַרבעטן האָט מען מאָביליזירט ציווילע בירגער, און זיי האָבן זיך אָפּגערופן מיט איבערגעגעבנקייט. אָפּטיילונגען פון ציווילע מענטשן האָבן אַרויסמאַרשירט פון שטאָט מיט פאָנען, אונטער די קלאַנגען פון אָרקעסטערס. די אידישע באַפעלקערונג האָט זיך זייער אַקטיוו באַטייליקט אין די פאַרטיידיקונגס־אַרבעטן. פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, ווי בונד, בית״ר, מכבי האָבן מאָביליזירט זייערע מיטגלידער און מאַרשירט אונטער די לאָזונגען: „דער אידישער אַרבעטער גראָבט אַ קבר פאַרן היטלעריזם״. אידן האָבן אויך געגראָבן שוץ־גראָבנס קעגן לופט־אָנגריפן אין שטאָט. ס׳איז נישט געווען קיין שום ספק, אַז ביים אָנהייב פון די קריגס־אַקציעס וועט די שטאָט ווערן באָמבאַדירט. דער קאָמיטעט פון לופט־פאַרטיידיקונג האָט רעקאָמענדירט אַרויסצושיקן די פרויען און קינדער אין די שטעטלעך און דערפער פון דער געגנט. אין שטאָט־ראַט האָט מען געעפנט אַ ספּעציעלן ביוראָ אויף צו ריכטן די באַפעלקערונג אין פאַרשיידענע ערטער.

די דאָזיקע פאַראָרדנונג האָט אַרויסגערופן אין שטאָט אַן אויפרודערונג. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז מ׳דאַרף זיך צעיילן און פאַרלאָזן די שטאָט. דער קלאַנג, אַז מ׳האָט עוואַקויִרט

פון שטאָט די רעגירונגס־ארכיוון האָט נאָך מער פארשטארקט די שפאנונג. ס׳האָבן זיך געשאפן רייען פון די אָפּשפּאַרערס ביי די ביוראָס פון פ.ק.או. פון די אָפּרו־הייזער און סענאטאָריומס האָבן מענטשן זיך אומגעקערט אין בהלה. די פרייזן פון וואַליזעס, קוישן און קאסטנס זיינען געשטיגן. דער וואקזאל איז געווען אָנגעפּראָפּט פון מענטשן. צו דינגען משא־אויטאָמאָבילן און טאקסיס זיינען געווען בכוח בלויז פארמעגלעכע מענטשן. אין אלע שטובן האָט מען זיך געפּאקט און ארויסגעלאָזט זיך וואַגלען, זוכן א זיכער אָרט.

סוף אויגוסט, ווען פון די גרענעץ־דערפער האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די לאנגע קאראוואנען פורן מיט פויערים, וואָס זיינען באזייטיקט געוואָרן פון דאָרט, איז שטארקער געוואָרן דער שטראָם פון די אנטלויפנדיקע פון שטאָט. די פויערים האָבן אָנגעלאָדן אויפן פורל וואָס ס׳האָט זיך געלאָזט, ארויסגעפירט די בהמות און אוועק אויף מזרח. איצט זיינען אוועק פון שטאָט אויך די אָרעמע. מיט די רוקזעק אויף די פּלייצעס זיינען זיי ארויס אויף די שאָסייען אין דער ריכטונג פון לאָדזש, ווארשע און אנדערע מזרחדיקע שטעט. קיינער האָט נישט איבערגעטראכט צי ער טוט ריכטיק. אינדרויסן האָט געהערשט א פּסיכאָז פון אנטלויפן.

אין יענע טעג ערב דער מלחמה זיינען אוועק פון דער שטאָט דריי פערטל פון דער באפעל־קערונג.

12.7.1941

## פון קאליש קיין ווארשע

די סעפּטעמבער־געשעענישן האָבן ארויסגערופן אן אלגעמיין געלויף פון דער שטאָט. דאָס דאָזיקע געלויף איז געווען א בהלהדיקס, אָן איבערטראכטונג און צוגרייטונג. מענטשן זיינען ארויס אָן חפצים, אין מאָרגן־ראָק, אָן א מאנטל. מ׳האָט געהאט א געפיל, אז בלייבן נאָך א שעה אין קאליש באדייט אומקום.

וועגן דער נערוויזיטעט און אימה ביי מענטשן קען עדות זאָגן אָט דער פאקט: צוזאמען מיט דער מוטער און מיטן אינגערן ברודער זיינען מיר אינדערפרי אוועק צו באקאנטע, כדי זיך מיט זיי צו באראטן. אין די גאסן איז געווען שטיל. דער גרעסטער טייל פון די געשעפטן איז געווען פארמאכט און א גרויסער צאָל אידן זיינען שוין געווען פארשפּארט אין מארק־בנין. אונזערע פריינד זיינען שוין כמעט געווען פארפּאקט און זיי האָבן געזאָלט אוועקגיין צו דער באן, וואָס פאָרט אָפּ אין צוואנציק מינוט ארום. אָן שום געהעריקן באטראכטן זיך האָבן מיר באשלאָסן צוצושטיין צו זיי, הגם מיר האָבן נישט געהאט ביי זיך קיין שום זאכן. די דירה צוזאמען מיט אלץ, וואָס ס׳איז אין איר געווען, האָבן מיר איבערגעלאָזט ביי א קריסטלעכער שכנה, די פרוי פון א קאָוואל, מיט וועלכער מיר האָבן אָנגעהאלטן גוטע באציאונגען. זי האָט אונז צוגעזאָגט, אז אויב מיר וועלן זיין געצוואונגען אוועקצופאָרן, וועט זי אונז איבערשיקן אונזער פארמעגן דורך יעדער געלעגנהייט. אין א צייט ארום האָט זי אלץ צוגענומען און געטענהט, אז די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט דאָס פארמעגן.

דער וואקזאל איז געווען אָנגעפּאקט מיט מענטשן און די צוגן האָבן נישט געקענט אלעמען ארייננעמען. די אידן האָבן געוואַרט, זיך דענערווירט, מורא געהאט פאר גזירות, וואָס האָבן געקענט קומען יעדע מינוט. זיי האָבן זיך געקלאמירט אויף די וואגאָן־טרעפּלעך, אויף די שויץ־ברעטער.

אין די וואגאָנען איז געווען ענג און שטיקנדיק, אלע כמעט זיינען געשטאנען, און פון דעסטוועגן איז אראָפּ א שטיין פון הארץ: ענדלעך זיינען זיי אויסער דער שטאָט. ווען דער צוג האָט געריִרט, האָט מען פרייער אָפּגעאָטעמט.

אויף די סטאציעס, וואו דער צוג האָט זיך פארהאלטן (שעראדז, זדונסקע־וואָליע) זיינען געשטאנען גרופּעס אידן און אויך געוואָלט פאָרן. אויף זייערע פּנימער איז געווען אויסגעגאָסן שרעק, אומרו און זאָרג דערפאר, ווייל זיי קענען נישט אריין אין צוג.

אין לאָדז האָט מען געמוזט וואַרטן עטלעכע שעה אויפֿן צוג קיין וואַרשע. אויך דאָרט האָבן זיך פֿאַרזאַמלט מאַסן אידן פֿון לאָדז און אַנדערע שטעטלעך. די צייט האָט זיך פֿאַר זיי לאַנג געצויגן, ווייל זיי האָבן געוואָלט אַנטרונען און אָפּרוען פֿון אַלע פּלאָגן. די געלע בענדער אויף זייערע אָרעמס האָבן אַרויסגערופֿן שפּאָט ביי די דייטשן און א חשק צו איזדיעקעווען זיך איבער די אידן. ביינאַכט האָבן זיי אַרויסגעטריבן פֿון וואַרטזאַל אַלע אידן און באַפֿוילן זיי צו וואַרטן אויפֿן פּעראָן. דאָרט האָט מען זיי אַלע אויסגעשטעלט אין א לאַנגער ריי און געהייסן זיי עפֿענען די פּעקלעך און וואַליזעס, כלומרשט פֿאַר א קאָנטראָל. ווען די אידן האָבן געפֿאָלגט, זיינען די דייטשן געגאַנגען פֿון פּעקל צו פּעקל און צוגענומען זיך אַלץ, וואָס ס'איז זיי געפֿעלן. אויב עמיצער האָט געפּרוווט זיך אַנטקעגנשטעלן, האָט מען אים געשלאָגן אָן רחמנות, אויך פּרווען אַריינגערעכנט.

ווען דער צו איז ענדלעך אָנגעקומען, האָבן די דייטשן פֿאַרזאַמלט די אידן אויף איין אָרט און זיי געהאַלטן ביז ס'זיינען אַריין אין צוג אַלע פּאַליאַקן. איין מינוט פֿאַרן אָפּגיין פֿון צוג האָט מען געגומען יאָגן די אידן אין די צוויי לאַסט־וואַגאָנען, וואָס מ'האָט צוגעטשעפּעט צום צוג. מ'קאָן זיך נישט פֿאָרשטעלן די שטופּעניש און די מהומה, וואָס דאָרט האָט געהערשט. מענטשן האָבן געטראָטן איינער איבערן אַנדערן. מ'האָט געהערט שרעקלעכע געשרייען, פֿאַמיליעס זיינען געוואָרן צעשיידט, קינדער זיינען געבליבן אָן עלטערן און פֿיל מענטשן האָבן פֿאַרלוירן דעם גאַנצן באַגאַזש. ווען דער צוג איז סוף כל סוף אַוועק, דיינען א העלפֿט אידן געבליבן אויפֿן וואָקזאַל פֿאַרלוירן און פֿאַרצווייפֿלט. די דייטשן האָבן געשעפּט נחת און חוזק געמאַכט פֿון די אידן־„באַרבאַרן", וואָס קענען זיך נישט האַלטן רואיק, ווי קולטור־מענטשן.

דערשלאָגענע זיינען די פּאַסאַזשירן פֿון דעם צוג אָנגעקומען קיין קאָלושקי. דאָרט האָבן זיי געמוזט אַראָפּגיין און וואַרטן אויף א צוג קיין וואַרשע. קאָלושקי איז געווען די גרענעץ־סטאַציע צווישן די געביטן, וואָס זיינען פֿאַראייניקט געוואָרן צום רייך און צווישן דעם גענעראַל־גוווערנעמענט. טויזנטער אידן זיינען אַרומגעגאַנגען דענערווירטע אויפֿן פּעראָן און אויסגעקוקט א צוג. אויפֿן וועג פֿון לאָדז קיין קאָלושקי האָבן די אידן אַראָפּגענומען די געלע בענדער מיט דער האָפֿנונג, אַז זיי וועלן שוין מער נישט נייטיק זיין, זיי האָבן זיך אָבער טועה געווען. די דייטשן האָבן באַלד דערזען די גרויסע צאָל אידן אויף דער סטאַציע און אָנגעהויבן זיי צו פּייניקן.

די דייטשע באַן־אַרבעטער האָבן צונויפֿגענומען די אידן אויף איין פּלאַץ, געשלאָגן און געזידלט זיי פֿאַרוואָס זיי טראָגן נישט די בענדער. די אידן האָבן שנעל גענומען זיי אָנטאָן, אָבער דאָס האָט שוין נישט געהאָלפֿן. די דייטשן האָבן באַשלאָסן זיי צו פּייניקן. דערביי האָט זיך אויס־געצייכנט א יונגער דייטש, וואָס איז אַרומגעגאַנגען צווישן די איבערגעשראָקענע אידן, געשטופּט זיי און אָן אויפֿהער געשריגן „פֿערפֿלוכטע יודען"! מיט א מאָל איז ער געבליבן שטיין און באַפֿוילן אַלעמען צו זאָגן צוזאַמען און הויך: „מיר האָבן געוואָלט דעם קריג". אַרום זיי האָבן זיך פֿאַרזאַמלט פּוילישע פּאַסאַזשירן. זיי האָבן געלאַכט און זיך באַמיט אַרויסצווייזן די דייטשן זייער אָנערקענונג פֿאַר זייערע זעלטענע איינפֿאַלן. איינער פֿון די פּאָליאַקן האָט זיך געמאָלדן פֿרייוויליק אויף איבערצוזעצן אין פּויליש די באַפֿעלן פֿון דעם דייטש. אָט דער דייטש איז געוואָרן אויפֿגעהייטערט פֿון דעם דערפֿאָלג און אָנגעהויבן דערפֿינדן נייע שפּיצלעך. ער האָט באַפֿוילן אַלע אידן, וואָס האָבן געדינט אין פּוילישן מיליטער, צו מאַכן א שריט פֿאָרויס. ס'זיינען אַרויסגעגאַנגען אַן אָנדערהאַלבן צענדליק מאַנסלייט. דער דייטש האָט זיי איינגעשטעלט אין צוויי רייען און זיי געזידלט דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן געשאָסן צו דייטשע זעלנער. דערנאָך האָט ער זיי גענומען איבן, באַפֿוילן זיי צו פֿאַלן און אויפֿשטיין, און ער האָט זיי געהאָלפֿן דורך קאָפּען מיט די פֿיס. דערנאָך האָט ער זיי באַפֿוילן צונויפֿצונעמען די פּעקלעך, וואַליזעס און רוקזעק און געיאָגט זיי הונדערט מעטער איבער די רעלסן און שפּאַלן. א סך האָבן זיך אויס־געגליטשט און זיינען געפֿאַלן. פֿאַרן אָפּגיין פֿון צוג האָבן די דייטשן ווידער איינגעאָרדנט א „קאָנטראָל" פֿון באַגאַזש און גערַאבעוועט, וואָס זיי האָבן געוואָלט.

די אידן האָבן אָפּגעזיפֿצט מיט דערלייכטערונג ווען זיי האָבן סוף כל סוף באַוויזן זיך אַריינ־צושטופּן אין צוג, וואָס גייט קיין וואַרשע. מענטשן זיינען אַריין דורך די פֿענצטער, געקראָכן

אויף די דעכער. מידע און פארמאטערטע זיינען זיי ביינאכט אַנגעקומען אויפן הויפּט־וואקזאל אין ווארשע. א חוץ דער גרויסער צאָל אידן האָבן אויפן וואקזאל זיך געפונען א סך פויערים, שפּייז־הענדלער, וועלכע האָבן געבראכט פּראָדוקטן פון נאָענט און פון וויט. אלע האָבן געוואכט ביז ס'וועט שוין ווערן טאָג און זיי זיינען אוועק אין שטאָט זוכן א ווינקל און פּרנסה.

23.8.1941

אידן אין קאליש פון סעפּטעמבער ביז נאָוועמבער 1939

אָנהייב אָקטאָבער זיינען אין קאליש שטארקער געוואָרן די פּארפאָלגונגען קעגן אידן. ביז דאַן איז די לאגע פון די אידן אין קאליש נישט געווען קיין באַזונדערס שווערע. נאָכן צוריק־קומען פון די וואנדערונגען, האָבן זיי אויך זיך אומגעקערט צו זייערע אלטע באַשעפטיקונגען. זיי האָבן געלאָזן אין גאנג די ווארשטאטן, געעפנט די געשעפטן און די גאנצע באוועגונג איז כמעט געוואָרן אזא ווי אמאָל.

צוליב דעם וואָס קאליש איז געוואָרן א דורכגאנגס־פּונקט פאר גרויסע מאסן־דייטשע מיליטער, איז דער פדיון שטארקער געוואָרן אין אלע געוועלבער, און באזונדערס אין די קאפע־הייזער און רעסטאָראנען. די אידישע בעקערס און קאָנדיטאָרן זיינען געווען באליגט מיט ארבעט און זיי האָבן בשפע'דיק פאַרדינט.

דער דייטשער כאראקטער פון דער שטאָט איז אלץ בולטער געוואָרן. אלע פוילישע שילדן זיינען באזייטיקט געוואָרן און אַנשטאָט זיי האָט מען אויפגעהאנגען שילדן אין דער דייטשער

„קאליש אָן אידן"
(באָיקאָט־רוף קעגן די אידישע האנטווערקער)



שפראך. די גאסן האָט מען אָנגערופן מיט דייטשע נעמען: פרידריכשטראסע (פילסודסקי־אלעע), ראָטהאוז־פלאץ (פלאץ פון 11־טן ליסטאָפּאד), פויערשטראסע (קאנאניצקא), פּאָסטשטראסע (גאס פון 6־טן שערפּיען). אין די אויסשטעל־פענסטער האָבן זיך באוויזן פּאָרטרעטן פון היטלערן און האקנקרייצן האָבן אומעטום געפלאטערט. די פוילישע באפעלקערונג האָט שנעל זיך צוגעוואוינט צו די נייע באדינגונגען, און פיל פון זיי האָבן זיך באמיט צו באוויזן די דייטשן, אז פון א סך שטאנדפונקטן האָבן זיי באוויזן צו לויפן פארן רייטוואָגן. אזוי, למשל, זיינען אין א סך אויסשטעל־פענצטער געווען א חוץ די האקנקרייצן און די בילדער פון היטלער און גערינג, אויך די אויפשריפטן: „אריש געשעפט" אָבער „פאר אידן ארייננאנג פארבאָטן", הגם פאר דעם האָבן זיי זיך באנוגנט מיט אן אויפשריפט „קריסטלעך געשעפט".

איבער דער גאנצער ברייט פון גאס, אויפן ראָג קאנאָניצקא און 6־טער שערפּיען, האָט מען שוין פון דעם 10־טן סעפּטעמבער אויפגעהאנגען אן אלטע ענדעקישע לאָזונג פון פאר די וואלן: „קאָליש אָן אידן". אויף אזא אופן האָבן די ענדעקעס דעמאָנסטרירט פאר די דייטשן זייער באציאונג צו דער אידישער באפעלקערונג.

תיכף נאָכן פארנעמען קאליש האָבן די דייטשן ארעסטירט א סך אידן און פּאָליאקן, וועלכע זיינען געבליבן אין שטאָט. אין א 5—6 וואָכן ארום זיינען אָט די אידן צוריקגעקומען קיין קאליש און זיי האָבן דערציילט (ווינגארט, אייגנטימער פון שניט־געשעפט אויף גורנאָשלאנסקע גאס, איז געווען צווישן זיי), אז מ'האָט זיי ארומגעפירט איבער פארשיידענע דייטשע שטעט און זיי פאָרגעשטעלט פאר דער באפעלקערונג מיט דער אויפקלערונג: „דאָס זיינען די אידישע חזירים, וועלכע האָבן געשאָסן אויף דייטשע זעלנער".

נאָכן פארנעמען די שטאָט זיינען די דייטשע זעלנער ארומגעגאנגען איבער די אידישע און פוילישע געשעפטן און קאָנפיסקירט אלע סחורות, באזונדערס מאנופאקטור־אויסארבעטונגען. די ערשטע קאָנפיסקאציעס האָבן געטראָפן די סקלאַדעס פון סעמיאַטיצקי, סענדער, בראון און פרידלענדער, גערשט, היישרעק און נאפארסטעק.

ביסלעכווייז האָבן זיך אָנגעהויבן באוויזן פאראָרדענונגען, וואָס זיינען שייך בלויז אידן. מ'האָט פארעפנטלעכט א באפעל צו באזייטיקן פון אלע אידישע הייזער די היטלער־פענער. דייטשע אָפיצערן האָבן שוין געהאט באזוכט די אידישע געשעפטן און קאָנפיסקירט די גאנצע סחורה. פון די דירות האָט מען צוגענומען דאָס מעבל. א סך אידן האָט מען באפוילן צו פארלאָזן די געשעפטן און דירות אין משך פון עטלעכע שעה, און טייל מאָל אפילו אין עטלעכע מינוט, און מ'האָט זיי איבערגעגעבן צו דייטשע אָדער פוילישע משפחות. אין פאַרלויף פון עטלעכע טעג האָט די שטאָט געביטן איר פנים. א סך אידישע געשעפטן זיינען געשלאָסן געוואָרן, אנדערע — אויסגעליידיקט געוואָרן אָדער איבערגעגאנגען צו אנדערע בעלי־בתים, דער עיקר דייטשן. אזוי, למשל, האָט מאריא האָפמאן צוגענומען דאָס שפּייז־געשעפט פון הערשקאָוויטשן „זלאָטי רוג", קורץ — דאָס שניט־געשעפט פון סעמיאַטיצקין, די ברידער מילער — דעם סקלאַד פון סענדערן, רימאנאָוויטש — דאָס הורט־געשעפט פון פערלע.

אויך דער אויסערלעכער אויסזען פון די קאלישער אידן האָט זיך געענדערט. פאר דער מלחמה האָבן צווישן דער אידישער באפעלקערונג אין קאליש זיך געפונען א סך טראדיציאָנעלע אידן. אין קאליש זיינען געווען פיל אידן מיט באָרד און פיאות, געקלייט אין אידישע קאפאָטעס און היטלען. איצט איז אָט די קליידונג כמעט ווי פארשוואונדן. אין גאס מען מער נישט געזען קיין איד מיט א אידיש היטל אויפן קאָפּ. אלע האָבן איצט אָנגעטאָן קאפּעלושן אָדער געוויינלעכע היטלען.

נאָך די פיל פאלן ווען דייטשע זעלנער האָבן אָפּגעשאָרן די בערד און פיאות ביי אידן, איז אויך קלענער געוואָרן די צאָל אידן מיט בערד. יעדנפאלס האָבן אידן זיך באמיט וואָס מער צו פארקירצן די בערד און פארשטעלן זיי מיט אלע מעגלעכקייטן.

אין א געוויסן טאָג האָבן די דייטשן באזוכט אלע אידישע געשעפטן און באפוילן ארויסצושטעלן אויף אן אָנגעזעענעם אָרט א טאָוול מיט דער אויפשריפט „יודע" אין דער גרויס פון נישט ווייניקער פון 20 ס"מ.

דער 10 אָקטאָבער איז לויטן באפעל פון דער דייטשער מאכט געשאפן געוואָרן אין קאליש „א ראט פון דער אידישער געמיינדע". קיינער פון די געוועזענע קהילה־פאָרשטייער איז אין קאליש נישט געווען. דער קאלישער רב, מענדל אלטער, האָט שבת, דעם 2־טן סעפטעמבער, צוויי נאָכמיטאָג, פארלאָזט די שטאָט און אויך אין אן אויטאָ אוועק קיין לאָדזש. שפעטער איז ער שוין קיין קאליש נישט צוריקגעקומען. אויך די געוועזענע קהילה־מענטשן האבער און ראָזענבלום זיינען אוועק קיין לאָדז.

אין דער אָפּוועזנדיקייט פון מער פאסיקע מענטשן, האָט דער קאלישער סטאדאָסטא גערופן דעם חזן פון דער נייער שול האן, אין וועמען ער האָט געזען די איינציקע פערזאָן, וואָס האָט פאר דער מלחמה פארנומען א באשטימטע געזעלשאפטלעכע פאָזיציע און אים נאָמינירט אלס „עלטסטע דער יודען" און ארויפגעלייגט אויף אים די אויפגאבע צו שאפן אן עלטעסטנראט פון 25 מיטגלידער. דער עלטעסטנראט דארף רעפרעזענטירן די אידישע באפעלקערונג לגבי דער מאכט און אכטונג געבן, אז די אידן זאָלן זיך פירן לויט די דייטשע תקנות און באפעלן. די מיטגלידער פונעם ראט זיינען ערב דערפאר מיט זייער לעבן און פארמעגן.

אין די נאָענטסטע טעג איז באשטימט געוואָרן דער צוזאמענשטעל פונעם עלטעסטנראט. צווישן אנדערע האָבן צו אים געהערט: האן — חזן, אינזש. צוקער — פאבריקאנט, לעאָן רינעק — פאבריקאנט, זיידעל — סוחר, לעווקאָוויטש — פרעזעס פון דער אידישער באנק און פרעזעס פון דער אידישער גימנאזיע, אדוו. קאצינעל, אדוו. פערקאל — פאָרזיצער פון אָרט און טאז, ד״ר פלאָצקער, ד״ר משה שלומפער — מיטגליד פון דער געוועזענער שטאָט־פארוואלטונג און טוער פון בונד, דוד הערמאן, לוזער מיץ — טוער פון בונד, פאָרזיצער פון שניידער־פאראיין, לעאָן סעמיאטיצקי — פאָרזיצער פון דער אידישער באנק, זשעפקאָוויטש — מיטגליד פון באנק־ראט, ווישניעווסקי — פאבריקאנט, ארקוש — סעקרעטאר פון אידישן האנטווערקער־פארבאנד, ד״ר לובעלסקי, ד״ר זייד.

די ביוראָס פון עלטעסטנראט האָבן זיך געפונען אין קהילה־בנין אויף קאנאָניצקע גאס. האן איז געווען פאָרזיצער, סעקרעטאר — הערמאן, דערנאָך ארקוש.

אלס ערשטע אויפגאבע איז פאר דעם 15־טן אָקטאָבער ארויפגעלייגט געוואָרן אויפן ראט איינצואָרדנען אין משך פון 3 טעג א פינקטלעכע ציילונג פון דער אידישער באפעלקערונג, פארמעגן, געלט איבער 2.000 זלאָטעס און צירונג. דאָס דורכפירן די ציילונג האָט אויף זיך גענומען אדוו. קאצינעל. בערך 15—20 פערזאָן האָבן געארבעט אונטער זיין אויפזיכט 10 טעג און נעכט. ס׳איז כדאי צו באמערקן, אז ווען די ציילונג איז פאָרגעקומען פלעגן די דייטשן ברענגען ביי נאכט אין די קהילה־אמטן שרייב־מאשינען. די ציילונג האָט ארומגענומען 20 טויזנט אידן.

די דייטשן פלעגן זיך ווענדן צום עלטעסנראט מיט פארשיידענע פאָדערונגען. למשל, איינמאָל האָבן זיי פארלאנגט צו באזאָרגן זיי אין משך פון פיר שעה 50 קאָמפלעטן בעטגעוואנט. צוליב דעם וואָס די סחורות פון דעם מין זיינען שוין פריער געוואָרן קאָנפיסקירט אין די אידישע געשעפטן, האָט מען דאָס בעטגעוואנט צונויפגעזאמלט אין די אידישע שטובן. די אויפזאמלערס זיינען געווען אידן, אָנגעשטעלטע פון עלטעסטנראט. ס׳האָט געטראָפן, אז יידן האָבן נישט געוואָלט אָפּגעבן דאָס בעטגעוואנט און דער אויפזאמלער (למשל גורני) איז געווען געצוואונגען צו נעמען עס מיט קראפט. אָפט האָבן די דייטשן געפאָדערט געלט־סומעס, און צו דעם צוועק האָט דער עלטעסטנראט ארויפגעלייגט א שטייער אויף די רייכע אידן, לויטן פארנעם פון דער געפאָדערטער סומע. מיט די דאָזיקע געלט־ענינים האָבן זיך פארנומען די ראט־מיטגלידער צוקער, קאצינעל און שלומפער.

א גרויס טעטיקייט־געביט פון עלטעסטנראט איז געווען די ארבעט. די דייטשן האָבן געמאָלדן, אז זיי וועלן נישט כאפן קיין אידן אויף ארבעט, נאָר יעדן טאָג וועלן זיי צושיקן דעם ראט א רשימה פון נויטיקע ארבעטער, און דער ראט וועט זיין פאראנטוואָרטלעך צו שיקן די מענטשן. דער ראט האָט געדארפט אויספירן נאָר די פאָדערונגען פון די העכערע מיליטערישע מאכט־אָרגאנען און פון געסטאפּאָ.

די ארבעטס־אָפּטיילונג האָט צוגעשטעלט די דייטשן יעדן טאָג פון 150 ביז 200 ארבעטער, און אין ספּעציעלע פאַלן (למשל, בעתן דורכגאַנג פון דייטשע מיליטער) 400 ארבעטער. די אידן פלעגן גערופן ווערן ־דורך צוגעשיקטע מעלדונגען אויף 3—2 ארבעטס־טעג אין דער וואָך. די וואָס האָבן זיך געוואָלט ארויסדרייען פון דער ארבעט, האָבן באַצאָלט 3—2 זלאָטעס פאַר אַן ארבעטסטאָג, אָדער 36 זלאָטעס א חודש. חוץ דעם האָט מען איינגעמאָנט א האַלבן זלאָטע פאַר אָפּלייגן די ארבעט אויף איין טאָג און פאַר א קראַנקייט־באַפרייאונג, וואָס איז ארויסגעגעבן געוואָרן דורך די דאָקטוירים פון ראַט — א זלאָטע א טאָג. א סך אידן האָבן זיך אויסגעקויפט מיט געלט און די ארבעטס־אָפּטיילונג האָט יעדן טאָג געשיקט צו דער ארבעט 70—60 פּראָצענט געדונגענע ארבעטער און געצאָלט זיי 2 זלאָטעס פאַר אַן ארבעטסטאָג. אָט דעם לוין האָט די ארבעטס־אָפּטיילונג געצאָלט פון די באַפרייאונג און פּראָלאָנגאַציע־הכנסות, וואָס האָבן אפילו געבראַכט א טעגלעכן איבערפלוס פון 50—100 זלאָטעס.

די דייטשן האָבן ארויפגעלייגט אויף די אידישע ארבעטער אויסצופירן פאַרשיידענע ארבעטן. די אידן האָבן געאַרבעט ביים באַגראָבן די פּאַליאַקן, וואָס זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן נייעם אידישן בית־עולם, אין די קאַזאַרמעס פון פּיסקאָזש, אין שפּיטאָל פון הייליקן דריילינג, אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, אין דער פאַרקער־פּאָליציי, אין סטאַראָסטווע־בנין, אין גזשעלשאַפטלעכן פאַרזיכערונגס־הויז, אין דער הילפס־פּאָליציי און אין געסטאַפּאָ אויף יאַסנע־גאַס 3.

פיר אידישע ארבעטער האָבן סטאַביל געאַרבעט ביים אראָפּנעמען פּוילישע שילדן אָדער ביים אויסמעקן זיי. א רעזערוו פון 10 ארבעטער האָט זיך שטענדיק געפונען אין קהילה־הויז אויף צו באַפרידיקן די דרינגענדיקע און אָפטע באַשטעלונגען פון די דייטשע מאַכט־אָרגאַנען. געוויינלעך פלעגן די באַשטעלונגען אָנקומען איין טאָג פאַרן טערמין פון אויספירונג.

די דייטשן האָבן די אידן נישט געצאָלט קיין שום לוין. אין געוויסע ארבעטס־פּלעצער האָט מען זיי געגעבן ברויט און מיטאָגן. די באַציאונג צו זיי איז געווען אין די דאָזיקע ערטער א פאַרשידענע. אין א ריי ערטער האָבן זיך איינגעשטעלט כמעט חברישע באַציאונגען צווישן די דייטשע זעלנער און די אידן. אויף אָט די ערטער האָבן די דייטשן מכבד געווען די אידן מיט סיגאַרעטן, מיט ביר און מיט זיי געשמועסט פריי. אויף אַנדערע ערטער דאַקעגן האָבן זיי געשלאָגן די אידן, געשטויסן זיי און געטריבן. איינמאָל האָט א דייטש אָפּגעשטעמפּלט אויף די שטערנס פון אלע אידן, וואָס האָבן געאַרבעט אונטער זיין אויפזיכט, א חתימה מיט דעם אויפשריפט „חזירי". ער האָט זיי פאַרווערט אָפּצומעקן די אויפשריפט אין משך פון א גאַנצער וואָך, און יעדן טאָג האָט ער קאָנטראָלירט צו די אויפשריפט איז נאָך קלאָר.

דריי וואָכן האָט א גרופּע פון 25 אידן געאַרבעט אויף א לאַנדווירטשאַפטלעכער קאָלאָניע נעבן קאַליש. די באַציאונג צו די אידן מצד די דייטשע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן זיך דאָרט געפונען, איז געווען א בעסערע ווי פון די אייגנטימער, פאָלקס־דייטשן.

אָנפירער פון דער ארבעטס־אָפּטיילונג אין עלטעסטנראַט איז געווען מיכאל אייזנבערג, טעכ־נישער לייטער — מאַקס גורני, אָנגעשטעלטע — באַרדאָוויטש, קאַראָ, ווינטער און ענדעלשטיין.

די באַציאונג פון דער דייטשער מאַכט צום עלטעסטנראַט איז נישט געווען קיין איינהייטלעכע. די דייטשן האָבן אנערקענט דעם ראַט אלס אָפיציעלע פאַרשטייערשאַפט פון די אידן און געוועגדעט זיך צו אים מיט פאַרשידענע פאָדערונגען, וועלכע זיינען פּולשטענדיק אויסגעפירט געוואָרן. דאַקעגן זיינען געווען פאַלן, וואָס האָבן אָנגעוויזן אויף א גאַנץ אַנדערע באַציאונג. איינמאָל האָט מען גערופן אין געסטאַפּאָ צוויי מיטגלידער פון עלטעסטנראַט (הערמאַן און נאָך איינעם), ווען זיי זיינען געקומען אהין 11 א זייגער אינדערפרי. האָט מען זיי פאַרשפּאַרט אין א צימער ביז אין אָוונט, אָבער קיין שום שלעכטס האָט מען זיי נישט געטאָן.

אין א געוויסן טאָג זיינען דייטשן געקומען אין קהילה־הויז און אוועקגעפירט פון דאָרט 10 מיטגלידער פון עלטעסטנראַט. צווישן זיי איז אויך געווען דער 80־יאָריקער ביאַטוס וואָס האָט על פי צופאַל זיך געפונען אין קהילה־הויז. אלע מענטשן פון דער גרופּע האָט מען שטאַרק געשלאָגן און געגעבן זיי א לעקציע פון גימנאַסטיק: מ'האָט זיי באַפוילן איבן און שפּרינגען. דערנאָך האָט מען זיי געהייסן שייערן די פּאָדלאָגעס. די גאַנצע צייט האָבן דייטשן געמאַכט דערפון פאָטאָגראַפישע אויפנאַמעס.

איינמאָל זיינען דייטשן אריין אין קהילה־בנין און דעמאָלירט דאָס מעבל, צעבראָכן די טישן און שטולן. דעם לאָקאַל פון דער אידישער גימנאַזיע און דעם בנין פון דער אידישער פאָלקס־שול האָבן די דייטשן פאַרוואַנדלט אין א שפיטאָל פאַר פוילישע קריגס־געפאַנגענע. די נייע שול איז געווען פאַרמאַכט און נאָך נישט אָנגערירט. אין דער גרויסער שול און אין דער תלמוד־תורה האָבן די דייטשן צייטווייליק איינגעאָרדנט פוילישע קריגס־געפאַנגענע.

ס׳זיינען געווען פיל פאַלן פון חלול־הקודש דורך די דייטשן. למשל, פון די שולן אויף טשאַסנע־גאַס 29 און 31 האָט מען אַרויסגענומען די ספרי־תורות און זיי פאַרברענט אויפן הויף. מ׳האָט געצוואונגען אידישע מיידלעך, אַז זיי זאָלן טאַנצן אַרום דעם שייטער. דייטשע זעלנער האָבן אויך דעמאָלירט די שול אויף פ. אָ. וו.־גאַס און אַריינגעוואָרפן אין טייך די ספרי־תורות און די אַנדערע הייליקע ספרים. אָט די אַקציע איז געוואָרן, פאַרשטייט זיך, באַגלייט מיט קלעפּ און שיסערייען.

אונטערן אויסרייד פון א סאַניטאַרער קאָנטראָל אין די אידישע שטובן, זיינען דייטשע זעלנער אַריין אין שטוב פון אן אָרעמער משפחה און באַפוילן דער מוטער אויסצוטאָן פאַר זיי איר 17־יאָריקע טאָכטער און זי וואַשן.

דער איד פלינקער, איינער פון די מיל־אייגנטימער, געוועזענער רעדאַקטאָר פון דער אידישער צייטונג אין קאַליש, איז דערמאָרדעט געוואָרן, נאָכדעם ווי זיין פוילישע הויז־דינערין האָט אים געמסרט, אַז ער באַהאַלט געווער ביי זיך אין שטוב. מ׳האָט אים אַרעסטירט, אויפן וועג צו דער טורמע האָט ער באַקומען א האַרץ־אַטאַק און די דייטשע זעלנער האָבן אים דערשאָסן. אונטער דער באַשולדיקונג פאַר האַלטן געווער האָבן די דייטשן דערשאָסן אין אָנהייב נאָוועמבער אויך א פוילישן גלח, און מ׳האָט באַפוילן די אידן, אַז זיי זאָלן אים קובֿר זיין ביים טויער פון אידישן בית־עולם.

נאָכדעם ווי די דייטשן פון די באַלטישע לענדער האָבן זיך אומגעקערט אין רייך אַריין, זיינען אין אָנהייב נאָוועמבער קאָנפיסקירט געוואָרן א ריי פון די בעסטע אידישע און פוילישע וואוינונגען. די פאַרטריבענע פון זייערע וואוינונגען איז געווען דערלויבט צו נעמען מיט זיך בלויז א קליינעם טייל פון זייער אייגנטום. מ׳האָט זיי אַלע באַזעצט אינעם קלויסטער אויף דער סטאַווישינסקע־גאַס. אין די פריי־געוואָרענע דירות האָבן תיכף זיך אַריינגעצויגן די אָנגע־קומענע באַלטישע דייטשן.

די פּאָליאַקן האָט מען שטופּנווייז באַפרייט און א ריי אידן האָט מען דערלויבט צו פאַרלאָזן די שטאָט. אַלע איבעריקע האָט מען געבראַכט אין מאַרק־בנין, וואו ס׳האָבן פריער געוואוינט, איינע נאָך די אַנדערע, קריגס־געפאַנגענע און מיליטערישע פערד.

אַרום דעם 10־טן נאָוועמבער איז געוואָרן געענדערט דער סיסטעם פון קאָנפיסקירן וואוינונ־גען. איצט האָט מען קאָנפיסקירט בלויז די אידישע וואוינונגען, און די עקסמיטירטע האָט מען געבראַכט אין דער מאַרק־געביידע. די דייטשע זשאַנדאַרן פלעגן אָפּשליסן א גאַס, אַוועקשטעלן א וואַך אין אַלע אַריינגענג פון די אידישע הייזער, באַפעלן די איינוואוינער צו פאַרלאָזן די וואוינונגען אין פאַרלויף פון עטלעכע מינוט, און פירן זיי גרופּנווייז צו דער מאַרק־געביידע.

יעדע עטלעכע מינוט האָט מען געזען גרופּעס אידן, וואָס זיינען משפּחותווייז געפירט געוואָרן אונטער א וואַך. זיי האָבן געטראָגן קליינע פּעקלעך, רוקזעק אָדער קישנס. בעת אָט די אַרויס־טרייבונגען, איז די בהלה און די צעמישונג צווישן אידן געווען אַזוי גרויס, און די זשאַנדאַרמען האָבן זיי געגעבן אַזוי ווייניק צייט, אַז יעדער איינער האָט געכאַפּט, וואָס ס׳איז אים געקומען צו דער האַנט, און איז נישט געווען פעאיק איבערצוקלייבן.

צוגאָב צו דעם קאַפּיטל

לויט א שמועס מיט אדוו. פּערקאַל, געוועזענער מיטגליד פון עלטעסטנראַט.

אינעם ערשטן חודש פון דער דייטשער הערשאַפט אין קאַליש, איז זייער באַציאונג צו די אידן, קען מען זאָגן, געווען א קאָרעקטע. אין דער דאָזיקער תקופה האָט מען אויף דער אידישער באַפעלקערונג נישט אַרויפגעלייגט נאָך קיין שום באַגרענעצונגען. וואָס שייך ווידער

פון עקאָנאָמישן שטאנדפונקט, קען מען די תקופה פון צווישן 15־טן סעפטעמבער און 15־טן אָקטאָבער באַצייכענען אלס א צייט פון פראָספעריטי פאר די קאלישער אידן. אין די אידישע געשעפטן איז דעמאָלט געווען א שטארקע באַוועגונג, וואָס איז ארויסגערופן געוואָרן צוליב דעם אדורכגאנג פון דייטשן מיליטער אין קאליש. בעיקר איז געשטיגן דער פדיון אין די קאָנדיטאָריי־געשעפטן, בעקערייען און דעליקאטעסן־געשעפטן.

ס׳זיינען אויך געווען אידן, וועלכע האָבן געפונען א מקור פון פרנסה ביים איבערפירן סחורות, בעיקר שפייז־פראָדוקטן, אין דער ריכטונג פון לאָדזש און ווארשע, און דאָרט פארקויפן זיי. קאליש איז נישט געטראָפן געוואָרן פון די קריגס־אקציעס, און שפייז־פראָדוקטן זיינען דאָרט געווען מער ווי אין ווארשע און אין לאָדז. צוליב דעם, וואָס די פרייזן פון די פראָקטן זיינען געווען נידעריקע (כמעט ווי פאר דער מלחמה), זיינען די פארדינסטן פון די רייזנדיקע קרעמער געווען זייער גרויסע. מ׳דארף באמערקן, אז אין יענער צייט פלעגן קומען איינקויפן ביי די אידן א סך קונים פון פויזנער געגנט.

אָט דער מצב האָט זיך לחלוטין געענדערט ארום דעם 10־טן נאָוועמבער, דאָס הייסט אין דעם טאָג, ווען די דייטשן האָבן זיך גענומען צו די אידן און ארויפגעלייגט אויף זיי די ערשטע באגרענעצונגען. די ערשטע גזירות זיינען געווען: די פליכט אויפצוהענגען אויף אן אָנגעזען אָרט די אויפשריפט: „יודע״, און די פליכט איבערצוגעבן די שטאָט־פארוואלטונג אלע סחורות, וואָס זיי פארמאָגן.

א סך אידן האָבן פאָראויסגעזען די געשעעענישן און זיי זיינען אנטלאָפן. בערך 20 פראָצענט פון דער אידישער באפעלקערונג זיינען אוועק פון קאליש נאָך אין אויגוסט 1939 און זיי זיינען שוין נישט צוריקגעקומען. די פארמעגלעכע, וועלכע זיינען פארבליבן אין שטאָט, האָבן אָנגעהויבן ארויסצופאָרן אין אָקטאָבער. זיי האָבן פארלאָזט קאליש בעיקר מיטן צוג קיין לאָדזש און זיי האָבן מיטגענומען מיט זיך זייער גאנצן באגאזש. אָט די באַוועגונג איז נישט אדורך אומבאמערקט פון די דייטשע זשאנדארן. זיי האָבן אָפט אָנגעהויבן באזוכן דעם וואקזאל, געפרעגט די פאסאזשירן אויף זייער נאציאָנאליטעט און די אידן על פי רוב ארויסגעטריבן פון די צוגן, געשלאָגן, און קאָנפיסקירט זייער באגאזש און זייער סחורה. צוליב דעם האָבן די אידן אויפגעהערט איבערצופירן שפייז־פראָדוקטן און זיי האָבן היזק געהאט א וויכטיקן פרנסה־צווייג.

סוף אָקטאָבער איז דערשינען א פאראָרדנונג, וועלכער פארווערט די אידן צו באנוצן זיך מיט דער באן. צוליב דעם וואָס פיל אידן האָבן געהאט באשלאָסן ארויסצופאָרן קיין לאָדזש, האָט די דאָזיקע פאראָרדנונג ארויסגערופן ביי זיי א גרויסע בהלה. א קליינע צאָל אידן האָבן דורך שוחד באקומען רייזע־שיינען אויף דער באן, אָבער אין אלגעמיין האָבן אידן אָנגעהויבן פאָרן קיין לאָדז מיט פערד און וואָגן.

ארום דעם 15־טן אָקטאָבער איז, לויט א באפעל פון דער דייטשער מאכט, געשאפן געוואָרן אין קאליש דער עלטעסטנראט, ראט פון אידישע פאָרשטייער. די דייטשן האָבן באפוילן דעם חזן האן צונויפשטעלן א ראט פון 26 מיטגלידער. אין משך פון געציילטע טעג איז געשאפן געוואָרן דער ראט. אין אים זיינען, צווישן אנדערע, אריין: האן, אינזש. צוקער, לעאָן רינעק, זיידל לעווקאָוויטש, אדוו. קאצינעל, אדוו. פערקאל, ד״ר פלאָצקי, משה שלומפער, דוד הערמאן, לוזער מיץ, ד״ר לובעלסקי, ד״ר זייד, אלכסנדר פאָזנאנסקי, מאגיסטער ראָטצייג, אינזש. פישער, ליאָן סעמיאטיצקי, זשעפקאָוויטש און בן־ציון ארקוש.

אלס פרעזידענט איז באשטימט געוואָרן האן, אָבער פאקטיש איז פאָרזיצער געווען אדוו. פערקאל. האן איז געווען זייער א דורכשניטלעכער מענטש, און ער איז בכלל נישט געווען ראוי צו פארנעמען דעם אמט פון פאָרזיצער. חוץ דעם וואָס ער האָט געקענט די דייטשע שפראך, האָט ער נישט פארמאָגט קיין שום מעלות.

די ביוראָען פונעם ראט האָבן זיך געפונען אין דער געביידע פון דער אידישע קהילה. פון צייט צו צייט פלעגן די דייטשן קומען אהין אויף א באזוך. עטלעכע טעג נאָכן שאפן דעם ראט, איז געקומען דער געסטאפאָ־פירער און באפוילן צונויפרופן אלע מיטגלידער. ווען אלע מיטגלידער האָבן זיך שוין געהאט פארזאמלט, איז ער ארומגעגאנגען אין צימער אהין און צוריק, און

פאַכנדיק מיטן שפּיצרוט האָט ער געמאָלדן, אַז דער ראַט וועט האָבן די אויפגאַבע פון רעאַליזירן אַלע דייטשע פאַראָרדנונגען לגבי דער אידישער באַפעלקערונג. און די פאַראָרדנונגען זיינען געווען פאַרשיידענע.

אין די ערשטע טעג פון זיין עקזיסטענץ איז דער ראַט אויפגעפאָדערט געוואָרן צו שאַפן פאַרן מיליטער, אין משך פון געציילטע שעהן, 50 קאָמפּלעטן בעטגעוואַנט. דאָס בעטגעוואַנט האָט מען צונויפגעזאַמלט אין אידישע הייזער.

איינער פון די ערשטע באַפעלן איז געווען אדורכצופירן אין משך פון 24 שעה א ציילונג פון דער אידישער באַפעלקערונג און זייער פאַרמעגן. דער טערמין איז געוואָרן פאַרלענגערט אויף 4 טעג. אויף אדורכצופירן די ציילונג האָט דער ראַט מאָביליזירט די יוגנט, וועלכע האָבן געבראַנגט אין ראַט שרייבמאַשינען. ביי טאָג האָט מען געזאַמלט די געגעבענע און ביי נאַכט האָט דער לייטער פאַרגעלייגנט די ליסטע פאַר צוויי מאַשין־שרייבערינס. אין דער ציילונג זיינען אויפגענומען געוואָרן 18 טויזנט נפשות. די ציילערס האָבן אָפּגעמערקט דעם עלטער, די צאָל קינדער, אומבאַוועגלעכע פאַרמעגנס, געשעפטן, סחורה־לאַגערס, מעבל, קליידער, וועש, שטוב־חפצים, צירונג און באַדייטנדיקע געלט־סומעס.

אויף דער איניציאַטיוו פונעם ראַט איז אין קאַליש געשאַפן געוואָרן א פאָלקס־קיך. מיט דער געלט־זאַמלונג לטובת דעם צוועק האָט זיך פאַרנומען א ספּעציעלער קאָמיטעט מיט אדוו. פּערקאַל בראַש. די באַשטייערונגען זיינען געזאַמלט געוואָרן צווישן די רייכע אידן. דער קאָמיטעט האָט באַשטימט די קלענסטע באַשטייערונג — 100 זלאָטעס. ס'זיינען אָבער אויך געווען באַשטייערונגען פון עטלעכע הונדערט זלאָטעס, דער צונויפגעזאַמלטער פאָנד האָט באַטראָפן 20 טויזנט זלאָטעס. אויך די פּוילישע פאַרשטייער אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג האָבן אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע פאַר שאַפן די קיך, און זיי האָבן צוגעזאָגט אן אָנגעזעענע סובסידיע, לײַדער זיינען די הבטחות נישט רעאַליזירט געוואָרן. די קיך איז געווען טעטיק ביז דער לעצטער מינוט און זי האָט אַרויסגעגעבן, דער עיקר, מיטאָגן און ברויט אומזיסט.

די קהילה האָט אויך אויסגעטיילט מאַטעריעלע הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע אידן. אזא הילף האָט אויך באַקומען, מיטן וויסן און מיט דער הסכמה פונעם ראַט, דער פאָרזיצטער האַן, וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום אנדערע פּרנסה־קוואַלן.

סוף אָקטאָבער איז דעם ראַט געלונגען צו ראַטעווען פון די דייטשע הענט דעם אידישן שפּיטאָל, וואָס איז פריער געוואָרן קאָנפיסקירט. דאָס אָפּראַטעווען דעם שפּיטאָל איז געווען די גרעסטע דערגרייכונג פון דער קהילה. נאָך א לאַנגיאָריקן קאַמף פאַר דער מלחמה מיט דער קאַלישער שטאָט־פאַרוואַלטונג, די שפּיטאָל־געביידע איז אויפגעפרישט געוואָרן, ווי זי וואָלט פון ס'ניי געוואָרן אויסגעבויט, און איבערן אריינגאַנג האָט מען אויפגעהאַנגען די שילד: „אידישער שפּיטאָל". בעטן, בעטגעוואַנט און מעבל האָט די קהילה טיילוויז איינגעקויפט, אָבער צום גרעסטן טייל איז דאָס געזאַמלט געוואָרן דורך די שטאָט־איינוואוינער. ביים שפּיטאָל זיינען געווען טעטיק אן אַמבולאַטאָריע און אן אַפּטייק.

א שטאַרקע טעטיקייט האָט אַרויסגעוויזן דער אַרבעטס־באַטאַליאָן, איינע פון די אינסטיטוציעס ביים עלטעסטנראַט. אָנגעפירט מיט אים האָבן מיץ און גורני. זייער אַקטיוו איז געווען דער מיטגליד פון ראַט אלכסנדר פאָזנאַנסקי, סעקרעטאַר איז געווען אַרקוש, און שפּעטער הערמאַן. די אויפגאַבע פונעם סעקרעטאַר איז געווען צו דערליידיקן פאַרשיידענע ענינים מיט דער דייטשער מאַכט. די באַציאונג פון אַרקושן צו די דאָזיקע ענינים איז געווען א פיינע, און די קהילה האָט געהאַט צו אים דעם פולסטן צוטרוי. דאַקעגן די אויפפירונג פון הערמאַן, און שפּעטער אויך פון ווישניעווסקי, האָט אַרויסגערופן א סך באַוואָרעניש, וואָרעם זייערע קאָנטאַקטן מיט די דייטשן האָבן זיי דערפירט ממש צו א נאָענטקייט מיט זיי, און עס האָט אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן באַדינט די דייטשן און נישט די אידן.

אין אָנהויב נאָוועמבער האָבן אויך אָנגעהויבן אַנטלויפן די אידן פון פאַרשיידענע ראַיאָנען אין פּויזן, ווי אָסטראָווו, קאָזמינעק, פּלעשעוו א.א. די אַנטלאָפענע זיינען גרופּנוויז געקומען קיין קאַליש. צווישן זיי זיינען געווען פיל אַלטע לייט, קינדער און קראַנקע. בראָש פון יעדער גרופּע איז געשטאַנען א גרופּנפירער, וועלכער האָט געהאַט א דערלויבעניש אויפצוהאַלטן זיך אין

קאליש נישט מער ווי איין טאָג. דערנאָך האָבן די אויסגעוואָרצלטע געדארפט ווייטער וואנדערן צו מזרח פון קאליש. טאָג טעגלעך פלעגן אָנקומען אין שטאָט גרופן פון 15—20 פארשיידענע פלעצער. זייער צאָל האָט באטראָפן ארום טויזנט פערזאָן און העכער. דער ראט האָט זיך פארנומען אויך מיט די דאָזיקע אידן און באזאָרגט זיי מיט שפייז, איינגעאָרדנט זיי מיט נאכטלעגער אין דער תלמוד־תורה און אין פריוואטע וואוינונגען, געזאָרגט פאר זייער ווייטער־דיקער רייזע אין דער ריכטונג קיין לאָדזש און אויך באצאָלט פאר די רייזע־הוצאות, און באזאָרגט זיי מיט ברויט. אין א ריי פאלן האָט דעם ראט זיך איינגעגעבן צו באקומען ביי דער מאכט א דערלויבעניש צו פארלענגערן דעם אויפהאלט אין קאליש אויף עטלעכע טעג פאר קראנקע איבערוואנדערער, וועלכע זיינען נישט געווען מסוגל צו פאָרן אין דעם זעלבן טאָג.

דעם 10־טן נאָוועמבער, בערך, האָט זיך אָנגעהויבן די סיסטעמאטישע אויסוואָרצלונג פון די קאלישער אידן. בדרך כלל איז דאָס פאָרגעקומען אָן דער באטייליקונג פונעם ראט.

מיט עטלעכע טעג פריער האָבן די דייטשן געמאָלדן דעם ראט, אז זיי וועלן באשטימען א געטאָ פאר די אידן אין קאליש. כדי צו באטראכטן דעם ענין האָבן זיי פארבעטן אויף א זיצונג פינף פאָרשטייער פון ראט. צווישן זיי ד״ר זייד, אדוו. פערקאל, האן און אינזש. צוקער. די זיצונג איז פאָרגעקומען אין לוקסוס־באבינגונגען, אין דער וואוינונג פון רייכן אידישן פאבריקאנט כמיעלניצקי, אויף יאסנע גאס 3, וואו ס׳האָט זיך אויך געפונען דאָס ארבעטס־צימער פונעם געסטאפאָ־שעף. די געשפרעכן זיינען פאָרגעקומען מיט א סך העפלעכקייט, און ווען דער געסטאפאָ־שעף האָט זיך דערוואוסט, אז איינער פון די אידישע פאָרשטייער איז אן אדוואָקאט, האָט געזאָגט מיט גרויס צופרידנקייט: „אויב אזוי, זיינען מיר דאָך קאָלעגן״.

צום סוף פון דער זיצונג האָבן די דייטשן דערקלערט, אז מאָרגן וועלן זיי אויך אין שטאָט באשטימען די גרענעצן פון געטאָ. זיי האָבן פאָרגעלייגט צו שאפן דעם אידישן פערטל צו מערב־זייט פון דער באבינע־גאס. אָבער צו מאָרגנס האָט מען בכלל נישט באשטימט קיין גרענעצן. אָנשטאָט דעם האָבן די דייטשן גערופן אין געסטאפאָ־אמט אלע מיטגלידער פון ראט, געשלאָגן זיי און חוזק געמאכט פון זיי.

אָנשטאָט שאפן דעם געטאָ האָט מען גענומען ארויסטרייבן די אידן פון קאליש. אין די ערשטע טעג פונעם אדורכפירן די גזירה האָבן די אידן נישט געוואוסט פארוואָס מ׳האָט זיי ארויסגעטריבן פון די וואוינונגען און געבראכט אין דער מארק־געביידע, ווארום ס׳איז דאָך נישט דערשינען קיין שום אָפיצעלע פאראָרדענונג וועגן ארויסטרייבן די אידן פון קאליש. בלויז דער געסטאפאָ־סעקרעטאר האָט נאָך דעם 10־טן נאָוועמבער פארטרויט ארקושן דעם פלאן צו פארטרייבן שטופנווייז די אידן פון קאליש.

דערפאר האָבן אלע אידן זיך באמיט צו פארלאָזן קאליש, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן. אויך די מיטגלידער פון ראט, אדוו. פערקאל און ד״ר לובעלסקי, זיינען אנטלאָפן פון שטאָט דעם 11־טן נאָוועמבער אין א לאסט־אויטאָ און זיי זיינען אוועק קיין לאָדז צוזאמען מיט נאָך 70 פערזאָן. א דייטשע פאמיליע פון קאליש, מילער, האָט געהאָלפן די אידן ביים פארלאָזן די שטאָט. זיי האָבן אויסגעבאָרגט די אידן משא־אויטאָס צום אנטלויפן, און די אידן האָבן ביי זיי איבערגעלאָזט דאָס פארמעגן. אָבער על פי רוב האָבן די אידן נישט באקומען צוריק דאָס פארמעגן.

19.10.1941



ארכיוו יידישער היסטארישער אינסטיטוט
(רינגעלבלום — ארכיוו)

# מלחמה־נאטיצן וועגן קאליש

## דער אנפאנג



י צווייטע העלפט אויגוסט 1939, אין שטאט שפירן זיך שוין שטארקע מלחמה־שטימונגען, די פארבערייטונגען זיינען אין פולן גאנג. איבער די גאסן און אויף די לײדיקע פלעצער גראבט מען שוין „לופט־שוץ־גרובן”. מיט א גרויס פאראד און ברען טוט די ארבעט די גאנצע באפעלקערונג — יידן און קריסטן — מיט לאפאטעס גייען טאג־טעגלעך אלע גרופירונגען מיט פענער, טראנספאראנטן און מוזיק צו דער „הייליקער” ארבעט.

ס׳לויפן טעג, פון די נאענטע שכנותדיקע שטעטלעך, וואס ליגן הארט ביים גרענעץ־פאס קומען אן שוין שטארקע מלחמה־מורמלערייען. דער ל.א.פ.פ. טוט אלץ, כדי צוצוגרייטן די שטאט צו אן עווענטועלע פארטיידיקונג. אין אלע הייזער איז אלץ גרייט, א סך פונקציעס פילן אויס פרויען — די מענער זיינען אין מיליטער.

ענדע חודש — לויט א באפעל פון די מאכט און מיליטער־ארגאנען ווערט די שטאט עוואקואירט פון פרויען און קינדער — אויך מיין פרוי פארט אוועק צו איר שוועסטער אין דארף בעלדזעוו, אן ערך 59 ק״מ פון קאליש.

טראץ אלע צוגרייטונגען — גלויבט מען נאך, אז ס׳וועט געלונגען אויסמיידן די געפאר.

דעם 28/8 1939 באקום איך קוים א פור פאר מיינס א קוזין, זיין פרוי און א צען־טאגיק קינד און צוזאמען מיט זיי פאר איך אין דארף בעלדזעוו צו מיין פרוי.

שבת פרי קומען מיר אין דארף — דארט טרעפן מיר שוין א סך קאלישער, וואס ציען אין די נאענטע שטעטלעך, טורעק, קאלא. אבער נישט באשערט איז מיר געווען דארט צו בלייבן. זונטיק פארנאכט קומט אן פויליש מיליטער און דער אנפירער פון זיי, א מאיאר באפעלט צו עוואקואירן דאס דארף: „דא נישט ווייט איז די פראסנא”, „דא שטעלן מיר א פראנט און דא וועלן מיר צעשמעטערן דעם שונא!” לויטעט דער באפעל. מיר לאזן איבער האב און גוטס און מיט מיין שוואגערס פערד לאזן מיר זיך א מאן 25 אויף איין וואגן, מיט קליינע קראנקע קינדער אין וועג קיין קלאדאווע, ווייל מיין שוואגער האט א ברודער א רייכן מילנער. אויפן וועג זיינען מיר צוויי מאל באמבארדירט געווארן דורך עראפלאנען, וואס זיינען איבער אונזערע קעפ געפלויגן — אין קלאדאווע זיינען מיר געווען ביז 3 טאג פאר ראש־השנה. הערנדיק אז נאך קאלא קען מען שוין פארן, זיינען מיר צוריק געפארן. דעם צווייטן טאג יום־טוב זיינען די דייטשן רויק אריין אין שטאט, און באלד צומארגנס זיינען מיר אלע אוועק צוריק אין דארף.

מיר זיינען אין דארף געקומען 11 פרי, 2 נ.מ. איז אנגעקומען די ערשטע פאמיליע. ווי דער שטייגער איז אין אזעלכע טעג האבן מיר אנגעטראפן כמעט אלץ צערובירט און דעמאלירט — דאך אבער אין אן אייגענער וווינונג. באלד האבן די דייטשן גענומען זוכן געווער, דערווייל האבן עטלעכע פאלקס־דייטשן צוגעטראגן, אז אידן האבן געגנבעט. מ׳האט אנגעהויבן זוכן מיין שוואגער, מיין שוואגערס שוואגער דעם ה׳ ניידאס און אנדערע רייכערע יידן. מיין שוואגער האט זיך אויסבאהאלטן. מיך מיטן צווייטן שוואגער פון קאליש, א קראנקן מענטש פון 50 יאר האט מען ארויסגעפירט אויפן וועג און מיט דעם „אמתן לעקסיקאן” — די זעלנער זיינען געווען שלאנזאקעס — גענומען אונז זידלען און פארווארפן, אז מיר האבן געגנבעט ביי די פאליאקן. צו אונז האט מען נאך צוגעבראכט א קריסט פון א צווייטן דארף און דער ה׳ ניידאס. אזוי זיינען מיר געשטאנען פון 2 ביז 5 נ.מ. ווען ס׳איז אנגעקומען אויף א מאטאציקל אן אפיציר און דאן איז איבער אונז פארגעקומען א געריכט. נאך 10 מינוט האט דער אפיצער גאנץ העפלעך אונז געמאלדן — ד.ה. מיר און מיין שוואגער פון קאליש און דעם קריסט — אז מיר זיינען פריי, נאר מיר מוזן אין א האלבע שעה דאס דארף פארלאזן. דעם ה׳ נ. האט מען אוועקגעפירט אונטער די מויערן פון קלויסטער און איידער מיר זיינען נאך אריין אין שטוב האט זיך דערהערט א

שאס — מען האָט אים דערשאָסן. נישט טראַכטנדיק לאַנג האָבן מיר אויפגעזוכט מיין שוואָגער. שוין אָוונט, און באַוועגן זיך האָט מען געמעגט נאָר ביז 5. זיינען מיר 4 מענער — מיין שוואָגער פון דאָרף — וואַקשטאַרק, דער שוואָגער פון קאַליש — סעדראַקעוויטש, איך און ה׳ לעווינסקי — אַוועק פון דאָרף. געגנעכטיקט האָבן מיר ביי א באַקאַנטן קריסט אין א מיל. גאַנץ פרי האָט מיך מיט מיין שוואָגער וואַקשטאַרק צוגעפירט צום שאָסיי נאָך טורעק — דריי ק״מ פון שטאָט. — אין דרויסן האָט געברענט און דער וועג איז געווען זייער א שווערער, בפרט ווען כ׳האָב געמוזט כמעט שלעפן מיין שוואָגער. פאַר דער שטאָט האָבן מיר באַמערקט, ווי יידן גימנאַסטיקירן זיך, שפּרינגען אין די קאַלוזשעס וואַסער און קריגן געשלאָגן. צוריק האָבן מיר שוין נישט געקענט גיין, ווייל די וואַך האָט זיכער אונז שוין באַמערקט. — ווען כ׳וואָלט געווען אליין וואָלט איך דורך צווישן די קריסטן, אָבער איבערלאָזן א קראַנקן מענטש האָב איך נישט געקענט. מיר האָבן אָנגענומען מוט און דרייסט געגאַנגען. צוגעקומען צו דער וואַך איז די ערשטע פראַגע געווען: „יודע ?״ די זעלנער האָבן גענומען אונז באַזוכן צי מיר האָבן „געווער״. מיין שוואָגער האָט פאַר שרעק אויסגעטאָן זיין פּאַלטן, מאַרינאַרקע און זאַגאַר העמד — איך האָב געוואַרט אויף א באַפעל — און כ׳מוז זאָגן אַז כ׳האָב שלעכט נישט אָפּגעשניטן — ווייל כ׳האָב נאָר אויסגעטאָן דעם פּאַלטן. דער זעלנער האָט אונז באַטאַפּט און באַפוילן שנעל לויפן — דערביי האָט מיין שוואָגער, וואָס האָט קוים געשלעפּט די פיס, געכאַפּט א פּאָר קלעפּ. מיר קומען אין טורעק, אין שטעטל איז שרעקלעך, מען כאַפּט אויף אַרבעט, מען שלאָגט און פייניקט — דאָ בלייבן האָט קיין צוועק, אָבער מיין באַגלייטער איז זייער מיד. מיר רוען אָפּ ביי א באַקאַנטן און לאָזן זיך אין וועג. ביים עק פון מאַרק פאַרהאַלט אונז א „לאַטניק״ — ער הייסט אונז וואַרטן — אליין גייט ער אַריין אין א געשעפט. איך קלער נישט לאַנג, כאַפּ אָן מיין שוואָגער ביי דער האַנט און מאַך פיס צום קאַלישער וועג, פון דערווייטנס זעען מיר, ווי דער זעלנער זוכט אונז. אָבער מיר זיינען אַוועק. אויפן וועג האָב איך מיין שוואָגער, פאַר 10 זל., אַרויפגעזעצט אויף א פור, איך מיט נאָך צוויי קאַלישער יונגעלייט זיינען אַוועק צו פוס. מיר האָבן געהאַט צו גיין 42 ק״מ. און מיר זיינען אַזוי געגאַנגען אויף א רעגן דורך פעלדער און בלאָטעס 3 טעג. א מידער, א שמוציגער בין איך אָנגעקומען קיין קאַליש.

צומאָרגנס גאַנץ פרי בין איך אַרויס אין גאַס — און אַוועק צו זיך א היים — דאָ האָב איך געטראָפן אַלץ אין בעסטן אָרדענונג אין מיין פאַרמעגנס האָב איך געהאַט 1 זל. כ׳בין דאַן אַוועק צו מיינעם א פעטער, וואָס האָט געהאַט א גרויס מאַנופאַקטור־געשעפט. דאָס געוועלב איז געווען אָפן. נאָך דעם 4/9 19339 האָט ער אַוועקגעגעבן אַלע ווייסוואַרג — לייוונט, קאַצן — און באַקומען א דערלויבעניש צו פירן דאָס געשעפט.

זיין פּערסאָנאַל איז נישט געווען, האָט ער מיך געבעטן כ׳זאָל בלייבן — די כראַנזשע קען איך גוט — כ׳האָב ביי אים געאַרבעט א פּאָר טעג ביז ס׳האָט זיך געשאַפן דער יודנראַט און איך האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער לייטונג „אַרבעטער־באַטאַליאָן״. דאָס פּערסאָנאַל איז באַשטאַנען פון 6 מאַן, אונזער געהאַלט איז געווען 6—4 זל. טעגלעך, פאַר דעם פרייז האָט מען געקענט שיין לעבן.

# קאליש

דעם 4־טן סעפטעמבער 1939 האבן אַפּטיילונגען פון דייטשן מיליטער פאַרנומען קאַליש אָן איין שאָס. ביי די וויוואַט־שאָסן איז פאַרניכטעט געוואָרן איין דירה, אייגענטלעך איין שטוב אין דער דירה פון ה׳ וויינגאַרט אויף גורנאַשלאַנסקאַ־גאַס נומער 26.

פון 4/9 ביז 20/9 1939 גיב איך קורצע ידיעות, וועלכע איך האָב געהאַט פון עדות. צווישן 4 און 11 סעפטעמבער האָט מען מאַסנהאַפט געכאַפּט יידן און אַרויסגעשיקט קיין דייטשלאַנד. די אידן האבן דערציילט נאָך זייער צוריק קומען, אז מען איז זיך מיט זיי אומגעגאַנגען גענוג גוט. מ׳האָט זיי געפירט איבער דייטשלאַנד אין אָפענע אויטאָס מיט דער אויפשריפט: „דאָס זינד די יידישע שווינע, וועלכע צו דויטשע סאָלדאַטן געשאָססען האבען". צווישן 11 און 20 סעפטעמבער האָט די דייטשע מאַכט באַשטימט די ערשטע פּערזאָנען בכדי צו שאַפן דעם יידנראַט — אייגענטלעך 25 פּערזאָן פאַראַנטוואָרטלעכע פאַר דער אידישער באַפעלקערונג.

סוף נאָוועמבער איז אויף דער פאַראָרדנונג פון דער מאַכט געגרופן געוואָרן צום לעבן דער אַרבעטס־באַטאַליאָן, וועלכער האָט זיך פאַרפליכטעט צוצושטעלן טעגלעך 150—200 מענטשן. די אָנפירונג פון דעם אַרבעטס־באַטאַליאָן איז באַשטאַנען פון 6 פּערזאָן: גורני, האַרבאַוויטש, שיינפעלד, קאַרע, ווינטער, איידלשטיין, קלאָץ.

מ׳דאַרף באַמערקן אַז דער אַרבעטס־באַטאַליאָן האָט געשיקט 50% באַצאָלטע ביי אַ טאָג־לוין 2—3 זל. דאָס פּערסאָנאַל פונם אַרבעטס־באַטאַליאָן האָט באַקומען טעגלעך 3—4 זל. און אין פאַרהעלטניש צו דעם ברויט־פּרייז אין קאַליש איז דער לוין געווען אַ גענוג גוטער. פון מאַסגעבענדע קוועלן איז באַקאַנט, אַז שוין אין אָנהויב נאָוועמבער איז באַוואוסט געווען, אַז די אידן וועלן מוזן פאַרלאָזן קאַליש, זיינען אַ סך אַרויסגעפאָרן נאָך פאַרן 20־טן נאָוועמבער, דעם באַרימטן טאָג ווען אַלע אַנוועזנדע אין קאַליש מיטגלידער פון יידנראַט זיינען געוואָרן אַרעסטירט, נאָכן צונעמען זייער גאַנצע געלט און בּיזשוטעריע. אין דער האַלאַ טאַרגאָווא — צווישן די אינטערנירטע בין איך אויך געווען.

אָנהויב נאָוועמבער האָט זיך אָנגעהויבן די רעקוויזיציע פון דירות פאַר די געקומענע דייטשע רעפּאַטריאַנטן פון ליטע, לאַטוויע און עסטאָניע און אַרויסגעשיקטע פון די פאַרנומענע געביטן דורך ס.ס.ר.

מ׳דאַרף באַמערקן, אַז די פּאָליאַקן האבן זיך פאַראינטערעסירט מיטן גורל פון די יידן פון דער האַלע, אין דעם אַנדערן טאָג האָט מען געשיקט ביז דריי טויזנט קילאָ ברויט. איין אַפּטייקער האָט זיך פּערזענלעך געמאָלדן אין דער האַלע מיט בחינמדיקע היילמיטלען.

אויסנוצנדיק דעם כאַאָס האבן כמעט 90% פון די ראַט־מיטגלידער פאַרלאָזט די שטאָט. איך בין געווען אין דער האַלע אַ מעת־לעת און דאַן זיך אַרויגעגנבעט און אַנטלאָפן.

פון דעם געוועזענעם ראַט זיינען פאַרבליבן ביז היינט 2 פּערזאָן: האַהן און ווישניעווסקי, וועלכע האבן זיך שפּעטער געשטעלט אין שפּיץ פונם שפּיטאָל, ווו עס געפינען זיך נאָך היינט 200—300 פּערזאָן. מיט צוויי חדשים צוריק האָט מען אַרויסגעשיקט פון שפּיטאָל 120 אַלטע זקנים, פון וועלכע עס איז נישטאָ ביזן היינטיקן טאָג קיין שום ידיעה.

אין דער קהילה־קאַסע איז געבליבן 3500 זל.

די באַציאונג פון די פּאָליאַקן צו די אידן איז געווען, אויב מ׳קען זיך אַזוי אויסדריקן, אַ גלייכגילטיקע. דערפאַר האבן די פריש־געבאַקענע פאָלקס־דייטשן, פון וועלכע עס איז פול געוואָרן אין שטאָט, מאַלטרעטירט די אידן אויף אַ שרעקלעכן אופן. די באַציאונג פון דער מאַכט און מיליטער איז געווען אין פאַרהעלטניש צו די אַרומיקע שטעט אַ גענוג גוטע. דורך דער גאַנצער צייט האָט מען דערשאָסן 2—3 אידן. דאַקעגן האָט מען אויסגעפירט מאַסן־עקזעקוציעס איבער פּאָליאַקן, וועלכע מ׳האָט דערשאָסן אויפן אידישן בית־עולם, דאָרט באַגראָבן, און דאָס האבן אידן געמוזט אויספירן.

אין נאָוועמבער האָט מען אין צענטער־שטאָט דערשאָסן א גלח און דעם קערפּער איז פאַרוועֿרט געווען די פּאָליאַקן צוצונעמען. די אידן האָבן דעם נאָך וואַרעמען קערפּער געמוזט נעמען אויף א מיסט־וועגעלע און באַגראָבן ביים אידישן בית־עולם־מויער.

עס איז געווען אַפּריל 1940, ווען 10 ראַט־מיטגלידער זיינען געוואָרן צעשלאָגן. צווישן זיי עלטערע מענטשן, ווי דער כמעט 80־יעריקער פאַרשטאָרבענער אין וואַרשע ד״ר בעאַטוס.

וואַרשע דעם 9.2.1940

## פון קאַליש קיין טשענסטאַכאָוו

דעם ערשטן טאָג פון אָנהויב פון די אידישע צרות בין איך אַנטלאָפן פון קאַליש. דעם טאָג, פרייטיק, האָב איך זיך פרי אויפגעהויבן, אַרויס אין גאַס און באַמערקט, אַז אין קאַליש קאָכט ווי אין א טעפּל. פאַר יעדן הויז שטייען גרופּעס מענטשן. אין אידישן ראַיאָן שטייען הונדערטער מענטשן. איך קען געבן 75% פון דער אידישער באַפעלקערונג און פרעג זיך, וואָס קומט דאָ פאָר. אַלע ענטפערן מיט א וויי־געשריי: צוגענומען מיין ברודער, צוגענומען מיין מאַן, מיין שוואָגער. איך ווער געוווירע, אַז מען האָט צוגענומען א גרויסן טייל פון מיין פאַמיליע.

איך בין אַרומגעגאַנגען ביז 11 און אַלץ געהערט דאָס זעלבע. איך האָב געטראַכט וואָס צו טאָן. עס הענגען שוין אין שטאָט פּלאַקאַטן, אַז פרויען, קינדער און אַלטע מוזן פאַרלאָזן די שטאָט אויף 20 קילאָמעטער. איך האָב נישט געוואָלט לאָזן אַליין מיין פרוי און קינדער און האָב באַשלאָסן מיר זאָלן פאָרן צוזאַמען. זייענדיק פון פאַך א פערד סוחר, האָב איך געהאַט אַן אייגן פערד און וואָגן. נישט לאַנג געטראַכט האָב איך איינגעשפּאַנט דאָס פערד. עס איז געווען 12. איך האָב געזאָגט מיין פרוי, אַז מיר פאָרן. זי האָט גאָרנישט געענטפערט נאָר פאַרטרויערט אַנגעקוקט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז זי איז מסכים. מיר האָבן פאַרפּאַקט א ביסל וועש און בעטגעוואַנט און זיך געלאָזט פון שטאָט אַרויס. די שכנים האָבן זיך געפרעגט ווהין מיר פאָרן. אויף וואָס מיר האָבן נישט געהאַט קיין תשובה, ווייל מיר האָבן אַליין נישט געוווסט, אַבי אַרויס פון שטאָט. איך האָב שוין געטראָפן אויפן וועג הונדערטער מענטשן גיין צו פוס. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן נאָך קאָזשמינעק, א קליינע שטעטל 20 ק״מ נאָך קאַליש, וווּ ס׳וווינט מיין מומע. קומענדיק פרייטיק פאַרנאַכט קיין קאָזשמינעק האָב איך באַמערקט א צערודערונג. איך קען דאָס גאַנצע שטעטל, ווייל איך בין דאָרט געווען יעדע פיר וואָכן אויף ירידן. אַלע זיינען צוגעלאָפן און געפרעגט, וואָס מען הערט. איך בין פאַרפאָרן צו מיין מומע. שבת האָב איך מיך פרי אויפגעהויבן און באַמערקט טויזנטער מענטשן פאַרבייגיין קאָזשמינעקע. עס איז אָנגעקומען מיין גאַנצע פאַמיליע, אַלע זיינען פאַרפאָרן אין מיין צימער און אין דער שטוב האָבן זיך אַריינגעפּאַקט ביז 40 מענטשן. איך האָב באַשלאָסן ווייטער צו פאָרן. ס׳איז געקומען צו סכסוכים צווישן מיר און דער פאַמיליע וועגן פאָרן. מען האָט זיך געאַמפּערט, ביז מען האָט דערהערט די ערשטע שאָסן. ס׳איז געווען האַלב איינס ביינאַכט. מיין פערד איז מיר קראַנק געוואָרן און איך האָב באַשלאָסן צו גיין צו פוס. מיט מיר, מיין פרוי און קינדער איז מיטגעגאַנגען נאָך איינער מיט דריי זין. די פויערן פון דער סביבה קענען מיך. יעדער האָט גענומען א פּעקל אויף די פּלייצעס, ווי ציגיינער האָבן מיר זיך געלאָזט אין א דאָרף שטשאַלקאָוו. דער וועג איז געווען א שווערער, דורך זאַמדן, קליינע וועלדלעך, אָן עסן. די קינדער זיינען שרעקלעך מיד געוואָרן. מיר זיינען אַריין צו א באַקאַנטן פויער, וועלכער האָט אונז אויפגענומען ווי ברידער. איך האָב געזען, אַז מיט דער פרוי און קינדער וועל איך ווייטער נישט גיין און באַשלאָסן צו שלאָפן. איך בין געווען דער איינציקער, וואָס האָט געזאָגט, אַז פאַר קיין שום פרייז וועל איך נישט בלייבן. שבת 12 ביינאַכט האָב איך באַמערקט א פּייער פון דערווייטנס. פויערן האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז טורען. איך האָב גענומען מיין זאַק אויף די פּלייצעס. אָן אַלעמענס הסכמה בין איך אַוועקגעגאַנגען. מיין פרוי און קינדער זיינען מיר נאָכגעלאָפן און

געזאָגט, אז זיי ווילן מיטגיין. איך האָב זיך צום צווייטן מאל געזעגנט און מיט א צעבראָכן הארץ זיך געלאָזט איינער אליין אין וועג צווישן וועלדער און פעלדער. איך האָב באשלאָסן צו גיין אויף די קרעסן, אין א שטעטל הארט ביי דער גרענעץ, איך האָב געטראכט, אז דאָרט וועט זיין זיכערער. גייענדיק א שעה צייט האָב דערהערט מיך רופן: דאס זיינען געווען מיין פעטערס דריי זין, וואָס האָבן נישט געקענט ביי זיך פועלן מיך צו לאָזן אליין. א גאנצע נאכט האָבן מיר געהאט ליכטיק פון דעם פייער, וואָס האָט געברענט, דער וואג האָט געפירט דורך זאמדן. מיר זיינען אָנגעקומען אין דאָברע, א דרייסיק ק״מ פון קאָזשמינקע. דאָרט האָט געטומלט נאָך שטארקער, ווי אין קאליש. אלץ האָט געפאַקט און אלץ איז געגאנגען אין וועג. איך האָב דאָרט געהאַט באקאנטע און זיי געפרעגט וווהין? מ'האָט מיר געענטפערט, נאָך פאָדעמביץ, אוניעיאָוו. מיר זיינען געגאנגען מיט דעם וועג, וואָס פירט נאָך לאָדזש. פון דאָברע נאָך אוניעיאָוו פירט דער וועג דורך א וואלד. מיר זיינען געלאָפן ווי פייגל, איינער האָט זיך אָנגעהאלטן ביים צווייטן בכדי זיך נישט צו פארלירן. מען קען זיך נישט פארשטעלן מיט וואָס פאר א גייסט מיר זיינען געפלויגן. איך בין געווען דער צוג־פירער. דאמאָלט בין איך אלט געווען 40 יאָר און מיינע באגלייטער 23, 25, 30 יאָר. זיי האָבן געשריגן „מערדער, דו פארמאטערסט אונז, מיר פאלן״. איך האָב געזאָגט: באלד, באלד און געצויגן ווייטער. מיר זיינען ארויס פון וואלד און ארויף אויפן שאָסיי און עס איז אונז פינצטער געוואָרן פאר די אויגן. עס זיינען געלעגן גע'הרגעטע פערד, קי, מענטשן. טויזנטער און טויזנטער מיליטער זיינען געגאנגען. איך האָב דערהערט, אז מ'רופט מיך ביים נאָמען. צווישן מיליטער האָב איך באמערקט מיין ברודערס א זון און איך האָב אים געפרעגט וווהין? ער ענטפערט: ס'איז שלעכט, מיר זיינען פארלוירן. דער קאפיטאַן, וואָס איז געריטן אויפן פערד, האָט אים גערופן ביים נאָמען און באפוילן אריין אין דער ריי. ער האָט אים בייז אָפּגעענטפערט: „איך קום באלד״. איך האָב באמערקט, אז עס איז שוין נישטאָ קיין שום דיסציפלין. די זעלנער זיינען געגאנגען מיט די קעפּ אראָפּ. אלע מיד און צעבראָכן, האָפענונגסלאָז. מיר האָבן זיך צעקושט און איך בין ווייטער אוועק. איך בין נישט געגאנגען, נאר פשוט געלאָפן. הינטער אוניעיאָוו האָבן מיר באמערקט, אז די בריקן זיינען מינירט. מ'האָט אונז געזאָגט: שנעל, שנעלער ווי די בריקן וואָלטן געהאלטן שוין ביים אויפרייסן.

מיר זיינען אריין אין שטעטל, עס זיינען שוין געווען א סך צעשאָסענע הייזלעך און קיין מענטשן האָט מען נישט געטראָפן. קיין ביסל וואסער האָט מען נישט געקענט באקומען. איך האָב באשלאָסן ווייטער צו גיין. מיינע מיטגייער האָבן געוויינט פאר יסורים פון די בלאָזן אויף די פיס. מיר זיינען געווען הינטער פאָדעמביץ און זיינען אריין צו א פויער. מיר האָבן זיך געלאָזט אפּקאָכן א פענדל אייער, קאווע און אין 15 מינוט זיינען מיר פארטיק געוואָרן. מיר האָבן זיך אָבער נישט געקאָנט אויפשטעלן צוליבן ווייטיק אין די פיס. מיר האָבן פארביסן די ציין און ווייטער געגאנגען. הינטער פאָדעמביץ — דאס זעלבע בילד: טויזנטער און טויזנטער גייען אויפן שאָסיי. זונטיק 12 בייטאָג זיינען מיר אריין אין פאָדעמביץ. מיר האָבן זיך ארומגעוואשן, עפּעס פארביסן און ווייטער געגאנגען. די עראָפּלאַנען האָבן אונז באגלייט און עס איז נישט מעגלעך געווען צו גיין. מיט אונז זיינען מיטגעגאנגען צוויי ברידער, פון וועלכע איינער איז געפאלן 3 מעטער פון אונז. דער צווייטער ברודער האָט זיך גוט צעוויינט און ווייטער געגאנגען מיט אונז. 12 ביינאכט זיינען מיר אנגעקומען נאָך אלעקסאנדער ביי לאָדזש. דאָרט האָב איך אנגעקלאפּט צו מיינעם א קרוב, ביי וועלכן איך בין נאָך קיינמאל נישט געווען. ער, די פרוי און קינדער זיינען ארויס פון די בעטן, געגעבן אונז צו וואשן און געלייגט אין די בעטן. פאר־מאטערט זיינען מיר באלד איינגעשלאָפן. פלוצים, אין שלאָף, האָבן מיר געהערט א שטיל גערודער. האלב צוויי ביינאכט קומט אריין מיין קרוב און זאָגט: קינדער טוט זיך אָן, מען פאָרט ווייטער: אלץ פאקט זיך און לאָזט זיך אין וועג. מיר האָבן באשלאָסן נישט ווייטער צו גיין. יעדער איינער האָט געהאָט בלאָזן אויף די פיס און נישט געקאָנט זיך רירן. שלאָפן האָבן מיר שוין אָבער נישט געקענט. האלב פינף זיינען מיר אויפגעשטאנען. איך האָב זיך געלאָזט אין שטאָט, געקויפט א פערד און וואָגן פאר 1200 זל. און מיר זיינען געפאָרן נאָך זגערזש. מיר זיינען געפלויגן, ווייל א גאנצן וועג זיינען געפאלן באָמבעס, דער וועג איז געווען באלייגט מיט טויטע. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן באקאנטע, וועלכע מיר האָבן ארויפגענומען אויפן וואָגן. פרייטיק 11 אינדערפרי זיינען מיר אָנגעקומען נאָך פרושקאָוו, הינטער ווארשע. דאס פערדל איז געווען מיד, אומצופאלן. 12 אזייגער האָבן מיר באשלאָסן צו פארן ווייטער. פלוצים האָבן מיר באמערקט

א דייטשן פאטרול. מיר זיינען אזוי שנעל געלאָפן, גאָרנישט געּרוט און דאָ טרעפן מיר א פאטרול. אלע האָבן געשריגן, אז דאָס האָט נישט קיין צוועק, ביז מיר וועלן קומען נאך ווארשע וועלן מיר טרעפן ווייטערדיקע פאטרולן. אלע זיינען מיר אנטלאָפן ווייטער. איך בין געבליבן מיט מיין פעטערס איין זון. כ׳האב באמערקט, אז זיי האָבן איבערגעלאָזט די שיך, הוטן, פאלטנס. כ׳בין פארפארן אויף דעם שול־הויף און געשלאָפן אין די שוך־גריבער, ווייל דאס מיליטער האָט שוין געשאָסן אויף ווארשע. שבת א גאנצן טאָג זיינען מיר געווען אין פרושקאָוו. עס איז געווען רואיק, אבער א סך מיליטער איז געפאָרן נאך ווארשע. איך בין צוגעגאנגען צו א הויפטמאן און געפרעגט, צי איך קען צוריק א היים פארן. ער האט געענטפערט רואיק, אז איך קען דרייסט פאָרן. איך בין געפאָרן ביז ראווע, ווו ס׳האָט מיך פארהאלטן א דייטשער פאטרול. מען האט אונז ארויפגעזעצט אויף לאסט־אויטאָס און געפירט צום ערשטן דורכגאנגס־לאגער וואס איז געווען אין טשענסטאָכאָוו.

פארשריבן דורך אננא רינגעלבלום



# עטלעכע ציפערן

**ס. גליקסמאן**




ישט א סך ציפערן געפינען מיר אין רינגעלבלום־ארכיוו און אין די דזשאָינט־דאָקומענטן. דאָך קען מען פון זיי שאַפן זיך א בילד פונעם חורבן.

ביז סעפטעמבער 1939 האָט קאליש געציילט 24—28 טויזנט אידן. ביים אויסברוך פון דער מלחמה און אין אָנהויב סעפטעמבער 1939 האָבן הונדערט אידישע משפחות פארלאָזט די שטאָט אין שרעק פאר די נאציס. א טייל פון זיי האָט זיך אומגעקערט נאָכן פארענדיקן די קריגס־אָפעראציעס.

די קאלישער פליטים האָבן זיך געפונען אין פארשיידענע ערטער. אין דעצעמבער 1940 זיינען געווען אין ווארשע 6830 קאלישער אידן; אין קראָקע און גלאָגאָוו — 75; אין טיטשין — 30; אין לאנצוט — 84; אין לזשויסק — 50; אין זשעשוּוו — 1224; אין וואדאָוו, רעמבערטאָוו — 150.

דער לעצטער טראנספאָרט פון די קאלישער אידן איז אוועק מאָנטיק דעם 12.12.1939. סך־הכל זיינען אוועק 4 גרויסע טראנספאָרטן, אין צוג קיין לובלין, 2 קיין סאנדאָמיעזש, 3 — קיין קאלושין, 4 קיין לוקאָוו. ס'זיינען חוץ דעם נאָך אָפּגעגאנגען 4—5 צוגן.

דעם 15־טן דעצעמבער האָט מען קיין באטשקי נעבן לאָכווו געשיקט די קראנקע פון מושב־זקנים. א געוויסער מקור שטעלט פעסט, אז אין יאנואר 1941 האָבן אין באטשקי זיך געפונען 248 קאלישער אידן, צווישן זיי 100 זקנים און 53 קינדער.

נאָכן גרויסן גירוש זיינען אין קאליש געבליבן 460 שווער־קראנקע, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אידישן שפּיטאָל, צווישן זיי 280 כראָניש־קראנקע, וועלכע מ'האָט נישט געקענט רירן פון אָרט. כדי צו פארנעמען זיך מיט די קראנקע, האָט די מאכט איבערגעלאָזט דריי מיטגלידער פון שפּיטאָל־ראט, אן ארצט און צוויי קברנים (באגראבער). די קראנקע האָט מען דערלויבט צו בלייבן דאָרט ביז פרילינג, אויב זיי וועלן אים דערלעבן. די, וואָס האָבן זיך פארנומען מיט זיי, האָבן געדארפט שפייזן די קראנקע מיטן עסנווארג, וואָס איז געבליבן אין די פארשלאָסענע אידישע הייזער. כדי צו עפענען אזא דירה האָט מען געדארפט האָבן א ספּעציעלע דערלויבעניש. אין קאליש זיינען אבער געבליבן נאָך א סך אידן: בלויז דער פּערסאָנאַל פון שפּיטאָל איז געווען א גענוג גרויסער.

מיט א געהיימעניש איז איינגעהילט דער ענין פון די 1312 אידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין מארק־בנין צווישן 1.2—22.2 1940 און האָבן גענאָסן פון א צוגאָב־באשפייזונג פון שפּיטאָל. צי איז דאָס געווען דער „איבערגאנגסלאגער", וואָס האָט לויט אונזערע ידיעות עקזיסטירט א געוויסע צייט אין קאליש? אלנפאלס איז באוואוסט, אז דעם 23־טן פעברואר 1940 האָט מען די מענטשן איבערגעפירט קיין קאָזשמינעק, וואו ס'איז געשאפן געוואָרן א לאגער, פאר וועלכע ס'האָבן די גאנצע צייט געזאָרגט דער קאלישער שפּיטאָל און שפּעטער — אויך דער יודענראט.

די שפייז־ראציע, וואָס דער יודענראט האָט אויסגעטיילט אין 1940 האָט אנטהאלטן: א האלבער קילאָ ברויט, 50 גראם פוטער און 100 גראם מארמעלאד א וואָך. חוץ דעם האָבן אלע מענטשן פון יודענלאגער געגעסן אין דער קהילה־קיך.

אין קאלישער לאגער האָבן זיך אויך געפונען קינדער אין עלטער ביז 14 יאָר. פאר זיי האָט מען געשאפן א פאָלקס־שול פון 2 קלאסן, וואו די הויפּט־קעגנשטאנדן זיינען געווען דייטש, פויליש, מאטעמאטיק און תורה. פאר די קינדער ביז 7 יאָר (25) האָט מען איינגעאָרדנט א קינדער־גאָרטן.

די ערשטע אקציע אין קאליש איז פאָרגעקומען אין די טעג פון 27, 28, 29 און 30־טן אָקטאבער 1940 און אירע קרבנות זיינען געווען ארום 250 פערזאָן — נישט ארבעטספאיקע, צווישן זיי 125 קראנקע פון שפּיטאָל. מ'האָט זיי אוועקגעפירט אין אן אומבאקאנטער ריכטונג,

ווייזט אויס צום אומברענגען זיי. די דייטשן האָבן געמאכט אן אָנשטעל, אז מ׳פירט די מענטשן אויף דערהאָלונג. נאָך דער דאָזיקער אקציע זיינען אין קאליש געבליבן, צוזאמען מיט די קראנקע פון שפיטאָל, 437 נפשות. דעם 1־טן יאנואר 1941 האָט מען אָפּגעציילט 430 פּערזאָן.

נאָך דער אקציע פון די שווארצע אויטאָס זיינען אין קאליש געבליבן 50 געזונטע יונגעלייט. צוליבן מאנגל אין ארבעטסהענט זיינען ליקווידירט געוואָרן אלע ווארשטאטן. ס׳איז געשאפן געוואָרן א שניידער־ווארשטאט, אין וועלכן ס׳האָבן געארבעט אלע געבליבענע אין קאליש אידן. אין יולי 1942 האָט מען די רעשטלעך אוועקגעפירט אין לאָדזשער געטאָ. דער אידישער ישוב אין קאליש האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.



# פראַגמענט פון אַן עדות־דערקלערונג




סטעפאַן פרענקעל

ין דער צייט פון דער דייטשער אָקופּאַציע האָב איך פאַרבראַכט אין פּוילן געציילטע וואָכן. מיינע אַלע איבערלעבונגען זיינען נישטיק אין פאַרגלייך מיט די ליידן פון די אַנדערע אידן. איך פאַרצייכן דאָס וויטערדיקע, כדי בייצושטייערן מיט מיין עדות־זאָגן ביים אַרויסברענגען דאָס פּראָגראַם פון דער אָרגאַניזירטער אויסראָטונג פון אידישן פאָלק.

בעת די מלחמה־אָפּעראַציעס אין סעפּטעמבער האָב איך מיט מיין פרוי און קינדער זיך געפונען אין וואַרשע. דעם 28־טן אינדערפרי האָבן מיך אויפגעוועקט די ערשטע באָמבאַרדירונגען. די באַלאַגערונג פון וואַרשע האָט געבראַכט מיט זיך שווערע צייטן פון הונגער און געפאַר, אָבער די געמיינזאַמקייט אין דער צרה האָט פאַראייניקט די מענטשן און איינער האָט געהאָלפן דעם צווייטן.

די שרעק האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אַריינטרעטן פון די דייטשן. זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַ ברוטאַלע באַציאונג צו דער באַפעלקערונג, און באַזונדערס צו די אידן. אויף צו מאָרגנס נאָך דער אָקופּאַציע, ווען איך בין געגאַנגען אויף נאַלעווקי־גאַס האָבן מיך געכאַפּט דייטשע זעלנער אויף אַ ברוטאַלן אופן און מיך געצוואונגען אויפצוראַמען די חורבות פון אַ באָמבאַרדירט הויז. אַ טיפּישער איד, מיט „אַ שלעכטן אויסזען" האָט אויסגעמיטן אַרויסצוגיין אין גאַס, כדי זיך צו פאַרשפּאָרן בזיונות און אָנפאַלן.

ס'האָט נישט געהאַט קיין שום זין, אַז איך זאָל בלייבן אין וואַרשע. איך האָב באַשלאָסן זיך אומצוקערן קיין קאַליש און דאָס האָט זיך מיר איינגעגעבן דעם 13־טן אָקטאָבער. די נסיעה, וואָס האָט געדויערט אַ סך שעהן צוליב דעם פעמאַלעכן פאָרן פונעם צוג און די לאַנגע איבער־רייסן. איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ קאָשמאַר. די דייטשן האָבן זיך געלאָזט וואוילגיין איבער די אידן, ווי זיי איז געפעלן. איך האָב נאָך נישט געקענט אונטערשיידן צווישן די זעלנער פון די פאַרשידענע פאָרמאַציעס, אָבער יעדע איינער מונדיר האָט אָנגעוואָרפן אויף מיר אַן אימה. מיר זיינען געווען שוצלאָז. אויף יעדער סטאַציע האָט זיך געהערט דאָס געשריי: „יודען הערויס". מיר זיינען געווען געצוואונגען צו באַהאַלטן זיך אין די קלאָזעטן.

ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין קאַליש, איז אונז לייכטער געוואָרן. אונז האָט זיך געדוכט, אַז אין דער היימשטאָט וועט אונז זיין בעסער, דאָרט וועלן מיר איבערקומען די מלחמה. צוליבן באַלאַגערונג־צושטאַנד האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן אויף דער סטאַציע ביז אין דער פרי. אָבער ווען מיר זיינען געקומען אַהיים, האָבן מיר אַלץ געפונען אויפן אָרט. אונזער הויז־דינערין, אַן איבער־געגעבענע פריינדין, וואָס איז נישט אַוועק מיט אונז קיין וואַרשע, האָט אַכטונג געגעבן אויפן פאַרמעגן. צוליב דער מורא פאַר אַפּראָוויזאַציע־שוועריקייטן האָב איך געמאַכט אַ שפּייז־זאַפּאַס. אָבער די רואיקע טעג האָבן נישט לאַנג געדויערט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען מיך גערופן, אַז איך זאָל זיך באַטייליקן אין יודענראַט.

אייגנטלעך האָט דער יודענראַט געהאַט די אויפגאַבע אויסצופירן די דייטשע באַפעלן. די דייטשן האָבן אַזוי אַרום געוואָלט פאַרלייכטערן די אַרבעט פון צורויבן דאָס אידישע פאַרמעגן און פאַרניכטן די אייגנטימער. דער געסטאַפּאָ־פאָרשטייער, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער ערשטער זיצונג פון יודענראַט האָט פאַרלאַנגט אויסצופירן זיינע באַפעלן אָן באַדינגונגען און געדראָאָט מיט האַרבע רעפּרעסיעס פאַר אומגעהאָרכזאַמקייט. דער ערשטער באַפעל איז געווען דורכצופירן אַ ציילונג פון די נפשות און פון פאַרמעגן. „אידן פאַרמאָגן טאָנען גאָלד". ווען די ראַט־מיטגלידער האָבן פּראָטעסטירט קעגן דעם קורצן טערמין, וואָס מ'האָט זיי געגעבן אויף דורכפירן די ציילונג, האָבן זיי געהערט דעם ענטפער: „ביי אונז עקזיסטירט נישט קיין אומאויס־פירלעכע זאַכן".

די ציילונג איז אדורכגעפירט געוואָרן מיט א פארשפעטיקונג פון בלויז איין טאָג.

אויף די אידן האָט מען ארויפגעלייגט צענדליקער פליכטן: באזאָרגונג פון קליידונג, בעטגעוואנט, פוטערוואַרג, מעבל און אויך געלט. דער יודענראט איז געווען געצוואונגען ארויפ־צולייגן שטייערן אויף פארמעגלעכע אידן. אויסער דעם זיינען טאָג־טעגלעך נויטיק געווען א סך ארבעטער.

איינמאָל זיינען די ארבעטער, וואָס דער יודענראט האָט געשיקט, נישט אָנגעקומען אויפן ארבעטס־פּלאַץ. תיכף האָט מען גערופן אין געסטאפאָ אלע 25 מיטגלידער פון יודענראט. דאָרט האָט מען זיי געהייסן אויספירן באדינונגס־ארבעטן און ביי דער געלעגנהייט איז אדורכגעפירט געוואָרן אין הויז א גענעראַלע רייניקונג: דאָס וואשן שויבן און פענצטער, שייערן די פּאָדלאָגעס, שמירן זיי און פראָטערירן. דאָס איז געווען די שטראָף פאר נישט אויספירן דעם באפעל און שפּאָט פאר די מענטשן, וואָס זיינען געוואָרן באשטימט צו זיין די אויטאָריטעטן און איינפלוסרייכע מענער פון דער אידישער באפעלקערונג. נאָך דער דאָזיקער ארבעט האָבן די געסטאפאָ־לייט אדורכגעפירט מיט אונז גימנאסטישע איבונגען, וואָס איז אייגנטלעך געווען אן אמתע פייניקונג לגבי אונז, מענטשן מיט א שוואכן געזונט־צושטאנד. דער טעמפּאָ פון די איבונגען איז געווען א שנעלער און די נאהייקע האָט אכטונג געגעבן אויף דער קוואליטעט פון דער אויספירונג. איך געדענק, אז צוויי פּערזאָן בלויז זיינען ניצול געוואָרן פון די שמיץ: אינזש. צוקער און איך. ווייזט אויס, אז מיר האָבן אויסגעהאלטן דעם עקזאמען פון דער גימנאסטיק.

די מיטגלידערשאפט אין יודענראט האָט מיך אויף א געוויסער צייט באפרייט פון דער צוואנגס־ארבעט, צו וועלכער מען פלעגט כאפּן די אידן אין גאס. דאָס כאפּן איז געווען פאר־לייכטערט צוליב די געלע בענדער, וואָס די אידן האָבן געטראָגן אויף די ארבל (א לאנגע צייט האָבן מיר געהיטן די בענדער ווי אן אָנדענק). איינמאָל, ווען מ׳האָט מיך צוזאמען מיט מיין משפחה געכאפּט און געבראכט אין א מין לאגער וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין בערנא־דינער־קלויסטער אויף סטאַווישינסקע־גאס. זיינען געקומען אהין געסטאפּאָ־לייט און מיך, ווי אויך דעם אינזש. צוקער, וואָס איז אויך געכאפּט געוואָרן, צוריקגעפירט אונז אהיים. דער יודענראט איז זיי נאָך געווען נייטיק.

אין איין פאל האָט מיר ווייניק וואָס געהאָלפן מיין אָנגעהעריקייט צום יודענראט. איינמאָל זיינען געסטאפּאָ און ס.ס.־פּאטראָלן געקומען אויף פולאַסקי גאס מיט דער אויפגאבע ארויס־צוטרייבן די אידן פון עטלעכע קווארטאלן. די אידן האָט מען געהייסן אריין אין א הויף במשך פון א האלבער שעה. מ׳האָט זיי דערלויבט צו נעמען מיט זיך פעקלעך בלויז ביז עטלעכע קילאָ. ווען מיר זיינען אריין אין הויף, האָט איינער פון די געסטאפּאָ־לייט דורכגעפירט אן אויבער־פלעכלעכע קאָנטראָל פונעם געפּעק, און דאָס איז אויך געווען פאר אים גענוג אויסצופירן קליינע רויבערייען. למשל, פון דער וואליזקע פון מיין טאָכטער, א שילעריןן, האָט דער דייטש ארויס־גענומען א פּאָר נייע זאָקן, מיטן מאָטיוו, אז פאר א אידיש מיידל זיינען זיי נישט נייטיק.

די אלע אידן וואָס מ׳האָט אויף דעם אופן צונויפגעזאמלט, האָט מען געבראכט אין דער מארק־געביידע אויפן דעקערטא־פלאַץ, וואו ס׳איז איינגעאָרדנט געוואָרן א מין קאָנצענטראציע־לאגער. אין זייער שלעכטע באדינגונגען האָבן מיר דאָרט פארבראכט די נאכט און קיינער פון דער מאכט האָט שוין מער נישט געוואָלט אנערקענען דעם דאָקומענט פון מיין מיטגלידערשאפט אין יודענראט. דאָך האלט איך, אז די דייטשן האָבן דאן נישט געמיינט בעיקר צו ארעסטירן די אידן, נאָר ארויסצושיקן זיי פון קאליש, וואָס איז איינגעשלאָסן געוואָרן אין רייך. זיי האָבן געדארפט האָבן די דירות פאר די דייטשן, וועלכע זיינען געקומען פון אנדערע לענדער, צווישן זיי א סך פון די באלטישע לענדער, פון לעטלאנד און עסטלאנד. כדי זיך לייכטער צו מאכן די ארבעט פון ארויסטרייבן די אידן, האָבן די דייטשן באשלאָסן אָנצוואַרפן אן אימה אויף זיי און דערמיט ווירקן, אז זיי זאָלן אוועק מיט זייער אייגענעם ווילן. דערפאר אויך האָט מען דעם לאגער אין מארק־בנין נישט זייער שטארק באוואכט און עס איז נישט געווען שווער צו אנטלויפן איבער דעם דראָטענעם פּארק. די דייטשן האָבן געוואוסט, אז דער וואָס איז א צייט געווען אין לאגער און האָט באוויזן פון דאָרט ארויסצוגיין, וועט וועלן פארלאָזן די שטאָט, כדי מ׳זאָל אים נישט פארשפּארן א צווייט מאָל. און אזוי איז טאקע געווען. די אידן, וואָס זיינען נישט אנטלאָפן פון לאגער, האָט מען ארויסגעשיקט פון שטאָט.

צו מאָרגנס נאָכן פאַרהאַלטן מיך בין איך אַרויס פון לאַגער. ווען מ'האָט געדאַרפט פּריוויליקע צו דער אַרבעט אין שטאָט, האָב איך זיך געמאָלדן. אונזער גרופּע איז געוואָרן געשיקט אין דער גרויסער שול אויף דער פּ. אָ. וו.־גאַס (זלאָטע). כדי אַרויסצונעמען פון דאָרט דאָס מעבל. נישט לאַנג האָט געדויערט מיין אַרבעט. ווען איך האָב מיט נאָך פינף אַנדערע אַרויסגעטראָגן די צווייטע באַנק אין שול־הויף אַריין, האָב איך זיך אויסגעדרייט און אַרויס אין גאַס מיט אַ רואיק געמיט. אַ דייטשער זשאַנדאַר האָט אונז באַוואַכט, אָבער ער איז באַווירקט געוועזן פון מיין באַהערשטקייט און זעלבסט־זיכערקייט און געמיינט, אַז איך מעג פאַרלאָזן דעם הויף.

אין עטלעכע שעה אַרום האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין פרוי און קינדער אויפן אָפּגעשמועסטן פּלאַץ (זיי האָבן פאַרלאָזט דעם לאַגער מיט עטלעכע שעה שפּעטער, אָן שוועריקייטן), און צומאָרגנס זיינען מיר געפאָרן קיין וואַרשע, כדי צו זוכן פון דאָרט אַ וועג קיין ראַטן־פאַרבאַנד. דאָס איז געווען דעם 13 נאָוועמבער. אין אונזער פאָרן קיין וואַרשע האָט אונז אַ סך געהאָלפן אונזער הויז־אַרבעטערין סטאַניסלאַווא יושטשאַק, וואָס האָט באַצייטנס געקויפט באַן־בילעטן, געפאָרן מיט אונז און אונז באַשיצט. זי איז אַוועק מיט אונז קיין ראַטן־פאַרבאַנד און האָט צוזאַמען מיט אונז אַדורכגעמאַכט די לייד און פרייד אין מערב־אוקראַינע. אין יוני 1941, ווען היטלער האָט זיך אַריינגעריסן אין ראַטן־פאַרבאַנד, זיינען מיר געווען געצוואונגען צו אַנטלויפן אין ווייטערע געביטן. אונזער הויז־דינערין איז געבליבן אויפן אָרט, וואו די דייטשן זיינען אַריין אין עטלעכע טעג אַרום. נאָך אַ סך מאַטערנישן האָבן מיר זיך אומגעקערט און זיך ווידער געטראָפן נאָך דער מלחמה אין קאַליש. ביז איצט געפינט זי זיך צוזאַמען מיט אונז.

אין וואַרשע האָבן מיר פאַרבראַכט איבער צוויי וואָכן. אין משך פון דער צייט האָט סטאַניסלאַווא געבראַכט פון קאַליש אַ ביסל פון אונזערע חפצים. מיר האָבן באַוויזן אָנצוקומען מיט אַ פאַרהעלטנישמעסיק זיכערער נסיעה קיין ראַטן־פאַרבאַנד, וואו מיר האָבן זיך געפונען קרוב 7 יאָר. צוזאַמען מיטן פאָראויסמאַרש פון דער היטלער־אַרמיי האָבן מיר געביטן דאָס וואוין און אַרבעטס־אָרט. אין מאַי 1946 האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין פּוילן אין די ראַמען פון דער רעפּאַטריאַציע.

פון אַלע מיטגלידער פון יודענראַט זיינען געבליבן לעבן בלויז דריי, וועלכע זיינען אַוועק קיין ראַטן־פאַרבאַנד: אַלכסנדר פּאָזנאַנסקי, מייץ און דער שרייבער פון די שורות. די אַנדערע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן.

מיין פאַמיליע האָט נישט געוואָלט אַוועקפאָרן און זי איז אין גרעסטן טייל אומגעקומען. אויב איך וועל בקיצור דערציילן וועגן זייער גורל, וועט דאָס זיין אַ ביישפּיל פאַרן גורל פון אַלע אומגעבראַכטע אידישע משפחות. מיין מוטער האָט געהאַט מזל: זי איז געשטאָרבן אין וואַרשע פאַרן שליסן דאָס געטאָ. מיין ברודער, דער אַדוואָקאַט יאַן, איז דערשאָסן געוואָרן אין וואַרשע, זיין פרוי און זיין בילד־שיינע טאָכטער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן אין דער פּראָוואָקאַציע פון „האָטעל פּאָלסקי" (מ'האָט זיי צוגעזאָגט אַרויסצולאָזן קיין אויסלאַנד). מיין שוועסטער אירענאַ איז געשטאָרבן פון טיפוס אין לאָדזשער געטאָ, וואו איר משפחה האָט געוואוינט. איר מאַן, וולאַדיסלאַוו פּרוינד, איז אומגעקומען אין אוישוויץ. איר עלטסטע טאָכטער זאָפיאַ איז געגאַנגען פון לאַגער צו לאַגער, פון אוישוויץ ביז בערגן־בעלזן, אָפּגעראַטעוועט געוואָרן דורך די אַמעריקאַנער און עטלעכע טאָג שפּעטער געשטאָרבן פון אויסגעשעפּטקייט. די אינגערע טאָכטער יאַנינאַ־קאַמילאַ, וואָס איז די גאַנצע צייט געווען צוזאַמען מיט דער עלטערער, זי האָט איבערגעלעבט — גראַד צוליב דעם וואָס די שוועסטער האָט זי אָפּגעהיטן. דערנאָך האָבן זיך פאַרנומען מיט איר דער שוועדישער רויטער־קרייץ און דער „דזשאָינט". נאָכדעם ווי זי האָט אַ צייט פאַרבראַכט אין פּוילן איז זי געקומען קיין ישראל. איצט וואוינט זי אין בת־ים. מיין אינגערע שוועסטער פעליציע איז אַנטלאָפן קיין ווילנע. אין 1941 איז זי אַוועק קיין ישראל. זי וואוינט אין תל־אביב. מיין שוואָגער מיט זיין פאַמיליע זיינען אומגעקומען אין פּיאָטרקאָווער געטאָ. מיין יונגע פּלימעניצע, יאַנינאַ פרענקעל, איז דערשאָסן געוואָרן אין פּאַוויאַק אַלס פּאָלקע צוליב דעם, וואָס זי האָט אַנטייל גענומען אין פּוילישן אונטערערד. אירע צוויי ברידער מיט זייערע משפחות און איר מוטער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשן אין מיזוטש, וואָלין.



# דער „פונקט״



## מיכאל מיץ

ויף דזשעלנע גאס, אין דער גרויסער שול „מוריה״ דארט זיינען מיר איינ־קוואטירט געווארן א היפשע צאל פאמיליעס פון קאליש גלייך נאכן אנקומען קיין ווארשע. דאס איז געווען איינס פון די פליטים־ערטער, וועלכע מ׳האט גערופן „פונקטן״. אין דעם גרויסן זאל האט יעדע פאמיליע פאר זיך אפגעצוימט מיט שמאטעס, פאפירן א שטיקל ארט אין זיך געשאפן די אילוזיע פון א וואוינונג. דער זאל האָט באקומען דעם אויסזען פון א ציגיינער־לאגער. מיר זיינען געווען אונטער דער אבסאלוטער אויפזיכט פון דזשאָינט וועלכער האָט געזאָרגט פאר אונז.

אזוי האָבן מיר געלעבט א שפּאָר שטיקל צייט, מיט דער גרויסער האָפענונג אז באלד וועט זיך ענדיקן די מלחמה און מיר וועלן בשלום פארן צוריק א היים. שפעטער ווען ס׳האט אויפ־געהערט די הילף פון דזשאינט און ס׳איז פארמאכט געווארן דער געטא, איז אונזער לאגע געווארן הילפסלאָז. מיר האבן אליין אנגעהויבן זארגן פאר אונזער קיום. אלע מענער פון „פונקט״ האבן אנגעהויבן ארבעטן אלס „פארטרעטער״. מיר האבן געארבעט פאר די ווארשעווער איינוווינער וועלכע האבן אונז געדונגען אפצוארבעטן זייער צוואנגס־ארבעט. יעדן פרימארגן האבן מיר זיך מיט שרעק געשטעלט אויפן זאמלפונקט אויף גזשיבאווסקי אין הויף פון דער גמינע, ווו ס׳האָבן געווארט אויף אונז דייטשע זעלנער און אונז אוועקגעפירט צו פארשיידענע ארבעטן. פארנאכט ווען מיר האבן זיך צוריק אומגעקערט האבן שוין אונזערע פאמיליעס מיט אנגסטן אונז אפגעוואכט און דאן האט יעדער געפילט צו דערציילן נסים פון היינטיקן טאג. וועגן קלעפּ, אויסטערלישע פיינונגען און אוממענשלעכע ארבעט.

די לאגע איז געווארן וואס א מאל גרויזאמער. דער הונגער און טיפוס האט מיט אומגעהויערע שנעלקייט פארקלענערט אונזער צאל. פון די מענטשן אויפן „פונקט״ זיינען געווארן לעבעדיקע סקעלעטן, וועלכע זיינען וואס ווייניקער ארויסגעקראכן פון דער „נארע״, און דער שיינער טרוים וועגן סוף פון דער מלחמה איז אינגאנצן אויסגעלאשן געווארן. אויף זיין ארט איז געקומען רעזיגנאציע און גלייכגילטיקייט. גלייכגילטיקייט אפילו פארן טויט.

בלויז מיטאג־צייט יעדן טאג איז געווארן א שטיקל אויפלעבונג, ווען מיר האבן זיך א לאז געטאן ווי א מחנה הונגעריקע וועלף אויף זאמענהאף 10, צום 10 גראשנדיקן „מיטאג״ פון דער „ווארשעווער זעלבסטהילף״.

עס איז אָנגעקומען פסח פון יאָר 1942. אגב, איז דאָס געווען עטלעכע טאָג פאר מיין אנטלויפן פון געטא.

פון די שמוציקע ווינקלעך האבן אנגעהויבן ארויסקריכן סקעלעטן, מענשן מיט געשוואלענע פנימער און פיס. זיי האבן אנגעהויבן ריין מאכן זייערע וואוינונגען לכבוד פסח. די זון וועלכע האט אזוי העל ארייגעשיינט דורכ׳ן פענצטער, האט אנטפּלעקט די גאנצע גרויזאמקייט פון די האלבע מתים. ווען עס איז אנגעקומען ערב פסח אין אוונט, האבן די פינצטערע שאָטנס זיך צעזעצט ביי ליידיקע טישן און אנגעהויבן אפריכטן דעם סדר.

טייכן טרערן האבן זיך געגאסן פון אלעמענס אויגן און אויסגעבראכן אין א הילכיק ספּאזמאטיש געוויין. מען האט זיך לאנג לאנג נישט געקענט בארואיקן. יעדער האט זיך אין די געדאנקען אַומגעקערט צו זיין היים. און מיט די לעצטע שטראלן פון דער אויסגייענדיקער האָפענונג האָט מען געזאגט לשנה הבאה בני חורין!...

**איך ווייס נישט אויב עס איז נאָך ווער געבליבן פון יענע אומגליקלעכע. איך ווייס אז עס זיינען געווען פאלן ווען עטלעכע האבן געפרוווט אנטלויפן פון געטא, אבער אלע די זיינען אומגעקומען אויף די וועגן.**

**איך געפין זיך איצט אין דער פרייער מדינת ישראל, און ווען איך זיץ אין דער סדר־נאכט, טראגן זיך מיינע געדאנקען אריבער אין יענעם פינצטערן „פונקט" אין ווארשעווער געטא. צו די האלב טויטע מענשן וועמענס הייסער טרוים איז נישט מקוים געווארן. יענץ בילד וועל איך קיינמאל נישט קענען אפווישן פון מיינע אויגן. און זאל מיין קורצער עפיזאד זיין א מצבה פאר יענע אומגליקלעכע, פון וועלכע עס איז נישט געבליבן קיינער וואָס זאָל זיי אמאָל דערמאָנען.**



# אין דער מארק-געביידע

סאלא סאָחאטשעווסקא־סאקס



י מארק־געביידע האָט געדינט די דייטשן פאר א שטאל. איצט האָבן זיי דאָרט קאָנצענטרירט די גאנצע אידישע באפעלקערונג. אין א פלאץ, וואָס האָט גע־דארפט ארייננעמען צוויי טויזנט פערזאָן, האָט מען אָנגעשטופט 15 טויזנט. קען זיך דען א מענטש פאָרשטעלן דעם שוידער, וואָס דאָרט האָט געהערשט ? ניין, בלויז דער, וואָס האָט דאָרט זיך געפונען, וועט עס פארשטיין. דער טאָג איז געווען פול מיט אימה און יסורים, און די נאכט איז געווען ווי א יאָר.

יעדע עטלעכע שעה האָבן די דייטשן ארויסגעגעבן נייע גזירות. איך געדענק : איין טאָג האָט מען געמאָלדן, אז געסטאפאָ וועט קומען קאָנטראָלירן צי מיר ווערן דאָ, חלילה, נישט געפייניקט. אויב מ׳וועט אנערקענען, אז דער בנין איז צופיל באזעצט, וועט מען דאָס פארלייכטערן. אָבער נאָכן באזוך פון דער קאָמיסיע, וואָס האָט געדארפט לייכטער מאכן די ענגשאפט, האָט מען אריינ־געשטופט אהין נאָך עטלעכע טויזנט אידן. מענטשן זיינען געלעגן איינער אויפן אנדערן, א סך זיינען ארויף אויף די דעכער פון די ביידלעך אין מארק.

אין איינעם פון די פינצטערע נעכט, ווען מיר האָט זיך געדוכט, אז ס׳וועט קיינמאָל נישט ווערן טאָג, אין הונגער, דורשט, שמוץ און שלאָפלאָזיקייט, האָבן מיר פלוצים דערהערט הויכע געשרייען פון א דייטש : „ווער גיסט דאָס וואסער אויף מיין קאָפּ ? איך וועל אים באלד דער־הרגענען". די שולדיקע האָט זיך ארויסגעוויזן די משוגענע מירל פון דער שאָפען־גאס. איך מיין, אז יעדער קאלישער קען זי. אָט די מירל האָט מיט זיך מיטגענומען א שיסל מיט א בלעכענער דנאָ, וואָס זי האָט גענוצט ביי נאכט. אונז איז פארווערט געווען צו רירן זיך ביינאכט. מ׳האָט זיך איינגעהאלטן ביז אינדערפרי און אָפּגעווארט דאָס פארגעניגן פון קענען זיך דערליידיקן. אינדערפרי האָבן זיך איינגעשטעלט רייען צום קלאזעט... און צום באקומען דאָס ברויט.

פייערלעשער־געביידע



איך האָב פאַרשטאַנען, אז מ׳גרייט זיך אונז אומצוברענגען און איך האָב באַשלאָסן צו אַנט־לויפן צוזאַמען מיט מיין מאַן און די קינדער. געבליבן דאָרט זיינען מיין מוטער, חיה ליבערמאַן, מיין שוועסטער און מיין ברודער. מיין מוטער האָט אונז געהאָלפן אויפרייסן דעם שטעכיקן פּלויט אַרום דעם בנין. אזוי האָב איך פאַרלאָזט דאָס אָרט, נישט געזעגנדיק זיך מיט קיינעם. איך האָב געהאָפט, אז איך וועל זיך זען מיט מיינע נאָענטע נאָך דער מלחמה.

נאָך פינף יאָר וואַגלעניש, מאַטערניש און צער האָב איך זיך אומגעקערט, כדי צו זוכן מיין מוטער און שוועסטער. אין גאַנץ פּוילן האָב איך זיי געזוכט, אָבער אומזיסט. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין קאַליש, כדי זען אַליין מיט די אייגענע אויגן. איך האָב דאָרט פאַרבראַכט איין נאַכט, אין דעצעמבער 1945. איך בין געגאַנגען איבער די גאַסן און אַן אימה איז מיר באַפאַלן צוליב דער פּוסטקייט. יעדער טריט האָט אָפּגעהילכט, ווי ער וואָלט געקומען פון דער ווייט. א שוידער איז מיר אַדורך איבערן לייב. אויף צו מאָרגנס האָב איך באַשטימט צו זען די שטאָט ביים טאָגליכט. איך האָב זיך נישט געגלויבט די אייגענע אויגן. די גאַסן זיינען געווען אויסגעפּלאַס־טערט מיט די שטיינער פון אידישע מצבות. איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן וואָס ווייטער פון דאָרט, כדי מיינע אויגן זאָלן מער נישט זען די פאַרשאָלטענע ערד.



# הורבן קאליש

**שמעון באום**



עם 12טן סעפטעמבער 1939 אויסגעבראכן די 2־טע וועלט־קריג. דאס איז געווען פרייטיק, און שוין מיטאג־צייט האבן זיך באוויזן דייטשע לופטפליער און האבן געווארפן באמבעס אין קאליש. די באפעלקערונג האט אנגעהויבן לויפן. איך בין געבליבן מיט מיין פרוי און קינדער ביז זונטיק דעם 3/9. ארום 11 אזייגער ביינאכט האב איך באשלאסן, אז מיר מוזן אויך לויפן. זיינען מיר געגאנגען נאך סטאווישין, 18 קילאמעטער פון קאליש. מיר האבן זיך אזוי געשלעפט א גאנצע נאכט, ווייל דער שאסיי איז געווען פול מיט פוילישן מיליטער און סתם מענטשן, 6 אזייגער אינדערפרי זיינען מיר אנגעקומען אין שטעטל. איך האב אריינגעפירט מיין משפחה צו מיין אנקל, און איך בין געגאנגען אין מארק קויפן געבעקס. צוריקקומענדיק האט מען שוין געשריגן אין די גאסן, אז אלע מענער זאלן אנטלויפן, ווייל די דייטשן שיסן אויס אלע מענער. מיין פרוי און קינדער האבן געוויינט אז איך זאל לויפן, נישט האבנדיק קיין ברירה בין איך אויך געלאפן איבערלאזנדיק די פרוי מיט 2 קינדער.

קומענדיק פאר דער שטאט, שטייט א פוילישער סאלדאט און שרייט: „שנעלער אריבערגיין, ווייל מיר רייסן אויף דאס בריקל". אז נישט ווילנדיק, האבן מיר שוין געמוזט אריבערגיין דאס בריקל.

דער וועג איז געווען פול מיט מענטשן און מיר זיינען געלאפן אויף טורעק. קומענדיק אויף דעם שאָסיי וואָס פירט אין שטעטל האָבן די דייטשע לופט־פליער זיך אראָפּגעלאָזט נידעריק און מערדערלעך אנגעהויבן שיסן פון מאשין־געווער אין די מענטשן. אין אייניקע מינוטן איז דער שאסיי געווען פול טויטע. ווער ס'האט זיך אריענטירט איז אריינגעשפרונגען אין די ריוועס פון שאסיי און זיך אוועקגעלייגט ביז די רוצחים זיינען אוועק.

אין אוונט זיינען מיר אנגעקומען נאך טורעק. ווו גייט א ייד? אין שול. אין שול איז שוין נישט מעגלעך געווען אריינצוגיין. ביז פארן שוועל פון פאליש זיינען געלעגן אויסגעלייגט פרויען, מענער און קינדער און דער געוויין איז געווען זייער גרויס. בדלית ברירה האב איך זיך אוועקגעלייגט אויף די שטיינער אין שולהויף. ווען עס איז נאך געווען פינצטער האבן מיר זיך צוזאמענגענומען עטלעכע קאלישער און זיינען געגאנגען ווייטער. און אזוי זיינען מיר אפגעלאפן ביז נאך קוטנא, דארטן זיינען מיר אנגעקומען פרייטיק דעם 8/9.

זונטיק, דעם 10/9, האבן מיר ווייטער געוואלט לויפן, אבער די דייטשן האבן שטארק באמבארדירט די בריק און די פיס זיינען שוין געווען שטארק אנגעשוואלן, האב איך באשלאסן צו בלייבן און אזוי בין איך געבליבן ביז ראש־השנה.

דעם 2־טן טאג ראש־השנה זיינען די דייטשן אריין נאך קוטנע און גלייך האבן זיי באוויזן וואס זיי קענען. זיי האבן געגעבן א בעפעל אז אלע אידישע מענער זאלן זיך שטעלן אויפן מארק. איך האב צו די באנדיטן נישט געהאט קיין צוטרוי, האב איך זיך נישט צוגעשטעלט. קורץ, זיי האבן דארט געהאלטן די אידן ביז מיטאג. דאן האבן זיי א טייל פארהאלטן און די רעשט אפגעלאזט.

צומאָרגנס האָב איך באשלאָסן צוריקצוגייך צו מיין פרוי און קינדער נאך סטאווישין. מיר האבן זיך צוזאמענגענומען עטלעכע באקאנטע און זיך געלאָזן צוריק אין וועג. און אזוי האָבן מיר זיך געשלעפט אויף א וואָגן, וועלכן מיר האָבן געדונגען, ביז מיר זיינען צוגעקומען פאר דער פארשטאט פון טורעק. דער שאסיי איז געווען באלייגט מיט דייטשע ס.ס. זיי האבן פארהאלטן דעם וואגן און געשריגן: „אלע יידן ארונטער" און אונז אויסגעשטעלט ביים ריוו פון שאסיי און און געהייסן אלע זאָלן הייבן די הענט מיטן פנים צום פעלד. דערנאָך גיט ער א באפעל זיך אומדרייען. אפשר 20 מעטער פון אונז זיצט א דייטש מיט א מאשין־געווער, און ווער ער וועט אונז הייסן זיך צוריקדרייען וועט יענער מאכן „פוף! פוף!" און מיט דעם ענדיקט זיך.

קיין לעבעדיקער מענש קען זיך נישט פארשטעלן די מחשבות פון דעם וואס שטייט אזוי אומבאהאלפן... מיר שטיין אזוי אויבן און ער גייט אראפ אונטן אין ריוו און דער מערדער האלט פאר אונז אזא ארט רעדע: דער מיט דעם מאשין־געווער וועט דאָס טאָן, נאָר ער וויל האָבן

דאס פארגעניגן... און ער נעמט ארויס פון גארטל־פאס א מאגאזין מיט 5 קוילן און זאגט: יעדער פון אונז מוז זיך אויסקלייבן וועלכע קויל ער וויל: די ערשטע, די צווייטע א.א.וו... „וויר האבן פיל, זאגט ער, ניכט זאָ ווי די פארפלוכטע פאָלען". און אזוי שטייענדיק לייגט ער צוריק אריין די קוילן און זאגט: „שאדע פיר אייך די קוגעל! איר קרעפירט זא ווי זא", און ער זאגט, ער וועט אונז אפלאזן אבער אין דער שטאט טורעק ווארט שוין אויף אינז די געסטאפא און זיי וועלן אונז פירן אין די קאָנצענטראציע־לאגערן, דאָרט באקומען מיר ספעציעלע אנציגער מיט בלוי־ווייסע שטרייפן און פון פארנט דעם מגן־דוד און זא ארבייט איר דאס גאנצע לעבן ביז איר קראפירט... (איך וויל נאר דא באצייכענען אז שוין דאמאלט האט אזא יונגער רוצח געוווסט, וואס מיר האבן זיך אין 5 יאר ארום איבערצייגט...).

נאך דער סאדיסטישער רעדע האט ער אונז געהייסן לויפן, ווער עס וועט זיך אומדרייען וועט באקומען א קויל. אזוי זיינען מיר אפגעלאפן אין דער ריכטונג פון שטעטל א פאר הונדערט מעטער. אין שטעטל אויפן מארק זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט א פאָר טויזנט מענטשן. איך האב זיך געלאזט אויף א זייטן־וועג און בין געגאנגען אויף סטאווישין (מען האט ווירקלעך דער־ציילט, אז פון די מענטשן וואס זיינען געשטאנען אויסגעשטעלט אויפן מארק־פלאץ אין טורעק האבן די געסטאפא פארשיקט נאך פויזן און כמעט אלע זיינען זיי אומגעקומען...).

איך האב זיך צוזאמענגעטראפן מיט מיין משפחה, אין א פאר טאג ארום זיינען מיר צוריק אוועק נאך קאליש. דארט זיינען מיר שטארק פארפאלגט געווארן. די רוצחים האבן געשלאגן מכות רצח, ווען זיי האבן געכאפט א איד אָן א געלע לאטע. ווען זיי האבן געטראפן א איד מיט א בארד, האָבן זיי אונטערגעצונדן די באָרד, און געמאכט דערפון א קאָמעדיע. אזוי זיינען מיר געווען ביז נאוועמבער 1939, דאן האבן זיי ארויסגעטריבן די יידן פון די וואינונגען אין דער מארקהאלע, און פון דארט אוועקגעשיקט טראנספארטן נאך ריישע, קראקאוו, לובלין א.א.וו.

איך מיט מיין פרוי און קינדער זיינען ווידער אנטלאָפן קיין סטאווישין, און דארט זיינען מיר געווען ביז דעם 18.1.1940, אין דעם טאג האבן די דייטשע רוצחים פארזאמלט אלע אידן פון שטעטל און אונז געשיקט נאך קאליש אין דער בארימטער מארק־האלע. די קעלט איז דאן געווען שרעקלעך: 35 גראד פראסט. מען האט אונז ארויסגעיאגט רייניקן דעם שניי. קיין קלעפ האבן די רוצחים נישט געזשאלעוועט. די ענגשאפט איז געווען אומגעהויער. מיר זיינען געלעגן 6 פערזאן אין א ביידל, וואס האט געהאט אפשר 2 מעטער. ווען 3 זיינען געשלאפן האבן די אנדערע 3 געמוזט זיין אין דרויסן. אזוי זיינען מיר אפגעלעגן 6 וואכן.

דערנאך האבן זיי צוזאמענגענומען א טראנספארט און אונז געשיקט נאך לאדזש. מיר זיינען געפאָרן א גאנצן טאָג. פארנאכט זיינען מיר אָנגעקומען אויפן לאָדזשער באן־הויף, איז געקומען א באפעל: אין מינוטן איז אלעס אויסגעלאָדן! נו, קען זיך קיין מענטש נישט פאָרשטעלן וואָס דאָרט האָט זיך געטאָן, די פעק זיינען געפלויגן, די מענטשן זיינען געשפרונגען פון די וואגאָנען און ווען אלץ איז געווען אויסגעלאדן האבן די מערדערס געשריגן: אין 5 מינוטן ווערט אלעס איינגעלאָדן! און שוין האָבן זיי אָנגעהויבן קלאפן איבער די קעפ מיט גומי־שטעקנס. סוף־סוף זיינען מיר געבליבן אויפן באנהויף, אויף דער פריי, ביז 12 אזייגער ביינאכט.

דער לאדזשער יודענראט האט אונז נישט געוואלט אויפנעמען. מען האט אונז ווידער ארויף־געיאגט אויף לאסט־וואגאנעס און צוריקגעפירט. פארטאגס זיינען מיר געקומען נאך קאליש און מ׳האָט אונז צוריק אריינגעפאקט אין דער טרויעריק־באוווסטער מארק־האלע. דאן האָב איך שוין געזען אז קאמיטעט מענטשן, ימח שמם... (איך וויל נישט מעלדן זייער נאמען, זיי זיינען נישט ווערט, אז זייערע נעמען זאלן פיגורירן אין דעם בוך...) פירן געשעפטן. האב איך זיך געווענדעט צו איינעם פון זיי און האָב אים געגעבן פיל געלט און ער האָט אונז באזעצט אין לוסטיגס הויז ביים יידישן שפיטאל. דארט האט ער אריינגעקוועטשט 3 פאמיליעס מיט קינדער אין איין צימער, און פון דארט האט מען אונז גענומען צו דער ארבעט. דאן איז די גרויסע שול אין דער יידישער גאס שוין געווען אפגעברענט און מיר האבן געמוזט ארויסנעמען דאס האלץ וואס דארט האט זיך נאך געפונען. פון דער תלמוד תורה נעבן דער שול האבן זיי איינגעארדנט א שפיטאל פאר

אלטע און קראנקע קאלישער אנגעזעענע יידן, פרויען און מענער. קיין נעמען געדענק איך שוין נישט.

אין א געוויסער צייט האבן מיר געמוזט איבערטראגן די אלטע און קראנקע אויף נאווע 9 אין הויז פון ווארעצקי. דאָרט האָבן זיי איינגעאָרדנט דאס געטאָ קאליש. אין 4 הייזער האָבן זיי אריינ־געפאקט ביז 600 יידן... ביים איבערטראגן די אלטע און קראנקע אויף בעטלעך האבן מיר פיל פון די מענטשן שוין געברענגט אויפן ארט טויט. זיי זיינען שוין געווען אזוי שוואך, אז זיי האבן נישט אויסגעהאלטן דעם וועג...

ביז מערץ 1940 האבן זיי אונז געהאלטן — דאן האבן די קאמיטעט־מענטשן צוזאמענגענומען אלע אידן פון דער האלע, דאָרט זיינען געווען אידן פון סטאווישין, אָפאטוווק, קאָזשמינעק ווי אויך קאלישער וואס זיינען געווען אין לוסטיגס הויז און אונז אפטראנספארטירט נאך קאָזמינעק. דארט האבן זיי געמאכט א געטא. די פרויען מיט די קינדער זיינען געפארן און די מענער האבן געמוזט גיין א גאנצן וועג. עס איז געווען א שרעקלעכע פיין, מען האט אונז אויפן וועג געשלאגן.

אָנקומענדיק נאך קאָזשמינעק, האָבן זיי ווידער געשריגן, אז די אלע, וואָס האָבן געוואוינט אין קאליש, גייען צוריק. אין מיטן וועג איז ווידער אנגעקומען א רוצח און האט אונז ווידער צוריק־געיאָגט נאך קאָזשמינעק. און דאָס אלץ האָט איינגעאָרדנט דער אידישער קאָמיטעט, ווייל עס האָט זיי נישט געלוינט דאס געשעפט צו האלטן אלע יידן אין קאליש.

אין אייניקע חדשים שפעטער האט מען שוין געהערט אז די מערדער האבן אוועקגעשיקט די אלטע און קראנקע פון נאווע 9. זיי האבן געברענגט שווארצע געשלאָסענע אויטאס, דאס איבע־ריקע איז באקאנט. איך דערמאָן זיך איצט, אז אראנאָוויטש מיט זיין פרוי זיינען אויך דאָרט געווען, דאס זיינען די עלטערן פון ארנאלד. דאס האב איך זיך דערוווסט פון מיניא מאטושיאק. די טאָכטער פון די אראנאָוויטשעס. זי איז דאן אנטלאָפן נאָך קאָזשמינעק.

די אזוי גערופענע אקציע פון קאליש האט אויף אונז געמאכט א שרעקלעכן איינדרוק און דער פחד איז געווען זייער גרויס. מיר האבן זיך געפילט ווי עופות אין א שטייג וועלכע מ׳קוילעט אויס איינציקווייז...

אין חנוכה־צייט 1941 האבן די חיות אין מענטשלעכן געשטאלט צוזאמענגעטריבן אלע יידן פון קאָזשמינקער געטאָ אויפן שול־פלאץ און אריינגעטריבן אין שול, אלטע און קינדער. א שרעק־ליכער בילד האט זיך באוויזן פאר די אויגן. די ס.ס. באנדיטן האבן געשלאגן און געקלאפט מיט די קאלבעס פון די ביקסן איבער די קעפ. עס איז געווארן א גרויסע מהומה. זיי האבן אנגעטריבן א פולע שול מיט עלטערע מענטשן און קינדער. די געשרייען און גוואלדן זיינען געגאנגען ביז אונטערן הימל, ווייל אלע האבן געוווסט, אז פון דארט קומט שוין קיינער לעבעדיק נישט ארויס. די מענטשן זיינען דאָרט געלעגן א טאָג מיט א נאכט, באוואכט מיט ס.ס. די אידן פון דרויסן האבן צוגעטראגן עסן.

אויפן צווייטן טאג אינדערפרי זיינען געקומען די טרויעריח־באוווסטע שווארצע אויטאס און זיי האבן ארויסגעטריבן די מענטשן פון שול, אנגעפאקט א פולן אויטא. די מערדער האבן אריינ־געוואָרפן די אומשולדיקע קינדער, מוטערס און גאנצע פאמיליעס (ווען זיי האָבן גענומען עלטערן האבן זיך די קינדער, אפילו דערוואקסענע, אליין צוגעשטעלט) אין א גרויסן גרוב (דאס האבן מיר שפעטער געוואָר געוואָרן), ביז די שול איז לער געוואָרן. אין א פאָר טעג ארום האָבן די מערדער געבראכט א טראנספארט מיט קינדער פון קאליש.

עס איז נישט צו באשרייבן די פאניק און די שרעק, אונזער הארץ־ווייטיק. מיר האָבן שוין קלאָר געוווסט, וואָס דאָס באדייט...

אַזאַ טרויעריק בילד שטייט מיר נאך פאר די אויגן: עס איז אריינגעקומען דער געטא־קאמענ־דאנט, דער דייטשער מערדער, געלער ימח שמו, מיט א געפלאכטענער בייטש אין זיין לאפע אין שול, און האט געשמיסן איבער די קעפ פון די יידישע פרויען און קינדער. ווער עס איז ארויסגעלאָפן, האבן די ס.ס. אריינגעפאקט אין דעם פארשאלטענעם שווארצן אויטא. די מוטערס

און פאטערס מיט די קינדער זיינען געגאנגען צו דעם אויטא ווי פארהיפנאטיזירט, רעזיגנירט, און גלייכגילטיק צו אלעם.

מיר זיינען נאך געבליבן אין געטאָ־קאָזשמינעק און געארבעט ביז אפריל 1942. דאן האָבן די רוצחים צוזאמענגענומען אלע און געשיקט נאך קאליש און פון דאָרט צוזאמען מיט די קאלישער געשיקט א טייל נאך פויזן אין א לאגער. פון דאָרט איז קיין איד נישט געבליבן. אונז האט מען געשיקט אין געטאָ לאָדזש, און דארט האבן זיך ערשט אָנגעהויבן פרישע געבראָטענע צרות...




# פון קאליש קיין מיידאנעק




**פאלא סקורניק-טאמאשעווסקא**

יך בין אוועק צוזאמען מיט מיין גאנצער משפחה קיין ווארשע אין נאָוועמבער 1939. די קלאנגען וועגן דער גרויסער אקציע זיינען געוואָרן שטארקער פון טאָג צו טאָג. מיר האָבן פיבערהאפט אָנגעהויבן גרייטן א בונקער. געלט האָבן מיר געהאט ווייניק. ס׳זיינען נויטיק געווען פארבינדונגען, כדי צו שאפן פאכלייט. מיר האָבן געארבעט בלויז אין די נעכט. מיר האבן געגראָבן אינדערפינצטער ווי קרעטן, אָן דעם מינדעסטן רעש. ענדלעך האָבן מיר געענדיקט דאָס בויען דעם אונטערערדישן פאלאץ.

מיר האָבן געוואוינט אויף נאלעווקי 34 אין בראווערס הויף. מיין ברודער און מיין שוואָגער זיינען געווען לעגאל. זיי האָבן געהאט „אויסווייזן״. מיט אונז איז אויך געווען מאיר ווײַנשטיין פון קאליש. ער האָט געארבעט אלס „פלאצוווקאזש״ ביי די דייטשן אויף דער ארישער זייט. ער האָט אונז זייער געהאָלפן מיט מאטעריאל. מיין מוטער, איך און מיין ברודערס קינדער שמעון און אנולקא זיינען געווען „ווילדע״ — מיר האָבן זיך געדארפט באהאלטן. מיר האָבן געהאט א פארמאסקירט צימער. אויף דער טיר האָבן מיר אויפגעהאנגען פאַליצעס פון שטוב־כלים. אונטן איז געווען א רוק־פענצטערל, א סך מאָל אין טאָג איז מיין מוטער ארויסגעקראָכן דורך דעם פענצטערל, אָבער ביים מינדעסטן שאָרך האָט זי געדארפט צוריקגיין אין באהעלטעניש.

די אומגליקלעכע קינדער האָבן נישט געוואוסט פון זון, גרינס און פרייד. זיי מוזן זיין קלוג און זיי קענען דאָס געזעץ פון דער מלחמה. זיי קענען שווייגן. א העכערער קלאנג קען דערפירן צום אומגליק. כדי מיט עפעס זיי צו פארנעמען, האָב איך זיי געלערנט. איך האָב פאר זיי אויך געצייכנט, כדי צו אילוסטרירן מיינע רייד.

ערב יום־טוב איז געפאלן דער ערשטער שאָס פון הויז קעגנאיבער אונז, נאלעווקי 33. דער אויפשטאנד האָט זיך אָנגעהויבן. קיין שום שילדערונג וועט זיך מיר נישט איינגעבן. דאָס זיינען די שווערסטע זכרונות מיינע. דאָס איז געווען טויט אָן א סוף, קאַשמאר אָן אן איבעררייס. טאנקן, עראָפלאנען, באָמבעס, האנטגראנאטן, פייער און צום סוף — גאז. יעדער ווידערשטאנד איז פון אָנהויבאָן געווען פארמשפט אויף אן דורכפאל. מ׳האָט געקעמפט פארן פון מענטשן, מ׳האָט נישט געוואָלט גיין ווי די שאָף צו דער שחיטה.

דעם סדר האָבן מיר אָפגעריכט אין בונקער. מיר האָבן געהאט א פיינעם רעזערוו פון שפייז, וואסער, באלויכטונג, אָבער דער שטח איז געווען צו קליין פאר די 20 אָנוועזנדיקע. כדי צו בארואיקן די קינדער אין זייער שרעק, האָב איך זיי שעפטשענדיקערהייט דערציילט מעשהלעך. די איינציקע טיר אין באלקן פונעם בונקער האָט געפירט צו א ליידיקן פאפיר־מאגאזין. ביינאכט זיינען מיין ברודער און מאיאָרעק ארויסגעגאנגען כדי צו שטעלן זיך אויף דער וואָך. זיי האָבן אויך געזוכט א קאָנטאקט מיט א וואָסער ס׳איז קעמפנדיקער גרופע. איידער זיי האָבן באקומען די ערשטע ידיעות, איז דערווייל געשען דאָס אומגליק.

אינדערפרי איז שטיל געוואָרן דאָס גערויש פון דער שלאכט. מיר האָבן דערהערט א מאָדנע געפליסטער וואָס איז אלץ שטארקער געוואָרן. פלוצים האָב איך דערהערט מיין ברודערס שטימע: „שטיל, אָן פאניק, דאָס הויז איבער אונז ברענט״. דורך דער עפענונג אין באלקאָן פון בונקער האָט אָנגעהויבן ארייננדרינגען דער רויך. מיין ברודער האָט דער ערשטער געוואָלט ארויסשפרינגען פונעם בונקער, אָבער דאָס פייער האָט זיך צעהוליעט מיט דער גאנצער קראפט און נישט געלאָזט אדורך. לופט איז געוואָרן ווייניקער, די שטיקעניש אין בונקער איז שטארקער געוואָרן. דאן האָבן מיין ברודער און מאיאָרעק באשלאָסן אויפצוברעכן מיטן שווערן אייזערנעם שטאנג, וואָס איז צוגעגרייט געוואָרן אויף פארטיידיקונג, א טיר אין וואנט, כדי צו אנטלויפן. עס איז דאָך בעסער צו פאלן פון א קויל איידער פארברענט צו ווערן לעבעדיקערהייט.

מיר האָבן זיך געביטן ביים קלאפן מיטן שטאנג. עטלעכע מענטשן האָבן געחלשט פון

דערשטיקעניש. ענדלעך האָבן מיר דורכגעבראָכן אַן עפענונג אין דער וואַנט. דורך דער עפענונג אין באַלקן האָט שוין אָנגעהויבן דורכצורייסן זיך דאָס פייער. אינעווייניק איז שוין נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. די פרומע האָבן אָנגעהויבן זאָגן ווידוי. מיין ברודער האָט אָנגעוואָרפן אַן אייזערנע דיסציפּלין: די ערשטע זאָלן אַרויסגיין די קינדער און די פרויען, נאָך זיי די מענער, און די לעצטע — ער און מאַיאָרעק. מיר זיינען אַרויס און זיך באַטראַכט ווי ניצול געוואָרענע. קיין דייטשן זיינען דאָרט נישט געווען. דאָס הויז איז אינגאַנצן פאַרברענט געוואָרן. פאַרביי פאַרקוילטע באַלקנס, נעבן איינגעפאַלענע ווענט, אָן עסן, אָן וועש, זיינען מיר אַנטלאָפן, זוכנדיק אַ צייטווייליקע באַהעלטעניש.

מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן ביי אַ קעלער. דאָרט האָב איך דערזען אַ בילד, וואָס איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן. אויף דער פּאָדלאָגע איז געלעגן אַ מיידל מיט אַ פּנים, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ שוידער. אירע באַקן זיינען געווען פאַרברענט. ז׳ האָט נישט געהאַט קיין אויגן, קיין מויל, און אינגאַנצן איז זי געווען באַדעקט מיט בראַנד־וואונדן. נעבן איר האָט געקניט איר חתן און געשעפּטשעט ווערטער פון ליבשאַפט. ער האָט געבעטן אונזער הילף, כדי צו פאַרלייכטערן אירע גסיסה־יסורים. איך האָב אים געגעבן אַ פּודעלע קרעם, וועלכע כ׳האָב געהאַט אין קעשענע. איך האָב געוואוסט אַז דער זאַלב קען נישט העלפן.

נאָך עטלעכע טעג אַרומבלאָנקען איז מיין ברודער געלונגען אָנצובינדן אַ קאָנטאַקט מיט דער קאַמפּס־גרופּע פון לעאָן ראובן וואָס האָט זיך געפונען אין אַ פליגל פון אַ הויז אויף פראַנטשישקאַנסקע־גאַס 22. דאָס איז געווען אַ באוואָפנטע גרופּע, וואָס האָט געהאַט אַ קאָנטאַקט מיט דער אַרישער זייט. מיר האָבן איינגעשטעלט דיזשורן. מיר האָבן געקאָכט געמיינזאַמע מאָלצייטן פון די פּראָדוקטן, וואָס מיר האָבן באַקומען ביינאַכט. מיר האָבן זיך פאַרנומען מיט די קראַנקע און פאַרוואונדעטע. מיר האָבן געהאַט צרות פון די ס.ס.־גרופּן, וועלכע האָבן געזוכט באַהאַלטענע אידן. דעם רוקזאַק מיט אונזער גאַנץ פאַרמעגן האָבן מיר געהאַלטן נעבן זיך. אויף די העלזער פון די קינדער האָבן מיר אָנגעהאַנגען טרויעריקע געבורט־שיינען — דעם נאָמען, פאַמיליע־נאָמען, דאַטע פון געבוירן — אין דער האָפענונג, אַז ס׳וועט זיך געפינען אַ רעטער און אויסלייזער.

דער פּחד האָט מיך אויסגעשעפּט. איך האָב אָנגעטאָן דעם רוקזאַק און איינגעדרימלט זיצנדיקערהייט. אין אַ ווייל אַרום זיינען אָנגעקומען אונזערע אויסשפּירער און דערציילט, אַז מיר זיינען אַרומגערינגלט פון די דייטשן. קעגנשטעלן זיך האָט נישט קיין שום זין. מ׳דאַרף זיך אונטערגעבן. טייל האָבן געזאָגט, אַז מ׳דאַרף קעמפן און פאַלן מיטן געווער אין האַנט, אָבער די מערהייט האָט געהאַט אילוזיעס, אַז דעם וועלט־אידנטום וועט זיך איינגעבן צוווירקן אויף די רוצחים און מיר וועלן נישט אומקומען. מיר האָבן זיך אונטערגעגעבן אָן איין שאָס.

זיי האָבן אונז אַוועקגעפירט אין הויף אויף פראַנטשישקאַנסקע 20 און אונז געהייסן אויס־דרייען זיך צו דער וואַנט. מיר האָבן געוואַרט אויפן לעצטן זאַלפּ. פּלוצים איז אָנגעלאָפן אַ דייטשער שליח און דערלאַנגט דעם קאָמענדאַנט פון דער שיסער־אָפּטיילונג אַ צעטל, ווייזט אויס אַ טעלעגראַמע אויפצוהאַלטן דאָס אויספירן די עקזעקוציע. די דייטשן האָבן געמאַכט אַ רעוויזיע אין אונזערע זאַכן. איך האָב באַהאַלטן אַ בריליאַנט און פאַר דעם חטא האָב איך באַקומען מיט דער קאָלבע אין דער זייט (ביז איצט טוט מיר נאָך ווי דאָס אָרט). דאַן האָט מען אונז אָפּגעפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ. ווייזט אויס, אַז מיר זיינען געווען די ערשטע גרופּע ווידערשטעענדלער, וואָס איז נישט דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט.

דאָס פאָרן אין די וואַגאָנען איז אַ קאָשמאַר פאַר זיך. ווען דער צוג האָט פאַרפאַמעלעכט דעם גאַנג, האָבן מיר באַשלאָסן אַרויסצוּוואַרפן די קינדער, אָבער מיין ברודער האָט פאַרפּעלט מוט דאָס צו טאָן. ער האָט נאָך געגלויבט, אַז ער וועט זיי אָפּראַטעווען. צונויפגעדרענגטע, הונגעריקע, פאַרמאַטערטע און אַדורכגענומענע מיט טויטשרעק זיינען מיר געפאָרן אין דער אומבאַוואוסטקייט. מיין ברודער און מאַיאָרעק האָבן אויפגעריסן צוויי ברעטער, און אין דער עפענונג האָט מען געקענט שפּרינגען (אויפן דאַך זיינען געזעסן באַוואָפנטע דייטשן). זיי האָבן מיך צוגערעדט, אַז מיר זאָלן שפּרינגען צוזאַמען, ווייל מיר זיינען דאָך די יינגסטע אין דער גרופּע. אָבער איך האָב זיך נישט געקענט באַשליסן צו שיידן זיך מיט דער מוטער.

א סך פון די פארשפארטע אין אונזער וואגאָן האָבן נישט דערגרייכט צום סוף פון דער רייזע. ווען דער צוג האָט זיך פארהאלטן ביי זיין ענדציל, האָט מען ארויסגעשלעפּט די לעבעדיקע אין זיי אוועקגעפירט קיין מאידאנעק. די אויסגעשעפּטע, וועלכע האָבן נישט געקענט גיין, האָט מען דערמאָרדעט אויפן אָרט. אויך אין דעם גן־עדן מיטן נאָמען מאידאנעק האָט מען אונז נישט תיכף אריינגעפירט. א גאנצע נאכט איז מען געשטאנען מחוץ פון די שטעכלדראָטן אונטער א שטרענגער וואך. אינדערפרי איז געוואָרן הייס און דער דורשט האָט אונז געמאטערט. אן סס.־מאן האָט אונז געהייסן צוגיין צום קראן. ווער ס'האָט אים געגלויבט און צוגעגאנגען טרינקען, איז דערשאָסן געוואָרן, אָדער באקומען קלעפּ.

דאן האָבן די דייטשן באפוילן אז די פרוי'ען און קינדער זאָלן אוועק אין א זייט. ס'איז לייכט זיך פאָרצושטעלן דעם ווייטיק פון אונזער צעשיידונג. מ'האָט זיי אוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון די קרעמאטאָריעס. אין יענער צייט האָבן מיר שוין גוט געוואוסט צו וואָס זיי נוצן. נאָך עטלעכע שעהן, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי אן אייביקייט, האָבן מיר באמערקט פון דער ווייטנס, ווי עס קערן זיך אום מוטערס מיט זייערע קינדער. ווי א בליץ האָט זיך אָנגעצונדן אונזער האָפנונג, אז מ'וועט אונז לאָזן לעבן.

אָבער אויך דאָס מאָל האָט מען אונז אָפּגענארט. מ'האָט גערופן די איינזאמע פרויען. איך בין געגאנגען אין איין ריי מיט מיין מוטער און מיין מומע מעסינג. זיי האָבן געגלויבט, אז אויב מ'האָט נישט אומגעבראכט די קינדער, וועלן אפשר מיר אויך בלייבן לעבן. מיר זיינען געשטאנען אויף א גענוג ווייטן שטח פון באד־צימער. מיט א מאָל בין איך אויפמערקזאם געוואָרן אויף א פארדעכטיקער באוועגונג אין די ערשטע רייען. דאָס האָט פארשטארקט מיין וואכזאמקייט.

ווען ס'איז געקומען אונזער ריי אריינצוגיין אין באָד, האָט דער ס.ס.־מאן אונז פונאנדער־געשיידט. מיך האָט ער געוועגדט אויף רעכטס, דאקעגן מיין מוטער און די מומע — אויף לינקס. איך האָב פארשטאנען, אז זיי האָט מען געשיקט צום טויט, און מיך — אויף ארבעט. עפּעס האָט אין מיר זיך איבערגעבראָכן. איך האָב פארלוירן יעדן חשק צו לעבן אָן מיין מוטער. איך האָב געוואָלט זיין מיט איר ביי איר אומקום, אין יענע זיבן שרעקלעכע מינוטן פון דערשטיקט ווערן. מיט א שנעלער באוועגונג האָב איך זיך פאראייניקט מיט דעם קומענדיקן דריטל און איך בין מיטגעשלעפּט געוואָרן אין דער ריכטונג צו מיין מוטער. אָבער דער תלין האָט זיך געכאפּט און צוגענומען ביי מיר דאָס רעכט אליין צו נעמען זיך דעם טויט. ער איז מיר נאָכגעלאָפן, מיך געכאפּט און געוואָרפן מיך אין לעבן פון פיין און יסורים.

נאָך מיידאנעק בין איך געווען אין אנדערע לאגערס, אין סקאזשיסקא, אין פלעצערי ביי טשענסטאכאָוו, אין האסאג, וואו איך האָב געארבעט אין דער געווער־פאבריק.

איך בין באפרייט געוואָרן דעם 17 יאנואר 1945. ווען די קאָמוניקאציע איז באנייט געוואָרן, האָב איך זיך אומגעקערט קיין קאליש.



# געטא קאזשמינעק



## פאבעק שווארץ

יך בין א סטאווישינער. דעם 12־טן יאנואר 1940, אכט א זייגער אין דער פרי, האָט זיך בליץ־שנעל פארשפרייט די ידיעה, אז אלע אידן דארפן זיך זאמלען אין דער „פאָווישעכנער שקאָלע״ און פון דאָרט וועט מען זיי אוועקפירן אין אן אומבאקאנטער ריכטונג. ווען מיר זיינען אהין אָנגעקומען, האָט מען ביי אונז דורגעפירט אַ שטרענגע רעוויזיע, וואָס האָט געדויערט די גאנצע נאכט. צו מאָרגנס האָט מען אונז אין דייטשע לאסט־אויטאָס אָפּגעפירט אין דער ריכטונג צו קאליש. אין קאליש האָט מען אונז געבראכט אין דער מארק־געביידע. ביז 1939 האָט די געביידע געהערט צו א איד, איצט איז זי געוואָרן א געטאָ פאר די אידן פון אָסטרווו, קאַזשמינעק, סטאווישין און אומגעגנט.

אין דער מארק־געביידע האָט מען אונז געהאלטן אכט טעג, און פון דאָרט האָט מען אונז געשיקט קיין לאָדזש. ווען מיר זיינען אָנגעקומען אויף דער סטאציע קאליסקי אין לאָדזש, האָט מען אונז געהייסן ארויסגיין אויפן פעראָן. דאָס איז געווען דעם 28־טן יאנואר, א מוראדיק

א וועג אין קאַזשמינעק

פראַסטיקער טאָג. ביז 8 ביי נאכט האָבן מיר, אלטע לייט, פרויען און קינדער, געמוזט דאָרט שטיין. דאַן איז געוואָרן באוווסט, אז מיר פאָרן צוריק קיין קאליש. מיר האָבן געמיינט, אז יעדער פאָרט צו זיך אהיים, די אנטוישונג איז אָבער געווען א ביטערע.

מען האָט צוריקגעפירט אין דער מארק געביידע, ווו מיר האָבן זיך געפונען ביזן 15טן פעברואר 1940. אין יענעם טאָג האָט מען אונז אָנגעלאָדן ווי בהמות צו דער שחיטה און אוועקגעפירט קיין קאָזשמינעק, 22 ק״מ פון קאליש.

אין קאָזשמינעק זיינען געוואָרן קאנצענטרירט אלע אידן פון דער סביבה און מ׳האָט זיי צעזייט איבערן שטעטל. אָבער דאָס גליק האָט לאנג נישט געדויערט. אין אָקטאָבער 1940 האָט גאַוּ־לייטער גרייזער באפוילן צו איזאָלירן די אידן אין א געטאָ. דער באפעל איז געוואָרן אויסגעפירט. די דייטשן האָבן באשטימט פארן געטאָ די סאמע קלענסטע און שמוציקסטע גאס. דאָרט האָט זיך אויך געפונען די שול. צום סוף יאָר האָבן אלע אידן שוין געוווינט הינטער די שטעכלדראָטן.

אין געטאָ איז געשאפן געוואָרן א יודענראט, וואָס איז באשטאנען פון ברוטאלע און קולטור־לאָזע מענטשן, פינצטערע געשטאלטן, וואָס האָבן געלעבט אויף יענעמס חשבון. מיט זייערע מעשים האָבן זיי דערפירט צום אומקום פון הונדערטער פאמיליעס. איך וועל זיך דערלויבן אָנצורופן די נעמען פון צוויי: שמואל דדועק, א סטאַווישינער געבוירענער, דער באקאנטער וויצע־פרעזעס, און יצחק האפטקע, א קאָזשמינקער, וואָס האָט זיך בארימט געמאכט בעת די סעלעקציעס.

אין געטאָ זיינען פארשפארט געוואָרן ארום 1500 פערזאָן, פון זיי האָט מען 100 יונגעלייט געשיקט קיין אָפּאטוועק, א 12 ק״מ פון געטאָ. דאָרט איז געשאפן געוואָרן אַן ארבעטסלאגער אונטער דער אָנפירונג פון א דייטשן קאָמיסאר פון רייך. 10 מענטשן האָט מען אוועקגעשיקט קיין קראָוויצא, 6 ק״מ פון אָפּאטוועק. אין מיטן 1940 איז אָנגעקומען א נייער טראנספּאָרט קרבנות פון כאָטש און פון דערבייאיקע דערפער.

אין געטאָ זיינען אנטשטאנען ווארשטאטן פון שניידעריי, שוסטעריי, הילצערנע טרעפּעס א.א.וו. אלס אויפזעער פון געטאָ איז באשטימט געוואָרן א פאָלקסדייטש פון כאָטש, ביכלער, א רשע מרושע. פאר דער מלחמה איז ער געווען א בעזעם־מאכער. איצט האָט ער באקומען די געלעגנ־הייט צו שלאָגן אידן.

אזוי זיינען אדורך 11 חדשים „בשלום״.

דעם 28־טן נאָוועמבער 1941 וועל איך קיין מאָל נישט פארגעסן. ס׳איז געווען 6 אזייגער אינדערפרי. דורכן פענצטער האָב איך געהערט די טריט פון א אידישן פּאָליציאַנט. ער האָט געשריגן: אין א פערטל שעה ארום זאָלן אלע זיין ביי דער שול. איך האָב פארשטאנען, וואָס עס גרייט זיך. איך האָב באטראכט די צוים פון געטאָ. זי איז געווען ארומגערינגלט מיט זשאנ־דארמען. אויף יעדן 10 מעטער איז געשטאנען א באוואָפנטער זעלנער. ס׳איז נישט געווען קיין שום האָפענונג זיך צו ראטעווען.

אזוי האָט זיך אָנגעהויבן דער חורבן פון געטאָ קאָזשמינעק. די אידישע פאָרשטייער האָבן צונויפגעשטעלט ליסטעס, אין וועלכע מ׳האָט פארשריבן לויט דער ריי: אלטע, שוואכע, קראנקע און קינדער ביז 15 יאָר. דאָס שוידערלעכסטע בילד האָט זיך אָפּגעשפּילט ביים ארויסשיקן די קינדער. דער נאצישער מאסן־מערדער, געלער, דער געטאָ־אינספּעקטאָר, האָט באוויזן זיינע סאדיסטישע אינסטינקטן. פון די 1500 מענטשן האָט מען ארויסגעריסן 600, געבליבן זיינען בלויז די ארבעטספעיקע.

א גרויסע שולד פון די קרבנות בעת יענער סעלעקציע ליגט אויף די פאָרשטייער פון יודענ־ראט. זיי האָבן די גזירה אויסבאהאלטן פארן כלל.

דעם 2־טן דעצעמבער 1941 האָט מען אין קאָזשמינקער געטאָ געבראכט די לעצטע אידן פון שפּיטאָל. מען האָט זיי צוגעזאָגט גוטע וווינונגס־באדינגונגען, אָבער דער שווינדל איז באלד געוואָרן אויפגעדעקט. מ׳האָט זיי ארויסגעשיקט צוזאמען מיט די 600 אידן פון קאָזשמינעק. אזוי ארום האָבן די מערדער אומגעבראכט 750 נפשות. דעם טראנספּאָרט האָט מען געשיקט אין

דער ריכטונג צו גאָלכאָוו. די שוואַרצע פאַרחתמעטע אויטאָס זיינען פאַרביי געפאָרן פלעשעוו, כעלמנאָ, קאָלאָ.

דעם 18־טן מאַי 1942 האָט מען ווידער באַפוילן די אידן צו זאַמלען זיך פאַר דעם שול. אַלע אַקציעס און סעלעקציעס האָבן די דייטשן קאָנצענטרירט ביי דער שול. ווידער האָט מען געשיקט אין דער ריכטונג פון פויזן 100 פערזאָן פון דער קליינעם געטאָ, צווישן זיי אַ סך פרויען און יונגע מיידלעך. ווידער האָט מען צעשיידט קינדער מיט עלטערן. די געבליבענע אין געטאָ אידן האָבן געגלויבט, אַז זיי וועט מען איבערלאָזן אויפן אָרט. אָבער אויך דאָס מאָל האָבן זיי זיך אַנטוישט.

זעקס וואָכן נאָכן אַרויסשיקן דעם לעצטן טראַנספּאָרט צו די פויזנער לאַגערס איז געקומען קיין קאָזשמינעק אַ באַפעל צו ליקווידירן דאָס געטאָ. אַלע אידן דאַרפן אַרויספאָרן קיין ליצמאַנשטאַט (לאָדזש). און דאָס איז געווען דער סוף פון געטאָ קאָזשמינעק.

מאָסבורג 13.9.1946



# אין אוישוויץ און צוריק



**משה בלאשקאווסקי**

ון יאר 1939 חודש סעפּטעמבער בין איך ווי אנדערע אריינגעצויגן געוואָרן אין פּוילישן מיליטער אלס מאָביליזירטער אין דער שטאָט קאָניך, וווּ כ'האָב זיך געטראָפן מיט נאָך צוויי קאַלישער, שלמה בלאַנקראַט, און מאיר וואַקערמאַן. באַלד האָב איך זיך געפונען אין דער ערשטער ליניע אויפן פראָנט ווו די היטלעריסטישע באַנדעס האָבן געווילדעוועט. און נאָך אַ גרויסן קאַמף פון פּוילישן און דייטשן מיליטער האָב איך די צוויי קאַלישער פאַרלוירן, און אַליין גענומען געוואָרן אין דייטשן געפאַנגענשאַפט — הינטער וואַרשע ביי זשיראַרדאָוו. פון דאָרט בין איך געשיקט געוואָרן פון לאַגער צו לאַגער ווי: בלוינע, ראַווע מאַזאָוויעצק און סקערניעוויץ. דאָ האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע קאַלישער, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אין לאַגער צוזאַמען. דאָס זיינען געווען בעניעק דזשאַלאָ־שינסקי, אַבראַהם גאָלדשטיין, יורעק אָקאָנאָווסקי, יוסף קאָהן א.אַ. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען און געטיילט זיך אין פריידן און אין ליידן. פון סקערניעוויץ האָט מען אונז געשיקט נאָך דייטשלאַנד אויף אַרבעט, און וואו מיר זיינען געשיקט געוואָרן זיינען מיר געווען צוזאַמען.

אין חודש מערץ 1940 זיינען מיר באַפרייט געוואָרן און דעמאָלט זיינען מיר זיך צעגאַנגען, יעדער אין זיין ריכטונג ווו ער האָט געהאַט זיינע נאָענטסטע, ווייל אין קאַליש האָט שוין קיינער נישט געהאַט וואָס צו טאָן. כמעט אַלע זיינען געוואָרן אויסגעזידלט. איך האָב אָנגעהויבן זוכן מיינע נאָענטסטע. איך בין געפאָרן קיין וואַרשע, ווו איך האָב געטראָפן אַ גרויסע טייל פון די קאַלישער יידן, וועלכע האָבן שוין געפילט דעם שרעקלעכן טעם פון היטלעריזם. אין וואַרשע האָב איך געפונען אַ טייל פון מיין משפחה, וועלכע האָבן מיר דערקלערט, אַז מיין פרוי געפינט זיך אין זשעשאָוו. איך האָב זיך געלאָזט אין וועג נאָך ריישע (זשעשוו) איבער טשענסטאָכאָוו, ווו איך האָב אויך געטראָפן אַ קליינעם טייל קאַלישער, איבער קראָקע ווו כ'האָב אָנגעטראָפן אַ גרעסערע צאָל קאַלישער, וועלכע זיינען געשטאַנען ביי דער יידישער געמיינדע אין די רייען נאָך אַ ביסל וואַרעמס. קומענדיק קיין ריישע, האָב איך ענדלעך מיין פרוי געטראָפן און אויך אַ גרעסערע צאָל קאַלישער, וועלכע זיינען אויסגעזידלט געוואָרן פון קאַליש (מיט דעם לעצטן טראַנספּאָרט) נאָך ריישע און די אומגעגנט.

פון די קאַלישער געדענק איך נעמען, וועלכע האָבן גענומען אַנטייל אין יידישן ראָט, וועלכע האָבן זייער פיל געטאָן און געהאָלפן זייערע קאַלישער. דאָס זיינען געווען לייביש יאַקובאָוויטש און וואַרשאַווסקי, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט ביזן היינטיקן טאָג אַ גוטן נאָמען.

נישט גוט האָט זיך אויפגעפירט לעאָן קאָהן און ניטקע, וועלכע זיינען געווען עלטסטע פּאָליציאַנטן און אַלס אַזעלכע האָבן זיי נאָר בלאַמירט די קאַלישער אידן.

אַרבעטנדיק אין מיל, וואו איך האָב געאַרבעט און פאַרדינט, בין איך איינמאָל אוועקגעריסן געוואָרן פון דער אַרבייט דורך די ס.ס. און געסטאַפּאָ, און געשיקט געוואָרן אין לאַגער קיין פּוסטקאָוו. פון דאָרט בין איך דעם צווייטן טאָג אַנטלאָפן און צוריק קומענדיק בין איך גלייך מיט מיין פרוי אוועק אין דאָרף און דאָרט זיך באַזעצט. אויך אין דאָרף בין איך געכאַפּט געוואָרן און נאָך אַמאָל געשיקט געוואָרן אין לאַגער קיין נאָווע־סאַנטש. פון דאָרט נאָך צוויי וואָכן בין איך ווייטער אַנטלאָפן, און נאָך 7 חדשים ווער איך פון דער היים דורך פּוילישע פּאָליציאַנטן צוגעשטעלט אין אַרבייטס־אַמט, ווו איך בין ווידער געשיקט געוואָרן אין לאַגער קיין פּוסקאָוו.

קומענדיק אין לאַגער האָב איך ווידער אָנגעטראָפן אויף קאַלישער ווי: אַבראַהם אַראָנאָוויטש, משה אַראָנאָוויטש, לייביש יאַקובאָוויטש מיט זיין ברודער און זון, קיווע לאַנדאָווסקי, קליינמאַן א.אַ. מיר האָבן אַדורכגעמאַכט זייער שווערע צייטן — ביז 1944. און כאַראַקטעריסטיש, ווו ס'זיינען געווען קאַלישער איז אריינגעבראַכט געוואָרן לעבן, פאַראינטערעסירונג און זיי האָבן זיך אויך אויסגעצייכנט מער ווי אַנדערע פון אַנדערע געגנטן.

אין יוני 1944 האט מען אונז אוועקגעפירט קיין אשוויענטשים (דארט האבן מיר געטאפט יענע וואנט) און מיר האבן געזען, אז מיר זיינען פארלוירן, האבן מיר זיך אלע אויפגעגעבן אלס עלעקטראָמאָנטערן און אזוי ארום זיינען מיר געשיקט געוואָרן קיין דייטשלאנד אויף ארבעט אין דער שטאט גלייוויץ. דארט זיינען מיר געווען 7 חדשים אין א ביסעלע בעסערע באדינגונגען, אין א פאבריק פון אמוניציע. דארט האבן מיר אויך געפירט אונטערערדישע ארבייט און אויך סאבאטאזש.

און אזוי ווי די סאָוויעטן האבן זיך דערנענטערט, זיינען מיר עוואקואירט געוואָרן ווייטער נאָך בלעכהאמער. טרייבנדיק אונז ווי די שעפסן, אין די גרעסטע שנייען, אין גרויסע פרעסט, זיינען אויפן וועג געפאלן א סך יידן, דערונטער א גרעסערע טייל קאלישער און איינזעענדיק אז מיר זיינען פארלארן האבן מיר נישט געהאט וואס צו פארלירן און ריזיקירן, האבן מיר זיך אפגעזעדט אויף 1 אזייגער ביינאכט, צווישן וועלדער זיינען מיר זיך צעלאָפן.

א טייל זיינען געשאסן געווארן, א טייל האט זיך צוריקגעהאלטן און די וואס זיינען ארײַן אין וואלד האבן זיך אזוי ארום געראטעוועט. און ווען ס'איז טאג געווארן האבן מיר ערשט געזען וועך עס פעלט און ווער ס'איז געבליבן. פון אלע קאלישער זיינען מיר געבליבן 3 פערזאן: אברהם אראנאוויטש וואס געפינט זיך היינט שוין אויף ציפערן, קיווע טאנדאווסקי און איך, וועלכע געפינען זיך היינט אין קאליש.

אין וואלד ווו מיר האבן זיך געפונען האבן מיר זיך אנגעבונדן אין א גרופע פארטיזאנער און נאך עטלעכע טעג זיינען מיר ענדלעך דורך די סאוועטן באפרייט געווארן. מען קען זאגן דורך א צופאל.

נאָך אזעלכע שווערע איבערלעבענישן, און שווערע צייטן, זיינען מיר ענדלעך אָנגעקומען צו פוס אין אונזער שטאט קאליש, ווו מיר האבן קיינעם פון דער משפחה נישט אנגעטראפן און דאָך האָט זיך נאך געפונען א ביסל ענערגיע און טופעט און מיר האָבן זיך גענומען צו דער ארבעט. קיווע טאנדאווסקי איז היינט אין קאליש אן אגראראמאן, א אידישער פויער אויף ווירטשאפט, און איך ארבעט פון דער ערשטער מינוט אָן אין אידישן קאָמיטעט אלס סעקרעטאר.

דער איינציקער חלום אין די לאגערן איז געווען, דערלעבן די מפלה פון היטלעריסטישן פאשיזם. מיר האבען עס דערלעבט.




# אין שטאָט און אין דער סביבה



**משה יאַקובאָוויטש**

ד י שטעט אין דער פּויזנער סביבה, וואָס איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין רייך, זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געדאַרפט ווערן „יודענריין". קאַליש און בלאַשקי זיינען ווידער געווען די ערשטע, פון וואַנען די אידן זיינען געוואָרן אויסגע־וואָרצלט אויף א צוואַנגס־אופן, לויט א פון־פאַראויס צוגעגרייטן פּלאַן.

ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָבן געוואוינט אין קאַליש אַרום 33 טויזנט אידן. די שטאָט איז זייער א שיינע. זי שטייט אויפן טייך פּראָסנע, וואָס רינגלט זי אַרום און שניידט זי איבער עטלעכע מאָל. דערפאַר האָט מען קאַליש אָנגערופן „דאָס קליינע ווענעציע". די אידישע באַפעל־קערונג איז געווען זייער א לעבהאַפטע, דער עיקר די יוגנט, וועלכע איז אין איר מערהייט געווען אַן אינטעליגענטע. אין שטאָט האָבן זיך געפונען א סך אָרגאַניזאַציעס, ספּאָרט־קלובן און אַנדערע פאַרבאַנדן.

אין שטאָט איז געווען א שיינע שול, אָבער עטלעכע חדשים נאָכן אָקופּירן די שטאָט, האָט מען זי צעשטערט, כדי אויסנוצן דעם בוי־מאַטעריאַל. די צוויי בית־עלמינס, דער אַלטער פון 16־טן י. ה. און דער נייער, זיינען צעשטערט געוואָרן און פאַראַקערט געוואָרן אין קומענדיקן יאָר. אין שטאָט האָבן זיך געפונען אידישע שולן און א גימנאַזיע, א אידישער שפּיטאָל, אידישע יתומים און זקנים־היימער און א אידיש טעאַטער.

דער עיקר פּרנסה פון די אידן איז געווען די שפּיצן־אינדוסטרי. קאַליש איז געווען די וויכטיקסטע שטאָט פון דער שפּיצן־פאַבריקאַציע. אויפן צווייטן אָרט פון די אידישע פּרנסות זיינען געווען מסחר און מלאכה. די אידישע באַפעלקערונג איז געווען גענוג פאַרמעגלעך.

מיטן אויסברוך פון דער מלחמה איז די מערהייט אידן אַנטלאָפן אויף מזרח, צוליבן פּחד פאַר דער היטלער־אַרמיי. די לויף־בהלה האָט כמעט פּאַראַליזירט די קאָמוניקאַציע. דאָס דייטשע מיליטער האָט, פאַרשטענדלעך, איבערגעיאָגט אַלע לויפערס. שפּעטער האָבן די מערסטע פון זיי זיך געמוזט אומקערן, אָבער א סך האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן קיין רוסלאַנד.

באַלד האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן מענער, וועלכע מ'האָט באַפוילן באַגראָבן די מתים, רייניקן אויטאָס א. א. וו. נאָכן ענדיקן די אַרבעט פלעגט מען די מערסטע פון די אַרבעטער, „די מלחמה־שולדיקע", אוועקפירן אין וועלדל פון ווינּיאַרי, וואו מ'האָט זיי דערשאָסן און באַגראָבן אין די קברים, וואָס זיי אַליין האָבן פאַר זיך געגראָבן.

די אידן פלעגן נישט אַרויסגיין אין גאַס, נאָר זיך אויסבאַהאַלטן פאַר די דייטשע פאַרפאָלגער. אָבער די דייטשן האָבן געפונען א מיטל ווי אַזוי צו אַנטדעקן אידן. פאַר א פּאָר פּעניג פלעגן די פּוילישע יינגלעך אָנווייזן אויף די אידישע דירות. ביים זוכן אידישע אַרבעטער האָבן די דייטשן דערוויייל פאַרהאַלטן שיינע אידישע מיידלעך, פאַרמאַכט זיי אויף עטלעכע טעג אין ליידיקע דירות, אָן עסן, און דערנאָך געשיקט אהין זעלנער אויף צו פּייניקן זיי. על פּי רוב איז דאָס לעבן פון די מיידלעך געוואָרן פאַרענדיקט מיטן שפּרינגען פון דריטן שטאָק אָדער מיט א שאָס פון א דייטשער צעיושעטער בעסטיע.

אין עטלעכע טעג אַרום איז געשאַפן געוואָרן דער אידישער קאָמיטעט. נאָך אַן אָפּצאָל פון א גרויסער קאָנטריבוציע און צושטעלן צוויי טויזנט אַרבעטער טאָגטעגלעך, האָבן די אָבלאַוועס אויף אידן זיך אָפּגעשטעלט, אָבער די אידישע באַפעלקערונג האָט ווייטער געלעבט אין שרעק און געווען אומזיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג.

די היטלער־פּענער האָבן געפלאַטערט איבער דער שטאָט. יעדע פריילעכקייט איז פאַר־שוואונדן. אויף די פּנימער איז נישט געווען צו זען קיין שמייכל. געבליבן איז בלויז די בלייכקייט און די אימה אין די אויגן. געבויגענע, ווי שאָטנס, זיינען אידן אַדורך די גאַס. נאָך עטלעכע



א גאס אין געטאָ קאָזשמינעק

וואָכן האָט מען אונז געצוואונגען אָנצוטאָן דעם געלן באַנד. אין דעצעמבער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ארויסטרייבן די אידן. אויסגעפירט איז דאָס געוואָרן דורך געסטאַפּאָ און ס.ס.

אין דער מארק־געביידע האָט מען פארזאמלט די אידן. פון דאָרט האָט מען זיי אין קעלט און אין שניי געפירט אויף דער באַן־סטאַציע און אָנגעלאָדן זיי אין אָפענע פראכט־וואַגאָנען. די נסיעה איז בכוונה פארלענגערט געוואָרן דורך די דייטשן, דורך אויפהאלטן זיך אויף זייטיקע סטאַציעס. אלע זיינען געווען אויסגעשעפּט פון הונגער און פון קעלט, וואָס איז געווען באַזונדערס א שטאַרקע אין יענעם ווינטער.

אין יענעם טראַנספּאָרט האָט זיך געפונען מיין שוועסטער און זי האָט אין א בריוו געשילדערט די נסיעה. ווען דער צוג איז אדורך א וואַלד, האָט מען די טויטע קערפּערס ארויסגעוואָרפן פון די וואַגאָנען. אין עטלעכע טעג ארום זיינען די ארויסגעשיקטע אָנגעקומען אין די שטעט סאָקאָלאָוו־פּאָדליאַסקי, וועגראָוו, לאָשיצע און יאַרניאַקי. דאָרט האָבן זיי זיך ארייַנגעצויגן אין די ערגסטע דירות, 15 פּערזאָן אין א דירה. די באַשפּייזונג איז באַשטאַנען פון 100 גראַם ברויט, עטלעכע פענעצלעך קאַרטאָפל און זופּ. געבליבן לעבן זיינען בלויז די אידן, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַר די זשאַנדאַרן, אָדער ביי וועלכע ס'איז מיליטערישע ארבעטן, אָבער אַזעלכע זיינען געווען זייער ווייניק.

30 ק"מ פון קאַליש געפינט זיך דאָס דאָרף אָסטראָוו־קאַליסקי. אין דעם דאָרף האָבן געוואוינט 53 אידן. אין יענעם דאָרף בין איך געבוירן געוואָרן און דאָרט זיינען געשטאָרבן מיינע עלטערן. יענעם ווינטער האָב איך דאָרט געוואוינט מיט מיין מומע. דער גאַנצער ווינטער איז אדורך בשלום, מיט אויסנאַם פון די רעוויזיעס, וואָס די זשאַנדאַרן האָבן אדורכגעפירט יעדע צוויי דריי טעג. יעדעס מאָל האָבן זיי עפּעס „קאָנפיסקירט".

בשכנות מיט אונז האָט געוואוינט דער קאָמענדאַנט פון די זשאַנדאַרן, ס. ס.־אָבערשאַרפירער פּאָך. ער איז געווען א הויכער, א שטאַמלער, מיט א פּנים פון א רוצח, א טיפּישער פאָרשטייער

פון דער „העכערער ראסע״. בראש פון א גרויסער פּאָליציי־באַנדע פלעגט ער פּאַטרולירן די געגנט און שלאָגן מכות רצח יעדן אידן וואָס ער האָט געטראָפן אין וועג, דערפאַר ווייל ער האָט זיך נישט גענוג איינגעבויגן ביים נייגן זיך פאַר אים. אַן אנדער מאָל האָט ער געשלאָגן פאַרן נייגן זיך און געשריגן, אַז ער איז נישט זייערס גלייכן, וואָס זיי באַגריסן אים. ער פלעגט שלאָגן מיט דער ביקסן־קאָלבע ביז דער קרבן האָט געחלשט. אויב ער האָט ביי א איד געפונען עפּעס א חפץ, וואָס איז געווען באַשטימט אויף א געוויסן אויסטויש אויף שפּייז־פּראָדוקטן ביי פּויערים, האָט ער דעם קרבן דערשאָסן, אָדער ער האָט פריער זיך איזדיעקעוועט איבער אים מיט שטעכן און קאָפּען אים, און ערשט דערנאָך האָט ער אים דערשאָסן.

ער האָט נישט אַרויסגעלאָזט די ביקס פון האַנט. איינמאָל האָט ער געשאָסן א 17 יאָריקן ייִנגל, ווייל ער האָט ביי אים געפונען צוויי קאַרטאָפל. אין משך פון צוויי חדשים האָט ער דערמאָרדעט 36 מענטשן, צווישן זיי א ריי פּאָליאַקן. אַלע האָבן פאַר אים מורא געהאַט און אַז ער פלעגט קומען אין דאָרף, איז מען אַנטלאָפן אין וואַלד. כדי צו באַפרידיקן זיין רוצחישקייט האָט ער לפחות דערהרגעט א הונט איידער ער איז אַוועק פון דאָרף.

אין פעברואַר האָט מען אונז באַפוילן אָנצוטאָן געלע שטערנס אויפן ברוסט און אויפן רוקן. אין מאַרץ האָבן מיר אָנגעהויבן אַרבעטן ביי די זשאַנדאַרן, אויף א מהלך פון 8 ק״מ פון דאָרט. מיר האָבן געאַרבעט 12 שעה אין טאָג אין גרינס־גערטנער און ביי אַנדערע אַרבעטן. מיר האָבן נאָך געגלויבט, אַז די מלחמה וועט זיך שנעל ענדיקן, מיטן פאַלן פון פראַנקרייך איז פאַרשוואונדן געוואָרן די האָפענונג.

דעם 23־טן יוני 1940 איז געקומען אונזער ריי. פינף אינדערפרי האָבן זיך באַוויזן די זשאַנדאַרן און געגעבן אונז 10 מינוט אויף גרייטן זיך אין וועג. מיר זיינען געווען שלעפעריק און נישט געוואוסט וואָס צו נעמען מיט זיך. מיר האָבן טאַקע גענומען מיט זיך ווייניקער פון ווייניק. דער זאַמלפּונקט איז באַשטימט געוואָרן אין זשאַנדאַמעריע פון בזשעזשיני אויף א מהלך פון 8 ק״מ, די זאַכן האָט מען אָנגעלאָדן אויף וועגענער און מיר זיינען געגאַנגען צו פוס. נישט געקוקט אויף דער פריער שעה, האָבן אַלע פּאָליאַקן זיך דערוואוסט, אַז מ׳טרייבט אַרויס די אידן, און זיי האָבן זיך געשטעלט אין די זייטן וועג כדי זיך צו געזעגענען מיט אונז. געוויסע פון זיי זיינען געשטאַנען טרויעריקע, מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ, אַנדערע האָבן געוויינט, נישט פון ווייטיק צוליב אונזער גירוש, נאָר פון מורא, אַז אויך זיי דערוואַרט דער זעלבער גורל. אָבער די מערהייט פון זיי האָבן זיך צוגעקוקט מיט פרייד צו אונזער בראָך. אין האַרץ זיינען זיי געווען צופרידן, וואָס סוף־סוף זיינען זיי אויף אייביק פּטור געוואָרן פון די אידן.

אין בזשעזשינע האָט מען אונז אויפגעלאָדן אויף לאַסט־אויטאָס און נאָכן פאָרן פון צוויי שעה זיינען מיר אָנגעקומען קיין קאָזמינעק, דאָס איז געווען דעם 23 יוני 1940. אין יענער צייט האָבן זיך דאָרט געפונען איבער 1500 אידן פון דער קאַלישער סביבה. אַלע האָבן געוואוינט אין פּוילישע הייזער און געצאָלט זיי דירה־געלט. א סך האָבן געוואוינט אין ליימענע הייזלעך און אין דאָרפישע כאַטעס. די דייטשן האָבן גערופן דעם אָרט באַרנהאַגען און מיר האָבן עס א נאָמען געגעבן קאָפּענהאַגען.

ווען מיר זיינען אַהין אָנגעקומען, איז דאָרט שוין געווען טעטיק א יודענראַט פון זיבן מיט־גלידער. דער פאָרזיצער איז געווען ראָט, פון קאַליש. פינף „אָרדנערס״, ד. ה. פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן געטראָגן געלע בענדער מיט דער אויפשריפט „אָרדנער״ האָבן געהאַלטן די אָרדנונג. מ׳האָט אונז באַלד אַריינגעפירט אין שול, וואו ס׳זיינען שוין געווען איבער 100 אידן, אַלטע לייט און אָרעמע, וואָס זיינען נישט אין שטאַנד געווען צו צאָלן דירה־געלט. די שול איז געווען א גרויסע און געפונען זיך אויף א גרויסן ליידיקן פּלאַץ. הינטער דער שול האָט געשטראָמט א טייכל. פון ביידע זייטן פּלאַץ זיינען געשטאַנען ביידלעך. די גאַס נעבן דער שול האָט געהייסן קילינסקי. די גאַס איז געווען נישט ברוקירט און דאָרט האָבן געוואוינט בעיקר אידן, מערסטנטייל אין נידעריקע הייזלעך און אין שווערע באַדינגונגען.

מ׳האָט אונז געגעבן א גריקע־זופּ. די פריערדיקע איינוואוינער האָבן שוין געהאַט שלאָף־ברעטער, אָבער מיר זיינען געשלאָפן אויף דער ערד און די פּעקלעך האָבן אונז געדינט אַלס קישנס. די נאַכט איז מיר אַדורך מיט טראַכטענישן. אינדערפרי האָב איך געטראָפן מיינעם א קוזין, וואָס האָט שוין עטלעכע וואָכן געוואוינט ביי א פּאָליאַק. ביי דעם זעלבן פּאָליאַק האָב איך געדונגען א צימער פאַר זיך און פאַר מיין מומע. די ערשטע וואָך זיינען מיר נישט געגאַנגען

צו דער ארבעט. מיר האָבן באקומען 50 גראם ברויט און א זופּ. אונז איז דערלויבט געווען צו גיין אין גאס און אין די ארומיקע דערפער. א סך האָבן איינגעקויפט עסנווארג. 7 אזייגער אין אָוונט האָט יעדער איינער זיך געדארפט געפינען אויף זיין וואוין־אָרט.

אַלע מענער און מיידלעך האָבן געארבעט פאר די דייטשן. בלויז די פארהייראטע פרויען זיינען געווען פריי פון דער ארבעט. די ארבעט איז נישט געווען קיין כסדרדיקע. יעדער איינער האָט געארבעט 4 טעג אין איין וואָך און 2 טעג אין דער קומענדיקער. יעדן טאָג פון 7 ביז 1 נאָך מיטאָג האָבן מיר געארבעט בעיקר אין די ווירטשאפטן, וואָס זיינען איבערגעגאנגען צו די דייטשן נאָכן אקופּירן די געגנט, און אויך אויף די שאָסייען און ביי פארשיידענע אנדערע ארבעטן. די עלטערע האָבן ברוקירט די קילינסקי־גאס, און דערנאָך נאָך א גאס אין געטאָ.

אין דער צווייטער וואָך נאָך מיין קומען, האָב איך געמוזט גיין צו דער ארבעט, און אלס אָן אָנפאנגער האָב איך באקומען די ערגסטע ארבעט. מ׳האָט מיך געשיקט אין גוט פון „גראף״ צו רייניקן די סאזשלקע פון דעם ליים, וואָס האָט דאָרט אָנגעקליבן. מיר האָבן נאָך געהאט כוח, אָבער די ארבעט איז געווען א באזונדערס שווערע. פארן ארויסנעמען דעם ליים האָבן מיר געשעפּט דעם וואסער מיט א שעפער און דערנאָך זיינען מיר געשטאנען אין ליים אויף די קני, אפילו אין די טעג פון א שטארקן רעגן.

דעם גראפס זון איז גראד אין יענע טעג געקומען אויף אורלויב. דאָס איז געווען א 19 יאָריקער שרץ, וואָס האָט געדינט אין געסטאפּאָ. ער האָט אונז געשלאָגן מיט דער נאהייקע. מיר האָבן אומאויפהערלעך געשעפּט דאָס וואסער אין א שנעלן טעמפּ, אָבער אויב עמיצער האָט אָנגעהויבן ארבעטן פאמעלעך כדי אביסל אָפּצורוען, האָט ער באלד באקומען א שמיץ מיט דער נאהייקע. עטלעכע וואָכן האָב איך געארבעט אין גוט. דערנאָך האָט מען מיך געשיקט ארבעטן אויף שאָסיי. די דאָזיקע ארבעט איז געווען א לייכטערע.

אזוי איז אדורך דער זומער 1940. אין שטוב איז קיין מנוחה נישט געווען, מיר האָבן געלעבט אין כסדרדיקער שרעק פאר די אָפטע רעוויזיעס פון די זשאנדארן. מיר זיינען געווען געצוואונגען גוט צו באהאלטן די פוטער, דאָס פלייש און אלע אנדערע פּראָדוקטן, וועלכע זיינען געווען פארווערט פאר אידן. בעת די דאָזיקע רעוויזיעס האָבן די דייטשן צוגערויבט זייגערלעך און אלע ווערטפולע חפצים.

אין אויגוסט האָט מען נאָמינירט א ספּעציעלן יודענקאָמיסאר. מ׳האָט אים גערופן „גרינער״ צוליב זיין גרינעם הוט, אָבער מערסטנטייל האָט מען אים גערופן „בעזעם־מאכער״, ווייל פאר דער מלחמה האָט ער אויסגעארבעט בעזעמער און זיי פארקויפט צו די אידן. דאָס איז געווען דער פאָלקסדייטש ביכלער. זינט זיין אָנקומען, פלעגט מען אונז שיקן צו דער ארבעט טאָג־טעגלעך. מ׳האָט אויך געשיקט 100 ארבעטער קיין אָפּאטוועק, א מהלך פון 12 ק״מ פון קאָזשמינעק.

צווישן די לעצטע בין איך אויך געווען. פאר א לאגער האָט מען אונז געגעבן א שול־געביידע אויפן מארק־פּלאַץ. מיר האָבן דאָרט געבויט זאלן. אנדערע האָבן געארבעט אויף דער באן־סטאציע ביים אויסלאָדן צעמענט און בוראקעס. די ארבעט איז געווען א שווערע. אין פּירן האָבן מיר געטראָגן דעכער און ווענט פון באראקן, אזוי טאָג נאָך טאָג. די וואָג פון אזא טייל איז געווען ביז 300 ק״ג. אין אָוונט איז דער אקסל געווען געשוואָלן. צומארגנס האָב איך געטראָגן אויפן צווייטן אקסל און דערווייל איז קלענער געוואָרן דאָס געשווילעכץ פון ערשטן אקסל.

די באשפייזונג איז געווען גאָרנישט קיין שלעכטע. מיר האָבן באקומען 500 גראם ברויט, א מיטאָג און 50 גראם פוטער. יעדע וואָך האָט מען אונז אויסגעצאָלט 3 מארק. פאר צוויי מיט א האלבן מארק האָט מען נאָך געקענט קויפן, ביי די פּאַליאקן, א קילאָ וואורשט. יעדן זונטיק זיינען מיר געגאנגען אהיים קיין קאָזמינעק. אויך איך האָב באזוכט די מומע. שפּעטער האָט מען אונז פארבאָטן צו גיין אהין, אָבער מיר זיינען ווייטער געגאנגען, כאָטש דער געכאפּטער פלעגט ווערן פארשפּארט אויף 7 טעג און מ׳האָט אים אוועקגענומען א העלפט פון זיין שפּייז־ראציע.

מיר האָבן געארבעט אויף דער ליניע פויזן־לאָדז. עטלעכע חדשים האָט מען געשיקט מיט דער באן טראנספּאָרטן פון מלחמה־טאבאַר און מיליטערישער אויסשטאטונג. איבערן שאָסיי האָט אָן אויפהער זיך באוועגן פּעכאָטע. דייטש און איטאליעניש מיליטער איז אין דער פולער באוואָפענונג געגאנגען פון מערב אויף מזרח.




# א קאַפּיטל פון גיהנום

ר. פּראַשקער

לאַנדסבערג, בלוק 18/193



אלד אין ערשטן טאָג פון דער מלחמה, האָב איך מיט מיין משפּחה זיך געפונען אויפן וועג קיין וואַרשע, און מיר האָבן פאַרזוכט דעם טעם פון א דייטשער באָמבאַרדירונג. אין וואַרשע האָבן מיר דורכגעמאַכט דריי וואָכן באַלאַגערונג און מערדערישע באָמבאַרדירונג פון דער אידישער געגנט.

שפּעטער האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין קאַליש אין אונזער הויז. אָבער מיין פאָטער, שוועסטער און איר זון האָט מען נישט דערלויבט אריינצוגיין צוריק אין זייער דירה, וועלכע איז פאַרכאַפּט געוואָרן דורך די דייטשן, און דערפאַר זיינען זיי געקומען וואוינען מיט מיר און מיין מאַן. אין עטלעכע טעג אַרום זיינען געקומען זשאַנדאַרן אין דער באַגלייטונג פון א דאָרטיקן פאָלקסדייטש. זיי האָבן דורכגעפירט א רעוויזיע און באַפוילן די פרויען זיך אויסטאָן נאַקעט, כדי צו זוכן באַהאַלטן צירונג. ווען זיי האָבן נישט געפונען קיין באַפרידיקנדיקע סומע, האָבן זיי אונז אַלעמען אַוועקגעפירט אין שטאָטישן סכראָן. די מענער האָט מען אריינגעוואָרפן אין א פינצטערן גרוב. ספּעציעל האָבן זיי געפּייניקט מיין שוועסטערס זון, וואָס האָט געהאַט אַן אויסלענדישן פּאַס, ווייל ער האָט געלערנט אין בעלגיע. אינדערפרי און אין אָוונט האָט מען אים באַפוילן צו לייגן זיך און מ׳האָט אים געשלאָגן מיט נאַהייקעס. א לאַנגע צייט האָט מען די קלעפּ דערקענט אויף זיין לייב. דער דאָזיקער קאָשמאַר האָט זיך געצויגן עטלעכע טעג.

דאַן האָט מען אונז אַלעמען איבערגעפירט אין בערנאַרדינער־קלויסטער אויף סטאַווי־שינסקע־גאַס. אויפן וועג האָט מען מיט קלעפּ געצוואונגען מיין פלימעניק צו קריכן אויפן בויך. אין קלויסטער האָט מען אונז אריינגעוואָרפן אין די קעמערלעך, וואו ס׳האָבן פריער זיך געפונען קריגסגעפאַנגענע. פאַרשטייט זיך, אז מיר זיינען תיכף פאַרקראָכן געוואָרן מיט לייז.

מיר האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן. איינציקווייז זיינען מיר פון דאָרט אַנטרונען. דעמאָלט איז דאָס נאָך מעגלעך געווען אויסצופירן. מיין שוועסטער, מיין ברודער דער בחור און מיין פלימעניק זיינען אַוועק די ערשטע קיין וואַרשע, וואו מיין שוואָגער האָט שוין געוואַרט אויף זיי. זיי האָבן באַשלאָסן אריבערצוגיין דעם בוג. מיין פאָטער, איך און מיין מאַן זיינען אַוועק קיין לאָדזש, און ווען מ׳האָט דאָרט אָנגעהויבן שליסן דעם געטאָ, זיינען מיר מיט א וואָגן אַוועק קיין וואַרשע. מיר האָבן געמוזט אריבערגיין די גרענעץ צווישן רייך און גענעראַל־גוווערנעמענט, און דער דורכגאַנג איז געווען פאַרבונדן מיט א גענויער פּערזענלעכער רעוויזיע. נאָענט פון דאָרט זיינען געווען גוטע פּאָליאַקן, וועלכע האָבן מסכים געווען צו ראַטעווען די אידן פון דער רעוויזיע פאַר א פעטן אָפּצאָל. זיי האָבן זיי דורכגעפירט דורך זייטיקע וועגן, באַרויבנדיק די אידן.

סוף כל סוף זיינען מיר אָנגעקומען קיין וואַרשע. אָבער אונזער פרייהייט האָט אויך דאָרט לאַנג נישט געדויערט. מ׳האָט געשאַפן דאָס געטאָ און מ׳האָט אריינגעפירט נישט בלויז די וואַרשעווער אידן, נאָר אויך די אידן פון דער גאַנצער געגנט. ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די טעג פון פּיין און הונגער, פון צרות, וואָס מיר דאַרפן וועגן זיי קיין סך נישט דערציילן, הגם די שרעקן פון יענע טעג איז נישט צום אויסשעפּן.

דאָס געזונט פון מיין פאָטער איז געווען שוואַך, און נאָך דריי חדשים לײדן האָט ער אויסגעהויכט די נשמה. מיר האָבן זיך געטרייסט דערמיט, וואָס ער האָט זוכה געווען צו שטאַרבן ווי א מענטש. אָט די טרייסט איז א גוטער אויסדרוק פון יענער צייט. אונזערע פריינד און מיין ברודער אַדזו. לעאָן סיטנער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין ראַדאָמער געטאָ, האָבן אונז פאַרגעלייגט, אז מיר זאָלן קומען אַהין, ווייל זייערע לעבנס־באַדינגונגען דאָרט זיינען פאַרהעלט־נישמעסיק לייכטער. מיר האָבן אָנגעהויבן צוגרייטן דאָס אַנטלויפן פון וואַרשעווער געטאָ. אונז איז געלונגען אַרויסצוגיין אויף דער אַרישער זייט און אָנצוקומען קיין ראַדאָם. דאָרט זיינען מיר ווידער, בגנבה, אַריין אין געטאָ.

אָבער אויך דאָרט האָבן זיך אָנגעהויבן די אקציעס. טראנספּאָרטן מיט טויזנטער אידן האָט מען געשיקט אין די גאַז־קאַמערן און הונדערטער אידן האָט מען דערהרגט אויפן אָרט. אונז, די געבליבענע, האָט מען געפירט איבער די מתים — אין פשוטן זין פונעם וואָרט — וועלכע האָבן זיך געוואַלגערט אין די גאַסן, צום ארבעטס־לאַגער, וואו מ׳האָט אונז געצוואונגען צו ארבעטן אונטער דער אויפזיכט פון ס.ס. און אוקראַינער פאַר א הונגער־ראַציע. צוליבן הונגער האָט מיין מאַן אָנגעהויבן געשוואָלן ווערן, און ווען דאָס געשווילעכץ איז דערגאַנגען צום האַרץ, איז ער געשטאָרבן.

איך בין געבליבן צווישן פריינד, אָבער אין עטלעכע חדשים זיינען זיי אויך דערמאָרדעט געוואָרן בעת אן אקציע פון אויסראָטן די פּראָפעסיאָנעלע אינטעליגענץ. אזוי האָט מען אויפן בית־עלמין אין שידלאָוויעץ דערמאָרדעט א סך דאָקטוירים, אפּטייקערס, אינזשענירן און אדוואָקאַטן. איך בין געבליבן איינזאַם, און הגם איך בין נישט איינמאָל געווען הפקר פאַר די קוילן, בין איך ניצול געוואָרן על פּי נס.

דער ראַדאָמער לאַגער איז געוואָרן אַלץ מער און מער איינגעשרומפּן, ביז ער איז ליקווי־דירט געוואָרן. די געבליבענע האָט מען געשיקט אויף ארבעט אין דער אינדוסטרי פון אויפרייס־מאַטעריאַל אין פּיאָנקי, נעבן ראַדאָם. דאָרט האָט מען אָפּגעטיילט די מענער פון די פרויען און אונז באַזעצט אין באַזונדערע באַראַקן, הינטער עלעקטריזירטע דראָטן. באַוואַכט האָבן אונז אוקראַינער. ס׳זיינען געווען עטלעכע פּרוּוון פון אַנטלויפן. די אומגליקלעכע, וואָס מ׳האָט געכאַפּט, האָט מען אויפגעהאַנגען פאַר אונזערע אויגן.



ס׳איז געקומען זומער 1944. דאָס רוסישע מיליטער האָט זיך דערנענטערט צו וואַרשע. אונזער לאַגער איז געוואָרן ליקווידירט. די דייטשן האָבן אונז אויפגעלאָדן אויף פּראַכט־וואַגאָנען, און פאַרשלאָסן פון דרויסן. נאָך א ריזע פון עטלעכע טעג זיינען מיר אָנגעקומען אין קאָנצלאַגער אוישוויץ. אלס פאַכלייט פון דער וואָפן־אינדוסטרי זיינען מיר אריין אין לאַגער אָן א סעלעקציע. אין אוישוויץ זיינען מיר געווען דערשלאָגן, מיר זיינען נישט ענלעך געווען צו קיין מענטשן. מיר זיינען געוואָרן פאַרוואַנדלט אין ציפערן. די דאָרטיקע איבערלעבונגען זיינען א טעמע פאַר א גרויס בוך.

אין א קורצע צייט ארום האָט מען מיך געשיקט צוזאַמען מיט א גרופּע פרויען קיין דייטשלאַנד, אויף אַרבעט אין דער פאַבריק פון אויפרייס־מאַטעריאַלן אין דער האַנאָווער געגנט. אין עטלעכע וואָכן שפּעטער, ווען דאָס מיליטער פון די פאַרבינדעטע האָט אָנגעהויבן אָנגריפן אין יענע ערטער די דייטשן, האָט מען אונז ווידער אויפגעלאָדן אויף וואַגאָנען, כדי צו ברענגען אונדז אין לאַגער בערגע־בעלזען. אין די ריזיקע באַראַקן זיינען מיר געווען עטלעכע הונדערט פרויען. געוואַשן האָט מען זיך אונטערן פרייען הימל, פאַר די אויגן פון די וועכטער, וואָס זיינען דאָרט געזעסן. ס׳זיינען אדורך עטלעכע וואָכן און מ׳האָט אונז ווידער פאַרקויפט אלס שקלאַפן אין דער פּראָדוקציע פון באַוואָפנונג און אויפרייס־מאַטעריאַל אין דער לייפּציקער געגנט. דאָרט זיינען מיר שוין געווען כמעט ביזן סוף.

אין אַפּריל 1945, ווען דאָס סאָוועטישע מיליטער האָט אָנגעהויבן אַטאַקירן בערלין, האָבן די דייטשן אונז ווידער אָנגעלאָדן אין וואַגאָנען און געוואָלט אונז שיקן קיין אָריאַנענבורג אויף אומברענגען אונז. אָבער ווען מיר האָבן זיך געפונען אין וועג איז געוואָרן באַוואוסט, אז מיר זיינען ארומגערינגלט. די דייטשן האָבן פאַרהאַלטן דעם צוג אויף א קליינער סטאַציע, נעבן א וואַלד. דריי טעג זיינען מיר געווען פאַרשפּאַרט אין די וואַגאָנען ביי אָן אומאויפהערלעכער באָמבאַרדירונג. אונזערע וועכטער, מענער און פרויען האָבן געזוכט א שוץ אין וואַלד. לבסוף האָט מען אונזער צוג באַשאָסן מיט באָמבעס און מיט טאַנקן־קוילן, פון דעם מין, וואָס אויך מיר האָבן פּראָדוצירט. דאָס איז געווען דעם 20־טן אַפּריל. מיר זיינען דאָרט געווען 750 פרויען. 350 זיינען אומגעקומען אין דער שיסעריי און א סך זיינען געוואָרן פאַרוואונדעט. איך בין ארויס פון דעם צוג אָן א צאַראַפּינע אויפן לייב.

סוף־סוף האָבן אונזערע וועכטער פאַרשטאַנען, אז זייער סוף איז געקומען. זיי האָבן אויסגעטאָן די מונדירן און אָנגעטאָן ציווילע קליידער, וואָס האָבן שוין פון פריער געהאַט צוגעגרייט. צו אונז האָבן זיי געזאָגט: „ראַטעוועט זיך, גייט וואוהין איר ווילט".

פון דאַן אָן, ביזן סוף פון דער מלחמה, האָבן מיר געוואַנדערט גרופּעסווייז פון דאָרף צו דאָרף. די ציווילע דייטשן האָבן אונז געלאָזט נעכטיקן אין די שייערס, געגעבן קאַרטאָפל אין די שאָלן און שוואַרצע קאַווע.

אזוי האָב איך פאַרענדיקט דאָס גיהנום.




# פון צווישן די טויטע




**וו. אדלער**

ין מערץ 1940 האָב איך זיך אומגעקערט פון דער דייטשער געפאַנגענשאַפט קיין ווארשע און איך בין אריין אין געטאָ. ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אז מיין גאנצע משפחה געפינט זיך אין זשעשאָוו, בין איך אנטלאָפן פון געטאָ און אוועק אהין. אין זשעשאָוו האָב איך געוואוינט צוזאמען מיט מיין פאמיליע און געארבעט אין מיין פאַך, אלס עלעקטריקער.

אין יולי 1942 האָט מען ארויסגעשיקט די אידן אין פארניכטונגס־לאגער אין ראַוואַ־רוסקאַ. מ׳האָט אונז געשיקט אין פראַכט־וואַגאָנען, אין שרעקלעכע באדינגונגען. אויפן וועג האָט מיין פאָטער אויפגעריסן די קראַטע און האָט מיך געצוואונגען ארויסצושפרינגען פון צוג אין זיין גאַנג. דער שפרונג איז געלונגען. נאָך לאַנגע וואַנדלונגען האָב איך זיך אומגעקערט מיט דער באַן קיין ווארשע. אין וואַגאָן האָב איך באַקענט א פאָלקע, פאַר וועלכער איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אלס אריער, וואָס איז זייער פאַראינטערעסירט צו ראַטעווען זיין אידישן פריינד.

בעת דער גענוג לאנגער נסיעה האָב איך געוואונען איר סימפּאַטיע און צוטרוי, און צום סוף האָט די פרוי מסכים געווען צו שאַפן פאַר יענעם איד ארישע דאָקומענטן און א קענקאַרטע, וואָס גיט די רעכט צו געפינען זיך אויף דער ארישער זייט. ווען איך בין געקומען אויפן פּלאַץ, וואָס זי האָט מיר באַשטימט אין ווארשע, כדי אָפּצונעמען דעם דאָקומענט, האָב איך געמוזט מודה זיין, אז איך בין דאָס יענער איד. זי איז געווען איבערראַשט און נישט געוואָלט גלויבן. איך האָב געמוזט זיך באַמיען איר איבערצייגן. לסוף האָט זי געהאַלטן וואָרט און מיר איבער־געגעבן די נויטיקע דאָקומענטן. איך בין פאַרוואַנדלט געוואָרן אין עדוואַרד אָשינסקי.

איך האָב געוואוינט אין ווארשע און געארבעט אלס עלעקטריקער אין א געשעפט פאַר עלעקטרישע אויסאַרבעטונגען. אין סעפּטעמבער האָט א פּאָליאַק מיך דערקענט אין גאַס און מיך איבערגעגעבן צו דער געסטאַפּאָ. עטלעכע טעג האָבן זיי מיך אכזריותדיק געפּייניקט, אָבער איך האָב נישט אויסגעגעבן דעם נאָמען פון דער, וואָס האָט מיר געהאָלפן. לסוף האָט מען מיך געשיקט, מיט נאָך 30 אידן און פּאָליאַקן, אויף צו דערשיסן מיך. אין וועלדל נעבן דער שטאָט האָט מען אונז געהייסן זיך אויסטאָן און שטעלן זיך אין א ריי. קעגנאַיבער אונז איז געשטאַנען די עקזעקוציע־אָפּטיילונג. ס׳האָט זיך דערהערט א זאַלפּ.

דער גורל האָט געוואָלט, אז איך זאָל נישט ווערן פאַרוואונדעט. איך האָט געמאַכט אַן אָנשטעל, אז איך בין טויט. איך בין געפאַלן, און איבער מיר זיינען געפאַלן די טויטע. אזוי בין איך געלעגן אונטער עטלעכע מתים און זייער בלוט איז געפלאָסן אויף מיר. די זאָנדערקאָמאַנדאָ, וואָס האָט אדורכגעפירט די ארבעט, זיינען אוועק אין א זייט אויף א מהלך פון א 50 שפּאַן און האָבן זיך געזעצט פּראַווען א סעודה. דאָס באַגראָבן די טויטע האָבן זיי איבערגעגעבן צו אונגארישע אידן, וואָס זיינען געווען ספּעציאַליזירט אין דער מלאכה.

ווען די קברנים האָבן מיך געוואָלט אריינוואַרפן אין קבר, האָב איך זיי געזאָגט, אז איך בין א איד און געבעטן הילף. זיי זיינען געוואָרן דערשטוינט, אָבער נאָך א קורצער באַראַטונג, האָבן זיי זיך אנטשלאָסן אויף א דרייסטער טאַט: בעת די געסטאַפּאָ־לייט זיינען געווען פאַרנומען מיטן זויפן, האָבן זיי מיך אריינגעוואָרפן אין די דערבייאיקע קוסטעס.

א נאַקעטער, אַן אויסגעשמירטער אין בלוט, בין איך דאָרט געלעגן ביזן אָוונט. ביינאַכט בין איך אוועק אין א נאָענטן דאָרף און איך האָב זיך פאָרגעשטעלט אלס א מיטגליד פון א. ק., וואָס האָט זיך געראַטעוועט פון טויט. די פּויערים האָבן מיר געגעבן ברויט און א מלבוש און איך בין צו פוס אוועק קיין ווארשע.

איך האָב זיך אומגעקערט צו מיין ארבעט אין זעלבן געוועלב און פאַרענטפערט מיין נישט קומען מיט א קראַנקייט. דער אייגנטימער פון געשעפט האָט נישט געוואוסט, אז כ׳בין א איד.

אין דעצעמבער 1942 בין איך ווידער אריינגעפאלן אין די הענט פון שאנטאזשיסטן. אין געסטאפּאָ האָט מען מיך געפּייניקט, געפּאָרשט און געשלאָגן. לסוף האָט מען מיך אריינגעשטופּט אין א פארמאכטן אויטאָ, אין וועלכן ס׳האָבן זיך געפונען נאָך דריי מענער. פריער האָט מען אונז אלע אויסגעטאָן נאקעט. מ׳האָט אונז געפירט דערהרגענען. פארן אויטאָ זיינען געפאָרן געסטאפּאָ־לייט אויף מאָטאָציקלען און נאָך אים איז געפאָרן א שיסער־אָפּטיילונג.

אויף גרויעצקע־גאס האָט אן אָפּטיילונג פון א. ק. ארומגערינגלט דעם אויטאָ. מיט עטלעכע קורצע און פּינקטלעכע שאָסן זיינען געהרגעט געוואָרן עטלעכע געסטאפּאָ־לייט און די איבעריקע זיינען זיך צעלאָפן אין פאניק. די אָנגריפער האָבן אויפגעבראָכן די טיר פון אויטאָ און אונז באפרייט. נאקעטע זיינען מיר געלאָפן צום נאָענטן פעלד. ביז ביינאכט האָב איך זיך באהאלטן אונטער א סטערטע היי, און אין דער פינצטער האָב איך פון די איינוואוינער אין דער געגנט באקומען א מלבוש.

אין א צייט ארום האָב איך זיך ערשט דערוואוסט, אז צו מיין מזל האָט מען מיך אריינ־געוואָרפן אין אן אויטאָ, מיט וועלכן מ׳האָט געפירט צום דערשיסן העכערע קאָמאנדירן פון א. ק.

ווען איך האָב זיך אומגעקערט אין שטאָט, האָב איך טעלעפאָנירט צום אייגנטימער פון געשעפט, אין וועלכן איך בין שוין געווען א שותף, און פארענטפערט מיין אָפּוועזנהייט מיט אן אָבלאווע אין שטאָט.

דעם 1־טן אָקטאָבער 1944 איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאנד אין ווארשע. א לאנגע צייט האָב איך זיך באהאלטן אין די חורבות. שפּעטער האָב איך זיך פאראייניקט צו א גרופּע פּאָליאקן, וואָס האָט זיך פארנומען מיט אונטערצינדן די בונקערס אונטער דער וואך פון געסטאפּאָ־לייט. אין עטלעכע טעג ארום האָט מען מיך ארויסגעשיקט אין א לאגער גוזען־מאטהאוזען. דאָרט האָט מען מיך צוגעטיילט צו א גרופּע עלעקטריקער־ספּעציאליסטן, וואָס האָט געציילט ארום 300 פּערזאָן. ווען די אמעריקאנער ארמיי איז אריין זיינען פון זיי געבליבן — 13.

דער לאגער איז באפרייט געוואָרן דורך דער אמעריקאנער ארמיי דעם 15טן מאי 1945. אין געציילטע טעג ארום בין איך שוין געפאָרן קיין פוילן, כדי צו זוכן דאָרט די איבערגעבליבענע פון מיין משפּחה.




# אין פיסק פונעם לייב

אירענא כמיעלניצקא-פיעקעלניק




ין נאָוועמבער 1942 בין איך געווען אין א גוט אין דער קראקאָווער געגנט. איך האָב דאָרט געלעבט מיט מיינע עלטערן אין דערטערעגלעכע באַרינגונגען, פאַר־גלייכנדיק זיי מיט דעם, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען ערגעץ אנדערש. אין אָנהויב דעצעמבער האָב איך זיך דערוואוסט, אז די דייטשן גרייטן זיך אומצוברענגען די אידן אין פוילן. איך האָב באקומען א פאלשן אַרישן דאָקומענט און אוועק קיין קראָקע. צופעליק האָב איך געדונגען א צימער אין הויז פון אדוו. נאָוואטשינסקי, א ברודער פון בארימטן אנטיסעמיט אדאָלף נאָוואטשינסקי.

אין עטלעכע טעג ארום איז קיין קראָקע געקומען אויך מיין מוטער און זי האָט געהאט גאָר אנדערע דאָקומענטן. זי איז געקומען וואוינען מיט מיר אלס א ווייטע קרובה. אינזש. סטעמפעל, וואָס האָט דאן שוין געוואוינט אין קראָקע אלס אריער, האָט באקומען פאר אונז אין פּאָליציי א דערלויבעניש צו וואוינען אין שטאָט. אין 1944 איז דער דאָזיקער ווארילטוער אונזערער געהרגעט געוואָרן אין גאס בעת אן אָבלאווע אויף אריער, וואָס מ׳האָט געזאָלט שיקן אין רייך אויף ארבעט. זיין פרוי (פון דער היים אָפּענהיים) און זיין צען־יאָריקער זון זיינען געהרגעט געוואָרן אין עטלעכע וואָכן ארום צוליב א מסירה פון זייערע שכנים.

צוליב מיין „גוטן ארישן אויסזען" האָט זיך מיר איינגעגעבן צו באקומען ארבעט אין פּאָסטאמט. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער קעמפנדיקער אונטערערדישער אָרגאניזאציע א. ק. און איך בין געווען א פארבינדערן צווישן אידן, וואָס האָבן געלעבט אויף ארישע דאָקומענטן. איך האָב זיי באזאָרגט מיט געלט, מעדיקאמענטן און ווינטער־מלבושים. איך האָב זיך אויך פארנומען מיט פוילישע משפחות, וואָס האָבן געהאלטן ביי זיך אידישע קינדער. די דאָזיקע ארבעט איז געווען פארבונדן מיט געפאר.

עק נאָוואַ און שאָפּענאַ גאס



אלס פּאַסט־באַאַמטער האָב איך דורכגעקוקט די אָנגעקומענע בריוו און געמאָלדן דער קאָמאַנדע פון א. ק. וועגן די קומענדיקע גזירות. אויף דעם אופן זיינען די פויערים געוואָרן געוואָרנט וועגן די נאָענטע אקציעס און זיי האָבן באוויזן צו באהאלטן פאר די דייטשן די גערעטענעשן.

עטלעכע מאָל זיינען צו מיר צוגעשטאנען שאנטאזשיסטן, אָבער איך האָב זיך געראַטעוועט פון זייערע הענט. א גרויסע הילף האָט מיר ארויסגעוויזן אדוואָקאט נאָוואטשינסקי, וועמען ס'איז אפילו נישט איינגעפאלן, אז ער האָט אריינגענומען צו זיך אין שטוב א אידישע. ער האָט געגעבן זיין ערנוואָרט אין געסטאפּאָ, אז מיר ביידע זיינען פרומע קאטוילינס. ער האָט געגעבן נאָך א מאָטיוו; און דער מאָטיוו האָט דעצידירט: ער איז דאָך דער ברודער פון באוואוסטן אידן־פיינט, איז ווי קען עס זיין, אז ער זאָל ביי זיך אויסבאהאלטן אידישע פרויען?

לויט דער פאראָרדענונג פון גאולייטער פראנק, האָב איך ווייטער געארבעט ביזן 17־טן יאנואר 1945, דאָס הייסט ביזן טאָג פון באפרייאונג. איך האָב זיך געראטעוועט אין פיסק פונעם לייב.

תל־אביב, יוני 1961




# פון קאַליש אין וואַלד אַרײַן

מיניע מילער



ביים אויסברוך פון דער מלחמה בין איך אַלט געווען צוועלף יאָר. מיר האָבן געוואוינט אין קאַליש אויף פּילסודסקי גאַס 18. מײַן פֿאָטער, גרשון קלעטשעווסקי, איז געווען דער אייגנטימער פון אַ קאַפֿע־הויז.

ווען די דײַטשן זײַנען אַרײַן אין שטאָט, האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ שרעק און די נידערגעשלאָגנקייט האָט זיך געפֿילט אויך ביי אונז אין שטוב. ווען די דײַטשן האָבן פֿאַרשפּאַרט די אידן אין דער מאַרק־געביידע, זײַנען מיר אַנטלאָפֿן פון קאַליש קיין לאָדזש, און פון דאָרט קיין וואַרשע. מײַן ברודער מישקע איז אַוועק צוזאַמען מיט מײַן פֿעטער לייזער קלעטשעווסקי קיין רוסלאַנד, און דאָרט זײַנען זיי ביידע אומגעקומען.

אין וואַרשע האָב איך געוואוינט פון אָקטאָבער 1939 ביזן 31 אַפּריל 1943. מײַן פֿאָטער האָט געאַרבעט אין דער קינדער־קיך ביים „טאָז" אויף גענשע־גאַס. בעת דער בלאָקאַדע אין יולי 1942 איז מײַן פֿאָטער פֿאַרהאַלטן געוואָרן און מ׳האָט אים אַרויסגעשיקט פון וואַרשע. איך און מײַן מוטער בערטע האָבן דערנאָך געאַרבעט אין בערשטער־שאָפּ.

יעדע עטלעכע וואָכן האָט מען דורכגעפֿירט סעלעקציעס. בעת אַ סעלעקציע, וואָס איז פֿאָרגעקומען דעם 18־טן אויגוסט האָט מען פֿאַרהאַלטן מײַן מוטער און זי אַרויסגעשיקט. מיך האָבן די דײַטשן איבערגעלאָזט.

אין בערשטער־שאָפּ האָבן געאַרבעט פֿאָלגנדיקע קאַלישער אידן: סיטנער (שוו. יערסקע 30) און זײַן מוטער; מאיר וואָלף שעפּס (פּרנס פון דער קהילה אין קאַליש), מיט זײַן משפּחה; צעשא יאַרעצקאַ מיט איר מוטער (מיט זיי האָב איך געוואוינט); רוטקע וואָלקאָוויטש (געשטאָרבן אין געטאָ); דער מוזיקער אברהם לאַפּידות מיט זײַן משפּחה; גינע אייזנבערג מיט דער משפּחה; טערעזאַ שטיין; דער זון פון רײַך (קינאָ־אייגנטימער), חתן פון טערעזאַ שטיינס שוועסטער; גרשון בריש מיט דער משפּחה; פֿאַמיליע מערמעלשטיין; מיניע ראַפּאַפּאָרט און איר טאָכטער קאַזשיאַ, שׂרה קעלמאָוויטש, פון דער היים קלעטשעווסקי, און איר טאָכטער לענקאַ. אין דער נאַכט ווען מ׳האָט פֿאַרברענט דעם שאָפּ, בין איך אַנטלאָפֿן און זיך באַהאַלטן אין אַ ליידיק הויז, ווײַל עמעצער אײַנוואוינער מ׳האָט אַרויסגעשיקט אָדער אומגעבראַכט.

צופֿעליק האָב איך זיך געטראָפֿן מיטן פֿאַרפֿאַלק גאָלדבערג (געגנשע 2), וואָס האָבן מיך מיטגענומען אין בונקער אויף מוראַנאָווסקע 7. צוויי חדשים האָב איך זיך געפֿונען אין בונקער. צוזאַמען מיט אונז איז אָבער געווען אַ מענטש, וואָס ער האָט מיטגעאַרבעט מיט די דײַטשן און ער האָט זיי געהאָלפֿן אַנטדעקן דעם בונקער.

דעם 31־טן אַפּריל 1943, בעתן אויפֿשטאַנד אין געטאָ, האָבן די דײַטשן זיך אַרײַנגעריסן אין בונקער. זיי האָבן רעקווירירט אונזערע זאַכן, אַלץ צוגענומען, געשלאָגן אונז און אַוועקגעפֿירט צום אומשלאַגפּלאַץ. דאָרט האָט מען אונז געהאַלטן אַ גאַנצן טאָג. צו עסן האָט מען נישט געגעבן. איך האָב געטראָפֿן צוויי חברטעס פון קאַליש. זיי זײַנען געווען קראַנק און פֿאַרחלשט, ווײַל די דײַטשן האָבן אַרײַנגעלאָזט גאַז אין זייער בונקער איידער זיי האָבן אים פֿאַרנומען.

ביי נאַכט האָט מען אונז אַרײַנגעשטופּט אין פֿאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאָנען. קיין לופֿט צום עטעמען איז נישט געווען. דער צוג איז אַוועק אין דער ריכטונג פון אָטוואָצק, לובלין, מאַידאַנעק. איינער פון די יונגעלייט האָט געהאַט אַן אײַזערנע שטאַבע און אויפֿן וועג האָט ער אויפֿגעבראָכן די קראַטע. צווישן 1 און 2 אַ זייגער אין מיטן נאַכט, ווען דער צוג איז געלאָפֿן מיט דער פֿולער שנעלקייט, זײַנען מיר, עטלעכע יוגנטלעכע, געשפּרונגען פון וואַגאָן. די דײַטשן האָבן געשאָסן אין אונז. איין מיידל איז געוואָרן געטראָפֿן פון 6 קוילן און איז באַלד געשטאָרבן. ווען דער צוג האָט זיך דערווײַטערט, האָבן מיר זיך אויפֿגעהויבן, צוויי מיידלעך און איין יינגל, און מיר זײַנען אַוועק אין דער ריכטונג פון לובלין דורך די וועלדער פון סטאָזשעפּיע, סטאָצק און פֿאַלעסיע.

אין וואלד האָבן מיר זיך געטראָפן מיטן וואלד־וועכטער, יאן שטשענסני, פונעם דאָרף דיזשין. ער האָט אונז גענומען מיט זיך און א חודש צייט זיינען מיר געווען ביי אים. ער האָט אונז פיין באהאנדלט. געבראכט אונז שטרוי, קאָצן, צייטונגען. מיר האָבן געמוזט אויסבאהאלטן פאר זיין פרוי, אז מיר זיינען אידן, זי איז געווען אן אנטיסעמיטקע.

עטלעכע חדשים פאר דער באפרייאונג, אין נאוועמבער 1943 האָבן מיר איבערגעלעבט שווערע טעג. פלוצים האָבן מיר באקומען א ידיעה פון די פּאָליאקן, אז 200 דייטשן קומען אין וואלד, כדי אונז צו ליקווידירן. פינף אזייגער אינדערפרי האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף די דייטשע כוחות. יעדער איינער איז געלאָפן וואו די אויגן האָבן געטראָגן. די דייטשן האָבן מיר נאָכגעשאָסן, אָבער זיי האָבן מיך נישט געטראָפן. איך בין געלאָפן א מהלך פון 12 ק״מ און איך האָב פארלוירן איין שיך. ביז ס׳איז געוואָרן נאכט האָב איך זיך באהאלטן אין וואלד. איך בין געגאנגען צוריק אין דער פינסטערניש. איך בין אריין אין דער שטוב פונעם פּאָליאק יוזעף צאלסקי, אן אגראָנאָם פון דאָרף סטאָזעפּיע. ער האָט מיך אויפגענומען הארציק, געגעבן מיר צו עסן, שיך און אפילו אויסגעבראָכן אין א געוויין. שפּעטער איז מיר געלונגען צוריקצוקומען צו מיין אָפּטיילונג.

א חודש פאר דער באפרייאונג האָבן מיך פארהאלטן די א.ק.־לייט. נאָך אן אויספאָרשונג האָבן זיי מיך פארמשפּט צום טויט. זיי האָבן געוואָרט מיטן אויספירן דעם אורטייל ביז ס׳וועט קומען דער קאָמענדאנט. אָבער דער קאָמענדאנט האָט מיך באפרייט און געזאָגט: די מלחמה וועט זיך שוין באלד ענדיקן. גיי אין דאָרף און פיר אן אגיטאציע צווישן די פּאָליאקן, וואָס האָבן גאָט אין הארץ, אז זיי זאָלן העלפן פוילן. אָבער דו זאָלסט זיך נישט אויסמישן מיט אידן און פארטיזאנער, דו וועסט אומקומען צוליב זיי.

טוביה מילער האָט מיך געראטעוועט פון א סך געפארן. ער איז געווען א געבוירענער אין יענער געגנט און געווען באפריינדט מיט א סך פּאָליאקן.

אין דער פארטיזאנער־אָפּטיילונג בין איך געווען פון מאי 1943 ביז יוני 1944.

אין יוני 1944 זיינען די דייטשן אנטלאָפן קוים מיטן לעבן. ס׳האָט זיך דערנענטערט דאָס סאָוויעטישע מיליטער. מיר זיינען געוואָרן באפרייט. אין דער געגנט איז אָנגעקומען א סאָוויעטיש מיליטעריש שפּיטאָל און איך בין דאָרט אריין ארבעטן אלס קראנקן־שוועסטער. אין עטלעכע חדשים ארום האָב איך זיך דערוואוסט, אז אין לובלין זיינען שוין פאראן אידן, וועלכע זיינען באפרייט געוואָרן פון די דייטשע לאגערס און ארויס פון די וועלדער און בונקערס. סוף 1944 בין איך צוזאמען מיט טוביה מילער געקומען קיין לובלין. פון לובלין זיינען מיר געפאָרן קיין לאָדזש, כדי צו פייערן דאָרט אונזערע חתונה. פון דאָרט זיינען מיר געפאָרן קיין דייטשלאנד און אין 1949 האָבן מיר עולה געווען קיין ישראל וואו מיר געפינען זיך ביזן היינטיקן טאָג.

פון די 75 פארטיזאנער (52 מענער, 20 פרויען) זיינען געבליבן לעבן 17 און זיי זיינען צעשפּרייט איבער דער גאנצער וועלט. אין דער פארטיזאנער־אָפּטיילונג האָב איך דערקענט אָפּשטאמיקע פון קאליש: יוסף עליאשעוויטש — מיר האָבן אים גערופן ציגאן — פון דער נאַדוואַרנע־גאס, און יוסף טשארנע. יוסף עליאשעוויטש איז געפאלן בעת א צוזאמענשטויס מיט די דייטשן. ער איז אומגעקומען מיט א העלדן־טויט. זיי האָבן אים געפייניקט, כדי ארויסצובאַ־קומען פּרטים וועגן אונז, אָבער ער האָט געשוויגן ביז זיי האָבן אים דערהרגעט. יוסף טשארנע איז געבליבן לעבן און געפינט זיך מיט אונז.

איך וויל דערציילן וועגן א שטראָף איבער א פוילישן פאררעטער. אין אויספירן דעם אור־טייל האָב איך זיך באטייליקט.

קאַזשימיעזש שטאך, א פויער פון דאָרף פּיענקי, איז אנטלאָפן פון דאָרף צוליב דער מורא פאר די דייטשן, וואָס האָבן אים געזוכט. זיין שכן אין דאָרף (דעם נאָמען געדענק איך נישט) האָט אים געמסרט, אז ער איז א קאָמוניסט. ווען די דייטשן זיינען געקומען ארעסטירן שטאכן און אים נישט געטראָפן, האָבן זיי דערשאָסן זיין פרוי און די קינדער און פארברענט דאָס הויז.

קאזשימיעזש שטאָך האָט אונז נישט געלאָזו צו רו. ער האָט געפאָדערט, אז מ׳זאָל זיך נוקם זייו אין פאררעטער. ער האָט גדראָט, אז אויב מיר וועלן דאָס נישט טאָן, וועט ער אויף זיין אייגענער האנט זיך נוקם זיין, און דאן וועט ער דערהרגענען נישט בלויז דעם פאררעטער, נאָר אויך זיין פרוי מיט די קינדער. מיר האָבן דערצו נישט מסכים געווען און איינגעאָרדנט א משפט ווי עס איז געהער צו זיין. נאָך דעם אויסהערן קאזשימיעזש שטאָך, האָט מען ארויסגעטראָגן א טויט־אורטייל אויפן פאררעטער. אויף אויסצופירן דעם אורטייל זיינען באשטימט געוואָרן זעקס פערזאָן, צווישן זיי אויך איך. איך האָב באקומען די אויפגאבע צו וואכן אויפן וועג, כדי די גרופע זאָל נישט ארייכפאלן.

מיר זיינען אָנגעקומען אין דאָרף אין מיטן נאכט. יעדער האָט פארנומען זיין פלאץ. צוויי פאר־טיזאנער, איינער פון זיי א רוס מיטן נאָמען גרישע, זיינען אריין אין שטוב פון פאררעטער, אים ארויסגערופן אין דרויסן, פארגעלייענט פאר אים דעם אורטייל און אים דערשאָסן. מיר האָבן זיך אומגעקערט בשלום אין וואלד.

נאָך א פאל. סוף הארבסט 1943 האָבן די דייטשן שטארק פארפאָלגט די פארטיזאנער־אָפטיי־לונג. מיר האָבן זיך דערוואוסט, אז די דייטשן דערנענטערן זיך צו אונז און זיי גרייטן זיך אונז ארומצורינגלען. מיר זיינען געווען געצוואונגען איבערצוואנדערן אויף אן אנדער אָרט. איך האָב דעמאָלט געהאט א שווערע גריפע און די חברים האָבן נישט געוואוסט וואָס מיט מיר צו טאָן. טוביה מילער האָט מיך געטראָגן אין א זאק עטלעכע קילאָמעטער, פון סטאזעפיער וואלד ביז רויזשין. דאָרט האָט מען איינגעאָרדנט א צייטווייליקן בונקער, אין וועלכן איך בין געלעגן מיט שטארקן פיבער, ביז איך בין געקומען צו זיך און געזונט געוואָרן.

אין א חודש ארום האָבן מיר ווייטער געבומען וואנדערן אין וואלד, ביז מיר האָבן באגעגנט א פארטיזאנער־אָפטיילונג, וואָס איז באשטאנען פון אידן און פאָליאקן. זיי זיינען געווען 75 פער־זאָן, צווישן זיי ביי א 20 פרויען. מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אָפטיילונג. אין וואלד האָבן מיר זיך אויך אָנגעשטויסן אויף גרופעס פון א.ק., נ.ס.ז., א.ל. די א.ק.־לייט האָבן זיך באצויגן צו אונז זייער שלעכט און געוואָלט אונז דערהרגענען. אָבער אויך מיר זיינען געווען באוואָפנט.

קאָמאנדיר פון אונזער גרופע איז געווען טוביה מילער, איצט מיין מאן. אונזער גרופע האָט אויסגעפירט א סך דיווערסיע־אקטן: מיר האָבן איבערגעריסן די טעלעפאָן־דראָטן פון די דייטשן, ארומגערינגלט אן אָפטיילונג זשאנדארמען און צוגענומען זייער געווער א.א.

א סך צוזאמענשטויסן האָבן מיר געהאט מיט דייטשן. פיל פון זיי זיינען דערהרגעט געוואָרן, אָבער אויך פון אונדזערע פארטיזאנער זיינען א סך געפאלן. נאָך יעדן צוזאמענשטויס זיינען מיר אוועק אין אן אנדער פלאץ. פון צייט צו צייט האָבן זיך צו אונז אָנגעשלאָסן רוסישע געפאנ־גענע, וועלכע זיינען אנטלאָפן פון די דייטשע לאגערס, רוסישע פאראשוטיסטן און אויך איינצלנע פאָליאקן, וועלכע האָבן באשלאָסן צו קעמפן קעגן די דייטשן. די דאָזיקע פאָליאקן זיינען געווען סאָציאליסטן און קאָמוניסטן.

מיר האָבן ליקווידירט די פאָליאקן, וואָס האָבן קאָלאבאָרירט מיט די דייטשן.

עסנווארג האָבן מיר דערוואָרבן מיט קראפט ביי די פריצים און ביי רייכע פויערים, ס׳זיינען אויך געווען פאָליאקן, וואָס האָבן אונז געהאָלפן ביים באקומען עסנווארג און אפילו אליין אונז געבראכט שפייז־פראָדוקטן. נאָר אין די נאכט־שעהן פלעגן מיר ארויסגיין דורכצופירן אונזערע אקציעס. ביינאכט האָבן מיר געפונען א באהעלטעניש אין וואלד, אין דער געדיכטעניש פון די בוימער. מיר האָבן פארזוכט דעם טעם פון שלאגס־רעגנס און פון פרעסט איבער דרייסיק גראד. אויסער עטלעכע קאָצן האָבן מיר נישט געהאט מיט וואָס זיך צוצודעקן — נישט קיין װארעמע מלבושים, שיך אָדער בעטגעוואנט, א סך פון אונזערע מענטשן האָבן זיך צוגעקילט.

א סך צרות האָבן זיך געטראָפן ביי אונז. וועגן איין פאל וועל איך דערציילן. מיט אונז האָט זיך געפונען א פאָליאק מיטן נאָמען באגוט, פונעם דאָרף פיענעק. ער איז אנטלאָפן פון די דייטשן, וואָס האָבן אים געזוכט. ווען די דייטשן זיינען געקומען צו אים אין שטוב און אים דאָרט נישט געפונען, האָבן זיי געוואָלט ארעסטירן זיין פרוי. די פרוי האָט זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן

בעטן רחמנות. זי האָט צוגעזאָגט, אז אויב מ׳וועט זי לאָזן פריי, וועט זי אויסגעבן דעם פלאַץ, וואו ס׳געפינען זיך די אידישע פארטיזאנער, און ביי זיי — אויך איר מאן. אזוי ארום האָבן די דייטשן אונז איבערראשט אין וואלד און געפּנט אויף אונז א פייער. טוביה מילער איז פארוואונ־דעט געוואָרן אין קאָפּ. מיר האָבן זיך צוריקגעצויגן אין וואלד אונטערן שוץ פון דער שיסעריי, וואָס מיר האָבן געעפנט. אזוי זיינען מיר ניצול געוואָרן. צו אונזער גליק האָבן די דייטשן נישט געהאט קיין דרייסטקייט אריינצודרינגען טיפער אין וואלד.

געטאָ־טויער אויף שאָפּענא 4






# א קאַלישער מיידעלע

**מירקע בראַם**



דאָס ערשטע, וואָס איך געדענק (איך בין דאַן אַלט געווען 3 יאָר) איז די רייזע פון קאַליש צו מיין באָבן און זיידן קיין קאָנין. איך ווייס נישט צו דאַן איז שוין געווען די מלחמה, אָבער מיר האָבן שוין דאַן געהאַט גאַז־מאַסקעס. און מיר זיינען געלאָפן אין די סכראַנעס. נאָכדעם זיינען מיר צוריקגעפאָרן קיין קאַליש, און ס׳איז געווען די אויסזידלונג. די מאַמעשי האָט געמיינט, אַז אין דעם געגנט ווו עס האָבן פריער געוווינט אַ סך אידן און ווו איצט זענען פאַראַן ווייניק אידן, וועט נישט זיין קיין אויסזידלונג, און דאָרטן האָט זי אַהינגעפירט אויף מיין וועגעלע, אַ ביסל אונזערע זאַכן, און מיך. אָבער דאָרטן איז געקומען די אויסזידלונג נאָך פריער. די זאַכן זיינען אונז פאַרפאַלן געוואָרן, נאָר מיך האָט מיין מאַמעשי אָפּגענומען צוריק פון דאָרטן. מ׳האָט אונז אַוועקגעפירט אין דער מאַרק־האַלע און פון דאָרטן האָט מען אונז אין בהמות־וואַגאָנען געפירט קיין ווּלאַדאַווע. מיר זיינען געפאָרן אַ גאַנצן טאָג און אַ נאַכט. אין ווּלאַדאַווע האָט די מאַמעשי געדונגען אַ קליין צימער, און מיין פאָטער האָט געאַרבעט ביי אַ דייטש, וועלכער האָט געהאַט אַ סך וואַלד און פעלד און אַ הויז. די מאַמעשי האָט זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן זאַכן פון מיין זיידנס געוועלב אין קאַליש. דאָרטן זיינען געווען ברילן.

נאָכדעם האָבן די דייטשן געמאַכט אַ געטאָ. זיי האָבן צוגענומען ביי דער מאַמעשי אַלע ברילן. זיי האָבן אָנגעהויבן כאַפּן פרויען, אַלטע מענער און קינדער. כסדר האָט מען זיך געמוזט באַהאַלטן. דער טאַטע האָט געבעטן דעם דייטש, אַז ער זאָל דערלויבן צו באַהאַלטן אין וואַלד מיך און דער מאַמען. דאָרטן זיינען מיר געווען, ווען ס׳זיינען געווען גרויסע אַבלאַוועס. נאָכדעם האָבן די דייטשן געבויט אַ לאַגער, אַרומגעצוימט מיט דראָטן און אַלע האָבן געזאָגט, אַז אַמבעסטן וועט זיין צו אַרבעטן אין לאַגער, ווייל דאָרטן וועט מען קיינעם נישט דערהרגענען. אָבער אין לאַגער האָבן זיי קיין קינדער נישט געוואָלט נעמען, און די מאַמעשי האָט שטאַרק געבעטן דעם דייטש, אַז ער זאָל דערלויבן מיר אַריינצונעמען אין לאַגער. ווען אין דער נאָענט איז געווען אַ גרויסע אַבלאַווע, האָט די מאַמעשי מיך גענומען און דורך אַ פאַרקאָן מיט דראָטן זיינען מיר אַוועק אין לאַגער. ביים טויער פון לאַגער איז געשטאַנען מיין קוזין, און האָט אונז אַדורכגעלאָזן.

איין מאָל האָבן מיר זיך באַהאַלטן אין וואַלד, ווו דער טאַטעשי האָט געאַרבעט. מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין אַזאַ לאָך. דאָרטן זיינען געזעסן פיל מענטשן און געוואַרט ביז די שיסערייען וועלן אַדורכגיין. אין לאַגער האָב איך זיך געמוזט באַהאַלטן, כדי דייטשן זאָלן מיך נישט זען. ווען כ׳האָב געהערט טריט האָב איך זיך באַהאַלטן אונטער דער דעק, און לאַך פון אויוון. גאַנצע טעג האָב איך געמוזט זיצן אַליין. ווען דער טאַטעשי און די מאַמעשי זיינען אַוועק צו דער אַרבעט, איז מיר נישט דערלויבט געווען אַרויסצוגיין פון באַראַק. די טיר האָט געמוזט זיין אָפן אַ גאַנצן טאָג. איינמאָל איז געווען אַ אַבלאַווע. מ׳האָט געזאָגט אַז דאָס איז אַן אַקציע. מיין פאָטער האָט זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן. ער האָט געזאָגט, אַז אים דראָט נישט קיין געפאַר, און פאַרמאַכט פאַר אונז די טיר. מיר זיינען געווען באַהאַלטן מיט נאָך פרויען אין אַ וואַנט. מיר האָבן געהערט ווי אין לאַגער שיסט מען. נאָכדעם איז געקומען אונזער אַ באַקאַנטער פאַליאַק וועדנער און געזאָגט, אַז ס׳האָט זיך איינגעשטילט. אָבער מיין פאָטער איז נישט געווען. מיר האָבן נישט געוווּסט צי מ׳האָט דעם טאַטעשי דערשאָסן, אָדער אים גענומען און אַוועקגעפירט. האָבן די מענטשן געזאָגט, אַז מ׳האָט די מענטשן אַוועקגעפירט און פאַרברענט. דער דייטש וואָס האָט געהאַט דעם וואַלד, האָט געבויט באַראַקן, און פיל פרויען און מיין מאַמעשי זיינען אַוועק צו דער אַרבעט. מען האָט מיך פאַרשטעלט. דאָרטן אין קעלער האָט מען אַרויסגענומען פייכטע זאַמד, און דאָרטן האָט מען מיך באַהאַלטן. אָבער דער דייטש, ביי וועלכן מיין פאָטער האָט נאָך געאַרבעט האָט געוווּסט אַז איך באַהאַלט זיך און האָט אויף דעם מסכים געווען, אָבער אומלעגאַל. ער האָט געזאָגט, אַז אים איז נישט דערלויבט צו האַלטן קיין קינדער און ווען די פאַליציי

וועט מיך געפונען וועט מען מיך סיי־ווי דערשיסן. די מאמעשי האָט מסכים געווען.

נאכדעם האט זיך ווידער אנגעהויבן אן אקציע אויף פרויען און קינדער און קראנקע. און מיין מאמעשי האט מיך אפגעגעבן צו איין פויערטע פון אדאפאלא, דאס איז געווען זייער נאענט. מיין מוטער פלעגט קומען צו מיר, און איך פלעג גיין צו איר. אלע האבן זיך אנגעשטויסן, אז איך בין א יידישע. איינמאל בין איך געווען ביי דער מאמען, און גייענדיק צוריק אין דארף האב איך באגעגנט א פור מיט דייטשן, און האב גארנישט פארגעפילט קיין שלעכטס. דערווייל זאגן די מענטשן פון דארף, אז די דייטשן האבן ארומגערינגלט דעם דארף און וועלן שיסן יידן. כ׳האב דאן שטארק געוויינט און מורא געהאט פאר דער מאמעשי. איינער א בעל־בית האט מיך שטארק געטרייסט, אז אפשר איז דאס נישט אמת. אויפן אנדערן טאג איז ער אוועק און צוריקקומענדיק געזאגט, אויב כ׳וויל זען צום לעצטן מאל די מאמעשי זאל איך מיט אים מיטגיין, ווייל די מאמעשי ליגט א דערשאסענע אין טייך. אבער איך האב נישט געוואלט זען די מאמע א דערשאסענע.

אין דריי טעג ארום זיינען געקומען די דייטשן און האבן אלע יידן אין זאוואדע דערשאסן, און זיי אריינגעווארפן אין טייך. זיי האבן געזוכט אומעטום, אין די שטאלן, אין שאפן און מיין פויערטע האט מיך באהאלטן אויפן אויווון הינטערן האלץ, און ווען די דייטשן זיינען אוועק האט זי מיך שוין מער נישט געוואלט האלטן, ווייל עמיצער קען אויסזאגן. זי האט מיר אוועקגעפירט אין דארף וויבריך, און דארטן איז זי מיט מיר געגאנגען צום וויט און געזאגט, אז זי האט מיך געטראפן אויפן וועג און אז דער וויט זאל מיך מאכן פאר א פאסטושקע, דער וויט האט מיך געפרעגט ווער איך בין, און איך האב געענפערט אזוי ווי מיך האט אויסגעלערנט די שוסטאקאווע, אז כ׳האב נישט קיין טאטע, קיין מאמע, און איך גיי פון ווארשע, אבער דער וויט האט זיך נישט געוואלט מיט מיר פארנעמען און מיך אפגעגעבן קיין וולאדאווע צום סטאראסטא. ס׳איז שוין געווען פינצטער און די סטאראסטווא איז געווען פארמאכט. האט דער פויער מיך געלאזט אין גאס און געהייסן גיין ווו כ׳וויל. און איך האב נישט געהאט ווו צו גיין, ווייל אין וולאדאווע האבן מיך דאך אלע געקענט. כ׳האב אנגעהויבן צו אנטלויפן און געוואלט צוריקגיין אין וואלד. און אזוי, גייענדיק אויפן וועג פון וואלד זיינען געשטאנען צוויי יינגלעך און געפרעגט ווו איך גיי? איך האב געענטפערט: קיין וויבריק. דאן האבן זיי אויסגערופן: דו ביסט א ייד? און געהייסן מיך בעטן (תפילה טאן). איך האב זיך געניגט און געזאגט דעם פאציעזש פון הייליקן פאטער, ווייל איך האב אים געקענט, אבער פארגעסן צום סוף זיך צו געזעגענען, און זיי האבן אויסגערופן: דו ביסט א אידישע, א אידישע, און ביי מיר צוגענומען מיין מאנטעלע וואס דאָרטן האָב איך געהאט מיין געבעט ביכעלע, וואס די שוסטאקאָווע האָט מיר געגעבן, און בין אנטלאפן אין א צווייטן הויף און דארטן איבערגענעכטיקט, און דאן געגאנגען קיין אדאמפאלע. דאן האט די שוסטאקאָווע געזאָגט, אז כ׳מוז גיין צום גלח קיין וולאדאווע און ער וועט מיר געוויס העלפן. זי איז מיט מיר געגאנגען קיין וולאדאווע דורך גערטנער און פעלדער, אז קיינער זאל נישט זען, און צוגייענדיק צום קלויסטער האט זי מיך איבערגעלאזט און געזאגט, אז כ׳זאל צו איר מער נישט קומען, ווייל דאס וועט זיין אן אומגליק. איך בין געגאנגען צום קלויסטער, געזוכט דעם גלח, און אים נישט געזען. איך האב געטראפן א יינגל, געפרעגט ווו דער גלח געפינט זיך, און דאס יינגל: דו ביסט א אידישע, א אידישע — און אנטלאפן. אבער איך האָב דערזען דעם גלח. איך בין א יתומה — האָב איך געזאָגט — כ׳בעט מיר העלפן. דער גלח האט געשמייכלט: דו וועסט גיין צו דער דאקטארין אזשעכאווסקא, זאג, אז איך האב דיך געשיקט, און מיר געגעבן דעם אדרעס.

איך האב געוווסט ווו די דאקטארין וווינט, אבער זיך נישט מודה געווען, ווייל כ׳האב געמאכט אן אָנשטעל אז כ׳בין נישט פון וולאדאווע. אבער די דאקטארין האט מיך גלייך דערקענט, אויך דער דאקטאר האט מיך דערקענט. זיי האבן מיר געזאגט, אז כ׳זאל נישט מורא האבן און זיך מודה זיין. איך האב זיך צעוויינט און זיך אין אלעם מודה געווען. דאן האט די דאקטארין מיך אוועקגעשיקט צו א גלח אין דארף. ער האט געוווסט, אז כ׳בין א אידישע, אבער מיך געלערנט ווי מ׳דארף ריידן, אז קיינער זאל מיך נישט אָננעמען פאר קיין אידישע.

דארטן בין אין געווען עטלעכע טעג, און דערנאך איז געקומען צו פארן ביינאכט די דאקטארין

אזשעכאווסקא מיטן מאַן און האָבן מיך צוגענומען און אַפּגעפירט קיין כעלם, צום רויטן קרייץ. זי האָט מיך אויסגעלערנט, אַז איך הייס מאַרושאַ מאַלינאַוסקאַ, 8 יאָר אַלט. אַז איך שטאַם פון מאַדלין, געבוירן אין פּרוזשאַנאַ, אַז דער טאַטע איז געווען אַ מאַיאָר און די מאַמע איז געשטאָרבן, און דעם פּאַטער האָבן די דייטשן גענומען אין געפאַנגענשאַפט. די פרוי אזשעכאווסקא האָט באַשטעטיקט, אַז זי קען מיך און געבעטן זיך מיט מיר צו פאַרנעמען. כ׳בין דאָרט איבערגעבליבן. איין פרוי האָט מיך געוואָלט נעמען צו זיך פאַר איר קינד, אָבער ס׳איז געקומען אַ צווייטע פרוי, וועלכע איז געווען רייכער, האָט געהאַט מער רעכט און מיך צו זיך גענומען. די פרוי האָט געהאַט אַ צווייטן מאַן, אַ זון פון אַ דייטש, און האָט געוואָלט ווערן אַ פאָלקס־דייטש. דאַן האָט מען געדאַרפט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ קאָמיסיע, און די פרוי קרעדלאַווא האָט מיך געפרעגט צי איך בין נישט צופעליק אַמאָל אַ אידישע. אויב יאָ, קען איך זיך צו קיין קאָמיסיע נישט צושטעלן, ווייל זיי וועלן נעמען בלוט פון אויער און באַלד דערקענען. אָבער איך האָב זיך נישט מודה געווען, כאָטש איך האָב קיין לוסט געהאַט זיך צוצושטעלן צו דער קאָמיסיע, אָבער כ׳האָב זיך געוואַגט צוצושטעלן.

דאָרטן זיינען געווען אַ פּאָר דייטשן. זיי האָבן מיך געפרעגט פאַרשידענע זאַכן, ווו כ׳האָב געלעבט פאַר דער מלחמה, אויף וואָס מיין מאַמעשי איז קראַנק געוואָרן, וואָס כ׳האָב געגעסן. זיי האָבן מיר געקוקט גלייך אין די אויגן, און געהייסן מיך גלייך קוקן. דערנאָך האָבן זיי מיך געהייסן גיין אין צימער אַהין און צוריק, כדי אין גאַנג צו דערקענען צי כ׳בין אַ יידישע. אָבער זיי האָבן נישט דערקענט ווייל זיי האָבן געזאָגט, אַז כ׳קען זיין אַ דייטשקע.

זיי האָבן מיך דערנאָך אַרויסגעגעבן אַ דייטשע קענקאַרטע, אָבער וועגן דעם האָט קיינער נישט געוווּסט, אַפילו נישט די טאָכטער פון דער פרוי, וואָס איז געקומען פון קראַסניסטאַוו. ווען מיר האָבן באַקומען די דייטשע קענקאַרטע האָט די פרוי קרעדלאַווא געדונגען אַ וואָגאָן און מיט אַלע זאַכן צוגעפאָרן קיין מעראָוו, נאָכדעם קיין קראָקאָ, און מיר האָבן געוווינט אויף דלוגאַ 11.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט האָט מיר די פרוי געזאָגט, אַז זי מוז פאָרן קיין ראַדאָם און קען מיך נישט מיטנעמען מיט זיך, נאָר וועט מיך אָפּגעבן אין אַ יתומים־הויז. דער יתומים־הויז איז דעם צווייטן טאָג אַפּגעפאָרן קיין פּושעמיק ביי דער ווייסל, און איך בין מיטגעפאָרן מיט די קינדער. אָבער אין נײַ־בריסק איז דער אויטאָ קאַליע געוואָרן און מיר זיינען געבליבן שטיין פאַר דעם רעסטאָראַן פון די פרוי פּיראַלסקאַ. כ׳בין איר זייער געפעלן געוואָרן און זי האָט מיך גענומען צו זיך. כ׳בין ביי איר געבליבן ביז די סאָוויעטישע אַרמיי איז אַריין. די פרוי פּיראַלסקאַ האָט זיך אויסגעדוכט, אַז כ׳בין אַ יידישע. אָבער איך האָב זיך קיינמאָל נישט מודה געווען. ווען ס׳זיינען שוין געווען די סאָוויעטן האָט די פרוי פּיראַלסקאַ מיר צוגערעדט, אַז איך זאָל זיך מודה זיין. אפשר וועט זי קענען אָפּגעפינען עמיצן פון מיין משפחה. כ׳האָב געוווּסט, אַז מ׳וועט מיר גאַרנישט טאָן ווייל די דייטשן זיינען שוין נישטאָ און געזען, אַז אַנדערע אידן זיינען דאָ, האָב איך זיך מודה געווען, און די פרוי האָט געזאָגט צום הער שטרויסבערג, אַז ער זאָל מיך צונעמען קיין קראָקע, אָבער געבעטן קיינעם נישט צו זאָגן אַז כ׳בין אַ אידישע, ווייל מענטשן וועלן זאָגן, אַז זי האָט צוגענומען ביי אידן ס׳פאַרמעגן. אין אָוונט בין איך געקומען צום הער שטרויסבערג און מיט אים און די פרוי צוגעפאָרן קיין קראָקע.

פאַרשריבן דורך י. קלעטשעווסקי



# כ׳בין געבליבן



**העלא טענצער־לעווי**

עם ערשטן סעפטעמבער 1939 האָבן די פּאָליאַקן אָנגעהויבן אויפרייסן די בריקן. זיי האָבן אָפּגעטראָטן. דרע פאקט איז געווען פאר די אידן א צייכן צו פארלאָזן די שטאָט. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אז אלע אידן אנטלויפן. מיין מוטער איז געלעגן אויפן טויטן־בעט. איך האָב געשאפן א וואָגן פאר מיינע עלטערן, און איך בין אוועק צו פוס קיין טורעק. פון דאָרט זיינען מיר ווייטער געגאנגען קיין קויל. אויפן וועג האָבן דייטשע עראָפּלאַנען באשאָסן די וואנדערער. דערפאר ווייל די דייטשן האָבן אונז כסדר אָנגעיאָגט, זיינען מיר יום־כפור צוריקגעקומען קיין קאליש. מיין מוטער האָט געהאט א זכיה צו שטארבן מיט א נאטירלעכן טויט.

מיין ערשטע באגעגעניש מיט די דייטשן: זיי זיינען אריין אין שטוב און געשלאָגן מיין פאָטער פאר מיינע אויגן. די ערשטע גזירה: אידן מעגן וואוינען בלויז אויף די גאסן נאווא און טשאסנא. די ארויסגעטריבענע, איינוואוינער פון אנדערע גאסן, זיינען געוואָרן איינגעאָרדנט אין שול און אין תלמוד־תורה. ווען מ׳האָט באפוילן די אידן אין יאנואר 1940 צו פארלאָזן די שטאָט, האָט מיין פאָטער געוואָלט פארבלייבן אין תלמוד־תורה. אונז האָט מען פיר אזייגער פאר טאָג ארויסגענומען באָרוועסע און נאקעטע און אונז אויפגעלאדן אויף פארמאכטע וואגאָנען. נאָך עטלעכע טעג זיינען מיר אָנגעקומען קיין סאָקאָלאָוו. א גרופּע אידן איז אוועק קיין קאָסאָוו, איך בין געווען צווישן זיי. די לעבנס־באדינגונגען זיינען געווען אומדערטרעגלעכע, און דערפאר האָב איך באשלאָסן אוועקצופאָרן קיין לובלין. איך האָב אראָפּגענומען דעם מגן־דוד און בין אריין אין שטאָט.

אין קהילה־הויז האָב איך געטראָפן באקאנטע פון קאליש. איך האָב זיך איינגעאָרדנט אין א אידישער שטוב און געוואוינט דאָרט א צייט. אָבער ווען מ׳האָט ארויסגעטריבן די אידן פון יענער גאס, בין איך אוועק ערגעץ אנדערש. איך האָב געארבעט ביי קריסטן ביי נייען פוטערס. ביינאכט פלעג איך צוריקגיין אין געטאָ. ס׳איז אויסגעבראָכן א טיפוס־עפּידעמיע און איך האָב באשלאָסן צו וואנדערן ווייטער. איך האָב זיך איבערגעטאָן אלס פויערטע און אוועקגעפאָרן קיין פארטשעוו. אויך דאָרט האָב איך אין דער קהילה געטראָפן עטלעכע קאלישער און געפונען א ווינקל אין געטאָ. אבער די דייטשן האָבן פארשטארקט די רדיפות. אידן האָבן אָנגעהויבן בויען בונקערס.

איך האָב אויסגעבראָכן א לאָך אין דער וואנט פון מיין צימער, די אייגנטימערן פון דער דירה איז אנטלאָפן און מיר איבערגעלאָזן א ייִנגעלע פון 7 יאָר, אלתר שערמאַן. צוזאמען מיטן קינד האָב איך פארבראכט אין דער באהעלטעניש צוויי טעג, אָן עסן און טרינקען. אויפן דריטן טאָג בין איך ארויס זוכן עסן. א קריסטלעכע שכנה האָט מיך געראטן צו אנטלויפן פון שטאָט, ווייל די דייטשן הרגענען אויס די אידן. איך בין אנטלאָפן. אויף דער בריק האָב איך געבראָדזשעט אין דעם בלוט פון די אידן, וואָס זיינען דאָרט פריער דערשאָסן געוואָרן.

איך האָב זיך באהאלטן אין א שייער אין א סטערטע היי. איך האָב געהערט דעם שמועס פון די פויערים וועגן דער גרויסער אידישער שחיטה, די גוואלדן פון די אומגליקלעכע. ביי א ג׳ינסטיקער געלעגנהייט בין איך ארויס פון באהעלטעניש און אוועק צוריק אין שטעטל. די שחיטה איז שוין געווען פארענדיקט און ס׳האָט געהערשט א שטילקייט. איך האָב נישט געטראָפן אפילו קיין איין איד. איך האָב זיך געגנבעט איבער די גאסן. א פוילישער פּאָליציאנט האָט מיך געכאפּט. מיט געבעט און געוויין, מיט א ברילאנטן רינגל און דריי הונדערט זלאָטעס האָב איך זיך געראטעוועט פון זיינע הענט.

איך בין געלאָפן אין דער ריכטונג פון דער באן־סטאציע. דערנעבן האָט געוואוינט ד״ר פּיעקארסקי, אן איידעלער קריסט, אן אָפּשטאמיקער פון פויזן. ער פלעגט העלפן אידן. ד״ר פּאטאלאָווסקי פון קאליש איז געווען זיינער א פריינד. ד״ר פּיעקארסקי האָט מיך אויסבאהאלטן

ביי זיך אין הויז דריי טעג. דאַן האָט ער מיר געגעבן 50 זלאָטעס און ער האָט מיר פאַרגעלייגט צו פאָרן מיט א גרופע פּאָליאַקן — איך האָב אויסגעזען ווי א פּאָלקע — אויף ארבעט קיין דייטש־לאַנד. ביינאַכט בין איך ארויסגעפאָרן מיט דער באַן קיין לובלין, צום זאַמלפּונקט פון די פּאָליאַקן, וואָס פאָרן קיין דייטשלאַנד.

דער פּוילישער לאַגער איז געווען ארומגענומען מיט שטעכדראָט. אָן שוועריקייטן האָב איך זיך ארייַנבאַקומען אינעווייניק. איך האָב געטראָפן די פּאָליאַקן זינגענדיקע און טאַנצנדיקע. ביים פאַרשרייבן מיך האָב איך זיך פאַרגעשטעלט אלס העלענא קאַרנאַצקאַ. מיינע דאָקומענטן האָב איך פאַרלוירן. אין דער באַד האָב איך אנטדעקט נאָך אַזעלכע „פּאָלקעס" ווי איך. מיר האָבן זיך איבערגערעדט בלויז מיט די אויגן. שפּעטער האָט מען די גרופּע פון 1500 פרויען ארויסגעשיקט קיין זאַקסן, אָבער ווען מיר זיינען אהין אָנגעקומען, האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז אונזער ארבעט איז דאָרט נישט נייטיק. מ'האָט אונז צוריקגעפירט קיין פּוילן. די באַן איז אָנגעקומען פאַרטאָג צו דער לעצטער סטאַציע. איך האָב דערזען, אַז איך געפין זיך אין אוישוויץ.

אויפן וועג צום באַראַק האָב איך געווײנט. אַן ס.ס.־מאַן האָט מיך אָפּגעשטעלט און געפרעגט פאַרוואָס איך וויין. אין א צעבראָכענעם דייטש האָב איך אים געזאָגט, אַז איך בין א שניידערקע, און אַז איך קען נישט פאַרטראָגן די קעלט. ער האָט פאַרצייכנט מיין נאָמען. צו מאָרגנס ביים אַפּעל האָט מען זיך געפרעגט ווער עס קען א ביסל דייטש. פון דער ריי זיינען ארויסגעטראָטן 11 פרויען און איך צווישן זיי. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז צען פון זיי זיינען געווען אידישע. זיי האָבן אונז באַשעפטיקט ביי ביוראָ־ארבעט. מיך, צוזאַמען מיט א זעכצן יאָריק מיידל פון לוקאָוו, האָט מען אוועקגעשיקט ארבעטן אין הויז פון דעם ס.ס.־מאַן, וואָס האָט מיך געפרעגט פאַרוואָס איך וויין. זיין נאָמען איז געווען שמיץ. אָבער א צווייטער ס.ס.־מאַן, שניידער, האָט מיך גענומען צו זיך אהיים. זיין פרוי האָט מיך געהייסן וואַשן וועש. איך האָב געענטפערט, אַז איך קען נישט גוט וואַשן און איך וועל זיכער קאַליע מאַכן די וועש. ווען שניידער איז געקומען עסן מיטאָג, האָט ער מיר צוגעשטעלט דעם רעוואָלווער צום קאָפּ און מיך באַפוילן צו פּאָלגן. איך האָב געוואַשן א גאַנצע נאַכט. אכט טעג האָט מען מיך דאָרט געפּייניקט און געשלאָגן.

שפּעטער האָב איך געארבעט אלס דערלאַנגערין אין קאַנטינע. א פּוילישע האָט געמסרט א אידיש מיידל, וואָס האָט אויסגעזען ווי א פּאָלקע. מ'האָט דאָס מיידל אוועקגעפירט אין קרעמאַ־טאָריע. פון גרויס שרעק האָב איך אין שלאָף גערעדט אידיש. די לייטערין פון לאַגער, א אידישע, האָט מיר פאַרגעלייגט צו אנטלויפן. דערווייל האָט מען מיך גענומען צו דער ארבעט אין שטוב פון אַן אנדערן דייטש, שילער, וועלכער האָט געוואוינט אין באַביס, 6 קילאָמעטער פון די קרעמאַ־טאָריעס אין בירקענאו. אין יענעם הויז בין איך געווען ביז וויינאַכט־חגא 1943. ביינאַכט פלעג איך זען דעם רויך פון די קראַטערס און דעם הימל, וואָס איז געווען באַלויכטן פון די פלאַמען. איך האָב געוואוסט דעם באַדייט פון דעם דאָזיקן פייער.

מ'האָט אָן אויפהער געבראַכט צוגן מיט אידן. די וואַגאָנען האָבן זיך פאַרהאַלטן נעבן הויז, וואו איך האָב געאַרבעט, און פון דאָרט האָט מען די אידן געיאָגט גלייך אין די אויוונס אריין. צו מאָרגנס פלעגן קומען די פּאָליאַקן, כדי צוצורויבן די זאַכן, וואָס זיינען געבליבן אין די וואַגאָנען.

דערווייל זיינען געקומען שווערע טעג אויך פאַר דער פאַמיליע שילער. ביסלעכווייז האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען נישט אַזעלכע פרומע נאַציס. אין דער פרי האָט דער ראַדיאָ געמאָלדן וועגן דער קאַפּיטולאַציע פון פאָן פּאַולוס. פרוי שילער האָט מיר געזאָגט, אַז פּאַולוס איז איר פּלימעניק. שילער האָט באַשלאָסן צו אנטלויפן קיין ברעסלאַו. אין ברעסלאַו האָבן מיר זיך געדאַרפט מעלדן אין דער פּאָליציי, כדי צו באַקומען ברויט־קאַרטן. שילער האָט באַשטעטיקט, אַז איך בין א פרומע קאַטוילישע. אין עטלעכע טעג ארום האָט מען אלע פּאָליאַקן גענומען צו צוואַנגס־ארבעט. שילער האָט זיך באַמיט ביי דער מאַכט, אַז מ'זאָל מיך לאָזן אין שטוב. אין עטלעכע טעג ארום האָט די פאַמיליע שילער באַשלאָסן אוועקצוגיין קיין זאַקסן. מיר זיינען געגאַנגען צו פוס. מיר האָבן געזען דעם דייטשן חורבן. מיין הארץ האָט אָנגעקוואָלן, אָבער איך האָב געמוזט באַהאַלטן די פרייד פאַר מיינע בעלי־בתים.

אין מערזענבורג האָט שילער באַקומען ארבעט אלס אינזשעניר. די שטאָט איז פיל מאָל באָמבאַרדירט געוואָרן. די דייטשן האָבן מיך נישט אריינגעלאָזט אין שוץ־קעלער, ווייל איך בין

דאָך א פוילישע. די פרוי שילער האָט געפועלט, אז מ׳זאָל מיך יאָ אריינלאָזן אין שוץ־קעלער. איך האָב געוואוינט ביי דער פאמיליע שילער ביז די רוסן זיינען אָנגעקומען. די רוסן האָבן באפוילן די פּאָליאקן זיך אומקערן אהיים.

ערב שבת האָב איך געהערט א ראדיאָ־פּראָגראם פון בערלין, און פּלוצים האָב איך דערהערט „אל מלא רחמים״. איך האָב געחלשט. דערנאָך האָב איך אויסגעזאָגט דער פאמיליע שילער, אז איך בין א אידישע. זיי האָבן מיר געבעטן בלייבן מיט זיי, איך האָב אָבער געענטפערט, אז איך האָב א שוועסטער אין פוילן און חוץ דעם וויל איך זיך אומקערן צו מיין אידישן נאָמען. פרוי שילער איז געפאָרן מיט מיר קיין לייפּציג, כדי ארויסצובאקומען פאר מיר אין דער אידישער קהילה א דאָקומענט, אז איך בין א אידישע. די קהילה־לייט האָבן מיר נישט געוואָלט גלויבן און עקזאמינירט מיך אין אידישע דינים און מנהגים. ווען איך האָב אויסגעהאלטן דעם עקזאמען, האָב איך זוכה געווען צו באקומען אויף דאָס ניי מיין אידישן נאָמען.

איך האָב זיך דערוואוסט, אז מיין שוועסטער געפינט זיך אין פאריז און איך בין אוועק קיין פראנקרייך. איך האָב זיך געזעגנט מיט דער פאמיליע שילער, וואָס האָט געראטעוועט מיין לעבן. ביז איצט שטייען מיר אין א בריוולעכער פארבינדונג.




# מיט פארטיזאנער

**יהושע גאָלדבערג**



ביים אויסברוך פון דער מלחמה האָב איך געוואוינט אין פויזן. איך בין געווען א פוטער־הענדלער. באקאנטע דייטשן האָבן מיך גערעטן צו פארלאָזן די שטאָט. איך בין אוועק קיין ווארשע צוזאמען מיט מיין משפחה, מיין פרוי מיט מיינע צוויי קליינע יינגלעך. אין ווארשע האָב איך זיך דערוואוסט אין הויז פון פועלי־ציון, אז 50 פארטיי־מיטגלידער וועלן האָבן מעגלעכקייט צו פארלאָזן פוילן און דערפאר בין איך אוועק קיין ווילנע. נאָענט פון ווילנע האָט מען אונז פארהאלטן און געשיקט קיין לידע, און פון דאָרט קיין ניעסוועזש, וואו מיר האָבן געוואוינט א יאָר.

איינמאָל אינדערפרי האָט מען דורכגעפירט א סעלעקציע און פון 6 טויזנט מאן האָט מען אויסגעקליבן 500 צו דער ארבעט. איך בין געווען צווישן די גליקלעכע. 562 פערזאָן האָבן זיך געראטעוועט (צוזאמען מיט יענע, וואָס האָבן זיך באהאלטן) און מ׳האָט זיי דערנאָך ארייַנגעפירט אין געטאָ. די איבעריקע האָט מען דערשאָסן אין די דערבייאיקע וועלדער.

די באדינגונגען אין געטאָ זיינען געווען שווערע. מיר האָבן געשאפן א קאמפס־גרופע פון 10 פערזאָן. אין שפיץ פון דער גרופע זיינען געשטאנען באפרייטע אָפיצירן. מיר האָבן געזוכט געווער, אָבער מיר האָבן נישט באקומען וואו עס צו קויפן. מיר האָבן באשלאָסן אויסצוארבעטן פייל־און־בויגנס. א שלאָסער לאכאָוויצקי (איצט אין ישראל) האָט מיר צוגעגרייט א הילצערנעם בויגן און אייזערנע פיילן. ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דאָס איז א ווירקזאם געווער. מיר האָבן באשטעלט א געוויסן קוואנטום בויגנס, אָבער דער יודענראט האָט זיך דאָס דערוואוסט, און דער פאָרזיצער, אדוו. מאגאליף פון ווארשע, האָט אונז גערופן און פארווערט צו פירן אזא טעטיקייט. אָבער מיר האָבן ווייטער אויפגעהאלטן די גרופע און מיט דער צייט אפילו באקומען געווער: צוויי ביקסן, פיר רעוואָלווערן, עטלעכע האנטגראנאטן און א מאשין־געווער, וואָס האָט נישט געארבעט. דאָס געווער איז געוואָרן באזאָרגט דורך מיידלעך, וואָס האָבן געארבעט אין דער דייטשער קאָמאנדשאפט.

מיר האָבן געוואוסט אז דער געטאָ וועט ווערן אומגעבראכט. אפילו דער יודענראט האָט געשאפן א שוץ־גרופע און אויסגעארבעט א פארטיידיקונגס־פלאַן. ס׳איז געוואָרן באשלאָסן אונטערצוצינדן א סטויג היי אלס סימן פאר אן אויפשטאנד, בעת די דייטשן וועלן נעמען ארומרינגלען דעם געטאָ. אָדער איינער וועט דאן אונטערצינדן זיין הויז און זוכן א וועג צו אנטלויפן אין שטאָט אריין. מיר האָבן זיך אָנגעשלאָסן צו דער גרופע פון יודענראט, אָבער גלייכצייטיק האָבן מיר ווייטער אויפגעהאלטן אונזער אונטערערדישע גרופע.

אין איינער א נאכט איז דער געטאָ געוואָרן ארומגערינגלט. מיט זיכערע טריט בין איך אוועק צום וואך־הויז. די ווייסרוסישע פאָליציאנטן האָבן געמיינט, אז איך בין א געטאָ־פאָליציאנט און זיי האָבן צו מיר נישט געשאָסן. אין וואך־הויז האָב איך געטראָפן מאגאליף און אנדערע. זיי האָבן געזאָגט, אז ס׳איז נאָך נישט קלאָר צו וואָס מ׳האָט ארומגערינגלט דעם געטאָ און זיי ווילן נישט נעמען אויף זיך די אחריות פאר זיין אומקום. איך בין צוריק אוועק אויף מיין פאָזיציע און פארבונדן זיך מיט אונזער גרופע. מיר האָבן באשלאָסן צו אנטלויפן.

מיט זעקס חדשים פריער האָבן מיר אויסגעגראָבן א בונקער מיט א מאסקירטן ארויסגאנג אין דרויסן. מיר האָבן באשלאָסן צו ווארטן ביז ס׳וועט נעמען טאָגן. אפשר וועט מען אונטערצינדן דעם סטויג היי. ווען ס׳האָט גענומען גרויען אויף טאָג, האָבן מיר דערהערט א געשריי: די פאָליציאנטן האָבן באפוילן די אידן צו זאמלען זיך אין שול. מיר האָבן פארשטאנען. אז דער יודענראט האָט פארראטן, און דאן האָבן מיר באשלאָסן אראָפצוגיין אין אונזער בונקער. מיר זיינען דאָרט געווען זיבן פערזאָן. ביינאכט זיינען מיר ארויסגעגאנגען איינציקווייז. מיר האָבן באשטימט א פונקט אין וואלד, וואו זיך צו טרעפן. איך בין ארויס מיט מיין עלטסטן זון פון 13 יאָר, און אין משך פון איין מינוט זיינען מיר געוואָרן אָפגעריסן פון דער גרופע. מיין פרוי

מיטן קלענערן זון זיינען פארשוואונדן. מיר האָבן געוואָרט ס׳זאָל ווערן ליכטיקער אין דרויסן, אָבער לענגער האָבן מיר נישט געטאָרט וואַרטן. מיר זיינען אוועק אין וואַלד. דעם טאָג האָבן מיר פארבראכט זיצנדיק אויף א בוים און ביינאכט זיינען מיר אָנגעקומען אויפן פונקט פון דער טרעפונג. מיר האָבן דאָרט קיינעם נישט געטראָפן. פון שטעטל איז צו אונז דערגאַנגען דער אָפּהילך פון א שיסעריי. מיר האָבן געגעסן וואַלד־ניסלעך און געשלאָפן אויף דער נאַקעטער ערד. אינדערפרי האָב איך זיך באַגעגנט מיט א גרופּע אידן פון געטאָ (נאָך דער מלחמה האָב איך זיך דערוואוסט, אז דעם סטויג־היי האָט מען אונטערגעצונדן, אָבער א ביסל שפּעטער). פון זיי האָבן מיר זיך דערוואוסט וועגן אומקום פון געטאָ. די אידן, וואָס האָבן געהאַט געווער, האָבן געשאָסן. איין איד האָט אַרויסגעריסן א ביקס פון א דייטש און אים דערהרגעט, אָבער א צווייטער דייטש האָט אים באַלד דערשאָסן. די דייטשן האָבן תיכף דערהרגעט מאַגאַליפן און אַנדערע מיטגלידער פון יודענראַט. די אידישע יוגנט האָט געשטעלט א ווידערשטאַנד און אונטערגעצונדן הייזער. אין דער בהלה איז 12 פּערזאָן געלונגען צו אַנטלויפן. איינער פון אַנטלאָפענע, לאַנגמאַן פון וואַרשע איז געקומען מיט אָפּגעסמאַלעטע הענט. אויך צוויי מיידלעך זיינען געקומען. איינע פון זיי האָט זיך אויפגעהאַנגען.

אָן געווער האָבן מיר נישט געקענט עקזיסטירן אלס גרופּע און מיר האָבן באַשלאָסן זיך אָפּצוטיילן. איך מיט מיין זון גבריאל און כישין פון סטאָלפּצי זיינען געגאַנגען צוזאַמען. דערנאָך האָבן מיר זיך דערוואוסט, אז אלע איבעריקע זיינען אומגעקומען דורך די ווייסרוסן. כישין האָט פאַרמאָגט גאָלדענע מטבעות, אָבער אונז האָט זיך נישט איינגעגעבן צו קויפן ברויט. מיר זיינען אוועק אין דער ריכטונג צו סטאָלפּצי, וואו כישין האָט געהאַט קרובים.

נאָך פינף טעג גאַנג זיינען מיר אָנגעקומען קיין סטאָלפּצי. מיר זיינען אריין צו א פּויער אין הויז. צום גליק איז ער געווען פון די סובאָטניקעס (קריסטן וואָס היטן שבת). ער האָט אונז געגעבן צו עסן, נישט גענומען ביי אונז קיין גראָשן און געוויזן אונז א זיכערן וועג אין שטאָט אריין. דער יודענראַט האָט אונז פארווערט צו בלייבן אין שטאָט, אָבער ער האָט אונז געגעבן א ווינקל אויף צוויי טעג. כישין איז געבליבן ביי זיינע קרובים. מיר האָבן געאַרבעט אין א טאַרטאַק און ביינאַכט פלעגן מיר אוועק אין נאָענטן וואַלד. לסוף זיינען מיר אוועק קיין מיר.

דער מירער געטאָ האָט זיך געפונען אין אָפּגעבערענטן פּאַלאַץ פון גראַף מירסקי. ער איז געווען אַרומגענומען מיט א ריזיקער מויער און ביים אייזערנעם טויער זיינען געשטאַנען אידישע פּאָליצײַ. ביינאַכט האָט מען אויפגעוועקט א בחור אילקאָך און מיך אוועקגעפירט אין א בונקער. דאָרט האָב איך געטראָפן א גרופּע אידן. זייער אָנפירער איז געווען משה נאכאס. זיי האָבן געהאַט צו מיר צוטרוי, ווייל מיר האָט זיך איינגעגעבן אָנצוקומען פון ניעסוויזש קיין מיר. מ׳האָט מיר איבערגעגעבן, אז אין דער קאָמענדיקער נאַכט וועלן פערציק יונגע מענטשן פאַרלאָזן דאָס געטאָ. געווער האָבן זיי באַקומען פון א אידישן יונגנמאַן, וואָס איז ענלעך צו א פאָלקס־דייטש, דינט אלס געהילפס־קאָמענדאַנט און איז באַליבט ביי די דייטשן. אָט דער יונגערמאַן האָט אוועקגעשיקט אלע פּאָליציאַנטן אין אן אַנדער ריכטונג, כדי מיר זאָלן קענען אַרויסגיין.

אין דער קומענדיקער נאַכט זיינען מיר טאַקע אַרויס דורך די לעכער אין מויער, אָבער דערווייל האָט מען זיך דערוואוסט דעם סוד, און אַנשטאָט פערציק, זיינען אַרויס הונדערט און פופציק פּערזאָן. אָבער געווער האָבן געהאַט בלויז יענע פערציק פּערזאָן. מיר האָבן צעטיילט די מחנה. די באַוואָפנטע — פערציק און נאָך צען, וואָס האָבן זיך פאַראייניקט מיט זיי — זיינען אריין טיפער אין וואַלד, און די נישט באַוואָפנטע, וואָס האָבן זיך גערופן „אָסוואַלד״ (אויפן נאָמען פון אָסוואַלד רופאייזן, וואָס האָט זיך געשמדט און געפינט זיך איצט אין ישראל) מיר האָבן געוואַנדערט אין וואַלד און געזוכט פּאַרטיזאַנער־אָטריאַדן. מיר האָבן געפּייפט. פּלוצים האָבן זיך באַוויזן דריי רוסישע פּאַרטיזאַנען פון אָטריאַד „יוזשיק״ — א פּאָליאַק פון וואַרשע, א קאָמוניסט. זיי האָבן זיך געפרעגט אויף מיר און דערציילט, אז מיין פרוי און מיין קלענערער זון געפינט זיך ביי זיי. מיר האָבן זיי געבראַכט צו אונז.

יענעם אָוונט האָבן אָנגעצונדן א געמיינזאַמען שייטער, מיר, דער יוזשיק־אָטריאַד און א גרופּע רוסישע פאַרושיסטן פון מאָסקווע, אונטער דער אָנפירונג פון סאָשקען. פּלוצים האָבן זיך א שאָט געטאָן אויף אונז שאָסן. מיר זיינען געוואָרן אַרומגערינגלט. מיר זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען

און דערנאָך ווידער זיך געטראָפן. מיר האָבן באַשלאָסן צו שאַפן אַ באַזע אין אַ קליין וועלדל. מיר האָבן געהאַט געווער, און אַ דאַנק דעם — אויך שפּייז. מיר האָבן געבויט אַ בונקער פאַר פערציק פּערזאָן און אויך אַ בעקעריי און אַ באָד. זיי האָבן מיר פאַרגעלייגט די קאָמאַנדשאַפט, איך האָב אָבער נישט אָנגענומען דעם פאָרשלאָג, ווייל אין דער גרופּע זיינען געווען יונגע בחורים און מיר איז געווען קלאָר, אַז זיי וועלן נישט מסכים זיין אויף מיינע וועגן.

שפּעטער האָב איך זיי פאַרלאָזט און געשאַפן אַ באַזונדערע גרופּע פון 14 קעמפער, אַ טייל פון יוזשיקס מענטשן. אונזער געווער איז באַשטאַנען פון 4 ביקסן און צוויי רעוואָלווערן. עסנוואַרג האָבן מיר קאָנפיסקירט ביי רייכע פּויערים, אָבער אַרויסטרעטן קעגן שונא האָבן מיר נישט געקענט צוליב דער קליינער צאָל געווער, וואָס מיר האָבן פאַרמאָגט. דאָך האָבן מיר אַדורכגעפירט שטראָף־אַקציעס קעגן קאָלאַבאָראַטאָרן, וואָס האָבן אָפּגענאַרט יידן און זיי איבערגעגעבן צו די נאַציס.

מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ באַזע אויף צוויי קילאָמעטער פון יוזשיקס באַזע. אין דער גרופּע האָבן איצט זיך געפונען, אויסער אונז, לאַכאָוויצקי מיט זיין טאָכטער און נאָך זיבן אַנדערע. אין האָב געבויט אַ בונקער. מיר האָבן געשיקט צוויי פון די בעסטע קעמפער, גאָלדשטיין פון וואַרשע און רעזניק פון מיר, אויף צו באַקומען שפּייז. אָבער זיי זיינען נישט געקומען צוריק. איינמאָל האָט אַ איד פון בערעזשנאָ געבראַכט צו אונז אַ פּאַרפאַלק, וואָס האָבן געוואָלט אָנקומען צו די פּאַרטיזאַנער. די פּאָר האָט אים באַצאָלט פאַר זיין פירן צו אונז מיט גאָלד. דער איד האָט געזאָגט, אַז ער האָט עסנוואַרג, און אויב עמיצער פון אונזערע קינדער וועט גיין מיט אים, וועט ער עס אונז איבערשיקן. קיינער האָט נישט געוואָלט גיין. אָבער מיין זון גבריאל איז געווען הונגעריק און אוועק מיט זיי. דאָס פּאַרפאַלק איז צוזאַמען מיט אים אוועק אין דאָרף, אָבער זיי זיינען נישט צוריקגעקומען.

אינדערפרי איז די פרוי צוריקגעקומען און דערציילט, אַז אין דאָרף אריין איז אָנגעקומען אַ רוסישע פּאַרטיזאַנער־גרופּע, צוגערויבט דאָס גאָלד פון איר מאַן און אים דערהרגעט צוזאַמען מיט מיין זון. מיין זון איז אַלט געווען 16 יאָר ווען ער איז געפאַלן, דעם 10טן יאַנואַר 1942. אינעם זעלבן טאָג האָבן אונז אַרומגערינגלט רוסישע פּאַרטיזאַנער, אויסגעשטעלט אונז אין אַ ריי, געשלאָגן און חוזק געמאַכט פון אונז. זיי האָבן געשריגן, אַז מיר באַהאַלטן גאָלד. מיר זיינען געראַטעוועט געוואָרן אַ דאַנק דעם, וואָס עטלעכע פון אונזערע חברים זיינען אַנטלאָפן. די רויבערס האָבן מורא געהאַט, אַז זייערע חברים זאָלן זיך נישט דערוויסן וועגן זייערע מעשים.

ס'איז געווען אַ נויטווענדיקייט איבערצוגיין אין אַן אַנדער וואַלד, און אַרבעטן אַ גאַנצע וואָך ביים צוגרייטן אַ נייעם בונקער. ווען מיר האָבן געענדיקט די אַרבעט איז אָנגעקומען אַ גרויסע גרופּע אידן פון געטאָ. זיי האָבן אונז געדראָאט מיט אייזנס אויב מיר וועלן זיי נישט איבערגעבן דעם בונקער. באין ברירה האָבן מיר זיך אָנגעשלאָסן אין אַן אַנדער באַוואָפנטער גרופּע. אין דער זעלבער נאַכט זיינען ווייסרוסן באַפאַלן יענעם בונקער און אומגעבראַכט דאָרט אַלע אידן.

מיט דער צייט איז געפאַלן אַ העלפט פון אונזערע חברים. מיר האָבן זיך פאַראייניקט מיט אַ גרופּע עלטערע מענטשן, ביי אַכציק פּערזאָן. איינער פון די יונגע, לעווין פון באַראַנאָוויטש, איז אוועק אין וואַלד און דאָרט אַנטדעקט אַ גרופּע אידישע פּאַרטיזאַנער, „זאָרינס אָטריאַד". ער האָט זיי דערציילט וועגן מיין קענטעניש ביים בויען בונקערס. זיי זיינען געקומען צו מיר מיט וואָגנס און גענומען מיך מיט מיין משפחה. די איינהייט האָט געציילט 800 שלאַכטלייט. אין יענער צייט האָבן די דייטשן איינגעאָרדנט אויף זיי אַן אָבלאַווע. דער באַפעל איז געווען נישט צו קעמפן מיט זיי, נאָר זיי מיד צו מאַכן. סוף כל סוף האָבן די דייטשן זיך צוריקגעצויגן.

אין דעם אָטריאַד האָבן זיך בעיקר געפונען מינסקער אידן, אַנטלאָפענע פון דער שחיטה. איך האָב אָנגעהויבן בויען בונקערס, אַ מיל, אַ שול פאַר פערציק שילער, אַ שפּיטאָל און אַ באָד.

נישט ווייט פון דאָרט האָט זיך געפונען די באַזע פון „פּוילישן לעגיאָן", וואָס האָט פון אָנהייב אַרויסגעוויזן פיינטשאַפט צו אונז און צו די רוסן. זייער אָטריאַד איז באַשטאַנען פון 250 פּערזאָן, אַלע באַוואָפנטע. פּלוצים האָבן זיי געענדערט זייער אויפפירונג. 11 אונזערע חברים האָבן זיי באַזוכט. מ'האָט זיי פאַרבעטן אין בונקער, אָבער שפּעטער האָבן זיי צוגענומען ביי זיי די ביקסן

און זיי דערשאָסן. בלויז איינער פון זיי איז אנטרונען און געבראכט די שרעקלעכע בשורה. מיר האָבן באשלאָסן זיך נוקם צו זיין אָן זיי. מיר האָבן זיך פארבונדן מיט די רוסן און אָנגעפאלן אויף זיי. א טייל פון זיי איז דערהרגעט געוואָרן און א טייל האָט מען געשיקט קיין רוסלאנד. אָבער די געבליבענע האָבן זיך געגרייט צו רעוואנש.

אונזער איינהייט איז געווען א שוואכערע: זי איז באשטאנען פון א סך פאמיליע־מיטגלידער און נישט אלע האָבן פארמאָגט געווער. דערווייל איז מיין פרוי קראנק געוואָרן אויף א לונגען־אָנצינדונג. אונזער איינהייט האָט באשלאָסן אָפּצוטרעטן. איך האָב דערקלערט, אז איך בלייב ביי מיין פרוי אין בונקער און איך האָב באקומען געווער. אין דער לעצטער מינוט איז אָנגעקומען די רוסישע איינהייט און אין א קאָמבינירטער אטאקע האָט מען ליקווידירט דעם „לעגיאָן".

נאָך דער באפרייאונג בין איך ארויס פון וואלד מיט דער האָפנונג צו געפינען א קרוב אָדער א פריינט, אָבער איך האָב נישט געפונען. איך בין אוועק אין די עסטרייכישע לאגערס און פון דאָרט האָב איך עמיגרירט אין די פאראייניקטע שטאטן.




# דער סוף

דוב זשעלאנקע



פריל 1945. נאָך פיל לופט־אַנגריפן האָט מען אונז באַפוילן צו פאַרלאָזן דעם לאַגער. בליץ שנעל אין די ארבעט געוואָרן איבערגעריסן. די ס.ס.־לייט האָבן אונז ארויסגעטריבן אין דרויסן. דערוויל זיינען מענטשן געלאָפן אין קיך, כדי צו באקומען עפעס עסן. אויך איך האָב געפּרוּווט מזל. די קיך איז געווען פול און איינער האָט געשלאָגן דעם צווייטן, כדי עפּעס צו כאַפּן.

דער נאַצישער קאָמענדאַנט האָט אויסגעשטרעקט דעם רעוואָלווער און באַפוילן ארויסצוגיין. ער האָט געשאָסן אין סופיט און אין פענצטער, אָבער קיינער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. געציילטע זיינען שוין געווען פאַרוואונדעט. ס'האָט זיך אריינגעריסן א גרופּע ס.ס. און אָנגעהויבן שלאָגן. סוף סוף זיינען מיר ארויס. מיר האָבן מאַרשירט. איך האָב נישט באוויזן צו כאַפּן עפּעס אין קיך.

די גאַסן אין שטאָט זיינען געווען ליידיק און פון אַלע זייטן האָט מען געהערט א שיסעריי. עראָפּלאַנען האָבן זיך אראָפּגעלאָזן און געשאָסן. אונזערע וועכטער זיינען געגאַנגען האַרט ביי די מויערן, און מיר — אין מיטן גאַס. וואוהין גייען מיר? קיינער האָט נישט געוואוסט.

אין אָוונט זיינען מיר אָנגעקומען אין א לאַגער. אויף יענער זייט שטעכלדראָט האָבן 10—13 יאָריקע קינדער געשלעפּט אין צווייען שווערע בעלקעס. א דייטש איז געגאַנגען נאָך זיי מיט א גומי־שטעקן אין האַנט. מיר האָבן זיך נישט דערוואוסט ווער ס'זיינען די קינדער.

פּלוצים האָב איך דערזען נעבן זיך א יינגל פון 12 יאָר. פאַר מיר איז געווען קלאָר, אז ער איז נישט קיין אונזעריקער. אונזערע זיינען דאָך שוין לאַנג אומגעבראַכט געוואָרן אין אוישוויץ. מיר האָבן זיך געווענדעט צו אים אויף פאַרשידענע שפּראַכן, אָבער ער האָט נישט געענטפערט. ס'איז צוגעקומען א דייטש פון א יאָר 60 און אויך אים האָט ער נישט געענטפערט. דער דייטש האָט ארויסגענומען פון זיין טאַש א שטיקל ברויט. דאָס יינגל האָט געוואָלט כאַפּן דאָס ברויט, אָבער דער דייטש האָט אים צוגעוואונקען צו גיין נאָך אים ביז דער מויער פון נאָענטן הויז. ער האָט אים געגעבן דאָס ברויט, אוועקגעשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט און אים דערשאָסן.

מיר מאַרשירן שוין צוויי וואָכן צייט, א מאָל בייטאָג, א מאָל ביינאַכט. מיר האָבן שוין פאַרלוירן דאָס מענטשלעכע אויסזען. מענטשן פאַלן אָן אויפהער פון הונגער. מיר זיינען אָנגעקומען אין א שטאָט, וואָס איז געוואָרן כסדר באַמבאַרדירט. מיר האָבן געהאָפט, אז דאָ וועלן מיר ווערן אויסגעלייזט. אָבער די דייטשן האָבן אונז מיט א זייטיקן וועג אוועקגעפירט אויף אַן אָפּצווייג פון א שמאָלרעלסיקער באַן. דאָ האָבן זיי אונז אריינגעשטופּט צו הונדערט פערזאָן אין א לאַסט־וואַגאָן און פאַרשלאָסן די טירן. די וועכטער זיינען אַנטרונען. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו שטיקן. מיר האָבן געשריגן, אָבער קיינער האָט אונז נישט געהערט. די צייט האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט.

אינדערפרי האָט מען געעפנט די וואַגאָנען. א געפּרעסטער אָטעם האָט זיך ארויסגעריסן פון וואַגאָן, ווי פון א קעסל. די ס.ס.־לייט האָבן אונז ווייטער געיאָגט.

סוף אפּריל, א שיינער טאָג. מיר גייען אין די בערג צווישן מאַריענבאַד און קאַרלסבאַד. לאָז־נאָוואָסקין פאַרלאָזן די לעצטע כוחות. עראָפּלאַנען פליען אויף א גרויסער הויך. סענדער איז נאָך פול מיט בטחון. פּלוצים שרייט אויס דער אָבערשאַרפירער: „זיי לאָזן זיך אראָפּ!" אַלע ס.ס.־לייט זיינען געלאָפן זוכן א שוץ אין נאָענטן וועלדל און אונז הייסט מען זיך לייגן. אין א מינוט ארום האָט אַן עראָפּלאַן זיך אראָפּגעלאָזט און אָנגעהויבן מאַכן קרייזן ארום אונז. איך האָב געזען די לופעס פון די קוילנוואַרפער אויף א מרחק פון 10 מעטער. באַלד איז אָנגעקומען נאָך אַן עראָפּלאַן. זיי האָבן נישט געשאָסן. נאָך 10 מינוט ארומקרייזן, זיינען זיי אוועק. זיי האָבן,

ווייזט אויס, פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען אַרעסטירטע. דער איבערשאַרפירער האָט געשפּאַסט: „איך וועט שוין מער גאָרנישט געשען".

מיר מאַרשירן ווייטער. ס'איז פּרייטיק צונאַכטס. דער רעגן הערט נישט אויף צו גיסן. מיר זיינען דורכגעווייקט און אונזערע הערצער זיינען צעבראָכן. יוסף מאיר זיידעל, אונזער גייסטיקער פירער, וואָס פלעגט אונז שטענדיק דערמונטערן, האָט פאַרלוירן דעם בטחון. נאָך 5 קילאָמעטער וועט זיין א ישוב, אפשר וועלן מיר דאָרט אָפּרוען. מ'הייסט אונז בלייבן שטיין. ס'גיסט א גאָס רעגן. 2 ס.ס.־לייט פאָרן אַוועק אין שטאָט אַריין, כדי געוואויר צו ווערן, צי מיר וועלן דאָרט קענען אַדורכגיין. אין א שעה אַרום קומט אָן א באַפעל. צוריקגיין. וואוהין? ס'איז שוין פינסטער. מיר גייען צוריק צוויי קילאָמעטער. א שטאַל מיט אַן אויפגעריסענעם דאַך. מ'הייסט אונז אַריינגיין אינעווייניק. נאַסע בהמה'שע צוואה. די פיס זינקען אין מיסט. מיר האָבן אויסגעבראָכן אין א געוויין. שמעון צוקער וויינט און שרייט: „רבונו של עולם, מאַך שוין א סוף צו אונזערע צרות".

מיר האָבן באַשלאָסן ווייטער נישט צו גיין. איך בין אַוועקגעפאַלן און איינגעדרימלט. מיר האָט זיך געחלומט פסח אין שטוב. אין דער שטוב איז געגרייט מכל טוב. די משפחה זיצט ביים טיש. כ'פרעג די קשיות. פּלוצים האָב איך דערפילט א שאַרפן ווייטאָג. איך האָב געעפנט די אויגן: א דייטש שלאָגט מיך אין קאָפּ מיט א שטעקן. אַלע זיינען שוין דרויסן, חוץ אַכט, וועמען אויך דער דייטשער שטעקן האָט נישט באַוויזן אויפצוועקן. איך האָב געקוקט מיט קנאה אויף די מענטשן, וואָס זיינען שוין „אויסגעלייזט" געוואָרן.

6 מאַי. מענטשן פאַלן אין וועג. ווער עס קען נישט לויפן, ווערט דערשאָסן דורכן דייטש, וואָס האָט דערהרגעט דאָס הונגעריקע יינגל. איך האָב שוין קיין כוח צו גיין. די סאַנדאַלן זיינען צעריסן און די זוילן זיינען צוגעבונדן מיט א שטריק. מיין כוח ווערט אויסגעשעפּט. צוויי חברים האַלטן מיך אונטער און ברענגען מיך אין דער ערשטער ריי, כדי דער געניטער רוצח זאָל מיך נישט דערשיסן. ס'איז שוין פינסטער, און מיר לויפן נאָך. ס'איז שוין נאָך האַלבע נאַכט. סוף סוף פירט מען אונז אַריין אין א שטאַל, דאָס מאָל א טרוקענע. איך בין אַוועקגעפאַלן. דוכט זיך, אַז דאָס איז שוין דער פינפטער טאָג אָן א טראָפּן שפּייז. נאָר ליגן און זיך נישט אויפהייבן.

ס'איז נאָך פינסטער און זיי שלאָגן און שרייען שוין. מיר גייען ווידער. די ס.ס.־לייט ציילן אונז שוין נישט. דער אָבערשאַרפירער טראָגט א רוקזאַק. מיר זיינען שוין אַדורך 15 קילאָמעטער. מיר האָבן געהערט, אַז דאָס דאָרף, דורך וועלכן מיר זיינען היינט אינדערפרי אַדורך, איז שוין באַפרייט. צי איז דאָס אמת?

ווען מיר זיינען אַדורך א דאָרף האָבן צוויי פּערזאָן געוואָלט זיך באַהאַלטן. די ס.ס. האָט זיי געשלאָגן מכות רצח. פּלוצים איז מיר אַריינגעפאַלן אין האַנט א זעמל. איך האָב זיך מיינע אויגן נישט געגלויבט. עמיצער האָט דאָס אַראָפּגעוואָרפן פון א פענסטער. איך האָב די זעמל צעטיילט צווישן 5 חברים. מיר האָבן שוין נישט קיין ווילן ווייטער צו גיין. מיר געפינען זיך בלויז 15 קילאָמעטער פון אונזער פרייהייט.

מיר האָבן באַשלאָסן: ווייטער נישט גיין. אָן א וואָרט צו זאָגן האָבן מיר זיך אַוועקגעשטעלט אין פעלד. דער קאָמענדאַנט איז דענערווירט. אין רוקזאַק האָט ער א ציווילן אַנצוג. ער האָט אונז געלאָזן זיצן, און ער האָט זיך געדרייט אַהין און אַהער און יעדע מינוט געקוקט אויפן זייגער. אין 10 מינוט אַרום האָט ער באַפוילן: „אויפשטיין און ווייטער גיין". מיר זיינען געבליבן זיצן. ער האָט נאָך אַמאָל געשריגן און מיר האָבן ווידער זיך נישט גערירט פון אָרט. ער האָט גערופן די ס.ס.־לייט, אַרויסגענומען זיין רעוואָלווער און אויסגעשאָסן אין דער לופט. אונזער חבר משה האָט זיך אויפגעהויבן, אויפגעדעקט דעם גוף, וואָס איז פיל געווען מיט בלאָטערן און זיך אָנגערופן: „לאָז אונז צו רו. איך האָב איבערגעלאָזט א פרוי מיט א קינד און איך וויל נאָך זוכה זיין זיי צו זען. די מלחמה ענדיקט זיך, צו וואָס זאָלן מיר אומקומען אין דער לעצטער מינוט".

זיינע ווערטער האָבן געווירקט. דער דייטש האָט אַראָפּגעלאָזט דעם רעוואָלווער. דאַן האָבן מיר זיך אויפגעהויבן און זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין אַלע זייטן. איך בין געלאָפן אויף א פאַרזייט פעלד מיט א קראַפט וואָס איך האָב פּלוצים אין זיך דערפילט, כאָטש מיט עטלעכע מינוט צוריק האָבן די חברים מיך געדאַרפט אונטערהאַלטן. איך האָב געהערט שאָסן און בין ווייטער געלאָפן.



ס'איז מיר דערעסן געוואָרן צו ליגן אין דעם שפּיטאָל אין זאאץ (סודעטנלאנד). מיט א חודש צוריק האָט די מלחמה זיך געענדיקט און עפּעס טרייבט מיך צוריק קיין קאַליש. איך האָב געזען מיינע צוויי יינגערע שוועסטער ארויסגיין אין 1944 קיין אוישוויץ. זיי געפינען זיך זיכער אין קאַליש, ווארטן מיט אומגעדולד אויף מיין צוריקקומען. איך בין דאָך פאר זיי פאראנטוואָרטלעך. איך האָב געפּרוווט גיין, אָבער די פיס האָבן אָפּגעזאָגט מיך צו טראָגן. דער דאָקטאָר האָט מיר פארבאָטן צו פארלאָזן דעם שפּיטאָל.

דאָך האָב איך באשלאָסן צו גיין. איך האָב זיך געלערנט שטעלן טריט און נאָך עטלעכע טעג בין איך שוין ארויס אין גאס און געפרעגט ווי אזוי איך קען אומקערן זיך קיין פּוילן. איך האָב געטראָפן א גרופּע פּאָליאקן, וואָס האָבן דאָ געארבעט אויף צוואנגס־ארבעט. אין עטלעכע טעג ארום וועלן זיי אוועקפאָרן מיט א ספּעציעלער באן קיין פּוילן. איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דער גרופּע.

איך געפין זיך שוין אין וועג. דער צוג קריכט. איך פיל זיך ווי א קראנקער. אין צוויי וואָכן ארום זיינען מיר אָנגעקומען קיין קאטאָוויץ. איך האָב פארלאָזן די גרופּע און אוועק קיין קאַליש. זעקס אינדערפרי בין איך אראָפּ אויפן וואָקזאל צווישן א גרויסן המון. מיינע אויגן האָבן געזוכט א איד. וואו זיינען אריינגעקומען אלע קאלישער אידן? דער שטאָטישער אויטאָבוס האָט מיך געבראכט אין שטאָט אריין. איך בין אראָפּ ביים שטאָטראט.

ס'איז געווען א שיינער זומערטאָג. איך געפין זיך ווידער אין דער שטאָט, וואו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן. אָבער ווי פרעמד איז דער דאָזיקער פּלאץ. איך זוך א איד אויפן אלטן מארק. נישטאָ.

מיט א וויטאָג אין הארצן בין איך אוועק אויף דער באבינע־גאס 5, וואו מיר האָבן געוואוינט. איך בין אריין צום הויז־וועכטער. פון אָנהייב האָט ער מיך נישט דערקענט. „יוזעף, דו דערקענסט מיך נישט?" ער האָט מיך דערקענט און זיך איבערגעצלמט. ער האָט זיך געפרעגט אויב עס קומט נאָך ווער פון מיין משפחה. איך האָב אים געענטפערט, אז מיינע שוועסטער דארפן דאָ זיין. ער האָט א הייב געטאָן מיטן אקסל. ער האָט זיי נישט געזען. איך האָב זיך אוועקגעזעצט, געבעטן וואסער. דער גוי פארשטייט נישט וואָס מיט מיר קומט פאָר. ער זאָגט, אז באלד וועט ער דערלאנגען קאווע און מיר וועלן עסן פרישטיק.

א שעה צייט בין איך געזעסן ביי אים אין שטוב. איך האָב זיך אויפגעהויבן און אוועק. באלד האָב איך זיך אומגעקערט און געפרעגט: „אפשר ווייסט איר, וואו עס וואוינט דאָ א איד?" ער האָט מיר געענטפערט, אז אויף באבינע־גאס האָט געוואוינט איין איד, אָבער ער איז שוין לאנג אנטלאָפן.

די ווייטערדיקע מינוטן זיינען געווען אפשר די שווערסטע אין מיין לעבן. וואָס וועל איך טאָן? איך בין דאָך געקומען צום ציל פון מיין רייזע. אָט איז קאַליש. די מלחמה האָט זיך געענדיקט. אזוי זעט אויס דאָס לעבן נאָך דער מלחמה? איך בין אן איבעריקער מענטש אויף דער וועלט, אָן א גראָשן אין קעשענע, קראנק, אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, אָן א דאך איבערן קאָפּ.

דער שטאָטזייגער האָט אויסגעקלונגען צען, שוין פיר שעה ווי איך גיי איבער די גאסן, איך האָב שוין ארומגערינגלט דעם פארק פינף מאָל. וואוהין? טרערן האָבן א שפּאר געטאָן פון מיינע אויגן. און ווידער בין איך ביים שטאָטראט. די פיס ברעכן מיר זיך אונטער. איך האָב זיך געזעצט אויף א שטיין ביי דער אויטאָבוסן־סטאציע, איינגעבויגן דעם קאָפּ און איינגעדרימלט. א פרוי האָט מיך אויפגעוועקט און געפרעגט צי איך בין א איד. איך האָב געענטפערט: יאָ, איך בין א איד. זי האָט מיר אָנגעוויזן אויף אפטס הויז קעגנאיבער און געזאָגט: דאָרט וועסטו טרעפן אידן. איך בין ארויף אהין און געטראָפן דאָרט מיטגלידער פון אידישן קאָמיטעט אין קאַליש.

**האלינע ליבעסקינד**

# מיין טרוים

איך טרוים פון א גליקלעכער רייזע,
א שטילע — אן שטורם און געוואלד
איך טרוים צו געפינען א ווייטן
פארוואָרפענעם ווינקל אין וואלד.

איך טרוים פון אן אינדזל א פוסטן —
קיין מענטש, נאר אַ שאטן פון בוים.
איך וועל דארט נאך קיינעם נישט בענקען,
ווייל דאס איז מיין איינציקער טרוים.

דארט וועט די נאטור מיך באַרוישן,
כ׳וועל שעפן די לויטערע לופט,
און זים וועט מיר ווערן מיין לעבן
וואָס איז אזוי ביטער געפרווּוט.

מיט גראזן וועל איך זיך דערנערן,
מיט פרוכט — פונעם בוים א געשאנק,
כ׳וועל קלויבן דארט יאגעדעס-קרעלן
און הערן דעם פויגלס געזאנג.

און אז איך וועל דארפן פארלאזן
די שיינע און ליכטיקע וועלט —
דער וואלד וועט א טויטן-ליד זינגען,
ווען אפגעבן וועל איך מיין זעל.

און קיינער נאך מיר וועט נישט וויינען
אוועק וועט מיין אנדענק געשווינד,
און וועגן מיין טויט וועט דערציילן
און קלאגן דער איינזאמער ווינט.

13 יאָר איז אלט געוועזן די אויטאָרין פון דעם ליד, ווען זי איז, צוזאמען מיט אירע עלטערן, געקומען אין ווארשעווער געטאָ. בעת דעם אויפשטאנד האָט זי זיך געפונען אין א בונקער, וואָס איז געוואָרן אנטדעקט. פון אומשלאגפלאץ האָט מען זי געשיקט קיין לובלין. על פי נס האָט מען זי נישט געשיקט קיין מאידאנעק, און זי איז, צוזאמען מיט אירס א מומע, אָנגעקומען אין לאגער בירקענאו, און שפעטער — אין ראווענסברוק, וווּ זי האָט זיך געפונען ביז צו דער באפרייאונג. דאָס ליד איז געוואָרן אָנגעשריבן אין דער פוילישער שפראך.



די דאזיקע זכרונות ווידמע איך מיין טאכטער סארענקא, די קרובים, פריינד און באקאנטע פון קאליש, וועלכע זיינען אומגעבראכט געווארן דורך די רוצחים אין סלאנימער געגנט אין דארף פעטראלוויטש.

# אין וואלד

## י. האלץ

(פראגמענט)



דער באָדן איז אונז געווען פרעמד. יוזעק האָט אונז אויסגעמאָלט דעם וועג, ווי אזוי מיר קענען דערגרייכן צום הויפטשאָסיי, און פון דאָרט — צום וואלד. אין וואלד זיינען פאראן בונקערס, וואָס האָבן בשעתו געדינט דער רויטער ארמיי. פון וואלד פירט מען איצט ארויס די האָלץ־מאטעריאלן, און קיינער וועט נישט חושד זיין, אז דאָרט באהאלטן זיך אידן. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אז מיר וועלן אים באזוכן אין עטלעכע טעג ארום.

מיין פרוי איז געווען פארצווייפלט. איך האָב געמאכט אן אָנשטעל, געטרייסט, אָבער איך אליין האָב נישט געגלויבט, אז מיר וועלן בלייבן לעבן. דער איינציקער מאָטיוו, וואָס האָט געווירקט אויף מיין פרוי, אז מען דארף זיך באמיען בלייבן לעבן, איז געווען דער, אז אונזער געראטעוועט טעכטערל וועט זיך נויטיקן אין אונזער הילף.

איך האָב גענומען אין וועג אריין א גראָבן שטעקן, וועלכן מיר האָבן די גאנצע צייט פארהיטן און ער איז געווען פאר אונז, ווי א מין קמיע. ווען ער פלעגט א מאָל פארפאלן ווערן, האָבן מיר אים געזוכט, גלויבנדיק, אז ער וועט אונז באשירעמען.

דער וועג איז געווען צעאקערט מיט ראָוון. מיר זיינען געגאנגען איבער פארפרוירענע גרודעס. דער ווינט האָט אונז אראָפּגעיאָגט פון שטעג, עס איז געפאלן א שניי. נישט געקוקט אויף דער אָפּגעשוואכטקייט האָבן מיר זיך גערוקט פאָראויס. לויט די אָנווייזונגען, האָבן מיר געדארפט גיין מיטן פעלד ביז מיר וועלן אָנטרעפן אויף רעכטס אן איינזאמע כאטע. קעגנאיבער דעם דאָזיקן הייזל, אין דער געדיכטעניש פון וואלד, דארפן זיך געפינען עטלעכע בונקערס, צעזייטע אין א ראדיוס פון 200—250 מעטער. מיר האָבן טאקע אָנגעטראָפן די אויבנדערמאָנטע כאטע, אָבער אריינגיין אין וואלד האָבן מיר נישט געקענט צוליב דער שטאַרקער פינצטערניש.

אין עק וואלד זיינען געוואקסן קליינע סאָסנעס. אויף אָט די סאָסנעס, פארזונקענע אין שניי, זיינען מיר געלעגן ביז אין דער פרי. אין יענער נאכט האָב איך באגריפן, וואָס עס איז אזוינס דאָס געזאנג פון וואלד. פון דעמאָלט אָן פלעג איך זיך איינהערן אין דעם געזאנג, אין די אומצאָליקע טענער, וואָס זיינען טייל מאָל בכוח צו דערפירן צו משוגעת.

ווען ס'איז געוואָרן טאָג, זיינען מיר אריין אין וואלד און א לענגערע צייט געזוכט דאָרט די בונקערס. מיר זיינען געווען מיד, נישט אויסגעשלאָפן, דערפרוירענע, און מיר האָבן זיך קוים באוויגן. מיר האָבן אויסגעקליבן איין בונקער מיט א קאָרידאָר און צוויי עפענונגען. עטלעכע צימערן זיינען געווען געעפנט צום קאָרידאָר. מיר האָבן אויסגעקליבן דעם ערשטן, ווייל צו אים איז דערגאַנגען א שוואך ליכט פון דער טיר. די אנדערע זיינען אין גאנצן געווען פינצטערע.

מיט א מעסער און מיט א לעפל האָבן מיר אויסגעבויערט אין וואנט א מין זיץ־אָרט, אז מען זאָל זיך קענען א ביסל אָפּרוען. אזוי זיינען מיר געזעסן און געשטאנען ארומגענומען און געקלאפט מיט די פיס. דריי מאָל אין טאָג האָט יעדער פון אונז געגעסן א שטיקל ברויט און אָנשטאָט וואסער האָבן מיר גענוצט די אייז־צאפּנס, וואָס האָבן אראָפּגעהאָנגען פון באלקן. מיר האָבן דערהערט די קלאנגען פון האק און פון זעג און דאָס רעדן פון ארבעטער. אזוי האָבן מיר פארבראכט די ערשטע דריי טעג. איין מאָל האָבן אין דער טיר זיך באוויזן צוויי האָלצהעקער. זיי זיינען אראָפּגעקומען רויכערן און א ביסל שמועסן. מיט אן איינגעהאלטענעם אָטעם האָבן מיר נאָכגעפאָלגט זייערע באוועגונגען. אין א שעה ארום האָבן זיי פארענדיקט דעם שמועס און זיך אומגעקערט צו דער ארבעט.

אין עטלעכע טעג ארום האָבן מיר אָנגעהויבן ארויסגיין ביי נאכט, כדי צו באקענען זיך מיט דער געגנט. נעבן אונז האָט זיך געפונען בלויז איין כאטע. די כוטאָרס האָבן זיך געפונען אויף א מהלך פון 3—4 קילאָמעטער.

די גרעסטע באלעסטיקונג אין אונזערע אויספלוגן זיינען געווען די הינט, וואָס האָבן אנגעהויבן בילן, ווען מיר זיינען נאָך געווען ווייט פון זיי. די פויערים האָבן געוואוסט, אז עמעצער קומט אָן, זיי האָבן זיך אָבער זיכער נישט פאָרגעשטעלט, אז דאָס זיינען אידן.

כאָטש מיר האָבן געקארגט מיטן עסן, איז דאָס ברויט אונז אויסגעגאנגען אין משך פון עטלעכע טעג. אין א פינצטערער נאכט זיינען מיר אוועק צו יוזעקן. ער האָט אונז גוט אויפגענומען. דער פאקט, וואָס שמואליק האָט זיך געהאלטן העלדיש, געשטאָרבן ווען מ׳האָט אים געפייניקט און נישט אויסגעזאָגט ווו ער באהאלט זיך, האָט אים געמאכט גוט געשטימט לגבי אונז. ער האָט אונז געגעבן צו עסן, אָבער געוואָרנט, אז מיר זאָלן נישט אָפט קומען, ווייל דאָס קען שטעלן אין געפאַר דאָס לעבן פון זיין פאמיליע. ער האָט געזאָגט, אז יעדער פויער וועט אונז געבן ברויט, אויב מיר וועלן ביי נאכט אָנקלאפן אין פענצטער. מיר האָבן זיך געזעגנט און צוגעזאָגט, אז מיר וועלן אים פאָלגן.

די אנדערע נאכט זיינען מיר ארויס זוכן מזל אין די נאָענטע כוטאָרן. מיין פרוי פלעגט אָנטאָן מיין מאנטל און מיין היטל, זיך פארשטעלן פאר א מאנסביל און געבליבן פון הינטן. איך בין צו צום פענצטער, אָנגעקלאפט, און אז עמיצער האָט ארויסגעקוקט פון פענצטער, האָב איך געבעטן ברויט. די פויערים זיינען געווינט געווען צו די וויזיטן פון פארטיזאנער. מיין סטיל פון בעטן איז געווען אן אנדערער, און דערפאר האָב איך באקומען נישטיקע פאָרציעס. צוויי געשטאלטן, באוואָפנטע מיט א שטעקן, ווירקן נישט אזוי, ווי א גרופע פארטיזאנער. איך האָב אויך געבעטן מילך, אָבער באקומען האָב איך בלויז ברויט. מיר האָבן אָנגעהויבן גיין אין די ווייטערע כוטאָרן, כדי מען זאָל נישט דערוויסן זיך, ווו מיר געפינען זיך. קיינער האָט אונז נישט אָפגעזאָגט.

צוליב דעם, וואָס די צאָל כאטעס אויפן שטח פון 5—6 קילאָמעטער איז געווען א קליינע, האָבן מיר אין די עטלעכע וואָכן ארום געמוזן צוריקקומען צו דער טיר פון אונזער ערשטן בעל־טובה. מיר זיינען געוואָרן פאָפולער אין די כוטאָרן. זיי האָבן אָנגעהויבן זיך איבערשעפטשען. איינער פון זיי האָט, אויס נייגעריקייט, אָנגעהויבן שמועסן מיט אונז. די מערהייט האָט זיך געשראָקן צו קומען מיט אונז אין א קאָנטאקט. מיר האָבן געזאָגט, אז מיר זיינען אידן, געראטעוועטע פון דער שחיטה אין סלאָנימער געטאָ און מיר באהאלטן זיך אין וואלד. העלפן אידן איז א פארברעכן לגבי די דייטשן. אויב מען וועט אונז כאפן און פייניקן, קענען מיר נאָך אויסגעבן אונזערע העלפער. מיר האָבן צו־געזאָגט, אז מיר וועלן זיי נישט פארראטן. די געשפרעכן האָבן ענג געמאכט אונזערע באציונגען. טייל מאָל האָבן די פויערן אונז ארייגעלאָזט אין כאטע און דערלויבט אונז זיך אָנצוווארעמען, זיי האָבן אונז מכבד געווען מיט מילך אָדער מיט הייס וואסער.

ביי טאָג האָט געהערשט א קעלט. מיר האָבן געוואַרט אויף דער נאכט, כדי צו מאכן א שייטער און א ביסל זיך אָנצוווארעמען. בעת אונזערע ביינאכטיקע שפאצירן האָבן מיר דאָ און דאָרט געפונען א טעפל, און עמער, אן אויסגעטעפעטן דיוואן — און אזוי ארום האָבן מיר גענומען זיך איינשאפן א שטיקל „ווירטשאפט”. דעם מאנגל אין שוועבעלעך האָט אין א געוויסער מאָס געלייזט יוזעק. ער האָט אונז געשענקט א פרימיטיוון אָנצינדער.

סוף מערץ האָבן אין אונזער בונקער זיך אריינגעריסן א גרויסע גרופע ייִנגלעך און מיידלעך. זיי זיינען ארומגעלאָפן אין קאָרידאָר, געיאָגט איינער דעם אנדערן, זיך געקושט, געטומלט און געלאכט. דאָס אלץ איז געשען אויף א מרחק פון עטלעכע מעטער פון אונז. זיי האָבן זיך פארנומען מיט ברענען צוויגלעך אויף די ערטער, ווו דער וואלד איז שוין געווען איינגאנצן אויסגעהאקט. מיר זיינען זיכער געווען, אז זיי וועלן אונז אנטדעקן. זיי האָבן אונז אָבער נישט דערזען. זיי זיינען צוריק אוועק צו דער ארבעט.

מיר האָבן באשלאָסן איינצוואָרדענען נאָך אין דער זעלבער נאכט אן אינעווייניקסטע באהעלטע־ניש, כדי נישט ארייַנצופאלן אין פאסטקע. אמת, די עטלעכע וואָכן ביז איצט זיינען אדורך בשלום, אָבער מען דארף זיך נישט איינשטעלן.

די ווענט פון אונזער בונקער זיינען געווען געמאכט פון קיילעכדיקע קלעצער, וועלכע האָבן אונטערגעשפארט די ערד. זיי זיינען געווען געלייגט האָריזאָנטאל, דרייסיק אין יעדער וואנט. איך האָב באשלאָסן איינצואָרדענען א באהעלטעניש הינטער איינער פון אָט די ווענט. אין אונזער רשות האָבן מיר געהאט צוויי מעסערס און צוויי לעפל. ווען עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקל,

האָבן מיר אָנגעצונדן א קליין פייער און מיין פרוי האָט מיר צוגעלויכטן מיט ברענענדיקע שפענדלעך. איך האָב אויסגעבראָכן די וואַנט, די אויסגעגראָבענע ערד האָב איך צעוואָרפן איבערן קאָרידאָר און אין די צימערן (איך האָב נישט געהאַט קיין כלי, אין וואָס עס ארויסצופירן). די ערד־וואַנט פון דער באַהעלטעניש האָב איך אונטערגעשפּארט מיט בעלקעס פון א מעטער די לענג, וואָס איך האָב גענומען אין וואַלד. ביז אין דער פרי איז די ארבעט געווען פארענדיקט אין דער העלפט, און מיר זיינען שוין געווען אינעווייניק, אָבער די געוויינלעכע וואַנט האָב איך באַוויזן צוריקשטעלן בלויז ביז אין דער העלפט.

ממש עטלעכע מינוט נאָך דעם, ווי מיר האָבן באַוויזן אריינצוגיין אין באַהעלטעניש, זיינען ווידער אריינגעפאַלן אין בונקער די זעלבע יינגלעך און מיידלעך. איך האָב נישט גוט פונאַנדער־געוואָרפן די אויסגעגראָבענע ערד, און דערפאַר האָבן זייערע קעפּ זיך אָנגעקלאַפּט אין באַלקן. זיי האָבן זיך געכאַפּט, אז פון נעכטן אָן איז דאָ געשען עפּעס אַן ענדערונג. פון זייערע שמועסן האָבן מיר פארשטאַנען, אז זיי זיינען איבערצייגט, אז דאָ באַהאַלטן זיך אידן, און אויב אזוי, דארף מען זיי זוכן. זיי האָבן אָפּגעפונען שפענער און שוועבעלעך און גענומען זוכן אין די צימערן. זיי האָבן געפונען דעם דיוואַן, וואָס מיר האָבן פארגעסן אריינצונעמען אינעווייניק, און אָנגעהויבן אַן יאַגד. מיר זיינען געווען עדות פון א מאַקאַבריש בילד. עס איז געווען קלאָר, אז א ליאַדע רגע וועלן זיי אונז אנטדעקן. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם האָבן מיר געזען, ווי איינער פון די יינגלעך דערנענטערט זיך צו דער וואַנט פון אונזער באַהעלטעניש. מיר זיינען פארגליווערט געוואָרן פון שרעק און דערוואַרטונג. אָבער אין יענער רגע איז געשען א נס. דאָס שפענדל האָט זיך אויסגעלאָשן. דאָס יינגל איז אוועק. מיר האָבן נישט געוווּסט, צי ער וועט זיך אומקערן. צו אונזער מזל איז ער אוועק מיט זיינע חברים זוכן די אידן אין אַן אנדער בונקער. מיר האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, אָבער מיר האָבן נישט געגלויבט, אז דער ענין איז פארענדיקט. זיי זיינען צוריקגעקומען, גענומען דעם דיוואַן און אוועק.

ביי נאַכט זיינען מיר צוגעטראָטן ענערגיש צו פארענדיקן די באַהעלטעניש. דער עיקר שוועריקייט איז באַשטאַנען אין מאַסקירן דעם אריינגאַנג. איך האָב צוריק צוגעפּעסטיקט אויף די ערטער די הילצערנע בעלקעס און בלויז די אונטערשטע האָב איך איינגעאָרדנט, אז זיי זאָלן זיך קענען רוקן. פאַר טאָג איז די באַהעלטעניש געווען פארטיק. מיר זיינען אריין, פארשלאָסן די „טיר״ און דערפילט א געוויסע זיכערקייט.

אין פארלויף פון עטלעכע טעג איז פארענדיקט געוואָרן דאָס אָפּרייניקן דעם וואַלד פון די צוויי־גלעך, און דאָס האַקן פון וואַלד האָט זיך אָפּגערוקט פון אונזער בונקער.

דער פרילינג האָט זיך דערנענטערט. דאָס אייז האָט געטייעט. אין די נעכט האָבן מיר זיך אריינבאַקומען אין די קעלערס און געגנבעט קאַרטאָפל. אין א הויף האָבן מיר צוגענומען א טעפּל, וואָס האָט אונז גענוצט צו קאָכן די קאַרטאָפל. געקאָכט האָבן מיר ביי נאַכט. פארשטייט זיך, אז דאָס עסן האָט נישט געהאַט קיין טעם: מיר האָבן נישט געהאַט קיין זאַלץ. מיר האָבן ווייניק געגעסן, כדי מיר זאָלן נישט דארפן אָפט ארויסגיין און איינשטעלן זיך. צוליב דעם טעם האָב איך איינגעשטימט צו געבן יוזעקן לעדערנע שטיוול פאַר ראַגאַזשעס און צוויי פּוד ברויט. דאָס ברויט האָבן מיר געדאַרפט באַקומען אין פּאַרציעס — צוויי ברייטלעך א וואָך. דריי וואָכן האָט יוזעק געהאַלטן דעם אָפּמאַך, דערנאָך האָט ער געדראָט, אז ער וועט אויף אונז אָנרייצן די הינט, אויב מיר וועלן נישט אויפהערן אים באַזוכן, ווייל דאָס שטעלט אין געפאַר זיין לעבן.

עס איז געווען נאָך א סיבה — א זייגער. איך האָב געהאַט א שיינעם זייגער און יוזעק האָט געוווּסט וועגן דעם. איך בין געווען זייער צוגעבונדן צום זייגער. פון זיין טיקטאַק האָב איך געהאַט א סך פארגעניגן. שעהן זיינען מיר געלעגן אין דער פינצטער און איינגעהערט זיך אין זיין קלאַפּן. מיר האָבן געפילט די באַוועגונג פון דער צייט; מיר האָבן געפילט, אז עפּעס לעבט צווישן אונז און פילט אויס די פוסטקייט. פון זייגער האָבן מיר געהאַט אויך א פּראַקטישן נוצן: ביי נאַכט האָבן מיר געמוזט וויסן, ווען מיר דארפן זיך אומקערן אין בונקער. יוזעק האָט געקריגן חשק צום זייגער און געפּרוווט אים אראָפּנעמען פון מיין האַנט. איך האָב זיך אנטקעגנגעשטעלט.

אין מיטן זומער, אין אן אָנהויב וואָך, האָבן מיר דערהערט טריט אין אונזער קאָרידאָר. עמעצער האָט דאָרט געשפּאַנט און מיך גערופן ביים נאָמען. בלויז יוזעק האָט געקענט מיין נאָמען און געוווּסט ווו אונזער בונקער געפינט זיך. באַלד האָט יוזעק זיך באַוויזן אין דער געזעלשאַפט פון א גיבור. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער זוכט מיך שוין לאַנג צווישן די בונקערס און רופט מיך ביים נאָמען. ער האָט זיך געווענדעט אין דער ריכטונג פון מיין שטימע, אָבער ער האָט נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען איך רייד. דאָס עלעקטרישע לעמפּל האָט אים געהאָלפן לייזן דאָס רעטעניש.

ביידע האָבן געהאַלטן רעוואָלווערן אין די הענט. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי דער וואַנט פון באַהעלטעניש און אָנגעהויבן ריידן וועגן אונזער מצב. ענדלעך האָבן זיי פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן אַרויסגיין פון בונקער. זיי האָבן אונז געבראַכט א פּראַקטישן פאָרשלאָג אָנצושליסן זיך אין א פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד.

דער דאָזיקער פאָרשלאָג איז אונז געפעלן געוואָרן און מיר זיינען אַרויס פון בונקער. יוזעק האָט פאָרגעשטעלט זיין חבר מאַטעוש, ווי א געגנטלעכער פאַרבינדלער פון א פּאַרטיזאַנטישער איינהייט. נאָך היינט אין אָוונט וועט ער אונז אַוועקפירן אויפן זאַמלפּונקט. אַלס לוין פאַר זיין באַמיאונג דאַרף איך אים געבן מיין זייגער. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ס'האָט נישט קיין זין זיך אַנטקעגנצושטעלן, אַז איך האָב נישט קיין אויסוועג, און איך האָב אים אַוועקגעגעבן דעם זייגער. בעתן געשפּרעך האָבן די ביידע נישט אויפגעהערט צו מאַניפּולירן מיט די רעוואָלווערן. מיר איז שווער געווען דאָס שיידן זיך מיטן זייגער. איך האָב געפילט, אַז איך פאַרליר עפּעס נאָענטס. אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין ברירה. דער זייגער האָט געקענט גורם זיין, אַז זיי זאָלן אונז דערהרגענען.

דאַן האָבן זיי פאָרגעלייגט, אַז מיר זאָלן אַרויסגיין מיט זיי אין וואַלד. זיי האָבן פאַרזיכערט, אַז איצט איז קיינער נישטאָ אין וואַלד, ווייל היינט איז זונטיק און די זון שיינט. איך האָב נישט געוואָלט אַרויסווייזן קיין אומצוטרוי, און דערפאַר זיינען מיר אַרויסגעגאַנגען. פון אָנהויב האָבן מיר פאַרמאַכט די אויגן, ווייל מיר האָבן נישט געקענט פאַרנעמען דאָס טאָגליכט. די שייך פון דער זון און פון גרינס האָט אונז פאַרבלענדט. מיר זיינען געזעסן מיט אונזערע געסט אין שאָטן פון די ביימער און געשמועסט א לענגערע צייט וועגן אונזער מצב. און די אויסזיכטן זיך צו ראַטעווען. מיר זיינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען אין א מער אָפּטימיסטישער שטימונג און מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אַז מאַטעוש וועט קומען צו אונז אין אָוונט און אַוועקפירן אונז אין פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד.

מאַטעוש איז אין אָוונט נישט געקומען. דאַקעגן איז אויף צו מאָרגנס געקומען די באַקאַנטע באַנדע יינגלעך און אָנגעהויבן מאַכן א גענויע רעוויזיע. זיי האָבן געשריגן, אַז מיר זאָלן אַרויסגיין. מיר זיינען אין גרויס שפּאַנונג געזעסן אין אונזער באַהעלטעניש און דורך די שפּאַלטן פון די בעלקעס האָבן מיר אָבסערווירט וואָס עס קומט פאָר. אָבער אונזער באַהעלטעניש האָט אויסגעהאַלטן דעם פּרוּוו. די אינסטרוקציעס, וואָס זיי האָבן באַקומען פון אונזערע געסט, זיינען, ווייזט אויס, געווען נישט גענוגנדיקע. די יינגלעך זיינען, מידע און פאַרלאַנגווייליקע, אַוועק אין אַנדערע בונקערס.

מיר האָבן א ביסל אָפּגעאָטעמט, אָבער מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן זיך אומקערן. יוזעק וויל נישט, אַז מיר זאָלן זיין זיינע שכנים. אונזערע באַזוכן ביי אים זיינען אים נישט געווען צום האַרצן. ער האָט, ווייזט אויס, באַשלאָסן צו פאַרטרייבן אונז פון וואַלד און אפשר אויך — אונז איבערגעבן אין די הענט פון געסטאַפּאָ, און טאָן דאָס מיט דער הילף פון די יינגלעך. עס איז דערפאַר קלאָר, אַז נאָכדעם, ווי זיי וועלן באַקומען ווייטערדיקע אָנווייזונגען, וועלן די יינגלעך ווידער קומען. מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די באַהעלטעניש און בויען זיך אַן אַנדערן. מיר האָבן אויסגעקליבן א צימער ביי דער צווייטער עפענונג פונעם בונקער.

מיר האָבן ענערגיש געאַרבעט א גאַנצע נאַכט, און פאַרטאָג זיינען מיר שוין געזעסן אין דער נייער באַהעלטעניש. די אַלטע באַהעלטניש האָבן מיר כמעט אינגאַנצן צעשטערט, כדי צו שאַפן אַן איינדרוק, ווי מיר וואָלטן פון דאַנען אַנטלאָפן. צו מאָרגנס זיינען טאַקע געקומען די יינגלעך און גלייך געווענדעט זיך צו אונזער אַלטער באַהעלטעניש. זיי האָבן אויסגעדריקט זייער אַנטוישונג און זי אינגאַנצן צעשטערט. זיי זיינען אַריינגעקומען אין דער עפענונג נעבן אונזער נייער באַהעלטע־

ניש, און עטלעכע פון זיי האָבן באמערקט עפּעס אן ענדערונג. נאָך א קורצן געשפּרעך צווישן זיי זיינען זיי געקומען צום אויספיר, אז אונזער באהעלטעניש געפינט זיך דאָ. איינער פון זיי האָט זיך אָנגעהויבן דערנענטערן גלייך צו אונז. מיר זיינען געווען איבערצייגט, אז אלץ איז געענדיקט. איך האָב באשלאָסן, אז ווען דער בחור וועט אונז געפינען, וועלן מיר ארויסשפּרינגען אין דרויסן. איך וועל אים דראָען מיט א שטיק האָלץ, כלומרשט א רעוואָלווער, און שרייען, אז איך וועל אים דערהרגענען ווי א הונט, און דאן וועלן מיר אנטלויפן אין וואלד.

ווייזט אויס, אז דער פּחד און די פארצווייפלונג האָבן צוגעגעבן מיין אויסזען און מיין שטימע אזא אימה, אז די יינגלעך זיינען אנטלאָפן, און מיר זיינען אנטרונען אין דער קוסטעס־געדיכטעניש. דערווייל זיינען מיר געווען געראטעוועט. וויט האָבן מיר נישט געקענט גיין, אין וואלד האָבן מענטשן געארבעט, און אין א קורצער צייט ארום וועלן דאָך קומען זיכער די פּויערים אדורכצופירן דאָס געיעג אויף די אידן. אָבער זיי זיינען נישט געקומען. מיר זיינען געבליבן אין די קוסטעס ביזן אָוונט און ביי נאכט זיינען מיר אוועק צו יוזעקן.

ער האָט אונז אויפגענומען זייער קאלט. מיר האָבן אים אלץ דערציילט און ארויפגעוואָרפן די שולד אויף מאטעוש. מיר האָבן אים אויך געבעטן יענעמס אדרעס. אין דער זעלבער נאכט זיינען מיר אוועק אים אויפזוכן. מיר זיינען געגאנגען מער פון צען קילאָמעטער, ער האָט געוווינט זייער וויט. מיר האָבן אים נישט געטראָפן אין דער היים. מיר האָבן דערציילט זיין פרוי, א לייטישע און קלוגע פּויערטע, ווער מיר זיינען און ווו מיר האָבן זיך באהאלטן, און אויך וואָס איר מאן האָט אונז צוגעזאָגט. נאָכדעם, ווי זי האָט אונז אויסגעהערט, האָט זי אונז געגעבן עסן און פאַרגעלייגט, אז מיר זאָלן ווארטן אין וואלד ביז האלבער נאכט, און דאן זאָלן מיר ווידער אריינקומען. איר מאן האָט יענע נאכט געדארפט קומען שפּעט אהיים.

מיר זיינען געקומען אין מיטן נאכט און געטראָפן מאטעושן אין שטוב. ער האָט אונז גענוג גוט אויפגענומען און צוגעזאָגט, אז ער וועט אונז אוועקפירן צו די פארטיזאנער. אָבער דאָס דארף דויערן עטלעכע וואָכן.

צוליב דעם, וואָס אונזער באהעלטעניש איז אדורכגעפאלן, וועט ער פאר טאָג ארויסגיין מיט אונז אין וואלד און וועט אונז אָנווייזן זייער א געדיכטן ווינקל, ווו מיר וועלן קענען לעבן ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן, און קיינער וועט נישט וויסן וועגן דעם. ער מיינט, אז מיר וועלן דאָרט קענען איינאָרדענען א גוט מאסקירטן בונקער און ווינען אין אים ביז ער וועט אונז פארבינדן מיט די פארטיזאנער. ער האָט אונז געגעבן א רידל, א זעג, א האמער, אן עמער און א טאָפּ (אונזער גאנץ פארמעגן איז געבליבן אויפן פריערדיקן אָרט), א ביסל שפּייז־פּראָדוקטן, און געהייסן אונז ווארסן ביים ברעג פונעם וואלד. ווען ער וועט קומען אונז אָפּפירן, דארפן מיר גיין וויט אָפּגערוקט פון אים.

אלץ איז פאָרגעקומען לויטן פּלאן. מיר זיינען געלעגן אויף דער ערד ביז עס האָט אָנגעהויבן טאָגן. מאטעוש איז געקומען און מיר זיינען אוועק נאָך אים אין דער וואלד־געדיכטעניש. ער האָט געטענהט, אז ער האָט נישט קיין שייכות צום שיקן די יינגלעך צו אונזער באהעלטעניש. ווען מיר זיינען אָנגעקומען צו אונזער ציל, האָט מאטעוש דערקלערט, אז ער גייט צוריק, ווייל ער וויל נישט קענען דאָס אָרט פון אונזער באהעלטעניש. אויב מיר וועלן אריינפאלן צו דער געסטאפּאָ אָדער צו פּויערים, וויל ער נישט, מען זאָל אים חושד זיין, אז ער האָט א האנט דערין. ער האָט זיך געזעגנט מיט אונז און געהייסן אונז קומען אין עטלעכע טעג ארום, וועלן מיר באקומען ברויט און ידיעות.

מיר האָבן זיך באהאלטן אין די געדיכטע קוסטעס, כדי אָפּצורוען און באטראכטן וואָס ווייטער צו טאָן. מיר האָבן אָנגעהויבן גראָבן, און מיין פרוי האָט אוועקגעטראָגן די ערד צו א גרויסן גרוב, וואָס האָט זיך געפונען 150 מעטער פון אונזער באהעלטעניש. ביז מיטאָג האָבן מיר אויסגעגראָבן א גרוב פון צוויי מעטער אויף 120 צענטימעטער, מיט א טיף פון 80 צענטימעטער. דאן האָבן מיר דערהערט סקריפּען אן אָנגעלאָדענער פור, די שטימע פונעם פורמאן און דעם שמיץ פון זיין בייטש. מיר האָבן זיך געכאפּט, אז דעם בונקער האָבן מיר אויסגעבויט ביי א וועג, און בלויז די געדיכטע קוסטעס טיילן אונז אָפּ פון אים. מיר האָבן באשלאָסן דאָ צו פארבלייבן.

מיר זיינען אוועק אין וואלד צו ברענגען האָלץ אויף צו דעקן די ווענט. די ערד איז געווען א זאמדיקע און געווען גענייגט צום זינקען. צום באלקן זיינען אונז געווען נויטיק ברעטער. מיר האָבן אין פריערדיקן בונקער געהאט ברעטער, און דערפאר האָבן מיר באשלאָסן צו מאכן א 5—6 קילאָמעטער און ברענגען די ברעטער. דערווייל האָבן מיר אויסגעבעבט דעם גרוב מיט צווייגלעך און בלעטער, און אזוי האָבן מיר געגעכטיקט עטלעכע נעכט. ביי טאָג האָבן מיר פארפעסטיקט די ווענט און ביי נאכט האָבן מיר געבראכט די ברעטער און אויך שטרוי אויף א געלעגער.

אין עטלעכע טעג ארום איז דער בונקער געוואָרן פארטיק. א טיר פון 40 אויף 60 צ״מ האָט געדינט פאר אן ארייננגאנג. מ׳האָט זי געקענט פארשליסן פון דרויסן און פון אינעווייניק. א „קיך״ האָבן מיר איינגעאָרדנט אין דער וואנט. דער קוימען איז ארייגעבויערט געוואָרן אין דער ערד. מיר האָבן אויך איינגעאָרדנט א בית־כסא, כדי מיר זאָלן נישט זיין געצוווּנגען ארויסצוגיין ביי טאָג. די הויך פון דער מעלינע האָט אונז דערלויבט צו זיצן אָדער צו ליגן. ביי טאָג האָבן מיר א ביסל געעפנט די טיר און זיך פארנומען מיט אויסראָטן די לייז. מיר זיינען געווען פארקראָכן, און ס׳איז נישט קיין וווּנדער: אין משך פון 6—7 חדשים האָבן מיר נישט געביטן די וועש און זיך נישט געוואשן. מיר איז אָנגעוואקסן א באָרד, און אויך זי איז פול געווען מיט לייז. דער קאמף איז געווען זייער א שווערער, און די כוחות — נישט קיין גלייכע. איידער מיר האָבן ארויסגעענדיקט די, האָבן זיך באוויזן אנדערע. ביים שייטער, ביי נאכט, האָבן מיר מיט ברענענדיקע גלאָווניעס אויסגעברענט זייערע נעסטן אין די נעט פון די וועש און מלבושים.

מיר האָבן גוט פארמאסקירט דעם בונקער מיט געדיכטע קליינע ביימלעך. בלויז דאָס געניטע אויג פון וואלד־שומר האָט געקענט אונטערשיידן צווישן די לעבעדיקע ביימער און אנדערע דעקאָראציע־ביימלעך. אָפט האָבן מיר געביטן די יונגע סאָסנעס, אז זיי זאָלן זיין ענלעך צו די ארומיקע בוימער.

איין מאָל, ווען מיר זיינען געזעסן ביי די אָפענע טירלעך, האָבן מיר דערהערט בילן הינט און א הילכיק דייטש געשפרעך. איך האָב באוויזן צו פארקלאַפן די טירלעך. אין שרעק זיינען מיר געזעסן ביז עס איז געוואָרן פינצטער. מיר זיינען זיכער געווען, אז עמעצער האָט אונז אנטדעקט. אין דער פינצטערניש האָבן מיר באזוכט א באקאנטן פויער און מיר זיינען געוווּיער געוואָרן, אז אין דעם טייל וואלד ווערט איינגעאָרדנט א באלאגערונג אויף פארטיזאנער. די דייטשן האָבן מורא געהאט ארייננצוגיין אין וואלד און געגאנגען נאָר אויף די וועגן. דערפאר האָבן זיי נישט אָנגעטראָפן אויף אונזער בונקער.

די פויערים אין ראדיוס פון 5—6 קילאָמעטער האָבן אונז געקענט. זיי זיינען בדרך כלל, נישט געווען פיינטלעך צו אונז. זיי האָבן אונז געגעבן ברויט, א ביסל מילך אָדער זופּ און עס זיינען געווען צווישן זיי אזעלכע, וואָס האָבן מיר דערלויבט זיך אָפּצוגאָלן.

איינער פון די, וואָס האָט אונז געהאָלפן, האָט מען גערופן „דער אמעריקאנער״, דערפאר, ווייל ער איז פאר דער מלחמה געווען עטלעכע יאָר אין אמעריקע. ער איז געווען א פארשטענדיקער און אינטעליגענטער פויער. ער האָט אונז אויפגענומען העפלעך, געגעבן אונז צו עסן און געפירט מיט אונז פּאָליטישע און פערזענלעכע שמועסן. זיין כוטאָר איז געווען נאָענט פון די באַן־רעלסן, וואָס זיינען כסדר געוואָרן באוואכט פון מיליטערישע פאטרולן. אין איין אָוונט, ווען מיר זיינען רואיק געזעסן ביי אים אין כאטע און געטרונקען מילך, האָט זיך אָנגעהויבן אן אָבלאווע אויף פארטיזאנער, וואָס האָבן געלייגט א מינע אויף די באַן־רעלסן. די דייטשן האָבן באצייטנס באמערקט די מינע, אויפגעהויבן אן אלארם און גענומען שיסן. דער הימל איז געוואָרן באלויכטן מיט רעפלעקטאָרן. ס׳איז געווען ליכטיק ממש ווי ביי טאָג.

מיר זיינען ארויסגעלאָפן אין דרויסן. צום וואלד איז געווען ווייט. מיר זיינען ארייגעשפרונגען אין קאָרן און דורך דער תבואה זיינען מיר געלאָפן אין דער ריכטונג צום וואלד, כדי צו זיין וואָס ווייטער פון „אמעריקאנערס״ כאטע און נישט צו שטעלן אים אין געפאר. ווען מיר האָבן זיך דערווייטערט אין א גענוגנדיקער מאָס, האָבן מיר זיך געלייגט אין קאָרן אָפּרוען און גענומען וואַרטן עס זאָל ווערן פינצטער. אין עטלעכע שעה ארום זיינען מיר שוין געווען צוריק אין אונזער בונקער. מיר זיינען אָבער געווען אומרואיק, צי דעם גוטן פויער איז נישט געשען קיין שלעכטס.

אין דער קומענדיקער נאכט זיינען מיר מיט ציטער אוועק אין זיין הויז, און ערשט דאן, ווען מיר האָבן זיך דערוווּסט, אז אלע אין שטוב זיינען געזונט און גאנץ, האָבן מיר אָנגעקלאפּט אין דער טיר. ער האָט אונז אויפגענומען ווארעם, ווי אלע מאָל. ער האָט מורא געהאט, אז אויב מען וועט אונז כאפּן, וועלן מיר אים אויסגעבן בעת מען וועט אונז פּייניקן. אין שמועס האָט ער מיר געשטעלט א פראגע, צי איך וואָלט אים געראטעוועט ווען עס זאָל זיין פארקערט — ווען ער וואָלט אלס ווייסרוס געוואָרן גערודפט דורך דער געסטאפּאָ. אָט די פראגע האָט מיך איבערראשט, און דעריבער האָב איך א ווײַלע געטראכט. בעת מעשה האָט ער געקוקט אויף מיר מיט א פאָרשנדיק אויג. נאָך א ישוב הדעת האָב איך געענטפערט, אז איך ווייס נישט, צי איך וואָלט דאן געהאנדלט ווי ער, אלנפאלס בין איך נישט זיכער אין דעם. מיין תשובה איז אים געפעלן געוואָרן. ער האָט דערפילט, אז איך וויל אים נישט אָפּנארן. ער האָט אונז דערלאנגט נאָך א פּאָרציע מילך און מיט א גוט געמיט זיינען מיר אוועק פון כוטאָר.

מיר האָבן אנגעהאלטן א קאָנטאקט מיט מאטעוש. מיר האָבן אים באזוכט, אָבער מיר זיינען נישט אריין צו אים אין שטוב, איידער מיר האָבן גוט בודק געווען דעם שטח. ווי איך האָב שוין דערמאָנט, איז ער געווען א פארבינדלער ביי די פארטיזאנער, און תמיד איז ביי אים געזעסן עמעצער פון זיי. ער האָט אונז אָפּגעפּטרט מיט צוזאָגן, ביז איינמאָל, נאָך עטלעכע חדשים, האָט ער אונז צו וויסן געגעבן, אז די פארטיזאנער זיינען גרייט אונז אָנצונעמען, אויב מיר וועלן קומען מיט געווער. זיי לייגן אונז פאָר צו דערנענטערן זיך צו די באַן־רעלסן, וועלכע ווערן געהיט פון די דייטשע זעלנער, דערהרגענען א דייטש און צונעמען זיין ביקס. מיט א ביקס וועלן אונז די פארטיזאנער אויפנעמען.

דער פאָרשלאג איז געווען נישט צום אויספירן. מיר האָבן ווייטער זיך געפּייניקט אין אונזער הייל. ביי נאכט האָבן מיר אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט די פארטיזאנער, מיר האָבן געוווּסט, אז זיי זיינען אנטיסעמיטן. איינמאָל ביינאכט, ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צום כוטאָר, האָבן אונז ארומגערינגלט מער ווי צען פון זיי. מיר זיינען געגאנגען ביים ברעג פון װאלד, און פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט א באפעל אויף רוסיש: „שטיי וער גייט" מיר האָבן געענטפערט: „די אידן פון װאלד שולאצק" — אזוי האָט מען אונז גערופן אין דער געגנט. דער קאָמאנדיר האָט אונז דערקלערט, אז ער האָט שוין געהערט וועגן אונז און ער וויל אונז שוין לאנג „כאפּן", ווייל מיר „גייען זיי נאָך", מיר עסן זייער ברויט, לעבן אויף זייער חשבון און דינען דער געסטאפּאָ. מען דאַרף ענדיקן מיט דעם מצב, וואָס שטעלט אין געפאַר דאָס לעבן פון די פארטיזאָנער. ער האָט באפוילן אוועקצושטעלן אונז ביים ברעג װאלד און אונז דערשיסן.

מיר האָבן אים געפּרוּווט אויפקלערן, אז זיינע רייד האָבן נישט קיין שום גרונד, און אז דאָס האָט נישט געווירקט, האָבן מיר ביידע, איך און מיין פרוי, אָנגעהויבן שרייען, אז ער וויל דער־הרגענען אומשולדיקע מענטשן. דערהערנדיק אונזערע געוואלדן, זיינען געקומען צו לויפן די פויערטעס פון די כוטאָרן און אָנגעהויבן זיך אריינמישן. די מערהייט פון די פארטיזאנער זיינען געווען אָרטיקע יונגעלייט, וואָס די פרויען האָבן זיי גוט געקענט, און דערפאַר האָבן זיי זיך אָנגעהויבן קריגן וועגן אונז. די פויערטעס האָבן געטענהט, אז כאָטש מיר זיינען אידן, זיינען מיר פאָרט מענטשן, באשאפענע אין גאָטס געשטאלט, און מיר האָבן רעכט צו לעבן און צו קעמפן פארן לעבן. וואָס שייך ווידער דעם עסן, עסן מיר נישט זייער ברויט, נאָר דאָס ברויט פון די פויערים, און זיי ליידן נישט פון דעם. זיי האָבן זיך אויסגעלאכט פון דער טענה, אז מיר דינען דער געסטאפּאָ. די פרויען האָבן גובר געווען און די פארטיזאנער האָבן אונז אָפּגעלאָזט. דאָס דאַרף האָט זיי באשפּייזט און באזאָרגט מיט אינפאָרמאציע, און דערפאַר האָבן זיי מורא געהאט זיך אנטקעגנצושטעלן.

עס איז געוואָרן הארבסט פון 1943. דער ווינטער האָט זיך דערנענטערט. מיר האָבן ווייטער ארומגעשלעפּט זיך אין די נעכט און געבעטן ברויט, און כדי נישט צו באלעסטיקן אונזערע וווילטוער, האָבן מיר געוואגלט אין אלץ ווייטערע פלעצער. געווען נעכט, ווען מיר האָבן דורכגעמאכט צענדליקער קילאָמעטער. צו די צרות איז צוגעקומען נאָך איינע: טשאטעס אויס־געהונגערטע וועלף און טייל מאָל אויך — ווילדע חזרים. ביי נאכט האָבן מיר אָנגעצונדן א שייטער נעבן בונקער, און אין וועג האָבן מיר מיטגענומען שוועבעלעך און שפּענער, כדי אָפּ־צושרעקן די חיות, אויב דאָס וועט נויטיק זיין.

ווען עס איז געפאלן דער ערשטער שניי, איז דער צוריקגאנג אין בונקער געוואָרן שווער און קאָמפּליצירט. אויף א מהלך פון 200—300 מעטער האָבן מיר געדאַרפט גיין הינטערווײלעכץ און פאַרווישן אונזערע טריט. מיר האָבן צו דעם צוועק זיך געשאַפן א ספּעציעלן בעזעם. די אַרבעט איז געווען א שווערע, אָבער א נייטווענדיקע.

דאָס פּראָבלעם פון וואַסער איז נישט געווען לײַכטער, ווי דאָס פּראָבלעם פון ברויט. אין וואַלד און אין דער געגנט איז נישט געווען קיין ברונעם. ווינטער פלעגן מיר צעלאָזן שניי אין אונזער טעפּל. דאָס וואַסער איז געווען שמוציק, אָבער מיר זײַנען נישט געווען געצוווּנגען צו טראָגן עס פון כוטאָר, א מרחק פון עטלעכע קילאָמעטער. אין אַנדערע צײַטן פון יאָר האָבן מיר געשעפּט וואַסער פון די קאַלוזשעס, געבליבענע נאָך די רעגנס. מיטן שעלכל האָבן מיר אָנגעשעפּט דאָס וואַסער פון דער הויך, כדי נישט צו מאַכן עס מוטנע. בלויז אין היצן האָבן מיר געמוזט גיין צו די ברונעמער אין די כוטאָרן. די אַרבעט איז געווען גאָרנישט קיין פּשוטע. עס האָט אונז באַגלייט דאָס בילן פון די הינט אין גאַנצן ישוב און די זשיראַפּע פון דעם ברונעם האָט געסקריפּעט. דאָס האָט אַלאַמירט דעם גאַנצן כוטאָר. דאָס שעפּן וואַסער גופא איז נישט געווען לײַכט, ווײַל דאָס איז געטאָן געוואָרן אין דער פינצטער, און אויך דאָס איבערגיסן דאָס וואַסער פון דעם ברונעם־עמער אין אונזער קרוג אַרײַן איז נישט געווען קיין לײַכטע אַרבעט. דער קרוג האָט געהאַט א שמאָלן האַלדז און דאָס וואַסער אַהין האָבן מיר אַרײַנגעגאָסן מיט א שעלכל. יעדע פונקציע האָט פאַרלענגערט די צײַט פון דער „וואַסער־אַקציע” און דעם בילעריי־אַקאָמפּאַניאַמענט, וואָס איז אָן אויפהער שטאַרקער געוואָרן. מיר זײַנען געווען פילבאַר און נערוועז, און דערפאַר זײַנען מיר אָפט צוריקגעגאַנגען מיט אָן אָרעמען וואַסער־רעזערוו. וויכטיק איז געווען, אַז די כוטאָר־אײַנוווינער זאָלן נישט וויסן, ווער עס שעפּט אין די נעכט וואַסער פון זייערע ברונעמס.

די תושבים זײַנען געווען בייז. בײַ טאָג פלעגן קומען די דײַטשן און בײַ נאַכט — די פּאַרטיזאַנער. גנבים האָבן געמאַכט דעם אָנשטעל פון פּאַרטיזאַנער. די פּויערים זײַנען געוואָרן אָנגעשפּיצט. זיי זײַנען נישט אַרויס פון שטוב, נאָר געוואַרט, אַז יענער גאַסט זאָל צוקומען צו פענצטער. זיי זײַנען געבליבן אינעווייניק, דורכגעדרונגען מיטן בליק די פינצטערניש, כדי צו דערגיין ווער עס זײַנען דאָס די, וואָס קומען צו די ברונעמס.

נאָכן אָנפילן דעם קרוג האָבן מיר פאַרלאָזט דאָס אָרט. דער בלעכערנער קרוג איז געווען שווער, און אונזערע כוחות — אָרעמע. אויף דער פלייצע האָבן מיר געטראָגן קאַרטאָפל. אונז איז שטענדיק אויסגעקומען צו מאַכן א וועג פון עטלעכע קילאָמעטער. מיר זײַנען נישט געגאַנגען מיט די וועגן, נאָר מיר האָבן דורכגעשניטן פּאַראַקערטע פעלדער. די פרעמדע געגנט איז אונז געוואָרן באַקאַנט און נאָענט. די תושבים, וואָס האָבן פריער זיך אָפּגעגרענעצט פון אונז, האָבן זיך צו אונז צוגעוווינט. זיי האָבן אויפגעהערט מורא האָבן, אַז מיר וועלן זיי מסרן, אויב די דײַטשן וועלן אונז כאַפּן. צום גליק זײַנען זיי געווען רעליגיעז און בײַ יעדער געלעגנהייט האָבן זיי אונטערגעשטראָכן די לעבנס־רעכט פון יעדן מענטש. זייער רעליגיע האָט זיי באַפוילן צו העלפן אונז. אַלע אין דער גאַנצער געגנט האָבן געוווּסט וועגן אונז, אָבער קיינער האָט אונז נישט אויסגעגעבן אין געסטאַפּאָ.

די אָריענטאַציע אין שטח און די מיליטערישע דערפאַרונג האָבן מיר צוגעהאָלפן נישט צו בלאָנדזשען אין וואַלד. מײַנע פיס האָבן אָפּגעפילט די סטעזשקע אַפילו אין די סאַמע פינצטערע נעכט.

איינע פון די פּויערטעס האָט זיך באַזונדערס אינטערעסירט מיט אונז, און איינמאָל האָט זי געזאָגט, אַז זי קען נישט בלײַבן גלײַכגילטיק צו אונזערע לײַדן; זי איז גרייט צו פאַרבינדן אונז מיט א פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, אין וועלכן איר ברודער דינט. מיר האָבן אָפּגערעדט, אַז צו מאָרגנס פאַר טאָג וועלן מיר וואַרטן ביז זי וועט אַרויס פון איר כאַטע און מיר וועלן גיין אויף א גרויסן מרחק נאָך איר. כדי זי נישט צו פאַרלירן פון אויג, וועט זי אָנטאָן אויפן קאָפּ א רויט טיכל. איר הויז איז געשטאַנען אויף א וואַלד־פּאָליאַנע. אין דער אָפּגעשמועסטער צײַט זײַנען מיר געווען אויפן אָרט. מיר זײַנען נישט געווען געוווינט צו זײַן דרויסן אין טאָגליכט. מיר האָבן מיט אומגעדולד געוואַכט אויפן באַווײַזן זיך פונעם רויטן טיכל. די זון איז אויפגעגאַנגען

אלץ העכער. אין כוטאָר האָט זיך אָנגעהויבן די באוועגונג, אָבער די פרוי האָט זיך נישט באוויזן. מיר האָבן באַשלאָסן זיך אומצוקערן אין בונקער, און מיר האָבן דאָס געטאָן אָן שטערונג. אין דער זעלבער נאכט איז געקומען צו אונז מאריא (דאָס איז געווען איר נאָמען). מיר האָבן זיך דערוווּסט, אז דער אָנקום פון זשאנדארן האָט צעשטערט דעם פּלאַן. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט אויף מאָרגן. מיר האָבן נישט געוווּסט, צי זי האָט גוטע כוונות, דאָך האָבן מיר באַשלאָסן צו ריזיקירן. צו מאָרגנס אין דער פרי זיינען מיר געקומען צום ברעג וואלד, און דאָס מאָל איז מאריא ארויסגעקומען מיטן רויטן טיכל אויף איר קאָפּ. מיר זיינען געגאנגען נאָך איר ביז אין דער וואלד־געדיכטעניש. דאָרט איז זי צוגעשטאַנען צו אונז.

דער וועג איז געווען א ווייטער און זייער א געדרייטער. אין רגע איז מיך באפאלן א צווייפל, צי די פרוי פירט אונז באמת צו די פארטיזאנער. ווען איך האָב צו איר געזאָגט אין א האלב־שפּאסיקן טאָן, אז ווהין זי וועט אונז פירן וועלן מיר גיין — ווייל אונז איז שוין מיאוס אזא לעבן — אפילו ווען זי וועט אונז אָפּפירן אין געסטאפּאָ, איז אונזער רעטערין געוואָרן אין כעס און פארזיכערט, אז זי האָט גוטע כוונות כלפּי אונז. זי האָט פארשטאנען אונזער פארדאכט, ווייל עס זיינען געווען פאלן, ווען מ׳האָט איבערגעגעבן אידן אין די הענט פון געסטאפּאָ. נאָך יענעם געשפּרעך האָבן מיר באקומען צוטרוי איינער צום אנדערן.

נאָך א מארש פון עטלעכע שעהן זיינען מיר בשלום אָנגעקומען אין דעם פארטיזאנישן לאגער. אונזער פרייד איז געווען גרויס. דאָ לעבן די גערודפטע מענטשן אין דרויסן, געניסן פון זון און גרינס, און קעמפן פאר זייער לעבן מיטן שונא. אונז האָט אויך געפרייט, וואָס מאריא האָט אונז נישט אָפּגענארט, און אזוי ארום איז פארהיט געוואָרן אונזער גלויבן אין מענטש, אין מענטשלעכער פריינדשאפט. דאָס איז דאָך אין יענע צייטן געווען אזוי זעלטן.

מען האָט אונז אויפגענומען פריינדלעך. אין יענעם לאגער האָבן זיך געפונען עטלעכע אידישע פאמיליעס, בעיקר פון די אידישע פויערים, וואָס האָבן דאָ באארבעט די ערד ביז וואנען די נאציס זיינען געקומען. פון אָנהויב האָבן זיי זיך אויסבאהאלטן אין וואלד, דערנאָך האָבן זיי זיך פאראייניקט מיט די פארטיזאנער און געשאפן דעם „משפחה־לאגער" פאר זייערע שטוביקע. די ווייס־רוסישע שכנים האָבן זיי באזאָרגט מיט שפּייז פאר די חפצים, וואָס זיי האָבן באקומען. זיי האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט א געשלאָסענע גרופּע אין דעם אָטריאד, פארנומען זיך מיט אויסשפּיר, צוגרייטונגס־ארבעטן צו אקציעס, פארלייגן מינעם אויף די באַן־רעלסן, אָנפאלן אויף פּראָוויאַנט־עקספּעדיציעס, סאבאָטאזש פון טעלעפאָן־דראָטן א״א.

די פארטיזאנישע אָטריאדן האָבן זיך געביטן. פון צענטער פלעגן אָנקומען באוואָפנטע אָפּטיילונגען, אויספירן זייער אויפגאבע און זיך אומקערן. דער אָרטיקע אָטריאד האָט געדינט, ווי א מין בריקנקאָפּ און געוויינלעך פלעגט ער זיך פאראייניקן צום אויספירן די אויפגאבע.

דאָס לעבן אין לאגער איז געווען געגנוג נאָרמאל. ביי טאָג האָבן מיר גערוט, און אין אָוונט — ארויס צו די אקציעס. פארטאָג פלעגן מיר זיך אומקערן מיט א שעפּס אָדער צוויי, אָדער א קעלבל, ברויט און אנדערע פּראָדוקטן, וועלכע מיר האָבן באקומען ביי די פויערים אָדער קאָנ־פיסקירט. אויף דעם געביט איז געווען א נישט געשריבן געזעץ, דער וואָיט און דער פארטיזא־נישער קאָמאנדיר האָבן צוזאמען באשטימט די נאָרמעס. קודם כל האָט מען גענומען די פּראָ־דוקטן ביי יענע פויערים, וואָס האָבן סימפּאטיזירט מיט די דייטשן. די אָרעמע האָט מען נישט געטשעפּעט. אין אונזער אָטריאד האָבן זיך געפונען א סך אָרטיקע, וואָס האָבן געוווּסט ביי וועמען צו נעמען. די איינוווינער זיינען ביי טאָג געוואָרן באאומרואיקט פון די דייטשן, און ביי נאכט האָבן זיי געוואָרט אויף די פארטיזאנער, וועמען זיי האָבן אויפגענומען מער וויניקער מיט סימ־פּאטיע, ווייל זיי זיינען געווען באשיצער פון די פויערים.

פון שטאנדפּונקט פון בילדונגס־ניוואָ איז דער באשטאנד פון אָטריאד געווען א פארשידנאר־טיקער אויסער דעם קאָמאנדיר, וואָס איז געווען א העכערער אָפיציר, אן אראָפּגעלאָזטער מיט א פאראשוט אויף אונזער געביט, זיינען אלע אנדערע געווען פון די אָרטיקע דערפער. דערפאר איז פארשטענדלעך, אז אין לאגער האָבן געהערשט באציאונגען פון פארשידענעם כאראקטער. אין דער גרופּע זיינען געווען איינצלנע אינטעליגענטן, זיי זיינען נישט געווען באליבט ביי די

גאַנצע און האַלבע אַנאַלפאַבעטן, אַלץ איינס אידישע, ווי ווייסרוסישע. פאַר די ווייסרוסן איז געווען מער פאַרשטענדעניש, ווי פאַר די אידן, מיט די לעצטע זיינען געשען צוזאַמענשטויסן, טייל מאָל אַפילו קאָמישע. למשל, מיין פרוי האָט מען געהייסן טראָגן צוויי עמערס וואַסער פונעם ברונעם וואָס געפונט זיך עטלעכע קילאָמעטער ווייט פון לאַגער, הגם זי האָט נישט געהאַט קיין שיך, נאָר שטעקשיך, וואָס זיינען נישט צוגעפאַסט צו גיין אין זיי אַ גאַנצן טאָג אין וואַלד. מען האָט איר אויך נישט דערלויבט צו אַרבעטן אין קיך. זיי האָבן איר נאָכגעשפּירט און דערגאַנגען, אַז אָנשטאָט היגיעניש פּאַפּיר נוצט זי בלעטער. מיך האָט מען אָפּט באַשעפּטיקט ביים האַקן גרויסע ביימער און איבערטראָגן זיי, הגם זיי האָבן געוווסט, אַז איך בין אויסגעשעפּט פון הונגער. זיי זיינען געווען בכוח צו טראָגן אויף זיך זעק מיט קאַרטאָפל צו 50—100 קילאָ, בעת איך האָב קוים געקענט טראָגן אַ העלפט דערפון. מיר האָבן דאָס אַלץ פאַרשוויגן, און טייל מאָל נאָר האָבן מיר אויסגעבראָכן אין כעס. קיין געצעלט האָט מען אונז נישט געגעבן, ווי מען פלעגט עס טאָן לגבי די מענטשן פון משפחה־לאַגער; מען האָט אונז אויך נישט דערלויבט צו נעכטיקן אין בונקער (וווּ עס האָבן זיך געפונען הילצערנע געלעגערס), ווייל ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין לאַגער האָבן מיר דערקלערט, אַז מיר וועלן נישט נעכטיקן צוזאַמען, ביז מיר וועלן זיך נישט אויסרייניקן פון די לייז. אָבער אונזער זאָרג פאַרן כלל האָט אונז געשעדיקט און מען האָט אונז נישט דערלויבט צו צו וווינען מיט אַנדערע. דערביי איז טשעקאַווע, אַז די איינוווינער פון בונקער פלעגן זיצן אין מיטן העלן טאָג אין דרויסן און פאַנגען די לייז אין זייערע קליידער און אין די קעפּלעך פון זייערע קינדער. מיר האָבן געמאַכט אַ געצעלט פון צוויי נישט געגאַרבטע פעלן, כדי צו שיצן זיך פון רעגן און פון קעלט, אָבער עס האָט נישט אויסגעהאַלטן.

ביי טאָג האָב איך פאַרבראַכט די פרייע שעהן מיט מיין פרוי און ביי נאַכט בין איך אַוועק מיט די פּאַרטיזאַנער און זי איבערגעלאָזט אַליין. די דאָזיקע נעכט האָבן שווער געווירקט אויף איר. זי איז געווען אומרואיק וועגן מיר און דערצו האָט זי נאָך געהאַט שוועריקייטן פון דער סביבה. כדי צו אילוסטרירן די אַטמאָספער וועל איך דערציילן וועגן אַ געשפּרעך איבער שפּייז. דאָס עסן איז געווען בשותפותדיק בלויז ווען די פּאַרטיזאַנער האָבן זיך געפונען אין לאַגער. ווען זיי זיינען אַוועק, האָט יעדע משפחה געקאָכט פאַר זיך. ווען איך האָב פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל קאָכן צוזאַמען, האָט מען מיר געענטפערט, אַז איך מאַך דעם פאָרשלאַג, ווייל איך האָב נישט קיין שפּייז־פּראָדוקטן, דאַקעגן זיי פאַרמאָגן זאַפּאַסן אין וואַלד אין די גריבער. איינמאָל איז פון איינער אַזאַ באַהעלטעניש נעלם געוואָרן אַ פלאַש האָניק. דער געליטענער האָט אין אָוונט אָנגעהויבן ריידן וועגן דעם ביים שייטער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קריגעריי. מיין פרוי האָט זיך אָנגערופן, אַז גנבענען האָט געקענט נאָר אַזאַ מענטש, וואָס פאַרמאָגט גאָרנישט. דער ווונק איז געווען אַ קלאָרער. איך האָב זיך מער נישט געקענט באַהערשן. איך האָב זיך אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט דער פרוי אַ פּאַטש. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן, אַז איך זאָל עמעצן פּאַטשן, דערצו נאָך אַ פרוי. עס איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה און איך האָב מורא באַקומען פאַר מיין לעבן. עס האָט זיך אָבער פאַרענדיקט מיט געשרייען און דראָאונגען.

אַזוי זיינען מיר געווען אין וואַלד ביז דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט צו סלאָנים און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן אין בהלה. דער ערשטער בשורה־ברענגער פון סאָוועטישן מיליטער איז געווען אַ רוסישער פליער, וועמענס עראָפּלאַן מען האָט אַראָפּגעשאָסן איבער אונזער שטח. ער איז אַראָפּ אויף זיין פּאַראַשוט נעבן אונזער לאַגער. איינער פון די בחורים האָט אים געבראַכט אין לאַגער, און אָט דער פליער טאַקע האָט אונז דערציילט וועגן דער גרויסער אָפענסיווע, וואָס באַפרייט שנעל די אָקופּירטע געביטן.

ענדלעך האָט מען דערהערט די אַרטילעריש קאַנאָנאַדע איבער שטשאַרא. די שלאַכטן האָבן געדויערט עטלעכע טעג און די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אָפּטרעטן אין בהלה. מיר זיינען געשטאַנען אויף אַ באַרג אין מיטן וואַלד און זיך צוגעקוקט צום צוריקצוג. דאָס האַרץ האָט זיך געפרייט ביים צוזען זייער מפּלה. אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אונז באַפוילן אומצוקערן זיך קיין סלאָנים און אויספירן פאַרשידענע אויפגאַבעס.

פאַר אונזער אַוועקגיין פון וואַלד האָבן מיר באַזוכט די אַלע באַקאַנטע פּויערים, וואָס האָבן אונז געהאָלפן אין דער נויט און דערביי ריזיקירט מיטן לעבן פון זייערע משפחות. זיי האָבן אונז וואַרעם אויפגענומען און אונז מיטגעגעבן שפּייז אויפן וועג.

מיר האָבן אָנגעלאָדן אונזער ביסל אָרעם פאַרמעגן און גוטס אויף א פורל און צו פוס זיינען מיר אוועק קיין סלאָנים.

אין סלאָנים האָט זיך געפונען א סך קאַלישער, פון 80 ביז 100 פערזאָן. צווישן זיי האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וואָס זייער יוגנט איז אדורך צוזאמען און פאַרבונדן זיי איינער מיטן צווייטן. עס איז געווען אויך א גרופע פון „השומר הצעיר". אָט די פאַרבינדונגען האָבן זיי געהאָלפן דורכ־צוהאַלטן די שווערע יאָרן.

נישט אַלע פון זיי געדענק איך. אָט זיינען די נעמען, וואָס איך געדענק: צעשע און בעניעק ארקוש, בראַון און זיין פרוי, אסיא און בערעק גאָלדשטיין, לייב קאַץ און זיין שוועסטער זאָשע, מינדעק קאַהאַן, קאָוואַלסקי און זיין פרוי, פעליציע און ראַפאַל לובעלסקי און זייער טאָכטער עדאַ, די פיר שוועסטער ליבערמאַן, פייוול קאַפּלאַן און זיין פרוי, האַנקע און יוטעק מאַרגאָליס, די צוויי ברידער מאַרגאָליס (שילער), מארישע (טייקיש) און מאַטעק אָפּענהיים, פּיאָטרקאָווסקי און זיין פרוי, מיכאַלאָוויטש, זיין פרוי און קינדער, מיכאַלאָוויטש (אַן איינזאמער), סאַבא (סיטנער) און פּאַוועק ניימאַן, בערטשאַ און איגנאַץ נאַגורסקי, די צוויי ברידער נעלקען (שילער), מיכאל וואַרטעל און זיין פרוי, סאָכאַטשעווסקי און זיין פרוי, אברהם שטערן און זיין פרוי, די צוויי ברידער בלומענפעלד.

# גוטע קריסטן

**נ. רוקמאַן**



ון קאַליש קיין וואַרשע בין איך געקומען אין סעפּטעמבער 1939 מיט מיין פרוי און צוויי קינדער. דער מצב אין שטאָט האָט נישט אַרויסגערופן קיין צוטרוי, דערפאַר בין איך אוועק מיטן שטראָם פּליטים קיין לוואָוו, וואָס האָט זיך געפונען ביי די סאָוועטן. אין עטלעכע וואָכן אַרום בין איך אַרעסטירט געוואָרן דורך דער נ.ק.וו.ד. און באַפרייט געוואָרן דורכן היטלערישן מיליטער. דערווייל האָט מען מיין משפחה אוועקגעפירט אין טיף רוסלאַנד. נאָך א געוויסע צייט האָב איך זיך אומגעקערט קיין וואַרשע און בעתן אויפשטאַנד אין געטאָ בין איך געווען אין בונקער אויף שוויענטאָקזשיסקע 39.

ווען מ'האָט אַנטדעקט דעם בונקער, האָט מען מיך אוועקגעפירט אויפן אומשלאַגפּלאַץ, כדי מיך אַוועקצושיקן מיט א פראַכט־וואַגאָן קיין לובלין. אויפן וועג בין איך געשפּרונגען פון צוג אין מיטן גאַנג. איך האָב געפונען א צייטווייליקן באַהעלטעניש ביי א פויער, וואָס האָט דערמיט איינ־געשטעלט זיין לעבן און דאָס לעבן פון זיין משפחה. דער דאָזיקער פויער איז אויך געפאָרן קיין וואַרשע, כדי צו ברייגגען מיר זאַכן און פאַרבינדן זיך צוליב מיינע אינטערעסן מיט פאַרשידענע מענטשען. נאָך זיין צוריק קומען האָט ער מיך איבערגעפירט קיין וואַרשע.

אין וואַרשע האָט מיך אויפגענומען און געהאָלפן מיר א פוילישע משפחה אין פּראַגע־טאַרגוּוועק, און דאָרט האָב איך פאַרבראַכט די אָקופּאַציע־צייט מיט נאָך 12 אידן. די פרוי העלענא יאַנז מיט איר גאַנצער משפחה האָבן מיט גרויס איבערגעגעבנקייט זיך פאַרנומען מיט די 13 אידן.

דורך דער גאַנצער אָקופּאַציע־צייט האָב איך באַקומען חודשלעכע שטיצע פון הער לעאָפּאָלד ריכטער, א פאָלקסדייטש, מיינער א געוועזענער קונה, אַן איינוואוינער פון טאָרון. מיר זיינען געוואָרן באַפרייט דורכן סאָוועטישן מיליטער.

תל־אביב, יולי 1961




# קאליש, מאי 1962




**אברהם מילגראם**

ויפן וואָקזאל און אויפן וועג פון דאָרט האָב איך נישט געטראָפן קיין איין איד. בכלל איז די באוועגונג געווען א קליינע. איך האָב נישט געקענט באקומען נישט קיין טרעגער און נישט קיין טאַקסי. אויפן וואָקזאל איז געווען בלויז צוויי טאַקסיס. דער גורל פון די ווייניקע אידן, וואָס זיינען געבליבן לעבן, איז געקומען צום אויסדרוק אין מיין שמועס מיט א פרוי פון א יאָר 45, מיט א פוילישן אויסזען. זי האָט מיך געפרעגט, צו איך בין א איד, און ווען איך האָב געענטפערט, אז יאָ, האָט זי מודה געווען, אז אויך זי איז א אידישע, איצט האָט זי א פּאָליאַק פאר א מאַן. ווען איר האָט זיך איינגעגעבן צו פארלאָזן דעם געטאָ, האָט דער דאָזיקער פּאָליאַק איר געהאָלפן איבערלעבן די מלחמה־יאָרן.

געזען, אז ס׳איז שווער צו געפינען לעבעדיקע אידן, בין איך אוועק צו די טויטע. אויפן בית־עלמין איז געווען אַ אמתער חורבן. די מצבות זיינען געווען צעוואָרפן און צעהאַקט און די שטיקער האָבן זיך ארומגעוואַלגערט. דער לעצטער קבר איז פון ציין־ארצט סאָלניק, וואָס איז געשטאָרבן אין דאַנציג און געבעטן, אז מ׳זאָל אים באַגראָבן נעבן זיין מוטערס קבר. אויף זיין מצבה איז אָנגעגעבן, אז ער איז פּאָלקאָווניק פון פוילישן מיליטער. איך האָב געגעבן דעם וועכטער א פּאָר זלאָטעס און געבעטן, אז ער זאָל א ביסל אכטונג געבן אויף די קברים. איך בין אָבער מסופק, צי ער וועט דאָס טאָן. דער בית־עולם נויטיקט זיך אין אויפזיכט.

די אינדוסטרי און האנדלס־אונטערנעמונגען זיינען, נאַטירלעך, מלוכהשע. די מענטשן מיט פרייע פּראָפעסיעס ארבעטן אין קאָאָפּעראַטיוון: קאָלעקטיוון פון אדוואָקאַטן, פריזיערס א.א.וו. איך האָב געהערט ווי מ׳באַקלאָגט זיך דערויף, וואָס ס׳איז נישטאָ קיין פּריוואַטער האנדל. איך האָב זיי געזאָגט: „איר האָט תמיד געפּרעדיקט, אז פּאָליאַקן זאָלן נישט קויפן ביי אידן. איצט זיינען קיין אידן נישטאָ, קויפט ביי זיך אליין!". אויך די ארבעטער זיינען נישט צופרידן פון זייער לוין. צופרידנקייט האָב איך געטראָפן בלויז ביי די פּענסיאָנערן. אין חלום האָבן זיי נישט געטרוימט צו באַקומען פּענסיע פון דער מלוכה. אָבער דאָס אלץ האָט מיך אייגנטלעך נישט אינטערעסירט. קיין אידן האָב איך נישט געטראָפן.



דעם אָנדענק פון מיין מוטער חיה־מירל און מיינע שוועסטער נאָרא, לאה, אסתר און מרים, וועמענס בלוט איך האָב געהאָלפן נוקם זיין.

# ב׳האב אויסגעגעבן א דייטשן מערדער




**אברהם קראטאוווסקי**

ערדינאנד געלער איז דער נאָמען פונעם געסטאפּאָ־קאָמענדאנט, וואָס האָט אומגעבראכט די לעצטע אידן אין קאליש און אומגעגנט. אין 1947 האָב איך מיטגעווירקט צו זיין ארעסט אין דייטשלאנד און ער איז פארמשפּט געוואָרן צו אייביקע תפיסה. און דאָס איז, בקיצור, די געשיכטע.

אין מאי 1940 האָבן אידן פון קאליש און קאָזשמינעק אויפגעציטערט ווען זיי האָבן דערהערט וועגן אָנקום פונעם טרויעריק בארימטן געסטאפּאָ־אינספּעקטאָר פערדינאנד געלער. אין אויגוסט 1940 האָט געלער פערזענלעך זיך באטייליקט אינעם דערשטיקן די אידן דורך די שווארצע גאז־אויטאָס. ער האָט אָנגעהויבן מיט זקנים. פיל פון זיי האָבן פארשטאנען, וואָס עס דערווארט זיי, זיינען זיי ארויס איינגעהילטע אין טליתים און געזאָגט ווידוי. די דאָזיקע אידן האָט מען קובר געווען אין וואלד פון ארנאטקי, צווישן קאליש און אָפּאטווועק.

ז׳ כסלו 1941 איז פאָרגעקומען א שחיטה איבער די אידן אין קאָזשמינעק. געלער האָט געבראכט א רשימה, וואָס איז געוואָרן צונויפגעשטעלט דורכן יודענראט. יעדע פאמיליע, וואָס האָט געהאט א פערזאָן עלטער פון פופציק יאָר, איז געוואָרן ארויסגעשיקט. אויך דער גורל פון מיין משפחה איז געווען געחתמעט. מיט א נאכט פריער האָב איך געזען די יודענראט־לייט פון קאליש, וואָס זיינען געקומען קיין קאָזשמינעק בשייכות מיט דער אקציע. איך האָב באלד אוועקגעשיקט מיין מוטער צו באקאנטע קריסטן און איך מיט מיין שוועסטער זיינען געבליבן אין שטוב. מיטוואָך איידערפרי האָבן מיר דערהערט א געוויין און גוואלדן. צו אונזער פענצטער איז צוגעקומען א יידישער פּאָליציאנט און האָט געפאָדערט, אז מיין מוטער און שוועסטער זאָלן זיך צושטעלן צום ארויסשיקן. איך בין געלאָפן צו געלערן, געפאלן אים צו די פיס און האָב אים געבעטן, אז ער זאָל נעמען מיך אָנשטאָט מיין שוועסטער. ער האָט מיך א שטופ געטאָן און איך בין געפאלן און האָב געחלשט. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָט מיין שוועסטער זיך שוין געפונען אין אויטאָ, וואָס איז געווען אָנגעפאקט מיט קרבנות. איך בין געלאָפן נאָכן טויטאָ, אומזיסט. איך האָב געהערט די שטימע פון מיין שוועסטער, וואָס האָט מיך באפוילן צו נעמען נקמה.

אין די שווערסטע צייטן אין די היטלער־לאגערס האָב איך נישט פארגעסן דעם נאָמען געלער. איך האָב געשוואוירן צו געפינען אים פאר יעדן פרייז. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אז ער געפינט זיך אין פוילן אָדער אין דייטשלאנד. נאָך דער באפרייאונג האָב איך זיך צונויפגערעדט מיט עטלעכע חברים אים אָפּצוזוכן. איינמאָל בין איך אריין אין א דייטשן מלוכה־אמט און דערזען א באקאנט פנים. איך בין צו צו אים, אָבער ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז איך האָב זיך טועה געווען, אָבער דער דאָזיקער דייטש האָט פערזענלעך געקענט געלערן און פון אים האָב איך זיך דערוואוסט וואו ער דארף זיך געפינען.

סוף־סוף האָב איך אנטדעקט זיינע שפורן. איך האָב גערופן א גרופּע חברים און צוזאמען האָבן מיר זיך באגעגנט מיטן מערדער. איך האָב זיך נישט געקענט באהערשן, כ׳בין ארויפגעפאלן אויף אים און אָנגעהויבן אים קאטעווען, אָבער די אָנגעקומענע פּאָליציי האָט אים ארויסגעראטעוועט פון מיינע הענט. ער איז געוואָרן ארעסטירט. פון אָנהייב האָט ער געמאכט א מינע פון א תם. אָבער ווען עדות האָבן דערציילט ווי אזוי ער האָט געשפּאָלטן די קעפּ פון זייערע קינדער, דערשטיקט מיט גאז זייערע עלטערן, געפייניקט זייערע ברידער און שוועסטער, און אויך די עדות גופא, האָט דער מערדער געמוזט מודה זיין אין זיין שולד.

דאָס געריכט האָט אים פארמשפּט אויף אייביקע טורמע, ווארעם אין דייטשלאנד איז אָפּגעשאפט טויטשטראָף.

צוויי מאָל האָט געלער אפעלירט קעגן אורטייל מיט דער טענה, אז ער האָט נישט געטאָן קיין שום אומאנגענעמע זאכען פארן דייטשן פאָלק. ס'זיינען געווען א סך דייטשע עדות, וואָס האָבן אים פארטיידיקט.

אין יענער צייט בין איך שוין געווען אויף מיין וועג קיין אמעריקע און איך האָב מורא געהאט, אז דער מערדער וועט זיך ארויסדרייען פון זיין שטראָף. ווען איך בין אָנגעקומען קיין אמעריקע האָב איך זיך געווענדעט צום רעליף פון די קאלישער און זיי געבעטן צו אינטערווענירן, אז דער מערדער זאָל זיך נישט ארויסדרייען פון דער גערעכטיקייט. דער ענין איז געוואָרן איבערגעגעבן דער אָנפירונג פונעם אידישן וועלט־קאָנגרעס און דעם 11־טן יאנואר 1951 האָט מען מיר צוויסן געטאָן, אז דער אורטייל בלייבט גילטיק. פאָלגנדיקע חברים האָבן מיר געהאָלפן כאפן דעם מערדער: פנחס שילער, שוועדן; יצחק זאלינסקי, ישראל; גרשון ליטמאן, ישראל; יעקב וועלטסמאן, אויסטראליע; הירש יעקב בראון, אויסטראליע; יצחק הירש־ביין, ווענעצועלא; שמואל ראקאָווסקי, אמעריקע; פייביש שווארץ, אמעריקע.



די שול און דאָס בית־מדרש



# יוסף קאַפּלאַן



די ספּיציפישקייט פון קאַליש וואָס איז געווען אַ שטאָט פון אידן־אַרבעטער מיט אַ פיל־דורותדיקער אַרבעטס־טראַדיציע, אַ שטאָט פון אידן, וואָס האָבן אויפגענומען די מלאכה מיט פשטות און געווען שטאָלץ מיט איר ווי מיט אַ נאַטירלעכע זאַך — האָט געפונען זיין בולטן אויסדרוק אין יוסף קאַפּלאַן. ער איז געווען פריי פון די נאַטירלעכע שוועריקייטן פון דער אינטעליגענץ, ער האָט געפאָדערט מעשים און הויך געשאַצט די אָרגאַניזירטקייט, ער האָט נישט געוואוסט פון קיין מידקייט אין דער טעטיקייט, און ווי דער שטייגער ביי יונגעלייט, וואָס זיינען געצוואונגען פריי איבערצורייסן דאָס לערנען, האָט ער געפילט אַ לייכטן פאַראַדרוס צו אינטעלעקטועלע, וועלכע שטרייכן אונטער זייער העכערקייט.

ער איז געבוירן געוואָרן אין נאָוועמבער 1913, געלערנט, אין חדר, ישיבה און אַ ביסל אין דער העברעאישער גימנאַזיע צוליב דעם מאַטעריעלן מצב אין דער משפחה איז ער געווען געצוואונגען איבערצורייסן די לימודים און צוצולערנען זיך אין די אָוונטן. ער איז נאָך געווען אַ ייִנגל ווען ער איז אַריין אין „השומר הצעיר”. פון דאַן אָן איז דער שומרישער קן געווען זיין היים. ער האָט געלערנט עברית און אַלס פּראָפעסיע האָט ער אויסגעקליבן סטאָלעריי.

ס'איז שווער תופס צו זיין זיין פערזאָן און צו פאַרשטיין די קראַפט, וואָס האָט אים אוועק־געשטעלט אויף דער מזרח־וואַנט פון דער אידישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין פּוילן, אויב מען פאָלגט נישט נאָך זיין טעטיקייט אין דער באַוועגונג טראָט נאָך טראָט — פון מדריך, ראש הגדוד, ראש הקן, ביז צו דער אָנפירונג פון דער געגנט לאָדזש־קאַליש, און שפּעטער אין וואָלין.

וועגן זיין טעטיקייט אין וואָלין דערציילט ח. געלער אינטערעסאַנטע פּרטים. פון דער געגנט זיינען פאַרשוואונדן אַלע מדריכים — דער רוב איז אַוועק קיין ארץ־ישראל און אַ טייל האָט מען צוגענומען אין דער הויפּט־לייטונג אין וואַרשע. דאָס איז געווען אין יאָר 1937. אין וואָלין האָט מען געוואַרט אויף אַ שליח. אין אַ פאַרכמורעטן אינדערפרי האָט אין קן פון ראָוונע זיך באַוויזן אַ בחור אין אַן אויסגעריבענעם מאַנטל, מיט אַ שוואַרצער שעוועליורע, אַן אָפּגעברענט פּנים און כמעט אַ שטיפערישן שמייכל. זיין נאָמען איז געווען יוסף קאַפּלאַן. נאָך עטלעכע מינוט האָט ער געעפנט די וואַליזקע, אַרויסגעשלעפּט פון אונטער די עטלעכע שטיקלעך וועש, אַ ביסל העקטאָגראַפישע בראָשורן און געזאָגט: „אָט די צירקולירן האָב איך פאַרשפּרייט אין

קאליש. איך אליין האָב זיי אָפּהעקטאָגראַפירט". צו מאַרגנס איז דערשינען אונזער ערשטער צירקוליאר: "די לייטונג אין וואַלין איז ציגעטראָטן צו דער טעטיקייט". די "לייטונג" האָט געמיינט — א שרײַבמאשין, דער העקטאָגראף און יוסף קאפּלאַן.

צו מאַרגנס, נאָכן דערשינענעם פונעם צירקוליאר איז יוסף נעלם געוואָרן און מיר האָבן אים נישט געזען חדשים. ער האָט ארומגעוואנדערט אין די קליינע קנים אין דער פּראָווינץ. בלויז דער, וואָס קען דאָס וואָלינער שטעטל און די וועגן אין פּסח־צייט, וועט פאַרשטיין די אָנשטרענגונג: נישט קיין באן, נישט קיין שאָסיי. מ׳איז געפאָרן מיט פערד־און־וואָגן, אָדער געגאנגען צו פוס. אָבער אין יענע שטעטלעך האָבן געקלאפּט ווארעמער אידישע הערצער און דאָרט זיינען אויס־געוואַקסן איבערגעגעבענע חלוצים.

די אָנשטרענגונג איז געווען נישט נאָר א פיזישע. דער וואָלינער קאנט האָט געציילט טויזנטער חברים. יעדער חבר האָט געהאט זיינע באדערפעניש און אופן פון רעאגירן. מ׳דאַרף ראַטן, אָנשרייען, אויפמונטערן, איינהאלטן די, וואָס רייסן זיך עולה צו זיין נאָך איידער זיי ענדיקן די אויסשולונג. יוסף איז אין דער ארבעט געווען אליין.

אין עטלעכע חדשים ארום איז ער צוריקגעקומען א מידער און א נאָך מער צעקנאָדערטער, אָבער פול מיט לעבן. "איך האָב צעקנאקט די נוס" האָט ער געזאָגט. ער האָט זיך באקענט מיט דער געגנט און באקומען אומעטום טרייע העלפער. ס׳זיינען אריבער בלויז עטלעכע טעג, און באלד איז דערשינען א באריכט וועגן זיין רייזע איבער דער וואָלינער געגנט, וואו ער האָט אָפּגעמערקט יעדן פונקט לויט זיין מעגלעכקייט און אייגנשאפט. נאָכן באריכט איז ער ווידער פארשוואונדן און זיך באוויזן אין ראָוונע פון צייט צו צייט. דאָס איז געווען זיין אופן פון ארבעטן.

איז איינער פון די קאָלאָניעס האָט ער געעפנט דאָס הארץ. ער האָט דערציילט וועגן זיין שווער לעבן, וועגן א קינדערהייט אָן פרייד, וועגן הונגער, וואָס איז געווען ביי אים אָן אָפטער גאסט.

ווען ער האָט באשלאָסן עולה צו זיין, האָט מען אים באשטימט אויף ארבעט אין דער הויפּט־לייטונג אין ווארשע. ער האָט ווייטער אָנגעהאלטן די פארבינדונג מיט וואָלין. — —

יוספס בריוו פון וואָלין קיין ווארשע זיינען אויך אינטערעסאנט. אין איין בריוו שרייבט ער: "איך האָב נישט קיין געלט אויף מארקעס". אין צווייטן — "איך האָב א צימער, א שרייבמאשין, און אויך א סאָפע צום שלאָפן".

1938, יוסף ארבעט אין ווארשע און קוקט אויס אויף עליה. אין אָנהייב 1939 האָט ער גרייט א פּאסיפּאָרט און ער איז א "קאנדידאט" עולה צו זיין. ס׳ברעכט אויס די מלחמה. די חלוצים גייען מאסנווייז אוועק אויף מזרח. אין דער ליגע דאַרף ער בלייבן א לענגערע צייט. ער נוצט אויס די צייט און פארנעמט זיך מיט איבערשיקן חלוצים קיין ווילנע, וואו ס׳איז געווען א געוויסע אויסזיכט אויף עליה. חלוצים פון אלע עקן פוילן האָבן דאָרט געוואַרט עולה צו זיין. אלע בוגרים אין פוילן האָבן איבערגעגעבן די באוועגונג־ארבעט צו יינגלעך און אליין זיינען זיי אוועק אויף מזרח מיט דער האָפענונג עולה צו זיין אָדער לכל הפחות ווערן מאָביליזירט אין מיליטער. יאנואר 1940 איז יוסף אָנגעקומען קיין ווילנע.

אָבער די באוועגונג איז געבליבן הפקר און פאקטיש האָט זי מער נישט געהאט קיין אינס־טרוקטאָרן. יוסף האָט פארבראכט אין ווילנע בלויז איין חודש. אין פעברואר איז ער אוועק קיין ווארשע מיט א דעלעגאציע, כדי צו צענטראליזירן די ארבעט פון דער באוועגונג אין דעם אָקופּירטן פוילן. חוץ אים האָבן זיך געפונען אין דער דעלעגאציע מרדכי אנילעוויטש, טאָסיא אלטמאן, שמואל בראסלאוו. יוסף האָט צענטראליזירט די טעטיקייט און מיט רעכט ווערט ער באטראכט אלס דער פאָטער פון דער באוועגונג. אין זיינע בריוו אין דער אונטערערד האָט ער גערופן די באוועגונג "מיין קינד". אזוי האָט ער אויסגעדריקט זיין באציאונג צו איר.

די דעלעגאציע איז געווען זייער טעטיק. די באוועגונג איז געוואָרן צוריק אָרגאניזירט און זי האָט אפילו זיך אויסגעברייטערט. ס׳זיינען געשאפן געוואָרן צוויי קיבוצים און מ׳האָט אָרגאניזירט

אן אומלעגאלע הכשרה — ביי שטאַטישע ארבעטן. מ׳האָט צונויפגערופן צוויי אומלעגאלע לאנד־באראטונגען און צוויי סעמינארן. אין ווארשע האָט דער קן געציילט טויזנט חברים. זיי האָבן ארויסגעגעבן 10 פארשיידענע צייטונגען אין הונדערטער עקזעמפליארן און אָנגעהאלטן א פאר־בינדונג מיט אלע קנים אויף דער פראָווינץ.

יוספס ספּעציעלע אויפגאַבע איז געווען: פאַרבינדונג מיט פארשידענע אינסטיטוציעס. ער איז געשטאַנען אין פערזענלעכן קאָנטאַקט מיט ד״ר רינגעלבלום, מיט די אָנפירער פון דזשאָינט, מיט די פארשטייער פון די געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס און אין דער אונטערערד. ער איז געווען דער וויכטיקסטער פארבינדונגס־מאַן אין די צעזייטע קנים. זיין פארנעמען זיך מיט אָט דער טעטיקייט איז געווען זייער מאָדנע: ער האָט געהאַט אַן אויסגעשפּראָכן אידישן אויסזען, און מענטשן פון דער מין, מיט א „שלעכטן אויסזען״ זיינען בכלל נישט ארומגעפאָרן. אָבער ער האָט נישט מוותר געווען און ער איז געווען איינער פון די ארומוואנדערער.

ער האָט געזוכט מעגלעכקייטן פאר חינוך אין געטאָ, און אויף יעדע אויבנדערמאָנטע לאנד־באראטונגען האָט ער געהאלטן דעם חינוך־רעפעראט. דער ענין איז געווען נישט אזא פשוטער: די בוגרים האָבן זיך געפונען אָן אן אויסוועג. זיי האָבן נישט געזען קיין שום המשך פאר זייער טעטיקייט. ס׳האָט זיך געשאפן א שטימונג צו פארלאָזן די באוועגונג. יוסף האָט אָרגאניזירט א הכשרה, כדי גובר צו זיין צעפאלונגס־טענדענצן. אויף נאלעווקי 23 האָט מען געשאפן א קן און דאָרט איז געוואָרן קאָנצענטרירט די הכשרה פון די בוגרים. די ווענטלעך אין קן האָט ער אויפגעשטעלט מיט זיינע אייגענע הענט. ער האָט ליב געהאַט די סטאָלערײ־ארבעט.

אין ערשטן יאָר פון זיין וואוינען אין ווארשע האָט ער געשאפן די הכשרה אין גוט פּניעווי. אָבער ס׳האָט זיך ארויסגעוויזן, אז דער בעל־בית פון גוט איז אן אנטיסעמיט, וואָס האָט געוואָלט אויסנוצן אויף א מיאוסן אופן די ביליקע ארבעטער. די באדינגונגען זיינען געווען באזונדערס שווערע. די בחורים האָבן געארבעט פון פרי ביז נאכט און דערנערט זיך מיט רעשטלעך שפּייז. ס׳האָט נישט געווען קיין אנדער ברירה נאָר ליקווידירן דעם דאָזיקן הכשרה־פּונקט.

אָבער יוסף האָט נישט רעזיגנירט. די באוואוסטע הכשרה־קאָלאָניע אין טשענסטאכאָוו איז איבערגעגאנגען צו דער ווערמאכט. ער האָט באשלאָסן איבערצונעמען די קאָלאָניע. דאָס איז געווען א חלום, הגם דער אָרטיקער קאָמענדאנט האָט ליב געהאַט שוחד. און די זאַך איז געוואָרן דערליידיקט. אויסער דעם, האָט ער מיט דער הילף פון יודענראט אין זשארקי באקומען דעם פארלאָזטן באָדן פון א אידישן גוטבאזיצער אין דער געגנט און געשאפן דאָרט א חלוצישע הכשרה. ער און צבי בראנדיס האָבן געהאַט רייזע־שיינען אלס קראנקע און אין משך פון עטלעכע וואָכן האָבן די ביידע איבערגעפירט די חברים אויף די הכשרה־פּונקטן, צו צוויי־דריי מיט א מאָל.

אין דער פרעסע האָט יוסף אינוועסטירט זיינע אלע כוחות. פריער איז עס געווען אן אינערלעכע פרעסע, שפּעטער איז עס געוואָרן די פרעסע פון דער אונטערערד. בלויז אין די דאָזיקע אויסגאַבעס האָט מען געקענט געפונען קריגס־באריכטן, קאָמענטארן וועגן די געשעענישן אויף די פראָנטן און אין דער פּאָליטיק. די גרעסטע שוועריקייט איז געווען דאָס ארויספירן די צייטונגען פון ווארשע. דערפאר האָט יוסף פארטראכט ארויסצוגעבן א באזונדערע צייטשריפט פאר דער פראָווינץ. ס׳זיינען דערשינען דריי אזעלכע העפטן, יעדע איינע צו 160—180 זייטן. זייער נאָמען איז געווען „לאנדוויטשאפטלעכער קאלענדאר (קאלענדאזש ראָלניטשי) פארן יאָר 1932״. מ׳האָט אָפּגעדרוקט א ספּעציעלע הילע, כדי צו מאסקירן דעם אינהאלט פון דער צייטשריפט. דאָרט זיינען געווען אָפּגעדרוקט פראגמענטן פון דער ווארשעווער פרעסע, ידיעות פון לאנד, וועגן דער טעטיקייט אין די קליינע קנים. די צייטשריפט איז געוואָרן פארשפּרייט מיט ספּעציעלע אונטער־ערדישע אופנים.

ער איז געווען דער רייפסטער פון די חברים, א זעלטענער אָרגאניזאטאָר, מיט א גרויסער זעלבסטזיכערקייט. נישט געקוקט אויף די כסדרדיקע קאָפּ־שמערצן האָט ער נישט איינגעהאלטן זיין אינטענסיווע טעטיקייט. ער האָט פארמאָגט א באזונדערע פילבארקייט פאר די ליידן פון די מאסן, א פילבארקייט, וועמענס מקור איז געווען א פערזענלעכער. דערפאר איז נישט קיין וואונדער, וואָס ער האָט זיך אויסגעצייכנט צווישן אלע חברים מיט זיין זאָרג פארן יחיד און

ביים ארויסוווייזן אים הילף. אין זיין טאש האָט ער שטענדיק געטראָגן א ביסל שפּייז פאַר עמעצן. ער האָט אויך נישט געשוינט די פּיס, כדי צו באַקומען פאַר עמעצן א פּאָר שיך. אָט די דאָזיקע צוגעבונדקייט זיינע צו די אינטערעסן פון כלל און יחיד איז אפילו געווען א סיבה פון שפּאַנונג צווישן אים און זיין חברטע מרים היינסדאָרף. אין איר שטוב, אויף נאָוואָליפּיע 95, האָט ער געוואוינט א לענגערע צייט. ער האָט אויסגעטיילט בלויז א גאָר קליינע טייל פון זיין צייט פאַרן משפּחה־לעבן ; ער איז אויך געווען איבערטריבן שפּאָרזאַם.

אין אָנהייב 1942 איז געשאַפן געוואָרן אין וואַרשע די באַוואָפנטע אידישע ווידערשטאַנד־אָרגאַניזאַציע : דער אַנטיפאַשיסטישער פראָנט. די איניציאַטאָרן זיינען געווען די אידישע קאָמוניסטן. די אָרגאַניזאַציע האָט אריינגענומען אין זיך : לינקע פּועלי־ציון, השומר־הצעיר, דרור און צ.ס. יוסף איז געווען א מיטגליד פון דער קאָמאַנדשאַפט. די אָרגאַניזאַציע האָט נישט לאַנג עקזיסטירט. איר באַדייטונג באַשטייט אָבער דעריך, וואָס זי האָט דערנענטערט צווישן זיך די פאַרשידענע טיילן פון דער אידישער געזעלשאַפט און געשאַפן דעם געדאַנק פון געמיינזאַמער טאַט.

אין פרילינג 1942 זיינען די דייטשן אריין אין געטאָ ביינאַכט, ארויסגענומען פון די בעטן פּופּציק אידן און זיי דערשאָסן אין גאַס. צווישן די הרוגים האָבן זיך אויך געפונען אונזערע עסקנים פון דער אונטערערד. ס׳האָט זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז אויך יוסף איז צווישן זיי. אָבער דער קלאַנג האָט זיך ארויסגעוויזן פאַר נישט ריכטיק. ער איז אַנטלאָפן און זיך באַהאַלטן אין זשאַרקי. די דייטשן האָבן געוואָלט אויסראָטן די פּאָטענציעלע אָנפירערשאַפט פון געטאָ. דעם 22־טן יולי 1942 האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע אויסזידלונג. מרדכי אַנילעוויטש איז געווען פון די אָנגעזעענע אָנפירער, אָבער ער האָט דאַן דאָן זיך געפונען אין זאַגלעמביע. יוסף איז צוריקגעקומען קיין וואַרשע. אין משך פון 55 טעג האָט מען ארויסגעפירט פון וואַרשע איבער 300 טויזנט אידן. ער האָט אָנגעהויבן צו שאַפן רעטונגס־וועגן. מרגלית לאַנדאו, א חברה פון דער באַוועגונג, איז געווען די טאָכטער פון א אידישן האָלץ־אינדוסטריעלער, אייגנטימער פון דער פירמע OBW אין וואַרשע, גענשע 30. אלעקסאַנדער לאַנדאו איז געווען א לינקער, וואַר־שיינלעך א לינקער פּועלי־ציוניסט. זיין אונטערנעמונג איז געווען אונטער א דייטשער אָנפירונג, אָבער ער האָט נאָך געהאַט א השפּעה אויף דער פאַבריק. ער האָט מסכים געווען איינצואָרדענען אויף אַרבעט מיטגלידער פון דער באַוועגונג. יוסף איז געוואָרן א באַאַמטער אין דער פאַבריק. ער האָט זיך ספּעציאַליזירט אין פעלשן שטעמפּלען און דאָקומענטן.

אידישע געזעלשאַפטלעכע טוער זיינען זיך צונויפגעקומען, כדי צו באַטראַכטן די פראַגע, וואָס צו טאָן. יוסף איז געווען פון די אַקטיווסטע אויף דער באַראַטונג. די יונגע : יוסף, טאָסיע אַלטמאַן, די מיטגלידער פון דרור, האָבן פאַרלאַנגט זיך צו פאַרטיידיקן. אָבער קיין געווער איז נישט געווען. די באַראַטונג איז אַדורכגעפאַלן. דאַן האָבן די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס פון השומר הצעיר, דרור און די חברים פון עקיבא און גורדוניה געשאַפן די אידישע קאַמפּט־אָרגאַניזאַציע. יוסף איז געווען מיטגליד פון דער ערשטער קאָמאַנדשאַפט. קיין געווער און געלט איז נישט געווען.

די אַרבעטער פון OBW האָבן געוואוינט אויף מילע־גאַס און דאָרט איז פאָרגעזעצט געוואָרן די דיסקוסיע : ארויסטרעטן און שטאַרבן אָדער צוגרייטן זיך צו א גינסטיקן מאָמענט. די יונגע האָבן געוואָלט ארויסטרעטן און פאַלן, זיי האָבן געהאַלטן, אַז ס׳איז נישטאָ קיין שום אויסזיכט זיך צו ראַטעווען. די אויסראַטונג איז אַן ענדגילטיקע. אריה ווילנער האָט געוואוסט וואָס ס׳קומט פאַר אין ווילנע, דוד נאָוואָדוואָרסקי איז צוריקגעקומען פון טרעבלינקע און דערציילט דעם גאַנצן אמת. ס׳זיינען אויך אָנגעקומען פון דאָרט עטלעכע בריוו. אריה ווילנערן האָט זיך איינגע־געבן אריינצושמוגלען אין געטאָ 10 רעוואָלווערן און 5 האַנטגראַנאַטן. אין געטאָ האָט מען באַקומען א באַשטימטן קוואַנטום בענזין, פון וועלכן מ׳האָט געזאָלט צוגרייטן מאָלאָטאָוו־פלאַשן.

יוסף האָט דערציילט, אַז לויט זיינע אינפאָרמאַציעס וועט מען איבערלאָזן א טייל אידן, און דאַן וועט מען דאַרפן לעבן אין וואַכזאַמקייט. מ׳קען זיך נישט פאַרטיידיקן אין מיטן פון דער אויסזידלונג, אָן שום מיטלען. דאָס איז געווען איינע פון די גרינטלעכסטע דיסקוסיעס אין געטאָ. ער האָט געטענהט, אַז מ׳דאַרף זיך אויף אַן ערנסטן אופן צוגרייטן צום ארויסטריט.

דעם 3־טן סעפטעמבער 1942 איז אין OBW געקומען קאָמיסאַר הענזעל און זיך געפרעגט אויף יוספן. ס׳איז געוואָרן באוואוסט, אז יוסף שטייט אין פאַרבינדונג מיט אַ דעם הענזעל, וואָס קריגט שוחד און דערליידיקט וויכטיקע ענינים אין שייכות מיט רעטונג און ארויספאָרן. יוסף איז נישט געווען אין ביורא. מ׳איז אים געגאַנגען אויפזוכן. ווען ער איז אָנגעקומען, האָט מען אים געבונדן און ארויסגעפירט צו דער פאַרמאַכטער מאשין. ביים ארויסגיין האָט יוסף א ווינק געטאָן צום ווערקשוץ (אונזערס א מענטש) ביים טויער, אז מ׳זאָל נישט ארויסרופן קיין פאניק.

יענעם טאָג איז געשען נאָך אַן אומגליק: דער צווייטער מענטש אין דער קאָמאנדשאַפט, שמואל ברעסלאוו, איז ארויס זוכן א וועג ווי אזוי צו באַפרייען יוספן. אין גאס האָבן אים פאַרהאַלטן געסטאַפאָ־לייט און געוואָלט אים רעווידירן. ער האָט ארויסגעכאַפּט א מעסער און זיי האָבן אים דערהרגעט אויפן אָרט.

ווען מ׳האָט זיך דערוואוסט פון דעם אומגליק, האָבן אלע געקריגן אַן אָנווייזונג איבערצוגיין אויף נייע אדרעסן און מ׳האָט זיי פאַרווערט צו גיין אין גאַס אויסער נאָך דער ארבעט. אלע חברים זיינען אַוועק אויף נייע פּלעצער, אויסער רעגינקע יוסטמאַן, וואָס איז געכאַפּט געוואָרן מיט א זעקל געווער.

אריה גזשיבאָווסקי, וואָס האָט אין שליחות פון דער באַוועגונג געדינט אין דער פּאָליציי, האָט זיך באַמיט צו דערוויסן, וואָס מיט יוספן איז געשען. ער איז געווען זיין פּערזענלעכער פריינד. זייט עטלעכע טעג פלעגט מען ארויספירן ארעסטירטע פון פּאַוויאַק און זיי אוועקשיקן אויפן אומשלאַגפּלאַץ. אריה האָט געוואַרט אויף א מאָמענט ווען מ׳וועט רופן אַן אָפּטיילונג אידישע פּאָליציאַנטן אין פּאַוויאַק. איינמאָל, ווען ער איז געווען אין פּאַוויאַק, האָט ער זיך דערוואוסט, אז מ׳שיקט אויך יוספן אוועק, אָבער דאָס מאָל וועלן אים באַוואַכן צוויי דייטשן. אריה האָט פאַרטראַכט א פּלאַן ארויסצושלעפּן יוספן פון אומשלאַגפּלאַץ. ס׳איז אָבער געשען א זאַך, וואָס מ׳קען זי ביז איצט נישט פאַרשטיין. יוסף מיט נאָך א איד זיינען אין מיטן גאנג אריינגעפירט געוואָרן אין א טויער און מ׳האָט זיי דאָרט דערשאָסן.

מיט צוויי וואָכן פריער האָט אין קיבוץ דרור זיך באַוויזן א צענטראַלע פיגור פון גורדוניה, ישראל זעלצער. ער האָט דערציילט, אז זיין פרוי איז געוואָרן ארויסגעשיקט און ער האָט נישט קיין איין נאָענטן מענטש, ווייל אויך די חברים פון זיין באַוועגונג זיינען אוועק אויף אַן אנדער פּלאַץ. ער איז גרייט צו נעמען אויף זיך יעדע אויפגאַבע. אין יענער צייט האָבן די דרור חברים, צוזאַמען מיט השומר הצעיר, צוגעגרייט א פאַרטיזאַנער־גרופּע, און זיי האָבן ישראל זעלצערן איינגעגלידערט אין דער דאָזיקער גרופּע. די גאַנצע גרופּע איז געכאַפּט געוואָרן אין וועג. זיי האָבן געהאַט דאָקומענטן, אויסגעאַרבעטע דורך יוספן. אלע חברים זיינען געוואָרן דערשאָסן, חוץ ישראל זעלצער, וועמען מ׳האָט צוריקגעשיקט קיין וואַרשע. נאָכן אומגליק האָבן חברים זיך דערמאָנט, אז אין אויטאָ, וואָס האָט אויפן הויף געוואַרט אויף יוספן, איז געזעסן א מענטש איינגעהילט אין א מאַנטל. זיי האָבן געהאַלטן, אז דאָס איז געווען זעלצער.

זעלצער איז געזעסן מיט יוספן אין איין קאָמער און געשפּילט מיט אים אין „אינטעליגענץ״. דער צווייטער, וואָס איז צוזאַמען מיט יוספן דערשאָסן געוואָרן אין טויער, איז געווען זעלצער. אין זיין מאַנטל האָט מען געפונען א קליינעם קאַלענדאַר, אין וועלכן ס׳איז געווען געשילדערט דער גאַנצע וועג פון וואַרשע ביז ווערקאָוויטש (די טראַסע אויף וועלכער די פאַרטיזאַנער האָבן געדאַרפט צו גיין). די געשיכטע איז געבליבן נישט אויפגעקלערט ביזן היינטיקן טאָג.

אויף גענשער בית־עלמין איז געווען טעטיק א גרופּע, וואָס האָט דאָרט פאַרזעצט גרינצייג פאַר דער פאַבריק OBW. א דאַנק דעם האָט זיך איינגעגעבן קובר צו זיין יוספן אין א באַזונדערן קבר. נאָך דער קבורה האָט מען געזונגען דעם הימן.

אין זיין לעצטן בריוו צום קיבוץ „מעפּילים״ שרייבט יוסף צווישן אנדערן: „איר זאָלט מער נישט גלויבן די דייטשן. אלע זייערע צוזאָגן זיינען נישט מער ווי א שפּיל פון טייוול, וואָס האָט פאַר א ציל אריינצוברענגען חלוקי־דעות אין דער געזעלשאַפט. איבער אונז איז באַשערט צו שטאַרבן מיט כבוד. שטעלט זיך אנטקעגן די דייטשן אויף יעדן אָרט מיט קראַפט, אָרגאַניזירט די יוגנט, פאַרטיידיקט זיך, גייט נישט צו די וואַגאָנען!״.



צווישן די חסידי אומות העולם, וועלכע האָבן געהאָט אָפּענע הערצער פאַר דער אידישער פּיין און געהאָלפן אידן, שטעלנדיק דאָס אייגענע לעבן אין געפאַר — איז באַקאַנט אירענא אַדאַמאָ־וויטש, אַ פרומע קאַטוילישע פרוי. זי האָט פאַרבונדן איר גורל מיטן גורל פון „השומר הצעיר" און געהאָלפן מיט אַלע אירע כוחות דער חלוצישער אונטערערד אין געטאָ. פון גרויסן אינטערעס איז אַ פראַגמענט פון איר דערציילונג וועגן יוסף'ן. זי האָט דאָס איבערגעגעבן ווען זי איז געווען אויף אַ באַזוך אין ישראל אין יוני 1958. די קליינע, פּערזענלעכע פאַקטן וואַרפן אַ ניי ליכט אויף דער אינטערעסאַנטער געשטאַלט פון יוסף קאַפּלאַן, און מאַכן זי אונז נעענטער ווייל זי איז גאַנצער און במילא אמתדיקער.

„— — — יוסף איז אַוועק פון ווילנע קיין וואַרשע לויט זיין אייגענעם פאַרלאַנג. ער האָט זיך באַטראַכט פאַר דעם פאָטער פון דער באַוועגונג, און ער האָט געמיינט, אַז ס'איז נישטאָ קיינער, וואָס זאָל טאָן די אַרבעט. דעם 14־טן יאַנואַר האָב איך אים דאָס לעצטע מאָל געזען אין ווילנע. ער איז אַוועק קיין דרום און דורך בריסק איז ער געקומען קיין וואַרשע. ער איז געפאָרן ווי אַ זיך אומקערנדיקער אידישער פּליט, וואָרעם זיין אויסזען איז געווען ווי אַ טיפּיש אידישער. אויף דעם באַן האָט ער מיר פאַרשאַפט אַ סך צרות. ער פלעגט אָפט פאָרן אין די פּראָווינץ־שטעט לויט אַ דערלויבעניש פון יודענראַט, וואָס האָט אָבער נישט געגעבן קיין רעכט צו פאָרן מיט דער באַן. אָבער דער עיקר שוועריקייט איז באַשטאַנען אין דורכפירן אים די גאַסן צו דער באַן־סטאַציע, אָט די באַגלייטונג האָט אים תמיד גורם געווען אַ סך זאָרג.

זיין בולטסטע אייגנשאַפט איז געווען זיין אָרגאַניזיר־פעאיקייט און זיין דערפאָלג ביי אַלע אונטערהאַנדלונגען. אין ראַדאָם האָט דער יודענראַט אָנגעטאָן צרות דער באַוועגונג. יוסף איז געקומען אַהין און אויסגעגלייכט דעם ענין. אין יעדער זאַך האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן מיט ענערגיע און מיט עקשנות. ער איז געווען אַזוי אַריינגעטאָן אין די ענינים, ביז ער האָט מורא געהאַט, אַז ער וועט אַראָפּ פון זינען. ער פלעגט זאָגן, אַז ער דאַרף אַלץ באַווייזן איידער ער גייט אַראָפּ פון זינען.

צו אַנדערע זיינע אייגנשאַפטן האָבן געהערט: אַ שכל הישר, דער כוח צו אונטערשיידן צווישן עיקר און צופעליקייט, און זיין שנעלקייט פון דעציזיע. ער האָט אַ סך אַכט געלייגט אויף פּרטים, אָבער ער האָט תמיד געדענקט דעם עיקר, די שלאַכט, וואָס באַשטימט די פּרטים. אויב ער האָט געמאַכט אַ פעלער, האָט ער געקענט מודה זיין, אָבער בדרך כלל האָט ער אַרויסגעוויזן אַ סך זעלבסטזיכערקייט. לאַנדווירטשאַפט איז געווען ביי אים אַן אידעאַל, אָבער ווען ער האָט זיך געטראָפן מיט פּוילישע לאַנדווירטן, האָט ער געבליצט מיט זיינע קענטענישן און געמאַכט אויף זיי דעם איינדרוק פון אַ גרויסן מומחה.

טיילמאָל האָט ער זיך געפירט ווי אַ קינד. אין איינעם אַ טאָג האָב איך זיך געטראָפן מיט אים אויף נאַלעווקעס. ער האָט מיך אָנגעהויבן שלעפּן ביים אַרבל און טאַנצן. דורכגייער האָבן גענומען קוקן אויף אונז. ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז יוסף האָט באַקומען אַ ידיעה, אַז זיין קיבוץ „מענית" איז אַרויף אויפן באָדן. ער האָט געהאַט שוואַכקייט צו קליינע, שיינע חפצים, צו עלעגאַנטע ביכעלעך און פּולפעדערס, ווען ער האָט געקריגן אַזאַ זאַך, האָט ער זיך געפרייט ווי אַ קינד. פיזישע אַרבעט האָט ער ממש ליב געהאַט און ער פלעגט זי אויספירן מיט פאַרגעניגן.

ער איז געווען מיטלוואוקסיק, מאָגער, געהאַט שוואַרצע האָר, גרויסע, שוואַרצע, לאַכנדיקע אויגן. זיין שמייכל איז געווען אַ ביסל אַ קרומער. ער איז נישט געווען קיין שיינער מאַנסביל, אָבער ער האָט פאַרמאָגט אַ צוציענדיקע אויסערלעכקייט. זיינע מלבושים זיינען געווען טונקעלע, גרויע בדרך כלל.

איידער מ'האָט זיך דערוואוסט דעם אמת וועגן דער שחיטה אין פּאָנאַר — פרילינג 1942 — האָט ער געגלויבט, אַז מ'וועט קענען איבערלעבן דעם שטורם. אָבער זינט דאַן האָט ער אויפ־געהערט צו גלויבן און געעפנט די אויגן ביי אַנדערע. ער האָט אָנגעהויבן זיין אַקטיוו, אַרומ־צופאָרן. אויף איינער פון די רייזעס האָט מען אים געכאַפּט. דוכט זיך, אַז דאָס איז געשען אין סקאַרזשיסקאָ. מ'האָט אים געשטעלט צו דער וואַנט און געזאָגט צו אים, אַז ער האָט דאָס רעכט

צו שרייבן א בריוו. ער האָט א טראכט געטאָן: „אויב איך וועל שרייבן וועלן זיי האלטן פאר נויטיק מיך צו דערהרגענען. וועל איך נישט שרייבן". ס׳האָט טאקע זיך באוויזן עפּעס א נאצי און אים דערלויבט זיך אָפּצוטראָגן. יוסף האָט באוויזן זיך איינצובויגן און אויפצוהויבן דאָס פונאנדערגעשאָטענע געלט.

צוזאמען מיטן חוש פאר טאט און פארנונפט, האָט ער אויך געהאט א נייגונג צו אוואנטורע. ווען ס׳איז געקומען צו רייד וועגן דער מעגלעכקייט ארויסצוגיין, האָט ער געזאָגט, אז ער איז גרייט ארויסצוגיין און צוריקצוקומען. איך האָב אים אָנגעקוקט ווי ער וואָלט אראָפּ פון זינען. איינמאָל האָט ער מיר געזאָגט, אז לויט זיין מיינונג דארפן אידן טראָגן דעם באנד זייערן אויך נאָך דער מלחמה.

ער האָט שטענדיק גערעדט וועגן דער עיקרדיקער אויפגאבע פון יעדן חלוץ: עולה צו זיין. ער האָט געגלויבט אין א סאָוויעטישער וועלט־רעפּובליק, וואָס וועט ברענגען אן אויסלייזונג פאר אלעמען; אָבער כל זמן עס עקזיסטירן נאָך גרענעצן, דארף מען שאפן א אידיש לאנד.

אין יוני 1942 בין איך צום לעצטן מאָל אוועק קיין ווילנע און פארן אָפּפאָר בין איך געגאנגען זיך זען מיט יוספן. מיט עטלעכע טעג פריער האָבן מיר, ווי געוויינלעך, זיך געאמפּערט וועגן פארשידענע ענינים. איך בין געקומען צו אים זיך איבערבעטן און געזעגענען. מיר האָבן געוואוסט, אז די שאנסן צו בלייבן לעבן זיינען קליינע.

צום לעצטן מאָל האָב איך אים געזען אין די טעג פון דער גרויסער אויסזידלונג אין ווארשע, געציילטע וואָכן און אפשר טעג פאר זיין טויט. מיר האָבן זיך באגעגנט אויפן אידישן בית־עולם. איך האָב געבראכט בריוו פון ווילנע. ער האָט ארויסגענומען פון קעשענע ברויט מיט אייער און מיר האָבן געגעסן. ער האָט גערעדט מיט מיר וועגן געווער, וועגן דער נויטיקייט איינצואָרדענען מענטשן אויף דער ארישער זייט. ער האָט גערעדט אין א זאכלעכן טאָן, אָן פאראלגעמיינונגען.

דאָס איז געווען אין די טעג ווען דאָס גאנצע געטאָ האָט געוואַרט אויפן טויט".




דער דענקמאָל פאר יוסף קאַפּלאַן אין קיבוץ „מענית"



# עדעק בוראקס



ער האָט געהאַט אַ אידישן פּנים — אַ שווערער דאָקומענט צו ארבעטן אין דער אונטערערד. דאקעגן זיין פּויליש לשון איז געווען פאָלקסטימלעך און זאפטיק. ער איז כלומרשט געבוירן געוואָרן ביי די ברעגעס פון דער ווייסל. די אנדערע אייגנשאפטן, נויטיקע פאַר זיין טעטיקייט האָט ער זיך דערוואָרבן מיט זיין ווילנס־קראפט: אַ פרייע האלטונג, אַן אבסאָלוטע פרייקייט פון „פּאַרפאָלגונס־פּחד״, וואָס האָט תמיד פאררעטן די מאסקירטע אידן. אין זיינע אויגן האָט מען נישט געזען דעם אידישן טרויער. ער איז געווען אינערלעך פריי.

„עדעק שוועבט איבער די גאסן און זאמלט ידיעות. מיך וועט מען נישט כאפּן, פלעגט ער אונז זאָגן. איך וועל תמיד באווייזן צו אנטלויפן״. ער פלעגט אַ שפּריץ טאָן פון צווישן זיינע ארויסשטארצנדיקע ציין און פארשוואונדן מיט אַ שמייכל. עדעק איז געוואָרן דער לעבעדיקער גייסט צווישן אונז. תמיד האָט ער עפּעס געפּלאנט, שטענדיק האָט ער געגרייט. נישטאָ קיין לאגע אָן אן אויסוועג, — אזוי האָט ער אויפגענומען די גזירות״.

ווי אזוי ער איז געקומען קיין ווילנע? בעת דער גרויסער וואנדערונג פון סאָוויעטישן אָקופּאציע־שטח האָט עדעק געארבעט ביי דער גרענעץ, אין דער געגנט פון לידע, ביים איבערפירן די חברים פון החלוץ. מיט דער טעטיקייט האָט זיך פארנומען אויך יוסף קאַפּלאַן. עדעק האָט פארמאָגט אַ באזונדערע פעאיקייט צו ריידן מיט אַ גוי, מיט אַ שמוגלער, דערצו איז ער געווען מוטיק, און דאָס האָט אים געמאכט פאַר אַ גלענצנדיקן טוער אויפן געביט פון גובר זיין דעם צוואנג און דעם רעזשים. ווען די באוועגונג „השומר הצעיר״ האָט צונויפגעשטעלט אַן אָנפירונג ב׳ (רעזערוו) איז עדעק געווען צווישן די געציילטע, וואָס זיינען באשטימט געוואָרן צו ממשיך זיין: אבא קאָוונער, חייקע גראָסמאן, מרדכי ראָזמאן, פּנחס שטערן, משה בלוש ז״ל. די יאָרן 1939—1941 האָבן נישט פארמאָגט קיין שום סטאביליקייט. אפילו די אויפגאבעס זיינען געווען נישט קלאָר. קלאָר איז געווען בלויז איין זאך: „אידן גייען — דאַרף מען גיין מיט זיי״. ווען ס׳איז געקומען די ידיעה וועגן ארייננמארש פון די דייטשן, זיינען כמעט אלע צוריקגעקומען קיין ווילנע און צווישן זיי — עדעק. אין יענער צייט האָט זרח זילבערבערג געוואנדערט דורך ווייסרוסלאנד און אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק. וועגן אים וועט נאָך ווייטער זיין אַ רייד.

עדעק פלעגט ארויס פון געטאָ און אראָפּנעמען די לאַטע. ער האָט געפּרוווט געפינען פאַר־בינדעטע, וואָס זאָלן געבן געווער. ער פלעגט ארויסגיין פון געטאָ ביינאַכט.

„אין דער ערשטער צייט זיינען מיר געווען זייער פּאַרזיכטיק. על פּי רוב פלעגט עדעק זיך אדורכגליטשן אין דער שעה פון אריינגאנג אין געטאָ און ער פלעגט אונז באַגעגענען ביים טויער. די אידישע פּאָליציאַנטן האָבן אים געקענט — — יענעם אָוונט, פאַרנאַכט, האָט עדעק געדאַרפט וואַרטן אויף אונז ביידע אין טויער — — ער איז נישט ארויס, ווייל מ'האָט נישט דערלויבט, אפילו קיין פּאָליציאַנטן צו מאַכן א שריט פון טויער אין דרויסן. מיר האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אינעווייניק — די דייטשן פאַרלאַנגען 900 מענטשן".

די פּראָדוקציע פון פאַלשע דאָקומענטן האָט זיך גוט אנטוויקלט. — — פון די אַלע דאָקומענטן־באַזיצער האָט זיך ספּעציעל אויסגעצייכנט עדעק. ער פלעגט אָפט ארויסגיין פון געטאָ און ווען מ'האָט זיך געדאַרפט טרעפן מיט פּאָליאַקן, און ס'איז נויטיק געווען גוט איבערצוטראַכטן און א גענויע קאָנטראָל, פלעגט ער גיין מיט מיר".

ווען צו די ווילנער איז געקומען העלפן האַנעק, א שייגעץ פון וואַרשע, און געבראַכט א בריוו פון יוסף קאַפּלאַן, האָט ער געזאָגט: „ביי אונז איז אַלץ אין אָרדענונג" — ביי אונז, האָט געהייסן — אין געטאָ. איך האָב געמאָלדן, אז איך האָב בדעה צו רופן נאָך א חבר אויף דער באַגעגעניש — ווען איך האָב אים געזאָגט, אז דער חבר איז עדעק, האָט דער אויסדרוק פון זיין פּנים זיך געענדערט: אים קען איך פון יוספס דערציילן: גיט אים! עדעק און האַנעק האָבן תיכף געפונען א געמיינזאַמע שפּראַך. ווי ענלעך זיינען זיי צו זיך געווען מיט זייער אויפפירונג, מיט זייער פּליסיקן פּויליש ריידן, מיט זייער אויסשפּראַך פון א וואַרשעווער פאַר־שטאָט, און מיט דער פאָלקסטימלעכער לעבעדיקייט, מיט זייער אוממיטלבאַרן, דרייסטן צוגאַנג צו מענטשן און געשעענישן".

„יענעם אָוונט איז עדעק ארויס פון געטאָ צום צווייטן מאָל. דאָס מאָל האָט זיך אים איינגעגעבן. ער איז מיט אימפּעט אדורך דעם שטענדיק פאַרשלאָסענעם טויער, וואָס איז פאַרבאָטן פאַר אידן צו באַנוצן און אים איז געלונגען צו קומען צו מיר עטלעכע מינוט נאָך ניין. עדעק האָט נישט באַוויזן צו ענדיקן זיין באַריכט — און א שאַרפער קלונג — — ביידע זיינען זיי געווען אין א ציווילער קליידונג און זיי האָבן גערעדט פּויליש מיט א ליטווישן אַקצענט. „ווער וואוינט דאָ? — איך. און ווער איז דער? — איך באַמי זיך צו באַרואיקן זיך און שמייכל צווײדייטיק: — דער, דער איז מיין חתן. — איך וויל בעטן די דאָקומענטן. עדעק איילט זיך נישט, ציט ארויס דעם טאַש, זוכט א רגע און זאָגט: „דעם דאָקומענט? ביטע, אָבער אפשר קען איך וויסן ווען מען איך וויז מיינע פּאַפּירן?" איך פיל, אז זיין פראַגע רופט ארויס ביי זיי צוטרוי. איינער שטרעקט אויס צו אים א לעגיטימאַציע פון א געסטאַפּאָ־אַגענט. „ביטע!" עדעק דערלאַנגט זיי די געפעלשטע דאָקומענטן. עדעקס אויפפירונג ראַטעוועט אונז פון א צרה. זיי קאָנטראָלירן נאָכ־לעסיק די דאָקומענטן, גייען אוועק, בעטנדיק אנטשולדיקונג. עדעק, עדעק!"

צו דער דרייסטקייט איז קיין גרענעץ נישט געווען: „א בריוו פון עדעקן. אין בריוו א ידיעה, אז עדעק און נאָך צוויי בחורים זיינען אוועק צו יוזעפן, דאָס הייסט, זיי זיינען געפאָרן צו יוסף קאַפּלאַן קיין וואַרשע. — דאָס קאַרטל האָט ער אריינגעוואָרפן אין פּאָסטקעסטל אין ווילנע גופא, ביים ארויסגיין פון שטאָט. וואָס פאַר א געוואַגטקייט, נישט קיין געוואַגטקייט, נאָר אפילו סגעון. עדעק, מיט זיין אידישן אויסזען? — אויף דער גרענעץ רעווידירט מען יעדן פּאָליאַק".

טאָסיע אלטמאַן דערציילט וועגן עדעקן: „ער איז געקומען קיין וואַרשע, און גוט וואָס ער איז געקומען. מיר האָבן אים צונויפגעפּירט מיט די פאָרשטייער פון דער אידישער געזעל־שאַפטלעכקייט אין געטאָ, מיט די דזשאָינט־מענטשן, מיט די פּאַרטיי־פאָרשטייער. זיינע רייד האָבן געמאַכט א שטאַרקן איינדרוק. ער איז דאָך געווען דער ערשטער שליח, וועלכער האָט געבראַכט דעם גאַנצן שרעקלעכן אמת. מיט זיין פּשוטער און בילדלעכער שפּראַך האָט ער געשילדערט דעם גאַנצן גרויל. פאַרשטייט זיך, אז די מערהייט האָט אים נישט געגלויבט, אָדער זיי האָבן יאָ געגלויבט און געפּסקנט, אז אין וואַרשע וועט אַזוינס נישט געשען. — — ער וואַרט אין וואַרשע אויף צוויי זאַכן: אויפן געלט, וואָס מ'האָט אים צוגעזאָגט אין דזשאָינט און אויף א רייזע־שיין".

— — זיין וועג איז געווען א לאנגער און א אויסמאטערנדיקער, דורך וואַנטורעס, שטרויכלונגען און דורכפאלן. איך וועל וועגן דעם דערציילן בקיצור: ביז גראָדנע זיינען מיר אָנגעקומען בשלום. אין גראָדנע האָבן אים געכאפט זשאנדארן. זיי האָבן פארדעכטיקט, אז זיי זיינען אידן. אָבער ווען מ׳האָט זיי געפירט אויף א באָמבארדירטער גאס, צווישן די חורבות, זיינען זיי אנטרונען אין דער פינצטערניש און אנטלאָפן. — — זיי האָבן געפונען דעם אויטאָ, אין וועלכן זיי זיינען געקומען און זיי זיינען בשלום אָנגעקומען קיין ווארשע. אָבער ביים זוכן אן אריינגאנג אין געטאָ, האָט מען זיי ווידער געכאפט — — דער פוילישער פּאָליציאַנט האָט זיי געלאָזט צו רו, אָבער דערנאָך זיינען זיי אריינגעפאלן אין די הענט פון דייטשע זשאנדארן. יענע האָבן געטענהט, אז זיי זיינען אידן, עדעק האָט, פארשטייט זיך, אָפּגעלייקנט. אויפן וועג האָבן זיי געפרוווט אנטליפן. מ׳האָט זיי געכאפט און אָנגעטאָן קייטן אויף די הענט. ווייטער ווייס איך נישט די אנטוויקלונג פון די געשעענישן. באמת, ס׳איז שווער צו פארשטיין ווי אזוי זיי זיינען אריינגעקומען אין געטאָ. יעדן פאלס זיינען זיי אָנגעקומען אין געטאָ אָן מאַנטלען און אָן היטלען, ביינאכט, אין דער ביטערער קעלט. איצט איז עדעק ביי אונז. ער איז פלינק און פיקאַנט, ווי איר ווייסט. ס׳איז שווער צו גלויבן, אז ער איז דורך אזא וועג מיט זיין „אידישן פנים״.

און ווידער א באגעגעניש אין ווארשע. „נאָך דער זיצונג זיינען אלע אוועק אין קיבוץ און געבליבן זיינען בלויז מיר דריי: טאסיא, עדעק און איך. מיר האָבן געפירט א מידן געשפרעך. בלויז עדעק איז געווען אויפגעלעבט. ער האָט כסדר געשפּאסט און דערביי האָט ער געגרייט פלענער — — מיטן שוואונג פון דמיון האָט ער אויפגעקלערט ווי אזוי ער וועט ארויסגיין פון געטאָ און וואוהין ער וועט גיין, ווען ער וועט אָנקומען צו דער באַן און ווי אזוי ער וועט דערגיין קיין ביאַליסטאָק און קיין ווילנע. א מטורף, האָב איך זיך געטראכט — ער איז דאָך א טיפּישער איד!

— — אין וועג זיינען צו אים צוגעשטאנען שאנטאזשיסטן. עדעק האָט זיי נישט געענטפערט און זיי האָבן גערופן א גראנאַטענעם פּאָליציאַנט. פון וואנען האָסטו דעם דאָזיקן דורכגאנגשיין? האָסטו אים באקומען פון יודענראט? — האָט דער פּאָליציאַנט אים געפרעגט איראָניש. עדעק איז נישט מבולבל געוואָרן, ער האָט זיך אָנגעצונדן און מיט פארשטאָטישן פּויליש האָט ער געענטפערט: „פּאַניע, פון וואָסער ראט, וואו געפינט זיך דער ראט, פאראן אזא שטאָט אין פוילן? איך האָב אים באקומען אין גראָדנע און נישט אין קיין שום ראט אייערן״. זיי האָבן זיך אָפּגעטראָגן. שפּעטער האָט מען גענאָגט וועגן עדעקן, „אז אפילו פון טייוולס הענט וועט ער ארויס גאנץ״.

עדעק קומט צוריק קיין ביאַליסטאָק. „עדעקן האָב איך געטראָפן אין ביאַליסטאָקער געטאָ — — ער האָט זיך באגעגנט מיט זרח, גדליהו, פראנעק און מיט יאַשקע פון וואָלקאָוויסק, אלע חברים פון זיין קיבוץ. באזונדערס נאָענט איז אים זרח. זיי זיינען געווען צוזאמען אין קן אין קאליש, צוזאמען האָבן זיי ארומגעשטיפט, געלייענט ביכער — — עדעק איז מיטגעצויגן געוואָרן מיטן שטראָם און פלוצים האָט ער דערזען, אז ער טאָר נישט פארלאָזן דעם פּלאַץ. ס׳פעלט דאָ א מיליטערישער קאָמענדאנט. עדעק איז געווען דער איינציקער וואָס האָט בשעתו באקומען א ממשותדיקע מיליטערישע צוגרייטונג״.

דער דיסציפּלין־חוב האָט געפאָדערט פון אים, אז ער זאָל אוועק קיין ווילנע אין א שליחות, און דער פארנונפט האָט געזאָגט, אז אין ביאַליסטאָק איז די ארבעט א מער דרינגענדיקע. אויפן פארשלאג צו בלייבן, האָט ער געענטפערט: „די דיסציפּלין און פאראנטווארטלעכקייט פארפליכטן מיך קודם כל צוריקצופאָרן קיין ווילנע און דערנאָך צו אפּעלירן״. ס׳האָבן נישט געהאָלפן די טענות, אז ער שטעלט זיך אין געפאר מיט זיינע נסיעות אהין און צוריק. עדעק האָט זיך איינגעעשנט: „ס׳איז נישט קיין שיינער ביישפּיל אויב א חבר פון דער הויפּט־לייטונג ברעכט די דיסציפּלין מיט תירוצים פון פארנונפט״. ער האָט באשלאָסן נישט צו פאָרן מיט קיין ליידיקע הענט. אדורכצושמוגלען גאָלד־שטיקלעך, כדי צו קויפן געווער. די מטבעות האָט מען איינגענייט אין די קישעלעך פון די מאַרינאַרקע־אַקסלען. און אין א וואָך ארום האָט ער געשיקט א טעלעגראמע: „איך האָב באקומען אן אמט, איך וויל זיך באראטן מיט דיר. עדוואַרד״. אלזאָ, ער איז אָנגעקומען בשלום און פאראן געלט אויף געווער.

דאַן איז געוואָרן באַשלאָסן, אז עדעק זאָל צוריקפאָרן קיין ביאַליסטאָק, כדי צו נעמען אין די הענט די מיליטערישע קאָמאַנדשאַפט. ער שטעלט צונויף א שיפר אויף פאַרבינדונגס־צוועקן, כדי מ׳זאָל זיך קענען באַנוצן מיט פאָסטקאַרטלעך. געווער — וועט הייסן מעבל, ביקסן — קעסטלעך, דאָלאַרן — סטעפאַן א.א.וו. דאָס קליינע צעטל מיט שיפר־שליסל האָט זיך געפונען ביי עדעקן, יוסף קאַפּלאַן און רוזשקע. עדעקן האָט זיך איינגעגעבן איבערצוגעבן אין איין פאָסטקאַרטל א מאַסע ידיעות און טיילמאָל זיך איינגעבראָכן א געפערלעכע רייזע.

עדעק האָט געאַרבעט מיט געדולד. די שותפים האָבן זיך נישט געאיילט צו זאָגן „יאָ". דאָס געווער איז נישט אָנגעקומען. די הבטחות האָט מען נישט געהאַלטן. אַנטוישונגען זיינען געקומען איינע נאָך די צווייטע. עדעק, זרח און יאשקע האָבן צוגעגרייט א פּלאַן צו אָרגאַניזירן „קעמער־לעך" — פינפטלעך. אין א קעמערל זיינען די חברים אויפגענומען געוואָרן איינציקווייז, נאָך צוויי־דריי פּערזענלעכע געשפּרעכן און א מאָל — נאָך מער. יעדער חבר האָט געקענט בלויז די איבעריקע פיר מיטגלידער פון קעמערל. אין באַטאַליאָן האָט מען נישט געטאָרט ריידן וועגן דער טעטיקייט אין קעמערל, ווי דאָס וואָלט נישט עקזיסטירט.

אין דער דיסקוסיע אד״ט: וואַלד — פּאַרטיזאַנקע — מלחמה און געטאָ, האָט עדעק געזאָגט:

„חברים, איך וויל ווידער אויפקלערן אונזער שטעלונג צום געטאָ. ס׳איז ריכטיק, אז אין וואַלד זיינען פאַראַן גרעסערע אויסזיכטן פאַר א ווירקזאַמער מלחמה. אָבער צו וועלן מיר זיך באַנוגענען דערמיט און איבערלאָזן די מאַסן אויף הפקר, אז מ׳זאָל זיי אויך דאָ, פּונקט ווי אין ווילנע, פירן ווי שאָף צו דער שחיטה, און מיר וועלן זוכן מלחמה־עפעקטן אין וואַלד? איך שאַץ נישט אונטער דיווערסיע־אַקטן: אזוי פיל און אזוי פיל בריקן וועלן מיר אויפרייסן, אזוי פיל און אזוי פיל צוגן מיט געווער וועלן מיר אַראָפּלאָזן פון די רעלסן, אזוי פיל און אזוי פיל טעלעגראַף־דראָטן וועלן מיר איבעררייסן. דאָס אַלץ איז זייער וויכטיק, אָבער צי וועט דאָס געבן אן ענטפער אויף דער עיקרדיקער פראַגע: ווי אזוי אָרגאַניזירט מען די רעאַקציע פון די מאַסן, ווי אזוי דערפירט מען צו אן אויסברוך דעם ווידערשטאַנד פון פאָלק, ווי אזוי הויבט מען אויף די מאַסן אידן, וואָס זיינען פאַרמאַכט אין געטאָ מיט זייער גורל, א גורל פון שעפּסן, געפירט צו דער שחיטה? מיר וועלן קעמפן אין וואַלד און זיך אָפּוואַשן די הענט, מיר האָבן אויסגעפירט אונזער חוב. דאָס איז א לייזונג פאַר יחידים, וואָס ווילן העלפן אין קאַמף קעגן פאַשיזם. אָבער וואו איז די געזעלשאַפטלעכע לייזונג, די נאַציאָנאַלע? צי וועלן מיר פאַרלאָזן דעם געטאָ א נישט אָרגאַניזירטן מיט זיינע זקנים, פרויען און קינדער און זאָגן: מיר האָבן זיך געראַטעוועט? און וואו איז די אחריות פאַר דער געשיכטע פונעם פאָלק? וואו איז דער אוואַנגאַרד פון אונזער באַוועגונג? איך זע אונזער באַוועגונג בראש פון די אויפשטענדלערישע מאַסן, נישט ווי אן אויסדערוויילטע סעקטע, וואָס איז יוצא פאַר זייער געוויסן, נאָר ווי פּיאָנערן פון פאָלק. האָבן מיר דען נישט אין אזא גייסט דערצויגן אונזערע חברים? א מאַסן־אויפשטאַנד דאַרף פאָרקומען אין געטאָ, און ס׳איז נאַטירלעך, אז בראש פון אים דאַרפן מיר שטיין, צוזאַמען מיט אַנדערע, וועלכע זיינען אין דער זעלבער מיינונג וואָס מיר. קודם־כל — דאָס געטאָ. קודם־כל — דער נאַציאָנאַלער קאַמף. דער אידישער קאַמף. מ׳הרגעט אונז אלס אידן, אלס אידן וועלן מיר ענטפערן מיט קאַמף. און נישט קיין ענטפער פון יחידים וועט דאָס זיין, נאָר אן ענטפער פון אן אָרגאַניזירטן כלל. נאָר אן ענטפער פון אזא מין האָט א ווערט אין דער געשיכטע".

אין יענער צייט האָט איינער פון די בחורים געבראַכט די ערשטע ביקס אין געטאָ. די ביקס האָט געדינט פאַר איבונגען. מ׳האָט אַראָפּגענומען די קאָלבע און עדעק האָט זי איבערגעפירט פון איין אָרט אויפן אַנדערן. פאַר אָט דער אונטערערדישער טעטיקייט האָט מען אויסגעקליבן עדעקן. ער האָט אָנגעפירט די קעמערלעך.

עדעק האָט געפּריידיקט צו שאַפן א קאַמפס־פראָנט פון אַלע אָרגאַניזאַציעס, וואָס זיינען נוטה צום פּרינציפּ פון קאַמף. דער לייכטסטער וועג איז געווען צו די קאָמוניסטן. ס׳זיינען פאָרגעקומען די ערשטע צוזאַמענטרעפן צווישן עדעקן און זייער פאָרשטייער. אין א צייט אַרום איז פאַר־געקומען א באַגעגעניש אויך מיטן פאָרשטייער פון בונד. *שלמה* פּאָפּורץ האָט רעפּרעזענטירט דעם טייל פון די מער נאַציאָנאַלע און רעוואָלוציאָנערע בונדיסטן. אזוי אַרום איז געשאַפן געוואָרן די הויפּט־אָנפירונג פון דער פאַראייניקונג השומר — קאָמוניסטן — בונדיסטן: עדעק,

יאַשקע, קאַווע און פּופּורק, דאָס איז געווען די באַזע פאַרן ברייטן פראָנט, וואָס איז אַנטשטאַנען במשך פון דער צייט. אין מיליטערישן צענטער פון דער אָנפירונג איז געוואָרן דעלעגירט עדעק.

ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן דער צווייטער בלאָק — השומר הצעיר, דרור, הנוער הציוני, רעוויזיאָניסטן און א טייל פון בונד, איז די לאָזונג פון עדעקן געווען: פאַראייניקן ביידע בלאָקן אין איין קאַמפּס־פראָנט.

פעברואַר 1943. עדעק הויבט אָן אַרויסווייזן נערוועזיטעט ביי די באַגעגענישן. ער האָט מורא פאַר אַן אַקציע אין געטאָ. איינמאָל מעלדעט ער מיט זיכערקייט, אַז ס'וועט פאָרקומען אַן אַקציע און ער דערלויבט נישט די וואָס געפינען זיך אויף דער אַרישער זייט, אַריינצוגיין אין געטאָ.

אין א געוויסן טאָג האָט זרח געשיקט א בריוול צו די אַרבעטער פון יענער זייט מויער: „חייקע, די אַקציע איז פאַרענדיקט. אונזערע חברים האָבן זיך געפּרוווט פאַרטיידיקן. אָט איז די רשימה פון אונזערע קרבנות: פראַנעק, יאַשקע, ישראליק, צביה, רוזשקע, יענטל, סענדער 19 פערזאָן. דער לעצטער אין דער רשימה — עדעק".

און אָט איז א שילדערונג פון זיין סוף:

„די פּאָזיציע פון עדעקן איז געוואָרן אַנטדעקט. ער האָט געשאָסן מיט א רעוואָלווער און די חברה איז אָנגעפאַלן אויף די דייטשן מיט די נעגל. דאָס איז געווען א שטיקל אַרבעט פון א פאַררעטער — און דערפאַר ווייל מ'האָט פון עדעקן צוגענומען דעם עיקר, דעם יסוד פון פאַרטיידיקונג און פון איבעררַאשונג פון א לויערונג, האָט מען ביי אים אויך צוגענומען די מאַנעוויר־מעגלעכקייט. גדליה האָט באַוויזן אויפצונעמען עדעקס ווערטער: מיר וועלן זיי נאָך ענטפערן, ווי זיי האָבן זיך פאַרדינט! קעמפט ווייטער! זייערע הענט זיינען געווען אויפגעהויבן. די דייטשן האָבן רעווידירט אין זייערע קעשענעס. עדעק איז געשטאַנען בראש פון דער אָפּטיילונג. זיין פּנים האָט געפלאַמט און זיינע אויגן האָבן געשפּריצט מיט פייער. פון דאַן אָן האָבן מיר מער עדעקן נישט געזען — דער טראַנספּאָרט איז אַרויס פון געטאָ און פון דערווייטנס האָבן מיר געזען ווי אַזוי ס'פאַלן די קלעפּ אויף זייערע קעפּ און ווי אַזוי די קעמפער האַלטן זיך חוצפהדיק לגבי די דייטשן. — בּאַראַש האָט זיך אָפּגעזאָגט אַריינמישן זיך.


RZECZPOSPOLITA POLSKA

LEGITYMACJA

Nr. 47916

WARSZAWA

dn. 19 kwietnia 1948 r.


POSTANOWIENIEM PREZYDENTA RZECZYPOSPOLITEJ POLSKIEJ

został(a) odznaczony(a)

Obywatel BORAKS Eljachu

pośmiertnie

KRZYŻEM SREBRNYM

ORDERU VIRTUTI MILITARI

NACZELNIK WYDZIAŁU ODZNACZEŃ KANCELARII CYWILNEJ PREZYDENTA R. P.

(mgr. W. Daszkiewicz)

די לעגיטימאַציע פון אָרדען „ווירטוטי מיליטאַרי"

— — פון דער ווייטן זיינען געקומען אָפּקלאַנגען. אידן — וואָס זיינען געפאָרן אין זעלבן וואגאָן און ניצול געוואָרן פון די קרעמאַטאָריעס האָבן דערציילט וועגן דעם וואונדערלעכן קאָמענדאַנט און טייערן חבר, וואָס האָט באַשלאָסן צוזאמען מיט זיינע חברים נישט צו שפּרינגען פון וואגאָן. זיי האָבן בלויז געהאָלפן אנדערע צו שפּרינגען. — אויפן ראנד פון די קרעמאַטאָריעס האָבן עדעק מיט די חברים אָרגאַניזירט א ווידערשטאַנד, אז די אידן זאָלן נישט אריינגיין גוטוויליק. זיי זיינען געהרגעט געוואָרן אויפן ראנד פון די קרעמאַטאָריעס.

זיי זיינען געפאַלן שטאָלצע און מוטיקע.



עדעק באַראַקס איז געבוירן געוואָרן אין קאַליש אין יאָר 1918. זיין פאָטער איז געווען אַן אייגנטימער פון א טריקאָטאַזש־פאבריק, א פּראָגרעסיווער ציוניסט. עדעק האָט געלערנט אין דער אידישער גימנאַזיע, אריינגעטראָטן אין השומר הצעיר. אין יאָר 1933 איז ער אוועק אויף הכשרה אין וואָלין. אין מיליטער איז ער געווען א קאַפּראַל.

אין די ביאַליסטאָקער קאַמפן, דעם 5־טן פעברואר 1943, איז ער געשטאַנען בראש פון דער אָפּטיילונג אויף סמאָלנע־גאַס.



## יעקב דוד סיטנער



געבוירן אין קאַליש אין יאָר 1897 אין א רייכער רעליגיעזער משפחה. זיין פאָטער איז געווען א באַקאַנטער עסקן אין שטאָט און א קהילה־פּרנס. אויך זיין מוטער איז געווען טעטיק געזעל־שאַפטלעך און געהאַט אַ האַרץ פאַר צרות רבים. געוואָרן דערצויגן אין טראַדיציאָנעלן גייסט און געווען פון די שעפער פון דער „צעירי־ציון"־באַוועגונג אין קאַליש, געשטאַנען בראש פון איר אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און נאָך איר. אָרגאַניזירט איינע פון די ערשטע ליגעס „פאַר אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל", אין וועלכער עס האָבן זיך געפונען הונדערטער חברים. ער האָט באַזוכט די פּראָווינץ־שטעט, אַרויסגעטראָטן מיט רעדעס, אָרגאַניזירט און געווען טעטיק אין דער שליחות פון מרכז. אין יאָר 1925 איז ער איבערגעפאָרן קיין וואַרשע. אָנגעפירט מיט א גרויס עקספּעדיציע־הויז, אָבער א גרויסן טייל פון זיין צייט און ענערגיע האָט ער אויך דאָרט אָפּגעגעבן פאַר דער פּאַרטיי פּועלי־ציון (צ. ס.). אין משך פון א סך יאָרן איז ער געווען מיטגליד פון וואַרשעווער קאָמיטעט. אין א געוויסער צייט איז ער געווען מיטגליד פון פּאַרטיי־ראַט און אויך מיטגליד פון מרכז. זיין שטוב איז געווען אָפן פאַר די פּאַרטיי־טוער. ביי אים פלעגט פאָר־קומען א ריי זיצונגען פון פּאַרטיי־מרכז און פאַרשידענע באַראַטונגען אין די שווערע צייטן פאַר דער באַוועגונג. ער און זיין פרוי, די חברה לאה — פון די איבערגעגעבנסטע חברות פון דער פּאַרטיי — האָבן געזאָרגט דערפאַר, אז יעדער חבר זאָל זיך פילן ביי זיי, ווי ביי זיך אין שטוב, און פיל חברים האָבן דאָרט טאַקע געפונען א שטיצע בעת א צרה אָדער א קריזיס. ביידע זיינען זיי געווען גוטהאַרציקע מענטשן, אידעלע און באַליבט ביי אַלעמען. לויט זיין איניציאַטיוו און מיט זיין גרויסער הילף איז געשאַפן געוואָרן דער טעאָרעטישער חודש־זשורנאַל פון דער פּאַרטיי פּועלי־ציון (צ.ס.) „די נייע געזעלשאַפט". ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָפּגערופן אויף די פּאַרטיי־אַפּעלן, האָט זיך באַטייליקט ביים שאַפן די מערהייט פון אירע אונטערנעמונגען און אינסטיטוציעס. ער איז געווען דעלעגאַט צום קאָנגרעס „פאַרן אַרבעטנדיקן ארץ־ישראל" אין בערלין אין יאָר 1930. אין יאָר 1935 האָט ער באַזוכט ארץ־ישראל און פאָרגעלייגט א פּלאַן צו שאַפן א הסתדרותישע עקספּעדיציע־געזעלשאַפט אויף איבערצופירן לאַדונגען פון פּוילן קיין ארץ־ישראל. זיין פאָרשלאַג איז געוואָרן אָנגענומען, אָבער די פאַרווירקלעכונג פונעם פּלאַן איז געוואָרן אָפּגעלייגט.

אין די צייטן פון אומלעגאליטעט איז ער געווען פון די איבערגעגעבענע אקטיוויסטן אין דער באוועגונג און פון די עסקנים אין די אקציעס פאר סאָציאלער הילף אין וואַרשעווער געטאָ. ער האָט געהערט צו די פאַרטרויונגסמענער אין יענע שווערע און שרעקלעכע טעג. פאַרזיצער פון אָרט־קאָמיטעט פון דער פאַרטיי פועלי־ציון (צ.ס.) אין וואַרשע אין דער אונטערערד. אין דער ערשטער צייט פון געטאָ האָט ער געפירט א בערשטער־וואַרשטאַט, אין וועלכן עס האָבן געאַרבעט די מיטגלידער פון קיבוץ אויף דזשעלנע. א געוויסע צייט האָט ער זיך מפרנס געווען פון אויס־אַרבעטן מאַרמעלאַדע. דערנאָך איז ער אוועק אַרבעטן אין א „בערשטער־שאָפּ". ער איז געוואָרן דערהרגעט אין אָקטאָבער 1942. זיין פרוי לאה, אויך טעטיק אין דער אונטערערד, איז געוואָרן אומגעבראַכט אין אַפּריל 1943 צוזאַמען מיט זייער זון יואל (אלעק, ער האָט געשריבן לידער, וועלכע זיינען געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין דער פוילישער אונטערערדישער פּרעסע). אינעם בריוו פון דער פאַרטיי אין פוילן צום וועלט־פאַרבאַנד פועלי־ציון (צ.ס.) — התאחדות, דעם 15 נאָוועמ־בער 1943, געפינט זיך זיין נאָמען צווישן די אַקטיווע פאַרטיי־טוער, וועלכע זיינען געפאַלן אויפן פּאָסטן.



# אברהם דיאמאנט

וועגן אברהם דיאמאנט זיינען פאַראַן ווייניק ידיעות. עס איז באוואוסט, אז ער איז געווען א פועלי־ציוניסטישער טוער אין קאַליש, געדינט אלס קאַפּראַל אין פוילישן מיליטער און געפאַלן אין עלטער פון 42 יאָר דעם ערשטן אָדער דעם צווייטן מאַי 1943, אין דער נאַטיק, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון וואַרשע אין מאַי 1944 שרייבט הערש וואַסער וועגן אברהם דיאמאנט פאָלגנדיקע שורות:

„איינער פון די געציילטע זעלנער אין געטאָ, וואָס האָט באַקומען, ווי אַן אויסצייכענונג, דעם זעלטענעם אוצר ביי די קעמפער — א ביקס, איז דער קעמפער אברהם דיאמאנט, אַן אַרבעטער פון 42 יאָר, א הויך־וואַוקסיקער און ברייט־פּלייציקער. דער אויסדרוק פון זיין פּנים איז אי א ווייכער און אי א דרייסטער. אַן ערנסטער, קאָנצענטרירטער, אידעאַלער חבר, וואָס איז גרייט צו טיילן מיט זיין חבר דאָס לעצטע שטיקל ברויט און לעפל עסן. ער איז געווען א פאַר־האַרטעוועטער, א דרייסטער און מיט פאַראַכטונג צום טויט — אייגנשאַפטן, וואָס נישט קיין סך זיינען מיט זיי געבענטשט.

פון זיין קינדהייט אָן איז ער געווען פאַרבונדן און באַהאַפטן מיט דער אידישער אַרבעטער־באוועגונג. ער איז געווען א פועלי־ציוניסטישער טוער אין קאַליש. זיין וועג איז געווען פון דער געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישער אַרבעט ביזן באַטייליקן זיך אין די שלאַכטן אין די רייען פון דער אידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע. ער איז אדורך אלע שבעה מדורי פון נאַצי־גיהנום. אין אָקטאָבער 1939 האָבן די דייטשן אים אַרויסגעטריבן פון קאַליש קיין וואַרשע, צוזאַמען מיט

זיין פרוי און קינד. ער האָט דאָן געהאַט צוואַנציק זלאָטעס אין קעשענע און א קליין פּעקעלע אין די הענט. ער האָט געוואוינט אין דער טויטן־נעסט פון א פּליטים־לאַגער. ער האָט פאַרזוכט דעם טעם פון דער דייטשער נאַהייקע, די שאַנד פון הונגער, נויט און טיפוס. אין דער צייט פון דער אויסזידלונג קיין טרעבלינקע, האָט מען באַלד אין ערשטן טאָג, דעם 22־טן יולי 1942, צוגענומען זיין פרוי און טאָכטער און אוועקגעשיקט אין טויטן־לאַגער. טראָץ די אַלע שווערע קלעפּ פונעם גורל, וואָס האָבן אַנדערע מענטשן דערשלאָגן, איז אברהם דיאַמאַנט נישט געפאַלן אין גייסט. ער איז נאָך מער אַריין אין זיך. די קנייטשן אויף זיין שטערן זיינען נאָך טיפער געוואָרן, זיין בליק איז געוואָרן צאָרנדיקער און זיינע הענט האָבן זיך געביילט אין פויסטן.

דער געדאַנק וועגן ווידערשטאַנד און אַקטיוון קאַמף מיט דער פאַשיסטישער בעסטיע האָט אין אים געפונען א באַגייסטערטן אָנהענגער. באַלד פון אָנהויב, ווי נאָר ס׳האָבן זיך געשאַפן די ערשטע קאַמפס־גרופּעס, איז אברהם דיאַמאַנט געווען פאַרבונדן מיט זיי בלב ונפש. דער קאַפּראַל פון דער פּוילישער אַרמיי, דער מוטיקער זעלנער, האָט ווידער געהאַט אין האַנט די ביקס.

ער האָט נישט געזוכט קיין לויב און קיין כבוד. צו זיינע פריינד פלעגט ער זאָגן, אַז דער קאַמף פון די אידישע ווידערשטעענדלער און אפילו זייער טויט וועט נישט זיין קיין אומזיסטער קרבן, אָן אַרויסגעוואָרפענע זאַך. דער קאַמף פון די געטאָ־העלדן וועט זיין א טייל פונעם קאַמף פון די פרייהייטס־כוחות קעגן פאַשיזם. דאָס וועט זיין די באַזע פאַר א בעסערער צוקונפט פאַר די אידישע מאַסן אין דער גאַנצער וועלט. די געטאָ־קעמפער וועלן זיין די בויער פונעם מאָרגן.

ווען ס׳איז געקומען דער טאָג פון טאַט האָט דיאַמאַנט פאַרנומען די פּאָזיציע, וואָס מ׳האָט באַשטימט פאַר אים אויף א דאַך־בוידעם אויף שווענטאָיערסקא 32. דאָס איז געווען דעם 20־טן אַפּריל 1943. אין יענעם טאָג האָט ער מיט זיין ביקס דערהרגעט זיבן דייטשן און שטיל געמאַכט א נעסט פון דייטשן מאַשין־געווער. ער איז טאָג און נאַכט געשטאַנען אויף דער וואַך און נישט געשיידט זיך מיט דער ביקס אפילו אויף קיין מינוט. מיט ברענענדיקן צאָרן האָט ער אָפּגעשטויסן די דייטשע אָנגריפן. ווען די דייטשן האָבן אַרומגערינגלט דאָס הויז און אַריינגעריסן זיך אין די אויבערשטע שטאָקן, האָט דיאַמאַנט נישט פאַרלאָזן זיין וואַך און געענטפערט מיט פייער. ערשט ווען די דייטשן זיינען שוין אַרויף אויפן דאַך, האָט ער זיך דורכגעריסן אויף אַן אַנדער געביט צוזאַמען מיט נאָך אויפשטענדלער.

פון דאַן אָן איז ער כסדר געווען אין באַוועגונג, אין פּאַטראָל, אין דורכקריכן אויף פאַרשיידענע פּלעצער — אַליין, אָדער מיט אַנדערע אויפשטענדלער. ער האָט זיך נישט געשוינט. ער האָט קיין איין רגע נישט געוואַקלט זיך און אָן מורא אַריינגעקוקט דעם טויט אין די אויגן.

דעם ערשטן מאַי האָט ער געקעמפט צווישן די חורבות און ברענענדיקע גרוזן פון הויז פראַנטשישקאַנער 30. אין יענעם הויז האָט זיך געפונען א גרויסער בונקער פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג. אַן אָפּטיילונג פון דער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע האָט באַשיצט דעם אַריינגאַנג אין בונקער. פּלוצים איז אָנגעקומען א ידיעה, אַז די דייטשן האָבן אַנטדעקט דעם אַריינגאַנג אין בונקער. זיי שטורעמען און דרינגען אַריין אין אים. די אויפשטענדלער האָבן געעפנט א פייער. די דייטשן האָבן געענטפערט מיט האַנט־גראַנאַטן. דריי אויפשטענדלער מיט דיאַמאַנטן בראש זיינען אַרויס פון בונקער פון א צווייטער זייט און אָנגעגריפן די דייטשן אין רוקן. צוויי דייטשן זיינען דערהרגעט געוואָרן און די איבעריקע זיינען זיך צעלאָפן. צייטווייליק איז דער ציל געווען דערגרייכט. די קעמפער האָבן פאַרנומען פּאָזיציעס אין די חורבות פון שכנותדיקן הויז. ס׳איז אָנגעקומען א צווייטע גרופּע ס.ס. ס׳האָט זיך פונאַנדערגעפלאַקערט א קאַמף אויף טויט און לעבן. די שאָסן פון אברהם דיאַמאַנט פאַרפעלן נישט דעם ציל. די דייטשן וואַגן נישט צו דערנענטערן זיך צו די אויפשטענדלער. זיי שיסן פון דער ווייטנס, פון א מאַשין־געווער. פּלוצים האָט דיאַמאַנט אָנגעהויבן צו וואַקלען זיך אויף די פיס. א קויל האָט אים געטראָפן אין האַרצן. ער האָט געוואָלט איבערגעבן די ביקס דעם קאָמאַנדיר פון זיין גרופּע, בערלינסקי. אָבער ער האָט נישט באַוויזן. פון די חורבות איז ער געפאַלן אין א ברענענדיקן קעלער. זיין קערפּער האָט מען נישט געפונען. ער איז געוואָרן פאַרברענט.



## זרח זילבערבערג



חברים דערציילן וועגן זרחן, אז ער איז געווען א שוויַיגער, א פארשלאָסענער אין זיך, סאָלידער, פארטיפט זיך און באמיט זיך צו מאָטאָווירן זיינע רייד. א שווערלעכער, אָבער אן אידעלער, מיט א געפיל פאר מאָס. קיינעם איז נישט איינגעפאלן, אז ער קען זאָגן ליגן, טאָן נישט קיין פיינע זאך און לאָזן א מענטשן אויף הפקר.

„עדעק און זרח זיינען געווען הארציקע פריינד און חברים, איינער פון צווייטן האָט גאָרנישט פארבאָרגן. איך האָב זיי קיינמאָל נישט געזען אין קיין אינטימען שמועס און איך האָב זיך געוואונדערט, ווי אזוי זיי האלטן אָן אזא חברשקייט. דערויף האָט עדעק געענטפערט מיט א שטילן בליק. א מענערישע חברשקייט, א רייפע, א זאָרגעוודיקע און איינגעהאלטענע אין דער זעלבער צייט. — זרח, וואָס וועט זיין אויב איך וועל שטארבן מיט א נאטירלעכן טויט? פרעגט עדעק. וועסטו שטארבן צוויי מאָל, ענטפערט זרח, איינמאָל פון דער קראנקייט און א צווייט מאָל פון פארדרוס, וואָס ביסט געשטאָרבן מיט אזא „נאָרמאלן טויט". זעלטן איז זייער טויט געווען א קוואל פון וויצן.

איינמאל אין א אָוונט האָט עדעק געפרעגט צו ס'וועט א מאָל קומען א טאָג ווען זיי וועלן עולה זיין קיין ישראל? זרח האָט געענטפערט: פארוואָס פרעגסטו נישט צי דו וועסט בלייבן לעבן? דאן האָט זיך אָנגעהויבן א שמועס וועגן השארת הנפש. זרח האָט געזאָגט, אז אים ארט נישט צי מ'וועט אים מספיד זיין און וואָס מ'וועט זאָגן וועגן אים, צי מ'וועט אים צעשניידן אויף שטיקער. „דער עיקר איז צו זיין דאָ, צו קעמפן ביז דעם לעצטן אָטעם".

ווען א חבר איז קראנק געוואָרן אויף די לונגען און נישט געוואָלט גיין צום ארצט, האָט אים זרח איבערגעכיטרעוועט: ער האָט באשטעלט א באזוך ביים ארצט און געשיקט אהין דעם חבר, ווי צו א וויכטיקער באגעגעניש. דער חבר האָט זיך פארשעמט, אָבער ער האָט זיך אָנגעהויבן היילן, און ער איז אפילו געזונט געוואָרן.

זרח האָט זיך באטייליקט אין דער דיסקוסיע „וואלד, מלחמה און געטאָ". חייקע גראָסמאַן שילדערט דאָס געשפרעך אויף אזא שטייגער.

„זרחס איינגעהאלטנקייט האָט תמיד ארויסגערופן א שטילקייט אין צימער. ווי אזוי מ׳האָט זיך באצויגן צו אים מיט אזא כבוד, און מ׳האָט אים אויסגעהערט מיט אזוי פיל אויפמערקזאמקייט, וויס איך נישט. מ׳פלעגט זאָגן: שטיל, זרח האָט געבעטן א וואָרט. זרח פלעגט ריידן, ווי ער וואָלט געטראכט אויפן קול. אונטערשטרייכנדיק זיין ספעציפישע ל׳ האָט ער דורכגעזייט די ווערטער מיט א סך איינגעהאלטנקייט, אָן יעדער אויסערלעכער פילבארקייט. אָבער אלע האָבן געוואוסט, אז זרח ברויזט, זרח לעבט איבער מיט געשפאנטקייט דאָס פראָבלעם. ער האָט אָנגעהויבן: פראנק איז גערעכט. אויב מיר דארפן באהאנדלען די פראגע, האָבן מיר די רעכט זי צו באהאנדלען פון שטאנדפונקט פון קאמף קעגן פאשיזם. יעדער אנדערער צוגאנג, זאָל ער אפילו זיין באפוצט מיט דער אידעאָלאָגיע פון ראטעווען דאָס אידענטום, אָדער פון ראטעווען דיין נפש, באדייט פארראט. ווער ס׳זאָגט, אז מ׳דארף ראטעווען די מאסן אין וואלד, איז אָדער ער אליין איז זיך טועה, אָדער ער פירט אנדערע אריין באוואוסטזיניק אין א טעות. ווי אזוי ראטעוועט מען מאסן מענטשן אין וואלד? צי קען מען אזוי ארום ראטעווען דאָס געטאָ, די זקנים, פרויען און קינדער? און די מלחמה קעגן פאשיזם וועט מען לאָזן פאר די גוים? וואָס? איך זע דאָ אזעלכע, וואָס ווילן אונז אומקערן צו א דיסקוסיע, פון וועלכער מיר זיינען שוין לאנג פטור געוואָרן. צי הייסט דאָס נישט שלעפן אויף צוריק אָנשטאָט אויף פאָרויס? קודם כל איז נישטאָ קיין מעגלעכקייט צו ראטעווען מאסן. דאָס איז אַן אוטאָפּיע, א געפערלעכע אילוזיע, וואָס וועט דערפירן צום בארעכטיקן דעם גורל. מ׳קען ראטעווען בלויז יחידים, און ווער עס רעדט וועגן ראטעווען מאסן, האָט ער אויך ווארשיינלעך אין זינען נאָר דאָס ראטעווען יחידים, באוואוסטזיניק אָדער אומבאוואוסטזיניק. און אפשר רעכנט ער צווישן די יחידים אריין אויך זיך גופא?

— — נישט וויכטיק אויב עמיצער פילט זיך געטראָפן פון מיינע רייד. אפשר האָב איך אָנגערירט עמיצן אומגערעכט. אָבער דאָס איז נישט קיין פריוואטער ענין, נישט מיינער און נישט דיינער. אליין צווישן זיך וואָלטן מיר שוין אדורכגעקומען. אָבער מיר דארפן באשליסן, ווי אזוי צו דערציען מאסן, א באוועגונג, ווי אזוי צו פאָדערן, און פאָדערן פון אנדערע. — — לאָמיר, קודם כל, קאָנטראָלירן צי ביי אונז איז אלץ אין אָרדנונג. וואָס שייך געטאָ און פארטיזאנקע, אידענטיפיציר איך זיך מיט דער מיינונג פון די חברים אין ווילנע, מיט דער מיינונג פון עדעק און חייקע״.

און אָט האָט מען זרחן געשיקט קיין גראָדנע, כדי צו העלפן די יונגע חברים אדורכצופירן דעם באוואָפנטן ווידערשטאנד.

„איך געדענק נאָך דער מאָמענט ווען מ׳האָט אָנגענומען דעם באשלוס. אין צימער איז געווען אויסגעגאָסן א טרויער. בלויז זרחס פנים האָט געשטראלט. ער האָט געברענט, געפלאקערט, געאיילט, אז מ׳זאָל באלד אויספירן דעם באשלוס. איין טאָג וויל ער נאָך פארברענגען מיט אונז, זיך בּאראָטן, מאכן א פלאן. צום ערשטן מאָל האָבן מיר דעם רואיקן און געלאסענעם זרח געזען אזא געשפאנטן. שוין, תיכף! — האָט ער געפאָדערט. דאָרט ברענט שוין די ערד אונטער די פיס, א סך אידן האָט מען שוין אויסגעזידלט, די טראנספּאָרטן גייען, די וואגאָנען זיינען געפאקט, זיי לויפן אדורך די סטאציע נישט פארהאלטנדיק זיך, און נאָר פון די קליינע, פארקראטעוועטע פענצטערלעך רייסט זיך ארויס דער לעצטער פארצווייפלטער רוף, גיט צו וויסן פארבייגייער און באַן־ארבעטער, אז זיי זיינען אידן פון גראָדנע. די טראנספּאָרטן זיינען אוועק קיין טרעבלינקע. צי וועלן מיר נאָך באווייזן? צו מאָרגנס אינדערפרי האָט זרח שנעל פארפאקט די טעקע, גענומען דאָס איינציקע „אָרישע היטל״, ממש א מין פארמעגן פון דער אָרגאניזאציע. עדעק פלעגט א מאָל זיך באנוצן מיט דעם בעת זיינע אָרישע נסיעות (וועגן דעם היטל פלעגט מען זאָגן ביי אונז: דאָס היטל שאפט דעם מענטש!). יאדזשע האָט אויף איין פוס אים צוגעגרייט א פאלשע דערלויבעניש.

— — נאָך פאר מיטאָג האָבן מיר זרחן באגלייט צום ארויסגאנג. מיר האָבן אים צוגערעדט, אז ער זאָל וואַרטן ביז מאָרגן — — אין די שעהן מוזן דאָך אידן ארבעטן, נישטאָ קיין ארויסגייער און אריינגייער. „איך וועל ארויסגיין דורכן פלויט ביי אָלע״, האָט זרח זיך איינגעעקשנט.

— — מיר האָבן זרחן באגלייט ביזן פלויט. עדעק, זרח און איך זיינען געגאנגען איבער די גאסן פון געטאָ, כדי צו זיין נאָך אביסל צוזאמען. זרח און עדעק זיינען אריין אין הויף. איידער זרח האָט נאָך באוויזן ארויפצוגיין אויפן דאך פונעם הויף־קלאזעט, איז ארויסגעלאָפן איינער

פון די אידישע איינוואוינער אין הויף, אָנגעכאפּט זרחן ביים פוס און אים געשלעפּט אַראָפּ. „איך וועל נישט אדורכלאָזן, צוליב אייך וועט מען אונז אלעמען באשטראָפן, פאשאָל פון דאנען!" דאָס זיינען געווען קללות פון א בעל־עגלה. דאָס איז געווען א ריזיקער ברייטביינעיקער מאנסביל. ער האָט געכאפּט די טעקע אין זיינע פעסטע הענט און אָנגעהויבן שלאָגן אויף רעכטס און אויף לינקס. עדעק האָט אים פלינק צוגעהאלטן.

— — דער קאמף האָט זיך געצויגן עטלעכע מינוט. זרח איז ארויף אויפן דאך, עדעק האָט געכאפּט די טעקע, בייגעקומען דעם ריז מיט א פלינקער פוס־באוועגונג, ארויסגעוואָרפן די טעקע איבערן דאך. זרח איז אריבערגעשפּרונגען דעם נידעריקן פּלויט און פארשוואונדן.

— — זרח איז געזעסן צוויי וואָכן אין א פארשלאָסענעם געטאָ, אינסטרואירט די קאָמענדאנטן פון די „פינפטלעך", צוגעגרייט די אָנגריפס־פּונקטן, אָרגאניזירט דאָס אריינפירן מאטעריאלן און געווער. דאָס געווער איז נישט געווען פון קיין גוטער קוואליטעט און אויך נישט אין קיין צו גרויסן קוואנטום: ווידער עלעקטרישע לאָמפּן, אָנגעפילטע מיט וויטריאָל, אייזערנע הענ־טשקעס, שטעקנס און אנדערע פרימיטיווע כלים. — — זרח און יוכבד האָבן געזוכט א וועג צו שאפן א געמיינזאמען פראָנט מיט אנדערע באוועגונגען. ער האָט געזוכט א פארבינדונג מיט די קאָמוניסטן, מיט די וויניק געבליבענע בונדיסטן, מיט די רעוויזיאָניסטן, אָבער ער האָט זיי אלע געטראָפן הילפלאָזע. — — ער האָט געזוכט א וועג צו די „ליטישע אידן" פון יודענראט, כדי ארויסצוציען פון זיי געלט. — — יענע האָבן אים געוואָרנט, אז ער זאָל נישט אָפּטאָן קיין יינגלערישע און אייליקע מעשים.

— — זרח האָט פאַרגעזען דעם סוף פונעם געטאָ און געוואָלט קודם שאפן אַן אָרגאניזאציאָנעלע פארבינדונג צווישן גראָדנער און ביאליסטאָקער אונטערערד. די מערהייט האָט באשלאָסן צו בלייבן אויפן אָרט און אָרגאניזירן א פארטיידיקונג ווי ווייט דאָס איז מעגלעך. און ווידער האָט זרח אכטונג געגעבן אויפן באשטימען די פּונקטן און פונאנדערטיילן די אויפגאבעס, קאָנטראָלירן דאָס „געווער" און פונאנדערגעטיילט, ארויסגעגעבן אָנווייזונגען ווי אזוי זיך באנוצן דערמיט און געמאכט אַן אלגעמיינעם פּלאַן".

ווען דער אקטיוו האָט אים געוואָלט צוריקשיקן קיין ביאליסטאָק, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט אונטערצוווארפן דעם באפעל, און ער האָט זיך טאקע נישט אומגעקערט ביז די בלוטיקע געשיכטע איז נישט געווען פארענדיקט.

ווען אין ביאליסטאָקער געטאָ האָבן זיך געהערט שטימען, וואָס האָבן פארלאנגט א רעוויזיע פון דער קאמפס־פּאָליטיק, האָט זרח זיך געשטעלט אין דורכברוך:

„איך געדענק נאָך זרחס פּנים, זיינע פארפּרעסטע ליפּן, זיין ציטערנדיקע שטימע און זיין שטורמישע, א ביסל איינגעצוימטע האלטונג. ער האָט נישט געוואָרפן קיין באשולדיקונגען, קיינעם נישט אנגעגריפן פערזענלעך, בלויז אויפגעקלערט, איבערצייגט, מאָטיווירט, אז ס'איז נישטאָ קיין אנדער וועג, אז ס'וואַרטן אונז נאָך דורכפאלן חוץ די ביז איצטיקע, אז ס'איז נישטאָ קיין אנדער וועג, נאָר מסירות־נפש, גערעכט איז עדעק, וואָס האָט נישט פארלאָזט די פּאָזיציעס, ווען נישט דאָס, וואָלטן מיר ארויס פון דער אקציע מיט א ברענענדיקן שאנדצייכן אויפן שטערן, מיר וואָלטן גורם געווען צו א דעמאָראליזאציע אין די רייען פון די קעמפער און צום אראָפּרייסן פון גלויבן אין אונז, אלס אָנפירונג און קעמפערישע באוועגונג. זרח האָט עטלעכע מאָל געבעטן דאָס וואָרט. ער איז נישט מיד געוואָרן — — קום צו זיך, טרעט נישט אָפּ פונעם ריכטיקן וועג, לאָז זיך נישט אריין אין קיין דיסקוסיע אָן שוואונג און אָן מאָראל, האָבן געמיינט זרחס דורכנעמענדיקע בליקן".

נאָך דער ליקווידאציע פון ביאליסטאָקער געטאָ, האָט די אונטערערד געמאכט דעם לעצטן פּרווו צו גיין מיט די מאסן און זיי רופן צו א ווידערשטאנד אויפן קאָנצענטראציע־פּלאַץ. זרח און יאָשקע האָבן גענומען אויף זיך די אויספירונג. זרח איז געווען קאָמאנדיר איבער איינעם פון די אָפּשניטן. אין יענער שלאכט איז ער געפאלן.



געבוירן אין קאליש אין יאָר 1916. פון דער קינדהייט אָן אין השומר הצעיר. ער איז אוועק אויף הכשרה אין סלאָנים. דאָרט האָט אים באגעגנט די מלחמה.



# טעמקין

איך טעלעפאָניר. ה׳ טאנסקי ווארט ביים אפאראט. ער איז גליקלעך, וואָס מיר האלטן זיך נאָך, אָבער גוטע נייס האָט ער נישט. ער האָט שוין געהאט אלע נויטיקע דערלויבענישן, איז ער אוועק אין געסטאפּאָ זיי באשטעטיקן. דער אָפיציר האָט זיי זייער געגוי קאָנטראָלירט, צעריסן אויף פיצלעך און געשריגן אויף טאנסקין, פארוואָס ער באמיט זיך נאָך פאר די אידן. לויט זיין מיינונג דארפן מיר זיך אליין העלפן. ער האָט אונז געוואונטשן דערפאָלג, און מיט דעם האָט דאָס געשפרעך זיך געענדיקט. די לעצטע האָפענונג זיך צו ראטעווען האָט געפלאצט ווי א זייף־באלאָן.

מיט דער צייט איז אויפגעדעקט געוואָרן דער סוד מיט טאנסקין. ער האָט געארבעט אלס לייטער ביי קוזניקאָווסקין און א דאנק דעם האָט מען באשטימט אידן אויף דעם דאָזיקן ארבעטס־פלאץ. מ׳קען כמעט זאָגן, אז א דאנק אים זיינען מיר מיט אנדערע משפחות געבליבן לעבן. אין דער צייט פון דער ערשטער אויסזידלונג האָט ער באזעצט אלע ארבעטער צוזאמען מיט זייערע פאמיליעס אין זיינע קעלערס. ער האָט אונז געשאפן וואוינונגען אין געטאָ, ער פלעגט אונז דורכפירן אין אויטאָס דורך דער וואך און ער האָט אונז באזאָרגט מיט אלע מינים דער־לויבענישן וואָס שייך ארבעט. ער האָט געהאט גרויסע איינפלוסן און א סך פארבינדונגען. בעת דער יאנואר־אקציע איז ער געקומען צו אונז מיטן אויטאָ, כדי צו פירן אונז פון באהעלטעניש צו דער ארבעט. ווער ס׳האָט נאָר געבעטן האָט ער געהאָלפן איינאָרדענען אויף דער ארישער זייט. ער איז געווען א מיסטעריעזע געשטאלט. ס׳זיינען געווען מיינונגס־פארשידנקייטן צו ער איז א דייטש, א פּאָליאק, אָדער א פאָלקס־דייטש. ס׳איז אויך געווען א סברה, אז ער איז א איד. מיר האָבן אָבער די דאָזיקע סברה אָפּגעוואָרפן. ער איז געפאלן אין אויגוסט 1943, נאָכדעם ווי מ׳האָט אים ארעסטירט אונטער דער באשולדיקונג פון פעלשן דאָקומענטן. קאפּאָס־מוסרים האָבן אים אויסגעגעבן צו די דייטשן. בעתן ארעסט האָט ער אנטלאָפנט צוויי אגענטן פון דער קרימינאל־פּאָליציי און אנטלאָפן אין זיין אויטאָ. צו מאָרגנס האָט מען אים געכאפּט א דאנק א מסירה פון א דייטש, א גוטן פריינד, און מ׳האָט אים דערשאָסן. דאן האָט מען זיך אלץ דערוואוסט. טאנסקי איז געווען נישט קיין אנדערער, נאָר טעמקין פון קאליש. זיין שוועסטער, פרוי קאץ, איר מאן און טאָכטער, האָבן געארבעט ביי אים. זיין פאָטער, א זקן פון פינף און זיבעציק יאָר, האָט געזאָגט קאפּיטלעך תהילים ביי אונז אין קעלער. דער זון האָט אים געוואָלט נעמען אויף דער ארישער זייט. אָבער דער אלטער האָט געוואָלט נקבר ווערן אין א אידישן קבר.

פון „300 שעהן אין ברענענדיקן געטאָ״, יד ושם, ירושלים תשי״ט.



# ישראל שארי

ער איז געפאלן א סך שפעטער, דעם 13־טן אפריל 1943. ביז דאן האט דער קאלישער שניידער ישראל שארי זיך באטייליקט אין א סך שלאכטן און זיך אויסגעצייכנט, ווי א העלדישער קריגער און אויסשפירער.

ישראל איז געווען קאָמאנדיר פון דער אויסשפיר־גרופע און האָט אויסגעפילט די פאראנט־וואָרטלעכסטע פארגעבונגען פונעם שטאב. זיין אויפגאבע איז געווען: דערוויסן זיך — ווען און וווהין גייען דורך דייטשע עשעלאנעס, די צאל סאלדאטן און זייער באוואפנונג אין דעם אדער יענעם ישוב, און נאך אזעלכע ביז גאר וויכטיקע זאכן.

דעם 23־טן יאנואר 1943 האט אונזער מחנה אויסגעהאלטן א שווערע שלאכט מיט די אקופאנטן, וועלכע זיינען פלוצים באפאלן אונזער לאגער. מיר זיינען אפגעטראטן אן קרבנות. די פאשיסטן האָבן באשלאָסן נוקם זיין זיך פאר זייער דורכפאל אין שכנותדיקן דאָרף סוועטיצע, וואָס האָט שטארק געשטיצט און מיטגעהאָלפן די פארטיזאנער.

זיבן טעג און זיבן נעכט האבן די דייטשע הינט געבושעוועט אין דארף. געברענט און געהרגעט און פארגוואלדיקט און לסוף אויסגעלאָשן אלע פייערן, מאכנדיק דעם אָנשטעל, אז זיי גייען אוועק פון דארף.

זייער מיין איז געווען — פארנארן אונז צוריק אין דארף און דא זיך אפרעכענען מיט אונז.

אונזערע קאמאנדירן האבן זיך אבער נישט געלאזט נארן. זיי האבן באשלאסן שיקן פריער אן אויסשפירונג און דערוויסן זיך גענוי, וואס טוט זיך אין סוועטניצע.

אין אויסשפיר האט מען געשיקט שארין און נאך צוויי יידן.

ישראל האָט אומבאמערקט זיך צוגעגנבעט צום דאָרף. ביי איינעם א שטאל האָט ער באמערקט א סילועט פון א דייטשן סאלדאט. דער דייטש האט א פנים אויך באמערקט שארין. דער גאנצער ארום איז פלוצים באלויכטן געוואָרן פון א ראקעטע. שארי האָט קוים באוויזן צו באהאלטן דעם קאפּ אין שניי. דער היטלעריסט האט אויסגעשאסן אין שארין א גאנצע קוילן־לענטע פון זיין אויטאָמאט, שארי אינעם היטלעריסט — בלויז איין קויל, און דער שווארצער סילועט ביים שטאל איז אומגעפאלן ווי א סנאפּ.

איצט האט זיך אבער צעשפילט דער גאנצער דייטשער ארקעסטער, וואס איז געלעגן פארשטעקט אין סוועטניצע. ס׳האבן גענומען שטעפן די קוילנוואַרפער און מינענוואַרפער, די ביקסן און אַויטאָמאטן. — און גראָד דאָס איז דאָך שארין נייטיק געווען.

ישראל שארי האט זיך געלאזט פויזען צוריק אין וואלד. א קויל האט אים געטראפן אין האנט, און גאנצע צוויי חדשים האָט ער געמוזט ליגן אינעם ערד־שטיבל.

די געסטאפא האט סוף כל סוף זיך דערוווסט, ווו אונזער מחנה געפינט זיך, און זי האט ארויסגעשיקט קעגן אונז א גרויסע שטראף־עקספעדיציע.

די שטראף־עקספעדיציע האט אונז נישט געטראפן אומגעריכט... אונזער אויסשפירונג האט באצייטנס אנגעזאגט וועגן דער געפאר, און ס׳האט זיך אנגעהויבן א קאמף אויף לעבן און טויט.

ישראל שארי, וואס האט זיך נאך נישט אויסגעהיילט פון דער וווּנד האט זיך תיכף גענומען צו דער ביקס.

אפטרעטן! — האט ער אויסגערופן — איך וועל זיי דא פארהאלטן!

ס׳איז קלאר געווען, אז שארי האט באוווסטזיניק באשלאסן אומקומען, כדי צו ראטעווען די גאנצע מחנה. ווען מיר זיינען אפגעטראטן, איז שארי געבליבן איינער אליין קעגן דער גאנצער שטראף־עקספעדיציע. מיט צוויי קוילן האט ער אוועקגעלייגט דעם קאמאנדיר פון דער דייטשער גרופע. דאס האט אריינגעבראכט א שטיקל מהומה צווישן די באנדיטן. א ווײַלע איז געוואָרן

שטיל, און אט די ווילע האט אונז גערעטעוועט. דערנאָך האבן די גזלנים ווידער זיך א ווארף געטאָן אויף שארין, און ער איז געפאלן א העלדן־טויט, ראטעווענדיק מיט זיין לעבן די גאנצע פארטיזאנישע מחנה.

מיר וועלן אים קיינמאל נישט פארגעסן, ערע און רום זיין אנדענק!



## מישא עדלשטיין

געבוירן אין קאליש אין יאָר 1923. אין 1939 האָט ער זיך באזעצט אין דאָרף בורסק. ער האָט אָרגאניזירט א גרופע אידן אויף איינשאפן געווער און אויף אוועקצוגיין אין וואלד. דעם 16־טן אויגוסט 1942 איז ער אוועק אין די לובערעקער וועלדער און אָנגעשלאָסן זיך אין א רוסישן פארטיזאנער־אָטריאד.

ער איז באשטימט געוואָרן אלס קאָמאנדיר אין אָטריאד קארטוכין.

געפאלן נאָך דער באפרייאונג פון א קויל פון די באנדורא־לייט.



## יאסעלע גאָלדשמידט

אין 1942 איז ער פון נאָוואָגרודקער געטאָ אוועק אין דער ליפיטשינסקער פושטשע. פריער איז ער געווען אין פאמיליע־לאגערס, שפעטער איז ער אריין אין אָטריאד „אָרליאנסקאיא באָרבא", לעניו־בריגאדע. אין סעפטעמבער 1943 איז ער פארוואונדעט געוואָרן אין קאָפּ און א באוואוסט־לאָזער איז ער אריינגעפאלן צו די דייטשן. ער איז דערשאָסן געוואָרן אין זשעטל. 24 יאָר איז ער אלט געווען ווען ער איז געפאלן.



## יחיאל טענצער



ער איז געבוירן געוואָרן ביי אָרעמע עלטערן און ער האָט שווער געאַרבעט פון זיין יוגנט אָן. אלס יוגנטלעכער איז ער אריין אין דער יוגנט־באוועגונג פון לינקע פועלי־ציון. א געוויסע צייט האָט ער געאַרבעט אלס וועבער. נישט איינמאָל האָט מען אים אָפגעזאָגט פון דער אַרבעט צוליב זיין צו שטאַרקער פאַרנומענקייט מיט די פאַרטיי־ענינים. אין משך פון פיל יאָרן איז ער געווען פאָרזיצער פון פראָפפאַראיין פון די טעקסטיל־אַרבעטער אין שטאָט, וואָס איז געווען פון די געציילטע פראָפפאַראיינען אין פוילן, צו וועלכן ס׳האָבן אָנגעהערט סיי אידישע, סיי פוילישע אַרבעטער. ער האָט רעפּרעזענטירט זיין פאַראיין אין די אינסטאַנצן פון דער אַלגעמיינער פראָפבאַוועגונג. ער איז געווען דער לעבעדיקער גייסט פון לינקע פועלי ציון און איר יוגנט אין קאַליש. ער איז געווען א הויכער, א שטאַרקער און געזונטער, מיט א פריינטלעכן און העפלעך פּנים פאַר אידן, וועלכע האָבן זיך צו אים געווענדעט. ער האָט א סך געאַרבעט צווישן דער יוגנט, אָנגעפירט און געלערנט. לעצטנס האָט ער געעפנט א קוילן־געשעפט, אָבער ער האָט געהאַט שוועריקייטן ביים מפרנס זיין די משפחה, ווארום זיין גאַנצע צייט האָט ער אָפּגעגעבן פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

ער איז געווען קהל־דאָזאָר און ראַטמאַן פון שטאָטראַט. נישט בלויז פאַרטיי־מענטשן האָבן זיך געווענדעט צו אים נאָך אַן עצה און נאָך הילף. זיין צייט און האַרץ האָט ער געשענקט פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן. ער איז געווען פאָרזיצער פונעם קוראַטאָריום פון דער שול א.ג. באָראָכאָוו און געווען טעטיק אין פאַרשידענע אינסטיטוציעס.

בעת דער מלחמה, ווען די געגנט איז געוואָרן איינגעשלאָסן אין רייך און מ׳האָט פון דאָרט אַרויסגעטריבן די אידן, איז טענצער אַוועק אויף א געוויסער צייט קיין ריישע אין מערב־גאַליציע, און פון דאָרט קיין וואַרשע, און ער איז געווען אַקטיוו אין דער אומלעגאַלער אַרבעט פון דער פאַרטיי. א געוויסע צייט האָט ער געאַרבעט ביי טעבענסן אין א שטאָל־פאַבריק. אויך אין קאָנצלאַגער פּאָניאַטאָוו, וואו ער איז געווען פאַרשפאַרט, האָט ער נישט איבערגעריסן זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און אָנטייל גענומען אין דער גרופּע פון דער אידישער קאַמפס־אָרגאַניזאַציע אין לאַגער, וואו ער איז דערמאָרדעט געוואָרן. זיין נאָמען געפינט זיך אין דער רשימה פון די 300 דערמאָרדעטע אידישע געזעלשאַפטלעכע טוער, וויסנשאַפטלער און קינסטלער.

זווה שורעק

# קאלישער טעכטער אין קאמף

## ויטקע קעמפנער

צווישן די פרויען־קעמפערינס אין ווילנע האָט פאַרנומען אַן אָנגעזעען אָרט וויטקע קעמפנער, אַן אָפּשטאַמיקע פון קאַליש. זי האָט געלערנט אין שטאָט און איז געווען אַקטיוו אין השומר הצעיר. בעת זי האָט געלערנט אויף דער וואַרשעווער אוניווערסיטעט איז זי געווען אַקטיוו אין דער סטודענטן־אָרגאַניזאַציע „אַוואָוקאַ". אין 1939 איז זי אַריבער די גרענעץ און אָנגעקומען אין חלוצישן זאַמל־פּונקט אין ווילנע. אין געטאָ איז זי געווען מיטגליד אין סעקרעטאַריאַט פון השומר הצעיר, אַקטיוו אין דער אידישער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע, און דערנאָך — אין דער פּאַר־טיזאַנער־גרופּע „נקמה", וואו זי איז געווען קאָמאַנדיר פון אַן אָפּטיילונג און געשטאַנען בראש פון א קאַמפּס־פּאַטראָל. זי האָט באַקומען אַן אויסצייכענונג „אָרדען פון דער רויטער פאָן". דערנאָך איז זי געווען צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער העפּלה פון מזרח־אייראָפּע.

אין יוני 1942 האָט די קאָמאַנדירונג פון דער קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע פ.פ.אָ. באַשלאָסן אויס־צופירן דעם ערשטן דיווערסיע־אַקט אויף דער באַן. די חברים האָבן געגנבעט דינאַמיט פון די דייטשע בונקערס. אין פינצטערן קעלער אויף קאַרמעליטן 3, האָבן מענטשן, ביי דער שיין פון א חלבן ליכטל, געאַרבעט ביים צוגרייטן א מינע אין א שטיקל רער. די געפאַר איז גרויס געווען צוליבן מאַנגל אין פאַכמענישקייט. די פּיראָטעכנישע אינפאָרמאַציע האָט מען געשעפּט פון סאָוויעטישע בראָשורן, וואָס מ׳האָט אַרויסגעגנבעט פון ייוואָ. וויטקע איז אַוועק זוכן אַן אָרט וואו אַוועקצולייגן די מינע אויפן באַן־וועג.

אירע טונקעלע האָר זיינען געוואָרן בלאָנד, אַריש. אינדערפרי איז זי אַרויס צו דער אַרבעט צוזאַמען מיט א גרופּע אידן. אין גאַס האָט זי זיך אָפּגעטיילט פון זיי, אַראָפּגענומען די לאַטע פון דער ברוסט און פון רוקן און אַרויף אויפן טראָטואַר. איצט איז זי אַן אַרישע און גייט זיך אויסער דער שטאָט, צו די רעלסן, וואָס ציען זיך צו ווילייקע. דער באַן־וועג ווערט באַוואַכט דורך דייטשן. ציווילע טאָרן דאָרט נישט גיין. וויטקע ווערט פאַרהאַלטן.

זי מאַכט א נאַיווע פּנים און דערציילט, אַז זי האָט געוואָלט גיין אין א דערנעבנדיקן דאָרף און זי ווייסט נישט, אַז מ׳טאָר דאָ נישט דורכגיין, זיי וואָרענען זי, מ׳וועט זי כאַפּן א צווייט מאָל, וועט מען זי אַרעסטירן. וויטקע גייט אַוועק און באַווייזט זיך אין א קורצע צייט אַרום אויף אַן אַנדער אָרט, וואָס ווערט איצט נישט באַוואַכט. זי דערוויסט זיך אָבער, אַז דאָ נאָענט אַרבעטן אידן. אויסער דעם איז פאַרן דערפאַלג פון אויפרייס נויטיק א שיפער באַרג־שיפּוע.

דריי טעג איז וויטקע אַרויס פון געטאָ יעדן אינדערפרי, געוואַנדערט דעם גאַנצן טאָג ביים באַן־וועג און געזוכט א פּאַסיק אָרט פאַר דער מינע. פון איר פּנים איז פאַרשוואונדן די לעבנס־פרייד. זי איז געווען שווייגנדיק און איר בליק איז געווען געווענדעט אויף אינעווייניק. זי האָט געטראַכט וועגן אויספירן דעם אַקט און איר אחריות דערביי.

דעם 8־טן יולי, ביים זון־אויפגאַנג, זיינען אַרויס פון געטאָ וויטקע, איזשע מאַצקעוויטש און משה בראַוזע. זיי האָבן געהאַט ביי זיך די מינע. זייער ציל: אויפצורייסן א דייטשן צוג, 7 ק"מ דרום־מזרחדיק צו ווילנע. דער אַקט דאַרף ווערן דורכגעפירט ביינאַכט. צו מאָרגנס אינדערפרי דאַרפן זיי זיך אומקערן אין געטאָ, כדי זיי זאָלן קענען אַרויסגיין צו דער אַרבעט ווי געוויינלעך.

אינדערפרי איז וויטקע געקומען אין געטאָ מיט פאַרוואונדעטע און פאַרבלוטיקטע פיס, אָבער איר פּנים האָט געשיינט. מ׳האָט אונטערגעלייגט די מינע און קיינער האָט נישט באַמערקט. אירע אויגן האָבן געהאַט א באַזונדערן גלאַנץ און איר פּנים — א נייעם אויסדרוק. ווען מ׳האָט זי געפרעגט, וואָס זי האָט געטראַכט די גאַנצע נאַכט, האָט זי געענטפערט: „אויספירן און נישט אַריינפאַלן קיין לעבעדיקע אין זייערע הענט. איך האָב באַדויערט, וואָס איך האָב נישט ביי זיך קיין ציאַנקאַלי".

דריי א זייגער נאָך מיטאָג איז אָנגעקומען די ידיעה וועגן אויפרייס. דער צוג איז געוואָרן צעשמעטערט: דער לאָקאָמאָטיוו און די וואַגאָנען מיטן וואָפן. די דייטשן זיינען געווען צעמישט, ווארעם דאָס איז געווען דער ערשטער אַקט פון דעם מין אין ווילנער געגנט, וואו ס׳איז

געשטאנען א סך מיליטער. די דייטשן האָבן נישט חושד געווען די אידן. זיי האָבן געטראַכט, אז די אידן זיינען שוין באזיגט און זיי וועלן נישט אויפהויבן דעם קאָפּ. „אזא זאַך קענען אויספירן נאָר פרייע מענטשן".

פאר די אידישע קעמפער איז דאָס געווען דער גליקלעכסטער טאָג אין געטאָ. זיי האָבן געלאכט אין די גאסן. די דורכגייערס האָבן געהויבן די אקסלען מיט פארוואונדערונג: „די לייט זיינען משוגע געוואָרן".

א סך וואַגאָנען מיט דייטשע זעלנער און מיט געווער פון דער באַן, וואָס האָט געאײַלט קיין פּאָלאָצק, זיינען צעשמעטערט געוואָרן. אינדערפרי האָבן די פויערים אָפּגעציילט ארום צוויי הונדערט טויטע זעלנער, אויסער די צעשמעטערטע, וואָס מ'האָט זיי בכלל נישט געקענט ציילן. נאָכן איבערציילן האָבן די פויערים צונויפגעזאמלט א סך רעוואָלווערן, ביקסן און קוילן.

איר גאנצן כוח האָט וויטקע קעמפנער ארויסגעוויזן אין וואלד. אין אָקטאָבער 1943 האָט זי אין משך פון איין נאכט דורכגעמאכט צו פוס 40 ק"מ, געטראָגן א וואליזע מיט מינעס, און אריין קיין ווילנע. דאָרט איז אויפגעריסן געוואָרן א טראנספאָרמאטאָרן־סטאציע. צו מאָרגנס איז זי אריין אין קאנצלאגער קייליס און ארויסגעפירט פון דאָרט 60 פערזאָן צו די פארטיזאנער־באזעס. אין דער מחנה „נקמה" האָט זי אָרגאניזירט דעם אויסשפיר און געשטאנען בראש פון אים. זי האָט זיך באטייליקט אין צוג־אויפרייס נעבן אָראַן, וואו ס'זיינען דערהרגעט געוואָרן צוויי הונדערט דייטשן. צוזאמען מיט פינף פארטיזאנער האָט זי אונטערגעצונדן די טערפּענטין־פאבריק אין אָלקיניקי. זי האָט זיך אויסגעצייכנט אין די שלאכטן אין דיינאָווע יאנואר 1944, און געפאנגען צוויי געסטאפאָ־אגענטן. זי האָט זיך באטייליקט אין אויפרייסן צוויי לאָקאָמאטיוון און צוויי בריקן.

אין נאָוועמבער 1943 האָט מען זי געשיקט ברענגען קיין ווילנע וויכטיקע דאָקומענטן. אויפן וועג האָט א פאטראָל זי געכאפּט און אוועקגעפירט אין געסטאפּאָ. זי האָט זיך ארויסגעדרייט פון זיי און אנטלאָפן. צו מאָרגנס האָט זי געבראכט אויף דער באזע א וויכטיקן טוער פון דער אונטערערד אין קאָוונע.

אין באזעל איז פאראן א פארבינדונג פון אידישע פרויען אויפן נאָמען פון וויטקע קעמפנער. זי איז ניצול געוואָרן און זי געפינט זיך אין ישראל ווי א מיטגליד אין קיבוץ עין־החורש.

## חנה אראנאוויטש-ראקמאן

פון יאָר 1940 האָבן נאציס אָנגעהויבן אויסראָטן די אידישע קינדער. זיי האָבן ארויס־געטריבן די אידישע מוטערס פון די שטובן, פארזאמלט זיי אויף א פלאץ און ארומגערינגלט מיט ס.ס.־זעלנער.

א נאצישער אָפיציר האָט גערעדט פאר די מוטערס און פארלאנגט פון זיי איבערצוגעבן די קינדער, כדי זיי צו שיקן אין ספּעציעלע קינדער־אנשטאלטן וואו זיי וועלן באקומען א בעסערע באהאנדלונג.

ליידער האָבן נישט אלע מוטערס תיכף פארשטאנען, אז דאָס איז שקר און שווינדל, און פיל פון זיי האָבן אָפּגעגעבן די דייטשן זייערע קינדער. ווען דער אויסגעפוצטער אָפיציר האָט געפרוווט נעמען מיט כוח דאָס קינד פון חנה ראקמאנס הענט, האָט זי אים דערלאנגט צוויי פּעטש. ער האָט אויסגעשטרעקט די האנט צום רעוואָלווער, אָבער, ווי אן עדות גיט איבער, האָט זי זיך געוואָרפן אויף אים מיט די נעגל און געוואָלט אים אויסרייסן די אויגן.

זי איז געפאלן ביים פארטיידיקן זיך.

## רבקה און וויערא שורעק

רבקה און וויעראַ שורעק זיינען די פרוי און טאָכטער פון אברהם שורעק, א קאלישער. לויט די שילדערונגען פון א. סוצקעווער און ב. מארק זיינעןביידע געווען אקטיוו אין ביאליס־טאָקער געטאָ. זיי האָבן זיך בארימט געמאכט מיט זייער קאמף קעגן די דייטשן, און יענע האָבן זיך באמיט צו כאפּן זיי לעבעדיקערהייט.

ביידע זיינען זיי געפאלן בעת א צוזאמענשטויס מיט די דייטשן.

# התוכן

# אינהאלט

(פונעם אידישן טייל)



## אומקום



## גבורה

